עמיל זאָלאַ.

# געזאַמעלטע ווערק

ערשטער באנד.

היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני

85-83 קאַנאַל סטריט, ניו יאָרק.

# אינהאַלט־פערצייכניס:

---



---

# דיא פאַריזער דאַמען.

1.

איך בין בערייט דאָ צו דערצעהלען א פאאר וואהרהייטען. ווען איך זאָל ניט זיין קיין פיינלינג, וואָלט איך בעדארפט ארויס שרייבען מיין נאמען פרייא און פראנק. אָבער, וויא אננצנעהם דיא וואהרהייט זאָל זיין פיר איין עהרליכען מענשען, מוז מען זיך דאָך, אין פיעלע פעלע, פאר איהר שעהמען.

ווירקליך, ווען פון אייך, מיינע ליעבע לעזער, האט עס ניט אמאל פאסירט אין לעבען, וואס האט זיך געמאכט פאר א דומקאָפּ מיט א נארישע ראָלע? אָהנע צווייפעל, האט עס שוין אמאל, בייא איינעם פון אייך, פאסירט, וואס איהר זייט געווען אין א געזעלשאפט, און זיך ווערלענדיג פאָרשטעלען פאר א חכם, האט איהר געזאגט דיא גרעסטע דומהייט. ווען איהר האט נאכהער איבערגעקלערט אייער מהאט, און איינגעזעהען וויא דום איהר זייט, האט איהר זיך געשעהמט פאר אייך אליין.

וואָלט איהר אָבער ווערלען מודה זיין פאר אנדערע אייער דומהייט? אָה ניין! מיט אייער גאנצער אויפריכטיגקייט און עהרליכקייט, וואָלט איהר אימער ווערלען דער צווייטער זאָל אייך בעטראכטען פאר א חכם, אָבוואָהל איהר ווייסט וויא דום איהר זייט.

עס איז א מערקווירדיגע טהאטזאכע, דאס מענשען, פון אלע קלאסען, ווען איהר אָפט הערען זיך בעקלאָגען, אז עס פעהלט זייא בילדונג, געזונדהייט און ער־פאהרונג; נאך מעהר, איהר וועט זאָגאר הערען מאנכע פרויען־צימער זיך בעקלאָגען, אז זייא זיינען ניט שעהן — און דאס איז זעהר פיעל געזאגט! — אָבער, אז יעמאנד זאָל זיך בעקלאָגען; אז איהם אָדער איהר פעהלט פערשטאנד, איז עס דיא גרעסטע זעלטענהייט.

מיט איינעם וואָרט, עס ליעגט אין אונזער נאטור ניט אנצוערקענען דיא װאָהרהייט פון אונזערע דומע טהאטען אין דער געגענוואָרט פון אנדערע.

ווען מיר זיינען נאריש, זוכען מיר עס צו בעהאלטען בייא זיך אליין און ניט נאך יענעם דערצעהלען וואס פאר א חמורים מיר זיינען.

איך האב עס געפונען פיר נעטהיג אייך צו זאגען דיעזע ווערטער, אלס איין ארט פאררעדע צו מיין פאלגענדער שילדערונג, וועלכע איך מוז דערצעהלען פאר דער וועלט. איך מוז דאס דערצעהלען, ווייל עס ליעגט מיר אויף'ן הארצען, גראדע וויא א סוד בייא מאנכע פרויען, וואס קענען איהם ניט איינהאלטען.

אבער דאס צו דערצעהלען און אייך בעקאנט מאכען מיין פערזאן, וואלט געוועזען געגען דער מענשליכער נאטור, וואס וויל זעהר זעלטען צוגעבען איהר דומהיים.

דאס איז דיא אורזאכע, ווארום איך וועל אייך דא אנגעבען א פאלשען נאמען פון מיר, און פאלשע נעמען פון אנדערע פערזאנען, וואס זיינען דא פערמישט אין דער האנדלונג, דאמיט מען זאל מיך ניט אויסגעפונען און לאכען פון מיר.

עס איז דיא גרעססטע שטראפע פאר א מענשען, ווען ער בעגעהט א דומהייט און אנערקענט דיא דומהייט, אנדערע זאלען נאך פון איהם לאכען.

ענטשולדיגט מיר פאר מיין פלוידערייא ביז יעטצט. אט דא פאנגט שוין אן דיא געשיכטע:

---

מיט א קורצער צייט צוריק, האט מיין פאטער, מאנסיע דע וואזשלאר, איינגעשטימט איך זאל פערלאזען לע באקעט, דעם אלטען און טרויעריגען שלאס פון ניעדריגען נארמאנדו, וואו איך בין געבוירען געווארען.

מיין פאטער האט מערקווירדיגע אנזיכטען איבער דעם געגענווערטיגען דור; ער פאסט מיט א 50 אדער 75 יאהר צוריק. ער בעהויפטעט, אז צו זיין א ריינער און אנשטענדיגער מענש, זאל מען אויסמיידען וויא א פעסט, דיא גרויסע און ציוויליזירטע שטעדט, ווייל דארט, לויט נאך זיין אנזיכט, הערשט געמיינהייט, לומפערייא און פערדארבענהייט.

איך ערמאנער מיך, דאס מיט א פאאר יאהר צוריק, ווען איך האב נאך ניט פיעל געוואוסט, האט ער בעהויפטעט, רעדענדיג מיט זיינעם א בעקאנטען, דאס ווען מען זאל איבערציהען גאנץ פאריז מיט איין דאך, וועט דאס זיין איין אויסגעלאסענעם הויז.

„אלעס איז דארט פערדארבען," האט ער געזאגט בשעת איך האב מיך אנטפערנעהערט בייא דער טהיר. „אפילו דיא שטיינער פון דיא שאסעען שווימען אין

שאנדע. קיין פאטער איז זיכער, אז דאס קינד וואס ער רופט: „מיין זוהן" אדער „מיין טאכטער," איז זיינעס. א מאן הייראטעט מיט א פרוי, און ווייס פאראויס, אז נאך דער חתונה, מוז זיא האבען א געליעבטען. פראטעסטירען דאגעגען, העלפט נים. אונטער דיא ארעמע וויא אונטער דיא רייכע, איז אלעס פערדארבען. דיא פרוי פון דעם אנשטענדינסטען מאן, וועט ווינקען מיט דיא אויגען און זוכען צו הערען ליעבעס־ווערטער, פון אירגענד א שעהנעם יונגענמאן."

עס איז אלזא קיין וואונדער נים, דאס מיין פאטער, זייענדיג א מאן מיט שטרענגע מאראלישע אנזיכטען, האט נים אזוי שנעל איינגעשטימט איך זאל בעזוכען פאריז.

אבער, וויא דיא זאך איז, ער האט ענדליך יא איינגעשטימט, און איך בין אין פאריז!

פאר אזא יונגען מאן וויא איך, וועלכער איז אויפערצויגען געווארען אונטער דער אויפזיכט פון אזא פאטער וויא איך האב, וואלט אלזא קיין וואונדער נים געווען, דאס איך זאל נים וויסען אפילו וויא צו רעדען אדער זיך אומווענדען אין פאריז. אבער, דיא נאטור האט מיך בעגאבט מיט גוטע איינגעשאפטען, און נאכ־דעם וויא איך האב מיך א פאאר מאל צוגעקוקט צו אנדערע, בין איך געווארען 60 פראצענט א פאריזער.

פעליקס בורען, מיינער איין אלטער שול־קאמעראד פון קאשן, ווען ער האט מיך דא ווידער געזעהען, האט ער מיר באלד געזאגט, אז איך בין א שעהנער בחור, און יעדע פאריזער פרוי וועט זיך אין מיר פערליעבען.

איך גלויב, אז איך האב מיך פערשעהמט וויא א בתולה, הערענדיג דיזע ווערטער. און איך האב געלאכט, וויא מען זאגט, מיט יאסטשירקעס

נאר ווען פעליקס איז אוועק און איך האב מיך אנגעקוקט אין שפיגעל, וויא הויך און וויא שטארק איך בין, האב איך געמוזט צו מיר אליין שמייכלען מיט מיינע ווייסע צייהן און שווארצע אויגען.

דאן האב איך אויפגעצויגען מיט דיא אקסלען, און מיר געטראכט: „איבריגענס, ווען דא איז אזוי דיא מאדע, בין איך אויך צופריעדען. אין אמת׳ן וואס קען דא שלעכט זיין ווען מען איז געליעבט פון שעהנע פרויען?"

נים ווילענדיג, האט זיך מיר באלד געוואלט, עפעס א שעהנע דאמע זאל זיך אין מיר שוין פערליעבען.

יא, איך האב בעגעגענט שעהנע דאמען, וויא האבען צו מיר ליעבליך געשמייכעלט ביים דער פארשטעלונג, און איך האב ערווארטעט צו הערען א

ליעבעס־ערקלערונג. אָבער, אונגעאכטעט דארויף, איז עס אזוי ווייט נים גע־
קומען.

דאן האב איך מיר געטראכט, אז איך בין צו שעהמעדיג און איך מוז מעהר
ערמוטהיגען דיא שעהנע דאמען. אויך דאס האב איך געטהאָן, אָבער אנשטאט צו
הערען פון זייא וואס איך האב ערווארטעט, האבען זיך נאר א פאאר בע־
ליידיגט.

דאס האט מיך געצוואונגען צו צווייפלען אין מיין מענגליכער שעהנהייט און
אין מיין אנציהונג צום פרויען־געשלעכט.

איך האב אלזאָ מיר געגעבען דיא מיה צו שטודירען אנדערע מענער, אויף
ויא ווייט זייא זיינען שעהנער פון מיר. איך בין געקומען צום רעזולטאט, אז איך
בין א גאנץ שעהנער יונגערמאן, און פיעללייכט נאך שעהנער וויא פיעלע אנדערע,
וויל כמעט קיין איינציגער, האט אזעלכע גלייכע גליעדער און פרישע באקען וויא
איך.

אָבער ווארום פערליעבט זיך דאָך קיינע נים אין מיר? דיעזע פראגע האב
איך מיר נים געקענט בעענטפערן אזוי לייכט, און נאכדעם וויא איך האב פיעל
נאכגעדענקט, האב איך בעשלאָסען, אז איך בין נאך וואהרשיינליך נים גענוג בע־
קאנט מיט אלע זיטען און אנפיהרונגען פון פאריז, אום צו קענען ערגרייכען דיא
ליעבע פון דיא פרויען.

אין אזא פאל, וואָלט מיר פיעל גענוצט זיך צו בעראטהען מיט מיינע פריינדע
און בעקאנטע; אָבער, עס איז ווידער דיעזעלבע מענשליכע איינגעשאפט, וואס
מען וויל זיך נים פערטרויען מיט א דומהייט צו אנדערע.

זייענדיג נייגיעריג צו פרויענצימער און נים קענענדיג געפינען דיעזע געזוכטע
ליעבע, האב איך איינגעזעהען, אז ביז עס וועט עפּעס זיין, מוז מען פריהער קויפען
דיעזע ליעבע מיט געלד.

איך האב געהערט, אז אזוי האבען אנדערע געטהאָן, און איך האב געמוזט
נאכפאָלגען זייער ביישפיעל.

איך האב באלד געהאט פריינדע און קאמעראדען, וואס זיינען געוועזען בערייט
מיר אלעס צו צייגען. איך האב געפונען ליעבע פיר געלד, וויפיעל איך האב נאָר
געוואָלט. פאריז איז נים זשעדנע אין אזעלכע ליעבעס. אָבער, צו זאגען דיא וואהר־
הייט, בין איך נים צופריעדען געוועזען דערמיט. עפּעס איז דאס וויא נים נאַטירליך,
עס מענשלעך, און דער מענשליכער גייסט רעוואָלטירט דאגעגען.

קויפען פרויענצימער מיט געלד? ניין! דאס האט זיך מיר ניט געוואָלט, און איך האב מיך אָבגעהאלטען דערפון. איך האב געוואָלט געניעסען, וויא מען האט מיר דערצעהלט, די ליעבע פון פרויען, אויס ליעבע, אויס פרייען ווילען, און ניט קויפען מיט געלד.

ווירקליך, אזא שעהנער בחור וויא איך בין, זאָל דאָך קענען געפינען אין פאריז גענוג פרויען־ליעבע? דיא בעהויפטונג פון מיין פאטער, אז זייא לאבען, שמייכלען און ווינקען, האב איך בעמערקט, איז א וואהרהייט. אלזאָ, צור ארבייט!

מיט איין אבענד פריהער, האב איך צוגעבראכט מיין צייט, צום ערשטען מאל, אין א פאריזער זאלאָן. דיא גרעפין פון פ...., וועלכע איז מיינע א האלבע מאנטע, האט מיך איינגעלאדען מיטצושפייזען.

זיא האט מיך געוואָלט פאָרשטעלען פאר מאָנסיע נעיזשאָן, דער רעפּוטירטער פון דעם גאָמערוויל דיסטריקט, וועלכער איז נאָר וואס געוואָרען סוב־סעקרעטער פון שטאאט, און ער איז גאנץ נאָהענט צום מיניסטער־אמט.

מיין מאנטע, וועלכע איז גראדע געוועזען דער געגענטהייל פון מיין שטרענגען פאטער, האט בעהויפטעט, אז א יונגער מאן פון מיינע יאָהרען, דארף קענען דיא וועלט, אלעס מיטמאכען און איבערהויפט קומען אין דאמען געזעלשאפט. דאָן, איז זיא אויך געוועזען פון דער מיינונג, אז אונגעאכטעט דארויף וואס מיין פאטער איז רייך, דארף איך ניט ארום געהען לעדיג, זאָנדערן איך מוז זיין בעשעפטיגט. איהר ציעל איז אלזאָ געוועזען פאר מיר אויפצוזוכען א פאסענדען פּאָסטען.

„דיין הארטנעקיגער פאטער,“ האט זיא צו מיר געזאגט, „ווייס נאר ניט. ער איז פון דער אלטער וועלט. מיין ליעבער געאָרג, פערלאָז דיך נאָר אויף מיר, און אלעס וועט זיין רעכט.“

פונקט אום זיעבען אוהר, בין איך געוועזען בייא דער גרעפין. אָבער, וויא עס שיינט, איז זיעבען אוהר אבענד נאך ניט דיא פאסענדע צייט פיר מיטאג אין פאריז; מען עסט שפעטער.

דיא געסט האבען אָנגעפאנגען אָנצוקומען איינציגווייז, און מיט א האלבע שטונדע שפעטער איז שוין יעדער געוועזען אויף'ן פלאטץ.

דיא גרעפין האט מיר דערצעהלט, אין א פערצווייפעלטען טאָן, אז, צו איהר בעדויערן, וועט מאָנסיע נעיזשאָן, ניט ערשיינען, וייל ער האט געמוזט אָברייזען נאך ווערסייל אין פארלאמענטארישע אנגעלעגענהייטען. אונטערדעסען, האט זיא אָבער געגלויבט, דאס ווען ער האט נאך ניט אָבגערייזט, וועט ער זיך דאָך נאך צייגען אויף א פּאאר מינוטען.

אום עס זאָל אָבער ניט אויספעהלען קיין פאסענדע פראָמינענטע געסט, האט זיא איינגעלאַדען איין אנדערען רעפּוטירטען פון אונזער דיסטריקט, דעם גרויסען גאָשראָד, וויא מיר רופען איהם דאָ. איך האב מיט איהם אמאל בעקאנטשאפט געשלאָסען געהענדיג אויף דער יאגד.

דיעזער גאָשראָד, איז געווען א דיקער און זעהר מונטערער מענש; לעטצטענס האט ער זיך אויף געלאָזען וואקסען א באָרד, דאמיט ער זאָל ערשיינען אביסעל מעהר עהרענהאפטער אלס רעפּוטירטער.

גאָשראָד איז געבוירען געוואָרען אין פאריז, וואו זיין פאטער איז געווען איין אָרימער אדוואָקאט; נאָר אזוי וויא ער האט געהאט א רייכען און איינפלוסרייכען אָנקעל, האט דיעזער פאר איהם געארבייט, דאס איין אנדערער רעפּוטירטער זאָל איהם איבערגעבען דעם פּאָסטען. וויא אזוי דאס איז געווען, קען איך יעטצט בעד שטימט ניט ערקלערען.

איך האב ניט געוואוסט, אויב ער איז שוין פערהייראטעט. מיין טאנטע האט מיך געזעטצט ביים טיש נעבען א יונגע און שעהנע דאמע, וועלכע גאָשראָד האט גערופען בערטהע מיט א הויכער שטימע.

ענדליך איז שוין יעדער געזעסען אויף זיין פּלאַטץ. עס איז נאָך אימער געווען טאָג אין צימער, אָבער דיא גרעפין, מיין טאנטע, האט אונז באלד אריין גע־פיהרט אין איין אנדערעס צימער, וואו דיא פאָרהענגע זיינען געווען ארונטער געלאָזען און איינינע לאָמפּען האבען אלעס בעלייכטעט.

זיך וויעדער זעטצענדיג צום טיש, האט מען געשפּראָכען איבער דיא סיטאַנען יואס זיינען געגעבען געוואָרען לעטצטען ווינטער, און טאנבע האבען ניט געמאכט קיין גוטען איינדרוק אויף דער געזעלשאפט, ווייל זייא זיינען אויסגעקומען אקוראט גוויש׳ן טאָג און נאכט.

מיין טאנטע, איבערהויפּט, האט געהאסט צו געבען א סיטאַנג בייא טאגעס־ליכט.

דאס געשפּרעך איבער דיעזען אינהאלט, האט אויסגעזעהען ניט אויפצוהערען, און עס האט מיך געעקעלט. וויא עס שיינט, האט קיין איינציגער דאמאלס ניט געוואוסט צו רעדען איבער א וויכטיגערן געגענשטאנד.

איך האב געשוויעגען; און אפילו ווען איך וואָלט וועלען טהייל נעהמען אין אזא געשפּרעך, האב איך ניט געוואוסט וויא אזוי מען פאנגט עס אן.

יעדענפאלס, ווען איך האב געזעהן פאריז בעלייכטעט בייא דער נאכט, האט

עס אַנגעפּיללט מיט גאַנצע זעקלעך מיט אַ וואַש, צו געניעסען אַלע פערגניגענס וואָס ליגען בעהאַלטען הינטער דעם מאַנטעל פון דער נאַכט.

ווי מען האָט אויפגענומען דיא פּאַר־שפּייזען, האָבען זיך דיא שטימען פון דיא געסט געשטאַרקט, און מען האָט אָנגעפאַנגען צו רעדען איבער פּאָליטיק. איך בין געווען ערשטוינט צו הערען מיין טאַנטע אויסשפּרעכען מיינונגען. וואָס עס אנבעלאַנגט דיא אַנדערע דאַמען, האָב איך באַלד איינגעזעהען, אַז זיי זיינען גוט בעקאַנט מיט דער אַלגעמיינער פּאָליטיק, און, וועהרענד דעם געשפּרעך, האָבען זיי אָנגערופען דיא פּראָמינענטע מענער ביי זייערע ערשטע נעמען און געגעבען זעהר שאַרפע אורטהיילע איבער זיי.

נענענאיבער מיר, האָט גאָשראָר פערנומען זעהר אַ ברייטען פּלאַץ, רעדענדיג זעהר הויך, אָהנע זיך צו אונטערברעכען ביים עסען און טרינקען.

דאָס אַלעס האָט מיך זעהר וועניג אינטערעסירט, און צו זאָגען דיא וואָהר־היים, האָב איך אויך פיעלעס ניט פערשטאַנען. דאָס אינטערעסאַנטעסטע איז אָבער געווען, וואָס איך האָב ערפאַהרען, אַז דיא דאַמע וואָס איז געזעסען מיר נעבען און וואָס גאָשראָר האָט גערופען בערטהע, איז געווען מאַקי מאַדאַם גאָשראָר אַליין.

דאָ איז געווען זעהר שעהן, ווי איך האָב שוין פריהער געזאָגט, און ווינדערליך, אַז דאָ איז אַ פערהייראַטעטע פרוי, האָב איך מיך געשפּירט בע־קוועמער.

איך האָב איינינע מאַל, ביז דאַמאָלס געהערט, אַז אין יאַפּאַן איז אַ מאָדע, דאָס מיידלעך קענען אַלעס טהון ביז צו דער חתונה און נאָך דער חתונה זיינען זייא אָבגעשפּאַרט בלויז פיר זייערע מענער; אין פּאַריז ווידער, קענען מיידלעך זעהר וועניג אויפטהון פאַר דער חתונה. נאָר נאָך דער חתונה, איז אַלעס פרייא.

אַלזאָ, צו אַ פערהייראַטעטע פרוי אין פּאַריז, קען מען האָבען אַ בעסערן צוטרוי.

בערטהע'ס אויערן, האָבען איבער מיר געמאַכט זעהר אַ טיעפען איינדרוק. דיא אויערן זיינען געווען קליין, רונד און איהרע שעהנע קאָפּ־האָאר, האָבען זיך דאָרט אַרום געקרייזעלט. איהר האַלדנאַקען, בעדעקט מיט צעררוואָרפענע האָאר, האָט מיך זעהר בעאונרוהיגט און איך האָב מיך געשפּירט שטאַרק אויפגערעגט. דאָס, לויט ווי איך ווייס יעטצט, איז דיא אורזאַכע וואָס פיעלע מענער שפּירען זיך שרעקליך אויפגערעגט, ווען זייא ערבליקען אַ שעהנעם פרויען האַלזנאַקען.

ביי נעוויסע בעוועגונגען פון איהר קערפּער, האָב איך בעמערקט, וויא איהר אָבשרער מהייל קערפּער, האָט זיך בעוואוינגען מיט דער געמיטהליכקייט פון א קאַטץ, און איהר ברוסט האָט אזוי שטאַרק ארויס געשטעקט, אַז איך האָב געשפּירט דאָס בלוט זיך אויפוואַרעמענדיג אין מיר.

וואָס עס אנבעלאַנגט איהר געזיכט, איז עס ניט געוועזען לויט נאָך מיין גע־שמאַק; אָבער זיא איז ניט געוועזען אבשטויסענד. זיא האָט געשפּראָכען איבער פּאָליטיק, נאָך פיעל מעהר וויא דיא אַנדערע.

פּלוצלינג האָב איך מיך ארום געזעהען, אַז איך זיטץ וויא א דומער קערל, גלייך וויא איך וואָלט גאַר ניט געקענט רעדען.

איך האָב מיר דאמאלס זעלבסט געמאַכט פאָרווירפע, אַז אזעלכער וויא איך, קען ארום געהען יאָהרען לאַנג אין פּאַריז, און קיינמאל ניט וויסען פון קיין פרויען־ליעבע.

איך בין געוואָרען מעהר העפליך און קאַוואַליר־מעסיג.

„מאַדאַם,“ האָב איך געזאָגט, „וויכט איהר פיעללייכט דאָס זאַלץ? אָה, אָדער נאָר דעם וויין?“

איך האָב מיך בעמיהט צו לעזען יעדען וואונש פון איהרע הענד־בעוועגונגען אָדער בליק מיט דיא אויגען.

זיא האָט צו מיר געשמייכעלט אזוי זיס און אזוי פערפיהרעריש, אַז מיר האָט זיך געדאַכט... אָבער וואָס ניטצט יעטצט צו שילדערן מיינע דאמאליגע גע־דאַנקען? דער לעזער וועט שוין באַלד אַלעס ערפאַהרען.

בערטהע איז געוועזען זעהר ליעבענסווירדיג און זיא האָט אויך געזוכט מיך צו פעראינטערעסירען.

„וויא עס שיינט,“ האָט זיא בעמערקט, „אינטערעסירט אייך גאַר ניט קיין פּאָליטיק. אָבער וואָס זאָל מען מהון? א מענש מוז דאָך רעדען. ווען עס איז נישטאָ איבער וואָס צו פּלוידערן, רעדט מען איבער פּאָליטיק. איבערינענס, איהר וועט ערפאַהרען, אַז היינטיגע צייטען, איז יעדער בעשעפטיגט נאָר מיט פּאָ־ליטיק.“

דאַן האָט זיא געוועקסעלט דעם אינהאַלט פון אונזער געשפּרעך.

נאָכדעם האָט איהר אין קורצען מיטגעטהיילט אַלעס איבער מיר.

„איז נאָמערוויל א שעהנער געגענד?“ האָט זיא געפרעגט. „מיין מאַן האָט מיך אמאל געוואָלט אהין ארויס נעהמען צו זיין אָנקעל, לעטצטען זומער. אָבער איך האָב מורא געהאַט, און מיך געמאַכט קראַנק.“

„דיא תבואה־פעלדער, אין זומער צייט, זיינען זעהר שעהן,“ האב איך בעמערקט, „עס זיינען אויך דאָ הערליכע לאַנקעס.“

„גענוג! גענוג! דאס איז שוין גענוג!“ האט זיא אויסגעשריען. „מעהר דארף איך ניט וויסען. עס איז געוויס א שרעקליכע געגענד! איך בין ניט פון דיזע וואס ווערען בעגייסטערט פון גרינע פעלדער און בלומען־לאַנקעס. ביי מיר איז דאס א טויטע און פוסטע געגענד, מיט דיזעלבע הויכע און ניעדריגע בוימער און מיט דיזעלבע גראָז־פעלדער וואס פאסט פאר קיה.“

איך האב איהר געוואָלט ערקלערען, אז דיא פרייע נאטור איז אלעס אין דער וועלט און דאָרט געפינט מען דיא ריינע און וואהרע שעהנהייט, אָבער זיא האט מיך ניט געלאָזען רעדען און האט שוין אָנגעפאנגען צו בעשפרעכען מיט א צווייטען מאַן, א געזעטץ איבער העכערע בילדונג וואס איז אריין געבראכט געוואָרען אין פארלאמענט.

דאס געשפרעך האט זיך ענדליך געוועקסעלט אויף טהעאטער. ווען זיא האט זיך אָנגעלעהנט אויף'ן טיש אום צו בעענטפערן א פראגע אויף יענער זייט טיש, האט זיך איהר האלז נאך מעהר אויסגעצויגען און איך האב בעסער געקענט זעהען איהר אלבאסטער־נאקען, וועלכעס האט אין מיר ערוועקט איין אונרוהיגעס געפיהל.

נאך זייענדיג אין לע באָקעט, און זיטצענדיג פאר מיר אליין, האב איך פיעלע מאל געטרוימט איבער א געליעבטע מיט שעהנע האאר; נאָר איך האב מיר יענע פאָרגעשטעלט, אלס לאַנגזאם און רוהיג אין איהרע בעוועגונגען, וועהרענד בערטהע איז געווען אזוי ריהרענדיג וויא א קאטץ.

ווען מען האט אויפגעגעבען דעם צושפייז, האב איך שוין מעהר ניט געקענט אויסהאלטען פאר אויפרעגונג, און איך האב אָנגעהויבען צו פאנטאזירען. איך האב מיר פאָרגעשטעלט, אז מיין ציעל, צו האבען א געליעבטע, איז יעטצט ערגרייכט, נאָר מיין ערשטער טריט מוז זיין, איך זאָל אוועק נעהמען בערטהען ערגיץ אויף א זייט און איהר געבען א קוש אויף'ן האלזנאקען. זיא וועט זיך דאן אומווענדען צו מיר, און אויף איהרע שעהנע ליפען, וועט ליעגען א זיסער שמייכעלע. דאן וועלען מיר זיך אוועק זעטצען; דאס הייסט, איך וועל זיטצען און זיא וועט זיין אויף מיין שויס.

פלוצלינג האב איך אויך געשפירט איהר וואַרעמען קערפער זיך צודריקענדיג צו מיר. איך האב געמיינט, אז איך ווער משוגע.

„דיים אזוי גוט,“ האט זיא געזאגט אין א רוהיגדיגען טאן, „און דערלאנגט מיר דעם טעלער מיט דיא באַנבאַנס. נאך'ן עסען מוז איך געניעסען זיסעס.“

עס האט זיך מיר געדאכט, אז אין איהרע אויגען ליעגט א צערטליכער בליק פול מיט ליעבע. דאן האב איך געשפירט איין אונגעהייערעס פערגניגען, גוט איהר נאָכטער ערעם האט בעריהרט מיין האנד

„איך בין אזוי וויא א קינד,“ האט זיא געזאגט קייענדיג דיא באַנבאַנס. „איך ליעב זעהר זיסע זאכען. האט איהר אויך ליעב זיסע זאכען ?“

איהרע איינפאכע ווערטער האבען מיך שטארק בעגייסטערט, און איך האב געשפירט, אז איך בין פאזיטיוו פערליעבט אין איהר. ווען איך האב אויפגעהויבען מיין קאָפּ, האב איך דערזעהען נאַשראַד'ן, וועלכער האט געקוקט צו מיר, וועהרענד איך האב גערעדט מיט זיין פרוי. ער האט אויסגעזעהען זעהר מונטער, און גער שמייכעלט צו מיר ערמוטיגטערענד.

אָבער זיין שמייכעל, האט מיך אונטערדעסען אביסעל אָבגעקיהלט.

ווירקליך, וויא גרויס דער לומפּ זאָל ליעגען אין א מענשען, ווילט זיך דאָך נים, ווען דער מאַן איז פריינדליך און ליעבענסווירדיג, מען זאָל דענקען נים אנשטענדיג איבער זיין פרוי. עפּעס בעטראכט מען דאמאלס דיא פרוי פון אזא מאַן, וויא א שווענעריין אָדער נאַר וויא א שוועסטער.

אונטערדעסען האט עס געהאלטען ביים ענדע פון דעם מיטאג. קיין זאך האט מיך אויסערגעוועהנליך איבעראשט, מיט דער אויסנאַהמע פון בערטהעץ, וועלכע האט אויף מיר געמאכט א טיעפען איינדרוק.

מיין מאַנטע האט זיך בעקלאָגט, אז עס איז צו הייס. און דער עולם האט דאן ווידער אָנגעפאנגען צו רעדען איבער פּאָליטיק. דאן איז מען איבערגעגאנגען צו דער שילדערונג פון דעם וועטער ; מאנכע האבען בעשפּראָכען דעם פריהלינג, און געקומען צום בעשלוס, אז עסען גוטע זאכען, קען מען נאָר אין ווינטער.

דאן זיינען מיר אלע אריין אין קליינעם זאלאָן אום צו טרינקען שווארצען קאפּע.

ערשט נאכדעם האט אָנגעפאנגען צו קומען געזעלשאפט. דריא דרייא גרויסע זאלאָנען און דאס שפּייז־צימער, זיינען פול געוואָרען. איך האב מיך אוועק געזעצט אין א ווינקעל וויא א צושויער.

מיין מאַנטע איז צוגעקומען און מיר געזאגט :

„געה נים אוועק, געאָרג. זיין פרוי קומט באלד. ער האט פערשפּראָכען, אז ער וועט קומען זיא אָבנעהמען, ווייל ער איז נאך נים אוועק געפאָהרען.“

דא האט געמיינט מאדאם געזשאָן. אָבער איך האב קוים געקענט הערען וואס זיא האט צו מיר געזאגט. ניט ווייט פון מיר זיינען געשטאנען צוויא יונגע לייט, וועלכע האבען עפעס גערעדט וואס האט מיך געמאכט וויא אויפשפרינגען פון מיין פלאטץ.

זייא זיינען געשטאנען אויף דיא שפיטץ פינגער נעבען דעם גרעסערן זאלאָן, און צור צייט וואס פעליקס בודען, מיין אלטער שול־קאמעראד, איז ערשיענען און זיך פערניינט פאר מאדאם גאָשראָד, האט דער ניעדרינער פון דיא צווייא בעמערקט:

„אזוי? ער האלט זיך נאך אימער מיט איהר?“

„יא,“ האט געענטפערט דער העכערער, „דאס איז א פעסטע ליעבע. איך רעכען, אז עס וועט דויערן דעם גאנצען ווינטער. עס איז דאס ערשטע מאל וואס בערטהע האלט זיך אזוי לאנג און אין א חברה־מאן.“

קיין גרויסען שמערץ האב איך ניט געפיהלט, אָבער איך האב געשפירט וויא מיין זעלבסט־ליעבע איז פערוואונדעט געוואָרען. ער, פעליקס בודען, ער האט יא געקענט ערררייכען צו האבען א געליעבטע? און איך, בין נאך ווירקליך אזא שלים־מזל?

וואס האט זיא געמיינט, ווען זיא האט מיר געזאגט אזוי צערטליך, אז זיא ליעבט זיסע זאכען? זעלבסטפערשטענדליך, דאס נאכדעם וויא פעליקס בודען איז מיין בעסטער פריינד, האב איך ניט בעאבזיכטיגט צו קריכען אויף פרעמדע קברים דאָרט וואו ער איז פערמישט.

אָבער ווארום זאָל ער יא האבען א געליעבטע און איך ניט? מיט וואס איז ער דאס שעהנער אָדער ליעבענסווירדיגער וויא איך? צום טייפעל! מען דארף זיך זעהען צו אייל ען, זאָנסט איז עס ניט ווערטה וואס מען איז אין פאריז!

וועהרענד דעם, האב איך בעמערקט, וויא גאָשראָד, ערבליקענדיג פעליקס׳ן, איז צו איהם צוגעלאָפען און איהם געררייכט ביידע הענד אויסעראָרענטליך פריינדליך. ער האט איהם ברידערליך אָנגעקלאפט אויף דער פלייצע און זיין געזיכט האט גע־שטראהלט מיט פערגניגען.

וואס איז דאס? איז עס מעגליך, אז דער מאן זעלבסט ערמוטהיגט זיין פרוי׳ס געליעבטען? יא, יא, עס איז ווירקליך אזוי, און דער מאן ווייס עס, כל־זמן פרעמדע זיינען דערמיט בעקאנט.

וואס האט בעדייטעט גאָשאָרד׳ס פריינדליכער בליק צו מיר, ווען איך האב מיך אונטערהאלטען מיט זיין פרוי? פיעללייכט איז ער נאר פון דער מיינונג, אז

דין ווייב דארף שוין ווערסלען דעם געליעבטען, און מיך נעהמען אנשטאט פעליקס'ן?

צום טייפעל! עס איז דאך פאריז, און אלעס איז מעגליך!

איך בין געווען פערווירט.

„אך! דו ביסטו!" האט פעליקס אויסגעשריען מיך ערבליקענדיג, „איך בין אהער געקומען בלויז צוליעב דיר... ווילסטו איך זאל דיר העלפען זיך אויסקוקען אין דיא זאלאנען? דוא ביסט נאך נאר א אינגעל, און אונערפאהרען אין דעם גרויסען פאריזער תהום!"

מיר האבען זיך אוועק געשטעלט נעבען דער טהיר, און איז מיר האט גע־ברענט דער ווונש איהם צו פרעגען וויא לאנג ער איז שוין פערליעבט אין מאדאם נאשראד, און אויך ערפאהרען עפעס איבער דיא אויספיהרונגען פון א געליעבטען; אבער איך האב נים געוואוסט וויא אנצופאנגען אזא געשפרעך אדער שטעלען אזא פראגע.

וועהרענד איך האב געזוכט א געלעגענהייט מיט איהם צו רעדען דאריבער, האב איך איהם דערווייל געפרעגט איבער אונצעהליגע אנדערע פראגען, וואס האבען מיך אבסאלוט נאר נים אינטערעסירט: ער האט מיר אנגערופען זייערע נעמען און מיר געגעבען א קורצע, אבער אויספיהרליכע ערקלערונג איבער יעדען איינעם.

קיין וואונדער; פעליקס איז געבוירען געווארען אין פאריז, און ער האט בלויז פערבראכט צוויא יאהר אין גימנאזיום פון קאען, וועהרענד זיין פאטער איז געווען פרעפעקט פון קאלוואדאס. ער האט אלזא בעדארפט יעדען קענען.

מיר האט עס אויסגעזעהען, אז פעליקס רעדט אביסעל צו פיעל, און איז נים געגען פארזיכטיג. ווען איך האב איהם געפרעגט איבער מאנכע פרויען, האט זיך בעוויזען א געהיימניספאלער שמייכעלע אויף זיינע ליפען, בשעת ער האט מיר געגעבען איין אויבערפלעכליכע ערקלערונג איבער זייא.

„דוא ערווארטעסט צו זעהען מאדאם נעיזשאן?" האט ער פלוצלינג גע־פרעגט.

„ווער זאגסטו?" האב איך געפרעגט האלב פערגעסענדיג און דעם נאמען.

„איך מיין צו דער וואס דוא קוקסט יעטצט."

איך האב דאמאלס געבליקט צו מאדאם נאשראד, און הערענדיג וואס ער האט מיר געזאגט, האב איך שנעל געפרעגט:

„מאדאם געיזשאַן ? אַך ! וואו איז זיא ?"

„דיעזע ברונעטע דאַמע, דאָרט גענענאיבער דעם ברייטען שטוהל, וועלכע רעדט מיט דער בלאָנדינע."

ריכטיג, נעבען מאדאם גאָשראָד, דיא בלאָנדינע, איז געשטאנען איין אַנדערע דאַמע, א הערליכע ברונעטקע, און מיט איהר זעהר מונטער געשפּראָכען, רעדענדיג גאַנץ הויך.

„איז דאס מאדאם געיזשאַן ?" האב איך געפרעגט בעוואונדערענדיג.

איך האב זיא גוט בעטראכט. מאדאם געיזשאַן האט געהאט א דונקלע פארב אויף איהר געזיכט, און דאס האט זיך נאך בעסער דערקענט, וועהרענד זיא איז געשטאנען מיט איהרע קויל־שווארצע האאר נעבען דער בלאָנדער בערטהע. אָבער א מערקווירדיגע שעהנהייט איז זיא געוועזען.

איהרע אויגען האבען געגלענצט מיט לעבען און מונטערקייט. איהר קליינע נאָז, איהר שעהנעס מויל, איהרע אויסגעפיללטע רונדע באקען און איהר פולער בוזים, האבען פאָרגעשטעלט דיא ליעבענסווירדיגקייט, אנציהונג און סימ־פאטישעס.

דאס איז געוועזען דער ערשטער איינדרוק וואס זיא האט איבער מיר געמאכט. נאָר בליקענדיג ווייטער צו איהר, האב איך מיך איבערצייגט, אז זיא איז נאך לעב־האפטער און פיעל מונטערער וויא בערטהע. זיא האט געלאכט, וויא מען זאָגט, פערפיהרעריש און פון דעם גאַנצען הארצען.

„קענסטו מאַנסיע געיזשאַן ?" האט מיך פעליקס געפרעגט.

„איך ? ניין. מיין טאנטע וויל מיך פאר איהם פאָרשטעלען."

„איך האב געמיינט, אז דוא קענסט איהם."

„ניין. ווארום פרעגסטו ?"

„ווייל ער איז איין אינטערעסאנטע פערזאָן."

„אין וועלכען בעציהונג ?"

„ער איז א נול, א נאר ניט, א טויגעניכטס, און קען אפילו ניט א קאַטץ דעם עק פערבינדען. מיט איינעם וואָרט, ער איז א פאָלקאָמענער אייזעל. ער איז איינער פון דיא פאָליטישע מאשינען וואס דרעהען זיך אין אלע זייטען, אָהנע צו וויסען וואו זייא זיינען. ער האט קיין איינציגע אידעע, איבער וועלכער ער זאָל וויסען, אז דאס איז זיין ווילען. וואו ער געפינט זיך, קען מען מיט איהם אימער מאכען וואס דיא פאַרנעזעטצטע ווילען."

„און זיין פרוי ?" האב איך געפרעגט.

„זײן פּרד? פּרעגן נאָר ניט; דאָרט איז זיא; דאַ איז דיא ליעבענסווירדיג־קײט זעלבסט... ווען דוא ווילסט עפּעס פון איהם ארויס קריעגען, דאַרפסטו איהר נאָר שענקען אויפמערקזאַמקײט, אז דאַן קענסטו שוין אפילו אָבקויפען זײן גאַנצע נשמה פאר א גראָשען.“

פעליקס, וויא מיר האט געשײנט, האט ניט געוואָלט מעהר רעדען איבער מאדאם געיזשאַן. אָבער, אין אַלגעמײנעם, האט ער מיר געגעבען צו פערשטעהען, אז מאדאם געיזשאַן, מיט איהר שארפזינן און נאָך עפּעס, האט געמאכט א פּער־סענען פיר איהר מאַן, און זיא איז נאָך אימער דיעיענינגע וואס זאָרגט פיר דעם וואָהלזײן פון דער פאמיליע.

צולעטצט האט ער בעמערקט:

„גאַנץ פאריז זאגט, אז זיא האט גאַנצע רענימענטען מיט געליעבטע.“

דאס האט מיך ניט איבערראשט און איך האב געפרעגט:

„און וואס איז מיט דער בלאָנדינע?“

„דיא בלאָנדינע,“ האט ער געענטפערט גלײכגילטיג, „איז מאדאם גאָשראָד.“

„זיא איז א פײנע בחור׳טע,“ האב איך געזאגט.

„געוויס איז זיא א פײנעס פרויענצימער, א שעהנהײט!“ האט ער גע־ענטפערט.

ער האט געוואָלט ווערען ערנסט, אָבער ער האט ניט געקענט. אונווילענדיג, האב איך בעמערקט, וויא דער שמײכעל דרענגט זיך אויף זײן געזיכט. מיר האט זיך זאָגאר אויך געדאכט, אז ער בליקט צו מיר מיט אביסעלע פעראכטונג אָדער האס.

דיא צווײא דאמען, וויא עס שײנט, האבען בעמערקט, אז מיר רעדען איבער זײא, און זײא האבען שטארק געלאכט.

דערווײל איז צוגעקומען אײן אנדערע דאמע און אוועק גערופען פעליקס׳ן. איך בין געבליעבען אלײן.

איך האב שוין ניט געקענט ארונטער נעהמען מײנע אויגען פון מאדאם גאָשראָד און מאדאם געיזשאַן. בײדע זײנען געווען וואונדער שעהנהײטען, אָבער מאדאם געיזשאַן, איז געווען אנגענעהמער און לעבהאַפטער. זיא האט איבער מיר געמאכט א בעסערן אײנדרוק.

איך האב מיר געטראכט, דאס ווען עס איז מיר באשערט צו האבען א

געליעבטע אין פאריז, דאן ווינש איך מיר קיין שעהנערע און קיין בעסערע וויא דיא ברונעטקע, מאדאם געזשאַן.

מיין טאנטע איז נאך אמאל צוגעקומען און מיר איינגערוימט:

„מאַנסיע געזשאַן איז גאר קיין מענש ניט; ער האט געזאגט, אז ער קומט, און ער איז נישטאָ. ער איז אימער אזוי... איבריגענס, איז עס נאך קיין צוועלף אוהר, און זיין פרוי ווארט נאך אויף איהם; פיעללייכט וועט ער ער־שיינען.“

איך בין ארום געגאנגען איבער דעם שפייזע־צימער און זיך אָבגעשטעלט בייא דער טהיר פון דעם מיטעלסטען זאלאָן. אויף דיעזער ארט בין איך אויסגעקומען הינטער דיא צווייא דאמען. פארביינגעהענדיג, האב איך געהערט, וויא בערטהע האט גערופען איהר פריינדין, מאדאם געזשאַן, מיט דעם נאמען, לואיז.

„א שעהנער נאמען, לואיז,“ האב איך מיר געטראכט.

זיא האט געטראגען א קלייד וואס האט בעדעקט א היבשען טהייל פון איהר האלז, אָבער דאָך האט זיך אויף ארוים געזעהען א ווייסער פאס פון איהר האלז, וואס איז בעדעקט געוואָרען, טהיילוייז, פון איהרע קויל־שווארצע האאר.

דיעזער קליינער ווייסער פאס הויט, האט איבער מיר מעהר איינדרוק גע־מאכט, וויא בערטהע'ס גאנצער נאקעטער האלז.

דאן האב איך אָנגעפאנגעןביידע צו פערגלייכען. אָבער עס איז שווער געווען צו קומען צו א בעשלוס. ביידע זיינען געווען בעצויבערענד, און יעדע איינע האט געהאט פערשיעדענע אנציהונגען.

אויף דיעזער ארט האב איך מיר אויפגעזוכט א פערבאָרגענעם ווינקעל און פון ארונטער גענומען דיא אויגען פון ביידע דאמען.

וועהרענד דעם האט מיך מיין טאנטע געזוכט איבעראל.

עס איז שוין געווען איינס אוהר.

„ענדליך, האב איך דיך געפונען,“ האט דיא טאנטע געזאגט צוקומענדיג. „דוא האסט געוועקסעלט דיא טהירען. פריהער ביסטו דאָרט געשטאנען, יעטצט דאָ. וויא עס שיינט, וועט שוין געזשאַן ניט קומען. ער איז א געוואלטיגער פאטריאָט, און יעדען אבענד פון פערגניעגען, אָפּפערט ער פיר דאס לאנד... איבריגענס, האב איך בעשלאָסען, דיך פאָרצושטעלען פאר זיין פרוי איידער זיא געהט אוועק, אָבער מערק עס דיר, דוא זאָלסט איהר שענקען דיא גרעסטע אויפ־מערקזאמקייט, עס איז זעהר וויכטיג פיר דייך שפעטערע קאריערע.“

אָהגע צו ווארטען אויף מיין ענטפֿער, האט מיך דיא גרעפֿין אַנגענומען און מיך צוגעפֿיהרט פֿאר מאדאם געיזשאַן און מיך פֿאָרגעשטעלט, איהר זאָגענדיג מיין נאמען און בעשעפֿטיגונג אין איין פֿראַזע.

איך בין געשטאַנען וויא א דומער דאָרפֿס־יונג און נים געוואוסט וואס איך זאָל זאגען.

לואיז האט געווארט מיט א זיסען שמייכעלע אויף איהרע ליפּען, וואהרשיינליך צו הערען פון מיר דיא ווערטער, אז עס פֿרייט מיך איהר בעקאנטשאַפֿט, נאָר זעהענדיג, אז איך בין א בהמה אָהן לשון, האט זיא זיך אליין פֿאר מיר געניינט.

מיר האט עס אויסגעזעהן, אז מאדאם גאָשראָר, דאס הייסט, בערטהע, האט פון מיר חוזק געמאַכט.

דאַן האבען זיךביידע דאַמען אָבגעווענדעט און אוועק שפּאַצירט.

אריין קומענדיג אין קאָרידאָר, וואו דיא קליידער זיינען געווען, האבען זייא אויסגעבראָכען אין א ווילדעס געלעכטער, נים אַכטענדיג דארויף וואס איך בין געווען נאָהענט גענוג צו הערען און אויך פֿערשטעהען, אז זייא לאַכען פון מיר און פון מיין דומער בענעהמונג.

„אזוי, אזוי,“ האב איך מיר געטראַכט, „אָט דאס זיינען דיא פֿאריזער דאַמען! וואס איך האב געהערט איבער זייא, איז ריכטיג גענוג. ווען א יונגער מאַן קען נים אזוי גוט ערקלערען ליעבע און זייא שמייכלען, נעהמען זייא איהם נאָך אויף חוזק.“

איך האב געזיפֿצט. אָבער איך בין אויף זייא נים געווען אין כעס. ווער האט דאס געקענט בעז ווערען אויף אזעלכע שעהנהייטען?

זייא האבען זיך אָנגעקליידעט. און דיא מענער, וועלכע זיינען געשטאַנען אין קאָרידאָר, האבען פֿאר זייא פּלאַטץ געמאַכט און זיך פֿערניינט זעהר העפֿליך, וועהרענד זייא זיינען פֿארבייא געגאַנגען.

פֿעליקס איז שוין אויך געווען אַנגעצויגען, און איך בין נאָך אימער געשטאַנען וויא געלעהמט נים וויסענדיג וואס איך זאָל טהון.

„וואס שטעהסטו?“ האט ער מיך פּלוצלינג געפֿרעגט.

איך האב ווידער נים געוואוסט וואס צו ענטפֿערן.

„ווילסטו דאָ נעכטיגען?“ האט ער ווייטער געפֿרעגט.

„ניין.“

„דאַן ציה זיך אָן און קום.“

„איך האב מיך אָנגעצווינגען, ארויס אויף דער גאס, און ער האט מיר אָנגע־באָטען א פלאטץ אין זיין דראָשקע.

דיא פרישע לופט האט מיך אביסעל געבראכט צו מיין פערשטאנד און איך האב געוואָלט זיין אליין.

איך האב מיך ענטשולדיגט פאר פעליקס׳ען און בין אוועק, שפאצירענדיג דורך דיא רוהיגע און איינזאמע שטראסען.

איך האב געשפירט גלייך וויא עס וואָלט מיך געפרעסטעט. עפעס האט מיך געפייניגט בייא מיין הארצען און איך האב ניט פערשטאנען וואס דאס בע־דייטעט.

„איז דאס מעגליך,“ האב איך מיך געפרעגט נאך א האלבע שטונדע שפאצירען, „אז אין מיר ערוועקט זיך א ליעבע?“

איך האב מיר דיא פראגע ניט געקענט בעענטפערן און איך האב ווייטער שפאצירט.

2.

איך האב דיא דאמען וויעדער געזעהען, בייא דער ערעפנונג פון דיא זאלאָן בעלער. דער אמת איז, אז איך בין נאָר געקומען, ווייל איך האב געוואוסט, אז זייא וועלען דאָרט זיין.

ניין, ניט דיא קונסט־בילדער האבען מיך אינטערעסירט אין דיא זאלאָנען, וויא איך האב בעהויפטעט.

גאנץ פריה בין איך געווען עסען פריהשטיק מיט פעליקס׳ן, אין דעם רעסטאָ־ראנט פון שאמפ־עליזעע, און נאכדעם זיינען מיר אוועק אין זאלאָן.

זייט דעם אבענד, בייא מיין טאנטע, דיא גרעפין, האב איך זעהר פיעל גע־דענקט און נעקלערט. אָבער דיא וואהרהייט איז, אנשטאט דאס אלעס זאָל מיך אויפקלערען, זעה איך יעטצט ארויס, אז איך בין נאך פערקראָכען אין א גרעסערער בלאָטע.

„וואס פאר א מערקווירדיגע וועלט פאריז איז!“ האב איך מיר געטראַכט. „דאכט זיך אזוי פיין אָבגעפוצט, פאלירט, שעהן און גלענצענד פון דרויסען, און דאָך, אינוועניג, וויא געמיין און פערדאָרבען! זייא האבען רעכט געהאט, ווען זייא האבען בעהויפטעט, אז דיא פאריזער דאמען, איינע וויא דיא אנדערע, זיינען אויס־געלאסען. איך האב שוין גענוג געזעהען, אום מיך צו איבערצייגען דער־ריעבער...“

וועהרענד דיעזע געדאנקען, האב איך ווייטער געקלערט, אז דאס איז, אין אלגעמיינעם, א מיאוסע וועלט.

ווירקליך, נאך אלעמען, בין איך א פראנצויז, און פאריז איז דער מיטעלפונקט פון מיין פאלק, פון מיין נאציאן און פון מיין שמאלץ. און דיעזעס פאריז, דיא בלומע פון דער געזעלשאפט, איז אזוי אבשייליך און געמיין.

וויא איהר קענט זיך מערקען פון דעם וואס איך האב אייך ביז יעטצט דער־צעהלט, בין איך אפילו נים קיין גרויסער מאראליסט מיט זיידענע זאקען. איך טראג זאגאר זיידענע זאקען, אבער אין מאראל פעהלט מיר זעהר פיעל, וויא עס איז דער פאל מיט פיעלע אנדערע פון מיין קלאסע. אבער דאך, בין איך א מאן, דער קעניג פון דער שעפפונג; א מאן, וואס האט שטודירט פילאזאפיע, זיך איינגעקוקט אין מאנכע געהיימניסע דער נאטור, און איך וויים גאנץ גוט, אז אויסגעלאסענהייט, איז נים צום ריהמען.

דאן, האב איך מיר געטראכט, אז איך קען דאך נים אייביג פערבלייבען א בחור; איך וועל ארך חתונה האבען, און נאך נעהמען פיעללייכט א מיידעל פון פאריז און מוזען מיט איהר לעבען אין פאריז. הייגט וואס וועט זיין פון מ י י ן פרוי? אויך אזעלכע וואס איך האב בעגעגענט — א פאריזער דאמע!

„אבשייליך, געמיין און ניעדערטרעכטיג!

איך בין געוואלטיג אייפערזיכטיג געווארען איבער מיין פרוי, וועלכע איך האב נאך גאר נים געקענט.

יעטצט, ווען איך בין שוין אויסגעניכטערט, און מיין ערפאהרונג האט מיך עפעס אויסגעלערענט, בליק איך צוריק מיט א שוידער צו מיינע דאמאליגע גע־דאנקען.

הערט נאר אויס: איך האב געוואלט האבען א געליעבטע; א שעהנע, ליעבענסווירדיגע און אנציהענדע פרוי — נים מיין פרוי, זאנדערן יענעמ'ס פרוי; זיא אוועק נעהמען פון איהר מאן פיר מיר. דאס איז געווען גאנץ עהרליך און שעהן. דאגעגען וויעדער, האב איך געוואלט האבען איין עהרליכע און אנשטענדיגע פרוי, וועלכע זאל קיינע געליעבטע בעזיטצען.

וויא געפעלט אייך אלזא אזא מאן? זיינען אייך אנדערע מענער אזוי?

איבערהויפט, האט מיך שטארק פערדראסען, ווארום אין מיין טאנטע'ס הויז קומען אריין אזעלכע פרויענצימער. איך האב, וויא עס שיינט, געוואלט האבען איין עהרליכע משפחה, אבער דיא גאנצע וועלט האט געמענגט זיין פערדארבען, אום מיט דיעזער פערדארבענהייט מיר צו פערשאפען פערגניגען.

איך האב אָנגעפאַנגען מיר איבערדענקען יעדע פּרזי וואס איך האב געזעהען און בעגעגנט. איך בין געווען פעסט איבערצייגט, פון זייער פרייהייט, מונטערקייט, נעלעבטער און אלגעמיינע בענעהמונג, אז מוטער, טאָכטער, שנור און שוויגער־מוטער — אלעס, אלעס האט זיך געדרעהט ארום איין ראָד פון פערדאָרבענהייט, און אין געהיים אָדער אין דער עפענטליכקייט, האט יעדע איינע בעטראָגען איהר מאן.

רעדענדיג מיט פעליקס'ן איבער דיזער ארט געזעלשאפט וואס איך האב בעגעגנט, האט ער מיר געזאגט, אז איבעראל, ניט נאָר בייא מיין טאנטע, קומען דיזעלבע פערזאָנען מיט דיזעלבע איינענשאפטען.

ער האט אלזאָ אוועק גענומען דעם רעסט געדאנק פון מיר, ווען איך האב נעקלערט, אז פיעללייכט האב איך נאך ניט אלעס געזעהען, און נאָר בייא מיין טאנטע ערשיינען אזעלכע צווייפעלהאפטע כאראקטערע.

„עס זיינען פערהאנדען,‟ האט פעליקס געזאגט, „מאנכע פרויען, דאס הייסט, דיא ווירטהינען פון פיינע זאלאָנס, וואס זיינען ניט גאנץ צופריעדען פון דיא צו פרעהליכע דאמען. דאס איז דערפאר, ווייל זייא ווילען ניט זייערע טעכטער, זיהן, אָדער מענער זאָלען זיך פון זייא עפעס אָבלערנען. אָבער עס איז אונמעגליך זייא זאָלען זיך גראָב בענעהמען נעגען דיא פרעהליכע נקבות און זייא זאגען, זייא זאָלען נים קומען. ווען זייא זאָלע עס וואגען צו טהון, דאן וואָלטען זייא אריים גערופען דיא גרעסטע שנאה נעגען זיך און יעדער וואָלט פון זייא געלאכט.‟

מיינע ערשטע מאָראלישע געפיהלע, זיינען אונטערדרעסען באלד פערשוואונדען, און אלעס וואס עס איז מיר איבערגעבליעבען, איז געווען דיא ברענענדע תאוה אום אויך אנטהייל צו נעהמען אין דיזע פערגניגענס.

איך האב געוואָהנט אין א פאאר צימערן פון דער לאפיט שטראסע. פיער טעג דורכאנאנד, האב איך ניט געקענט ערוואכען, אָהנע צו דענקען פאר'ן עפענען דיא אויגען און נאך דעם, איבער בערטהע'ן און לואיז'ן.

מיין בעשטענדיגעס טראכטען איבער זייערע געזיכטער, קערפּערס און פאָר־שטעלונגען, האט מיך געפיהרט דערצו, וואס איך האב ניט געקענט וויסען געגני־וועלכע מיר געפעלט אמבעסטען.

איבריגענס זיינען זייא ביידע געווען נעגוג שעהן, און פאר מיר איז עס געווען גאנץ גלייך, וועלכע עס זאָל זיין, אבי צו האבען א געליעבטע.

נאכדענקענדיג בין איך אָבער געקומען צום בעשלוס, אז בערטהע איז נים צום פערגעבען, דיא האט א געליעבטען, פעליקס'ן. איך האב געהערט פון א פּאָאר

לייטע, אין יענעם ערשטען אבענד, אז פעליקס איז פּאָזיטיוו איהר געליעבטער, און וואס פאר איין אינטערעסע האבען זייא דען געהאט צו זאגען א ליענען. מסתמא אז מען קלינגט, איז א יום־טוב. אונפּאַרטייאישע מענשען וועלען דאָך ניט ארויס ברענגען קיין שלעכטען נאמען איבער איין אנשטענדיגע פרוי!

דאס האט מיך ניט בעקימערט; אין גענענטהייל, דאס האט מיך געפרייט, ווייל איך האב אין דעם געזעהן דיא זיכערע מעגליכקייט, אויך צו קריענען א גע־ליעבטע. פעליקס איז ניט געווען אזא שעהנער וויא איך, און ווען ער האט געקענט געפינען א געליעבטע, וועל איך געוויס טרעפען.

ליענענדיג אין בעט, אונטער דער ווארעמער און ווייכער דעק, האב איך מיר פאָרגעשטעלט א שעהנע דאמע אין איהר נאקעטקייט, און אזוי טרוימענדיג, אין א גליקליכער נאכלעסינקייט, האב איך געקענט פערברענגען שטונדעדלאנג.

דיא פאָרשטעלונגען פון דיא דאמען, זיינען ניט געווען בעשטימט. היינט האב איך מיר פאָרגעשטעלט איינע, מאָרגען איין אנדערע און שפעטער א דריטע. איך האב מיר ניט געוואָלט אָבקלייבען גראדע דיעזע אָדער יענע אליין פיר אימער. איך האב מיר געוואָלט לאָזען פלאטץ צום וועהלען, וועלכע עס וועט מיר אמבעסטען געפעלען.

בערטהע און לואיז, האבען אונטערדעסען זיך מיר מעהר פאָרגעשטעלט וויא אנדערע, וואהרשיינליך, ווייל איך בין מיט זייא בעסער בעקאנט געוואָרען און זייא זיינען אויך געווען דיא שענסטע. איינע פון זייא, סאי־וועלכע, וואָלט איך אקצעפּירט.

ענדליך בין איך געקומען צו דער איבערציינונג, אז דיא צייט איז געקומען, ווען איך מוז וועהלען, ווייל עס לאָזט זיך ניט ווארטען. און דיעזע וואס איך וועל מיר אויסוועהלען, זאָל בלייבען דער ציעל פון מיינע שטרעבונגען.

ווען איך בין אריין געקומען צום ערשטען מאל אין צימער פון דער בילדער־גאַרערע, בין איך געווען ערשטוינט פון דער גרויסער מאסע מענשען וואס איך האב דארט געטראָפען.

„צום טייפעל!“ האט פעליקס געמורמעלט, „מיר זיינען שוין געקומען אביסעל צו שפעט. עס איז געפּאקט, און מיר וועלען זיך קענען קוים דורכשטופען.“

עס איז געווען א פערש־עדענעם און פערמישטעס פובליקום: קינסטלער, רייכע מענער און גלאט געזעלשאפטס־פערזאָנען. צווישען דיא אָנגעטראָגענע פּאלטאָס און עלטערע אויבער־רעק, האט מען אויך געקענט זעהן דיא טהייערסטע

קליידער פון דער לעטצטער מאָדע, און דאמען אין זייד, קאשעמיר. פערלען, דיאמאנטען, גאָלד און בריליאנטען.

דיא פאמיליאריטעט פון דיא פרויען, זייער פרייער אויפטריט און זייערע מונטערע געלעכטערס, האבען מיך אונגעהייער געפרייט. זייא זיינען געגאנגען פון בילד צו בילד, געלאכט, געפלוידערט און געשפרונגען וויא יונגע ציגען.

פעליקס האט מיר פון וויטען געצייגט א דאמע און זיא בעצייכענט אלס דיא גרעפין ד'א...; זיא איז געגאנגען מיט איבשע צווייא טעכטער, איינע פון א יאָהר זעכצעהן, און דיא אנדערע פון א יאָהר אכטצעהן. אלע דרייא האבען אויסגעזעהען זעהר שעהן, און דיא מוטער האט נים אויסגעקוקט פיעל עלטער אלס דיא טעכטער. מיר איז פאָרגעקומען, אז זייא וואָלטען געווען א פראכטפאָלער מאָדעל פיר א קינסטלער־מאלער, איבערהויפט, ווען זייא זאָלען געמאלען ווערען נאטירליך, אָהן דיא קליידער.

פעליקס איז אריין אין דיא צימערן, לינקס, וואו גרויסע קאָרידאָרען האבען זיך געצווינגען, און וואו דיא מאסע מענשען איז ניט געווען אזוי גרוים. א ווייסעס ליכט איז ארונטער געפאלען פון דיא גלעזערנע סטעליעס, און קאָלירטע שטראהלען האבען זיך דורכגעבראָכען פון דיא לאנגע פאָראהענגען; אָבער דער פיינער שטויב וואס איז פעראורזאכט געוואָרען פון דיא טויזענדער בעוועגענדע פים, האט זיך אויך אָבגעשפיעגעלט אין דיזע שטראהלען, וויא א דינער ווייסער רויך.

איך האב בעמערקט, אז דיא פרויען האבען געמוזט זיין זעהר שעהן אום בייצושטעהען דיא שטארקע ליכט, וואס האט איינגעדרונגען טיעף אין דיא געזיכטער און דערצעהלט ווער עס איז שטארקער און ווער עס איז שוואכער גע־ פודערט.

ווען אזא ליכט וואָלט געמאכט געוואָרען אין איין אנדערן זאלאָן, וואָלטען זיך פיעלע דאמען בעליידיגט און בעהויפטעט, אז מען טהוט עס מיט דער אבזיכט אום צו שטודירען זייערע געזיכטער. דאָ ווידער, האט מען ניט געקענט האבען אזא פערדאכט, ווייל יעדער האט געוואוסט, אז מען מיינט נאָר בעסער צו בעלייכטען דיא פערשיעדענע בילדער.

עס האט אָנגעפאנגען צו ווערען זעהר היים. פליכעוואטע הערען, האלטענדיג זייערע הוטען אין דיא הענד, זיינען ארום געגאנגען בלאָזענדיג און פאָכענדיג; מאנכע האבען זיך געווישט דעם שוויים פון דיא געזיכטער, נאָר פיעלע דאמען האבען זיך מורא געהאט דאס צו ערלויבען, ווייל עס וואָלט געמאכט א תל פון זייער געפודערטע הויט.

„וועה נאר וועה !" האט פעליקס אויסגעשריען, „אַט זיינען זייא דאָרט !"

איך האב אויפגעהויבען מיינע אויגען צו זעהען וואס ער ווייזט מיר, און איך האב אנפאנגס ערבליקט א גרויסע מאסע דאמען, פון פערשידענע עלטערס: יונג, אַלט, מיטעל־יעהריג; שעהן, מיאוס און מיטעלמעסיג. אָבער אַלע זיינען געווען גע־קליידעט אין דיא קליידער פון דער לעטצטער מאָדע.

עפּעס האט זיך מיר געדאכט, אז צווייא דאמען איבערהויפּט, געהענדיג צוזאמען, האבען בעדארפט צוציהען מיין גרעסטע אויפמערקזאמקייט; אָבער איך האב מעהר ניט געזעהען וויא זייער רוקען מיט לאנגע און דיקע צעפּ נאכהענגען, און דאן זיינען זייא פערשוואונדען געוואָרען.

פעליקס האט דערווייל אוועק געקוקט אין איין אנדערע זייט, און אויסזעהענדיג צו פערגעסען און זיך אינטערעסירען מיט עפּעס א קונסט־בילד, האט ער זיך גע־דרעהט פאָרווערטס.

איך בין נאכגעגאנגען און ניט געשפּראָכען א וואָרט.

ענדליך האבען מיר זיך בעגעגענט מיט דיא דאמען.

זייא זיינען עס געווען !

„אך !" האט פעליקס אויסגעשריען, „וואס פאר א גליקליכע בעגעגנונג !"

דאן האט ער זיך טיעף פערנייגט.

דיא דאמען האבען זיך אויך פערנייגט און געשמייכעלט.

מאדאם געזישאָן, דאס הייסט, לואיז, האט אויפגעהויבען איהרע שווארצע אויגען צו מיר, און מיר צוגעוואָרפען אזא קאלטען בליק, אז עס האט מיך גע־טוידערט.

מאדאם נאָשראָד וויעדער, האט נאך אימער אויסגעזעהען פריינדליך.

אָבער מאדאם געזישאָן'ס בליק, איז פאר מיר געווען וויא א דונער־שלאַג; אין איהרע אויגען איז געלעגען א וועלט מיט ליעבליכקייט און דאך עפּעס ניפטיגעס און בייזעס.

„וואס האט זיא צו מיר ? וואס האב איך איהר געטהאָן ?" האב איך מיך געפרעגט. „בין איך ווירקליך אזא שלים־מזל וואס אַלע שעהנע דאמען מוזען מיך פעראכטען ?"

זיא האט געטראָגען אויף איהר קאָפּ א קליינעם הוט פון געלבען סאטין בער־פוצט מיט גרינע צווייגלעך און ווייסע קייקעלעך. איהר קלייד, גאנץ איינפאך און גוט געפאסט, איז געווען פון דונקלער ברוינער זייד בעדעקט מיט שטרוי־קאָליר

סאבין, — דאס אלעס, אבוואהל איינפאך, איז געווען פול געשמאק און עס האט איהר בעסער געפאסט וויא אירגענד וועלכעס אנדערעס קלייד אין דער וועלט.

אבער, איבער דיעזע איינצעלהייטען, האב איך ערשט שפּעטער געדענקט; פון דעם ערשטען בליק איז לואיז פאר מיר ערשיענען וויא א געטטין, וואס פאלט ארונטער פון א גאלדענעם וואלקען און ווערט נאכהער איינגעהילט אין שטראהלען פון רעגענבויגען קאליר.

וויא מיך האט דאס געפרעסטעט און געדריקט ביים הארצען!

פעליקס האט דערווייל אנגעפאנגען צו פלוידערן.

„שוין אלעס געזעהען?“ האט בערטהע געפרעגט.

„עס איז נישטא וואס צו זעהען,“ האט פעליקס געזאגט, „קיין נייעס; עס איז דיעזעלבע בילדער פון פאריאהרען און פון פאר צווייא יאהרען. אלטע! אלעס אלט!“

„רומהייטען!“ האט בערטהע פראטעסטירט, „קונסט בלייבט קונסט, און קונסט קען קיינמאל נים אלט ווערען.“

דערבייא האט זיא זיך אומגעווענדעט און צייגענדיג אויף א בילד האט זיא געזאגט:

„זעה נאר, ווירקליך, דיעזעס מייסטערווערק. לואיז האט עס אויסגעפונען. דאס קלייד איז דיא פאלקאמענהייט אליין! עס איז עהנליך צום קלייד וואס מאדאם ראשעטייל האט לעטצטענס געטראגען ביים באלל אין עליזעע.“

„יא, יא,“ האט לואיז געמורמעלט. „עס איז איין עהנליכעס קלייד, אבער דיא פאלדען אין פראנט, זיינען דא ראפּעל, און זעהט נאר וויא קונסטפאל דער מאלער האט אלעס ארויס געבראכט.“

דיא האבען זיך נאך אמאל גוט צוגעקוקט צום בילד. עס האט פארגע־שטעלט א דאמע אין איהר צימער, שטעהענדיג אין פראנט פון א פייער־פּלאטע אדער אויוון, און לעזענדיג א בריעף. לויט נאך מיינער אנזיכט, האב איך ניט געפונען קיין גרויסע קונסט אין דיעזען בילד, אבער איך האב דענאך מקנא געווען דעם מאלער, וואס ער איז אזוי גליקליך, ווען לואיז'עס שעהנע ליפּען קענען איהם ריהמען.

„און וואו איז ער?“ האט בערטהע פלוצלינג געפרעגט. „ער האלט אונז אין איין פערלירען בייא יעדע 10 שרים. ער איז שוין ווייטער, ערגיץ צוריק גע־בליעבען.“

זיא האט געשפּראכען איבער איהר מאן.

„נאַשראַד שטעהט דאָרט געגענאיבער," האט פעליקס געענטפערט רוהיג, זעהענדיג דערווייל יעדען איינעם. „זעהט, ער שטעהט און בעטראַכט דאס בילד וויא קריסטוס איז אויסגעשלאָגען אויף א דעמבענעם צלם."

וועהרענד דעם, האט זיך נאַשראַד אָבגעווענדעט און מיט דיא הענד אויף זיין רוקען, האט ער אָנגעפאַנגען צו שפּאַצירען ווייטער, בליקענדיג גלייכגילטיג אויף דיא בילדער.

ווען ער האט אונז ערבליקט, איז ער צוגעקומען, אונז געדריקט דיא הענד, און געזאַגט גאַנץ מונטער:

„האט איהר בעמערקט? דאָרט, אויף יענעם בילד, איז אָבגעמאָלען קריסטוס, און דער מאָלער האט איהם געגעבען זעהר א פרומע און רעליגיעזע מיענע."

דיא דאַמען, וויא עס שיינט, האבען זיך פיעל מעהר פעראינטערעסירט מיט בילדער פון פרויען מיט שעהנע קליידער, אלס מיט קריסטוס'ן. זיוא האבען ניט געוואָלט אויסהערען אונזער געשפּרעך און געגאַנגען פאָראויס. מיר און נאַשראַד, זיינען נאכגעגאַנגען.

דיא געגענוואַרט פון א מאַן פון דיא דאַמען, האט אונז שוין געגעבען דאס פאָלקאָמענע רעכט זייא צו בעגלייטען.

מיר האבען געשפּראָכען פון מאָנסיע געיזשאָן, און פעליקס האט בעהויפּטעט, דאס ער וועט געוויס קומען, ווען ער זאָל נאָר פערטיג ווערען מיט זיין פּאָליטישער ארבייט, ווייל ער מוז אָנציינען וואס דיא רעגיערונג מאכט מיט געוויסע וויכטיגע פראַגען.

נאַשראַד האט דאַן אָנגעפאַנגען צו ווערען אונגעהייער פריינדליך צו מיר און מיך געפרעגט אונצעהליגע פראַגען.

פעליקס האט געשמייכעלט און מיך עטליכע מאל געצווינגען ביים אַרבעל; איך האב אָבער ניט פערשטאַנען וואס פעליקס מיינט דערמיט.

אונטערדעסען האט פעליקס געזעהען, אז מיר ביידע זיינען שטאַרק פערטיעפט אין געשפּרעך, און זיך בעדיענענדיג מיט דיעזער געלעגענהייט, איז ער אַוועק פון געבען אונז און שפּאַצירט מיט דיא דאַמען.

איך האב נאַטירליך אויפגעפּאַסט צו הערען וואס נאַשראַד רעדט צו מיר, אָבער איך האב מיך אויך אונטערגעהערט צו דעם געשפּרעך אין פראָנט.

„דאַן געהט איהר אין וואַריעטע־טהעאַטער היינט אבענד?" האט מאַדאַם געיזשאָן געזאָגט.

„יא, איך האב גענומען א לאָזשע,“ האט בערטהע געענטפערט. „דייא זאגען, אז מען שפּיעלט א מערקווירדיגע פּיעסע... איך וועל דיך מיטנעהמען, לואיז. קום ווירקליך; איך מיין גאנץ ערנסט.“

דאַן ווייטער:

„מיר זיינען שוין באלד צו ענדע פון סעזאָן. דיעזע ערעפנונג פון דיא זאלאָנען, איז שוין דאס לעטצטע וואס קען זיין.“

„אָבער דוא פערגעסט נאר אָן דיא רייסעס, (פערד־לויפעריא)“.

„יא, ווירקליך, איך האב פערגעסען! איך וועל בעזוכען דיא רייסעס אין מאזאָן־לאפיט. מען האט מיר געזאגט, אז עס איז זעהר שעהן דאָרט.“

וועהרענד דיעזער גאנצער צייט, האט גאָשראָד צו מיר אלץ געשפּראָכען איבער לע באָקעט, און מיר דערצעהלט, גלייך וויא איך וואלט דאָרט זיין א פרעמדער, אז עס איז א העררליכער פלאטץ, און מיין פאטער, מיט זיין פלייס, האט נאך פערדאָפּעלט דעם פרייז פון דעם גרונד־אייגענטהום. איך האב פערשטאנען, אז גאָשראָד איז א גרויסער שמייכלער.

אָבער איך האב איהם ניט געקענט אויסהערען; פאר מיר האט נאָר עקזיסטירט לואיז, וועלכע האט מיך אויפגעקאָכט בייא יעדען טאָן פון איהר שטימע.

איהר ווייסער האלז, אונטער איהרע שווארצע לאָקען, איז געוועזן אזוי צארט וויא פון א קינד. אין אלגעמיינעם אָבער, האט זיא אין זיך געהאט דעם שריט וויא פון א מאַן, וועלכעס האט מיך אביסעל בעאונרוהיגט.

דאַן האט זיא זיך א פּאאר מאל אומגעווענדעט און מיר צוגעוואָרפען איהר דורכדרינגענדען בליק. איך בין נאכגעגאנגען וויא א נאכטוואנדלער.

איך קען ניט בעשטימט וויסען וויפיעל שטונדען עס האט געדויערט זייא נאכצוגעהען. דערצו בין איך נאך געוועזן האלב פערמאטערט פון גאָשראָד'ס פּלוידערייען און געבלענדעט פון דיא לאנגע רייהען מאלערייא בעלייכטעט פון דיא שטארקע שטראהלען.

איך עראינער מיך בלויז, אז אונגעפעהר צו ענדע, האב איך געשפּירט, אז עס קריצט מיר צווישען דיא צייהען דער שטויב וואס איך האב איינגעאטהעמט. איך בין געוועזן שרעקליך מיעד, נאָר דיא דאַמען זיינען געוועזן פריש ביז צו ענדע.

אום זעקס אוהר, האט מיך פעליקס אוועק גענומען עסען.

„איך דאנק דיר,“ האט ער צו מיר פּלוצלינג געזאגט.

„וואס איז נייעס? ווארום?“ האב איך געפרעגט גאנץ ערשטוינט.

„אח, דערפאר,“ האט ער געזאגט שמייכלענדיג, „ווייל דוא האסט ניט פראך בירט צו ערקלערען ליעבע צו מאדאם גאשראך עס שיינט אלזא, אז דיר געפעלט דיא ברונעטקע.“

מיט מיין בעסטען ווילען, האב איך מיך ניט געקענט צוריק האלטען פון רויט ווערען.

ער האט דאן געזאגט אין א פערטרויענדען טאן:

„מיך קימערן ניט דיינע געהיימניסע. איך געגענטהייל, דוא האסט וואהר־שיינליך גוט בעמערקט, אז איך שטעה גאנץ פון ווייטען. איך גלויב, אז יעדער מענש מוז זעלבסט דורכמאכען זיין לעהר־צייט אין לעבען.“

ער האט שוין מעהר ניט געלאכט, וויא זיין טבע איז געווען. ער איז געווען ערנסט און פריינדליך.

גיבט עס אירגענד א צווייפעל, אז איך בין אויפ׳ן ריכטיגען וועג?

פאסענדיג מוטה, האב איך געפרעגט:

„דאן דענקסטו, אז זיא קען מיך ליעבען?“

„איך!“ האט ער געענטפערט, „איך וויים גאר ניט! אבסאלוט גאר ניט. טהו וויא דוא פערשטעהסט; וויא דיר געפעלט. דוא וועסט שוין זעהען וואס עס וועט ווערען.“

עפעס האט זיך מיר אפילו געדאכט, אז איך האב בעמערקט א קאָמישען שמייכעלע אויף זיינע ליפען, אָבער איך האב מיר דערפון גאר ניט געמאכט.

איך האב בלויז געשפירט, אז איך בין אויפ׳ן ריכטיגען וועג, און יעדער צווייפעל איז פערשוואונדען.

פעליקס האט דאן פאָרטגעזעטצט דיין געשפרעך אין דעם געוועהנליכען טאָן און בעמערקט:

„עס וועט מיך ניט וואונדערן, דאס גאָשראָך אליין זאָל וועלען דוא זאָלסט דיך פערליעבען אין זיין ווייב.“

איך האב אויף איהם אויסגעגלאָצט מיינע אויגען.

„אח!“ האט ער ווייטער געזאגט, „דוא קענסט איהם גאר ניט, און דוא פערשטעהסט אויך ניט ווארום ער איז אזוי פריינדליך צו דיר. זיין אָנקעלים איינפלוס אין דיין דיסטריקט, פאננט אן אלץ מעהר שוואכער צו ווערען. נאטירליך! אונטער זאָלכע אומשטענדען, וואָלסטו איהם זעהר צוניץ געקומען. דוא וואָלסט געקענט ווירקען איבער דיין פאטער, און דיין פאטער וואָלט שוין דאס איבריגע

געטהאָן... צום טייפעל! וויא דוא קוקסט מיך אָן! איך האב געמיינט, אז דוא פערשטעהסט שוין אלעס, אויף וויא וויים דוא וואָלסט איהם געקענט העלפען. מיך האט ער שוין קראנק געמאכט.״

„אָבער דאס איז דאָך אבשייליך!״ האב איך אויסגעשריען.

„ווארום אבשייליך?״ האט ער געפרעגט מיט אזא קאלטבלוטיגקייט, אז איך האב גאר ניט געקענט אויסגעפינען אויב ער שפאסט. „ווען א פרוי מוז שוין יא האבען פריינדע אָדער געליעבטע, דאן איז גאנץ גוט, ווען דיזע פריינדע קענען עפּעס נוטצען ברענגען דעם מאן.״

ווען מיר האבען זיך אויפגעהויבען פון דעם טיש, האט פעליקס געשפּראָכען איבער געהע׳ בעזוכען דאס וואריעטע־טהעאטער.

איך האב געזעהן דיא פיעסע נאך מיט צווייא אבענדע פריהער, און אָבוואָהל דאס האט מיך ניט אינטערעסירט, האב איך דעננאך בעהויפּטעט, אז איך וויל זעהר מיטגעהען זעהען וואס דאס איז.

עס איז געווען א גרויסארטיגער אבענד! דיא דאמען אין זעהר לאָזשע, זיינען אויסגעקומען אקוראט געבען אונז. אומוועגדענדיג מיין קאָפּ, האב איך געקענט זעהען דאס גאנצע געזיכט פון לואיז׳ן, וויא זיא האט אויסגעדריקט איהר פער־גניגען, הערענדיג דיא וויטצען פון דיא אקטיאָרען. מיט צווייא אבענדע פריהער, האט מען בעדארפט דינגען א פּאאר סאָלדאטען מיך צו קיצלען בייא דיזע וויטצען, נאָר יעטצט, האב איך זייא געגרעכענט פאר זעהר גוט.

געוויס האט עס געמוזט אזוי זיין, כל־זמן זייא האבען אונטערהאלטען לואיז׳ן.

לואיז האט געלאכט אזוי הויך, אז איך האב עטליכע מאל געוואָלט אויס־שפּרעכען איבער איהר א מיינונג, אז זיא איז א פּאָלקאָמענע אויסגעלאסענע, לויט נאך דעם געלעכטער. אָבער איך האב מיך שוין געשפּירט צו פיעל צוגעצויגען צו איהר, אום איך זאָל מיר אויף אזוי פיעל ערלויבען צו בעשולדיגען דיזע, וועלכע איך פערגעטער.

ווען אונזערע אויגען האבען זיך בעגעגנעט, ווערענד זיא האט געהאלטען אין לאכען, האט זיא איהר בליק ניט אָבגעווענדעט פון מיר. איהרע אויגען זיינען געווען דאמאלס שטארק געעפענט, גלענצענדיג און פול מיט עפּעס אזוי פיעל לעבען, ליעבע און גענוס, אז איך האב געשפּירט דעם ציטער פון פערגניגען.

איך האב מיר געטראכט, אז דיזע דרייא שטונדען וואס איך האב פער־

בראכט אין איהר געזעלשאפט, האבען שוין פאזיטיוו בעדארפט מיך געהנטער ברענגען צו מיין ציעל.

צווישען דיא אקטען, זיינען מיר געגאנגען ווינשען „גוטען אבענד" און זיך פערניינט פאר דיא דאמען. דיא לאושע איז געוועזען דונקעל, איך האב גאר ניט געזעהען. אבער איך האב געפיהלט לואיזץ נעבען מיר. א בעוועגונג פון איהר קערפער, האט אויסגעשפרייט איהר ברייטעם קלייד און דאס האט בעדעקט מיינע קניען. איך האב דאמאלס געשפירט גלייך וויא איך וואלט אריין געקראכען אין א ווארעמער וואנע, און א זיסער געגוס וואלט זיך צוגאסען איבער אלע מיינע גליעדער.

## 8.

צעהן טעג זיינען פאראיבער. פעליקס איז פערשוואונדען געווארען, גלייך וויא דיא ערד וואלט איהם איינגעשלונגען. אהן איהם בין איך געוועזען הילפלאז, און איך האב ניט געפונען קיין איינציגע אורזאכע מיך צו דערנעהנטערן צו מאדאם נעיזשאן.

אבער אהן איהר קען איך ניט זיין; איך מוז ווענינסטענס צו טהון האבען מיט עפעס וואס איז איהר נונע; צו דיעזען צוועק האב איך געקויפט 5 אדער 6 צייטונגען יעדען טאג, וואו איך האב געלעזען ארטיקלען איבער איהר מאן'ס פאָ־ליטישע טהעטינקיים.

ער האט אנטהייל גענומען אין זעהר א וויכטיגער דעבאטע און האט אבגע־האלטען א רעדע, וועלכע האט ארויס גערופען א גרויסען אויפרוהר.

צו איין אנדערער צייט, וואלט מיך זיין רעדע גענודעט אויף'ן הארצען; יעטצט אבער האט עס מיך שטארק פעראינטערעסירט. מיר האט זיך געדאכט, אז צווישען יעדער פראזע, זעה איך לואיז'עס שווארצע צעפ און ווייסען האלז.

איך בין נאך אזוי ווייט געגאנגען, דאס איך האב געפיהרט א געשפרעך מיט איין אונבעקאנטען הערר איבער מאנסיע נעיזשאן און איך האב איהם זעהר ווארעם פערטהיידיגט.

דאן האבען אנגעפאנגען צו קומען ניפטיגע אנגריפע, איבער מאנסיע נעיזשאן, אין דיא צייטונגען, און דאס האט מיך זעהר געערגערט.

איך האב אנפאנגס ניט געקענט בעגרייפען וואס פאר א געפיהל דאס איז; דאכט זיך אין גענענטהייל, מיך האט גאר בעדארפט פרייען וואס נעיזשאן איז ניט

נושא חן בייא דער וועלט, ווייל דאס וואָלט מיך פיעללייכט געבראכט געהנטער צו מיין ציעל, דאס הייסט, לואיז זאָל אנערקענען מיין טאלענט, און מיך שנעלער ליעבען. אָבער דיא וואהרהייט איז, אז איך בין א מענש וואס קען אימער שעטצען יענעם'ס ווערטה.

עס איז אמת, מאָנסיע נעיזשאָן איז א דומקאָפּ, און ווען נים לואיז, דאן וואָלט פון איהם גאר נים געוואָרען. נאָר דיא טהאטזאכע, אז זיא, לואיז, איז זיין בע־שיטצערין און איהם איז געלונגען צו בעזיטצען אזא שאַטץ, האט בייא מיר ארויס גערופען רעספעקט.

ווערהענד דיא צעהן טעג פון אונגעדולד און ארום וואנדערן וויא א פעררי־קטער איבער דיא גאסען, האב איך פינף אָדער זעקס מאל בעזוכט מיין טאַנטע, מיט דער אבזיכט צו האבען דיא געלעגענהייט, דאָרט צו טרעפען לואיזן.

אין דערזעלבער צייט האב איך מיך אביסעל צוקריעגט מיט מיין טאַנטע בייא דעם לעטצטען וויזיט, און איך האב געמיינט, אז איך וועל זיא שוין מעהר נים קענען בעזוכען. דיא אורזאכע דערפון איז פאָלגענדע: זיא האט זיך איינגעבילדעט, אז איך מוז קריעגען א דיפּלאָמאטישע שטעלע דורך מאָנסיע נעיזשאָן'ס איינפלוס. זיא האט גערעכענט, אז דאס וועט מיך זעהר גליקליך מאכען, און זיא איז געווען אויסעראָרענטליך ערשטוינט, ווען איך האב מיך דערפון ענטזאגט.

אלס אורזאכע דאפיר, האב איך אָנגעגעבען, אז מיינע פּאָליטישע מיינונגען זיינען גראדע געגען דיעזער פּארטייא.

„דומהייטען!" האט זיא אויסגעשריען שטארק בעליידיגט. „אין א דיפּלאָ־מאט ליעגט נים קיין פּאָליטישע מיינונג אָדער א פּאָליטישע איבערצייגונג. ער איז וויא א ווינט־מיהל: ווען דער ווינט בלאָזט פון נאָרד, געהען דיא רעדער פון דיעזער זייט, ווען ער בלאָזט פון זיד, געהען זייא פון דער אנדערער זייט. דוא וועסט מיר דאָך נים איינרעדען, אז דוא ביסט מיט דיעזען סוד נים פערטרויעט!"

זיא האט געהאט רעכט, איך האב עס געוואוסט, אָבער עס איז מיר דאָך אונמעגליך געווען צו אקצעפּטירען אזא פּאָסטען.

איך האב נים געקענט אָננעהמען אזא אמט, וואס וואָלט מיך ארויס געפיהרט פון פּאריז, אום נים צו זעהען לואיזן.

„דוא ביסט נאך א איגנעל!" האט מיין טאַנטע געזאגט רעכט בעז ווערענדיג. „ווען עס האנדעלט זיך אום דיפּלאָמאטיע, וועסטו זעהען א רעפּובליקאנער פער־טרעטען דיא מאָנארכיע, א מאָנארכיסט פערטרעטען דיא רעפּובליק און קיינער פרעגט נים קיין קשיות."

„אבער איך קען נים,‟ האב איך געשטאמעלט. „פיעללייכט שפעטער, ווען איך וועל עלטער ווערע;, וועל איך אזוי האנדלען, פארלויפיג איז עס מיר אונ־מעגליך.‟

„דוא ביסט א דומקאפ!‟ האט זיא אויסגעשריען ערביטערט. „דוא האסט פון מיר געמאכט א נאר. איך האב שוין גערעדט מיט מאנסיע געיזשאן דאריעבער, און יעטצט...‟

מיט מיין בעסטען ווילען, האב איך געוואלט געפעלען ווערען מיין טאנטע, וועלכע האט געזוכט מיין טובה. אבער איך האב נים געקענט פועל'ן בייא מיר צו פערלאזען לואיז'ן, דערפאר ווייל זיא וויל פאר מיר אויסוויירקען א פאסטען.

איהר מענט פון מיר לאכען וויפיעל איהרווילט, איך וועל דערפון נים וויסען, ווייל איך שטעה נים דערבייא. אבער דיא וואהרהייט איז, אז איך האב מיר פאר־געשטעלט אזעלכע זאכען, וואס נאר א קראנקע פאנטאזיע קען שאפען.

איך בין געוועזן בייא מיר פאלקאמען איבערצייגט, אז לואיז האט בעמערקט מיין אויפרעגונג ווערענד איהר קלייד האט בעדעקט מיינע קניען; און איך האב דערפון געאורטהייכט, אז מיין געגענווארט איז איהר נים אונאנגענעהם, נאכדעם זיא האט דאס קלייד באלד נים צוריק געשלעפט.

איך האב אין דעם געזעהען א תאוה־ערמונטערונג פון איהר זייט, און דאס שטודירענדיג גאנץ גוט, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אז דאס איז עפעס מעהר וויא אפילו א קאקעטקע קען זיך ערלויבען.

דיעזע זיינען געוועזן מיינע אויפריכטיגע געפיהלע, און איך דערצעהל זייא עפענטליך, אלס איין ארט מתודה זיין זיך פאר דער וועלט און פאר מיין געוויסען.

פיעלע מענער, ווען זייא זאלען נאר מודה זיין אויף אלע זייערע געפיהלע, וואלטען זייא אויך געזאגט, אז מענשען און געזעלשאפטען וועקסלען זיך, נאר דיא פרויען־נאטור בלייבט דיעזעלבע. ווען א פרוי ליעבט, דאן גיבט זיא זיך אליין איבער אדער זיא לאזט זיך מען זאל מיט איהר טהון וואס מען וויל.

יא, דיעזע מענער וואלטען אייך נאך ווייטער דערצעהלט, אז א פרוי אבוואהל עס ליעגט נים אין איהר נאטור צו רעדען מיט'ן מויל און אויסדריקען אין ווערטער איהרע געפיהלע, רעדט אבער פאר איהר דער גאנצער קערפער, איהרע אויגען, איהר מויל, איהרע בליקען און הענד.

איך מיין דערמים נאָר צו בעצייכענען דיעזע פרויען, וועלכע זיינען פער־הייראטעט, וועלכע ערשיינען אין דער הויכער געזעלשאפט און זייא קענען זיך ניט אזוי לייכט פערראטהען.

איהר וועט אמאל הערען דערצעהלען פון מענער, אז אזעלכע פרויען זיינען זעהר לייכט צו קריעגען, אָבער מען מוז נאָר פערשטעהען וויא צו זייא צו צוקומען, וויא צו מאכען דעם ריכטיגען איינדרוק און שפיעלען דיא ראָלע פון א געדאנקען־לעזער.

איך האב נאָר דאס בעמערקט, אום צו צייגען, אז איך בין ניט געוועזען אין מינדעסטען צווייפעל, דאס צווישען מיר און לואיז'ן האבען דיא געפילע שוין גע־שפראָכען, אָבוואָהל דיא ליפען האבען נאך ניט געוואגט ארויס צו ברענגען א וואָרט. נאך מעהר, דאס זיא האט מיך גאנץ גוט פערשטאנען, און נאָר אונזער גוטע ערציהונג פאָרדערט אביסעל מעהר צייט און געדולד ביז מיר זאָלען קענען אויסגיסען אונזערע געפיהלע אין א לעבעדיגער אומארמונג. איהר קלייד אויף מיינע קניען, איז געוועזען מעהר וויא א דייטליכע אויפפאָרדערונג, און אלעס איז געוועזען גע־שלאָסען פיר א ליעבענדער צוקונפט.

שפעטער, האב איך אין מיינע מארטערענדע געדאנקען, אָנגעפאנגען צו צווייפלען. סטייטש לואיז, דאס אייסט, מאדאם געיזשאָן, איינע פון דיא שענסטע און איינפלוסרייכסטע פערזאָנען, מיט א גרויסארטיגער ערציהונג, זאָל דאס קענען טהון, איז מיר געוואָרען אונבעגרייפליך. דאס האט מעהר געפאסט פאר יענע דאמען, וועלכע קענען פערקויפען זייער ליעבע פאר געלד.

„איך בין א דומקאָפּ! איין אייזעל!" האב איך צו מיר אליין געזאגט. „דאס קען ניט מעגליך זיין איבער לואיז'ן, ווען זיא זאָל אפילו זיין וויא שטארק פערליעבט אין מיר! זיא איז א פאריזער דאמע, זיא האט וואהרשיינליך געליעבטע, אָבער צו בעהויפטען, אז זיא קען געהען אזוי פרעך צום ציעל פון איהר ליעבע, איז מיר אונמעגליך! אָהנע צווייפעל, אז זיא האט בעסערע אויסוועגען וויא אזוי זיא זאָל איהרע הערצענס־געפיהלע ברענגען צור פערווירקליכונג."

נאטירליך, איז מיר גאר ניט איינגעפאלען, אז עס קענען געבען דאמען, וואס זאָלען זיין פרייא אין זייערע בענעהמונגען, און נאך אלעמען, אנשטענדיג און מאָ־ראליש איך האב געזעהען אין יעדער פאריזער דאמע, איינע וואס איז אימשטאנדע בייא אירגענד א געלעגענהייט צו האבען ניט נאָר איין געליעבטען, זאָנדערן אויף מעהרערע. אלעס וואס מיך האט נאָר צוריק געהאלטען איז געווען, דאס איך האב געמאכט איין אונטערשיעד צווישען דיעזע דאמען; איך האב זייא איינגעטהיילט

אין צווייא קלאסען: איין קלאסע וואס האט קיין ערציהונג גענאָסען, און ווען זיא האט חשק צו א געליעבטען, קוקט זיא ניט אויף צערעמאָניען; דיא צווייטע קלאסע ווידער, וועלכע פערשטעהט וויא צו אונטערדריקען איהרע געפיהלע, און וועט ניט צייגען דעם מאַן קיין ערמונטערונג, ביז ער זעלבסט מאכט עס גיר פאַר איהר קלאר און דייטליך.

צייטענווייז ווידער, איז מיר לואיז פאָרגעקומען גאַנץ אונערקלערליך, און זיא פלעגט געגצליך פערשווינדען פון מיין פאנטאזיע. איך האב אין איין צייט גע־צווייפעלט, אויב איך בין געזעסען פינף מינוטען אין דער לאָזשע פון טהעאטער נעבען איהר, און געפיהלט איהר לעבעדיגען און ווארעמען קערפער אזוי נאָהענט צו מיר.

דאַן האב איך געשפירט א פערצווייפלונג און טרויער, און איך האב שוין איינמאל געוואָלט צוריק פאָהרען אהיים, נאָך לע באָקעט, און זיך אָבשליעסען פאר דער גאַנצער וועלט.

אונטערדעסען האב איך געברענט מיט פערלאַנגען זיא צו זעהן און איך האב מיר קיין עצה ניט געקענט געפינען צו ערפילען מיין וואונש. דאַן איז מיר איינגע־פאלען א גליקליכע אידעע: איך זאָל אוועק געהען אין דער דעפוטירטען־קאמער; דאָרט וועל איך פיעללייכט הערען מאָנסיע געיזשאָן שפרעכען, און פיעללייכט וועט אויך זיין לואיז דערבייא.

איך בין ערשיענען און ערפאהרען, אז ער דארף ווירקליך אָבהאלטען א רעדע, נאָר ער איז נאר ניט געקומען. מען האט בעהויפטעט, אז וויכטיגע אנגעלעגענ־הייטען האבען איהם צוריק געהאלטען אין סענאַט.

אום דאָך עפעס בעלוינט צו ווערען פאַר מיין פערצווייפלונג, האב איך געהאַט דאס גליק צו זעהען מאדאם געשראַד אין דער פראָנט רייהע פון דיא גאלעריע זיטצען. צום בעדויערן, איז לואיז ניט געווען מיט איהר.

ארויס געהענדיג, האב איך מיך אבזיכטליך בעגעגענט מיט בערטהען. זיא האט מיך זעהר פריינדליך בעגריסט. עס שיינט, אז פעליקס האט מיט איהר געשפראָכען איבער מיר.

„וואס איז דאס?" האט זיא געפרעגט, „זייט איהר לעצטענס ניט געווען אין פאריז?"

דיעזע פראגע האט מיך געטראָפען וויא א בליטץ. וויא? איך? וועלכער האט דורכגעמאַכטען אלע גאַסען פון פאריז, וועלכער האט זיך געצייגט איבעראל, זאָל נאר יעטצט בעשולדיגט ווערען אין ניט זיין אין פאריז?

איך האב איהר ארויף׳ץ פלאטץ ניט געקענט ענטפערן, און זיא האט בעטריפען מיין פערלעגענהייט.

„איך האב נאָר געפרעגט,“ האט זיא ווייטער געזאגט, „ווייל מע האט אייך אויף קיין פלאטץ געזעהען. דער לעטצטער אונטערהאלט בייא דעם מיניסטער, איז געוועזען ערהאבען, און דאן איז געוועזען א וואונדערבארע אויסשטעללונג פון פערד...“

אזוי וויא איך האב נאך אימער אויסגעזעהען זעהר פערצווייפעלט, האט זיא אָנגעפאנגען צו לאכען.

„אלזאָ,“ האט ז׳א פאָרטגעזעטצט וועלענדיג אוועק געהען, „צום וויעדערזעהען ביז מאָרגען. איך וויל האָפען, אז איהר וועט זיך שוין ארויס ווייזען.“

וויא א דומער קערל האב איך געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ „יא“, און איך האב מיך געשראָקען פיעללייכט וועט זיא נאך אמאל לאכען.

זיא האט זיך אומגעווענדעט און מיר צוגעוואָרפען א כיטרען בליק.

„קומט, קומט,“ האט זיא ווידערהאָלט גאנץ שטיל און אין א פערטרויליכען טאָן, וויא א פריינד וואס האט פאָרבערייטעט עפּעס איין איבערראשונג.

דאָן האט זיא געמאכט מיט דער האנד און איז אוועק.

איך האב איהר געוואָלט נאכלויפען און זיא אויספרעגען, אָבער זיא האט זיך שנעל אָבגעווענדעט און איז פערשוואונדען געוואָרען.

איך בין געבליעבען שטעהען נאכדענקענדיג, און איך האב מיך געשימפּפּט פאר מיין אונערפאהרענהייט.

איך בין געוועזען נאטירליך בערייט צו געהען אפילו צום טייפעל, אבי איך זאָל קענען זעהען לואיז׳ן. אָבער וואו איז דער טייפעל? וואוהין זאָל איך געהען?

„יא,“ האב איך מיר געטראכט, „דאס איז געוועזען א בעשטעלונג; פּאָזיטיוו אזוי, אָבער וואס זאָל איך בעגרייפען דארונטער? האט לואיז שוין מיט איהר גע־שפּראָכען? האט איהר לואיז פיעללייכט פערטרויעט, וויא דער שטענער איז צווישען פרויען, דיא געהיימניסע פון איהר הערצען?“

מיין קאָפּ האט מיר געטומעלט און איך האב געמיינט, אז איך ווער פער־ריקט. איך האב געשפירט דיא גרעסטע שאנדע פאר מיר זעלבסט, דערפאַר וואס איך האב אפילו ניט אָנגעהויבען צו וויסען וואס עס געהט פאָר אין געזעלשאפט, דאמיט איך זאָל מיך קענען בעטהייליגען.

אבענד בין איך אוועק געלאָפען צו פעליקס׳ן, טראכטענדיג, אז איך מוז

איינמאל פאר אלעמאל איהם מאכען פאר מיינעם א פערטרויעטען און איהם בעטען ער זאָל מיר אלעס ערקלערען.

אָבער פעליקס איז נים געווען צו הויז.

דאַן, נים ווימענדיג וואס פריהער צו מהון, האב איך מיך גענומען לעזען ציימונגען, זוכענדיג איבערהויפט דיעזע בלעטער, וואס יינען געלעזען געוואָרען אמ־ מייסטען פון דער הויכער קלאסע. דאס האב איך געטהאָן מים דער אבזיכט אום אויסצוגעפינען, פון דיא אנאָנסען פיר מאָרגען, וואס פאר א פלאטץ דאס קען זיין וואו דיא הויכע קלאָסע געזעלשאפט וועט זיך צוזאמען קומען.

מיין פערווירונג האט זיך נאך פערגרעסערט; עס זיינען געווען אונצעהליגע אונטערהעלטע — איין אויסשטעללונג פון בילדער פון דער אלטער שולע מאלערס, א וואָהלטהעטיגער באזאר אין א גרויסען קלוב־זאלאָן, א מוזיקאלישער רעליגיעזער אבענד אין דער קירכע פון סענט־קלאָטהילד, דיא פאָרשטעללונג פון נייע מאָדעס אין דאמען קליידער, צווייא קאָנצערטען, און דארונטער אויך וויא א יונגע און זעהר שעהנע דאמע ניבט אויף דיעזע וועלט און ווערט א נאָגע. דאס אלעס איז אויסער דיא פערד־ווטעריייען אין פערשיעדענע געגענדען.

וויא האב איך געקענט, א דאָרפס־מאַן, געהען אין טרעפען, וואו לואיז קען גראדע זיין? אזא רעטענעש איז מיר אונמעגליך געווען צו ערקלערען.

איך האב פערשטאנען, אז דער מנהג פאָדערט, דאס איך זאָל בעזוכען איינעם פון דיעזע פלעטצער, אָבער, מיין גאָט! וועלכער קען דאס זיין? וויא אזוי זאָל איך דאס וויסען?

ענדליך, אום נים צו פערברענגען א גאנצען טאָג אומזיסט און זיך נאך מארטערן מים אונגעדולד, האב איך בעשלאָסען, אז איך מוז האנדלען וויא דער קארטען־שפיעלער, טרעפען אָדער פעהלען. איך מוז אויסוועהלען איינעם פון דיעזע פלעטצער און אהין געהען.

דערבייא איז מיר איינגעפאלען, אז איך האב געהערט אונטער דיא דאמען רעדענדיג איבער דיא רייסעס אין מייזאָן־לאפיטט, און עס איז מיר איינגעפאלען, אז דאס איז דער פלאטץ וואוהין איך מוז געהען; מיין בעשלוס אין געפאסט געוואָרען, און מיין ציעל איז געלעגען אין בעזוכען מייזאָן־לאפיטט.

זאָ שנעל וויא איך האב געפאסט דעם בעשלוס, האב איך מיך בעדייטענד בערוהיגט.

דיא פאריזער פאָרשטעדט, זיינען, אהנע צווייפעל זעהר שעהן און אנגע־ נעהם.

איך האב נים געוואוסט וואו מייזאָן־לאפיטט געפינט זיך; נאָר אזוי וויא דער וועג ליענט אויף א מענשען׳ס צונג, האב איך באלד אהין געטראָפען.

דיא שעהנע הייזער, געבויעט אויף בערגלעך, געבען דיא ברעגעס פון דעם טייך סעין, האבען מיך בעצויבערט. עס איז דאַן געוועזן דיא ערשטע טעג פון דעם מאָנאט מאַי; דיא עפּעל־בוימער, וועלכע האבען נאָר וואס אָנגעפאנגען צו בליהען, זיינען געוועזן בעדעקט מיט ווייסע קווייטען, און ארום זייא זיינען געשטאנען הויכע אייכען־בוימער מיט גרין־געקרוינטע צווייגען

אנפאנגס האב איך נים געוואָלט פרעגען וואו דער פלאטץ פון דיא רייסעס איז, און איך האב געוואנדערט אָהנע ציעל און אָהנע ריכטונג, טרוימענדיג אין דער שטילער געגענד פון רוהיגעס גליק.

איך האב געזעהען מאסען דאמען אָנקומען, אָבער דארונטער האב איך דיעזע, וואס איך האב געזוכט, נים געקענט געפינען.

דאַן האב איך מיך פערבלאָנדזעט צווישען א טיפעס געביש, וואס האט געוואקסען ווילד און לויט נאך נאטורים רעגעלען, אָהן געקינסטעלטע מענשען־הענד.

מיט א פּופציג טריט ווייטער, געגענאיבער מיר, האב איך געזעהען א גרופּע מענשען, זיך דערנעהנטערן; מיין הארץ האט מיר אָנגעפאנגען שטארק צו קלפּען — איך האב דערקענט לואיז׳ן מיט בערטעע׳ן.

נאָשראָד און פעליקס, נאך אימער צוזאמען, זיינען נאכגעגאנגען מיט עטליכע שרים ווייטער.

דאס אלעס האט מיך אזוי דערפרייט און איבערראשט, אז איך האב גאר נים געוואוסט וואס עס טהוט זיך מיט מיר, און ווען איך עראינער מיך יעטצט, מוז איך רויט ווערען פאר שאנדע.

זייא זעהענדיג, האב איך מיך באלד אניעדער געוואָרפען צווישען דיא בוימלעך און זיך בעהאלטען. עס האט מיר אויסגעזעהן, דאס אויב מען וועט מיך ער־בליקען, וועל איך מוזען ערשיינען זעהר לעכערליך, און איך האב מיך נים געוואָלט ארויס ווייזען.

ווען לואיז איז פארבייא געגאנגען, האט דער זוים פון איהר קלייד בעריהרט דאס געביש וואו איך בין געלעגען בעהאלטען. דאַן האב איך גלייך איינגעזעהן, אז איך בין זעהר דום, ווייל איך בין געוועזן זיכער, אז איך וועל עס נים אויסהאלטען צו ליענען פערבאָרגען, און פריהער אָדער שפּעטער, וועל איך מיך דאָך מוזען ארויס ציגען.

אָהנע פיעל צו טראכטען, האב איך מיך באלד אויפגעהויבען און אָנגעפאנגען טריעבער צו נעהמען דאס פעלד, דאמיט, ווען זייא וועלען זיך אומקעהרען מיט יענעם וועג, זאָל איך זייא ענטקעגען קומען.

דאס גראָדע איז ניט געווען אזוי שלעכט אויסגערעכענט, דען איך האב מיך געמאכט פערטראכט, און זייא זיינען מיר ענטקעגען געקומען אויף אזא ארט, אז עס האט אויסגעזעהען, דאס איך האב קיין אהנונג געהאט איבער זייא.

„הוררא!" האט גאָשראַד אויסגעשריען מונטער מיך ערבליקענדיג, „אָט איז ער דאָ!"

איך האב אויפגעהויבען דעם קאָפּ, דאָן זיך שנעל פערניינט און געשפיעלט דיא ראָלע פון איין איבערראשטען וואס האט זייא ניט ערוואַרטעט.

זייא האבען געלאכט, גערעדט, געפרעגט און מיר געררייכט דיא הענד. נאָר פעליקס האט עפּעס געהיימניספאָל געשמייכעלט, וועהרענד בערטהע האט צו מיר געגעבען א לייכטען פינטעל מיט איין אויג, וואס האט אויסגעזעהן וויא א וואונק.

מיר האבען דאָן אלע צוזאמען שפּאצירט.

אָהנע צו וויסען וויא אזוי דאס איז געשעהען, האב איך מיך פלוצלינג געזעהן שפּאצירענדיג מיט בערטהע'ן הינטער דער געזעלשאפט.

„אזוי, איהר זייט דאָך געקומען?" האט זיא געפרעגט מיט'מער און אין א שטילען טאָן.

און, אָהנע מיר צו געבען א געלעגענהייט עפּעס צו זאגען, האט זיא אָנגע־פאנגען:

„בייא מיין וואָרט, מאָנסיע, איהר זייט ווירקליך א נייע זאך אין פאריז — אונשולדיג, וויא א קינד."

זיא האט נאָך געפלוידערט און געלאכט, און איך האב געשפּירט, אז זיא איז פאָזיטיוו פערטרויעט מיט א געהיימניס פון לואיז'ן, און זיא איז פאָלקאָמען איינפערשטאנען דערמיט מיך צו זעהען אלס דער געליעבטער פון איהר פריינדין.

פלוצלינג איז פעליקס צוגעקומען און געפרעגט:

„וואס איז דאס וואס איהר לאכט אזוי?"

„מאָנסיע דע וואָזשלאַר," האט זיא געענטפערט גאנץ רוהיג, „האט מיר ערצעהלט א געשיכטע איבער איין ענגלישע פאמיליע, און דאס איז זעהר פאָמיש."

נאָשראַר האט ווידער אָנגענומען פעליקס׳ן בייא דער האַנד און איהם אוועק געפיהרט, גלייך וויא ער וואָלט וועלען ער זאָל ניט שטערען מיין אונטערהאַלט מיט זיין פרוי.

אין א פּאאר סעקונדען ארום, איז אויך לואיז צוגעקומען, און איך בין גע־בליעבען אין מיטען, צווישען בערטהע׳ן און לואיז׳ן.

אויף דיעזער ארט האב איך פערבראַכט א הערר־ליכע שטונדע פון פער־גניגען, שפּאַצירענדיג אין שאטען פון דיא בוימער, בייא דיא ברעגעס פון דער סעין.

לואיז האט געטראגען א קלייד פון העלכע זייד, און איהר זונען־שירם, געדעקט פון אינווענינ מיט שטארק רויטער זייד, האט אָבגעשלאגען אויף איהר שעהנעס געזיכט א צארטעס און ווארעמעס ליכט, וואס האט זיא פאָרגעשטעלט אין מיינע אויגען, אלס נאך שעהנער וויא א געטטין.

דאס פרייע פעלד האט זיא נאך געמאכט מונטערער וויא אימער; זיא האט געלאכט הויך און מיר זעהר אָפט געקוקט אין געזיכט מיט איהרע דורכדרינגענדע שווארצע אויגען.

בערטהע האט אויסגעזעהען עפּעס וויא א פערמיטלערין און וועלען צוזאמען ברענגען מיך מיט לואיז׳ן אלס ענגער און פעסטער.

„אך, מאָנסיע!“ האט בערטהע אויסגעשריען. „איהר זייט עפּעס גאר קיין קאוואליער ניט. זעהט איהר ניט, אז מאדאם געיזשאָן איז מיעד? ווארום גיבט איהר ניט אייער ארעם זיא זאָל זיך קענען אָנשפּארען?“

אָהנע ווייטער צו רעדען, האב איך לואיז׳ן געגעבען מיין ארעם, אויף וועלכען זיא האט זיך באלד אָנגעלעהנט. דיא לאסט פון איהר קערפּער, האט אין מיר ארויס גערופען א פערגניגענדע זיסקייט.

בערטהע איז דאן צוגעגאנגען צו איהר מאן, און פליקס האט זיך אויף אָבּ־געווענדעט ווייטער, דאמיט, וויא עס שיינט, איך זאָל בלייבען גאנץ אליין מיט לואיז׳ן.

דער וועג האט געפיהרט אויף א בערגעל און מיר האבען שפּאצירט גאנץ לאנגזאם. אונטען האט געפלאָסען דיא סעין, צווישען ברייטע פעלדער, וועלכע האבען אויסגעזעהען וויא ריעזען גרויסע גרינע דעקען אויסגעשפּרייט נעבען דעם זילבערנעם וואסער.

פון ווייטען האט זיך געזעהען א לאנגע און שמאלע אינזעל, פערבונדען מיט

דער סען דורך צוויא בריקען, איבער וועלכע באהנען זיינען געלאָפען און גע־שטורמט.

וויט אוועק איבער דעם וואסער, האט זיך אויסגעברייטעט איין אונגעהייערע גרויסע לאָנקע, און לאנגע שווארצע פאסען, פון פעראקערטע פעלדער, האבען גע־רייכט ביז צום וואלעריאן בארג. דאן האבען זיך געזעהען גרויע געביידען וואס האבען אָבגעטונקט זייערע דעכער אין דער בלויקייט פון הימעל און אין א ים פון זונען־שטראהלען.

איבער אלעמען, וואס עס האט מיך געריהרט צו טרערען, איז געווען דער זיסער גערוך פון פריהלינג וואס האט זיך געדרענגט פון איבעראל, פון דעם גרינעם גראָז, פון דיא בלומען און פון דיא בוימער.

וויא הערליך דיא ריינע און שטילע נאטור איז!

„פאָהרט איהר צוריק באלד נאך לע באָקעט?" האט לואיז פלוצלינג גע־פרעגט.

איך האב נים געוואוסט וואס איך דארף ענטפערן אויף דיעזער פראגע, און איך האב געמורמעלט: „ניין."

„אך!" האט זיא געזאגט בעדויערענד, „דאס טהוט מיר לייד; מיר פאָהרען פון דאנען אוועק נעכסטע וואָך נאך לע מורא, מיין מאַן׳ס גוט; דאס ליעגט אונגעפעהר 5 מייל׳ען פון אייך. מיין מאן האט מיר געזאגט, אז ער האט בעשלאָסען אייך איינצולאדען צו אונז."

איך האב געשטאמעלט, און נים וויסענדיג וויא אזוי גוט צו מאכען מיין פריהערינען פעהלער, האב איך געזאגט, אז עס איז מעגליך, דאס מיין פאטער זאָל מיך צוריק רופען פריהער וויא איך האב ערוואַרטעט.

בייא דיעזע ווערטער האט זיך מיר געדאכט, אז איהר ארעם דריקט זיך פעסטער צו מיינעם.

„וואס זאָל דאס בעדייטען?" האב איך מיך געפרעגט אין מיינע געדאנקען.

„איז עס מעגליך, אז זיא מאכט מיט מיר א בעשטעלונג?"

געשטיצט דארויף, אז דיא פאריזער דאמען מוזען האבען געליעבטע, געשטיצט דארויף אז איך בין א גאנץ שעהנער יונגערמאן, און בויענדיג אויף אלע צושטענדען וואס האבען געפיהרט צו א פעראייניגונג מיט לואיז׳ן, האב איך אָנגעפאנגען מיר פאָרצושטעלען פערשיעדענע פאנטאזיען פון ליעבע און גענוס, וואס איך וועל קענען האבען וואָהנענדיג עטליכע וואָכען נעבען לואיז׳ן, וואו איך זאָל קענען צוזאמען מיט איהר טרוימען אונטער דיא הויכע און גרינע בוימער.

„יא, יא," האב איך מיר געטראכט, „דאס איז עס, דאס מיינט זיא. עס איז קיין צווייפעל, אז זיא האט זיך ענדליך אין מיר שטארק פערליעבט, און ווייסענדיג, אז איך בין אויפגעצויגען געוואָרען אויף'ן לאַנד און ליעב דיא פרייע נאַטור, האט זיא בעשלאָסען מיט מיר צו פערברענגען אין אזא געגענד."

„איך מוז אייך אָנזידלען," האט זיא פלוצלינג געזאגט.

אין דעם טאָן פון איהרע ווערטער, איז געלעגען א מערקווירדיגע מונטערקייט, אָבער אין דעם בליק פון איהרע אויגען, איז געלעגען א מוטערליכע צערטליכקייט. דאס האט מיר געגעבען מוטה צו רעדען.

„זידלען מיך?" האב איך געפרעגט.

„יא."

„ווארום דען?"

„אייער טאנטע האט מיט מיר געשפראָכען איבער אייך. זיא האט מיר אלעס דערצעהלט, און, וויא עס שיינט, ווילט איהר פון אונז גאר ניט עמפפאנגען. מיר וועלען האבען דאס רעכט זיך צו געפינען בעליידיגט. אלס אייער פריינדין, בעט איך אייך, איהר זאָלט מיר זאגען, ווארום איהר ענטזאגט זיך?"

יעטצט האב איך שוין געשפירט דאס בלוט לויפענדיג אין מיין געזיכט. ווען איך וואָלט ניט געווען אזא שעהמעדיגער און וואָלט בעזעסען מעהר מוטה, וואָלט איך אויסגעשריען:

„איך ענטזאג מיך, ווייל איך ליעב אייך!"

זיא האט אָבער געמאכט א בעוועגונג מיט איהר האנד, גלייך וויא זיא וואָלט גאר ניט וועלען הערען וואס איך האב צו זאגען, און זיא האט פאָרטגעזעטצט לאכענדיג:

„ווען איהר זייט שטאָלץ און איהר ווילט ניט אָננעהמען קיין טובה פון קיינעם, דאן גלויב איך, וועט איהר זיין בערייט צו בעצאָהלען מיט א טובה פאר א טובה. מיר זיינען בערייט דאס פון אייך צו אקצעפטירען. איהר ווייסט וואהרשיינליך, אז מען דארף וועהלען א גענעראַל־ראטה. מיין מאן איז קאנדידאט פיר דיעזען אמט, אָבער ער האט זעהר מורא, אז ער וועט דורכפאלען. און דאס, וויא איהר קענט זיך מערקען, וואָלט שטארק פערשלימערט זיין פאָליטישען צושטאנד... ווילט איהר אונז העלפען?"

אך, וויא בעצויבערענד זיא איז דאמאלס געווען. נאטירליך איז מיר גאר ניט איינגעפאלען, אז זיא האט אירנענד וועלכע אינטערעסע אין איהר מאַן'ס קאנדידא־טור; איך האב דאס בעטראכט אלס א קלוגען אויסרייד פון א געשיימטער פרוי,

וועלכע האט געפֿתען א גוטען תירוץ וויא אזוי מיר ביידע זאָלען זיך קענען בע־געגענען.

„וואס איז דאס פֿאר א פֿראגע,“ האב איך געזאגט מיט מעהר מוטה, „געוויס וועל איך אייך העלפֿען!“

„אָה, זעהט איהר,“ האט זיא ווייטער געזאגט שמייכלענדיג פֿערפֿיהרעריש, „אז איהר וועט אויסווירקען מיין מאן זאָל ערוועהלט ווערען צו זיין אמט, דאן איז עס צווישען אונז בעשלאָסען, אז איך זאָל אייך אונטערשטיטצען אין יעדער בע־ציהונג און צו וואס איהר וועט בענעטהיגען.“

„אָבגעמאכט!“ האב איך אויסגעשריען.

„יא, אָבגעמאכט!“ האט זיא געענטפֿערט.

זיא האט אויסגעשטרעקט איהר קליינע און שעהנע האנד צו מיר, וועלכע איך האב גענומען אין מיינער און זיא צוגעדריקט. איך האב געפֿיהלט גלייך וויא װארעמע זייר וואָלט געלעגען אין מיין האנד.

מיר זיינען שוין לאנג געווען ווייט פֿון דיא בוימער; דיא זון האט ארונטער געוואָרפֿען איהרע שטראהלען גראדע אויף דעם שפּיטץ פֿון בארג, און מיר האבען ווייטער שפּאצירט אין דער היטץ, שטילשווייגענד.

אָבער גאָשראָד, דער אידיאָט, איז אריין געקומען אין מיטען און געשטערט דיעזע שעהנע פֿאנטאזיע וואס האט אויפֿגעפֿלאַקערט דאס בלוט אין מיינע אָדערן.

ער האט געהערט, אז מיר האבען געשפּראָכען איבער דעם גענעראל־ראטה, און ער האט מיך שוין ניט געוואָלט אָבלאָזען מיט זיינע פּלוידערייען. ער האט מיר דערצעהלט א געשיכטע איבער זיין אָנקעל, און האט געשפּראָכען אזוי פֿיעל, אז איין וואָרט האט זיך ניט געקלעפּט צום צווייטען.

דער סוף איז געווען, אז פֿון דער גאנצער פּלוידערייא, האט ער בלויז געוואָלט איך זאָל איהם פֿאָרשטעלען פֿאר מיין פֿאטער.

מיין געדולדיגער לעזער! זאָלאנג דוא האסט מיר שוין געשענקט אויפֿמערק־זאמקייט ביז יעטצט, וועל איך דיך נאך בעטען, דוא זאָלסט אויסהערען א פּאאר פֿון מיינע מיינונגען איבער פּאָליטיק.

ווירקליך, איך גלויב, אז פֿון אזא מענשען וויא איך בין, איז עס אינטערעסאנט צו הערען צו וואס פֿאר א בעשלוס איך בין געקומען.

וויא איך האב שוין אין אנפֿאנג בעמערקט, האב איך מיר איבערגעצייגען א מאסקע איבער מיין געזיכט, דאס הייסט, איך האב מיר געגעבען איין אנדערן נאמען,

דאַמיט איך זאָל ניט דאַרפען רויט ווערען פאַר שאַנדע פאַר מיינע איינענע דור־חייטען. אַלזאָ, דאַס וואַס איך נעה דיר זאָגען יעטצט, איז א טהייל פון מיינע בעטראַכטונגען אין לעבען.

איך קוק אויף דער פּאָליטיק — אָבער ענטשולדיג מיר לעזער — דוא ווערסט באַלד אַלעס הערען. איך וויל בלויז בעמערקען, אַז טראָטץ מיינע אנזיכטען, האַנדעל איך ניט וויא איך דענק. עס זיינען פערהאַנדען פיעלע זאַכען וואַס מענשען, פון מיין קלאַסע, זיינען געצוואונגען זייא צו פיהלען, אָבער קיינמאַל ניט ארויס צייגען.

שטעלט זיך פאָר: וואַס פאַר א פּנים וואָלט איך געהאַט, ווען איך זאָל געבען א שפּייא אויף דער פּאָליטיק און אַלע פּאָליטיקער, און ארויס טרעטען עפענטליך מיט איין ערקלערונג, אַז דיא גאַנצע געשיכטע איז איין עקעלהאַפטער שווינדעל? ווייסט איהר וואַס עס וואָלט פון מיר געוואָרען? מען וואָלט מיך גערופען: „רעוואָלוציאָנער“, „אַנאַרכיסט“, סאָציאַליסט“, ניהיליסט“ און נאָך א מין „איסט“. דאַס וואָלט מיך רואינירט, און איך וואָלט מוזען שלאָגען פּרות מיט עלטערן, קרובים, בעקאַנטע און א גרויסעס פערמעגען.

מיט איינעם וואָרט: איך וואָלט מוזען ווערען א וואַגאַבאָנד, ליעגען אין דער ערד, פּרעדיגען און פערשאַרצט ווערען פאַר דער וואַהרהייט.

יאַ, דאַס וואָלט פיעלליכט געווען א יושר, און איך וואָלט דערמיט געווען איין עהרליכער מאַן. אָבער ווער קען דאַס געהען אַזוי פיעל אָפּפערן? פון מיין זייט, ווייס איך, אַז איך קען עס ניט טהון, און דערפאַר — יאַ, דערפאַר שפּיעל איך דיא ראָלע פון א מאַסקירטען.

איך קען מיך עראינערן, וויא מיט א פּאָאַר יאָהר צוריק, בין איך אריין אין איין עפענטליכעס הויז. איינע פון דיא דאָרטיגע פרוינצימער, אפילו ניט קיין מיאוסע, איז צו מיר צוגעקומען, און מיך אָנגעפאַנגען צו גלעטען, קושען און שמייכלען, אַז איך האָב פּאָזיטיוו געמיינט, דאַס זיא ליעבט מיך. נאָך אַלעמען, ווען זיא האַט פון מיר ארויס געקריעגען דיא עטליכע פראַנקס און איך בין ארויס פון יענער זייט טהיר, האָב איך געהערט וויא זיא האַט בעמערקט:

„א שווערער פּגר! עס האַט מיך אָבגעקאָסט א שטיק געזונד ביז איך בין מיט איהם פערטיג געוואָרען. ער איז אַזאַ שטומטציגער שופּט, אַז איך וואָלט איהם וועלען אָבגיסען מיט א נאַכט־טאָפּ...“

אנפאַנגס בין איך אויף איהר בעז געוואָרען און איך האָב געוואָלט צוריק לויפען זיך מיט איהר אָבצורעכענען פאַר אַזאַ בעליידיגונג. איך האָב מיך אָבער

איבערגעגעסקט, אז עס איז נישטאָ מיט וועמען צו מחון האבען, און עס איז פיעל שענער פאר מיר, צו פערמיידען סקאנדאל.

איך בין אוועק, און נאכדעם וויא איך האב מיך בערוהיגט, האב איך אָנגע־פאנגען אין מיינע געדאנקען, צו שטודירען דיעזעס פרויענצימער פון א פסיכאָלאָ־גישען שטאנדפונקט. איך האב זיא פערגליכען צו דיא אונשולדינע מיידלעך, צו דיא פרומע פרויען; מיט איינעם וואָרט, צו מיין איינענער מוטער, און מיך נעפרעגט: „וויא איז דאס מעגליך, דאס א פרויענצימער זאָל קענען אזוי טיעף זינקען?"

איך בין דאן געקומען צום בעשלוס, אז נאָר דיא גרעסטע ערניעדריגונגען האבען דיא אונגליקליכע געקענט ברענגען צו אזא שטופע.

אזא פרויענצימער, זעלבסטפערשטענדליך, ווערט פון דער גאנצער וועלט, בעטראכטעט אלס דיא געמיינהייט זעלבסט, און קיין אנשטענדיגער מענש זוכט צו פרערקעהרען מיט אזעלכער, מעהר וויא עס איז נעטהיג.

אלזאָ, אזא כאראקטער בעלאנגט צו א ניעדריגער און געזונקענע פרוי — און וואס איז א פאָליטיקער?

איך וויים גאנץ גוט, אז פאר דיעזע ווערטער וועלען מיך א סך פאָליטיקער שימפּפען. אָבער וואס קימערט דאס מיך? הינטער דיא פלייצעס קענט איהר אפילו דעם קייזער ארויס שטעלען דיא צונג. כל־זמן מען וויים נים ווער דאס שרייבט, קימערט מיך נים.

א פאָליטיקער! ווייסט איהר וואס א פאָליטיקער איז? אום צו ערגרייכען א פאָליטישען ציעל, וועט דער פּאָליטיקער שמייכלען, גלעטען און קושען זיין ערגסטען פיינד, דעם שמוטציגסטען אויסוואורף! אום צו ערגרייכען א פּאָליטישען ציעל, וועט דער פּאָליטיקער זאָגען אכציג טויזענד ליגענס, זיך שטעלען מיט׳ן קאָפּ ארונטער און מיט דיא פים ארויף; פלוידערן, לאכען, וויינען און זיך ווארפען אין דער ערד — דאס אלעס איז שעהן, גוט, וואויל און גאנץ טאקטמעסיג, ווייל דיא פּאָ־ליטיק פּאָרדערט עס!

און דאך, זעהט וויא מען בעטראכט דעם פּאליטיקער אין געזעלשאפט און וויא מען בעטראכט יענע אונגליקליכע פרוי! נאך מיינער אנזיכט, איז דער פּאָליטיקער נאך ניעדריגער און געמיינער.

גלויבט איהר נים, מיינע לעזער, אז אונזער געזעלשאפט איז אביסעלע צו־פֿעפוילט?

יעטצט האב איך מיר אביסעל ארונטער גערעדט פון הארצען, און איך געה ווייטער. איך האב דאס אלעס דערצעהלט צוליעב מיין פריינד נאָשראָד, וועלכער

איז א טיכטיגער פּאָליטיקער, און קען נאך פיעל בעסער דיא קוֹנסט וויא יענע אונ־גליקליכע פרוי.

מיר קעהרען צוריק צו גאָשראַד׳ס פּלווידערייא און שמייכלערייא, וועלכער האט מיך געוואָלט אריין קריעגען אלס זיין אנהעננגער, אָדער, איך זאָל איהם העלפען צו זיינע פּאָלימישע צוועקען.

זעהט איהר, איך גלויב, דאס א מענש וויא גאָשראַד, אום זיין פּאָליטישען ציעל צו ערדייכען, איז ער אימשטאנדע צו פערקויפען זיין פאטער, זיין מוטער, זיין געליעבטע פרוי און אויך זיינע קינדער, אבי צו צוקומען אהין וואוהין זיין פאנטאזיע פיהרט איהם.

נאכדעם וויא ער האט איסגעפּלוידערט וואס ער האט געהאט אויף׳ן הארצען, זיינען מיר ענדליך צוגעקומען אהין וואו דיא רייסעס האבען בעדארפט שטאט־פינדען.

דיא דאמען האבען שטארק פערגניגען געהאט פון דעם אונטערהאלט. איך בין געשטאנען דיא גאנצע צייט הינטער לואיזן און אלץ געקוקט אויף איהר ווייסען און שעהנעם האלז.

דאן האבען מיר געהאט א הערדליכע צייט אהיים געהענדיג, ווען א רעגען האט אונז פערכאפּט.

דאס גרינע גראָז פון דיא פעלדער, אונטער דעם רעגען, איז אויך געוואָרען פיעל שעהנער און אנגענעהמער; דיא בלעטער האבען ארויס געשטויסען פון זיך איין אנגענעהמען גערוך, און מיר האט זיך געדאכט, אז איך שפיר דעם פארפום פון ליעבע.

לואיז האט באלד צוגעמאכט איהרע אויגען, ערמיעדעט פון נאטור׳ס הערר־ליכקייט.

„געדענקט אונזער אָבמאך,‟ האט זיא צו מיר געזאגט בייא דער סטאַציאָן, ועתרענד איך האב איהר געהאָלפען איינשטייגען אין א דראָשקע וואס האט אויף איהר געווארט. „געדענקט מאָנסיע! איהר וועט דאך זיין אין לע מורא אין א פּאאר וואָכען ארום, נימ וואהר?‟

איך האב געדריקט דיא האנד וואס זיא האט מיר געדייכט. אָבער, לויט וויא מיר שיינט, האב איך זיא צו שטארק געדריקט, דען איך האב בעמערקט צום ערשטען מאל, אז זיא האט מיר צוגעוואָרפען עפּעס איין אונצופריעדענעם בליק און אויף איהרע ליפּען האט זיך בעוויעזען א בעזע מיענע.

אָבער בערסחע האט אױסגעזוכטען מיך נאָך מעהר צו ערמוטהיגען, אום איך זאָל װײטער װאגען. פעליקס איז געשטאַנען פון װײטען און אױף זײן מױל האט זיך נאָך אמאל אָבגעשפּיעגעלט דער געהײמניספאָלער שמײכעל, װעהרענד גאָשראָד האט מיר אָנגעקלאַפּט אין דער פּלײצע און געשריען:

„אין לע מורא אכזאַ, װעהרענד דיא געכסטע 14 טעג. געדענקט מאָנסיע דע װאָזשלאַר... מיר װעלען צלע דאָרט זײן."

גאָשראָד'ן האב איך געהאַסט, און איך האב מיר געטראַכט, אז דער טײפעל זאָל איהם נעהמען.

4.

איך געדענק ניט װיא אזױ איך האב אמאל ערגיץ געלעזען, אז „דיא װאהרהײט אלײן איז ניט גאַנץ אינטערעסאַנט, דאס װיכטיגע אָבער איז, דיא ארבײט צו געפינען דיא װאהרהײט."

מיר קומט עס פאָר גראָדע װיא דעם יענער: דער בראַטען פון האָזען־פלײש איז פיעל װעניגער געשמאַק, װיא דיא יאַגד צו זעהען דעם האָז און איהם ערשיסען.

װאס פאַר א װערטה װאָלט בײא אונז, שװײנישע מענער, געהאַט א שעהנער און צאַרטער פרױען־קערפּער, װען ער זאָל אונז אָנקומען אָהן מיה? מען האט מיר דערצעהלט, אז דער מאָהאַמעדאַנער, דאס הײסט דער רײכער, װעלכער האט א האַרעם פול מיט דיא שענסטע פרױענצימער, שפּירט אבסאָלוט ניט דיא רײנהײט פון געפיהל צו דער פרױ אלס מיט־מענש, אלס קאַמעראַדין אָדער פרײנדין. ער װײס בלױז, אז דיא פרױ, װען זיא װיל יא אָדער ניט, מוז זיא שטעהען צו זײן פערפיגונג, און ער האט א רעכט מיט איהר צו טהון װאס ער װיל.

בײא אזעלכע מענשען, איז דיא פרױ אבסאָלוט קײן מענש; זיא איז א מין װערקצײג פיר בעקװעמליכקײט, פיר לוסט, פערגניגען און תאוה.

דער רײכער מאָהאַמעדאַנער שפּירט קײנמאל ניט קײן מאַנגעל אין א שעהנער פרױ. װען ער װיל האבען אײנע, דאַן קריעגט ער זיא, און דערצו, װײס ער נאָך, אז זיא איז בלױז זײנע — גראָדע װיא זײן ראָק, שטיװעל און הוט. װען דיא פרױ װערט איהם נמאס, דאַן שמײסט ער זיא אװעק, װיא ער טהוט מיט זײן אלטען ראָק.

מיט אונז אײראָפּעער װאָלט אױך געװען דערזעלבער פאַל, נאָר צװײא זאַכען האַלטען אונז צוריק. ערשטענס קענען מיר ניט אָבקױפען עטליכע פרױען, בלױז פיר

אונז אליין, און צווייטענס, איז עס ניט וויא אונטער דיא מאָהאמעדאנער, דיא פרויען זאָלען טראָגען צוגעדעקטע געזיכטער מיר זאָלען זייא ניט זעהען. בייא אונז טראגען זייא דאס געזיכט פרייא און אָפען, און, וויא רופט מען דאס, דער יצר־הרע ווארפט זיך אונז שטענדיג אין אויג.

דערפאר ווידער, ווען מיר דערזעהען א פרויענצימער און זיא געפעלט אונז, פערשטארקערט זיך נאכהער דיא לוסט מיט דעם קאמפף. וואס מעהר מיר קעמפפען זיא צו ערגרייכען, און וואס מעהר זיא וויל זיך צו אונז ניט איבערגעבען, אלץ שטארקער ווערט דער חשק, און ווען מיר ערגרייכען זיא, דאן איז זיא בייא אונז טהייער.

עס געבען זעהר שעהנע פרויענצימער אין דיא עפענטליכע הייזער, און, ווען מיר זאָלען ניט וויסען ווער זייא זיינען, וואָלטען מיר זיך אן זייא גאנץ לייכט געקענט פערליעבען. אָבער אזוי וויא דיא ליעבע פון אזא פרויענצימער קען מען קריגען פאר געלד, שטעלען מיר זיך צופריעדען בלויז מיט דעם קורצען מאָמענט פערגניגען וואס זיא קען אונז פערשאפען.

איך האב דאס אלעס נאָר אָבגעשילדערט, אום צו בעווייזען, ווארום מענער ועלען זיך ווארפען מיט א געוואלטיגער ענערגיע דורכצופיהרען א ליעבעס קאמפף געראדע דאָרט, וואו ער צייגט זיך אם שווערסטען. זייא קעמפפען און שטרעבען צו זייער ציעל, אונגעאכטעט דארויף וואס ער איז מאנכעס מאל ניעמאלס צום ערגרייכען.

ווען איך האב צוריק געקעהרט פון לע מורא, איז מיין געהירן פול געווען מיט טויזענדער ווידערשפרעכענדע געדאנקען. איך האב אליין ניט געוואוסט וואו איך בין אין דער וועלט. איך האב מיך דאן אוועק געזעטצט איבערצודענקען אלע איינצעלהייטען און שטודירען יעדע קלייניגקייט וואס איז פאָרגעגאנגען צווישען מיר און לואיז, וועהרענד איך האב פערבראכט מיט איהר א טאָג.

איך האב געוואָלט דערגרייכען א טאָלק וויא עס האלט צווישען מיר און איהר.

אָבוואהל לע מורא איז בלויז פינף מיילען ווייט פון לע באָקעט, בין איך אונטערדעסען ניט בעקאנט געווען מיט דער געגענד.

אונזערע יאגד־וועלדער און פעלדער, ליעגען געגענאיבער נאָמערוויל, און אזוי וויא דיעזע געגענד ליעגט לינקס, איז מיר ניט אויסגעקומען צו בעזוכען לע מורא און איך בין דאָרט געווען א פרעמדער. ווען איך פלעג געהען אויף דער יאגד, האב איך ניעמאלס בעזוכט פרעמדע פעלדער.

אונטערדעסען ,האב איך איינגעזעהען, אז לע מורא, איז א פראכטפאָלע געגענד. רעכטס הויבט זיך אויף א מעכטיגער בארג מיט גרויע פעלזען, בעוואקסען ארום מיט גרינעס גראָז און קאָלירטע בלומען. אונטען, אין טהאָל, ציהט זיך א לאנגער שאָסעע־וועג, בעוואקסען פון ביידע זייטען מיט ברייטע וואלנוס־בוימער. ווען מען שטעהט אויף'ן שפיץ בארג, זעהט מען פאר זיך ליגען לע מורא אין דער פאָרמע פון א קליינער פאנאָראמא.

דער פאלאסט פון דיא נעיזשאָנס, איז א פיערעקיגע געביידע, געבויעט צור צייט און נאך דעם סטיל פון דעם זיבעצעהנטען יאהרהונדערט, און מאכט זעהר א גוטען איינדרוק אויף דעם פרישען בעזוכער. נעבען דעם בריימעט זיך אויס א פראכטפאָלער גארטען וואס גרענעצט זיך מיט ברייטע לאָנקעס, און ווייט, צום ענדע, ליגט א וועלדעל, וועלכעס איז אזוי דיק בעוואקסען, אז אפילו דער שפאציר־וועג איז אויך פערשטעלט מיט צווייגען.

ווען איך בין אהין אָנגעקומען רייטענדיג, זיינען מיר ענטקעגען געלאָפען צוויא גרויסע הינט, וועלכע האבען אויסגעזאָגט א „ווילקאָמען.“

נעבען וועג, ביים גארטען, האב איך בעמערקט א ווייסע פיגור. עס איז געוועזען לואיז, געקליידעט אין א העללעס קלייד מיט א שטרוי־הוט. זיא איז ניט צונעגאנגען זיא זאָל מיך עמפפאנגען. זיא איז בלויז געבליעבען שטעהען אונבע־וועגליך, און שמייכלענדיג זיס און ליעבליך, האט זיא מיך אָנגעקוקט.

עס איז געוועזען דאן, 9 אוהר מאָרגענס.

„אך! וויא שעהן פון אייך!“ האט זיא ענדליך אויסגעשריען „איהר, ווענינסטענס, וויא עס שיינט, שטעהט אויף גאנץ פריה. זעהט איהר, איך בין דיא איינציגע דאָ אין שלאָס, וואס איז אויפגעשטאנען אזוי פריה.“

איך האב איהר געמאכט א קאָמפלימענט דאריעבער, און דאן האט זיא פאָרטגעזעטצט לאכענדיג:

„זעהט איהר, איך בין דאָ ערשט זייט דיא לעטצטע פינף טעג. איך קען אויפ־שטעהען גלייך מיט דיא היהנער דיא ערשטע עטליכע פריהמאָרגענס. אָבער וויא דיא ערשטע וואָך געהט פאָראיבער, פאנג איך וויעדער אָן פויל צו ווערען, און פאר 10 קען איך שוין ניט ארונטער קריכען פון בעט, גראדע וויא אין פאריז. אָבער היינט פריה, וויא איהר זעהט, בין איך נאך אימער א דאָרפס־מיידעל, וואס קען אויפשטעהען פריה.“

זייט איך האב זיא געקענט, האב איך זיא נאך ניט געזעהען אזוי שעהן און בעציבערענד. אין איהר איילעניש, צו פערלאָזען איהר שלאָף־צימער, האט

דיא נאכלעסיג פערבתרען איהרע האאר איה'ן קאפּ, ארויף נעווארפען אויף זיך דאס ערשטע קליידעל וואס זיא האט ערבליקט, און, פריש וויא א רויז, מיט איהרע אוינען טרוימעריש פון שלאף, האט זיא אייסגעזעהען וויא א יונגעס קינד.

קליינע לאָקען מיט צולאָזענע האאר, האבען געפלאטערט איבער איהר האלז.

איך האב נעקענט זעהען איהרע ארעמס, נאקעט ביז צו דיא עללענבויגענס, ווען דעע לייכטער ווינד האט אוועק געבלאָזען איהרע אָפענע ארבעל.

„איהר ווייסט ניט וואוהין איך בין נעגאנגען?" האט זיא ווייטער נעזאגט. „הערט אלזאָ, איך בין ארויס צו זעהען א ווענטעל מאָרגען־בלומען וואס ברייטעט זיך אויס דאָרט איבער יענעם בוים; מען בעהויפּטעט, אז דאס איז א וואונדער־בארע זאך גאנץ פריה, איידער דיא זונן שליעסט צו דיא אָפענע בלומען. יא, דער נערטנער האט מיר דאס דערצעהלט; און, אזוי וויא איך האב נעכטען ניט נעקענט זעהען דיא מאָרגען־בלומען, בין איך היינט נעקומען... קומט ווען איהר ווילט, בע־גלייטעט מיך."

איך האב נעברענט מיט פערלאנגען איהר צו געבען מיין ארעם, אָבער איך האב נעזעהען, אז דאס וועט זיין זעהר לעבערליך פון מיין זייט. זיא איז געלאָפע פאָראויס וויא א שטיפענדע קליינע מיידעלע וואס יאָגט זיך נאך א זומער־פייגעלע.

צוקומענדיג צום בוים, האט זיא ארויס געלאָזען א נעשרייא פון בעוואונדע־רונג. ווירקליך, א גאנצע וואנט מאָרגען־בלומען איז ארונטער נעהאנגען פון אויבען, און יעדע בלום בעזונדער, רויטע, בלויע און ווייסע, איז נעוועזען בעדעקט מיט גלענצענדע טהוי־טראָפּען. דאס אלעס האט אויסגעזעהען אזוי שעהן און אזוי הערליך, אז מיר האט זיך אין יענעם מאָמענט נעדאכט, אז איך געפין זיך ערגיץ וואו אין א צויבער־לאנד.

לואיז האט נעקלאפּט מיט דיא הענד, וויא א קינד, אוים פערגניגען, און אויסנעשריען:

„דאס איז דיא בעלוינונג פיר דיעזע וואס שטעהען אויף גאנץ פריה!"

דאן האט זיך זיך אוועק געזעטצט אויף א באנק נעבען בוים און איך האב מיר נענומען דיא פרייהייט זיך צו זעטצען נעבען איהר, נאכדעם וויא איך האב געזעהען, אז זיא האט צוזאמען נענומען איהר קלייד און פאר מיר געמאכט פּלאטץ.

איך בין געווען זעהר אויפגערעגט. און עס איז מיר איינגעפאלען, אז יעמצט איז דיא צייט, ווען איך דארף מעהר קיין אויגענבליק פערלירען מיט מיין ליעבעס־ערקלערונג. איך האב געשפירט, אז עס וויכט זיך מיר זיא אומארמען און אבּ־פּרעסען א קוש אויף איהר האלז.

איך האב געשפירט, אז דאס איז דער איינציגער וועג איהר צו ערקלערען מיין ליעבע, גראדע וויא יענער סוב־לייטנאנט האט ערשטירסט בייא נאכט דאס צימער און דיא טוגענד פון א קאמער־מיידעל.

אין אלע מיינע גליעדער האט געברענט דער ווונש אזוי צו טהון, און דאס איז געווען דיא איינציגע אידעע וואס האט מיך בעהערשט; מיט איינעם ווארט, איך האב געשפירט, אז אָבּפּרעסען א קוש אויף איהר האלז, איז מיינע א קערפּער־ליכע נויטהווענדינקייט.

איך ווייס ניט אויב לואיז האט פערשטאנען וואס פאר א שטורם עס געהט פאר אין מיר; זיא האט זיך ניט אויפגעהויבען.

אזוי וויא איך האב אָנגעהויבען צו זאמלען מיין מוטה אום דורכצופיהרען מיין פּלאן, האט זיא מיר פלוצלינג צוגעווארפען איין ערנסטען בליק, וועלכער האט מיך גענצליך ענטוואפענט. דאן האט זיא געזאגט:

„פריהער, פאר אלעמען, לאָמיר רעדען ווענען אונזערע געשעפטען. הא, וויא זאגט איהר?“

איך האב געשפירט א רוישען אין מיינע אויערן און איך האב מיך גענוהט שטארק אנשטרענגען אום צו הערען וואס זיא האט צו זאגען.

אונטער דעם בוים, איז געווען טונקעל און אויך עטוואס קיהל. דיא זונן מיט איהרע שטראהלען האט דורכגעבראכען צווישען דיא מארגען־בלומען און ארויס גע־בראכט וויא דינע גאלדענע פאסען; אויף לואיז'עס ווייסעס קלייד, האט עס אויס־געזעהען, גלייך וויא גאלדענע פליענען וואלטען ארום געטאנצט.

„אלזא, וויא ווייט שטעהען מיר שוין?“ האט זיא געפרעגט מיט דעם טאן פון א פערטרויעטען קאמעראד.

איך האב ניט געהאט קיין אנדערע ברירה, און איך האב גענוהט פערטרייבען פון מיר דיא געדאנקען פון קושען איהר האלז, און איך בין געצוואונגען געווען צו רעדען דאריעבער וואס האט אויסגעזעהען זיא מעהר צו פעראינטערע־סירען.

דיא פּאליטיק!

יא, דא האט געוואָלט וויסען איבער דעם פּאָליטישען צושטאנד. איך האב איהר אלזאָ געמוזט דערצעהלען, אז איך האב מיר אליין פריהער אלעס איבערגע־רענקט וויא אזוי איך זאָל קענען ניטצליך זיין פאר איהר מאן בייא דיא וואהלען, און דאן, אז איך האב געשפּראָכען מיט מיין פאטער, און איך האב אין איהם בע־מערקט א גרויסע אונצופריעדענהייט.

מיין פאטער, זייט דיא לעטצטע 10 יאָהר, האט ער זיך ערקלערט אלס דער גרעסטער שונא פון דער נייער אָרדנונג, און ער האט מיר שטרענגס פערבאָטען אירגענד וועלכען אנטהייל צו נעהמען אין דער אונטערשטיטצונג פון דער רעפּובליק. ער האט מיר געגעבען צו ערקלערען, אז אזא מענש וויא איך בין, מוז מיך אָפּפערן פיר מיין פאטערלאנד, און ניט קוקען דארויף וואס מיין אָפּפערונג זעהט אויס וויא האָפנונגסלאָז.

„נאָר בייא אונזער לעטצטעס געשפּרעך,“ האב איך פאָרטגעזעטצט, „האב איך אויסגעפונען, אז ער איז אביסעל געענדערט געוואָרען. מיר דאכט, אז מיין טאנטע האט צו איהם געשפּראָכען איבער איהר אידעע, אז עס איז נעטהיג איך זאָל אנטהייל נעהמען אין דער דיפּלאָמאטיע. יא, אזוי גלויב איך איז עס געווען, און מאקי, נאָר א פּראָווינציעלער האט איהם געקענט ענדערן.“

ווערהענד איך האב געשפּראָכען, האט לואיז מיך אויסגעהערט און גע־שמייכעלט. צום שלוס האט זיא בעמערקט:

„איך האב געשפּראָכען מיט מאָנסיע דע וואזשלאר.“

„מיט מיין פאטער?“

„יא.“

„וואו?“

„אָה, מיט דרייא טעג צוריק האב איך איהם בעגעגענט, דורך א צופאל, און מיר האבען געשפּראָכען.“

„איבער וואס?“ האב איך געפרעגט אונגעדולדיג.

„איבער דיא וואהלען.“

„און וואס האט ער געזאגט?“

„אלעס איז אין בעסטער אָרדנונג. פערלאָזט זיך אויף מיר. איהר ווייסט דאך וואהרשיינליך, אז דיא וואהלען פיר דעם גענעראל־ראטה, וועלען שטאטפינדען נעכסטען זונטאג?“

„דאס וויים איך.“

„אלזאָ, מיט אייער פאטער'ס הילפע...“

„וויא? האט ער אייך פערשפראָכען זיין הילפע?" האב איך ערשטוינט געפרעגט.

„וואס קימערט דאס אייך? ווען איך זאג אייך, אז אזוי איז עס, דאן זאָלט איהר מיר גלויבען. אלזאָ, מיט אייער פאטער'ס הילפע, איז מיין מאַן'ס ערפאָלג געזיכערט."

„איז מאַנסיע געזשאָן דאָ?" האב איך געפרעגט צענערענד.

„יא," האט זיא געענטפערט. „ער איז געכטען אבענד אהער געקומען... אָבער איהר קענט איהם יעטצט ניט זעהען, ווייל ער איז אוועק גאנץ פריה נאך גאָמערוויל אום דאָרט צו עסען פריהשטיק מיט זיינעם א פריינד, א גוטס־בעזיטצער, וועלכער האט א גרויסען איינפלוס אין דער נאכבארשאפט."

זיא האט זיך אויפגעהויבען.

איך בין נאך געבליעבען זיטצען און זיך דערמאָהנט אן מיין פריהערינען בעד־שלוס איהר צו געבען א קוש אויף'ן האלז. עס האט מיר הערצליך באנג געטהאָן ווארום איך האב מיין פלאן ניט דורכגעפיהרט.

עס האט מיר אויסגעזעהען, אז איך וועל ניעמאלס מעהר האבען אזא גוטע געלעגענהייט, צו זיטצען מיט איהר אין שאטען פון א גרויסען בוים אין א קלארען פריה־מאָרגען, ווען זיא איז נאָר וואס ארויס פון בעט און איז נאך אפילו נים געווען רעכט געקליידעט.

„אָבער," האב איך מיר געטראכט, „איך בין א דומקאָפּ!"

איך בין געווען זיכער, דאס ווען איך זאָל דאמאלס פאלען צו איהרע פיס אויף דעם טהוי־בעדעקטען גראָז, וועל איך פון איהר העכסטענס ארויס רופען א געלעכטער.

אך! וויא איך האב מיר דאמאלס געוואָלט געבען א פאטש!

זעהענדיג קיין אנדערן אויסוועג, האב איך בעשלאָסען אָבצרוווארטען אויף איין אנדערע געלעגענהיים.

איך האב געוואָלט אנפאנגען א געשפרעך, וואס זאָל זיין איין אָנצוהערעניש פון מיינע ליעבעס־געפיהלע, אָבער גראדע וויא דער שטן, איז גאָשראָד דאמאלס ערשיענען.

איך האב איהם ערבליקט פון וויימען שפאנענדיג מים זיינע ביידע פיס אויף דעם שמאלען און אויסגעטרעטענעם וועג.

וויא ער האט דערזעהע לואיז'ן מיט מיר צוזאמען, איז ער געבליעבען שטעהן, און אויף זיין געזיכט האט זיך בעוויעזען א טייפלישער שמייכעלע.

אָבער דיא מיענע האט זיך שנעל געוועקסעלט, און ער האט אויסגעבראָכען אין א גאנצער אנשפראכע פון ליבען און ריהמען לואיז'ן פיר איהר העלדענטהאט וואס זיא האט געקענט אויפשטעהען אזוי פריה.

ער ווידער, גאָשראָד, איז דאמאלס נאָר וואס אויפגעשטאַנען.

„און בערטהע?“ האט לואיז געפרעגט, „וואו איז זיא? האט זיא געהאט א גוטע נאַכט?“

דיעזע ווערטער האבען מיך שטארק אויפגערעגט און ערשטוינט. ערשטענס האב איך מיך געוואונדערט, וויא עס קומט צו לואיז'ן אזא שפראכע, און דאן האט מיך שטארק פערדראָסען אויף איהר מאַן, מאַנסיע געיזשאָן, וועלכער איז דאָרט געווען לעצטע נאכט.

איך בין געווען שרעקליך אייפערזיכטיג.

„איך וויים ווירקליך ניט,“ האט גאָשראָד געענטפערט אויף איהר פראגע, „איך האב נאך בערטהע'ן גאר ניט געזעהען.“

גאָשראָד האט אונטערדעסען בעמערקט מיין ע־שטוינטעס געזיכט, און ער האט מיר ערקלערט:

„פערשטעהט איהר,“ האט ער געזאגט, „מיין פרוי האט נעכטען, דעם גאנצען טאָג, געהאט א שרעקליכען קאָפּ־שמערץ, איך קען זיא שוין, זיא האט א טבע צו זאגען, דאס ווען יעמאנד קומט זיא בעזוכען אויף דעם צווייטען פריה־מאָרגען, אז זיא וועט נאך אמאל האבען א גאנצען טאָג קאָפּ־שמערצען. דערפאר האב איך זיא נאך ניט געזעהען.“

אויף מיין געזיכט האט זיך ווידער אויסגעדריקט ערשטוינונג.

גאָשראָד האט מיך פערשטאַנען, און זיך געאיילט ווייטער צו ערקלערען:

„מיר האבען דאָ צווייא צימער; עס איז אימער זעהר בעקוועם און איבערהויפט אין זומער אויף'ן לאנד.“

אָהנע איהם ווייטער צו פרעגען, האט ער בלויז געמאכט א קורצע פויזע און בעמערקט נוטמיטהיג:

„מיין פרוי איבערהויפט, האט אימער ליעב צו שלאָפען אליין.“

און ער? וואס זאגט ער? ער איז דאָך א מאַן!

זיך אָבווענדענדיג אביסעל, האב איך מיר ניט געקענט העלפען און אויפגעציגען מיט דיא אַקסלען און געמורמעלט:

„איך פערשטעה נים."

מיר האבען אָנגעפאנגען אריעבער צו געהען דעם וועג, און איך האב מיך דערמאָהנט און זעהר פיעל געשיכטען וואס איך האב געהערט דערצעהלען איבער דעם לעבען פון אזעלכע מענשען: אויף'ן לאנד אין א פאלאסט.

„ווער ווייס," האב איך מיר געטראכט „אלעס איז דאָך מעגליך, זאָגאר דאס בערטהע זאָל האבען א געליעבטען בייא זיך אין צימער בייא דער נאכט, און דער מאן זאָל גאר נים טאָרען אריין געהען זעהן וואס דאָרט טהוט זיך."

אונטערדעסען האב איך געהאט דאס גרעסטע פערגניגענען פון דער אידעע, וויא דאס זעהט אוים, צו זיטצען מיט א שעהנער געליעבטע אין שאטען פון אלטע בוימער; וויא הערליך דאס איז ארוים צו געהען באָרוויס, ביינאכט פון צימער, דורכלויפען אין דער דונקעלהייט א לאנגען און דונקלען קאָרידאָר און צוקומענדיג צו א טהיר, וועלכע שטעהט אביסעל אָפען, זיך אריין כאפען און.— וויא שעהן עס איז צו געניעסען פערבאָטענע פרוכט!

יונג, שעהן, ליעבליך און רייצענד זיין, דאס איז דיא וועלט, דאס איז דאס לעבען! דיא טרוקענע מאָראל און דיא אויסגעוועפטע דרשות, זיינען גוט פאר אַלטע ווייבער און פאר מענער אָהן צייהן מיט ציטערענדע הענד. אָבער מיר, דיא שעהנע יונגע, דארפען לעבען, ליעבען און געניעסען.

דער דייטשער דיכטער איז ווירקליך נים געוועזען קיין נאר, ער האט געזאגט:

„ווער עס ליעבט ניכט ווין, ווייב, געזאנג,
„דער בלייבט איין נאר זיין לעבען לאנג!"

דיא דייטשען זיינען אפילו נים אימער קיין פראקטישע מענשען, אָבער דאָך כאפט זיך בייא זייא ארוים אמאל א פאאר קלוגע ווערטער וואס שטימען מיט דיא אידעען פון אונז, ערפאהרענע פראנצויזען.

אז איך האב רעכט געהאט מיט מיין פאנטאזיע, האט מיך דיא ווירקליכקייט באלד איבערצייגט, ווען פון ווייטען איז ערשיענען בערטהע מיט מיין פריינד פעליקס. זייא זיינען נאָר וואס ארוים פון דעם קאָרידאָר, און ביידע זיינען געגאנגען פער־טראכט, בעסער געזאגט, מיעד און פערמאטערט אונגעאכטעט דארויף וואס זייא האבען געשלאָפען א גאנצע נאכט.

„קיין צווייפעל," האב איך מיר געטראכט, „זייא האבען פערבראכט צוזאמען דיא נאכט און געכאַפען פון דעם ליעבעס־בעכער וויפיעל זייא האבען געוואלט. דער

דומקאָפּ נאָשראָר האָט וועהרענד דעם געשנאַרכט אין זיין ציטער. טט צוי..."

„ביסט דוא חלילה נים קראַנק?" איז לואיז צוגעגאַנגען פרענענדיג איהר פריינדין מיט איין אויסדרוק פון צערטליכקייט.

„איך דאַנקע, ניין. אָבער דוא ווייסט, דיא אַבוועקסלונג ווירקט איבער מיר אונגעהייער און צושרויפט אַלע מיינע נערוועו... דאַן, בייא טאָגעס־אַנברוך האָבען דיא פיינעלעך אַזוי געשריען, אַז זייא האָבען געקענט אויפוועקען א טויטען."

איך האָב געדייכט פעליקס'ן דיא האַנד.

גראַדע דאַמאַלס האָב איך בעמערקט וויא דיא צווייא דאַמען האָבען גע־ וועקסעלט א שמייכעלע איינע מיט אַנאַנדער. נאָשראָד, שטעהענדיג אַביסעל פון ווייטען, האָט אָנגעהויבען לייכט צו פייפען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז לואיז ווייס פון אַלעס וואָס עס געהט פאָר אונטער איהר דאַך.

„וויא איז דאָס מעגליך עס זאָל אַנדערש זיין?" האָב איך מיר געטראַכט. „זיא קען בערטהע'ן גאַנץ גוט; זיא ווייס אויך פון איהרע ליעבעס־געהיימניסע, און בייא נאַכט, וועהרענד זיא איז נים געשלאָפען מיט איהר מאַן, האָט זיא געוויס געהערט דיא טריט איבער דעם קאָרידאָר, געהענדיג צו איין אָפענער טהיר פון וואַנען ליעבע און גענוס האָט אַרויס געאָטהעמט... אך! איך דומקאָפּ! ווארום האָב איך נים אָבגעפרעגט מיינע ליפען אויף לואיז'עס האַלז וועהרענד מיר זיינען געזעסען אונטער דעם בוים?"

איך האָב שוין זאָגאַר אָנגעפאַנגען אויסצורעכענען דורך וואָס פאַר א זייט איך זאָל קענען אריין געהען אין שלאָס, ווען איך זאָל ערשיינען בייא דער נאַכט. עס האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט דיא צייט, ווען לואיז וועט זיין מיינע, און איך וועל זיא קענען בעזיטצען, ווען איך וועל נאָר ווינשען. בליקענדיג צום קאָרידאָר, האָב איך בעמערקט געבען דער טהיר א ניעדריגעס פענסטער, און דאָס איז מיר איינגע־ פאַלען אַלס איין אויסגעצייכענטער איינגאַנג פיר א געליעבטען, ווען דיא שטערען פינקלען אַרונטער געהיימניספאָל פון דעם הימעל.

אום 11 אוהר האָבען מיר אַלע געגעסען פריהשטיק. נאָך'ן פריהשטיק, איז דער דיקער נאָשראָד געגאַנגען כאַפּען א דרעמעל.

איידער ער איז געגאַנגען שלאָפען, האָט ער פאַר מיר פערטרויעט אַלע זיינע פּאָליטישע געהיימניסע, און מיר דערצעהלט, אַז ער האָט שטאַרק מורא, דאָס בייא דיא נעכסטע וואַהלען, וועט ער מוזען דורכפאַלען.

„איך ווייס דיא אורזאכע,“ האט ער געזאגט. „דאס איז דערפאר, ווייל איך האב צו ווענ׳ג געארבייט. איך האב בעדארפט פערברענגען װעניגסטענס דרייא וואכען אום צו זאמ׳ען שטימען. אָבער איך קען ניט; איך בין ניט וויא אנדערע, און עס איז מיר אומעגליך צו קריכען איבעראל.“ נאכדעם וויא איך האב בעזוכט מיין אָנקעל, בין איך בלויז אריבער געקומען אהער, נאך לע מורא, ניט מעהר וויא אום צו צייגען דיא איינוואָהנער, אז איך בין פריינדליך מיט מאָנסיע געזישאָן; דאס איז דיא איינציגע זאך וואס איך האב געקענט טהון, מעהר איז מיר אונמעגליך.“

איך האב איינגעזעהען, אז ער וויל זעהר איך זאָל איהם איינלאדען צו מיין פאטער, און מיין פאטער זאָל איהם אויך טהון א טובה. אָבער דאס אונגליק איז געװען, וואס איך האב ניט געליעבט קיין בלאָנדינעס, און איך האב דערפאר מיט איהם ניט געקענט סימפאטהיזירען.

איך האב צוגעבראכט זעהר א פרעהליכען נאכמיטאג מיט דיא דאמען און מיט פעליקס׳ן. דאס לעבען אין א פאלאסט אויף׳ן לאנד פון פאריזער דאמען, זייער שטיפען און לאכען אין דער שטילער און טרוימערישער געגענד, זעהט אויס וויא א לעבען אין דער צויבער־וועלט.

דיא דאמען, נאכלעסיג אָבער נעט געקליידעט, מיט זייערע צארטע הויטען וואס האבען זיך געשפיעגעלט דיא גאנצע צייט אין דיא זונען־שטראהלען און פרייע כופט, ערשיינען דאָ וויא דיא געטטינען. זייערע קליינע פיסלעך, איינגעפאסט אין פיינע שיכלעך, שפאצירען איבער דעם גראָז און פערפלאָנטערן זיך אין דיא בלומען, און זייערע געלעבטערס מישען זיך אוים מיט דעם צוויטשערן פון דיא פייגעלעך.

דיא פאריזער שטרענגע עטיקעטע פערשווינדעט; מען לעבט, מען טאנצט און מען שפרינגט, און מען זעהט אוים צו שוועבען אין דעם פארפומען גערוך פון דיא בלומען און צו רוהען אויף נאטור׳ס ווייכען בוזים.

זיטצענדיג אויף׳ן גאניג און טרינקענדיג דעם קאפעע, האבען דיא דאמען מיך אביסעל איבעררראשט. ווירקליך, איך, אויפגעצויגען אין דער פראָווינץ, אונטער פרויען וואס זיינען רעליגיעז און בעזוכען אזוי אָפט דיא קירכע — פאר אזא מענשען אלזאָ וויא איך, איז דאס געװען אביסעל איין איבערראשונג צו זעהען וויא לואיז האט גענומען א ציגארעטע צווישען איהרע ווייסע פינגער, אָנגעריבען א שוועבעלע, פעררויכערט און ארוים געלאָזען פון צווישען איהרע רויטע ליפען א לאנגען בלויען רויך. בערטהע וויעדער, האט זיך בעדיענט מיט אזא גראָבער שפראכע, גראדע וויא זיא וואָלט געבוירען געוואָרען אין דעם.

שפעטער זיינעןביידע פערשוואונדען געוואָרען מיט זייערע רוישענדע קליידער, לאכענדיג פון ווייטען אזוי מונטער און אויפרעגענד, אז איך האב מיר ניט געקענט העלפען צו שפירען וויא עס האט מיך אָנגעהויבען שטארק צו קיצלען.

איך דערצעהל נאָר דאס אלעס, דאמיט איהר זאָלט פערשטעהען, אז איך האב בעשלאָסען, דאס עס איז שוין ניט ווייט דערצו, ווען איך זאָל לואיז'ן האבען געבען מיר, און דיא נאכט ווען מיר זאָלען פערברענגען אונטער פיער אויגען, איז גאנץ נאָהענט.

מיר האט זיך געדאכט, אז בערטהע טהיילט מיט, לואיזן איבער דער לעטצטער נאכט, און לואיז דערצעהלט איהר וויא לאנגזאם און שעהמעדיג איך בין מיט מיינע ליעבעס־ערקלערונגען, און דערפון האבען זייא ביידע געלאכט.

פעליקס איז וועהרענד דעם געזעסען און געדרייכט א סיגאר אָהנע זיך צו בע־קימערן וואס עס געהט פאָר ארום איהם. וועניגסטענס האט זיך מיר אזוי געדאכט.

איך האב בעמערקט, וויא ער האט צייטענווייז מיר צוגעוואָרפען א בע־דייטענדען שמייכעלע, און דאן האט ער ווידער געבליקט צום רויך פון זיין ציגאר.

מיט א האלבע שטונדע שפעטער, האב איך ערקלערט, אז איך דארף שוין אוועק געהען.

לואיז האט באלד אויסגעשריען:

„וואס! געהען? אָה ניין, מיין פריינד, איהר וועט ניט געהען. איהר מוזט מיט אונז עסען נאכטמאהל... מיין מאן וועט געווים צוריק קומען, איהר וועט ענדליך האבען דיא געלעגענהייט איהם צו זעהען. איך מוז אייך פאר איהם פאָרשטעלען. צו ווארטען א גאנצען טאָג און איהם דאָך ניט זעהען, איז ווירקליך אונאנ־גענעהם."

איך האב איהר ערקלערט, אז מיין פאטער ערווארטעט מיך געווים צו הויז.

„דאס מאכט ניט," האט לואיז געזאגט. „אייער פאטער ווייס, אז איהר זייט שוין א היבשעס קינד און איהר וועט ניט פערלוירען געהען."

„אָבער מיר האבען א ספעציעלען נאכטמאהל אין לע באָקעט."

„ספעציעל, נארישקייטען. דאָ איז אויך ספעציעל."

„איך מיין," האב איך ווייטער געזאגט, „דיא וואהל־דירעקטאָרען און דיא

דיסטריקט־פּאָליציסער װעלען דאָרט זיין, און אזוי װיא איך האב אייך פערשפּראָכען, דאן..."

„אָה יא, אָה יא!" האט זיא אויסגעשריען, „איהר האט רעכט! נעהמט װירקליך שנעל אהיים... און, מערקט עס אייך, איהר זאָלט אלעס מעגליכע אָנװענדען. איך בעט אייך איהר זאָלט עס טהון. װען אייער ארבייט װעט געלונגען, דאן קומט צו מיר און עמפּפאנגט אייער גוט־פערדיענטע בעלוינונג."

מיר האט עס אויסגעזעהען, אז זיא איז רוײג געװאָרען בייא דיא לעצטע װערטער. װאס פאר א בעלוינונג האט זיא געמיינט?

האט זיא דערמיט בלויז געמיינט דעם דיפּלאָמאטישען פּאָסטען װאס מיין טאנטע האט מיר פּאָרגעשלאָגען און מיין פאטער האט דערצו איינגעשטימט? ניין, דאס האב איך ניט געװאָלט אקצעפּטירען; מיר האט זיך געדאכט, אז איך האב בעמערקט א גאנץ אנדערע בעדייטונג אין איהרע װערטער.

איך עראינער מיך יעטצט אן דער לעהרע פון לעבען. װאס מעהר מען לעבט, און װען מען האט אביסעל שכל, מוז מען עפּעס לערנען. איך עראינער מיך יעטצט אן א געשיכטע װאס האט פּאסירט בייא אונז אין דאָרף, װעהרענד איך בין געװען א אינגעל פון א יאָהר אכט. מיינע א טאנטע, גרעפין פאָן ל., א פרוי פון א יאָהר זעכציג, איז געװען אימער זעהר א רעליגיעזע פרוי. פון װיא װייט איך קען מיך ער־אינערן, איז זיא אויך געװען איין עהרליכע. איהר װייסט דאָך שוין װאהרשיינליך, אז צו זיין רעליגיעז און עהרליך, זיינען צװייא פערשיעדענע זאכען.

אלזאָ, מיין געגאנגטע טאנטע איז אויך געװען איין עהרליכע, און זיא האט גאנץ ערנסט געמיינט, אז יעדער איינער װאס גלויבט אין יעזוס קריסטוס, אין זיין מוטער און אין דיא הייליגע פון דער קאטאָלישער קירכע, איז ניט נאָר א גליקליכער מענש אויף דיעזער װעלט, זאָנדערן אויף יענער װעלט װעט מען איהם מאכען פאר עפּעס מעהר װיא א קייזער.

אין א זונטאג גאנץ פריה איז מיין טאנטע אויפגעשטאנען צו געהען אין קירכע. זיא האט ניט געװאָלט פאָהרען, און זיא איז געגאנגען צו פוס. איהר שװאכ־קייט האט פערארזאכט װאס עס האט געדויערט א היבשע צייט ביז זיא האט געעררייכט דיא קירכע. אָנקומענדיג אהין, זיינען געשטאנען מעהרערע מענשען אין דרויסען.

מיין טאנטע האט פּלוצלינג אויפגעהויבען דיא אויגען צום קרייץ פון דער קירכע, און אויסגעשריען:

„זעהט! זעהט!"

אלע האבען זיך אומגעקוקט און קיינער האט ניט בעמערקט קיין אויסער־
ארענטליכעס.

„וואס זאלען מיר זעהען ?" האט א יונגער בויער געפרעגט.

„בלינדע אפיקורסים וואס איהר זייט!" האט זיא נאך אמאל אויסגעשריען ;
„זעהט איהר דען ניט וויא יעזוס קריסטוס זיטצט אויף'ן קרייץ ?"

פיעלע אנוועזענדע האבען ערקלערט, אז זייא האבען ווירקליך געזעהען יעזוס
קריסטוס. איך גלויב יעטצט, נאטירליך, אז מאנכע האבען עס געזאגט אין שפאס
און אנדערע אום צוליעב צו טהון מיין טאנטע.

אבער מיין טאנטע? וואס איז געווען מיט איהר?

איך בין פאלקאמען איבערצייגט, אז זיא האט ווירקליך געזעהן יעזוס קריסטוס.
זיא האט געטרוימט בייא טאג און בייא נאכט דאריעבער; דאס האט געמאכט א
שטארקען איינדרוק אויף איהר געהירן, און זיא האט געזעהען דאס בילד פון איהר
פאנטאזיע. ניין, זיא איז ניט געווען קיין שווינדלערין ; זיא איז געווען איין עהרליכע
און פרומע פרוי.

אזוי האב איך אויך געזעהען א מיינע אויף לואיז'עס געזיכט, וואס האט מיר
דייטליך דערצעהלט, אז זיא מיינט מיך צו בעלוינען מיט איהר קערפער — מיט
איהר שעהנעם קערפער.

פיעלע וויסטלינגע האבען א טבע, זיך פארצושטעלען געוויסע פרויענצימער
צו וועלכע זייא קענען ניט גרייכען, און מיט זייערע געדאנקען בענעהען זייא דיא
שמוטציגסטע פערברעכען, זיך פארשטעלענדיג, אז זייא בענעהען א ווירקליכע
טהאט.

וויא מעכטיג דער איינפלוס פון איינבילדונג איז אויף דעם מענשען ! איך
בין געווען פאלקאמען צופריעדען מיט דעם צושטאנד, און איך האב מיר געטראכט,
אז איך האב פיעל מעהר אויסגעווירקט מיט דיעזען בעזוך, וויא איך האב געקענט
ערווארטען.

ווען איך האב געהאלטען אין אוועק געהען, האב איך בעמערקט א לייכטע
דראשקע צופאהרענדיג צו דיא טרעפען. איך האב געדענקט, אז דאס איז דער
מאן, מאנסיע געזשאן, וואס האט צוריק געקעהרט פון זיין בעזוך. נאטירליך בין
איך געווען נייגיעריג איהם צו זעהען, אבער איך האב געהאט א טעות. עס איז ניט
געווען מאנסיע געזשאן.

אין דער דראשקע זיינען געזעסען צווייא קינדער: א מיידעלע פון א יאהר

פינף, און א איינעלע פון א יאָהר פיער. מיט זייא איז געוועזען זייער קאַמער־מעדכען אלס בעגלייטערין.

זייא האבען אויפגעהויבען זייערע הענטעלעך און געלאַכט. דאַן, אזוי שנעל ווי זיא מען האט זייא ארונטער געשטעלט, האבען זייא אָנגעפאַנגען צו לויפען צום הויז, און גרייכענדיג לואיזן, האבען זייא זיך אָנגעכאַפּט אין איהר קלייד.

זיא האט ביידען אומארמט און זייא צערטליך געקושט.

דאס האט מיך אזוי פעראינטערעסירט, דאס איך האב מיך אומגעווענדעט און געפרעגט:

„וועמעס זיינען דיעזע קינדער?"

„וועמעס קינדער?" האט לואיז געזאגט לאַכענדיג, „מיינע! וועמעס דען זאָלען זייא זיין?"

איהרע! זיא האט קינדער?

איך בין ניט איטשטאנדע אויסצודריקען דעם שוידער וואס איז געלאָפען איבער מיין לייב.

מיר האט עס אויסגעזעהען, גלייך וויא יעמאנד וואָלט אויסגעשטרעקט צווייא מעכטיגע הענד און זיא אוועק געשלעפּט פון מיר. מיין גאנצער טרוים האט געכאַפּט א שרעקליכען קראַך.

„איה־רע קינדער!" האב איך געמורמעלט צו מיר אליין.

קינדער? דאס איז א מערקווירדיגע שעפּפונג פון דער נאַטור!

עס זיינען דאָ מענער און פרויען, וואס הייראַטהען ביידע אויס דער גרעסטער ליעבע, און זייא פערנעטערן זיך אײנער דעם צווייטען. ווען עס געהען אָבער פאַראיבער עטליכע יאָהר, און קיין קינדער זיינען נישטאָ, דאַן פערשווינדעט דיא ליעבע און א גרויסע גלייכגילטיגקייט טרעטעט איין. מאַן און פרוי בעטראַכטען זיך וויא פרעמדע, און דאס קען זיך נאכהער ענדיגען אין האַס.

וויעדער פּאַסירט עס, וואס אומשטענדען פיהרען צוזאַמען א מאַן מיט א פרוי, וועלכע האבען זיך קיינמאל ניט געליעבט און זייא זיינען זיך איינער דעם אנדערן ניט גערן. ווען קינדער ערשיינען אָבער, דאַן פאנגט אן דער פאטער רחמנות צו האבען אויף דער מוטער פון זיינע קינדער, און דיא מוטער רעספּעקטירט דעם פאטער פון דיא קינדער. עס ענדיגט זיך מייסטענטהיילס אין א פעסטער געגענזייטיגער ליעבע.

דיעזען סוד אָבער, האב איך דאמאלס ניט געוואוסט: איך האב בלויז געשפירט, און דיעזע קינדער זיינען מיר ערשיענען וויא א שטיין אין [illegible]

לואיז האט קינדער? דאס איז מיר איבערהויפּט פאַרגעקומען קאָמיש. לואיז, וועלכע קען וועקסלען איהרע געליעבטע וויא א יונגעס און רייכעס מעדכען וועקסעלט איהרע העמדער — זיא זאָל האבען קינדער! וויא קומט עס צו איהר?

אזעלכע פרויען, איז מיר פאָרגעקומען, קענען קיין קינדער נים האבען.

דער איינדרוק פון דעם מאָמענט איז געוועזען אזוי שטארק אויף מיר, אז איך האב מיך ניט געקענט צוריק האלטען און האב געפרעגט:

„איהר האט קינדער?"

„נאַטירליך האב איך קינדער," האט זיא געענטפערט גאנץ רוהיג. „איהר זעהט דאָך. זייא זיינען היינט פריה אוועק געפאָהרען זעהען זייער קוואַטערין, וועלכע וואָהנט 5 מיילען פון דאנען... יא, ערלויבט מיר זייא אייך פאָרצושטעלען: דאס איז דער קליינער מאָנסיע לוסיאן געיזשאָן, און דאס איז מאדמאָאזעל מארגעריט געיזשאָן."

דיא צווייא קליינע חברה האבען צו מיר געשמייכעלט.

איך צווייפעל ניט, אז איך האב דאמאלס געמוזט אויסזעהען וויא א גרויסער דומקאָפּ.

עס איז מיר אונמעגליך געווען זיך צו צוגעוועהנען צום געדאנק, אז לואיז איז א מוטער פון קינדער. אזא געדאנק האט מיך אין גאנצען ארונטער געפיהרט פון מיין פאנטאזיען־וועג.

איך בין אוועק מיט א פערדרושטען קאָפּ; איך האב נאָר ניט געוואוסט וואו איך בין אין דער וועלט. פאר מיינע אויגען איז געשטאנען לואיז אין איהר מאָרגען־קלייד צווישען דיא מאָרגען־בלומען אונטער דעם בוים, און אויסגעזעהען א פרייע געליעבטע, און דאן האב איך זיא ערבליקט קושענדיג מארגערים'ן און לוסיאנען — איהרע קינדער!

„עס איז קיין צווייפעל," האב איך צו מיר געמורמעלט, „אז דיא פאריזער דאמען זיינען צו מערקווירדיג, צו כיטרע, צו שארף פאר מיר דאָרפס־יונג."

איך בין אהיים געקומען און מיך אריין געוואָרפען אין א סאָפאַ, מיט דער אידעע צו רוהען. איך האב אלעס אָבגעלייגט אויף מאָרגען, אום איך זאָל אלעס ווייטער שטודירען.

---



איך בין אויפגעשטאנען גאנץ פריה און ארויס אויף דער פרייער לופט.

דיא בלומען האבען אויסגעזעהען נאָר וואס צו ערוואכען פון זייער נאכט־דרעמעל און זיך געוואשען מיט טהוי פון זייער שלאָף.

דיא נאטור, שטיל, רוהיג און ליעבליך, האט פערברייטעט א פארפום־גערוך איבער דער גאנצער געגענד. ווען איך האב מיך אוועק געזעטצט אויף א באנק, האב איך געשפירט, אז מיר ווילט זיך שלאָפען.

איך האב וואהרשיינליך געשלאָסען מיינע אויגען און אביסעל געדרעמעלט. ווען איך האב ערוואכט, איז דאס געווען פון דעם גערויש פון טריט נעבען מיר.

עפענענדיג מיינע אויגען, האב איך ערבליקט אנטאָאנעט'ן, דיא צוואנציג־יעהריגע טאָכטער פון אונזער וואלד־וועכטער.

„גוט מאָרגען, מאָנסיע,“ האט זיא געזאגט אין א זיסער און מעלאָדישער שפראך.

„גוט מאָרגען, אנטאָאנעט,“ האב איך געענטפערט פריינדליך, ערבליקענדיג איהר פרישעס געזיכט און פולען בוזעם וואס האט ארויס געשטעקט פון איהר העמד אָהן א קאָרסעט.

„איך בין געקומען צו מאָנסיע,“ האט זיא ווייטער געזאגט, „פרעגען אויב דער פאטער זאָל פיר געכסטען דאָנערסטאג פאָרבערייטען דיא הינט און דיא בויערן פיר דער יאגד.“

„ניין, ניין, אנטאָאנעט,“ האב איך געענטפערט, „איך וועל ניט געהען אויף דער יאגד, ווייל איך בין צו בעשעפטיגט.“

„איך דאנק אייך, מאָנסיע,“ האט זיא געזאגט ערפרייט, „מיין פאטער איז יעטצט זעהר קראנק, און איהר וועט איהם ערשפארען א גרויסע ארבייט. ער וואָלט אליין אהער געקומען, נאָר ער איז צו שוואך. דערפאר האט ער מיך גע־שיקט.“

איך בין צו דיעזער צייט שוין געשטאנען אויף מיינע פיס און בין צוגעגאנגען נעהנטער צו איהר, אויסשטרעקענדיג מיין האנד האב איך זיא געגלעט אויף איהר באק וואס איז געווען אזוי ווייך וויא זייד.

אנטאָאנעט האט זיך שנעל אָבגעווענדעט פון מיר.

„אדיע מאָנסיע!“ האט זיא געמורמעלט רויט ווערענדיג און זיך אָבגעווענדעט אוועק צו געהען.

איך בין שנעל צו איהר צוגעלאָפען, און זיך אומקוקענדיג, אז קיינער איז נישטאָ, האב איך זיא אוטארמט.

אין מיר האט דאמאלס אויפגעפלאַמט דער וויסטלינג מיט זיין גאַנצעס פייער.

אנטאָגנעט איז געוועזן א קרעפטיגעס מעדכען, און זיא האט זיך פון מיר אויסגעריסען.

אין איהר בליק איז געלעגען בעליידיגונג און פעראכטונג. אָהנע וויטער צו רעדען א וואָרט, איז זיא אוועק און פערשוואונדען געוואָרען צווישען די בוימער.

„וואס איז דאס?" האב איך מיך געפרעגט, „ווארום ענטלויפט זיא אזוי? בין איך ווירקליך אזוי אבשטויסענד, אז איין איינפאכעס דאָרפס־מעדכען זאָל מיט מיר ניט וועלען פערקעהרען?"

נאכדענקענדיג, האב איך געמורמעלט צום שלום:

„אָבער זיא איז דאָך ניט קיין פאריזער דאמע..."

מיר קעהרען צוריק צום שטראָם פון מיין וויכטיגער שילדערונג.

---

אך! וואס פאר א לעקציאָן דאס לעבען האט מיך געלערענט!

יעטצט בין איך פאָלקאָמען רוהיג, און איך בעמיהע מיך אלעס איבערצוגעבען וויא עס איז געוועזן.

אם זונטאג איז בעקאנט געוואָרען דער רעזולטאַט פון די וואהלען. מאָנסיע נעיזשאָן איז ערוועהלט געוואָרען אלס גענעראל־ראַטה.

ווען מען האט איבערגעצעהלט די שטימען, האט זיך יעדער איבערציינט, אז מאָנסיע נעיזשאָן, אָהן אונזער הילפע און אונטערשטיטצונג, וואָלט ער פּאָזיטיוו דורכגעפאַלען און זיין געגנער וואָלט געזיעגט.

מיין פאטער האט געהאט א פערזענליכע אונטעררעדונג מיט מאָנסיע נעיזשאָן, און ער האט מיר געגעבען צו פערשטעהען, אז די צייט איז געקומען, מיר זאָלען אונטערשטיטצען אזא פערזאָן. אויסער דעם, האט מיין פאטער זעהר געוואָלט, אז דער אנדערער קאנדידאַט זאָל פערלירען.

מיין פאטער, וויא עס שיינט, האט געהאט א שווערען קאמפף מיט זיך אליין, אום צו פועלין, ער זאָל קענען אנטהייל געהמען אין א געשעפט, וואס איז געגען זיין איבערצייגונג.

„הער מיך אויס," האט ער צו מיר געזאגט. „דיא וואהרהייט איז, אז דאס אלעס איז מיר נמאס. עס איז ניט קיין ריינע זאך, און מיך כאפט אן איין עקעל זיך דערמיט צו בעשעפטיגען. אָבער וואס קען מען טהון? אלע זאגען מיר, אז עס איז נעטהיג איך זאָל דיך זעהען אריין ברייננען אין דער פאָליטישער וועלט, און דאן וועט פון דיר ווערען א לייט. ווען דאס איז דער פאל, דאן טהו וויא דוא פערשטעהסט. איך קען מיך צו גאר ניט מישען. עס איז גאנץ נגנוג פאר מיר, ווען איך שמעה פון וויימען. יא, איבריגענס, אפשר בין איך שוין צו אלט און פערשטעה ניט וואס דיא צייט פאָדערט."

מאָנטאג און דיענסטאג האב איך געצענערט צו פאָהרען נאך לע מוראָ.

„נאך וואס זאָל איך אהין פאָהרען?" האב איך מיך געפרעגט. „וועלכע בעדלוינונג ערווארטע איך?"

איך האב מיר געטראכט, אז נאך אלעמען, איז דאס ניט מעהר וויא א פאָליטישער פאָסטען וואס מאָנסיע געזשאָן קען פאר מיר אויסווירקען. דאן האב איך מיר פאָרגעשטעלט, אז לואיז מוז און דארף מיך עמפפאנגען אלס איהר געליעבטען. אָבער, זאָ שנעל וויא איך האב מיך דערמאָהנט אן דיא קינדער, איז מיר פערגאנגען דער אפעטיט.

דאן האב איך אָנגעפאנגען מיט מיר זעלבסט צו ארגומענטירען, און אזוי געזאגט:

„עס איז אמת, לואיז האט קינדער; זיא איז א מוטער. אָבער איהרע קינדער קענען ניט ארויס ברענגען דיעזעלבע געפיהלע אין איהר הארץ וויא אין איין אנדערע מוטער. ניין, זיא איז ניט קיין מוטער, און קען עס ניט זיין! זיא האט פיעללייכט גאר ניט געזעהען דיא קינדער, מעהר וויא איינמאל אָדער צווייא מאל אין מאָנאט, זייט זייא זיינען געבוירען געוואָרען. דעם רעסט פון דער צייט, האט זיא צוגעבראכט אין דער הויכער געזעלשאפט, וואו זיא האט געגאָסען דאס לעבען ניט געדענקענדיג אפילו, אויב זיא האט גאר געבראכט קינדער אויף דער וועלט."

האט ניט יעדער, אין אונזער דיסטריקט, בעהויפטעט, אז דיא פאריזער דאמען, דיא פאריזער מוטערס, אָפטערן קיינמאל ניט זייער פערגניגענן צוליעב דיא קינדער? איז עס ניט איבעראל בעקאנט, אז דיעזע פאריזער דאמען געבען איבער וייערע קינדער צו דיא דיענסטען און אמען אום זיך צו בעפרייען פון א לאסט?

מיטוואָך דעם גאנצען טאָג, ביז שפעט אין דער נאכט, האב איך מיט מיר ארגומענטירט און געטענה'ט, ביז איך האב מיר איינגערעדט, אז דיא קינדער

זיינען אבסאָלוט קיין הינדערניס, און איך מעג געהען צו מיין ארבייט אונגע־שטערט.

דאָנערסטאג פריה, בין איך אויפגעשטאנען, מיך פיין אויסגעפוצט, גוט אָנגע־פארפומירט, און אום אכט אוהר בין איך אוועק אום צו עמפפאנגען מיין לוין פון לואיז׳ן, וועלכער האט געזאָלט בעשטעהען אין איהר ליעבע.

מיין פּלאַן איז געוועזן פאָלגענדער:

איך האב בעשלאָסען אָנצוקומען נאך לע מוראָ גאנץ פריה, וויא דאס ערשטע מאל, דאמיט איך זאָל ווידער טרעפען לואיז׳ן וויא זיא וועט גאָר ארויס פון בעט.

פאָהרענדיג אויף מיין פערד איבער דעם וועג, האב איך, וויא יעדער וויסטלינג, מיר פאָרגעשטעלט דעם גענוס פון דער געשלעכטליכער ליעבע וואס איך וועל געניעסען מיט לואיז׳ן.

דאס האט מיך אזוי בעשעפטיגט, דאס איך האב זאָגאר ניט בעמערקט דיא הערליכע נאטור, וועלכע איך האב אימער אזוי געליעבט און בעוואונדערט. ווען איך האב מיך ארום געקוקט, בין איך שוין געוועזן אין פראָנט פון דעם פאלאסט.

אנשטאט צו טרעפען לואיז׳ן מיר ענטקעגען געהען, וויא איך האב מיר פאָר־געשטעלט, איז צוגעקומען א דיענער, און מיר געהאָלפען ארונטער שטייגען. ער האט בייא מיר אוועק גענומען דאס פערד, און דאן האט ער צוריק גע־קעהרט.

אין מיין אונגעדולד צו זעהען לואיז׳ן, האב איך פערגעסען אן דער עטיקעטע און געפרעגט דעם דיענער:

„וואו איז דיא מאדאם?“

„וועלכע מיינט איהר?“

„איך מיין מאדאם געיזשאָן.“

„זיא איז נאך אין איהר צימער.“

„אזוי שפעט?“

„אָה ניין, עס איז נאך פריה.“

„איז זיא נאך ניט אויפגעשטאנען?“

„ניין.“

דער דיענער האט אויסגעזעהען זיך צו וואונדערן איבער דער פרעכהייט פון מיינע פראגען, אָבער ער האט געשוויגען.

איך האב נאטירליך ערוואַרטעט, אז לואיז האט נעוויס שוין אָנגעזאָגט, דאס מען איך וועל ערשיינען, זאָל מען עס איהר מודיע זיין.

אָבער דער דיענער האט אפילו נים געזאגט, אז ער וועט מיך אנציינען.

„איך וועל דאן אויסוואַרטען," האב איך בעמערקט.

„וויא איהר ווילט," האט ער געענטפערט און איז אוועק.

איך האב געוואַרט נוטע צווייא שטונדען.

צו שילדערן מיין אונגעדולד, בין איך נים אימשטאנדע. איך קען אויך נים ערקלערען וויפיעלע מאל איך האב שפּאצירט ארום דיא בלומען־בייטען.

אכטונג געבענדיג מען זאָל נים בעמערקען מיין אונגעדולד און אונאנשטענדיגע בענעהמונג, האב איך מיך פריהער אויסגעקוקט מען זאָל מיך נים זעהען, און דאן האב איך אויפגעהויבען מיינע אויגען צום פענסטער פון ערשטען שטאָק און געקוקט, פיעללייכט וועל איך בעמערקען לואיז'ן. דיא פאָרהענגע זיינען אָבער געבליעבען ארונטער געלאָזען און זיך נים געריהרט פון פלאַטץ.

ענדליך בין איך אזוי ערמידעט געוואָרען פון דיעזען ארום שפּאציערען, דאס איך האב מעהר נים געקענט שטעהן אויף מיינע פיס. איך האב מיך אומגעווענדעט און אוועק אויפזוכען דעם בוים מיט דיא מאָרגען־בלומען, וואו איך האב פערבראכט א קורצע צייט מיט לואיז'ן.

דער הימעל איז בעדעקט געוואָרען מיט גרויע און דונקלע וואָלקען. דיא זון איז געלענען בעהאַלטען און קיינע גאָלדענע שטראהלען האבען מעהר בעלייכטעט דעם פלאַטץ.

זיך אוועק זעטצענדיג דאָרט, איז עס געווען ביינאהע פינסטער.

איך האב מיר וויעדער אלעס איבערגעדענקט, און בעשלאָסען, אז איך טוו איינמאל פאר אלעמאל נים זיין קיין דומקאָפּ און דורכפיהרען מיין פלאַן.

„צום טייפעל!" האב איך אויסגעשריען, „אז מען קען קיין פולווער נים שמעקען, נעהט מען נים אין דער מלחמה, און אז מען האט קיין מומה נים זיך צו ערפלערען אין ליעבע, דאַרף מען קיין געליעבטע נים זוכען!"

איך בין געווען בייא מיר פעסט איבערציינט, דאס אין פאַל איך וועל נאָך אמאל צענערן, דאן פערליר איך לואיז'ן פיר אימער.

איך האב מיך ערמוטהיגט, און איבערגערעכנט אלע איהרע בענעהמונגען נעגען מיר, און געקומען צום בעשלוס, דאס איין אנדערער אויף מיין פלאַטץ, וואָלט שוין לאנג געווען זיין ציעל ערגרייכט.

„איך בין א דאַרפס־יונג, און ניט מעהר!“ האב איך געמורמעלט רייבענדיג דעם שטערן.

אלזאָ, מעהר קיינע צענערונג; מען מוז געהן צו דער ארבייט און טהון אלעס גלאַט און גוט. מיין פּראָגראַם איז שוין געווען פערטיג.

איך האב בעשטימט, אז אזוי שנעל וויא איך וועל נאך אמאל זיין מיט איהר אליין, זאָל איך אָננעהמען איהרע הענד. איך וועל דאַן שפּיעלען דיא ראָלע פון א שעהמעדינגען, דאמיט, איך זאָל זיא ניט אויף איינמאל איבעררּאשען. פערטיג דערמיט, וועל איך מאכען א שנעלע ווענדונג, און אָבפּרעסען מיינע ליפּען אויף איהר האַלז. דאס איבריגע, נאַטירליך, וועט שוין אליין קומען.

וויא א גענעראַל וואס שטודירט דורך עטליכע מאל זיין קריעגס־פּלאַן און מאכט יעדעס מאל א פערבעסערונג, אזוי איז עס מיט מיר אויך געווען. איך האב אלעס געוואָלט מאכען דאס שטיקעל ארבייט בעסער און גלאַטער, דאמיט איך זאָל ניט ערשיינען וויא קיין דומקאָפּ אין איהרע אויגען.

וועהרענד דיעזע פאַנטאַזיען, איז לואיז ערשיענען.

„וואו זייט איהר דאס? וואו האט איהר זיך בעהאלטען?“ האט זיא געפרעגט מיט א מונטערער שטימע, מיך זוכענדיג אין דער דונקעלהייט. „אך! דאָרט זייט איהר! איך זוך אייך שוין ארום איבער צעהן מינוטען... ענטשולדיגט מיר, וואס איהר האט בעדאַרפט אזוי לאַנג וואַרטען.“

איך האב געענטפערט עפּעס וואס זיא האט ניט פערשטאַנען.

„וואס זאגט איהר?“ האט זיא איבערגעפרעגט.

מיט אלע מיינע קרעפטען האב איך געווירקט מיך צו בערוהיגען און געזאגט:

„צו וואַרטען אויף אייך, קען ניט זיין צו לאַנג, און מען קען נים ווערען אונ־געדולדיג.“

זיא האט מיר צוגעוואָרפען איין אונפערשטענדליכען בליק, און דאַן, ווידער אָננעהמענדיג דעם מונטערן טאָן וויא פריהער, האט זיא געזאגט:

„איך האב אייך נאך פריהער געווארנט, אז איך בין בלויז א דאַרפס־מיידעל דיא ערשטע וואָך. יעטצט, זעהט איהר, בין איך שוין ווידער א פּאריזערין, און איך קען מעהר ניט אויפשטעהען פריה.“

זיא איז געבליעבען שטעהען פון ווייטען, און, וויא עס שיינט, האט זיא נים געוואָלט ארונטער געהען אין דער דונקעלהייט צווישען דיא בלעטער. איך, דומקאָפּ, האב זיך ניט געוואָגט ריהרען, און מיר געטראכט, אז זיא וועט צו מיר קומען אום

צו חערען מיין ליעבעס ערקלערונג, וועלכע זיא האט אליין שוין אויך ערװארטעט.

אָבער זיא איז ראָך געבליעבען שטעהען אויף איהר פּלאַטץ.

„אלזאָ, קומט איהר ניט ארויס פון דאָרט?“ האט זיא געפרעגט נאָך א פּויזע.

„מיר האבען עפּעס צו בעשפּרעכען“

„דאָ איז גאנץ אנגענעהם,“ האב איך געזאגט שטאַמלענדיג. „מיר קענען דאָ רעדען גאנץ געמיטהליך אויף דיעזער באַנק. קומט אהער.“

זיא האט געצעגערט, אָבער נאָך איין אויגענבליק, האט זיא געזאגט ענטשלאָסען:

„וויא איהר ווילט. זאָל זיין דאָ. עס איז אפילו פינסטער, אָבער רעדען קען מען דאָ אויך.“

זיא איז אַרונטער געגאַנגען און זיך אוועק געזעטצט נעבען מיר.

איך האב געשפּירט איין אָהנמאַכט קומענדיג איבער מיר דורך דעם פער־ניגנען פון איהר געגענוואַרט.

ענדליך איז געקומען דיא צייט!

נאָך איין מינוט, און מיין ציעל איז ערדייכט; איך וועל זיא האַלטען ביי דיא הענד.

זיא וויעדער, האט אויסגעזעהען גאנץ רוהיג און גאר ניט אויפגערעגט

זיא האט אָנגעפאנגען צו שפּרעכען מיט א קלאָרער שטימע אָהנע אירגענד וועלכע צעגערונג.

„איך וויל אייך ניט דאַנקען אין פאבריצירטע פראַזען און ווערטער,“ האט זיא געזאגט. „איהר האט אונז געטהאָן א גרויסע טובה, און איך זאג אייך דיא וואהרהייט, אז אָהן אייך וואָלטען מיר זעהר מיאוס דורכגעפאַלען. דאס וואָלט מיך שטאַרק געערגערט...“

איך האב ניט בעאבזיכטיגט זיא צו אונטערברעכען. איך האב בלויז געציטערט און געזאַמעלט מיין מוטה פיר דעם לעטצטען ענטשלוס.

„אויסער דעם,“ האט זיא פאָרטגעזעטצט, „זיינען דיעזע ווערטער צווישען אונז גאנץ איבריג. איהר ווייסט גאנץ גוט, אז מיר האבען שוין איינמאל אָבגעמאַכט דאס געשעפט...“

וועהרענד זיא האט דאס געזאגט, האט זיא געלאכט.

איהר געלעכטער איז געווען מיט א טאָן פון ערמונטערונג און ליעבעס פערטרויען. דאס האט מיך באַלד ענטשלאָסען, אז איך מוז זאָפאָרט האַנדלען.

איך האב אָנגענומען איהרעביידע הענד. זיא האט זייא ניט צוריק גע־צויגען.

איהרע הענד האבען זיך געשפּירט קליין און ווארעם אין מיינע. זיא האט גע־לאָזען איהרע הענד אין מיינע, פריינדליך און פערטרויענד און געזאגט:

„אלזאָ, איז עס ניט אזוי וויא מיר האבען איינמאל געשפּראָכען? יעטצט איז עס מיין רייהע צו טהון מיין פליכט.“

אין מיין קאָפּ דרעהנגען און רוישען געדאנקען פון פערשיעדענער ארט, אום מיין שילדערונג פאָרצושטעלען אזוי ריכטיג וויא נאָר מעגליך. איך בין דערפאר גע־צוואונגען זיך דאָ אָבצושטעלען און פריהער דערצעהלען א מערקווירדיגע ניינונג אין דער נאטור פון מענער, וועלכע בעוויזט, אז מיר זיינען ניט וויט פון דיא ווילדע טהיערע.

ווען א יונגער מאן פאננט אן צו ווערען פריינדליך צו א פּרויענצימער און ער האט דיא אבזיכט מיט איהר צו נעֶניעסען געשלעכטליכע ליעבע, ווערט ער גראָב און ברוטאל. אנשטאט זיא צו גלעטען, קושען און האלזען שליידערט ער איהר, דריקט זיא אונבארמהערציג און קנייפּט זיא. דאסזעלבע איז אויך אין דיא אויס־געלאַסענע עפּענטליכע הייזער מיט דיא פרייע פרויענצימער.

דער מאן ווערט ברוטאל און געמיין אין זיינע בענעהמונגען, זאָ דאס דיא ארמע פרוי שפּירט מעהרערע מאל גרויסע שמערצען אונטער דער בעהאנדלונג. דעם מאן דאכט זיך, אז ער איז דערמיט צערטליך און מאכט זיך ליעבענסווירדיג. עס איז מיר שווער צו זאגען וויא דאס פרויענצימער שפּירט, אָבער איך צווייפעל ניט, אז מען קען ניט זיין קיין פריינד דעם, וואס פעראורזאכט ערניעדרינונג, בע־ליידיגונג און שמערץ. דיא אונגליקליכע פרוי, פון דעם עפענטליכען הויז, איז גע־צוואונגען צו עמפּפאנגען דיא ברוטאלע בעהאנדלונג און שוויינען; זיא מוז עס נאך אזוי פיהרען, צו ציינען, אז עס אמוזירט זיא.

פון וואנען דיזע טבע נעהמט זיך צום מענשען, קען איך גענוי ניט וויסען, אָבער, לויט נאך מיין אנזיכט, שטימט עס פון אונזערע עלטער־זיידעס, וועלכע זיינען נאך אמאל געווען בעסטיעס, ווילדע חיות. איך האב בעמערקט, צווישען קיה און בוהאיעס, אז דער בוהאי, איידער ער פעראייניגט זיך געשלעכטליך מיט דער קוה, שמעכט ער זיא מיט דיא הערנער און בריקעט זיא מיט דיא פיס. עס איז אוננעפעהר דיעזעלבע ליעבעס־האנדלונג וויא בייא דעם ברוטאלען מאן.

האלטענדיג לואיז'עס הענד אין מיינער, און מערקענדיג, אז זיא וויל זיך ניט אויסרייסען, האט מיך באלד בעהערשט דער טהיערישער גייסט, און מיט

מחתרישער ברוטאליטעט, האב איך צוזאמען געדריקט איהרע הענד און זיא צונער־צוינגען צו מיין מויל.

דיא דונקעלהייט איז נאך גרעסער געוואָרען; א דיקער און פינסטערער וואָלקען איז גראדע דאמאלס געשטאנען איבער אונז; דער שטארקער גערוך פון דיא בלומען און גראָזען, האט מיך בעזויפען.

איך האב געקושט איהרע הענד. דאן האב איך מיך דערמאָהנט, אז דער נעכסטער ציעל איז איהר האלז. אָבער נאך איידער איך האב געקענט דורכפיהרען מיין פּלאן, האט זיך לואיז שנעל אויפגעהויבען, און מיט איין אונגעהייערער געוואַלטזאַמער קראפט, האט זיא מיך אָנגעכאפּט ביי דיא ארעמס. איך וואָלט איהר ניעמאָלס געטרויעט, אז זיא קען זיין אזוי שטארק.

זיא האט מיך פעסט געהאלטען, אָהנע צו צייגען צאָרן; איהר שטימע איז נאך אימער געוועזען רוהיג, אָבער אין טאָן, איז געלעגען א בעליידיגטער פאָר־וואורף.

„ניין, ניין, יונגערמאן, קיינע דומע זאכען!" האט זיא געזאגט.

מיין בלוט האט פריהער אין מיר געקאָכט וויא אין א זודיגען קעסעל; מיין גאנצער קערפּער האט געציטערט פאר אויפרעגונג, און איך האב שווער געאטהעמט. איהר בענעהמונג אָבער, האט מיך באלד אזוי אָבגעקיהלט, אז איך האב געשפּירט א קאלטען שוידער לויפענדיג איבער מיין גאנצען קערפּער.

זיא האט מיך אָבגעלאָזען; בעסער געזאגט, צוריק געשטויסען פון זיך.

אָבער זיא איז ניט אנטלאָפען, זאָנדערן געבליעבען שטעהן געגענאיבער מיר און מיך אָנגעקוקט. איך האב שוין געקענט זעהען איהרע אויגען, וועלכע זיינען געוועזען וויא צוויי קוילען פייער, ווארפענדיג פון זיך פונקען.

„אזוי, אזוי," האט זיא געמורמעלט מיט אונטערדריקטען צאָרן. „אזוי וויים איז עס געקומען. איך האב אלזאָ קיין טעות ניט געהאט, ווען איך האב גערעכענט, אז איהר זייט ענטשלאָסען דאס צו טהון."

איך האב געשפּירט, אז מיין הארץ איז מיר געבליעבען שטעהן, און ווען א גרוב וואָלט זיך פאר מיר דאמאלס געעפענט, וואָלט איך גערן אריין געשפּרונגען, אבי זיך צו בעפרייען פון איהר בליק.

„ווען איהר מיך ערלויבען," האט זיא דאן אָנגעפאנגען שטרענג, שטייכלענדיג און מיט א מוטערליכען טאָן וואס רעדט צו איהר קליינעם איינגעל. „יא, ווען איהר וועט מיר ערלויבען, וועל איך אייך פארלעזען א לעקציאָן. איך זעה, אז איהר וואָלט

װעלען פּטור װערען פון מיר; איהר װילט ענטלױפען, אָבער איך װעל אייך ניט לאָזען. איהר בלייבט דאָ ביז איך װעל פאַרטיג װערען.״

איך האָב אַרױס געלאָזען אַ זיפץ.

זיא האָט װיעדער געשמייכעלט. אָבער אין איהר שמייכעל איז געלעגען אַ גאַנצע װעלט מיט אַבשייליכעס בעדױערן פיר מיר.

„מיינט ניט,״ האָט זיא פאַרטגעזעטצט, „אַז איך האָב װען עס איז געהאַט אַ טעות אין אייך. אין דיעזער בעציהונג בין איך אַ פּאַריזער דאַמע, און עס איז שױן צייט איך זאָל קענען אַזעלכע אינגלעך, נאַרישע אינגלעך, װיא איהר זייט. איך זאָג ניט, אַז איהר זייט שולדיג. ניין, דאָס בעהױפּטע איך ניט. שולדיג זיינען דיא אַלטע פערד — מענער מיין איך — װאָס בעהױפּטען, אַז אין פּאַריז, גיבט גאָר קיין אַנשטענדיגע פרױ. שולדיג זיינען אין דעם דיעזע מענער, װאָס גלױבען, אַז אַ פרױ׳ס עהרע קען נאָר בעװאַכט װערען אין אַ האַרעם, װייל זייא אורטהיילען יעדען נאָך זיך. זייא װייסען, פון זייערע אייגענע פערזאָנען, אַז זאָלאַנג זייא קומען אין דער פרייהייט, דאַן װילען זייא דיעזע בענוטצען אין דער ערניעדריגונג פון פרױען, װאָס זייא רופען ליעבע. ניט קענענדיג זיך צוריק האַלטען פון אַזאַ שריט, רעכענען זייא, אַז דיא פרױען מוזען אויך זיין דיעזעלבע.״

זיא איז געבליעבען שטעהען און געבליקט צו מיר װעהרענד איך האָב נאָך האַלטען דיא אױגען אַרונטער געלאָזען.

„שעהמט זיך ניט,״ האָט זיא געזאָגט לאַכענדיג, „איהר קענט אױפהייבען אייערע אױגען. עס איז װעניגער שאַנדע צו הערען דיא װאַהרהייט, װיא זיך צו מאַכען לעכערליך. איך װיל האָפען, אַז מיינע װערטער װעלען אייך מאַכען פאַר אַ קלינערן מענשען װיא איזור זייט.״

איך האָב אָבער צו איהר ניט געקענט קוקען, און איך האָב בייא מיר אױס־געזעהען װיא אַ װילדע חיה אָבגעשפּאַרט אין אַ שטיין. איך האָב געװאָלט ענט־לױפען, נאָר איך האָב ניט געקענט.

„דיעזע הערען דומקעפּ,״ האָט זיא װייטער געזאָגט, „װאָס אורטהיילען אַלע פרױען נאָך זייערע אייגענע נאַטורען, קענען זיך גאָר ניט פאַרשטעלען, אַז עס איז מעגליך, עס זאָלען זיין זאָלכע פרױען, װאָס זאָלען פערקעהרען מיט מענער, אָהן קיין אַנדערע אינטערעסע, װיא דער פערקעהר איז צװישען מאַן און מאַן, אָדער פרױ מיט פרױ. זייא דאַכט זיך, אַז זאָלאַנג אַ פרױ לאַכט, שמייכעלט, זאָגט אַ װיטץ און אונטערהאַלט זיך מיט אַ מאַן, דאַן האָט דאָס קיין אַנדערע בעדייטונג, װיא אַ געשלעפּטליכע צוזאַמענקונפט. װייסט איהר, מיין הערר, פון װאַנען דאָס

שמאמט? יא, דאס שמאמט נאך פון יענע בארבארישע צייטען, ווען דער מאן האט בעהויפטעט, אז א פרוי ניטצט נאָר צו איין זאך — צום בעט — זאָגסט איז זיא צו קיין זאך פעהיג. ענטשולדיגט מיר פאר דעם אויסדרוק, אָבער עס איז א טהאטזאכע. יענע צייטען, מיין הערר, זיינען שוין טהיילווייז פערשוואונדען; דיא מאָדערנע צייט האט געשאפען פרויען, וואס ווילען, אויסער דעם בעט, זיין אויך מענשען מיט מענער גלייך..."

„אָבער, אָבער..." האב איך ענדליך ארויס געשטאמעלט ניט וויסענדיג וואס איך וויל זאגען.

„איך וואָלט אייך אויסגעהערט," האט זיא געענטפערט לעזענדיג מיינע גע־ראנקען, „אָבער איך ווייס, אז אייך פעהלען יעטצט ווערטער. עס איז דערפאר גע־שייטער, איהר זאָלט מיך אויסהערען. איבריגענס, וועל איך זאגען אליין אלעס וואס איהר דענקט. איך ווייס, אז מען האט אייך דערצעהלט איבער מיר נאָט ווייס וואס. מען האט אייך געזאגט, אז איך האב געליעבטע; אז איך פיהר וועלטען; אז איך טהו אלעס צום קערפערליכען גענוס מיט מענער. איהר אליין, א קינד פון דעם דור דער אונוויסענהייט, האט אויך אנדערש ניט געקענט רעכענען, ווען איהר האט געזעהען מיין פרייע בענעהמונג..."

איך האב דערבייא געמאכט איין אונגעדולדיגע מיענע.

„ענטשולדיגט, ענטשולדיגט," האט זיא אונטערגעכאפט. אזוי איז עס; איהר דארפט זיך ניט שעהמען; און ווען איהר וועט עס אָבלייקענען, דאן וועט עס ניט זיין אמת. יא, יא, אזוי האט איהר געדענקט. איהר האט אויך גערעכענט און גע־האפט, אז איהר וועט מיך קענען קריעגען, דען, נאך אלעמען, רעדענדיג פון ליעבע, זיים איהר א גאנץ שעהנער יונגערמאן, און, ווען איך זאָל ניט זיין פערהייראטעט מיט איין אנשטענדיגען מאן, וואָלט איך פיעללייכט אקצעפטירט אזעלכען וויא איהר, ווען איהר זאָלט אויך האבען אביסעל מעהר שכל, אָבער איך ענטשולדיג אייך, ווייל איהר האט ניט געקענט אונזער וועלט, און ניט געוואוסט פון אונזערע מנהגים. איהר זיים אריין געפאלען אין פאריז, וויא פון א ווילדער מדבר, וואו דאס ווידערקול זאָגאר שרייט, אז דיא פאריזער דאמען זיינען אויסגעלאסען..."

איך האב פראָבירט מיך אויפצוהייבען, נאָר איך האב ניט געקענט.

„איך וועל צוגעבען, אז איהר האט אויך געהאט א טעות," האט זיא פאָרטגעזעצט בעדייטענד רוהיגער. „איהר וועט בעהויפטען, אז איך האב אייך אין מאנכע בע־ציהונגען ערמונטערט, און ווען איך וואָלט עס ניט געטהאָן, דאן וואָלט איהר איהר ווייט ניט געוואגט אין אייער אונוויסענהייט. ווען איך וואָלט אייך פון אנפאנג

אָן געהאַלטען פון ווייטען, זאָלט עס נאָר דערצו ניט געקומען. איך האָב געשפּיעלט דיא ראָלע פון א קאָקעטקע, און איהר בעטראַכט מיך יעטצט אַלס זאָלכע, וואס ערלויבט זיך מיט דעם מיאוס'ן שפּאַס חוזק צו מאַכען פון א מענשליכעס הערץ. זאגט, זאגט, איז עס ניט אזוי?"

איך האב עפּעס ארויס געשטאַמעלט, נאָר מיין צונג איז געווען וויא גע־לעהמט, און איך האב קיין ווערטער ניט געקענט ארויס ברענגען.

זיא איז דערבייא צוגעגאַנגען צו מיר, געלייגט דיא הענד אויף מיין שולטער און מיך פעסטער צוגעדריקט.

„פערשטעהט איהר, יונגערמאַן, אזוי האָט איהר געדענקט — ניט וואהר?" האט זיא געמורמעלט אזוי נאָהענט צו מיר, אז איך האב געשפּירט איהר אטהעם אויף מיינע באַקען. „אבער פערשטעהט מיך יעטצט גאַנץ גוט. איך וויל עס אייך געבען צו ערקלערען. ערשטענס, בין איך א פּאָליטיקערין, און אין דער פּאָליטיק, עבען וויא אין קריעג, איז אַלעס גוט און ערלויבט. מענער, נאַטירליך, בענעהן נאָך גרעסערע געמיינהייטען, און דיא וועלט רופט עס אָן שאַרפזיניגע דיפּלאָמאַטיע. איך האב אייך בענעטהיגט איהר זאָלט העלפען מיין מאַן ערוועהלט ווערען, און עס האט מיך ניט געקימערט וואס איהר וויכט זיך דענקען. דאס איז איין אורזאַכע. דיא צווייטע איז, דאס איהר זעלבסט האט מיך שטאַרק פעראינטערעסירט. אזוי יונג, אזוי שעהן, אזוי אונשולדיג און אזוי נאַרריש אונערפאַהרען! איך ווייס עס גאַנץ גוט, אז מיר, פּאַריזער דאַמען, זיינען שטאַרק בעשמוטצט און בעליידיגט אין דעם קרייז וואו איהר זייט אויפגעצויגען. אָבער, טראָטץ דעם אַלעמען, האב איך געוואָלט איהר זאָלט זיך זעלבסט איבערצייגען, אז גראַדע אונטער דיא שעהנע, פרייליכע און מונטערע, וועלכע צייגען זיך אָט, אָט... גראַדע דיעזע זיינען נאָר אנשטענדיגע און טרייא זייערע מענער. איך וויל האָפען, אז איהר וועט זיך דאס אַלעס גוט איבערלעגען און פערשטעהען..."

איך האב מיך געוואָלט בעפרייען פון איהר האַנד־דרוק אויף מיין שולטער, נאָר איך האב ניט געקענט.

„לאָזט מיך געהען," האב איך געברומט אין פערווירונג.

„ניין, דאס פועלט איהר ניט."

„וואס דען ווילט איהר?"

„איך וויל איהר זאָלט זיין א מענש מיט שכל."

„לאָזט מיך אָב!" האב איך שוין געזאגט צאָרניג.

„ניין!" האט זיא אויסגעשריען.

„װאָרום ?"

„אַזוי װיל איך."

„װעט איהר מיך דאָ האַלטען ?"

„יאָ."

„ביז װיא לאַנג ?"

„ביז איהר װעט מיך בעטען אום ענטשולדיגונג."

איך האָב געװאָגט אױפצוהױבען מײנע אױגען, װײל איהר מאַן האָט גע־ציטערט. צו מײן ערשטױנונג האָב איך בעמערקט טרערען אין איהרע אױגען.

דיעזע זײנען געװען טרערען פון שאַנדע, דורך דיא בעלײדיגונג װאָס איך האָב פעראורזאַכט.

א געפיהל פון אַכטונג און רעספּעקט צו דיעזער פרױ, האָט פּלוצלינג בע־מעכטיגט מײן ברוסט.

איהר װאָהרע שעהנהײט, איהר טוגענדהאַפטע האַלטונג, איהר רעספּעקט צום מאַן, און איהר קאָקעטעריע אױסגעמישט מיט אױפריכטיגע עהרליכקײט ; איהר פעראַכטונג צו דיא רכילות און פּלױדערײא פון דומע מענער, צוזאַמען מיט איהרע הױכע און פילאָזאָפישע אנזיכטען, האָט אױף מיר געמאַכט אײן אױסעראָרענטליכע װירקונג.

מײן געזיכט װאָס דאַמאַלס בעדאַרפט זײן בעגאָסען מיט בלוט פון שאַנדע. מײן האַרץ האָט שװער געקלאַפּט און מײן ברוסט איז געװען װיא צוזאַמען גע־צװינגען.

„מאַדאַם," האָב איך אַרױס געשטאַמעלט, „איך בעט אײך, פערצײהעט מיר. פערצײהעט מיר, װײל איך בין א ניעדריגער און נטמײנער מענש..."

זיא האָט מיך אָבגעלאָזען און צוגעלײגט איהר האַנד צו מײן מױל.

„ששש," האָט זיא געזאָגט. „רעדט ניט אַזעלכע װערטער. אין געגענטהײל, א מענש װאָס אנערקענט זײנע פעהלער, איז אײן עדלער און געװיסענהאַפטער מענש."

„פערצײהעט מיר, פערצײהעט מיר," האָב איך װײטער געמורמעלט.

א שמײכעלע פון צופריעדענהײט האָט באַלד בעלײכטעט איהר געזיכט.

איך האָב מיך אױפגעהױבען פון דער באַנק, און זיא האָט זיך אװעק געזעטצט פערמאַטערט, שױן ניט מורא האָבענדיג פאַר מיר אין דער פינסטער.

איך האָב געװאָלט אַװעק געהען, נאָר איך האָב געשפּירט, אַז איך קען זיא אַזױ ניט פערלאָזען.

איינינט אויסגעבליקען האט געהערשט א שטילקייט.

„גיבט מיר אייער האנד," האט זיא ענדליך געזאגט אויסשטרעקענדיג איהר האנד צו מיר.

איך האב ערגריפען איהר האנד.

„ערלויבט מיר," האב איך געמורמעלט מיט א ציטערענדער שטימע און זייענדיג געבצליך בעזיגט, „ערלויבט מיר, מאדאם, אבצופרעסען א ברודער־קוש אויף דיעזער האנד."

זיא האט געשמייכעלט און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ „יא."

איך האב עהרווירדיג געקושט איהר האנד. דאן האב איך זיך אָבגעווענדעט און געזאגט:

„אדיע!"

„ענטשולדיגט," האט זיא שנעל געזאגט, „בלייבט נאך."

וויא א געהאָרזאמער הונד בין איך געבליעבען שטעהען.

„יעטצט איז אלעס פאָראיבער," האט זיא געזאגט וויעדער אָנגעהמענדיג דעם געוועהנליכען טאָן. „מיר פערבלייבען גוטע פריינדע; פיעל בעסערע וויא פריהער. און יעטצט, קעהרען מיר צוריק צו מ'ין פערשפּרעכען פון דער בעלוינונג. אזוי וויא איך בין אויפריכטיג און עהרליך, צאָהל איך אימער מיינע שולדען... זעהט, דאָ האט איהר איין ערגענונג אלס סעקרעטער פון דער אמבאסאדע אין מ... דאס האב איך ערהאלטען פיר אייך, לעטצטע נאכט."

בייא דיעזע ווערטער האט זיא ארויס געצויגען א קאָנווערט פון איהר קעשענע און מיר איהם געוואָלט איבערגרייכען.

זעהענדיג, אז איך צענער, האט זיא געזאגט:

„יעטצט, פריינד, וועל איך מיר ניט ערלויבען, איהר זאָלט מיר ענטזאגען. איך בין אייער פריינדין און איך בין אייך שולדיג א דאנק. איהר דארפט דאס אקצעפּטירען, ווייל איך וויים, אז דיעזעס אמט וועט אייך ברענגען אין בעריהרונג מיט דער וועלט, און איהר וועט נאך פיעלעס לערנען וואס אייך פעהלט."

איך בין געוועזען אונטער איהר איינפלוס, און איך האב גענומען דעם קאָנווערט.

דאן האט זיא זיך אויפגעהויבען און איז ארויס פון אונטער דעם בוים אויף'ן גראָז.

זיא האט געווארט איך זאָל נאכקומען, און איך בין אויך ארויס.

„גיבט מיר אייער ארעם. פריינד," האט זיא געזאגט.

איך האב איהר נעגעבען דעם ארעם.

ווען מיר האבען נעגרייכט דעם שלאָס, האב איך בעגעגענט פעליקס'ן, נאָשראָד און בערטהע'ן שפּאַצירענדיג.

איך האב נאך קיין צייט נעהאט צו בעהאלטען דעם קאָנווערט, און ווען פעליקס האט מיך דערזעהען, האט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּען א שפּאָטישער שמייכעל.

מיר שיינט, אז ער האט נעוואוסט פון דער גאנצער געשיכטע וואס עס איז פאָרגעגאנגען צווישען מיר און לואיז'ן.

איך האב געבּרענט מיט דעם וואונש, צו האבען איין אונטעררעדונג מיט פעליקס'ן, און זיך מיט איהם גוט אויסטענה'ען.

עס האט ניט פיעל געדויערט, און איך האב איהם אוועק גענומען אויף א זייט. אָבער איך האב קיין מוטה ניט געהאט אָנצופאַנגען.

„וואס איז מיט דיר ?" האט ער געפרעגט מיר קוקענדיג אין געזיכט.

זיין פראגע האט מיר געגעבען דעם מוטה צו ענטפערן.

„זאָלאנג דוא וועסט לעבען," האב איך געזאגט, „וועל איך דיר ניט פערצייהען."

„מיר ניט פערצייהען ?"

„יא, דיר !"

„ווארום ? וואס האב איך דיר געטהאָן ?"

„מענסט זיך שעהמען, וויא דוא האסט געהאנדעלט נעגען א שול־קאמעראד און א פריינד !"

„ביסטו שיכור אָדער משוגע ?" האט ער געפרעגט ערשטוינט.

„איך בין ניט שיכור און ניט משוגע. איך בעהויפּטע בלויז, אז עס איז ניט שעהן — עס איז עקעלהאפט."

„הער מיך אויס," האט ער געזאגט ווערענדיג ערנסט. „איך בעגרייף, אז דאָ מוז זיין עפּעס א מיסםערשטענדניס. ווען עס וואָלט זיין א־ין אנדערער אויף דיי־ פּלאַטץ מיט דיעזע ווערטער, וואָלט איך שוין געוואוסט וואס איך האב צו טהון, נאָר מיט דיר איז דאס אנדערש און איך בין בערייט צו הערען וואס דוא האסט צו זאגען."

ער איז געבליעבען שטעהען און מיר געקוקט אין געזיכט. איך בין געווען ער־ שטוינט און איבערראשט.

אלס ער האט געזעהען, אז איך שווייג, האט ער געזאגט בעז און אונ־ געדולדיג :

„אויף דיא פריינדשאפט האט א גרענעץ — ערקלער וואס דוא מיינסט!"
„וויא?" האב איך נעשטאמעלט, „דוא ווייסט פון נאר ניט?"
„װאס זאָל איך וויסען!"
„פון דער אננעלעגענהייט צווישען מיר און לואיזן!"
„דוא מיינסט וועגען דעם פאָסטען?"
„ניין."
„וואס דען?"
„פון איין אנדערע זאך..."
פעליקס האט מיך אָנגעקוקט וויא א משוגענעם. דאן האט ער זיך צר לאכט.
„מיין פריינד," האט ער געזאגט, „דוא ביסט פעררוקט!"
איך האב מיך שוין געוואָלט צוריק ציהען, און וועניגסטענס פאר איהם ניט ענטדעקען וואס פאר א דומקאָפּ איך בין געווען, אָבער ער האט מיר שוין ניט אָב־געלאָזען, און מיך דריננענדיג מיט איין פראגע נאך דער צווייטער, האב איך איהם אלעס דערצעהלט.
ער האט ניט מעהר געלאכט, זאָנדערן אויסגעזעהען ערנסט און פער־טראכט.
„אָבער וואס בין איך שולדיג?" האט ער ענדליך געפרעגט.
„דוא ביסט שולדיג אויף אזוי וויט," האב איך געענטפערט, „וואס דוא האסט מיך ערמוטהיגט."
„ערמוטהיגט? מיט וואס?"
„דוא האסט מיר געזאגט, אז אלע דאמען וועלען מיך ליעבען, און דוא האסט אומער געזעהען איך זאָל זיין אין לואיז'עס געזעלשאפט."
„וואס האט איינס מיט דעם אנדערן צו טהון?"
„איך האב אלזאָ געמיינט, אז לואיז איז פערליעבט אין מיר."
„דוא גרויסער אינגעל! געווים האט זיא דיך ניט פיינד! ווארום דען ניט? דוא ביסט דאך א גאנץ שעהנער און אנגענעהמער יונגערמאַן?"
„און איך האב געמיינט..."
„יא, יא, איך ווייס שוין וואס דוא האסט געמיינט," האט ער מיך אונטער־בראָכען שמייכלענדיג. „זעהסטו, אין דעם בין איך שוין נים שולדיג. ווען דוא ביסט אזא גרויסער נאַר, איז עס דיין איינענע שולד. איך, פון מיין זייט, האב קיין שלעכטע

זאך בעאבזיכטיגט. אָבער, נאך אלעמען, דארפסטו ניט זיין אזוי געפאלען בייא זיך: פיעלע אנדערע מענער האבען דורכגעמאכט דיעזעלבע שולע פון לעבען, און עס מענ בייא דיר ווערטה האבען, וואס דוא האסט אזוי פיעל געלערענט.״

איך האב געהאלטען מיין קאָפּ ארונטער און מיך געשעהמט איהם צו קוקען אין דיא אויגען.

„אָה יא,״ האט ער ווייטער געזאגט, „אזוי פאסירט עס מיט דיא זאָ־גענאנטע צראָנשולדיגע, וועלכע מיינען, אז א פרויענצימער וואס לאכט, זאָגט א ווערטיל און איז פריינדליך, מוז שוין האבען א פּאאר געליעבטע הינטער דעם מאן׳ס פּלייצעס. דוא ביסט ניט דער ערשטער און וועסט אויך ניט זיין דער לעצטער, אזא לעקציאָן צו לערנען.״

איך בין געווען, אין דערזעלבער צייט, זעה נייגיעריג, צו ערפאהרען, אין וואס פאר א פערבינדונג ער שטעהט מיט בערטהע׳ן, דאס הייסט, מאדאם נאָשראָד.

„ענטשולדיג מיר,״ האב איך ענדליך געמורמעלט, „דאן איז דאך...״

„וואס?״

„איך מיין...״

„רעד ארויס, מענש!״

„איך מיין איינענטליך, דיינע פערהעלטניסע צווישען דיר און מאדאם נאָשראָד...״

„איך פערשטעה, איך פערשטעה,״ האט ער געזאגט. „איך וועל דיר ער־קלערען מיין יונגע: מיינע פערהעלטניסע מיט בערטהע׳ן זיינען דיעזעלבע וויא דיינע מיט מאדאם נעיזשאן. דער אונטערשיעד איז בלויז, וואס איך האב זיא אימער גע־רעבענט פאר איין אנשטענדיגע פרוי.״

„און נאָשראָד?״

„וואס מיינסטו מיט איהם?״

„ער איז דאך אזא ניעדריגער...״

„חא, חא, חא!״ האט ער זיך צולאכט, „נאָשראָד איז א פּאָליטיקער. אָבער, גלויב מיר, אז ער קען זיין פרוי גאנץ גוט, און ער וויים, אז ער מעג איהר טרויען. זעהסטו נאָשראָד׳ן? וויא ניעדריג ער איז, וועט ער, נאך אלעמען, ניט וועלע־ן זעהען זיין פרוי זאָל זיין אונאנשטענדיג. איבריגענס, ווען ער זאָל עס אפילו א וועלען, וואָלט זיא איהם אויך געהערט וויא דעם תונר.״

איך בין געווען צוטומעלט, און איך האב ניט געוואוסט וואס איך זאל ווייטער דענקען.

וויא געפעלט אייך א מין געזעלשאפט? דיא פרויען גלייך מיט דיא מענער, טראגען, וויא מען זאגט, הויזען! דיא פרויען, גלייך מיט דיא מענער, שפיעלען דיזעלבע ראלע, און...

ווען איך האב מיך אוועק געזעצט אליין אויף א באנק פון ווייטען, האב איך אנגעפאנגען שטארק צו דענקען.

„גוט," האב איך מיר געטראכט, „דיא פרויען, טראכט דעם וואס זייא זיינען אזוי פרייא מיט זייערע בענעהמונגען, זיינען זייא דאך אנשטענדיג און עהרליך. דיא פראגע איז יעטצט: זיינען דיא מענער אויך אזוי וויא דיא פרויען?"

איך האב איבערלייגט און איבערגעקלערט. דאן האב איך אויסגעשריען צו מיר זעלבסט:

„ניין! דיא מענער זיינען ניט אזוי וויא דיא פרויען! ווען דיא מענער זיינען אזוי פרייא אין זייערע בענעהמונגען, דאן זיינען זייא אויך גוטע שופטען דערבייא. היינט וויא בלייבט דיא בעהויפטונג פון שלמה המלך, אז צווישען טויזענד מענער, האט ער יא געפונען איינעם, און צווישען טויזענד פרויען קיין איינציגע?"

דיזע אינטערעסאנטע פראגע האט מיך א היבשע צייט בעשעפטיגט, און איך האב מיר אזוי געענטפערט:

„ניט אלעס וואס דיא אלטע פילאזאפען און דענסער האבען בעהויפטעט, מוז זיין א וואהרהייט. פיעלע אנדערע קלוגע מענער פון אלטערטהום, האבען אויך געזאגט גרויסע דומהייטען, און מיט וואס איז דא שלמה המלך א גרעסערער יחסן פון זייא?

„ווארום אבער האט שלמה המלך יא געמאכט אזא בעהויפטונג?

„יא, שלמה המלך, לויט נאך אלע וואהרשיינליכקייטען, איז נאך אלעמען, דאך ניט געווען אזא הויפט פיינער כאן. ער האט גענומען טויזענד פרויען און צו יעדער פערטהיילט א טויזענדטען טהייל פון א מאן, און ער האט געוואלט זייא זאלען דערמיט זיין צופריעדען. זייא זיינען וואהרשיינליך ניט צופריעדען געווען דער־מיט. ער ווייעדער, האבענדיג טויזענד, האט זיך איהם שוין געלוינט ניט צו געהען זוכען נאך פרעמדע פרויען.

„ווען זיינע פרויען וויעדער, האבען זיך ניט צופריעדען געשטעלט מיט אזא ארט לעבען, האט ער געגען זייא אויסגעשפראכען א הארטען אורטהייל, און בעד־הויפטעט, אז אונטער טויזענד האט ער קיין איינציגע געפונען וואס זאל זיין פרייא

איהר מאַן אין ליעבע. ער האט, וואהרשיינליך, נאך שטודירט טויזענד מענער — יעדער בעזונדער האט געהאט פּאָזיטיוו מעהר וויא איין פרוי — און ער האט אויסגעפונען איינעם פון דיעזע טויזענד — פיעללייכט זיך זעלבסט — וואס האט זיך צופריעדען געשטעלט מיט זיינע איינענע פרויען. אָט דאָ ליעגט דער הונד בעגראָבען! שלמה האט זיך צוגענומען דאס גאנצע רעכט בכויז פיר דיא מענער, און דיא פרויען האט ער ניט אנערקענט „פאר מענשען."

אָבער דיעזע פּאַריזער דאמען, וועלכע רעכענען זיך פאר מענשען גלייך מיט יעדען איינעם, מיט זייא איז עס גאנץ אַנדערש.

פון מיינע בעטראַכטונגען האב איך אויסגעפונען מעהר לומפּען אונטער דיא מענער וויא אונטער דיא פרויען, און איך בין געקומען צום רעזולטאַט, אז דיא מענער האבען גלאַט איין אַלטע טבע זיך צו שטעלען העכער וויא דיא פרויען, אָבוואָהל, אין פּראַקטישען לעבען, איז דאס ניט אמת.

דאס איז ווירקליך איין אינטערעסאַנטער שטודיום, און פאר אזא חברה־מאַן וויא איך בין געוועזען, איז עס געוועזען זעהר וויכטיג דאס אַלעס צו בעטראַכטען מיט א קריטישעס אויג.

אָבער דיא פראַגע האט זיך מיר ווידער געשטעלט:

„ווען דיא מענער זיינען דיעזעלבע מענשען וויא דיא פרויען, אָדער דיא פרויען זיינען דיעזעלבע מענשען וויא דיא מענער, וויא קומט עס וואס דיא פרויען זיינען אנשטענדיגער?"

דאַרויף האב איך מיר אויך שפּעטער געענפערט, דאס אזוי וויא איך האב ניט געקענט דיא פרויען, אזוי קען איך אויך ניט דיא מענער.

איין זאך האב איך אויך אויסגעפונען אונטער דיא מענער, אז זייא זיינען עהנליך צו א געוויסער קלאַסע הינט, וועלכע האווקען אָבער זייא בייסען ניט.

דער מאַן האט א טבע פיעל צו רעדען איבער פרויענצימער, און גראָדע אונטער דיעזע וואס רעדען און פּלוידערן א סך, געפינען זיך אזעלכע וואס זיינען גאנץ אנשטענדיגע פאמיליען־פאטערס, און זייא זוכען ניט קיין פרעמדע פרויען.

ווען איך בין פערטיג געוואָרען מיט מיינע בעטראַכטונגען, איז לואיז צוריק געקומען און מיך איינגעלאַדען צו מיטאג.

איך האב מיך שעהן בעדאַנקט, זיך געזעגענט, און געזאגט, אז איך מוז געהן אהיים.

עס איז מיר געווען אונגעהייער שווער אָבצרווענדען מיינע אויגען פון זייא. ווייל עס האט זיך מיר געדאכט, אז זאָ שנעל וויא איך וועל אומקעהרען מיין רוקען, וועט יעדער פון מיר לאַכען.

ענדליך האב איך געפאסט דעם מוטה און האב מיך אָבגעווענדעט. צור קומענדינג צום שטאל, האט שוין א דיענער געהאלטען מיין פערד בערייט. איך האב מיך אויפגעזעטצט און בין אָבגעפאָהרען עטליבע שריט, ווען איך האב בעמערקט א לייכטע דראָשקע צופאָהרענדינג צום פאלאסט.

עס איז געווען מאָנסיע נעיזשאָן! איך האב ווידער פערשפּעטיגט איהם צו זעהען, אָבער דיעזעס מאל, האט עס מיך הערצליך געפרייט. איך בין זיכער, אז עס וואָלט מיר אונמעגליך געווען איהם צו קוקען אין געזיכט.

6.

איך האב בעריהרט מיין פערד מיט דיא שפּאָרען, און איך בין געפלויגען אהיים. ווען איך האב מיך געזעהען דערווייטערט פון לע מורא, בין איך געווען העכסט צופריעדען און איך האב פרייא אויפגעאטהעמט.

עס איז מיר אָבער אויך אונמעגליך געווען צו פאָהרען דירעקט אהיים. איך האב געוואָלט זיין אביסעל מעהר אין דער פרייער לופט אום נאכצודענקען איבער אלעמען וואס עס האט מיט מיר פּאסירט.

מיר האט זיך געדאכט, אז דיא גאנצע וועלט לאכט פון מיר; אז זאָגאר דיא פיינעלעך אין דער לופט, מאכען חוזק פון מיין דומער אונערפאהרענהייט.

אלס איך בין אָנגעקומען אין וואלד, האב איך בעשלאָסען צו צופאָהרען און זעהען וואס דער וואלד־וועכטער טהוט, איבער וועלכען מען האט מיר לעטצטענס דערצעהלט, אז ער איז קראנק.

דערווייל האב איך מיך דערמאָהנט וויא איך האב געהאנדעלט געגען זיין שעהנע טאָכטער, מאדמאאזעל אנטאָאנעט, און איך האב מיך געוואָלט אומקעהרען צוריק.

„אויך זיא לאכט פון מיר,“ האב איך געמורמעלט.

איך בין שוין געווען ענטשלאָסען מיך ווידער אומצוקעהרען אין דער ריכטונג אהיים, וויא אונערווארטעט, איז דיא שעהנע אנטאָאנעט ערשיענען פאר מיינע אויגען.

זיא איז געווען פערוויינט, און אויף איהר שעהנעם געזיכט איז געלעגען א קראנקע בלאַסקייט.

ווען זיא האט מיך ערבליקט, האט זיא זיך וויא צוריק געשראָקען. איך האב איינגעהאלטען מיין פערד און געבליעבען שטעהען.

זיא איז אויך געבליעבען שטעהען צענערענד און ניט געשפראָכען.

א היבשע צייט האבען מיר זיך אָנגעקוקט אָהנע צו רעדען א וואָרט.

„מאָנסיע,“ האט זיא ענדליך געזאגט מיט א ציטערענדער שטימע. „מיין פאטער...“

„וואס איז מיט אייער פאטער?“ האב איך געפרעגט מיטליידיג און פער־אינטערעסירט.

„מיין פאטער איז געשטאָרבען.“

„געשטאָרבען?“

„יא.“

„ווען? וויא אזוי?“

„ער איז געשטאָרבען היינט פריה, און יעטצט ווייס איך ניט וואס איך זאָל טהון. איהר... איהר...“

דאס מערכען האט מיך טיעף געריהרט.

זיא האט אויסגעזעהען אזוי ריין, אזוי שעהן און אזוי אונשולדיג!

אין איהר בּענעהמונג איז אונטערדעסען געלעגען א מורא פאר מיר.

איך בין שנעל ארונטער פון פערד, און מיטליידיג, חרמה־האבענדיג אויף מיין גראָבער האנדלונג געגען איהר, האב איך געזאגט:

„שרעקט זיך ניט, פריילין, איך בין אייער פריינד. ענטשולדיגט מיר פאר מיין בענעהמונג געגען אייך. זייט אזוי גוט און פיהרט מיך צו אייך אום צו זעהען וואס דאָרט איז.“

מיין שטאָלץ איז געווען גענצליך געבראָכען. לואיז האט מיך אנגעלערענט, איך זאָל וויסען, אז איך בין א דומקאָפּ און בעזיטץ אין מיר א ברוטאַלע בענעה־מונג. איך בין געווען דאמאלס בערייט צו בעטען דיא גאנצע וועלט אום פער־צייהונג; איך האב מיך געפיהלט שולדיג געגען יעדען איינעם, און איך האב גע־פאסט א בעשלוס, פון דאמאלס אָן און ווייטער, אנדערש צו האנדלען געגען דער דאמען־וועלט, וועלכע האט בייא מיר ארויס גערופען א געוואלטיגען רעספעקט.

אנטאָנעט האט געוואָהנט מיט איהר פאטער אליין אין וואלד, זייט דאס

לעטצטע יאָהר. זיא איז געוועזן אין א פענסיאָן, וואו מיין פאטער האט איינגע־
צאָהלט פיר איהר ערציהונג. נאָר זייט איהר מוטער איז געשטאָרבען, איז זיא
אהיים געקומען אום צו זיין נעבען איהר אלטען פאטער, וועלכער האט זיך ניט גע־
פיהלט אמבעסטען.

ווען זיא האט מיך געהערט רעדען אזעלכע ווערטער צו איהר, האט זיא מיך
אנפאנגס בעטראכט מיט ערשטוינען, נאָר דאַן האט זיך אָבגעשפּיעגעלט אויף
איהר בלאַסעס געזיכט א פערזיכערענדע מיענע, און זיא האט אָנגעפאנגען צו געהען
פאָראויס.

„איך האב געוואָלט געהען צו אייער פאטער," האט זיא דערצעהלט, „אום
איהם מיטצוטהיילען איבער מיין אונגליק. דער אלטער בערטאָן, איז דערווייל גע־
בליעבען זיטצען נעבען דער לייכע. איך ווייס ניט וואס איך זאָל טהון."

איך האב זיא געטרייסט און איהר געזאגט, אז זיא זאָל ניט זאָרגען, אלעס
וועט זיין רעכט.

ווען מיר זיינען צוגעקומען צום שטיבעל, איז דער אלטער בערטאָן, א מאַן
פון א יאָהר זיעבציג, געזעסען בייא דער טהיר און געראויכערט זיין לולקע. ער האט
מיך דערקענט, און זיך אויפגעהויבען. דאַן בין איך אריין אין צימער וואו דער
טויטער איז געלעגען.

יא, אנטאָאנעט'ס פאטער איז געוועזן טויט; דאריעבער איז מעהר קיין
צווייפעל געוועזן. נאָר צו וועלכען צוועק איך בין דאס געגאנגען נאכזעהען, האב איך
אליין נים געוואוסט.

„האט איהר געהאט עפּעס א דאָקטאָר?" האב איך געפרעגט.

„יא," האט אנטאָאנעט געענטפערט. „דאָקטאָר זשעראָד פון ל. האט איהם
בעהאנדעלט."

איך האב ארויס גענומען 200 פראנקס און איבערגעגעבען אנטאָאנעט'ן פיר
דער בעערדיגונג פון איהר פאטער און מיך געלאָזען אוועק געהען.

„איך דאנק אייך," האט דאס מעדכען געזאגט וויינענדיג.

ווען איך בין ארויס פון דעם הייזעל, האב איך געשפירט א מערקווירדיגעס
געפיהל אין מיין הערצען. אזא געפיהל, האט זיך מיר געדאכט, האב איך נאך קיינ־
מאל נים געהאט.

וואס האט דאס בעדייטעט?

אנטאָאנעט'ס שעהנע פיגור איז געשטאנען פאר מיינע אויגען; איהר
טרויעריגער צושטאנד האט גערייכט ביז צו מיין זעעלע, און איין אונגעהייערער

שמערץ האט מיך ערגריפען זיך דערמאָהנענדיג וויא גראָב איך האב געגען איהר געהאנדעלט.

---

זעקס טעג זיינען פאָראיבער און איך האב פיער מאל בעזוכט מאדמאָאזעל אנטאָאנעט אין איהר וואלד־וואָהנונג. איהר פאטער איז שוין געלעגען אין בוזים פון דער ערד, און זיא האט ערקלערט, אז זיא וועט פערבלייבען ביז צו דיא 8 טעג אום צו ערפילען דיא ערשטע טרויער צייט נאך איהר פאטער, און דאן וועט זיא צוועק פאָהרען צו איהרע פריינדע נאך מארסייל.

„וואס וועט איהר דאָרט טהון?" האב איך געפרעגט.

„איך וועל מיר אויפזוכען א פּאָסטען אלס גאָווערנאנטין, און נאָט וועט מיר העלפען."

איהרע שעהנע אויגען האבען געגלענצט מיט טרערען און איהר צושטאנד האט מיך זעהר בעאונרוהיגט.

זייט דער צייט וואס איך האב אנטאָאנעט'ן ערבליקט פערוויינט און זיא האט מיר מיטגעטהיילט איבער איהר פאטער'ס טויט, איז זיא פון מיינע געדאנקען ניט ארויס. איך האב פון איהר פאנטאזירט בייא טאָג, און געטרוימט בייא נאכט.

איך האב צו איהר געשפירט אזעלכע געפיהלע, וויא איך האב נאך ניט גע־שפירט צו קיין איינציגעס פרויענצימער.

דאן האב איך פיעל איבערלייגט וועגען מיין צוקונפט.

עס איז אמת, האב איך מיר געטראכט, אז לואיז, טראָטץ איה" מונטערקייט, איז זיא דאך איין אנשטענדיגעס פרויענצימער; דאסזעלבע איז אויך מיט בערטהע'ן.

דיא פראגע איז נאָר: ווען איך זאָל מיך פערהייראטהען, ווען איך זאָל האבען א פרוי, און זיא זאָל פיהרען אזעלכע וועלטען וויא לואיז אָדער בערטהע, וואָס עס מיך ניט געקימערט? וואָלט איך ניט געווען אייפערזיכטיג?

דאס האב איך מיר ניט געקענט צונעבען. איך, אלס געבוירען און אויפגע־צויגען אויף דאס לאנד, וואו דיא פרויען זיינען שטיל, פרום און אונטערגעבען, וואָלט ניט געקענט צו זעהען וויא מיין פרוי ברעננט צו גאנצע נעכט מיט פרעמדע מענער, און דאס זאָל מיך ניט קימערן.

איך וואָלט צו אזא זאך ניט געקענט בלייבען גלייכגילטיג

אין אנטאָאנעט׳ן, האָב איך געזעהען א פראוויענציעל מיט איין אנדערען כאַ־ראַקטער, מיט איין אנדערע געוואָהנהייט. ניט אַכטענדיג דאַרויף וואָס זיא איז אָרעם, האָב איך בעשלאָסען, אַז זיא מוז זיין מיין פרוי.

„מאַדמאָאַזעל,“ האָב איך צו איהר געזאָגט, ווען זיא האָט מיר ערקלערט, אַז זיא וויל ווערען א גאָווערנאַנטין. „מיר ביידע זיינען שוין ניט מעהר קיין קינדער; איך וויל אייך פרעגען א דירעקטע פראַגע און איהר זאָלט מיר אויך געבען א דירעקטען ענטפער: וואָלט איהר געקענט גליקליך זיין אלס מיין פרוי?“

אַנטאָאַנעט האָט אויף׳ן פּלאַטץ ניט געקענט ענטפערן. א רויטע פאַרב האָט פּלוצלינג אויפגעלעבט דאָס בלאַסקייט פון איהר געזיכט.

„וואָס פאַר איין עהרע, מיין הערר,“ האָט זיא געמורמעלט.

„אויך פאַר מיר, אַנטאָאַנעט, ווען דאָס זיין איין עהרע, האָב איך געשמאַ־מעלט, „ווען איהר וועט איינשטימען צו ווערען מיין פרוי. איך האָב אייך אין א טאָג בעליידיגט, שענדליך בעליידיגט, אָבער גלויבט מיר, אויף דעם וואָרט פון איין שהרענמאַן, דאָס איך בערייהע דאַרויף פון מיין טיעפסטען הערצען, און איך וועל וויסען וויא אייך צו שעטצען.“

„אָבער...“ האָט זיא געמורמעלט.

„וואָס איז פאַר א הינדערנים?“ האָב איך געפרעגט.

„אייער פאַטער, מאָנסיע, וועט ניעמאַלס איינשטימען צו אזא פעראייניגונג,“ האָט זיא געענטפערט.

אין דעם האָב איך גאָר פערגעסען, און איך האָב מיך אוועק געזעטצט נעבען אנטאָאַנעט׳ן צו בעשפּרעכען וואָס עס קען ווערען.

איך האָב גענומען איהר האַנד אין מיינע און זיא געקושט מיט דעם ריינעם און העכסטען געפיהל פון ליעבע.

מיר האָבען דאַן בעשלאָסען, אַז זיא זאָל ווירקליך אוועק פאָהרען נאָך מאַרסייל צו איהרע פריינדע, אָבער זיא זאָל דאָרט פערבלייבען אום צו פערפאָל־קאָמען איהר בילדונג, און וואַרטען ביז דיא צייט זעכבסט וועט אונז צייגען איין אויסוועג פיר אונזער גליק.

---

צום שלוס וועל איך דאָ איבערגעבען איינינע קאָפּיען פון מיינע איינענע בריעף וואָס איך האָב קאָררעספּאָנדירט מיט א פּאַאַר פערזאָנען.

ערשטער בריעף.

מיין געליעבטע אנטאָאנעט : —

עס איז געווען טרויער מיט פרייד צוזאמען. עס איז וואהר, צו פערלירען א צערטליכען און גוטען פאטער, איז ניט קיין קליינינקייט, אָבער דאָך, האב איך מיר ניט געקענט העלפען זיך צו פרייען, אז ענדליך איז דיא צייט געקומען, ווען מיר זאָלען קענען ביידע גליקליך זיין.

זאָלאנג מיין פאטער האט געלעבט, איז עס אונמעגליך געווען אונזער ציעל צו עררייכען. דוא האסט מיר אפילו צאָהלרייכע מאל געשריעבען, אז דוא דארפסט קיין פערמעגען און ביסט צופריעדען צו לעבען מיט מיר זאָגאר אין ארמוטה, אָבער, מיין ליעבעס קינד, איך וויל דוא זאָלסט זיין מיין קעניגין, און איין ארעמע קעניגין, איז זעהר ביטער.

צו מיין גרעסטעס בעדויערן קען איך מיין דיפּלאָמאטישען פּאָסטען ניט פערלאָזען ביז מאָרגען אבענד. אָבער מאָרגען נאָך האלבע נאכט, וועל איך זיין אין לע באָקעט און וועל זעלבסט זעהען וואס עס איז צו טהון וועגען דער בעד ערדינונג פון מיין פאטער.

איך וועל מעהר ניט צוריק קעהרען, און איך גלויב, אז מען וועט אָנ נעהמען מיין רעזיגנאַציאָן.

זעה דוא זאָלסט קענען זיין בייא דער לוית.

דיין ערגעבענסטער —

צווייטער בריעף.

מיין געליעבטע אנטאָאנעט : —

דיא טענות פון מיינע קרובים זיינען געווען אומזיסט. אין געריכט־הויז, האט מען זיך פון זייא אויסגעלאכט. זייער אדוואָקאט האט בעהויפּטעט, אז ווען מיין פאטער וואָלט געוואוסט, אז איך האב בעשלאָסען מיט דיר צו הייראטהען, וואָלט ער מיך געמאכט פאר אויס יורש. דאס קען שוין אמת זיין, אָבער דיא ריכטער האבען דערפון ניט געוואָלט וויסען, און צוריק געוויעזען זייערע פאָר דערונגען פיר א טהייל אין דער ירושה.

איך וועל וואהרשיינליך פון היינט אין אכט טעג ארום, זיין מיט דיר אין מארסייל. זאָרג ניט אום מיר ; איך בין געזונד און מונטער.

יא, דיינע ווערטער וועל איך קיינמאל ניט פערגעסען. דוא האסט רעכט, מיר דארפען זעהען טהון גוטעס אין דער וועלט מיט אזא גרויסעס פערמעגען.

גלויב מיר, ווען איך וואָלט וויסען, אז מיינע קרובים בעקעמפיגען זיך אין דעם טהייל ירושה, וואָלט איך ניט געוועזען דאגעגען. אָבער בייא זייא וואָלט עס הייסען, אז מען גיסט אַרויף ווייען אויף וויין.

— דיין ערגעבענסטער

### דריטער בריעף.

מיין געליעבטע אנטאָאנעט : —

דוא שרייבסט מיר, אז מאדאם נעיזשאָן און מאדאם נאָשראָד האבען דיך בעזוכט. דיין אורטהייל איבער זייא, אז זייא זיינען „מונטערע אָבער גוטע זעעלען," איז א ריכטיגער. דוא ביסט אימער געוועזען קליגער אלס איך, און דוא האסט זייא שנעל בעגריפען.

דיא צייט איז קורץ און איך בין זעהר בעשעפטיגט, זאָנסט וואָלט איך דיר אָבגעשילדערט איין אינטערעסאנטע געשיכטע פון דער פערגאנגענהייט וואו איך האב פיעלעס ערפאהרען דורך מיין דומהייט. איך וועל עס דיר אָבער קירצליך ערצעהלען ווען איך וועל זיין מיט דיר צוזאמען.

ניין, דוא זאָלסט אלעס וויסען איבער מיר און מיין פערגאנגענהייט. איך בין א געוואלטיגער געגנער פון דער אלטער פילאָזאָפישער שולע, וואס לערענט צו בעהאלטען א סוד פאר דער פרוי. און געגענטהייל, איך גלויב, אז דיא פרויען זאָלען אימער אלעס וויסען איבער דער פערגאנגענהייט פון זייערע מענער, און זייא, און זייער נאטירליכע שארפזיניגקייט און גרעסערע ריינהייט וויא דיא מענער, זאָלען זייא וויסען וויא אומצונעהען מיט דיא „קעניגע דער שעפפונג" — דיא מענער — און זייא ניט לאָזען פערקריכ'ען אויף נארעשע וועגען.

— דיין ערגעבענסטער

### פיערטער בריעף.

פריינד פעליקס : —

עס איז ניט מיין פרוי'ס שולד וואס איך בין לעטצטע וואָך ניט געקומען נאך פאריז. דוא ווייסט גאנץ גוט, אז זיא שטערט מיר קיין זאך און גיבט מיר דיא פאָלשטענדיגע פרייהייט צו טהון וואס איך וויל.

אָבער דאס אליין, זעהסטו, איז דיא גרעסטע הינדערניס מיינע, ווארום איך נעה ניט זוכען קיין פרעמדע געזעלשאפט.

אך פעליקס ! ווען אלע פרויען, וויא מיין אנטאָאנעט, וואָלטען געוואוסט

צװי אומצוגעהען מיט זײערע מענער, פערזיכער איך דיך, אז דיא מענשהײט האָלט גליקליכער געלעבט. זיא איז כמעט איטער צו הויז און זיא רעדט מיט מיר קײנמאל ניט פון אונזער ליעבע; זיא זוכט אויך ניט מײנע צערטליכקײטען. דאַגעגען אָבער, איז זיא געװען פון דעם ערשטען טאָג נאָך אונזער האָכצײט, מײנע קאַמעראַדין. זיא פערװיקעלט אימער א געשפרעך איבער א געגענשטאַנד װאָס אינטערעסירט מיך און פערבלײבט געבען מיר, אַזוי לאַנג װיא זיא שפירט, אז עס איז מיר אַנגענעהם. דאַן זאָגט זיא צו מיר:

„װירקליך, דוא ביסט פערמאַטערט. געה אַרױס ערגיץ, אין א קאַפעע־האַלאָן, אין א קלוב, אָדער פאָהר ערגיץ.“

װער קען דאָס אװעק פאָהרען פון אַזא פרױ? װאו קען מען דען געפינען אַנגענעהמערע געזעלשאַפט, װיא מיט אַזא עדעלע און גוטע קאַמעראַדין?

נעכטען דעם גאַנצען טאָג, האָבען מיר בײדע פערבראַכט אין בעזוכען װאָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען, און איבעראַל, נאַטירליך, האָב איך עפּעס צוריק געלאָזען.

עס איז מערקװירדיג, פעליקס! טאָג אַזוי נאַכט ליעגט מיר מײן פער־מעגען װיא א לאַסט אויף'ן קאָפּ. איך האָב צופיעל! אַלע מײנע געװעזענע און יעטצטיגע פרײנד, זײנען ניט צופריעדען מיט װיפיעל זײא האָבען, און איך האָב אין איבערפלוס.

עס איז אימער אַנטאָאַנעט'ס אַרבײט. מיר לעבען אין א פּאַלאַסט מיט מעהר װעניג דיענערשאַפט, און דאָך איז אונזער לעבען אַנגענעהם, אינטע־רעסאַנט און צופריעדענשטעלענד. מיר קענען לעבען מיט א 20־טען טהײל פון אונזערע אײנקינפטע. נאַטירליך, מײן אַנטאָאַנעט פערשטעהט װיא אַזוי דאָס אַלעס צו פיהרען.

און, גלויב מיר, עס ליעגט פיעל מעהר גליק אין דעם לעבען צו טהון אַנדערע גוטעס, װיא אין דער לוקסעריע פון אַנדערע מענער.

אָבער גענוג דאַריבער. איך װיל האָפען, אז דוא װעסט מיר ענט־שולדיגען דערפאַר װאָס איך האָב ניט געהאַלטען מײן פערשפּרעכען. קום אַרױס אַביסעל צו מיר, און מיר װעלען זיך שעהן אַמוזירען.

דײן פרײנד —

### פינפטער בריעף.

פריינד פעליקס : —

דיא וואהרהייט איז, אז איך האט פּאָליטיקער, אָבער, זאָלאנג דוא זאָגסט מיר, אז מאַנסיע נעיזשאַן און מאָנסיע נאַשראָד וועלען מיטברענגען זייערע פרויען, בין איך זעהר צופריעדען.

אנטאָאנעט אייפערזיכטיג? נעה שוין נעה; זיא איז ניט אזעלכע וויא דוא מיינסט. יא, זיא ווייס פון מיין גאנצער דומהייט וואס איך האב בע־גאנגען נעגען לואיז׳ן, און טראָטץ דעם איז זיא העכסט צופריעדען זיא צו האבען אלס פריינדין.

דיין פריינד —

### זעקסטער בריעף.

אַן מאדאם נעיזשאַן : —

איך וויל האָפען, אז איהר מיינט מיך ניט צו שמייכלען מיט מיין פרוי, און אייערע ווערטער זיינען וואהרהייטען. איך האב אייך פערשפּראָכען צו געבען איין ערקלערונג, וויא איך קום דערצו איך זאָל זיא אויסוועהלען אלס מיין פרוי

גוט, איך וועל עס טהון.

ערשטענס קען איך ניט אָבלייקענען דאס גרויסע געזעטץ אין דער נאַטור וואס טרייבט צו געשלעכטליכע ליעבע. אנטאָאנעט איז ניט נאָר יעטצט א שעהנע פרוי, זאָנדערן זיא איז אויך געוועזען א שעהנעס מעדכען. צווייטענס, נאכדעם וויא איך האב פון אייך, דאמאלס, געקריעגען דיא בעקאַנטע פּאָרציע מוסר, האב איך מיך געשפּירט שרעקליך ערניעדריגט און א געוואלטיגער רעס־פּעקט האט זיך אין מיר ערוועקט געגען אלע פרויען. מיין אנטאָאנעט׳ן האב איך, אין מיינע לומפּיגע אנזיכטען, אין א טאָג בעליידיגט, און איך האב גע־שפּירט, אז איך בין איהר דאפּיר פיעל שולדיג.

אין דערזעלבער צייט האב איך אייגנעזעהען, אז פאר אזא דאָרפּס־יונג וויא איך בין, קען ניעמאלס פּאסען א פּאריזער דאמע. איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט, מאדאם, אז איך וואָלט מיט אזא פרוי וויא איהר, ניט גע־קענט וואָהנען, אונגעאַכטעט דארויף, וואס איך ווייס יעטצט, אז איהר זייט דיא אַנשטאַנד זעלבסט. יעדער דאַרף זיך אויסקלייבען זיין מין. מען מוז זיין א

מאָנסיע נעזשאָן, אום צו קענען וואָהנען מיט א מאדאם נעזשאָן. װעלכער וויא איך בענעטהיג אנטאָאנעט׳ן. גלויבט איהר ניט, אז עס היינגט אָב זעהר פיעל פון דער ריכטיגער וואהל? אונפאסענדע כאראקטערע, שאפען איין אונ־פאסענדעס פאאר מיט אונגליקליכע רעזולטאטען.

אונטערדעסען האלט איך אייך ביי איער ווארט, אז מיין דומהייט וועט ניטמאלס ארויס אין דער עפענטליכקייט. פעליקס האט עס מיר אויך פערשפראָכען. פאר אנטאָאנעט׳ן האב איך ניט וואס מורא צו האבען, זיא וויים אלע מיינע געהיימניסע.

— אייער פריינד

ע נ ד ע

# א ליעבעס־נאַכט.

1.

דאס שטעטעל פ. איז געבויעט אויף א בארג. א שמאלער אָבער א טיעפער טייך רינגעלט ארום דעם בארג, און פליעסט אוועק ווייט צווישען די אונצעהליגע טהאָלען. דעם טייך רופט מען שאנטעקלייר (קלאפ־קלינגען). דיא אורזאכע דערפון איז, ווייל ער קלינגט מיט זיינע קריסטאל־קלארע וועללען ווי זילבערנע גלעקלעך.

גוער עס קומט אין שטעטעל פ. פון ווערסאיל, מוז פאסירען דעם שאנטעקלייר דורך דעם זיד־טויער, וואו א שטיינערנע בריק פערבינדעט ביידע ברעגעס איבער דעם וואסער.

וויא מען קומט נאָר אריין אין שטאָדט, איז דער ערשטער וועג דורך דער באָ־סאַלעיל גאס, וועלכער פיהרט ארויף צו דער הויפט בעוואוינטער געגענד דיא גאס איז וויא געוועהנליך זעהר שטיל, און ביי נאכט דאכט זיך, אז זאָגאר דיא הייזער טרוימען.

פון צווישען דיא גרויסע שטיינער וואס פלאסטערן דיא גאס, קען מען זעהען, אין דער זומער צייט, ארויס שטעקען הויכע גרינע גראָזען, וועלכעס בעווייזט, אז מען געהט ניט צו פיעל אין יענער געגענד. דיא הייזער אליין, זיינען איינגעוויקעלט וויא אין גרינע מאנטלען מיט אלערלייא בלומען־קאָלירען.

עס איז א פערשלאָפענע שטאָדט. אלע האלבע שטונדע קען מען הערען דיא טריט פון א מענשען קלאפען איבער דיא שטיינער, און דערביי רופט זיך אויף אָב א הונד פון א הויף מיט א הויכער האווקערייא. עס זעהט אויס, אז דער הונד פראָטעסטירט געגען דעם פארביינעהער, וועלכער שטערט דיא רוהע.

מונטערער וויא איבעראל, איז ביים עק פון דער שטראסע, ווען א פאאר אָפיצירען געהען פון זייער רעסטאָראנט אהיים, אָנגעגעסען און זעהר פרעהליך. דאס געשעהט אָבער אויך מיט א מאקסטמעסיגער פינקטליכקייט, צוויא מאל אין מאָג. דיא הינט האבען זיך שוין אזוי געוואוינט דערצו אז זייא האווקען

אין איינעם פון דיעזע הייזער אין דער באַ־סאַלעיל גאַס, האַט געוואוינט יוליאַן מישאַן. ער האַט געהאַלטען א גרויסעס צימער אין ערשטען שטאָק. זיין איינגאנג איז געווען דורך׳ן קאָרידאָר און ער האַט קיינעם ניט געשטערט. יוליאַן האַט גע־לעבט שטאַרק צוריק געצויגען פון דער גאנצער וועלט, און זאָגאר פאר אזא פער־שלאָפענער שטאָדט, האַט זיין לעבען אויך אויסגעזעהען איינזאַם. צור צייט פון אונזער שילדערונג, איז ער אַלט געווען 25 יאָהר.

יוליאַן מישאַן האַט געהאַט עלטערן, נאָר ער האַט זיך ניט געקענט פיעל עראינערן אן זייא, ווייל זייא זיינען געשטאָרבען, ווען ער איז נאָך געווען גאנץ יונג.

דיא פאמיליע מישאָן האַט געלעבט אין דיעזער געגענד זייט איינינע דורות, און דיא מלאכה פון רימערייא אָדער זאָטעל־מאכערייא, איז געווען א ירושה פון פאטער צו קינדער. נאָר אזוי וויא יוליאַן האַט קיין צייט ניט געהאַט צו לערנען דיא מלאכה פון זיין פאטער, האַט איהם זיינער איין אָנקעל פריהער געגעבען אין א שולע, דאַן האַט ער איהם בעזאָרגט מיט א שטעלע אַלס עקספעדיטאָר, וואו ער האַט פערדיענט 500 פראנק א יאָהר. דאס איז אפילו ניט געווען פיעל געלד, אָבער יוליאַן, אַלס שפּאַרזאַמער יונגער מענש, האַט אויך דערפון עפּעס געשפּאַרט. ער האַט זיך מיט דער צייט אזוי צוגעוואָהנט צו זיין בעשעפטיגונג, אַז ער האַט פער־געסען אן דער ירושה־מלאכה פון זיין פאמיליע, און איז גאנץ צופריעדען געווען מיט זיין שיקזאַל.

יוליאַן איז געווען גרויס געוואַקסען, זעהר קרעפטיג געבויעט און ברייט־ביינעריג. זיינע דיקע און אונרעגעלמעסיגע הענד, האַט ער מאַנכע מאַל אַליין פעראַכטעט. דערצו האַט ער געהאַט א מין שפּיטציגען קאָפּ און זעהר א העסליכעס געזיכט. ער האַט געוואוסט, אַז ער איז מיאוס, און ער האַט אויך פערשטאַנען, אַז דיא וועלט רעכענט איהם אזוי, און דיעזעס בעוואוסטזיין, האַט אויף א הם געווירקט וואס ער איז געווען שעהמעדיג, צוריק געצויגען, און, איבערהויפּט, האַט ער זיך שטאַרק גע־האַלטען פון ווייטען פון פרויען־געזעלשאַפט.

דיא איינציגע פרוי, מיט וועלכער ער פלעגט זיך יא בעגעגענען, איז געווען זיין וועשערין. דיעזע, א מיטעל־יעהריגע און ניט קיין מיאוס׳ע פרוי, האַט צו איהם געזאגט אין א טאָג לאַכענדיג:

„עס איז גאר ניט אזוי דיא מעשה וויא מען מאכט! בלעבען יוליאַן, איהר זייט נאָך אַלעמען, גאר ניט אזוי מיאוס; איך האָב געזעהען נאָך מיאוס׳ערע כעני**ער**.“

דאס איז געווען א קנאפע טרייסט פאר איהם, און עס האט אויך געהאט די ווירקונג, וואס ער האט נאך מעהר אויסגעמיעדען די מענשען.

ווען ער פלעגט געהען אויף דער שטראסע, האט ער געהאט א טבע צו ווארפען מיט די הענד ווי א משוגענער. זיין רוקען איז געווען ווי איינגעקרימט, און זיין קאפ האט ער געהאלטען ארונטער געבויגען, גלייך ווי ער האט איהם ניט געוואנט אויפצוהייבען יעמאנד זאל איהם זעהען.

אויף דער שטראסע פלעגט ער זיך אפט ווייזען, ווען ער איז געגאנגען פון און צו דער ארבייט. די איבריגע צייט, האט ער ניט געוואנט ארויס צו געהען זעהר אפט.

מיט דער צייט האט זיין איינבילדונג פון העכסליכקייט, אזא איינדרוק גע־מאכט איבער איהם, אז דאס האט געווירקט אויף איהם ווי א קראנקהייט אויס־צומיידען יעדען און זיך בעהאלטען.

עס איז אלזא קיין וואונדער ניט, ווען דער ארמער יוליאן האט ענדליך בע־שלאסען אזוי צו צוברעכענען זיין וועלט, און ניט פערקעהרען ניט מיט קיין חברים און ניט מיט פרויען. אויב ער האט ווען עס איז געדענקט וועגען ליעבע, האט דאס נאר ארויס געדופען אין איהם שמערץ, וויל ער האט געוואוסט, דאס אין פאל ער זאל ליעבען א פרוי, וועט זיא געוויס ניט ערווידערן זיינע געפיהלע.

די געוואהנהייט שפיעלט א גרויסע ראלע אין אונזער לעבען; מיר קענען זיך געוועהנען צום שלעכטען גראדען ווי צום גוטען. עס האט שוין ניט נאר איין מאל פאסירט, וואס א געפאנגענער, זיטצענדיג יאהרען־לאנג אין א געפענגניס, האט זיך צוגעוואהנט צו אזא לעבען, און דאס איז אויך פאר איהם געווען גוט. מיט יוליאנען האט פאסירט דערזעלבער פאל; ער האט זיך צוגעוועהנט צו זיין לעבען און עס האט איהם אויפגעהערט צו ערגערן. נאך מעהר, ער איז זאגאר גליקליך געווען מיט זיין שיקזאל.

פון דער נאטור, איז ער געווען א רוהיגער און זארגענלאזער מענש. זיין טעגליכעס לעבען, וועלכעס איז געגאנגען יאהר איין, יאהר אויס, אהן ענדערונג, האט איהם גאר ניט בעאונרוהיגט. ער האט געוואוסט, אז אזוי איז עס, און בעסער קען עס ניט זיין. ער איז אלזא געווען פאלקאמען איינפערשטאנען מיט דעם ווי עס איז.

יעדען פריה־מארגען איז ער געגאנגען צו זיין ארבייט און אנגעפאנגען זיין בע־שעפטיגונג, וואו ער איז געבליעבען שטעהען מיט איין אבענד פריהער. דאן פלעגט

ער עסען פריהשטיק, וואס איז געוועהנליך בעשטאנען פון א שטיקעל ברויט, און ווידער פארטגעזעטצט דיא ארביים. דאן איז געקומען דער מיטאג, און אבענד האט ער זיך געליינט אין בעט און געשלאפען. אין דער פריה איז ער אויפגע־שטאנען, און שטארק הנאה געהאט ווען דיא זונן האט איהם בעגריסט דורך זיין פענסטער. אזוי איז עס געגאנגען פון טאג צו טאג, פון וואך צו וואך און פון מאָ־נאט צו מאָנאט, אונ־אונטערבראָכען.

יוליאן האט אויך געהאט זיין גענוס און פערגניגען אין לעבען. אבענד, ווען ער האט אָבגעגעסען זיין נאכטמאהל, פלעגט ער זיך אמאל פערגינען און ארויס געהען אויף דער פרייער לופט. ער האט מעהרערע מאל שפּאצירט ביז צו דער בריק אויפ'ן שאנטעקלייר, וואו ער האט זיך געזעטצט, געקוקט אין וואסער און איינגעאטהעמט דיא ריינע לופט. אזוי האט ער געקענט זיטצען ביז ארום 9 א זייגער, און דאן האט ער צוריק געקעהרט אהיים.

דערזעלבער יוליאן האט אויך צייטענווייז געקענט פילאָזאָפירען. ער פלעגט בליקען אויף שאנטעקלייר און זיך טראכטען, אז דאס לעבען און עקזיסטענץ פון איהם מיט דעם טייך איז זעהר עהנליך. ער, יוליאן, טהוט יעדען טאָג דיעזעלבע ארבייט, און עהנליכעס געשעהט מיט דעם שאנטעקלייר, וועלכער פליעסט טאָג טעגליך איבער דעמזעלבען פּלאטץ און איבער דיעזעלבע ברעגעס.

אין א שעהנער נאכט, האט ער אויך געסענט זיין פּאָעטיש, דען ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען צום אויסגעשטערנטען הימעל, און קוקענדיג צו דיא שטערען, וועלכע האבען געפינקעלט שטיל און געהיימניספאָל, האט זיך זיין הערץ אָנגעפיללט מיט א גליקליכעס געפיהל פון רוהע און צופריעדענהייט.

דאן איז געקומען דער זונטאג, א טאָג ווען מען ארביים נים און מען איז פרייא. ווען דאס וועטער איז געוועזען שעהן, האט יוליאן אוועק שפּאצירט ווייט איבער דעם שאנטעקלייר, און געוואנדערט אזוי לאנג איבער דיא פעלדער, ביז ער פלעגט אבענדס אהיים קומען טויט מיעד, אָבער דאָך זעהר צופריעדען מיט זיך זעלבסט.

דיא צייט פיהרט צו אלעמען, און אויך יוליאן האט מיט דער צייט געקריגען א חבר. דיעזער איז געוועזען א טויב־שטומער קופּפער־שמידט. מיט איהם האט ער ארום געשפּאציערט פיעלע נאכמיטאגען. יוליאן האט ניט געקענט דיא פינגער־שפּראכע, און ער איז געוועזען צופריעדען אפילו זיך ניט איינצופערשטעהען מיט זיין חבר.

דיעזער שטומער האט איהם אמאל בעוואוינען אריין צו געהען אין דעם

„קאפעט־וואַיאזשער“, וואו זייא האבען עטליכע מאל פערבראכט אייניגע שטונדען צייט אין שפיעלען אונצעהליגע דאמענפארטיען.

יא, מיר האבען גאר פערגעסען. יוליאַן האט נאך געהאט איין אנדערן פריינד, דיעזער איז געוועזן א הונד, אבער זייט דער ארמער הונד איז איבערגעפאָהרען געוואָרען פון א וואַגען, האט ער שוין קיין אנדערעס טהיער אלס פריינד ניט געוואָלט אויפנעהמען.

געהענדיג אהיים, האט ער אין א טאָג ערבליקט א 10־יעהריגעס מעדכען, באָרועס און אין שמאטעס געקליידעט, וועלכע האט פערקויפט שוועבעלעך. מיט דיעזען קינד האט ער דאדורך בעקאנטשאפט געשלאָסען, ווייל ער פלעגט איהר געבען א גראָשען און קיינמאל ניט געוואָלט נעהמען איהר סחורה.

עס איז איבריג דאָ נאך צו דערצעהלען, אז אבענד האט יוזן איהם ניט געקענט זעהען אין דער געזעלשאפט פון קיין פרויענצימער. זאָגאר דיא פאבריק־מיידלעך, אונטער וועלכע עס האבען זיך געפונען פיעלע וואס האבען ווענינ געאכטעט אויף פרומקייט, האבען איהם אויסגעמיעדען. דיא אורזאכע דערפון איז געוועזן, וואס צו איין צייט, ווען מען האט איהם פאר זייא פאָרגעשטעלט, איז ער געבליעבען שטעהען אזוי דום און נאריש, גלייך וויא ער וואָלט געוועזן א ווילדער.

א פאאר אָרימע מיידלעך, וועלכע וואָלטען זיך אפילו ניט ענטזאגט מיט איהם צו הייראטהען, טראָטץ זיין העססליכקייט, האבען בעהויפטעט, אז ער איז צו דום, אנדערע וויעדער האבען געזאגט, אז ער איז וויא א שמילעס וואסער וואס גראָבט טיעף, און מען דארף זיך היטען פאר איהם.

דער אמת איז, אז דער ארמער יוליאַן האט זיך איבעראל געזעהען פרעמד, און דער איינציגער פלאטץ, וואו ער האט געקענט פרייא אויפאטהמען, איז געוועזן זיין צימער. דאָ האט ער זיך געזעהען בעשיטצט געגען דער גאנצער וועלט. דאָ האט ער געברומט, געלאכט, געשריען, און אמאל, ווען ער האט זיך ערלויבט זיך אנצוקוקען אין שפיעגעל, האט ער זאָגאר אויסגעפונען, אז נאך אלעמען, איז ער גאר ניט אזוי מיאוס און ער זעהט אויס גאנץ יונג.

אין צימער איז געוועזן א גרויסע סאָפא, א רונדער טיש מיט צווייא ביינקלעך און א געבעטער שטוהל. אויסער דעם איז נאך געבליעבען געגוג פלאטץ גאנץ בעקוועם ארום צו שפאציערען.

יוליאַן איז זעהר אָפט ארום געגאנגען איבער דעם צימער, דאן, ווען ער איז מיעד געוואָרען, האט ער זיך געלייגט אויף דער סאָפא. צו הויז האט ער קיינמאל

געשריבען, אויסער אין זיין אָפיס וואו ער איז געווען בעשעפטיגט. ער האט אפילו א פאאר מאל פראָבירט צו לעזען, אָבער דאס האט איהם שטארק ערמיעדעט און ער האט עס באלד אויפגעגעבען. אונטערדעסען האט איהם קיינמאל נים גע־לאנגוויילט.

דיא בעל־הבית׳טע פון דעם רעסטאָראנט, וואו ער פלעגט עסען נאכטמאהל, האט אין איהם געזעהען א ווילדע בריאה, און אזוי וויא זיא איז שוין געווען איין עלטערע און ערפאהרענע פרוי, האט זיא בעשלאָסען איהם אביסעל אויסצובילדען, דערמיט וואס זיא האט איהם געליהען איינינע ראָמאנען. אָבער ער האט איהר דיא ביכער צוריק געבראכט, אָהנע זאָגאר צו וויסען וואס זייא ענטהאַלטען. דיא פער־וויקעלטע געשיכטען פון א ראָמאן, וואו דיא שרייבערס שילדערן ליעבעס־וועהטינען, האבען פיר איהם קיין אינטערעסע געהאט.

יוליאן האט געקענט אביסעל צייכנען אָדער מאלען, און דארויף פלעגט ער יא אמאל פערברענגען א קורצע צייט. אָבער אימער איז בייא איהם ארויס געקומען דערזעלבער פרויענקאָפּ, מיט שארפע און שטרענגע געזיכטס־צינע, מיט ברייטע בענדער איבער איהרע שולטער און א קרעלען־שנור אויף׳ן האלז.

אָבער יוליאן האט געהאט איין אונטערהאלט, וועלכען ער האט ווירקליך זעהר געליעבט. דאס איז געווען פלייט־שפיעלען.

וויא אזוי יוליאן האט זיך אויסגעלערענט שפיעלען פלייט, איז ווירקליך זעהר אינטערעסאנט. עס איז געווען נאך מיט א דרייא יאָהר צוריק, ווען ער איז אין א טאָג פארביינגעגאנגען אין מארק־פלאטץ און געזעהען אויף א לאָדען ליעגענדיג א פלייט פון א העלל־געלבעם האָלץ. ער האט גלייך בעשלאָסען צו קויפען דיעזען אינסטרומענט און זיך אויסלערנען שפיעלען.

בייא טאָג האט ער זיך געשעהמט אריין צו געהען פרעגען וויפיעל דער פלייט קאָסט, און אזוי האט ער אָבגעווארט ביז אבענד, געפאסט מוטה, אריין צו דעם קויפמאן, געפרעגט דעם פרייז, באלד אזוי פיעל בעצאָהלט, און מיט דעם פלייט צוגעפרעסט צו זיין ברוסט, איז ער באלד אהיים געלאָפען.

צווייא יאָהר דורכאנאנד, האט יוליאן פראקטעצירט אויף זיין פלייט א שטונדע אין דער נאכט. וועהרענד דעם, האט ער פערמאכט טהירען און פענסטער, און אזוי לאנג געבלאָזען, ביז ער האט געקענט נאכשפיעלען א פאאר מעלאָדיען. דאן האט ער זיך איינגעשאפט נאָטען און זעהר פלייסיג אליין געשטודירט, ביז ער איז איטשטאנרע געווען נאכצושפיעלען איינינע אלטע מוזיקאלישע שטיקער.

ערשט זיט זעקס מאָנאט, האט ער געוואָגט צו עפענען אבענד א פענסטער אום מען זאָל הערען וויא ער שפיעלט. ער האט גאַנץ גוט נאכגעשפיעלט א פּאאר ראָמאנסען פון דעם פאָריגען יאהרהונדערט, און דיא מוזיק האט געקלונגען ווייך און טרוימעריש אין דער שטילער נאכט־לופט שוין נאכדעם וויא מען איז איינגע־שלאָפען אין דער נאכבארשאפט.

אָבער יוליאן האט מיט זיין שפיעלען קיינעם ניט געשטערט און קיינעם ניט אונטערהאלטען, דען אין אזעלכע קליינע שטעדטלעך, שלאָפט מען זעהר געשמאַק. בייא טאָג האט יוליאן ערשטענס קיין צייט ניט געהאט, און צווייטענס ניט געוואָגט צו שפיעלען.

זעהר אָפט האט יוליאן גאר אין גאַנצען אויסגעלאָשען דאס ליכט אין זיין צימער, און קענענדיג זיינע מעלאָדיען אויסוועניג, האט ער זיך געטראַכט, אז מען קען גאַנץ גוט שפיעלען אין דער פינסטער און דערבייא ערשפּאָרען דאס ליכט. מאנכע מאל האט עס פּאסירט וואס א פאַרבייגעהער איז געבליעבען שטעהען צו הערען דיא צאַרטע מעלאָדיען פון דעם פלייט, וויא זייא האבען זיך צוגאָסען מילד און צויבערהאפט איבער דער שטילער לופט. עס האט זיך געקענט דאכטען, אז דיא נאכטיגאלען געבען אָב קאָנצערט אויף דיא גרין־געקרוינטע צווייגען.

אלס שכנים האט ער געהאט דעם נאָטאר סאַווארנין און דעם פענסיאָנירטען קאַפּיטאַן פּידו, וועלכע האבען זיך געלייגט זעהר פריה צו בעט, און קיין צייט גע־האט צו הערען יוליאן׳ס מוזיק. געגענאיבער האט געוואָהנט דיא אדעליגע פאמיליע מארזאן, און זייער פּאלאסט האט אויסגעזעהען גראדע אזוי גרוי, געעלטערט און טרוימעריש וויא זיינע אלטע ראָמאנסען.

דער פּאלאסט פון דער מארזאן פאמיליע, איז געלעגען איינגעהיעלט אין גרינע צווייגען, בלומען און הויכעס גראָז. פון דעם גרויסען פראָנט־טויער, האבען זיך נאָר ארויס געזעהען דיא אייזערנע נעגעל. אויף׳ן ערשטען שטאָק פון דער געביידע, גע־גענאיבער יוליאן׳ס צימער, זיינען געוועזען צעהן פענסטער, אָבער מיט דער רעגעל־מעסיגקייט פון א זייגער, פלעגען זייא יעדען פארנאַכט צוגעשלאָסען ווערען מיט דיא לאָדענס און ווידער געעפענט ווערען אויף׳ן אנדערן מאָרגען.

וואס אינוועניג האט זיך געפונען, איז אונמעגליך געוועזן צו ערפאהרען, ווייל דיקע פאָרהענגע האבען אימער אלעם פערשטעלט.

לינקס פון דעם פּאלאסט, איז געשטאַנען איין אלטער קאסטאניען בוים און איינגעהיעלט א גאַנצען טהייל פון דער געביידע מיט זיינע ברייטע און דיקע צווייגען. דיעזע שטילע און טרוימערישע איינזאַמקייט פון דעם פּאלאסט, האט

געטאכט א גוטען איינדרוק איבער יוליאנען, און ער פלעגט מאנכע מאל שטונדען לאנג בליקען אהין און זיך פארשטעלען טויזענדער פאנטאזיען איבער דיא געהיימניסע וואס מוזען ליגען פערבארגען צווישען דיעזע ווענט.

סאי זומער, סאי ווינטער, האט יוליאן ניט געזעהען קיין מענשען אריין אָדער ארויס געהען פון דיעזען פאלאסט. ער האט אמאל געפרעגט דאריעבער, און מען האט איהם דערצעהלט, אז דיא מארזאן פאמיליע האט איין איינגאנג דורך דער אנגע שטראסע, און דערפאר ווערט קיינמאל ניט געעפענט דיא פראָנט־געביידע. יוליאן האט אויך געהערט איבער דעם אונגעהייערן רייכטהום פון דער פאמיליע, און ער פלעגט, אין זיין פאנטאזיע, זיך פארשטעלען דעם ווינקעל פון דעם פאלאסט, וואו עס ליגען געיויס הויפענס מיט גאָלדענע מטבעות.

אָפט האט יוליאן, נאכדעם וויא ער האט שוין אויסגעלאָשען דאס ליכט, זיך אריבער געבויגען איבער זיין אָפענעם פענסטער, געקוקט שטונדענלאנג צו דעם געהיימניספאלען פאלאסט אום צו ענטדעקען עפעס וואס זיין פאנטאזיע האט איהם פארגעשטעלט. אָבער מעהר וויא א שטילע און טרויעריגע איינזאמקייט האט ער ניט ענטדעקט.

אין זאָלכע צייטען, ווען ער האט געוואוסט, אז אלעס ליגט פערזונקען אין דיא ארעמס פון שלאָף, האט ער גענומען זיין פלייט און אָנגעפאנגען צו שפיעלען שטיל, צארט, ווייך און טרויעריש, גראדע וויא דער מארזאן פאלאסט האט אויס־געזעהען.

אין א טאָג האט דער בריעף־טרעגער געוויעזען יוליאנען איין אלטען מאן מיט איין אלטע פרוי, זעהר עלעגאנט געקליידעט, און איהם דערצעהלט, אז דיעזע זיינען דער מארקיז מארזאן און זיין פרוי דיא מארקיזין. ער האט זייא ווירקליך צום ערשטען מאל געזעהען, און דער בריעף־טרעגער האט איהם מיטגעטהיילט, אז זייא ערשיינען זעהר זעלטען אוי׳ף דער גאס. דאן האט ער איהם אויך דערצעהלט, אז זייא האבען א טאָכטער מיט דעם נאמען פריילין טהערעזע פאָן מארזאן, וועלכע געפינט זיך אין א קלויסטער. קאָלומבעל, דער שרייבער בייא דעם נאָטאר סאווארנין, איז טהערעזע׳ס א מילך־ברודער, דאס הייסט, קאָלומבעל׳ס מוטער איז אויך געווען טהערעזע׳ס אמע.

אזוי רעדענדיג מיט דעם בריעף־טרעגער, איז דער מארקיז מיט דער מארקיזין אוועק אין דער אנדערער זייט פון דער אנגע שטראסע, און קאָלומבעל, דער קליינער שרייבער׳ל, איז זייא ענטקעגען געקומען. דער מארקיז און דיא מארקיזין זיינען גע־בליעבען שטעהען און איהם געגרייכט דיא הענד.

דאס איז געווען א גרויסע עהרע און יוליאן האט זיך דאריבער זעהר פיעל געערגערט, ווייל קאָלומבעל, וועלכער איז דאמאלס אלט געוואָרען צוואנציג יאָהר, און זעהר א לעבהאפטער יונגער מענש, איז שוין לאנג געווען זיין שונא.

דיעזער קאָלומבעל האט געהאט א מיאוסע טבע זיך צו רייצען מיט יוליאנען איבער זיין העסליכקייט און ער האט אָנגע־עדט אל־דאס־בייז אויף איהם בייא דער וועשערין. דאס האט איינמאל געפיהרט דערצו וואס זייא האבען זיך בעגעגענט בייא דער וועשערין און זיך שטארק צוקריגט. יוליאן איז אזוי אויפגערעגט געוואָרען, דאס ער האט קאָלומבעל'ן געשלאגען מיט זיינע שווערע פויסטען און איהם געמאכט א פאאר בלויע אויגען.

עס זיינען אזוי פאָראיבער מעהרערע טעג און אבענדע אָהנע עס זאָל איינטרעטען אין יוליאן'ס לעבען אירגענד א וועקסלונג, בלויז אין א שעהנעם יולי אבענד האט עפּעס פּאסירט וואס האט יוליאן'ס לעבען געענדערט.

ער איז געזעסען, וויא געוועהנליך, ביים פענסטער, ארויס געקוקט אין דעם אויסגעשטערנטען הימעל, וועהרענד אין זיין צימער איז געווען פינסטער. ער האט געהאלטען זיין פלייט ביים מויל און געשפּיעלט וויא אימער א צארטע און מעלאָדישע אַלטע ראָמאנסע. פּלוצלינג האט זיך געעפענט א לאָדען פון א פענסטער אין דעם פּאלאסט פון דעם מארקיז. דער לאָדען מיט דעם פענסטער זיינען געבליעבען אָפען און יוליאן האט פאר זיך געזעהען א העל־בעלייכטעטעס צימער.

דאן האט ער ערבליקט א יונגעס און וואונדערבאר שעהנעס מעדכען צר קומענדיג צום אָפענעם פענסטער, וואו זיא האט זיך אָנגעלעהנט און צוגעהערט.

יוליאן האט גלייך אויפגעהערט צו שפּיעלען. ער האט דיא דייטליכע געזיכטס־ציגע פון דעם מעדכען ניט געקענט זעהען, אָבער ער האט זיך גענוי געמערקט איהר נאקעטען ווייסען האלז און א גרויסע מאסע האאר וואס האט אריעבער געהאנגען. דאן האט א זאנפטע און קלינגענדע שטימע ארויס געדרונגען אין דער שטילער לופט:

„פראנציסקא, האסטו געהערט? עס שיינט דאס יעמאנד שפּיעלט מוזיק?“

„עס איז א נאכטיגאל, מיין פריילין, א נאכטיגאל,“ האט געענטפערט פון אינווענינג א גראָבע פרויענשטימע. „מאכט צו דאס פענסטער, גיבט אכטונג, עס קען נאך אריין א פלעדערמויז.“

דאס פענסטער האט זיך באלד צוגעמאכט, און דאס הויז איז שוין ווידער געלעגען איינגעהילט אין דונקעלהיים.

יוליאַן האָט געשפּירט, אַז ער קען זיך פון דעם שטוהל ניט אויפהייבען. זיינע אויגען זיינען נאָך געווען געבלענדעט פון דעם העללען שיין וואָס האָט אַזוי אונערוואַרטעט בעלייכטעט דיא מויער. ער איז געווען זעהר אויפגערעגט, און עס האָט גענומען אַ היבשע צייט ביז ער האָט זיך געקענט בערוהיגען.

דיעזע עראינערונג, דיעזעס בילד, דיעזעס העררליכע פּראָוויענציאַמער — דאָס אַלעס האָט איהם אויסגעזעהען וויא אַ געטטליכער טרוים!

ער איז לאַנג געזעסען אויף זיין פּלאַטץ און געדענקט; ער האָט געשפּירט וועהמיטהיגע און זיסע געפיהלע זיך ערוועקענדיג אין זיין ברוסט. דאַן האָט ער געוואָלט לאַכען און וויינען. ענדליך האָט ער גענומען דעם פליוט ווידער צו זיין מויל און געשפּיעלט מיט אַזוי פיעל זיסקייט און צערטליכקייט, דאָס ער האָט זיך זעלבסט געוואונדערט וויא עס עס קומט צו איהם ער זאָל אַזוי גוט שפּיעלען.

2.

אַלס מאַנעס נייאינקייט, האָט מען אויף׳ן צווייטען טאָג דערצעהלט אין שטעטעל, דאָס פריילין טהערעזע פאָן מאַרזאַן האָט ענדליך צוריק געקעהרט אהיים פון דעם קלויסטער, וואו זיא האָט פערוויילט היבשע עטליכע יאָהרען.

יוליאַן האָט ניט געוואָלט דערצעהלען, אַז ער האָט זיא שוין געזעהען מיט צור וואַרפענע האאר און מיט איהר נאַקעטען ווייסען האַלז.

אָבער אין דיעזען טאָג האָט ער געשפּירט גאַנץ נייע געפיהלע איהם בעהערשענדיג, און ער האָט איינגעזעהען, אַז דאָס שטערט איהם צו זיין געוועהנליכער אַרבייט.

ער איז ניט צופריעדען געווען מיט זיין צושטאַנד; ער האָט זיך געוואונשען, אַז בעסער וואָלט דער מאַרקיז געהאַט אַ זוהן וואָס זאָל יעטצט האָבען צוריק געקעהרט פון זיין שטודיום, אַלס אַ טאָכטער.

אַ טאָכטער! דאָס איז דאָך אַ פּראָוויענציאַמער, און דיעזע זיינען אימער געוואוינט צו שפּאָטען און לאַכען. דאָס האָט איהם זעהר געערגערט.

ער האָט זיך געפרעגט, אויב ער וועט קענען אויך ווייטער אַזוי לעבען וויא פריהער, אונגעשטערט, און אויב ער וועט קענען אימער אַזוי שפּיעלען אויף זיין פליוט און האָבען פערגניגען.

„שפּיעלען?" האָט ער זיך געטראַכט. „וויא קום איך צו שפּיעלען פאַר דיא אויערן פון אַזאַ גרויסער דאַמע? זיא איז דאָך געוויס מוזיקאַליש און וועט פון מיר נאָר קענען חוזק מאַכען!"

דער רעזולטאַט פון זיינע פאַנטאַזיען איז געווען, דאָס אַבענד האָט ער זיך פעסט בעשלאָסען, צו האַסען און פעראַכטען טהערעזע'ן, וועלכע איז נאָר ערשיענען אום צו שטערען זיין גליק.

יוליאַן האָט זיך אַבענד וויא אריין געגנב'עט אין זיין צימער. אַמאָל פלעגט ער פריהער אָנצינדען א ליכט און עס דאַן אויסלעשען, נאָר יעטצט האָט ער גאָר קיין ליכט אָנגעצונדען. ער האָט בעשלאָסען פאַר פערדרוס באַלד צו געהען שלאָפען.

אונטערדעסען איז ער דאָך געווען נייגיעריג צו זעהען וואָס עס טהוט זיך געגענאיבער אין דעם פּאַלאַסט. ער האָט אַרויס געקוקט און דיא פענסטער זיינען געווען אַלע געשלאָסען. ער איז געבליעבען זיטצען אויף זיין שטוהל שטילשוויינענד און געבליקט אריבער. ערשט ארום 10 א זייגער האָט ער בעמערקט א בלאַסעס ליכט בעלייכטען דיא שפּאַלטען פון דיא לאָדענס, דאַן האָט זיך דאָס ליכט אויסגע־לאָשען און אַלעס איז געבליעבען דונקעל.

פון דאַמאַלס אָן, האָט ער אָנגעפאַנגען יעדען אַבענד צו שפּיאָנירען. ער האָט רעגעלמעסיג געהאַלטען זיינע אויגען געריכטעט צום שטילען פּאַלאַסט מיט דער אידעע, אז ער מוז עפּעס זעהען, ענטדעקען, וואָס זאָל איהם ערפרייען.

אָבער ער האָט קיין אונגעוועהנליכע זאַך ענטדעקט, מיט דער אויסנאַהמע, וואָס ער האָט מאַנכע מאָל געזעהען דורך דיא שפּאַלטען א שיין פּאַרבייא שוועבען. מיט דער צייט, זיינען בלויז דיא פענסטער פערמאַכט געוואָרען און דיא לאָדענס זיינען געבליעבען אָפען. אַמאָל האָט ער געזעהען וויא יעמאַנד האָט אַרונטער גענומען א פאָרהאַנג און א גרויסעס צימער איז ערשיענען פאַר זיינע אויגען.

צייטענווייז האָט ער אויך געהערט שריט אין גאָרטען און קלאַוויר־מוזיק בעגלייטעט פון א צאַרטע שטימע. איבערהויפּט אָבער האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, אז דער מאַרזאַן פּאַלאַסט איז פריהער געווען טויט, אָבגעשטאָרבען, און ער האָט פּלוצלינג אויפגעלעבט זייט דאָס יונגע מעדכען איז דאָרט ערשיענען.

יוליאַן האָט זיך ניט געוואָלט מודה זיין, אז ער ברענט פאַר נייגיערינקייט אום נאָך וועניגסטענס איינמאָל צו זעהען טהערעזע'ן, אָבער דיא וואַהרהייט איז, אז זיין העכסטער וואונש איז געווען, נאָך אַמאָל ערבליקען דיא הערליכע גע־שטאַלט.

ער האָט זיך פאָרגעשטעלט איהר געזיכט אין א רויזען־פאַרב מיט א שפּאָ־טישען שמייכעלע אויף איהרע ליפּען און א פּאָאַר גלענצענדע אויגען.

בייא טאָג, ווען ער האט זיך געפונען אין דער היים, האט ער ניט געוואגט צו צונעהען צום פענסטער, און בייא נאַכט, וויא עס שיינט, איז ניט לייכט געווען צו זעהען דאס מעדכען.

ענדליך האט ער דערלעבט דיא צייט, אין איין אבענד, צו זעהען טהערעזע'ן שטעהענדיג אין מיטען צימער געגענאיבער זיין פענסטער. ער איז געבליעבען שטעהען אויף זיין פּלאַטץ און ניט געוואגט צו מאכען א בעוועגונג. זיא האט אויסגעזעהען עפּעס צו טראַכטען און איבערלעגען. ער האט זיא אויף דיעזער ארט געזעהען אונ־געשטערט בעטראַכטען.

זיא איז געווען הויך געוואַקסען, אָבער ניט מיט קיין רויזען געזיכט, זאָנדערן בלאַס וויא א לילי; דער אויסדרוק אויף איהר געזיכט איז געווען מאַיעסטעטיש און שטרענג, זאָ דאס ער האט געשפּירט וויא א שרעק פאַר איהר.

וואס עס איז איהם איבערהויפּט געווען אויפפאַלענד, איז געווען איהר מויל מיט דונקעל־רויטע ליפּען און איהרע טיעף־ליעגענדע שווארצע אויגען. דאס האט איהם אויסגעזעהען אויסער דער גרויסער שעהנהיים, אויף עפּעס שרעקליכעס און גרויזאמעס.

דאַן איז זיא צוגעגאַנגען צום פענסטער. יוליאַנען האט זיא ניט געקענט זעהן, ווייל אין זיין צימער איז געווען פינסטער. זיא איז דאָרט געשטאַנען עטליכע מינוטען און איז ווידער צוריק געגאַנגען.

יוליאַן האט נאָך אמאל געשפּירט דאס נייגענדע זיסע געפיהל בייא זיין ברוסט, אָבער ער האט אויך געשפּירט א שרעק פאַר דיעזער שעהנהייט. איין אונהיימליכע שרעק וואס ער האט זיך ניט געקענט ערקלערען, פון וואַנען עס קומט.

פון יענער צייט אָן, האט אָנגעפאַנגען איין עלענדעס לעבען פיר דעם ארמען יוליאַן. ער האט עפּטער געזעהען טהערעזע'ן, און איהר בילד האט איהם ניט געלאָזען רוהען.

עס האט אויך מעהרערע מאל פּאַסירט וואס זיא האט איהם געקענט זעהען און בעטראַכטען, אָבער מעהר וויא א גלייכגילטיגען בליק, האט זיא איהם ניט צו־געוואָרפען. יוליאַן איז געווען דערמיט העכסט צופריעדען, דען ער האט ניט געוואָלט זיא זאָל איהם גוט בעטראַכטען און אויסגעפינען וויא מיאוס ער איז.

אין זיין איינבילדונג האט ער געדענקט, אז ווען ער זעהט ניט, דאַן בעטראַכט זיא איהם גאַנץ גוט, און דאס אַלעס איז בלויז, אום פון איהם חוזק צו מאַכען.

דאס האט פעראורזאכט, וואס ער האט ניט געוואגט אהיים צו קומען ביז עס איז ניט גוט דונקעל געוואָרען, דאמיט זיא זאָל איהם ניט קענען זעהען. אָבער עס האט פיעל געדויערט, און יוליאן האט זיך איבערציינגט, אז טהערעזע שענקט איהם ניט דיא מינדעסטע אויפמערקזאמקייט.

דאס האט איהם ווידער אויך זעהר געערגערט, און ער האט בעשלאָסען זיא צו מאכען אויפמערקזאם אויף זיך.

אין איין אבענד, האט ער געעפענט זיינע ביידע פענסטער און ארויס גענומען זיין פלייט און אָנגעפאנגען צו שפיעלען.

עס איז שוין געווען נאך 10 אוהר, און, וויא עס שיינט, איז טהערעזע געלעגען אין בעט. הערענדיג אָבער דיא צארטע מעלאָדיען, איז זיא ארונטער געשפרונגען פון בעט, געעפענט דאס פענסטער און ארויס געקוקט.

„הער פראנציסקא," האט זיא געזאגט אומוועגדענדיג איהר געזיכט אין צימער. „דאס איז ניט קיין נאכטיגאל, יעמאנד שפיעלט."

„עס מוז זיין עפעס א מוזיקאנט נאנץ וויים," האט געענטפערט איין עלטערע פרוי, וועלכע איז צוגעקומען צום פענסטער און איז ווידער אוועק געגאנגען.

„יא, יא," האט טהערעזע געמורמעלט ארויס שטעקענדיג איהרע נאקעטע הענד דורך דעם פענסטער און דער פרישער און קיהלער נאכט־לופט.

פון דאמאלס אָן האט שוין יוליאן געשפיעלט יעדען אבענד. דורך זיין פלייט האט ער אויסגעגאָסען זיין גאנצע זעעלע פון שמערץ, ערגער, וועהמוטה און פער־צווייפעלטע האָפנונגסלאָזע ליעבע.

דיא מעלאָדיען האבען אויסגעזעהען זיך צו פערמישען מיט דער טרוימענדע נאכט און זייא האבען געקלונגען אזוי צארט און מילד, וויא דיא אונשולד זעלבסט.

טהערעזע ווידער האט פערשטאנען, אז דאס ווערט געשפיעלט צוליעב איהר. זיא האט זיך א פאאר מאל אינטערעסירט און אויסגעפונען ווער עס שפיעלט, און האט קיין פראָטעסט ערהויבען, אז דאס שטערט איהר שלאָף. אין געגענטהייל, זיא פלעגט זיך נאך אויפהייבען פון בעט, צוגעהען צום פענסטער און הערען דיא מוזיק דייטליכער.

אזוי זיינען פאָראיבער מעהרערע נעכט, ביז יוליאן האט אמאל געהערט דיא שטימע פון דער אלטער פרוי:

„אך, פריילין, איהר וועט זיך פערקיהלען. פערמאכט דאס פענסטער."

דאס פענסטער האט זיך געשלאָסען.

יענע נאכט האט ער זעהר ווענינ נעשלאָפען. גאנץ פריה, נאך פאר 6 אוהר, איז ער אויפגעשטאנען, אום צו נעהען צו זיין ארבייט. ער האט אומגעווענדעט זיין געזיכט צו טהערעזע׳ס פענכטער און געזעהען ווי די פאָרהעננע האבען זיך אויפ־געהויבען. דאן האט ער ערבליקט דאס מעדכען, וועלכע איז זאָנסט ניט אויפגע־שטאנען פאר 8 אוהר.

זיא איז געשטאנען אין איהר באדע־מאנטעל, דיא האאר אויפגעפלאָכטען און צערוואָרפען נאכלעסינ איבער איהר נאקען.

מיט זיין בעסטען ווילען זיך אָבצרווענדען פון דעם פלאטץ, האט יוליאן זיך ניט געקענט ריהרען. ער האט זיא בעטראכטעט און אויך זיא האט צו איהם געקוקט שטילשווייגענד.

איהם האט זיך געדאכט, אז זיא בעוואונדערט זיין העסליכקייט.

יא, עס איז געווען דאס ערשטע מאל וואס ער האט זיא געזעהן בייא טאגענד־ליכט. זיא איז געווען וואונדערבאר שעהן, פיעל שעהנער זאָגאר וויא זיין פאנטאזיע האט איהם פאָרגעשטעלט, אָבער דאָך האט ער אין איהר ניט ערבליקט דיא צערט־ליכקייט און מילדקייט וואס ער האט ערוואַרטעט.

טהערעזע, מיט איהר גאנצער שעהנהייט, האט אויסגעזעהען צו טראגען אויף איהר געזיכט א קאלטען און שטאָלצען אויסדרוק פון בעזקייט און צאָרן, און איהרע רויטע ליפען האבען פאָרגעשטעלט עפּעס טהיערישעס...

זיא האט איהם בעטראכט מיט דערזעלבער נייגיערינקייט, גראדע וויא זיא וואָלט ערבליקט א מערקווירדיגען הונד וואס האט צוגעצויגען איהר אויפמערקזאמ־קייט. א שפּאָטישער קאלטער אויכדרוק אויף איהר בלאסעס געזיכט האט געשלאָסען דיעזע בעטראכטונג, דאן האט זיא זיך אָבגעווענדעט און איז אוועק.

יוליאן האט געציטערט אין זיין גאנצען מעכטיגען קערפּער, און זיך לאנגזאם געזעטצט אויף׳ן שטוהל. פון זיין ברוסט האבען זיך ארויס געריסען דיעזע ווערטער:

„מיין גאָט! מיין גאָט! וויא זיא האסט מיך... און איך? אך, גרויסער גאָט! ווארום האסטו מיך אזוי געשטראפט?... איך ליעב זיא... עס איז מיין טויט!"

ער האט זיך אָנגענומען מיטביידע הענד בייא זיין קאָפּ און געוויינט. ווארום האט ער זיך געציינט? ווארום, ווען ער איז אזוי מיאוס, האט ער זיך געוויזען פאר איהר?

אין יענעם אויגענבליק, האט יוליאַן זיך זעלבסט געהאַסט פאַר זיין העס־ליכקייט.

איהם איז פאַרגעקומען, אז ער דאַרף זיך פערבאָרגען וויא א נאַכט־פויגעל, וועלכער ערפרייט דיא הערצער בלויז מיט זיין שטימע אָבער ניט מיט זיין געגענ־וואַרט.

„פיעללייכט," האט ער זיך געטראַכט, „ווען זיא וואָלט מיך ניט געזעהען, וואָלט זיא געדעכענט, אז איך בין א שעהנער און זיא וואָלט מיך געליעבט בלויז דורך מיין פלייט־שפּיעלען?"

אזוי זיינען פאָראיבער נאָך עטליכע טעג אין דער גרעסטער פערצווייפלונג. יוליאַן האט געשפּיעלט יעדען אבענד אין דער פינסטער, און זיין מוזיק איז יעדעס מאָל געוואָרען ריהרענדער, שמערצהאַפטער און ביטערער.

אין איין אבענד, האט ער געשפּיעלט אזוי טרויעריג און אזוי קלעגליך, אז איהם זעלבסט האט זיך געדאַכט, אז ער זעהט זיין הארץ צעררייסען און פון דאָרט טריפט זיין בלוט צום טאַקט פון דער מוזיק. אָבער גראָדע דאַמאָלס האט ער גע־הערט איהר שטימע.

איהר שטימע!

„מיין גאָט!" האט זיא געשריען, „דיעזע שלעכטע פלייט־מוזיק גרייפט אָן מיינע נערווען!"

מעהר האט ער ניט געשפּיעלט.

דער קליינער קאָלומבעל האט אויף'ן אנדערן טאָג געפונען א נייע געלעגענ־הייט פון איהם צו שפּאָטען און חוזק מאַכען.

וואס איהם האט נאָך מעהר געקריינקט, איז געוועזן, וואס ער האט גע־וואוסט, אז דיעזער קליינער קאָלומבעל, קומט אריין זעהר אָפט צו דער פאַמיליע מאַרזאַן און ער זעהט זיא זעהר אָפט.

ניין, עס איז ניט געוועזן דערפאַר, ווייל ער איז אויף איהם געוועזן אייפער־זיכטיג, אָבער בלויז דערפאַר, ווייל ער האט זיך געוואונשען צו גע־ניסען וועניגסטענס איין שטונדע אין איהר געגענוואַרט, אָדער צו פערטרעטען קאָלומ־בעל'ס שטעלע.

פראַנציסקא, קאָלומבעל'ס מוטער, וועלכע איז געוועזן דיא אמע פון דעם אדעליגען פרויילין, האט זיך יעצט שטאַרק פעראינטערעסירט, וויעדער אריין צו ברענגען איהר זוהן אין דעם אדעליגען הויז און ערנייערן צווישען איהם און דאס מעדכען, דיא פריינדשאַפט פון זייער פריהער יוגענד.

אויב קאַלומבעל האָט זיך עפּעס געמערקט איבער יוליאַן׳ס געפּיהלע, ווען פערבליבען א געהיימניס, אָבער עס איז א טהאַטזאַכע, אַז יעדעס מאָל וואָס ער האָט איהם בעגעגענט, האָט ער איהם געלאַכט אין דיא אויגען מיט אַזוי פיעל שפּאָט, דאָס יוליאַן האָט געשפּירט, אַז קאַלומבעל ווייס פון אַלע זיינע פערצווייפעלטע ליעבעס־געדאַנקען.

מיט דער צייט האָט יוליאַן׳ס אייפערזוכט אויך געוואַקסען, דאַמיט וואָס ער האָט איינגעזעהען, אַז קאַלומבעל, נאָך אַלעמען, אויסער דעם וואָס ער איז קליין געוואַקסען, איז ער גאָר ניט אַזוי מיאוס — וועניגסטענס פיעל שעהנער אַלס ער, און... אַך! יוליאַן האָט געשפּירט, דאָס ווען עס זאָל זיך איהם מאַכען נאָך א געלעגענ־הייט, צו בעגעגענען קאַלומבעל׳ן, ווען ער איהם אַזוי איינדריקען זיין האַלז, אַז ער וועט שוין פערשפּאַרען צו געהען אַזוי אָפט בעזוכען טהערעזע׳ן.

דערווייל האָט אָנגעפאַנגען צו ווערען זעהר מונטער אין דעם פּאַלאַסט געגענ־איבער: מען האָט אָפט געגעבען בעללער, באַנקעטען, קאָנצערטען און אַנדערע אונטערהעלטע.

אָבער יוליאַן, פערביטערט און פערצווייפעלט, פלעגט יעדען אָבענד שטעהען נעבען זיין פענסטער, און קוקען בעשטענדיג אַריבער צום פענסטער פון פּאַלאַסט, אום צו ערבליקען דיא ליעבליכע געשטאַלט פון טהערעזע׳ן. ער האָט זיא לעטצטענס זעהר זעלטען געזעהען אהין צוקומען.

אין איין אָבענד, האָט ער, צו זיין בעדויערן, בעמערקט וויעדער דעם לאָדען פערמאַכט איבער דעם פענסטער. אַלעס איז געווען דונקעל און שטיל; קיין זאַך האָט זיך בעוועגט.

ער האָט דערבייא געפּאַסט מעהר מוטה, בעסער געפּעגט זיין פענסטער, און אַריבער געבויגען א האַלבען קערפּער איבער דעם פענסטער, אום ער זאָל קענען קוקען אין פערמאַכטען לאָדען.

פּלוצלינג האָט זיך דער לאָדען פון טהערעזע׳ס צימער וויא אויפגעריסען. יוליאַן האָט אויפגעציטערט. אַזא פּאַסירונג איז געווען א זעלטענהייט.

יוליאַן איז געבליעבען אַזוי הייגגען איבער זיין פענסטער גאַנץ בעוועגונגסלאָז. אונווילענדיג האָבען אָנגעהויבען צו לויפען דיא טרערען פון זיינע אויגען.

דאַן האָט זיך דאָס פענסטער פון טהערעזע׳ס צימער א יך אויפגעעפענט מיט א גרויסער העפטיגקייט, און פאַר זיינע אויגען איז ערשיענען איהר געזיכט.

זיא, טהערעזע, איז געווען אַזוי בלאַס, גלייך וויא איהר גאַנצעס געזיכט וואָלט געווען קרייד. איהרע אויגען זיינען געווען שטאַרק געעפענט און אונגעוועהנליך

גרויס. דיא האאר האבען אונרעגעלמעסיג אריעבער געהאנגען איבער איהרע שולטערן.

זיא האט זאָפאָרט געריכטעט איהר בליק גענענאיבער צו יוליאנען און איהם בעטראכט מיט א פעסטען בליק עטליכע סעקונדען. דאן האט זיא אויפגעהויבען איהרע צעהן פינגער צום מויל און איהם צוגעוואָרפען קיססע עטליכע מאל.

יוליאן איז געוועזן אויסער זיך פאר איבערראשונג. איהם האט זיך אנפאנגס געדאכט, אז דאס איז איינע פון זיינע ליעבעס חלומות, נאָר אַלס זיא האט עטליכע מאל ווידערהאָלט דיא הענד־קיססע, האט ער צוגעפרעסט דיא הענד צו זיין ברוסט און וויא געפרענט אויב דאס געהערט איהם.

טהערעזע, וויא עס שיינט, האט געגלויבט, אז ער וויל צוריק טרעטען. זיא האט זיך דערפאַר ארויס געבויגען מעהר פון דעם פענסטער, נאך אמאל צוגעליינט דיא פינגער צו איהרע רויטע ליפען און איהם ווידער צוגעוואָרפען ליעבעס־קיססע.

צו זאגען, אז יוליאן איז געווען איבערראשט, וואָלט דאס געווען א צו שוואכער אויסדרוק. ער האט איינמאל ניט געוואוסט, אויב ער לעבט אָדער ער איז גע־שטאָרבען.

איהם? יוליאנען? דעם העססליכען יוליאן ווארפט צו דיא שעהנע און נעטטליכע טהערעזע ליעבעס־קיססע? ער האט זיך עס אום קיינעם פרייז ניט גע־קענט גלויבען.

אונטערדעססען האט נאך יוליאן בעמערקט, אז זיא גיבט זיך אלע מיה איהם צו איבערציינגען, אז זיא מיינט איהם און פיר איהם אליין זיינען דיא ליעבעס־קיססע. דאן האט ער געהערט איהר שטימע גאנץ דייטליך:

„קומט אהער! נו קומט שוין!"

איז דאס דיא שטאָלצע טהערעזע פאָן מארזאן? איז דאס דיא וואונדער־בארע שעהנהייט, וועלכע ער האט אנגעבעטעט אין דער שטילקייט פון זיין הערץ? און זיא רופט איהם?

אונמעגליך!

יוליאן האט זיך געטראכט, אז דיא שטאָלצע שעהנהייט מאכט פון איהם חוזק. דאן האט ער נאך אמאל געהערט איהר שטימע:

„אלזאָ, ווילט איהר ניט אריעבער קומען?"

יעדער צווייפעל איז פערשוואונדען. איהר טאָן האט איהם ערשטוינס

איבערציינגט, אז זיא שפּאַסט ניט פון איהם, און דאן, אז דאס אלעס איז א ווירקליכקייט.

זאָ שנעל וויא ער איז געוועזן זיכער דאריבער, איז ער צוריק געשפּרונגען פון דעם פענסטער און איז אַרונטער געפלויגען דיא טרעפּען.

דאן איז ער אַרויס אויף דער גאַס און אָנגעפאַנגען אַריבער צו געהען.

וויא ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען, האט ער געזעהען דעם טויער זיך עפענען. עס איז געוועזן דערזעלבער טויער, וועלכען ער האט שוין לאַנג גערעכענט אלס איינגעראָסטעט.

מיט א קלאפּענדעם הערץ איז יוליאַן וויטער געגאַנגען און איז אריין אין הויף פון דעם פּאַלאַסט. דער טויער האט זיך דאן ווידער צוגעמאַכט.

פון דער דונקעלהייט האט ער געמערקט א פיגור צו איהם צו שוועבען. עס איז געוועזן א פרויען־פיגור. דאן האט ער געשפּירט א קליינע, ווייכע און וואַרעמע האַנד אָנגעהמענדיג זיין האַנד און איהם אריין געפיהרט אין א קאָרידאָר, און פון דאָרט איז ער נאַכגעגאַנגען אויף טרעפּען.

ענדליך איז ער אריין געפיהרט געוואָרען אין א צימער.

ער האט דערקענט דאַסזעלבע צימער, וועלכעס ער האט אַזוי פיעלע מאל שוין געזעהען דורך זיין פענסטער. ער האט אויך דערקענט דיא פאָרהענגע, דאן דאס בעט מיט דיא פאָרהענגע פאַר'ן בעט, און אויך דיא שעהנע פּאָלירטע הילצערנע קאָמאָדע און דעם גרויסען שראַנק מיט קליידער.

בייא דער וואַנט האט ער יעטצט בעמערקט א שפּיעגעל, וועלכען ער האט פון זיין פענסטער ניט געקענט זעהען.

אין מיטען, פון דער סטעליע, האט אַרונטער געהאַנגען א גרויסער לאָמפּ, וועלכער האט פון זיך געוואָרפען בלאַסע שטראַהלען.

אָבער יוליאַן איז געוועזן פערווירט, אלעס האט איהם אויסגעזעהען וויא א חלום, ביז ער האט דערשפּירט טהערעזע'ס האַנד אין זיינער, וועלכע איז פּלוצלינג קאַלט געוואָרען וויא אייז.

דער ערשטער איינדרוק איבער איהם איז געוועזן, אז ער געפינט זיך אין גן־עדן, און דער גערוך פון דיא פּאַרפומען אין צימער, האבען איהם וויא בערוישט. דאן האט ער זיך דערמאָהנט אביסעל וואו ער איז אין דער וועלט, און ער האט געוואָלט פאַלען טהערעזע'ן צו דיא פיס, און זיא אָנבעטען וויא א נאַם.

וואס איהם האט אָבגעהאַלטען דאס צו טהון, האט ער זיך אליין ניט געקענט ערקלערען. פלוצלינג האט ער אָבער דערשפירט עפּעס איין אונבעקאַנטע שרעק און זיין גאַנצער קערפּער האט א ציטער געטהאָן.

טהערעזע האט אָבגעלאָזען זיין האנד און האט זיך צוועק געשטעלט נעגענ־איבער איהם. איהר רונדער בוזעם האט זיך געהויבען מיט שווערע אטהעם־ציגע, און יוליאַן האט זיך דערמאָהנט אן דיא וועללען פון דעם שאַנטעקלייר בייא א שטורם־צייט, אז זייא האבען אויך אזוי זיך געוואָרפען.

יוליאַן האט בעמערקט, אז טהערעזע שוידערט, נאָר זיא ווענדעט אן אלעם מעגליכע, זיך צו בערוהיגען. ארום איהרע שעהנע רויטע ליפּען, האט זיך געצייגט וויא א פערביטערטע און ניפּטיגע מיענע, און דיא ליפּען אליין האבען געצוקט וויא אין א קראַמפּף.

אונטערדעסען אָבער, האט זיך איהר הויכע פיגור אויסגעשטרעקט, און זיא האט צוזאַמען געלייגט איהרע הענד איבער איהר שטירמישען בוזעם.

אזוי איז זיא געבליעבען שטעהען אויף היבשע עטליכע סעקונדען, און איהם געקוקט אין געזיכט און אין דיא אויגען, גלייך וויא זיא האט געוואָלט דורכדרינגען זיין אינערסטע זעעלע.

וואס זיא האט דאָרט געלעזען אין זיין געזיכט און אויגען, האט עס איהר פאָלקאָמען בעפריעדיגט, דען זיא האט עס באלד געצייגט אויף איהר אייגענעם געזיכט, וואס האט זיך אָנגעהויבען שטארק צו בערוהיגען.

איהרע בלייכע באַקען האבען ווידער אמאל אָנגעפאַנגען אָנצונעהמען א געזונדע און עטוואס מונטערע פאַרבע, איהרע אויגען האבען נאָך אמאל אויפגעגלאַנצט געהיימניספאָל, און איהרע רויטע ליפּען האבען זיך געעפענט, פון צווישען וועלכע עס האט זיך ארויס געוויזען צווייא שורות זעהר ווייסע צייהן.

דאַן איז אריעבער וויא א שטילער און פערעכטליכער שמייכעל איבער איהרע שעהנע ליפּען, און זיא האט געמורמעלט:

„ליעבט איהר מיך?"

א דונערשלאַג בייא א קלארען הימעל, וואָלט יוליאַנען וועניגער דערשראָקען און איבעררראַשט וויא דיעזע פראַגע. אָהנע צו וויסען וואס ער זאָל טהון, האט ער בעמערקט, אז זיא שטעהט און ערוואַרטעט איין ענטפער. ער האט אַרויס גע־שטאַמעלט:

„מיין פרייליין..."

„איך בעט אייך, אָהן קונסטען און אָהנע שעהנע ווערטער,״ האט זיא איהם שארף אונטערבראָכען. „ענטפערט נאָר קורץ און גראד: ליעבט איהר מיך?״

דיא הערצליכע פינגער פון טהערעזע'ן האט אויסגעזעהען וויא א געטטין, און יוליאן האט וויעדער ארויס געשטאמעלט:

„איך ליעב אייך, יא, פרייליין פאָן מארזאָן, פיעל מעהר וויא איך קען זאגען. איך האב אייך געליעבט און געליטען, געליעבט, מיין גאָט...״

מיט א מאך פון איהר האנד, האט זיא איהם ניט געלאָזען ווייטער רעדען. איין אויסדרוק פון ווילדער ענטשלאָסענהייט איז אריעבער געפלויגען איבער איהר שעהנעם געזיכט. דאן איז זיא צונעגאנגען גאנץ נאהענט צו איהם און ארויף געלייגט איהרעביידע הענד אויף זיינע שולטערן. איהר געזיכט האט זיא צוגעלייגט גאנץ נאהענט צו זיינעם, און פון צווישען איהרע צייהן האבען זיך ארויס געריסען פאָלגענדע ווערטער:

„און ווען איך וועל מיך אייך איבערגעבען, וועט איהר פאר מיר אלעס טהון?״

ער האט איהר ניט געקענט ענטפערן, און ער האט בלויז געבראָכען זיינע הענד.

אך! האט ער זיך געטראכט, בלויז פיר איהר איין קוש, וואלט ער זיך אוועק געגעבען מיט לייב און זעעלע אפילו צום טייפעל!

„אלזאָ גוט!״ האט זיא געזאגט, גראדע וויא זיא וואָלט שוין פון איהם ער־האלטען איין ענטפער. „איך פערלאנג פון אייך א טובה.״

ער האט נאך אימער ניט געקענט עפענען זיין מויל, און זיא האט ווייטער געזאגט:

„גוט, גוט, אָבער איהר מוזט פאר אלעמען שווערען...״

„איך שווער, איך שווער,״ האט ער געמורמעלט, „אלעס וואס איהר ווילט וועל איך טהון.״

„נו, שנעל, אלזאָ, שווער שוין, זאָפאָרט!״

„אָה, איך שווער, צו אלעס, צו אלעמען וואס איהר ווילט, קיין זאך זאָל מיך צוריק האלטען!״ האט ער אויסגערופען בעגייסטערט.

ער איז געוועזען מעהר וויא בעזויפען; איהר ווארעמער אטהעם נעבען זיין מויל, האט אלע זיינע קרעפטען בערויבט. דאן האט זיא איהם אָבגעלאָזען און זיך אָבגע־ווענדעט, אָבער נאך אימער קוקענדיג צו איהם, האט זיא אויפגעהויבען איהר האנד און אָבגעווענדעט דעם פאָרהאנג פון איהר בעט.

דאס בעם איז געווען אין א גרויסער אונאָרדנונג. דארויף איז געלעגען אויס־געשטרעקט א קערפּער. דער קערפּער פון א מאן מיט נאַקעטע פיס.

„דאָ,“ האט זיא געזאגט מיט א שטיקענדער שטימע, „דיעזער מאן איז געווען מיין ליעבהאבער... מיין ליעבהאבער, פערשטעהט איהר? איך האב איהם אומגעבראַכט (?) ... אומגעוואָרפען, ווייטער ווייס איך נים, ער איז טויט... און איהר וועט איהם מוזען צוועק טראגען פון דאנען. פערשטעהט איהר? אוועק טראָגען, גאנץ ווייט... איהר פערשטעהט דאָך וואס איך מיין?... אָט דאס וויל איך!“

### 3.

ווען טהערעזע פאָן מארזאן איז נאָך געווען גאנץ קליין, האט זיא געהאט דאס גרעסטע פערגניגען צו מארטערן און פּלאגען איהר קליינעם מילך־ברודער, קאָלומבעל.

קאָלומבעל איז עלטער געווען פון טהערעזע׳ן מיט 6 וואָכען, און זיין מוטער האט איהם אויפגעצויגען מיט א פלעשעל, ווייל דיא מילך, זיין מילך, האט זיא בעדארפט געבען פיר טהערעזע׳ן.

דאן איז קאָלומבעל אויפגעוואקסען אין הויז, האלב אלס דיענער און האלב אלס שפּיעל־קאַמעראַד פון טהערעזע׳ן.

טהערעזע איז געווען א שרעקליכעס קינד. זיא איז גראדע נים געווען ווילד און אונגעלומפּערט וויא עס מאַכט זיך צווישען קינדער, אין געגענטהייל, זיא האט אימער געוואוסט וויא ארויס צו רופען געגען זיך א געוויסען רעספּעקט בייא אלע בעזוכער. זיא האט זיך פאר יעדען געניינט און האט געצייגט פון קינדהייט אויף דיא ערציהונג פון א שפּעטערער עדעל־דאמע.

אָבער זיא האט טראָטץ דעם אלעמען, געהאט שוידערהאַפטע איינפעלע. ווען זיא איז געווען אליין, האט זיא געקענט פּלוצלינג, פון דער הטכער הוים, אָנ־פאנגען צו שרייען וויא א ווילדע חיה, קלאַפּען מיט דיא פיס און גראבלען מיט דיא נעגעל וואס זיא האט געטראָפען. אמאל האט זיא זיך אוועק געליינט אין מיטען וועג פון דעם גארטען, און כאָטש צוהאַק זיא, האט זיא זיך נים געוואָלט אויפ־הייבען.

קיינער האט נים געקענט טרעפען וואס זיא האָט געטראַכט. דאכט זיך א קינד האט אימער, אין דיא אויגען, איין ארט שפּיגעל פון דער זעעלע, אָבער אין טהערעזע׳ס קינדער־אויגען, אָבוואָהל זעהר שעהנע און אנציהענדע, האט מען קיין

קינדער־טילדקיים געקענט לעזען, און אלעס ארום איהר האט אויסגעזעהען אונגע־וועהנליך און געהיימניספאל.

ווען זיא איז אלט געוואָרען זעקס יאָהר, האט זיא שוין אָנגעפאנגען צו מארטערן און פלאגען דעם קליינעם און שוואכען קאָלומבעל.

טהערעזע האט געהאט א טבע, צו נעהמען דאס קינד, איהר חבר, ארויס־ציים אין גארטען אונטער דיא קאסטיניען בוימער, וואו יעדער צוטריט איז געווען פערשטעלט מיט דיקע און לאנגע צווייגען. דאָרט פלעגט זיא ארויף שפרינגען אויף זיין רוקען, און איהם אומוואַרפען אויף־אלע־פיער. דאן האט זיא איהם געהייסען, ער זאָל איהר טראגען.

אזוי רייטענדיג, האט זיא געקענט אָבזיטצען א גאנצע שטונדע און נאָך מעהר, און וועהרענד דעם, האט זיא דעם ארמען קאָלומבעל געוואָרגען, געקניפען און געשלאגען מיט איהר קנאָפעל אין זיינע פיס און אין בויך. זיא האט איהם קיין ציים געגעבען זאָנאר צו כאפען דעם אטהעם.

ער איז געווען דאס פערד און זיא דיא הערריך־רייטערין!

ווען ער האט שוין מעהר קיין כח געהאט זיך צו האלטען אויף זיינע פיסלעך און הענטלעך, און טהערעזע האט דאס בעמערקט אין זיין מידקיים, פלעגט זיא איהם אָנבאפען מיט איהרע צייהן בייא איין אויער, און אזוי לאנג בייסען, ביז ער האט זיך ווידער דערמינטערט און ווייטער געלאָפען. צו דיעזער צייט, האט זיא אויך איינגעגראָבען איהרע נעגעל אין זיין לייב און איהם קלאפענדיג מיט דיא פיס אין בויך, האט זיא געשריען: „הי! הי!“

דאס האט טהערעזע אימער געטהאָן, ווען קיינער איז דערבייא נים געווען, אָבער ווען איהרע עלטערן האבען זיך געוויזען, האט זיא גלאט געהאט דאס פער־גניגען, צו צונעהען נאהענט נעבען קאָלומבעלין און איהם געבען אזא קניפ, אז ער פלעגט אויסשרייען מיט שמערץ.

אָבער נאָך אזא סצענע, האט ער שוין מעהר נים געשריען, דען טהערעזע האט איהם נאכהער שרעקליך געשלאגען און אָנגעזאגט, אז וואס זיא וועט איהם טהון, מח ער שווייגען. יא, קאָלומבעל האט שוין געשוויעגען, און טהערעזע האט איהם נאכהער געשטאָכען מיט שפילקעס, און ער האט אפילו קיין קרעכץ נים געגעבען.

ווען זיא האט איהם ווידער אמאל געפאקט אליין, פלעגט זיא איהם אזוי זאגען:

„הער אויס, קאָלומבעל, איך וועל דיך שלאָגען, מארטערן, שטעכען און ציפּען, אָבער דוא זאָלסט קיינעם ניט דערצעהלען, ווייל איך וועל דיך ארויס ווארפען פּון מיין הויז, און דוא וועסט שוין קיינמאל מעהר ניט זעהען דיין מאמע!

ווען טהערעזע איז געוועזען אליין מיט קאָלומבעל׳ן, האט זיא איהם בעטראכט ניט מעהר וויא א שפּיעלצייג, און זיא האט איהם געוואָלט צערשניידען, גראדע וויא קינדער טהון מיט פּופּען, אום צו זעהען וואס עס טהוט זיך אינוועניג. איבריגענס, האט זיך טהערעזע געטראכט, קען זיא מיט איהם טהון וואס זיא וויל, ווייל ער איז איהר איינענטהום.

טהערעזע האט גאנץ גוט געוואוסט, אז קאָלומבעל איז נאָר דאפּיר דאָרט אין הויז, ווייל מען זוכט איהר צו פּערשאפען פערגניגען, און פּאָלגליך, איז קאָ־לומבעל׳ס גאנצעס לעבען איהר איינענטהום און זיא קען טהון מיט איהם וואס זיא וויל.

אויף דיעזער ארט, האט זיא בעהאנדעלט דאס ארמע קינד אזוי גרויזאם, אז ער פלעגט מאנכע מאל צוואמען פאלען און מעהר קיין קראפט האבען אויפצר שטעהן. אָבער ער האט געשוויעגען, זיך ניט בעקלאגט, און זיינע בלאסע בעקעלעך און שרעקעדינער בליק, האבען ניט דערצעהלט מיט ווערטער איבער דיא מאר־טערניסע וואס ער איז אויסגעשטאנען.

אָבער טהערעזע׳ן פלעגט אויך נמאס ווערען איהם צו פּלאגען ווען קיינער איז ניט געוועזען, און זאָ האט זיא איהם אָבגעריכטעט, ער זאָל קיין קרעכץ ארויס געבען ווען זיא האט איהם געקניפּען און געשטאָכען אין דער געגענווארט פון אנדערע.

קאָלומבעל האט ערטראגען דיעזע מארטערניס מיט איין אינערע וואוטה. ציטערענד פאר אויפרעגונג איז ער איינינע מאל צוריק געשפּרונגען, נאכדעם א וואונש האט זיך אין איהם ערוועקט זיא צו דערווערגען.

אָבער, נאך אלעמען, איז קאָלומבעל געוועזען א מערקווירדינעס קינד. מאנכע מאל האט ער זעלבסט דערצו געפיהרט וואס זיא זאָל איהם קנייפּען, אויף איהם זיך זעטצען רייטענדיג, און ער האט דערפון געהאט פערגניגען. דיעזעס פערגניגען האט אָנגעהאלטען אזוי לאנג, ביז דיא מארטערניסע זיינען שוין געוועזען אונערטרעגליך און זיין צאָרן האט זיך אין איהם ערוועקט.

א פּאאר מאל, אונטער זאָלכע אומשטענדען, האט ער זיך אויף נוקם געוועזען אן איהר, דאָס מיט וואס ער האט זיא ארויף געשלעפּט אויף שטיינערדיגע ערטער

און איז מיט איהר ארונטער געפאלען. ער האט טאקי געקריגען א בייל אָדער צוויי, אָבער זיא איז אויך דערפון ניט לויז געוואָרען.

אזוי האט געדויערט א לאנגער קאמפף צווישען דיא ביידע קינדער, וועלכער האט זיך געענדיגט ערשט שפעטער מיט מעהרערע יאָהרען.

דער מארקיז, וועלכער איז געווען א רוהיגער און געלאסענער מענש, האט אונטערדריקט ענטדעקט דעם ריכטיגען כאראַקטער פון זיין טאָכטער, און איהר גרויזאמקייט, האט איהם געשוידערט.

מען פלעגט זאגען, אז טהערעזע איז געראטהען אין איהר אָנקעל, וועלכער האט אָבגעפיהרט א שרעקליכעס אויסגעלאסענעס לעבען אין מעהרערע גרויסע שטעדט, און אָבוואָהל ער האט איבעראל צוריק געלאָזען א נאמען אלס א קאַוואַליער אין אויסערליכען לעבען, האבען אָבער פיעל געוואוסט, אז ער איז אינערליך דיא פערדאָרבענהייט זעלבסט.

דיעזער אָנקעל האט ליעב געהאט זיך אריין צו ווארפען אין א ים פון אויס-געלאסענהייט. זיך קיינמאל ניט צוריק געשראָקען פאר געוואלט-טהאטען, אבי זיין קאפריז דורכצופיהרען, און ער האט ניט נאָר איין פערברעכען בעגאנגען אין גע-היים, וועלכעס ער האט געוואוסט וויא צו פערשטיקען. מיט איינעם וואָרט, דיעזער אָנקעל איז געווען א מענש, פאר וועלכען יעדער האט זיך בעדארפט היטען.

ווען ער איז געווען אין א שטאָדט און ענטדעקט, אז מען האט שוין אויסגע-פונען אלעס איבער זיין וואהרען כאראקטער, איז ער באלד פערשוואונדען געוואָרען, דאמיט זיין וויסטעס לעבען פאָרטצוזעטצען אין איין אַנדערע שטאָדט.

אויף דיעזער ארט, האט ער ניט נאָר פראנקרייך, זאָנדערן אויך איטאליען, שפאניען, דייטשלאנד און ענגלאנד בעזוכט, און ווען ער האט ענדליך צוריק גע-קעהרט אהיים, איז ער שוין געווען א גרייז-גרויער מענש, וואס איז אלט געוואָרען אין פערברעכען און אויסגעלאסענהייט.

דאָן האט ער זיך גענצליך צוריק געצויגען פון דער וועלט, און געלעבט גאנץ אליין פיר זיך.

מען האט איהם גערופען: א זאָנדערבארער מענש! אָבער דערמיט האט זיך ניט אלעס געענדיגט.

אונטערדעסען, פלעגט ער מעהרערע מאל ארויס געהען פון זיין צוריקגע-צויגענהייט, וויעדער ערשיינען אין א ניעדריגערע קלאסע צו וועלכער ער האט ניט געהערט, און דאָרט האט ער צייטענווייז בעטריעבען זיינע פערברעכערישע געהיי-מיטען אונטער עהנליכע לוסטען וויא ער איז געווען.

דאס איז שוין געווען זיין נאטור, און עס איז איהם אונמעגליך געווען זיך אָב־צוגעוועהנען דערפון.

אָבער דאס שפּריכוואָרט זאגט: „דער קרוג געהט אזוי לאנג צום ברונען, ביז ער ווערט צובראָכען,“ און אזוי האט עס פּאסירט, וואס אויף זיינע נאכט־בעזוכען האט ער זיך אמאל צוזאמען געטראָפען מיט לייטע פון זיין גלייכען, און אין א שעהנעם פריהמאָרגען האט מען איהם געפונען נעבען דער שטאדט טויט, ערמאָרדעט.

דער מארקיז, פאָן מארזאן איז געווען א קלוגער מענש, און ער האט אויסגע־פונען איין עהנליכקייט אין כאראקטער צווישען זיין טאָכטער און זיין לומפּיגען שוואָגער. ער האט דאס קינד שטודירט א היבשע צייט, און זיך איבערצייגט, אז זיא האט א שרעקליכען כאראקטער. ער האט ניט נאָר איינמאל אויפגעשווידערט איבער איהרע טהאטען און ער האט אָנגעפאנגען זיך צו אינטערעסירען מיט דיא איבריגע מיטגליעדער פון זיין פרוי׳ס פאמיליע.

ער האט אויסגעפונען, אז ניט נאָר טהערעזע׳ס אָנקעל איז געווען פון א שרעקליכען כאראקטער, זאָנדערן אנדערע מיטגליעדער פון דערזעלבער פאמיליע, האבען געטראגען עהנליכע סטעמפּלען אויף זייערע זעעלען. איינינע זיינען גע־שטאָרבען אויף׳ן גאלגען, אנדערע זיינען משוגע געוואָרען און א טהייל האבען בע־גאנגען זעלבסטמאָרד.

הויפּטזעכליך אָבער, האט זיך זיין ווייב׳ס פאמיליע אויסגעצייכענט אין שמוטציגער אויסגעלאסענהייט: דיא מענער האבען געפיהרט אונגליקליכע פרויען־צימער, און דיא פרוען האבען געלעבט מיט פרעמדע מענער.

דיא מארקיזין איז אונטערדעסען געווען א גאנץ אנשטענדיגע און רוהיגע פרוי. דער מארקיז האט דאס גאנץ גוט בעמערקט, און ער האט זיך אזוי גע־טראכט:

„דיא פערברעכערישע ירושה פון עלטערן צו קינדער, האט בייא מיין פרוי געמאכט איין אויסנאהמע, און זיא איז געבליבען פרייא פון דיעזער שווערהאפטער נאטור אין דער פאמיליע. דאנעגען אָבער, אויב איך האב ניט קיין אירטהום, רופט זיך יעטצט אָב דאס פערברעכען אין מיין טאָכטער.“

ער האט לאנג געדענקט וואס ער קען מיט איהר טהון, און ער האט ענדליך בעשלאָסען אריין צו געבען טהערעזע׳ן אין א קלויסטער, צווישען דיא נאָנען, וואו זיא זאָל געניעסען א שטרענגע ערציהונג אונטער דער איינפלוס פון רעליגיאָן.

ער איז אין א מאַנ אַזעק געפאַהרען אין א בעקאַנטען קלויסטער און גענומען א לאַנגע אונטעררעדונג מיט דער הויפט־נאָנע. דיעזע איז געווען זעהר א שטרענגע רעליגיעזע פרוי און הערענדיג איבער טהערעזע׳ס ווילדען כאַראַקטער, האט זיא אנפאַנגס געוואָלט צוריק ווייזען דעם וואונש פון דעם מאַרקיז, אויפצונעהמען טהערעזע׳ן אין קלויסטער. זיא האט מורא געהאט, אַז אַזא ווילדעס קינד וועט פערדערבען אויך אַנדערע קינדער וואס האבען זיך געפונען אונטער איהר בע־אָבאַכטונג.

דער מאַרקיז האט זיך געמערקט אין איהרע מיענען, אַז זיא איז אונצופריעדען מיט אַזא שילערין, און ער האט שוין פערשוויענען די טהאטזאַכע איבער זיין פרוי׳ס פאַמיליע, וועלכע ער האט אנפאַנגס בעשלאָסען צו דערצעהלען דער נאָנע. דאַן האט ער אָנגעבאָטען אויף א גרויסע סומע געלד, און ערקלערענדיג, אַז טהערעזע, נאָך אַלעמען, האט אין זיך די בענעהמונג פון א דאַמע, האט די נאָנע איינגע־שטימט.

טהערעזע איז אויף דיעזער אַרט אריין געגעבען געוואָרען אין א קלויסטער און זיא האט דאָרט ווירקליך גענאָסען זעהר א שטרענגע, אָבער גוטע ערציהונג.

די הויפט־נאָנע האט זיך מיט איהר ספּעציעל אָבגעגעבען און זיא האט זיך אין א קורצער צייט איבערצייגט, אַז טהערעזע איז א פערשטענדיגעס קינד און הערט וואס מען זאָגט איהר.

אַזוי איז טהערעזע פערבליעבען אין קלויסטער ביז צו איהר 18־טען יאָהר, און ווען זיא איז אַהיים געקומען, איז זיא געווען הויך געוואַקסען לויט דער נאַטור פון דער פאַמיליע מאַרזאַן און פאַרגעשטעלט א וואונדערבאַרע שעהנהייט.

די שטרענגע רעליגיעזע ערציהונג האט פון איהר געמאַכט א זאַנפטע און צערטליכע יונגע דאַמע, און דער מאַרקיז, זיך דאָס מערקענדיג, האט ער זיך זעהר געפרייט.

איהר פרומקייט איז געווען ערנסט און אויפריכטיג. ווען זיא איז געקומען אין קירכע, איז זיא געזעסען מיט אַרונטער געלאָזענעם שטערען אויף איהרע הענד און געבעטען שטיל, ריהרענד און אויפריכטיג.

אין הויז אַליין, האט זיך אנפאַנגס דורך איהר פערברייטעט א פאַרפום־גערוך פון אונשולד און זעעלען־צופריעדענהייט.

בלויז איין פעהלער האט טהערעזע געהאַט, זיא איז געווען א נאַשערין. פון פריה־מאָרגען ביז שפּעט אין דער נאַכט, האט זיא געגעסען צוקער־פּלעמצלעך, און

ווען זיא האט שוין געהאלטען געשלאָסען דיא אויגען, האט זיא נאך אימער געזויגען א שטיק צוקער אין מויל. אָבער יעדער האט זיך דאס ערקלערט אלס גאנץ נאטירליך: טהערעזע איז אוועק אין קלויסטער גאנץ יונג, צור צייט ווען קינדער ליעבען זעהר צוקער־געבעקס, און זייענדיג אין קלויסטער, ערלויבט מען דאָרט קינדער זעהר זעלטען צו עסען אזעלכע זאכען, דערפאר אָבער, ווען זיא האט זיך ווידער געזעהען אין דער פרייהייט, האט זיא געוואָלט אויפעסען אלע זיסע זאכען וואס זיא האט פריהער פערפעהלט.

דער מארקיז און דיא מארקיזין האבען בעשלאָסען ווידער אמאל צו עפענען זייער לאנג־פערמאכטען פאלאסט פיר געסט.

זייא האבען אָנגעפאנגען דערמיט וואס זייא האבען פעראנשטאלטעט אייניגע באנקעטען, דאן האבען זייא געמאכט בעלער און געלאדען דעם גאנצען אדעל פון דער נאכבארשאפט. זייער אבזיכט איז אייגענטליך געווען, צו פערהייראטהען טהערעזע׳ן.

טהערעזע האט זיך אפילו געציינט זעהר צוריק געצויגען און שעהמעריג, נאָר ווען עס געקומען צו איין אונטערהאלט, האט זיא זיך זעהר שעהן אויסגעפוצט און געטאנצט מיט אירגענד א יונגען מאן וואס האט זיא געלאדען.

איהר וואונדערבארער שעהנעס געזיכט און איהר הערליכע פיגור, האט צוגע־צויגען זעהר פיעלע יונגע לייטע אויף איהר זייט. איבערהויפט, האט איהר אונ־שולדיגעס בענעהמען געמאכט א טיעפען איינדרוק אויף אלע געסט.

אין דער ערשטער צייט, האט טהערעזע אפילו ניט דערמאָהנט דעם נאמען קאָלומבעל. דער מארקיז האט וועהרענד איהר אבוועזענהייט פאר איהם פיעל אָדער ווייניג געזאָרגט, און איהם געלאָזען שטודירען, ביז ער האט איהם ענדליך אריין גע־בראכט אין דער קאנצעלייא פון דעם אדוואָקאט סאווארנין, מיט דער אבזיכט ער זאָל דאָרט פראקטיצירען און שפעטער אויך ווערען איין אדוואָקאט.

אין א טאָג אָבער, האט פראנציסקא, טהערעזע׳ס אמע, מיטגעבראכט איהר זוהן און איהם פאָרגעשטעלט פאר טהערעזע׳ן, אלס איהר געוועזענער שפיעל־קאמעראד.

קאָלומבעל׳ס געזיכט האט זיך אויפגעמונטערט, און ער האט ניט געציינט דיא מינדעסטע שעהמעדיגקייט. ער איז אויך געווען גאנץ ריין און זויבער גע־קליידעט, און טראָטץ זיין ניעדריגקייט אין סטאטור, האט ער פאָרגעשטעלט א גאנץ היבשען יונגען מאן.

ער האט זיך פאַרנעשטעלט, דאס אלס טהערעזע'ס מילך־ברודער און נע־ זועזענער שפיעל־קאמעראד, מעג ער זיך ציינען צו איהר אביסעל מעהר פאַ־ מיליאר.

טהערעזע ווידער, וויא עס שיינט, האט ניט געוואָלט האבען קאָלומבעל זאָל זיך איהר ציינען אלס איין אלטער גוטער־ברודער. זיא האט איהם דערפאר אפילו ניט גערייכט דיא האנד. זיא האט איהם בלויז צוגעוואָרפען א קאַלטען בליק פון איהרע שעהנע און רוהיגע אויגען, און געמורמעלט:

„יא, יא, איך גערענק אייך, אלס קינד.“ דאַן האט זיא זיך אומגעווענדעט און איז אוועק.

„וואס זאָל דאס הייסען, מוטער?“ האט דער קליינער קאָלומבעל געפרעגט זייענדיג זעהר אויפגערעגט. „דוא האסט דאָך מיר געזאגט, אז איך וועל דאָ ווידער אין הויז אויפגענומען ווערען וויא פריהער, און יעטצט, זעה!“

„אָבער מיין קינד,“ האט פראַנציסקא געענטפערט, „וואס דארפסטו זיין אזוי אויפגערעגט! עס איז איבריגענס נאך גאר ניט אזוי שלעכט. טהערעזע האט דיך גאר ניט אזוי שלעכט אויפגענומען.“

„נאָך גאר ניט שלעכט,“ האט קאָלומבעל געזאגט שפּאָטיש. „זיא האט מיך אָנגעקוקט מיט איהרע טינט־שווארצע אויגען און מיך בעטראכט גראדע אזוי גלייכ־גילטיג, וויא זיא וואָלט געקוקט אויף דעם טהורם פון פיזא. זיא גלויבט, אז זיא ערגינערט זיך אַן מיר, און דאַן לאָזט זיא מיך שטעהען וויא איין אָף און געהט זיך אוועק.“

„דוא רעדסט פון טהערעזע'ן?“

„פון וועמען דען ווילסטו זאָל איך רעדען? דוא האסט דאָך געזעהען וואס פאַר איין אויפנאַהמע איך האב געהאט.“

„זייא רוהיג, מיין קינד,“ האט פראנציסקא ווייטער געזאגט. „איך האב גע־מיינט וויא אמבעסטען; איך האב דיך געוואָלט אריין פיהרען אין דיעזען הויז, וואו דוא זאָלסט ווידער זיין...“

„איך דאַנק דיר בעסטענס,“ האט קאָלומבעל אונטערבראָכען זיין מוטער. „דוא האסט מיך געוואָלט אריין פיהרען אין דיעזען הויז, ווידער אמאל, איך זאָל זיין, וויא אמאל, א שפיעלצייג פיר דעם אדעליגען פרייליין.“

„זינדיג נים, מיין קינד. וואס ווילסטו דען? האט דער העדר מארקיז געגען דיר ניט געהאַנדעלט וויא א פאטער? ער האט דיך געלאָזען לערנען און דיך אריין געגעבען צו מייסטער סאַווארנין...“

„און דאס רופסטו אן געהאנדעלט וויא א פאטער?" האט ער זיא וויעדער אונטערבראָכען. „איך פערדיען דאנקען גאָט אזוי פיעל, אז עס איז מיר נים נענג צום לעבען און צופיעל צום שטארבען. אוודאי פאסט עס פאר א פאטער, וועלכער רופט זיך דער מארקיז פאָן מארזאן!"

עס זיינען פאָראיבער עטליכע טעג, און סאָלומבעל, אויף זיין מוטער'ס איינלאדונג, איז וויעדער אמאל געקומען בעזוכען דעם פאלאסט. טהערעזא האט איהם דערזעהען און זיך פאר איהם פערניינט, ווערענד אויף איהרע רויטע ליפען האט זיך בעוויעזען א לייכטער פרומער שמייכעלע.

מיט א פאאר טעג שפעטער, האט קאָלומבעל שוין געהאט איין אונטעררעדונג מיט טהערעזא'ן. זיא האט איהם אוועק גענומען אויף א זייט זיך אוועק געזעטצט, און מיט א שוועסטערליכער צערטליכקייט, האט זיא איהם אָנגעפאנגען אויסצופרעגען איבער זיין פערגאנגענהייט און געגענוואַרט.

קאָלומבעל האט איהר פיעלעס דערצעהלט, אָבער טהערעזא, אנשטאט צו ציינען ערגערניסע דאריעבער, האט עס אויסנעזעהען, אז בייא יעדער שילדערונג פון מאנגעל, האט איהר געזיכט אָנגענומען א מונטערע פארב.

אויף'ן אנדערן טאָג נאך דיעזען געשפרעך, איז קאָלומבעל וויעדער אמאל ערשיענען, און טהערעזא האט מיט איהם געשפראָכען איבער זייער קינדהייט. זיא האט איהם דערמאָהנט, מיט א בעזאָנדערעם פערגניגען, וויא אזוי זיא פלעגט איהם שלאָגען, קנייפען און שטעכען מיט נאָדלען.

ער האט געלאכט.

דאן האט טהערעזא אויסגעשטרעקט איהר קליינע און זעהר ווייסע האנד און אָנגענומען קאָלומבעל'ס הויט פון דעם האלז, וועלכע זיא האט שטארק צוזאמענגעדריקט.

קאָלומבעל איז געוועזען ערפרייט און ערשטוינט איבער דיעזער פאמיליאריטעט. ער האט אָבער קיין מיענע געצייגט, אָבוואָהל דער קניפ האט איהם שטארק וועה געטהאָן.

פון דאמאלס אָן, פלעגט קאָלומבעל שוין קומען יעדען אבענד אין שלאָס פון דיא מארזאנס, וואו ער איז פערבליעבען ביז שפעט אין דער נאכט.

טהערעזא האט ארום געשפאצירט מיט קאָלומבעל'ן איבער דעם גארטען, וואו זיא האט מיט איהם פערבראכט אין געשפרעך.

אין א זונטאג נאכמיטאג, זייענדיג אין גארטען נעבען א וואסער'ל, איז זיא פלוצלינג ארויף געשפרונגען אויף קאָלומבעל'ס רוקען און אויסגעשריען:

„טראָג מיך אריעבער!“

קאָלומבעל איז נים נאָר געווען קלענער פון טהערעזע'ן, זאָנדערן אויך אביסעל שוואכער, אָבער, טראָטץ דעם, איז איהם דיא לאסט פון איהר קערפער געווען אנגענעהם, און ער האט זיא געטראגען. אריעבער געהענדיג דאס וואסער, איז ער געבליעבען שטעהען און געוואַרט זיא זאָל ארונטער געהען.

„טראָג מיך ווייטער!“ האט זיא געשריען.

ער האט זיא געטראָגען ביז ער האט געשפּירט, אז ער פערלירט דעם אטהעם. דאן האט זיא איהם אָנגעהויבען צו קנייפּען און שלאָגען מיט דיא פיס, שרייענדיג:

„טראָג מיך ווייטער! ווייטער!“

ער האט זיא געטראגען ביז ער איז געפאלען און זיא איז געבליעבען ליעגען אויף איהם, האבענדיג דאס גרעסטע פערגניגען, וואס ער האט מעהר נים געקענט כאפּען דעם אטהעם.

נאך דיעזער עראייגניס, האט טהערעזע אָנגעפאנגען צו פערוויילען מיט קאָלומבעל'ן אין גארטען. מאנכע מאל האט זיא איהם געקניפּען און געריסען שטיקער פון איהם, אָבער מיט דער צייט, פ עגט זיא איהם געבען דיא געלעגענהייט, ער זאָל קושען איהרע באקען און בעריהרען איהר נאקעטען קערפּער.

אין איין אבענד, ליעגענדיג אין שאטען פון א גרויסען קאסטאניען־בוים, האט טהערעזע אומארמט קאָלומבעל'ן, און גראדע וויא זיא האט געציינט צו איהם גרויזאמקייט, איז זיא געוואָרען ווילד אין איהר צערטליכקייט און איהם ערלויבט צו טהון מיט איהר אלעס וואס ער האט געוואָלט.

קאָלומבעל האט געטוהט קומען יעדען אבענד בעזוכען טהערעזע'ן, זאָנסט, ווען ער האט אמאל פערפעהלט צו מאכען דעם בעזוך, האט זיא איהם אויסגעקניפּען שטיקער פלייש.

דיא אלטע פראנציסקא, האט אין איין אבענד נאכגעשפּירט איהר זוהן מיט טהערעזע'ן, און זיא האט ביינעוואָהנט זאָוואס, וואס האט זיא געצוואונגען אוועק צו רופען איהר זוהן; אויף א זייט, און איהם איינראטען א סוד אין אויער, אז „אזעלכע שפּיעלערייען דארפען נים פאָרנעהען אין גאָרטען.“

קאָלומבעל האט פערשטאנען.

פראנציסקא איז געווען שטאָלץ אויף איהר זוהן; וואס איהם איז געלונגען צו שפּיעלען אזא גרויסע ליעבע מיט פריילין פאָן מארזאן, און זיא האט איהם נאך געגעבען יעדע געלעגענהייט נים געשטערט צו ווערען.

פון ראמאלס און, האט זיך שוין קאָלומבעל בעגעגענט מיט טהערעזע׳ן און איהר צימער.

דער מארקיז נאטירליך, האט זיך ניט בעקימערט אום קאָלומבעל׳ס אָפּטע בעזוכע, און עס איהם אפילו ניט איינגעפאלען, אז זיין גרויסארטיגעס פריילין, דיא געבילדעטע און פרומע, וואס זאגט געבעטע מיט איבערגעקעהרטע אויגען, זאָל גאר קענען האבען א שלעכטע מחשבה.

קאָלומבעל ווידער, אום צו זיין פאָרזיכטיגער, האט ער יעדען פארנאכט מיטגעבראכט א פאק פּאַפּירען, וויא עס האט געהייסען, אז ער ברענגט פאר טהערעזע׳ן בילדער, נאָטען, אָדער זשורנאלען.

ווען ער האט טהערעזע׳ן ניט געטראָפען אין דעם געוועהנליכען עמפּפאנג־צימער, פלעגט ער שוין אליין וויסען דעם וועג אהין דורך זיין מוטער׳ס צימער. פראנציסקא ווידער האט איהם אימער פרייא געמאכט דעם וועג.

אין א טאָג האט פראנציסקא בעמערקט א פאאר בלויע צייכענס אויף איהר זוהן׳ס געזיכט.

„וואס איז דאס ?" האט זיא געפרעגט.

„גאר נים, מוטער," האט ער געענטפערט.

„האסטו דיך מיט יעמאנדען געשלאגען ?"

„פיעללייכט יא," האט ער געענטפערט און איז אוועק.

„איך האב מיך געשלאָגען," האט ער געברומט צו זיך זעלבסט. „ניין, ניין, איך האב מיך ניט געשלאָגען ; זיא האט מיך געשלאגען, גראדע וויא אימער. עס איז איהר שעהנער און ווייסער פויסט, וועלכער שלאגט מיך. אָבער, מיין ראכע איז דורכגעפיהרט ! איך האב איהר עהרע בערויבט, און מיין ראכע איז גרויס !"

טהערעזע׳ס נאטור איז געווען א שטודיום פיר א פּסיכאָלאָג. זיא פלעגט עמפּפאנגען קאָלומבעל׳ן בייא זיך אין צימער, און זיך אנפאנגען מיט איהם צו שפּיעלען. זיא האט זיך אימער בעטראכטעט אלס דיא קאטץ און איהם אלס דיא מויז.

אנפאנגס האט זיא ליעב געהאט איהם גלאט צו קנייפּען, דאן איהם צו בייסען מיט איהרע ווייסע צייהן אויף זיין נאקעטען לייב, און צייטענווייז, האט זיא איהם געשלאגען מיט איהרע פויסטען אויף זיין געזיכט.

קאָלומבעל האט אימער ערטראגען געדולדיג דיעזע קלעפּ, און זיין איינציגע אידעע איז געווען, אז נאך דיא קלעפּ, נאך דיא מארטערניס, ווערט ער איהר הערר און ערניעדריגט זיא.

ער האט שוין אזוי נוט געקענט איהר נאטור, אז נאך א פאאר מאל פראָ־
בירען, האט ער אויסגעפונען, אז זיא מוז איהם פריהער שלאָגען איידער ער קען מיט
איהר טהון וואס ער וויל.

צו זאגען, אז קאָלומבעל האט נים געליעבט דיעזע הערליכע פיגור, וואָלט
געוועזען לעכערליך. אירגענד א מאן, וואָלט געליעבט דיא שעהנע טהערעזע, אָבער
דיא מאַרטערניסע פון איהר האנד, זיינען געוועזען אונערטרעגליך, און דערפאַר האט
ער זיא צייטענווייז געהאסט.

מאנכע מאל, ווען דער ערשטער אנפאל פון אויפרעגונג איז געוועזען פאָראיבער,
פלעגט קאָלומבעל וועלען ענטלויפען אום לויז צו ווערען פון נייע קלעפּ, אָבער
טהערעזע האט איהם צוריק געהאלטען, און נאך אמאל אָנגעפאַנגען צו קלאפען און
בייסען ביז איהר רייץ איז ערפיללט געוואָרען.

אין איין אבענד איז ער אריין אין צימער פון פּאלאסט וואו ער האט זיא
ערוואַרטעט. זיא איז דאָרט ניט געווען. ער האט זיך גלייך אויסגעצויגען דעם ראָק
און דיא שיך און האט פאסירט דעם לאַנגען קאָרידאָר מען זאָל איהם ניט
הערען.

ער איז צונעקומען ביז טהערעזע'ס צימער, אָבער דיא טהיר איז געוועזען פער־
שלאָסען. ער האט שנעל ארויס גענומען א שליסעלע פון זיין קעשענע, אויפגע־
שלאָסען און אריין אינוועניג.

אויף'ן בעט איז געלעגען טהרעזע האלב נאַקעט און געדרעמעלט. קאָלומבעל
איז געבליעבען שטעהען און בעטראַכטעט דיא הערליכע שעהנהייט.

איהר אטהעם האט זיא רעגעלמעסיג געצויגען און אויף איהרע ליפען האבען
זיך געוויעזען ביטערע מיענעס און שעהנע שמייכעלעך.

קאָלומבעל האט זיך צוגעבויגען און אָבגעפרעסט א קוש אויף דיא ליפען.

זיא האט ערוואַרט, און איהם זעהענדיג, האט זיא געלאַכט. דאַן האט זיא
אויסגעשטרעקט איהרע נאַקעטע הענד און איהם אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ.

זיא האט איהם צוגעצויגען צו זיך און איינגעגראָבען איהרע צייהן אין
זיין האלז.

„לאָז אָב !“ האט ער געשריען מיט איין אונטערדריקטע שטימע.

דיא מאַרטער האט אָנגעפאַנגען, וועלכע האט זיך געענדיגט דערמיט, וואס
זיא האט איהם נאכהער ארונטער געוואָרפען פון בעט.

קאָלומבעל איז געוועזען שמארק בייז אויף איהר.

ער האט זיך געטאפט זיין האלז און זיך אנגעקוקט אין שפיעגעל, וואו ער האט דערזעהען נייע צייכענס אויף זיין געזיכט פון טהערעזע׳ס פויסטען.

זיא איז אויך ארונטער נעגאנגען, זיך אוועק געשטעלט נעבען א קליינעם וואש־קאסטען וואו זיא האט אנגעפאנגען זיך אבצרוואשען דיא הענד.

קאלומבעל האט זיך ערבליקט שטעהענדיג, און א וואוטה אויסגעמישט מיט ליידענשאפט האט איהם ערגריפען. ער איז צו איהר צוגעלאפען, און, הינטען־ארום, האט ער זיא אנגעכאפט און שטארק צוגעדריקט צו זיין ברוסט.

„לאז אב!“ האט זיא בעפוילען.

„איך וויל ניט,“ האט ער געענטפערט און זיא ווייטער געדריקט, מיט דער אבזיכט איהר וועה צו טהון.

„לאז אב, קאלומבעל, דוא ווייסט, אז איך בין שטארקער פון דיר און דוא וועסט האבען א מיאוס׳ן סוף.“

„אט דא בלייבסטו,“ האט ער געענטפערט, „און איך וועל דיך האלטען אזוי וויא לאנג איך וועל וועלען.“

„נעדרענק!“ האט זיא אויסגעשריען.

„טהו מיר עפעס, אז דוא קענסט!“ האט ער געענטפערט.

ער האט זיא דאן אנגעפאנגען צו טרייסלען, און זיא האט פראבירט זיך פון איהם אויסצורייסען. אבער דיעזעס מאל האט ער זיא פעסט געהאלטען.

אין דעם קאמפף האט ער זיא אומגעווארפען און זיך ארויף געזעטצט אויף איהר.

טהערעזע איז פערבליעבען בלויז א קורצע צייט ליעגענדיג. אבער מיט דער שנעלינקייט פון א טיגערין האט זיא איהם פון זיך ארונטער געווארפען, אויפגעשפרונגען און איהם אנגעכאפט.

„אזוי, אזוי,“ האט זיא געברומט, דוא ביסט שטארקער פון מיר! איך וועל עס דיר ווייזען!“

דאן האט זיא איהם פעסט צוגעדריקט און איהם געגעבען א שרעקליכען שליידער פון זיך צו באדען.

איהר געזיכט איז געוועזען בלאסער וויא דיא קאלך־וואנט; איהרע אויגען דינען געוועזען האלב ארויס פון זייערע לעכער.

דאס איז מעהר ניט געוועזען קיין שפאס, זאנדערן מארד־לוסט האט זיא בעהערשט.

קאָלומבעל איז געפאלען מיט זיין שטערן צו דעם הילצערנעם שראַנק און ארויס געלאָזען איין אונטערדריקטען געשרייא. אָבער נאָך ניט זייענדיג ציפּריעדען דערמיט, איז זיא צונעשפּרונגען, איהם אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענד בייא זיין האלז, און איהם העפטיג צוזאַמען געדריקט.

עס האט זיך געהערט א כאָרכלען, און דאן האט זיא איהם א צווייטען שליידער געטהאָן צום שראַנק.

„אזוי,“ האט זיא געמורמעלט און זיך אויפגעהויבען. זיא האט זיך אוועק גע־שטעלט פאר'ן שפּיעגעל און אָנגעפאַנגען אויסצוגלייכען איהרע האאר.

איהר בוזים האט זיך שטארק געהויבען.

זיך אומווענדענדיג אביסעל, האט זיא איהם געגעבען א שטויס מיט'ן פוס.

„שטעה אויף!“ האט זיא געזאגט.

קאָלומבעל האט זיך אָבער ניט געריהרט.

טהערעזע האט ניט געקענט בעגרייפען וואס דאס הייסט. איז קאָלומבעל גע־וואָרען איין עקשן? אָדער פיעללייכט מאכט ער נאר פוילע שטיק און וויל זיך פאר איהר פיעסטען?

זיא איז געוואָרען נייגיעריג צו זעהען וואס עס איז מיט איהם. זיא האט זיך אלזאָ צונעבויגען נעהנטער און איהם גוט בעטראכט.

א קאלטער שוידער איז איהר געלאָפען איבער איהרע פּלייצעס.

קאָלומבעל'ס געזיכט איז געווען אזוי בלאס וויא דיא וואנט. דיא אויגען זיינען געשטאנען אָפען און פערגלאָצט און זיין מויל איז געווען קראמפּפהאפט צוזאמען גע־צויגען. אויף דער רעכטער שלייף האט זיך געוויזען א וואונד. ארום־און־ארום איז געווען בלוי. זיין שלייף, וויא עס שיינט, איז צערשמעטערט געוואָרען ביים לעטצטען קלאפּ וואס ער האט זיך געגעבען אין דעם שראַנק.

א ציטער איז נאָך אמאל געלאָפען איבער טהערעזע'ס קערפּער, און זיא האט געמורמעלט:

„ער איז טויט!“

יא, טויט! קאָלומבעל איז געלעגען טויט!

אין איין אויגענבליק איז דורכגעפלויגען אין איהר געהירן דאס לעבען וואס זיא האט צוגעבראכט מיט דיעזען יונגען מאַן, וויא אזוי זיא האט איהם ציימענווייז גערן געהאט, וויא זיא האט איהם אמאל געקושט מיט פערגניגען; דאן וויא זיא האט איהם געמַרטערט, און, צולעטצט, וויא זיא האט איהם ערמאָרדעט.

עס האט איהר אָבער ניט גענומען פיעל צייט צו בעשליעסען, אז ערגערן אָדער חרטה האבען, איז יעטצט איין איבריגע זאך.

„טויט! יעטצט איז ער טויט! געוויס טויט!" האט זיא געמורמעלט און איינגעזעהען, אז עס האנדעלט זיך יעטצט צו זיין טהעטיג און ניט טרויערן אין שרעק און טרויער.

אָבער טראָטץ איהר אויסרעכנונג, האט זיא בעפאלען איין אונהיימליכע מורא און ציטערן, ווען זיא האט אָנגעפאנגען זיך פאָרצושטעלען, וואס עס קען גע־שעהען ווען מען זאָל ערפאהרען וואס עס האט פאסירט.

זיא האט זיך דערווייל דערמאָהנט אן דעם פריהערדיגען מאָמענט, וויא אזוי עס איז אין איהר ענטשטאַנדען א פירכטערליכער וואונש איהם צו טויטען, איהם צו צערדריקען און איהם פערניכטען — אָבער, האט זיא זיך געטראכט, דאס איז נאָר געווען א מאָמענטאלער נארישער וואונש, און יעטצט האט זיא חרטה.

„ווירקליך, ווירקליך," האט זיא זיך אליין געטראכט, „איך בין ניט ערגער וויא אנדערע. ווען יעמאנד שלאָגט איין אנדערן, ווינשט מען אויף'ן פלאַטץ צו הרג'ענען דעם געגנער, אָבער דער צאָרן געהט פאָראיבער און מען זעהט איין, אז דער וואונש איז געווען א נארישער. ניין, ניין, איך בין ניט קיין מערדערין!"

דאן האט ווידער איינגעטרעטען בערוהיגונג.

„אָבער וואס איז צו טהון?" האט זיא זיך געפרעגט, „דאס איז דאך שרעק־ליך! ווען דאס וואָלט וועניגסטענס געשעהען אין גאָרטען, אונטער א קאסטאניען־בוים, וואָלט איך איהם געלאָזען ליעגען און אוועק געגאנגען. ווער וואָלט דאס געוואוסט, אז איך האב איהם ערמאָרדעט? קיינער! קיינער! קיין מענש וואָלט עס געגלויבט! אָבער דאָ, אין מיין צימער? עס איז שוידערהאפט!"

זיא האט זיך אונטערדעסען ערבליקט אין שפיעגעל, און זיך געזעהען האלב נאקעט.

אזוי האט זיא ניט געקענט בלייבען. ווען מען וויל עפעס טהון, דאן מוז מען זיין אָנגעצוינען און מען קען זעהן אויף וואס פאר א וועלט מען איז.

זיא האט שנעל געכאפט איהרע קליידער און זיך אָנגעצויגען.

„נוט, נוט" האט זיא געמורמעלט. „עס איז פאָראיבער... ער איז טויט — דאריבער איז ניט דער מינדעסטער צווייפעל... טויט וויא אלע טויטע... און אליין ווערט ער שוין פון דאנען ניט ארויס געהען?..

זיא איז, אין איהרע רוהיגע מאָמענטען געוועזען גענוג אבערגלויביש און פאַ־נאַטיש, צו גלויבען אין שדים, רוחות און בעזע גייסטער. אָבער דיא יעטצטיגע

שרעק, פאר אווירקליכען טויטען, און דיא מורא פאר דיא פאלגען פון איהר טהאט, האט פערטריעבען יעדען פאנאטישען שרעק פון איהר.

זיא האט נאך געציטערט פאר דער אידעע, טאמער ענטדעקט מען דעם טויטען בייא איהר אין צימער, דאן ערפאהרט דיא פאליציייא, מען מעלדעט דעם פראקוראר, עס קוממט איין אונטערזוכונגס ריכטער און עס פאלגען פראגען מיט נאכפארשונגען.

„וואס קען איך ענטפערן?“ האט זיא זיך אליין געפרעגט.

זיא האט אייננעזעהען, אז עס וועט איהר זיין אונמעגליך צו ערקלערען, וויא אזוי קאלומבעל איז אריין געקומען צו איהר אין צימער מיט נאקעטע פיס און אהן א ראק, און דאן וויא אזוי ער איז דארט געבליעבען טויט.

„דיא וואונד אין זיין שלייף,“ האט זיא זיך געטראכט און זיך אומוועגדענד'ג צו איהם, האט זיא נאך ערבליקט דיא צייכען פון איהר אייזערנעם גריף אויף זיין האלז.

„איך בין פערלוירען!“ האט זיא געטראכט און געציטערט.

מיט דער אונערקלערטער נאטור פון יעדען מערדער, וועלכער בעטראכט זיך גוט זיין אפפער, אזוי האט זיך טהערעזע נאך אמאל צונעבויגען אום צו זעהען וויא וויים דיא מאכט פון איהרע פינגער האבען געווירקט אויף קאלומבעל'ס האלז. אבער גראדע אין יענעם אויגענבליק, האט זיא זיך שטארק דערשראקען.

זיא האט געהערט פראנציסקא'ן, קאלומבעל'ס מוטער, אריין קומענדיג אין קארידאר. דאן האט זיא געהערט שריט און נאך אנדערע שטימען.

דיעזע טהעטיגע בעוועגונג אין פאלאסט, איז געוועזען ראפיר, ווייל מען האט געמאכט גרויסע פארבערייטונגען פיר א באלל וואס האט געמוזט שטאטפינדען אין יענעם אבענד.

טהערעזע האט פערשטאנען, אז מען קען זיא רופען אין יעדען אויגענבליק. אזא צושטאנד וואלט איהר געווען זעהר אונאנגענעהם.

דאן איז נאך אמאל געפאלען איהר בליק אויף דעם טויטען געליעבטען, ער־מארדעט מיט איהרע אייגענע הענד!

אין איהר געהירן האט עס געראַשט און געקלאפט וויא מיט האמערס און עס האט אנגעהויבען צו שווינדלען פאר איהרע אויגען.

זיא האט אנגעהויבען צו געהען אין צימער הין און צוריק, זוכענדיג א פלאטץ וואו זיא זאל קענען פארלויפיג בעהאלטען דעם טויטען קערפער, וועלכער האט גע־קענט צערשטערען אלע איהרע האפנונגען פיר דער צוקונפט.

טהערעזע׳ן איז איינגעפאלען, אז אין ערנסטען פאל, אפילו ווען מען זאָל שוין ענטדעקען דעם ערמאָרדעטען בייא איהר אין צימער, וואָלט איהר פאטער׳ס איינ־פלוס און רייכטהום, זיא געקענט רעטען ניט נאָר פון דעם טויט, זאָנדערן אויך זאָגאר פון א קורצער געפענגניס שטראַפע. אָבער וואס זיא האט איבערהויפט דאַ־מאלס בעסימערט, איז געווען דיא אידעע, אז דאדורך וועט מען נאכהער פיעללייכט צווייפלען אין איהר פרומקייט, און דאס איז ערגער וויא אלעס.

נאָר וואס שפעטער וועט זיין, האט זיא געטראכט, וועט מען שפעטער זעהען וואס עס איז צו טהון; פאָרלויפיג דארף מען וועניגסטענס שיטצען דיא געגענ־ווארט. זיא האט ווייטער געזוכט א פלאטץ אום צו בעהאלטען דעם טויטען ער זאָל איהר ניט שטעהען אין וועג.

א קליינינקייט! נאך אין דיעזען אבענד, ווען עס דארף שטאטפינדען אזא גרויסארטינער באלל! זיא מוז און דארף זיין בייא דיעזען באלל, אונטער אירגענד א בעדינגונג.

אָבער וואו טהוט מען איהם אהין? דאכט זיך אין לעבען, איז קאָלומבעל געווען א גאנץ אונבעדייטענדער קליינער מענשעל, און יעטצט, נאך׳ן טויט, איז ער אזוי גרויס, אז מען קען גאר פאר איהם קיין פלאטץ ניט געפינען.

אין דיעזען צימער! מערקווירדיג; אין דיעזען צימער האט זיא געקענט זעהר פיעלעס בעהאלטען, וויא צום ביישפיעל איהרע שפיעלערייען מיט קאָלומבעל׳ן, איהר ליעבע און פערשיעדענע אנדערע זאכען, מיט קאָלומבעל׳ן צוזאמען, נאָר יעטצט איז עס צו ענג געוואָרען אין צימער, איהם אליין זאָגאר צו בעהאלטען וועניגסטענס אויף א קורצער צייט.

אונענטשלאָסען און פערווירדט איז זיא ארום געגאנגען א היבשע צייט איבער דעם צימער, ביז זיא איז פלוצלינג געבליעבען שטעהען מיט א אידעע.

„איך וועל איהם ארויס ווארפען פון דעם פענסטער!“ האט זיא געזאגט מיט א פעסטער ענטשלאָסענהייט. אָבער באלד האט זיא איינגעזעהען, אז דאס איז א פאלשע אידעע.

ניין, ניין, דאס איז ניט גוט; מען וועט איהם געפינען אונטען, נאכפראגען, נאכפאָרשען, און דאן וועט מען נאכשפירען אלעס ביז צו איהר צימער.

זיא איז געבליעבען שטעהען פערצווייפעלט נעבען פענסטער. זיא האט לאנגזאם אויפגעהויבען דעם פאָרהאנג, און פון צווישען דיא שפאלטען אין לאָדען האט זיא געבליקט ארויס אויף דער שטילער און רוהינער גאס. דאן האט זיא געבליקט

וייטער און דערהעהן דעם העססליכען מאן געגענאיבער, ליעגענדיג אָנגעלעהנט אויף זיין פענסטער, און קוקענדיג, וויא געוועהנליך, צו איהר פענסטער.

מהערעזע האט געהאט א שארפען בליק און אין איהם איז געלעגען אזוי פיעל פערשטאנד, גראדע וויא א גוטער הונד מערקט זיך זעהר פיעל פון דעם גערוך וואס גרייכט זיין נאָז.

זיא איז געווען איבערצייגט, אז יוליאן׳ס אונטערטהעניגער טרויערינער און צערטליכער בליק צו איהר, בעדייטעט אויפאָפּפערענדע ליעבע. זיא האט פון איהם אימער געלאכט צו זיך זעלבסט און איהם בעטראכט מיט דער גרעסטער פער־אכטונג.

דיעזער מאן, דיעזער אונטערגעבענער און שקלאפישער הונד, זועט און מוז איהר קענען העלפען.

א טרויעריגער א שפּאָטישער שמייכעלע איז אריעבער געלאָפען איבער איהרע פערטריקענטע ליפען.

„יא, יא,“ האט זיא געטראכט, „דאָרט, דאָרט אויף׳ן פענסטער, ליגט הילפע פאר מיר!“

זיא האט וויעדער נאכגעדענקט און געמורמעלט צום שלוס:

„געווים, געוויס, אָהנע צווייפעל; אזא ארמער הונד וועט פאר מיר, טהערעזע, אלעס טהון!“

זיא האט געטראכט איינינע סעקונדען.

„יעטצט האנדעלט זיך נים אום קאפּריזען;“ האט זיא געזאגט ענטשלאָסען.

„ער מוז פאר מיר אלעס טהון וואס איך וועל איהם הייסען, און איך, וועל איהם בעלוינען מיט אלעס וואס ער קען נאָר פערלאנגען אין זיין הערצען. איך וועל מיך צו איהם איבערגעבען מיט מיין גאנצען קערפּער!“

דאן איז איהר איינגעפאלען, אז ער איז, נאך אלעמען, גאר נים אזא מיאוס׳ער מאן. ער איז געזונד, שטארק און מעכטיג און קיין פרויענצימער דארף האבען דא־געגען אזא מאן.

„איברינענס,“ האט זיא זיך געטראכט, „דאפיר וואס ער וועט פערדעקען דאס בלוט וואס איך האב פערגאָסען, פערדיענט ער אלעס פון מיר.“

איהרע רויטע ליפען האבען געצוקט, אלס עפּעס א פאָרגעפיהל פון דער ליעבע וואס זיא וועט מוזען אוועק געבען ווערהענד א פירכטערליכער שרעק.

„אהזא, אזוי בלייבט עס!“ האט זיא געזאגט ענטשלאָסען. „ער זאָל פאר מיר אלעס טהון!“

זיא האט זיך אומגעווענדעט, און אָהנע דער מינדעסטער צענערונג, האט זיא זיך צוגעבוינגען צו קאָלומבעל׳ן, און מיט איהרע שטארקע הענד האט זיא איהם אויפגעהויבען פון דעם פוס־באָדען, און איהם אריין געלייגט אין איהר בעט. דאן האט זיא צוגעצויגען דיא פאָרהענגע.

וויא זיא איז פערטיג געוואָרען מיט דיעזער ארבייט, האט זיא שנעל געעפענט דאס פענסטער, און אָנגעפאנגען צו צו ווארפען יוליאן דיא ליעבעס־קיססע מיט איהרע הענד.

## 4.

יוליאַן׳ס שרעק און ערשטוינען איז נאך מעהר געשטיענען, ווען ער האט דערקענט אן דעם טויטען, קאָלומבעל׳ן. ער האט געציטערט און געשווידערט וויא אין א פיעבער.

דאן האט ער זיך דערמאָהנט, אז קאָלומבעל איז ווירקליך געוועזן איין אָפטער בעזוכער פון דעם פאלאסט, און עס איז איהם אויסגעקומען, אז עס האט נאר אנדערש ניט געקענט זיין, אז ער האט געמוזט ערמאָרדעט ווערען, ווייל ער האט געוואָלט צו ליעבען אזא געטליכע שעהנהייט וויא טהערעזע.

אין דערזעלבער צייט, האט ער אויך גערענקט, אז קאָלומבעל איז געוועזן זיין פיינד, זיין פערפאָלגער און אָבשפּעטער, און עס האט איהם אביסעל געפרייט, וואס ער האט געהאט אזא סוף.

איבריגענס, האט ער ניט עטליכע מאל שוין גערענקט דאריעבער וויא איהם צו ערמאָרדען? און יעטצט איז ער טויט, ווירקליך טויט! דאס איז גוט!

און קאָלומבעל, האט ער ווייטער גערענקט, האט עהרליך פערדיענט אזא סוף, דען ער האט ניט בעדאַרפט געניעסען אזא פערגניגען אין לעבען, צו ליעבען א געטטין פון שעהנהייט.

טהערעזע האט זיך גוט דורכגעשטודירט יוליאַן׳ס געזיכט, און איהר שאַרפער בליק האט בעמערקט אין זיינע ציגע א געוויסע צופריעדענהייט. דאס האט זיא בערוהיגט.

אין א געוועהנליכער שפּראכע, גראדע וויא זיא וואָלט דערצעהלט איין אַל־טעגליכע צוטרעפונג, האט זיא פאר איהם אָבגעשילדערט, וויא אזוי, נאכדעם קאָלומבעל האט גענאָסען איהר ליעבע, וויא עס איז אָפט געוועזן דער פאַל, האט ער איהר וועה געטהאָן דערמיט וואס ער האט זיא אומגעוואָרפען, און זיא, אָהנע

גראַדע צו בעאבזיכטיגען איהם צו ערמאָרדען, האט זיא איהם א וואָרף געטהאָן צום שראַנק וואוהין ער האט געטראָפען מיט זיין קאָפּ.

„ער איז אימער געוועזן א פרעכער קערל," האט זיא געשלאָסען איהר שיל־דערונג. „נאך פון קינדווייז אויף, און ער האט אימער געזוכט מיך צו רייצען און דערצו נאך פלאַגען. ענדליך, האט ער זעלבסט געפיהרט דערצו, וואס ער איז הארט בעשטראפט געוואָרען. איך בין נים שולדיג; עס איז זיין גאַנצע שולד."

יוליאן האט אויסגעהערט יעדעס וואָרט, אָבער אלעס האט געקלונגען אין זיינע אויערן וויא דער גערויש פון אונטער דער ערד פאר א נאַטור־אויסברוך. ער האט האלב פערשטאַנען וואס טהערעזע האט איהם געזאגט, און האלב נים.

זיינע אויגען האט ער נים געקענט אַרונטער נעהמען פון איהר הערר־ליכע פיגור, און עס איהם פאָרגעקומען, אז נאך אלעמען, איז עס גאר מעגליך, אז טהערעזע איז א גאַנץ אונשולדיגעס מעדכען, דען, וויא קען עס מעגליך זיין, אז אזא געטטליכע שעהנהיים, זאל אנדערש זיין וויא אונשולדיג.

אָבער אום זיך בעסער איינצופערשטעהען אין דער מיינונג פון איהרע ווערטער, האט ער געפרעגט:

„וויא קומט ער אָבער אהער מיט נאַקעטע פיס? וואו זיינען זיינע שיך?"

טהערעזע האט באלד בעגריפען, אז זיא האט צו טהון מיט א גרויסען דומקאָפּ.

„עס איז נוט," האט זיא געטראַכט, „וואס ער רעכענט מיך נאך פאר אונ־שולדיג. עס איז בעסער אזוי, דאן וועט איהם מיין ליעבע, מיין קערפער, נאך טהייערער זיין, און ער וועט אלעס טהון פאר מיר."

זיא האט איהם געענטפערט אויף זיין פראַגע מיט דיעזע ווערטער:

„דאס וואס ער איז דאָ מיט נאַקעטע פיס, איז בלויז דערפאר, ווייל ער האט זיך אין מיין צימער, געקענט מאכען גאַנץ בעקוועם. ער איז דאך געוועזן מיין מילך־ברודער און איך האב גאר נים בעדארפט האבען דאגענען, ווען ער איז פאר מיר אזוי ער־ניענען. עס איז מיר אויך געוועזן גאַנץ גלייכגילטיג."

טהערעזע איז געוועזן שטאַרק בעגייסטערט פון דער אידעע, אז זיא וועט איהם קענען מאכען גלויבען אין איהר אונשולד. זיא האט מיט איהם דערפאר זעהר פיעל געשפּראָכען דאריבער, אָבער אין איהר ענטהוזיאזמוס איבער איהר אייגענער אונ־שולד, איז זאָגאר דער דומער יוליאן אויך אויפמערקזאם געוואָרען און זיך אָנגע־פאַנגען אויסצוניכטערן פון זיין פערווירדונג. ער האט פערשטאַנען, אז צווישען

קאָלומבעלין אין טהערעזע, איז פאָרגעגאַנגען עפּעס מעהר וויא בלויז א פריינדשאַפט צו א מילך־ברודער.

„איהר מוזט זיין א מאַן, מיט מוטה און ענטשלאָסענהייט,“ האט זיא דאַן געזאגט אום איהם מעהר צו ערמוטהיגען. „עס שיינט, אז איהר ווייסט גאר ניט וואס עס טהוט זיך מיט אייך. דאס אַלעס, דאס הייסט, דער טויטער קערפּער, האט אייך גאָר בערויבט דעם פערשטאַנד. הייסט דאס א מאַן, וועלכער דערשרעקט זיך פאר א טויטען און לעבלאָזען מענשען? ניין, ניין, איך האב עס פון אייך ניט ערוואַרטעט.“

יוליאַן, אָהנע צו קענען עפענען זיין מויל, האט ער בלויז געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

„פערשטעהט איהר דען וואס איך רעדט צו אייך?“ האט זיא איהם גע־פרעגט ווערענדיג אונגעדולדיג.

ער האט נאָך אמאל געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און אָנגעפאַנגען מעהר מוטה צו פאַסען.

„אַלזאָ גוט,“ האט זיא געזאגט, „דאַן הערט מיך צו אויפמערקזאם.“

„איך הער, מיין פריילין,“ האט יוליאַן געזאגט מיט א דומפּפער שטימע, און ער איז ווירקליך געוואָרען שטארק אויפמערקזאם.

„ווייסט איהר,“ האט זיא ווידער אָנגעפאַנגען, „אז איהר האט מיר צוגע־שוואוירען, דאס איהר וועט פאר מיר אַלעס טהון וואס איך וועל פון אייך פער־לאַנגען?“

„איך ווייס עס, איך האב געשוואוירען,“ איז געוועזן זיין ערנסטער ענטפער.

„און ווייסט איהר אויך,“ האט זיא פאָרטגעזעטצט, „אז דערפאר האב איך פערשפּראָכען, אייך צו ליעבען און איהר זאָלט מיך אויך ליעבען?“

„איך — ווייס — עס,“ האט ער געענטפערט שטאַמלענדיג און זיינע אויגען האבען אויפגעגלאַנצט מיט רייץ בליקענדיג צו דער העררליכער געשטאַלט פאר איהם. „איך ווייס, מיין פריילין, אז פיר דעם דיענסט וואס איך וועל אייך טהון, וועל איך ערהאלטען דאס, איבער וועלכען איך האב געטרוימט פיעלע מאָנאַטען און צו וועלכען איך האב גאר קיינמאל ניט געהאָפט צו ערהאַלטען.“

„דאס איז גוט,“ האט זיא בעמערקט. „עס פרייט מיך וואס איהר האט מיך פערשטאַנען. איך ווידערהאָלע עס נאָך אמאל, אז איהר זאָלט מיך האבען מיט

לייב און זעלע, נים נאָר היינטינע נאכט, זאָנדערן צו אירגענד א צייט, ווען איהר ועט וועלען, זאָלט איהר אין דיעזען בעט מיט מיר טהיילען אייער ליעבע.״

יוליאַן האט שיער פערלוירען זיין בעזינונג פון דיעזען ערנסטען פערשפּרעכען. זיא איז ווידער אמאל צונעגאנגען נעהנטער צו איהם און געלייגט איהרע הענד אויף זיינע שולטער און איהם געקוקט טיעף אין זיינע אויגען.

„מיינע? מיינע?״ האט ער געמורמעלט וויא א שיכור.

„יא, יא, דיינע,״ האט זיא געענטפערט, „אין גאנצען דיינע, און נאך אין דיעזער נאכט!״

ביידע זיינען דאן געבליעבען שטיל.

טהערעזע איז ווידער געווען דיא ערשטע צו אונטערברעכען דיא שטיל־קייט:

„ווייסט איהר אָבער וואס איהר האט צו טהון?״ האט זיא געפרעגט.

„וויא אזוי זאָל איך דאס וויסען, מיין פריילין? זאגט נאָר, און איך בין צו אלעמען בערייט.״

טהערעזע האט שווער געצויגען דעם אטהעם.

„הערט מיך אויס,״ האט זיא געמורמעלט אזוי נאהענט צו איהם, אז ער האט געשפּירט איהר ווארעמען אטהעם. „איידער איך גיב מיך איבער צו אייך, וויל איך איהר זאָלט מיר נאך אמאל שווערען.״

ער האט אָנגעכאפּט איהר האנד, וועלכע איז געווען קאַלט וויא אייז, און זיא בעדעקט מיט ברעננענדע קושען פון זיינע פערטריקענטע ליפּען.

„איך שווער!״ האט ער געשריען, „איך שווער בייא אלעס וואס איז מיר הייליג און טהייער! איך שווער בייא דער ליעבע צו אייך, אז איך וועל טהון אלעס וואס איהר וועט פון מיר פערלאנגען!״

„און געדענקט,״ האט זיא פאָרטגעזעטצט, „אז איך שווער אויך, דאס ניט נאָר היינטיגע נאכט, זאָנדערן אימער, ווען איהר וועט וועלען, בין איך אייערע!״

„איך שווער! איך שווער!״ האט ער נאך אמאל געזאגט פער־ווירט.

„דיעזען טויטען קערפּער,״ האט זיא אָנגעפאנגען פאַלקאָמען בערוהיגט און צופריעדען, „מוזט איהר פון דאנען אוועק נעהמען. איך קען עס ניט טהון, איהר פערשטעהט דאך דאס אליין...״

יוליאַן האט אתווילענדיג געבליקט צום בעט און אויפגעשווידערט. דאן האט ער אָנגעהויבען צו קוקען אין אלע זייטען, גראדע וויא ער וואָלט געזוכט א פלאטץ איהם צו בעהאלטען.

„דיא גאנצע געשיכטע איז פיעל איינפאכער, וויא איהר קענט זיך פאָר־שטעלען,“ האט טהערעזע ווידער געזאגט גאנץ רוהיג. „דיא הויפטזאך איז אָבער, אז איהר קענט מעהר דיעזעס צימער ניט פערלאָזען אָהנע מיטצונעהמען דעם קערפער מיט אייך. ערשטענס, פערשטעהט איהר, זאָל אייער בעלוינונג קומען, און דאן, קען דיא ארבייט, פון אוועק נעהמען דעם קערפער, ניט אנפאנגען פריהער וויא האלבע נאכט. יעטצט האבען מיר אין הויז געזעלשאפט, און מיר קענען פריהער גאר ניט טהון, ביז אלע געסט וועלען ניט האבען אוועק געגאנגען. עס מוז אויך זיין גאנץ רוהיג איבעראל; יעדער דארף שוין שלאָפען און אלע ליכט מיט דיא לאָמפען, מוזען זיין אויסגעלאָשען. פערשטעהט איהר מיך פאָלקאָמען וואס איך רייד צו אייך? האט שוין אייער נארישע שרעק אויפגעהערט? א שעהנער מאן זייט איהר דאס?“

יוליאן האט פריהער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און דאן האט ער געזאגט:

„נעווים, נעווים, מיין פריילין, איך פערשטעה אייך גאנץ גוט. איהר וועט מיר ענטשולדיגען; דיא איבערראשונג איז אנפאנגס געוועזען צו גרויס, און איך האב גאר ניט בעגריפען אלעס. יעטצט פערשטעה איך; איהר קענט ווייטער שפרעכען.“

„אלזאָ, דיא געזעלשאפט,“ האט טהערעזע ווייטער געזאגט אין א גאנץ גע־וועהנליכען געשעפטס־מעסיגען טאָן, „מוז פריהער אוועק. מיין פאטער, דער מארקיז, האט זייא איינגעלאדען, פיר א ספעציעלען אונטערהאלט. כל־זמן זייא זיינען נאך דאָ, איז אונמעגליך עפּעס צו טהון. דערפאר ווידער, איז אונז דיא געזעלשאפט גראדע היינטיגע נאכט, זעהר ניטצליך, ווייל זיא בעשעפטיגט יעדען איינעם אין הויז, און עס פערשפּארט אונז דיא אונאנגענעהמע בעזוכע פון דער דיענערשאפט. נעבען דיעזען צימער, שלאָפט גראדע פראנציסקא...“

„פראנציסקא? ווער איז דיא פראנציסקא?“

„דאס איז זיין מוטער,“ האט טהערעזע געענטפערט ווידער אזוי רוהיג וויא פריהער, צייגענדיג אויף דעם טויטען קאָלומבעל.

„וואס!“ האט יוליאן אויסגערופען ערשראָקען. „און דיעזע פרוי שלאָפט נאנד צו וואנד נעבען דיעזען צימער!“

„נו, יא, וואס ווערט דען דערפון? ווענען קימערט עס? דיא זאך דערפון איז איינענטליך אזוי: דיא מוטער פון דיעזען טויטען, שלאפט נים נאר נעבען דיעזען צימער, זאנדערן, איהר וועט נאך מוזען זאגאר דורכגעהען דורך איהר צימער.“

„ווארום?“ האט ער נעפרעגט דערשראקען.

„ווייל אום אריין צו קומען אין גארטען און דאן אין דער הינטער־גאס, מוז מען דורך איהר צימער פארבייא געהען. דאן מוז מען פארבייא געהען נעבען מיין מוטער'ס צימער. אבער דערפאר דארפט איהר קיין מורא נים האבען. מיר וועלען ווארטען, ביז אלעס וועט שלאפען.“

„אבער דיא פרוי, דיא פראנציסקא, וועט דאך זיך אויפוועקען, ווען מיר וועלען דורך געהען דורך איהר צימער?“

„ניין, ניין, דאס וועט נים זיין אזוי וויא איהר מיינט. פראנציסקא האט א שווערען שלאף, און נאך אזא טאג שווערע ארבייט, וועט זיא געוויס אניעדער פאלען וויא א געהרג'עטע.“

„און וואס וועלען מיר ווייטער טהון?“

„ווען יעדער וועט שוין שלאפען, אלע ליכט און לאמפען וועלען זיין אויסגע־לאשען, דאן וועט איהר נעהמען דעם טויטען אויף דיא פלייצעס, איהם ארונטער טראגען אויף דער שטראסע, דאן ווייטער ארונטער ביז צום שאנטעקלייר, און דארט וועט איהר איהם אריין ווארפען. איך וועל אייך ארויס פיהרען ביז אויף דער שטראסע, און פון דארט וועט איהר שוין אליין טרעפען דעם וועג.“

יוליאן איז ווידער געבליעבען שטעהען אין טיעפען נאכדענקען. דיא אידעע און דיא פארשטעלונג דערפון, אז ער וועט מוזען טראגען א טויטען קערפער אויף דיא פלייצעס, האט איהם נעשווידערט, טראטץ דער קאסטבארער בעלוינונג וואס ער האט ערווארטעט.

אונטערדעסען אבער זיינען זיינע אויגען געפאלען אויף טהערעזע'ן, און איהר צויבערישער בליק האט איהם ווידער אויפגעמונטערט.

וואס וואלט ער נים געטהאן פאר איהר? איבערהויפט, ווען זיא וויל זיך איהם איבערגעבען מיט איהר גאנצען קערפער?

ניין, ניין, צוריק טרעטען פון דיעזען ענטשלוס, האט ער שוין נים געקענט און גאר נים געוואלט דענקען. ער האט געשוואוירען און איז געווען בערייט צו האלטען זיין שבועה.

איבערהויפט האט איהם ערמוטהיגט טהערעזע׳ס רוהע און קאלטבלוטיגקייט.

נאכדעם וויא זיא האט איהם פארגעשטעלט און אבגעשילדערט דעם גאנצען פלאן פון אוועק טראגען דעם קערפער, איז זיא געבליעבען שטיל.

זיא האט עפעס נאכגעדענקט.

מיט איינמאל האט זיך בעוויזען א גאנץ מונטערער און רייצענדער אויסדרוק אויף איהר געזיכט, און זיא איז צוגעשפרונגען צו יוליאנען, ארויף געלייגט איהרעביידע הענד אויף זיין נאקעטען האלז, און לייכט בעריהרט מיט איהרע ליפען זיינע באקען. דאס איז שוין גענוג געווען אום אויפצוקאכען זיין גאנצעס בלוט.

„אלזא,“ האט זיא געזאגט, „אבגעמאכט! האט איהר מיך נאר גוט פערשטאנען?“

איין אויפרעגענדער שוידער איז געלאפען איבער זיין גאנצעס לייב און וויא דורך דאס גלייכגילטיגע געפיהל פון א בעזויפענעם האט עס איהם געטרעסטעלט און געפיעבערט. ער האט אויסגעשטרעקט זיין האנד און אומארמט איהר טאליע. ער האט זיא אביסעל געהנטער צו זיך צוגעצויגען און זיא האט זיך איהם נאכגעגעבען.

„יא, יא,“ האט ער ארויס געשטאמעלט, „איך וועל טהון אלעס וואס איהר וועט וועלען, וואס איהר וועט מיר הייסען. בעפעהלט נאר און איך שטעה צו אייער דיענסט.“

זיין אטהעם האט געבלאזען וויא מיט א הייסען דאמפף; זיין געזיכט איז געווארען רויט און זיינע אויגען האבען שטארק געפינקעלט. זיא האט זיך אלץ נעהנטער געדריקט צו איהם, און מיט איין אונטערדריקטער שטימע האט זיא איהם בערוהיגט, דאס הייסט, ער זאל זיין ארבייט מאכען גוט, פינקטליך און וויא עס דארף צו זיין. איהרע אויגען האבען אונטערדעסען געבליטצט געגען זיין בליק, און דאס האט איהם נאך מעהר אויפגערעגט.

איהר קערפער איז געווען פארפומירט און דיעזער גערוך האט איהם בערוישט נאך מעהר וויא מיט שאמפאניער. אבער דאך, האט דיעזער אונערפאהרענער יונגער מענש ניט געוואגט זיך צו בענעהמען גראב געגען דיעזער, וועלכע ער האט ערשטענס מעהר געליעבט וויא זיך אליין, און צווייטענס וויל זיא איז אין זיינע אויגען, טראטץ איהר פערברעכען, געשטאנען אזוי הויך וויא א געטטין.

טהערעזע אבער האט ניט געקענט בעגרייפען וואס דאס הייסט א שעהמעדיגער מאן, זאלאנג זיא גיבט זיך איהם איבער מיט לייב און זעעלע. זיא האט דער־

שה'א נעהאם. אז מאמער איז ער נים אזוי שטארק בענייסטערט פון איהר, אדער ווא האט איהם נאך נים גוט בעצויבערט מיט איהר שעהנהיים.

„קושט מיך," האט זיא נעמורמעלט אויסשטרעקענדיג איהרע רויטע ליפען נאהענט צו זיין מויל.

יוליאן האט נים נעוואוסט וויא אזוי דאס איז נעשעהען, אָבער ער האט פלוצלינג נעשפירט איהרע ליפען אויף זיינע און איהר קלאפענדער בוזים צוגעדריקט צו זיין ברוסט. דאן האט ער אויף געפיהלט איהר גאנצען קערפער אין זיין אומארמונג.

זיא וויעדער, האט זיך אזוי פעסט געדריקט צו איהם, גלייך וויא זיא האט זיך נאר קיינמאל פון איהם מעהר נים געוואָלט אָבטהיילען.

א געפיהל פון דאס העכסטע גליק האט זיך צוגאָסען איבער אלע זיינע גליעדער, און ער האט געשפירט א זיסקייט אין זיין הערצען.

„אך !" האט ער זיך נעטראכט, „אזוי, אַזוי, פערבלייבען דאס גאנצע לעבען !"

ער האט זיך דערמאָהנט אן דער אורזאכע, וואס עס האט זייא ביידע צוזאַמען נעבראכט, און ער האט נעדענקט אן יענעם אויגענבליק, אז פאר אזא פער־גניגען, וואָלט ער פאָזיטיוו זעלבסט ערמאָרדעט קאָלומבעל'ן, שוין נים רעדענדיג דערפון, וואס ער וועט בלויז דארפען אוועק שאפען זיין קערפער פון דעם צימער.

ביידע האבען געשוויענען, נאָר זייערע אוינען, וועלכע זיינען נעווען נעריכטעט איינע צו אנאנדער, האבען געשפראָכען.

דאן האט זיך מהערעזע לאננזאם און צערטליך בעפרייעט פון זיין אומאר־מונג, און האט זיך אריין נעזעטצט אין א ברייטען שטוהל ; יוליאן האט אויך דאסזעלבע נעטהאָן אין א שטוהל נענענאיבער.

ניעמאנד פון זייא ביידע האט נים נעעפענט מויל, און אין צימער האט גע־הערשט א טויט־שטילקייט. אונטערדעסען האט מען געהערט דאס זשושען פון שטימען אין דיא איבריגע טהיילען פון דעם פאלאסט.

יוליאן האט נעבליקט אויף מהערעזע'ן. איהר הערליכע פיגור איז נעלעגען האלב אויסגעשטרעקט און האלב אָנגעלעהנט אויף דעם ברייטען שטוהל און איהר בוזים האט זיך שטירמיש בעוואוינען. יוליאן האט נעבליקט אויף א שטיק ווייסעס לייב נעבען איהר האלז וואס האט ארוים נעשטעקט פון איהר אויסגעשניטענעם

קליידּ, און עס האט איהם אויסגעזעהען שעהנער וויא אירגענד עטוואס וועלכעס ער האט נאך געזעהען אין זיין לעבען.

זיא האט ניט געבליקט צו איהם, אָבער ער האט געקענט בעמערקען א לייכטען שמייכעלע אויף איהרע ליפּען.

וואס האט דיעזער שמייכעל בעדייטעט? דאכט זיך דאָרט איז געלעגען עפּעס איין אויסדרוק פון פעראכטונג? ווענען האט דיעזע פעראכטונג געהערט — איהם, אָדער דעם טויטען קאָלומבעל? דאס האט שוין יוליאן ניט געקענט וויסען.

איבריגענס, וואס האט איהם עפּעס געקימערט? ער האט געוואוסט, אז טהערעזע איז נאהענט צו איהם און ער איז געווען גליקליך.

דאן האט זיך טהערעזע אומגעקוקט. וואס איז געלעגען אין איהר בליק? דאכט זיך עפּעס וויא זיא וואָלט איהם איינגעלאדען, גערופען אָדער צוגעוואונקען? א לייכטער שמייכעל, עהנליך צום פריהערינגען, האט זיך ווידער בעוויזען אויף איהרע ליפּען.

זיא איז געבליעבען זיטצען גראד און געקוקט צו איהם. אויף איהר געזיכט האט זיך געצייגט א פראגענדע מיענע. דאן האט זיא א לייכטען ציה געטהאָן מיט דיא אקסלען, וויא איינער רעדט:

„איך פערשטעה ניט.“

האט זיא עפּעס ערווארטעט פון יוליאנען? אויב יא, דאן האט עס יוליאן ניט פערשטאנען וואס זיא קען פון איהם ערווארטען.

פּלוצלינג האט זיא זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאנגען צום שפּיגעל. איהר העררליכע פיגור האט אויסגעזעהען גראציעז און מאיעסטעטיש. יוליאן האט זיך געטראכט, אז ער וואָלט גליקליך געווען זיא זאָל אויף איהם טרעטען מיט איהרע פיס.

טהערעזע האט אויפגעהויבען איהרע צערוואָרפענע האאר פון איבער דיא שולטערן און זייא אָנגעפאנגען צו אראנזשירען און פעררייכטען איהר פריזור פון דעם קאָפּ.

יוליאן'ס בליק האט נאכגעשפּירט יעדע פון איהרע מיענעס. אָבער פּלוצלינג, גלייך וויא יעמאנד וואָלט איהם ערוואכט פון א טיעפען טרוים, האט ער זיך דער־מאָהנט אן דעם טויטען קאָלומבעל, וועלכער איז געלעגען דאָרט, אויף'ן בעט, הינטער דעם פאָרהאנג.

ער האט געשפּירט א שווערער קומענדיג איבער זיין לייב, און דאן א גרויסע איבּעלקייט, ווען ער האט ערבליקט זיינע נאקעטע פיס.

„האט זיא איהם געליעבט?״ האט ער זיך געפרעגט. „און ווענען? דיעזען קליינעם און ניכטסווירדיגען מענשען? איז דאס מעגליך?״

ער האט איהר פאלשטענדיג מוחל געווען אין זיין הארץ, ווארום זיא האט איהם ערמארדעט, אבער... אבער... איין „אבער״ איז געקומען אין מיטען וואס האט אויפגעקאכט און דאן פערגליווערט זיין בלוט.

וואס דיעזער „אבער״ האט בעדייטעט, האט ער אליין ניט געוואוסט, נאר ער האט בעגריפען, אז עפעס ניט אלעס איז גלאט וויא עס דארף צו זיין.

א שטירמישעס געפיהל פון אייפערזוכט איבער דעם טויטען האט איהם בע־פאלען, און ער האט זיך פארגעשטעלט, וויא אזוי ער וועט איהם טראגען ביז צום שאנטעקלייר און מיט וואס פאר א פערגניגען ער וועט איהם אריין שליידערן אין דעם שטילען טייך, און ער וועט דערמיט בעפרייען טהערעזא׳ן פון שרעק און זיך זעלבסט פון א גרויסער שטערונג צום ציעל פון זיין ליעבע. דאן וועט ער קענען פרייא געניעסען אלעס וואס טהערעזא האט איהם פערשפראכען.

ער האט זיך אנגעהויבען פארצושטעלען וויא ווייט דאס גליק האט איהם גע־שפיעלט אין יענעם אבענד. ערשט מיט א פאאר שטונדען צוריק, האט ער אפילו ניט געטרויטט אדער געוואגט צו האפען, אז ער וועט נאך אמאל קענען האלטען אומארמט דיעזע שעהנע געטטין, און יעטצט, וויא דער צופאל האט איהם געפיהרט אזוי ווייט, אז ער האט זאגאר געקושט איהרע רויטע ליפען און געשפירט איהר ווייכען בוזים אויף זיין ברוסט.

דאן האט ער נאך אמאל ערבליקט קאלומבעל׳ס נאקעטע פיס. עפעס האבען זייא אויסגעזעהען געלב וויא וואקס און זייא האבען א מערקווירדיגען איינ־דרוק געמאכט איבער איהם, וויא זייא זיינען געלעגען צווישען דיא ווייסע שפיטצען פון דעם בעט־לייליך.

טהערעזא האט דערווייל פלייסיג געארבייט בייא איהר פרוזור און עס האט ניט פיעל געדויערט, ביז איהרע האאר זיינען געווען ארראנזשירט אין מיטען קאפ צוזאמענגעלייגט וויא א ביינעל.

וויא שעהן דאס האט איהר געפאסט! וויפיעל חן דאס האט צוגעגעבען צו איהר הערליכעס געזיכט!

דאן האט זיא זיך ווידער אבגעווענדעט פון דעם שפיעגעל, צוגעגאנגען צום שטוהל און איז אהין וויא אריין געפאלען, וועהרענד פון איהר ברוסט האט זיך ארויס געריסען א זיפץ.

איז דאס געוועזן א סימן פון חרטה אויף איהר טהאט, אָדער נאר א רעד־זולטאט פון דער גרויסער אויפרעגונג? אויף אַזוי ווייט צו דענקען, איז שוין יוליאן ניט געוועזן אימשטאנדע.

ענדליך האט דער זייגער אין צימער אויסגעשלאָגען דיא 9־טע שטונדע. דאס האט דיא טויט־שטילקייט אונטערבראָכען. טהערעזע איז אויפגעשפרונגען שנעל און לעבהאפט, און אָנגעפאנגען אין גרויסער איילעניש זיך איבערצוקליידען.

איהרע הענד האבען שנעל געארבייט און מיט א זעלטענער גלייכגילטיגקייט האט זיא זיך אויסגעשטאטעט וויא עס פאסט פיר א גרויסער דאמע צו א זעלטענעם פעסט.

אָהנע זיך אומצו־ווענדען, האט זיא געזאגט:

„איך מוז שנעל פערטיג ווערען. נאך אין 20 מינוטען ארום, פאנגט אָן דער באלל. איהר וועט אלזאָ נאכהער זיין זעהר אויפמערקזאם. ווען יעמאנד זאָל קומען, דאן זאָלט איהר זיך שנעל בעהאלטען אונטער מיין בעט.“

ער האט זיך אויך אויפגעהויבען און איז געבליעבען שטעהען. זיא האט צו איהם געשפראָכען זעהר פריינדליך און גאנץ פרייא. איהר בעהאנדלונג געגען איהם, איז געוועזן וויא צו א געליעבטען, וועלכער האט זיך גלייך בעטהייליגט מיט איהר אין דער בלוטיגער מאָרד־טהאט.

זיא האט דערווייל ארונטער געוואָרפען דאס אויבער־קלייד אום זיך אָנצוציהען איין אנדערעס קלייד. איהרע הענד, ארעם און ברוסטען, זיינען געבליעבען פרייא. א העללישעם פייער פון לוסט און בעגעהרען, פון ציטערענדער אויפרעגונג, האט איהם בעהערשט, אָבער ער האט ניט געוואגט זיך צו איהר צו דער־נעהנטערן.

ער האט געבליקט צו דעם ווייסען און אויסגעפיללטען לייב, צו איהרע מאסיווע גליעדער, רונדע שולטער און פיין געפאָרמטע ברוסטען. אָבער ער האט ניט געוואגט מעהר וויא צו קוקען.

דאן האט זיא זיך אָנגעצויגען א העלל־ראָזעקלייד, און וויא זיא האט דאס געבראכט אין אָרדנונג, האט זיא זיך געזעטצט אויף א ניעדריגען שטוהל. דערבייא האט זיא אָנגעפאנגען אויסצוציהען איהרע שווארצע זאָקען, אָהנע זיך אממינדעסטען צו בעקימערן אויב יעמאנד געפינט זיך נאך אין צימער.

איהרע פיס, איהרע נאקעטע פיס, האבען איהם שיער בערויבט זיין בעזינונג. ער האט געציטערט אין זיין גאנצען מעכטיגען קערפער. זיטצענדיג מיט דיא נאקעטע פיס ביז צו דיא קניען, האט זיא אויסגעשטרעקט איהר האנד און גענומען

פון דעם קליידער שראנק א פאאר רויט מיט ווייס געשטרייפטע זאָקען, און זיך אומקוקענדיג צו איהם האט זיא געשטייבעלט אזוי פערפיהרעריש, אז יוליאן האט ענדליך בעשלאָסען אניעדער צו פאלען צו דער ערד און קושען דיעזע שיינע פיס.

אָבער גראדע אין יענעם אויגענבליק, האט זיך געהררט שרים דער־נ:הנמערענדיג צו דער טהיר.

זיא האט אָנגעהויבען שנעלער אָנצוציהען דיא זאָקען און צו איהם האט זיא געמורמעלט:

„בטהאלט זיך שנעל אונטער דעם בעט!"

וויא א געהאָרזאמער הונד, האט ער באלד געוואָלט ערפילען איהר וואונש, און זיך א לייכטען וואָרף געטהאָן צו דער ערד.

וויא עס שיינט אָבער, האבען פריהער ביידע א טעות געהאט אין חשבון, ווייל יולואַן׳ס גרויסער קערפער, האט אהין ניט געקענט אריין. טהערעזע האט דאס וואהרשיינליך מעהרערע מאל געטהאָן מיט קאָלומבעל׳ן, נאָר יוליאן איז געווען אנדערטהאלבען מאל אזוי גרויס, און ער האט אהין ניט געקענט אריין.

„וואס טהוט מען?" האט ער געפרעגט.

זיא האט שוין געהאט אָנגעצויגען איהרע זאָקען. זיא האט זיך שנעל אויפ־געהויבען, און נעהמענדיג איהרע קליידער, נאך ווארעם פון איהר קערפער, און דערמיט שנעל צוגעדעקט קאָלומבעל׳ס קערפער.

יעמאנד האט געקלאפט.

„ווער איז דאָרט?" האט טהערעזע געפרעגט גאנץ רוהיג.

„איך," האט געענטפערט א גראָבע פרויענשטימע.

„וואָרט אביסעל, איך בין האלב נאקעט," דאן צו יוליאנען: „אריין אהער!"

זיא האט איהם, אָהנע ער זאָל וויסען וויא דאס איז געשעהן, אריין געוואָרפען אין בעט. און נעהמענדיג איינינע אנדערע פון איהרע קליידער האט זיא איהם אויך צוגעדעקט און פערהאנגען מיט דיא פאָרהענגע.

נאכדעם האט זיא געעפענט דיא טהיר.

פראנציסקא איז אריין געקומען.

„מען ערוואַרטעט אייך שוין, פרייליין," האט פראנציסקא געזאגט.

„איך קום באלד," האט טהערעזע געענטפערט. „אָבער העלף מיר נאָר דאָ צוקנעפּיען דאס קלייד."

יוליאן האט געקענט זעהען ביידע דורך א קליינעם שפאלט אין פאר־האנג.

ער איז געווען מעהר וויא ערשטוינט איבער דער זאָנדערבארער קאלט־בליטינקייט פון טהערעזע׳ן. זיינע צייהן האבען אזוי שטארק געקלאפט, אז ער האט זיך געמוזט צוהאלטען זיין מויל. אָבער נאכדעם וויא זיין האנד איז אויך געווען צו שוואך דאפיר, האט ער זיך אריין געשטופט א שטיק פון טהערעזע׳ס קלייד צווישען זיינע צייהן.

מיט זיין פוס האט ער דערשפירט קאָלומבעל׳ס פוס. ער האט אזא ציטער געטהאָן, אז מען האט פאָזיטיוו געמוזט הערען דעם וואָרף.

ווען פראנציסקא וואָלט דאמאלס אויפגעהויבען דעם פאָרהאנג, וואָלט זיא פאָזיטיוו ניט נאָר איהם ענטדעקט, זאָנדערן אויך א שטיק נאקעטען פוס פון איהר זוהן.

„גיב נאָר אכטונג, אונגעשיקטע בריאה,“ האט טהערעזע געזאגט פלוידער־ענדיג, „דוא צערדריקסט מיר אלע בלומען פון דעם קאָפּ.“

איהר שטימע האט געקלונגען רוהיג און געלאסען, און זאָגאר מונטער. דאן האט זיא אָנגעפאנגען צו לאכען, וויא אירגענד איין אונשולדיגעס מעדכען, וואס פרייט זיך מיט דעם באלל וואס ערווארטעט זיא.

איהר קלייד, וועלכעס איז געווען דורכגעוואָרפען מיט ווייסע בלומען, איז אויף איהר געלעגען וויא אויסגעגאָסען; עס האט אויסגעפילט איהרע מאסיווע און שעהנע געפאָרמטע גליעדער, גראדע וויא זיא וואָלט געווען א סטאטוע פון א קינסטלער־האנד.

פון א גרויסער פלאַש האט זיא ארויס גענומען א בוקעט ווייסע ליליען אונ־טערגעמישט מיט בלוט־רויטע בלומען, און זייא אריין געשטעקט אין איהר פראָנט קלייד איבער דעם בוזים.

דאן האט זיא זיך אוועק געשטעלט אין מיטען צימער, און אליין האט זיא אויסגעזעהען וויא א גרויסער בלומען־בוקעט.

איהר האלב־נאקעטע ארעמס און נאקעטער האלז, האבען אויסגעזעהען אזוי צארט ווייס, וויא א ווייכער סאמעט.

„אך, וויא שעהן איהר זייט, וויא שעהן!“ האט אויסגע־רופען פראנציסקא בעוואונדערענד. „אָבער, ווארט נאך, מיין גנעדיגעס פריילייז! זעהט, איהר האט נאר פערגעסען אן אייער ווייסען גארטעל.“

הירקליך, אויף דיעזען קלייד איז נאך נעקומען א ווייס־סאמעטענער גארטעל אויסגענייט מיט רויטע בלומען, וואס טהערעזע האט וואהרשיינליך פערגעסען זיך איהם אנצוטהון.

„האסט רעכט, פראנציסקא," האט טהערעזע בעמערקט, „און מיין איילעניש, האב איך פערגעסען און דעם גארטעל. א שעהן פנים וואלט איך געהאט אהן דעם גארטעל."

„אלע דאמען טראגען יעטצט אזעלכע גארטלען," האט פראנציסקא בעמערקט און אנגעפאנגען צו זוכען.

זיא האט בעריהרט דעם פארהאנג, און, וויא עס שיינט, האט זיא געוואלט זוכען אויף'ן בעט. יוליאן האט שיער ארויס געלאזען א שרעקענס־געשרייא. טהערעזע וויעדער, דאס בעמערקענדיג, און נאך אימער שטעהענדיג אין מיטען צימער, האט זיא געזאגט מיט א זיסען שמייכעלע:

„זוך ניט דארט, פראנציסקא; דער גארטעל איז דא אויף'ן שראנק. גיב איהם נאר אהער... אך! בעריהר ניט מיין בעט! איך האב דארט אוועק גע־ליינט זאכען, און נאט בעהיטע דוא זאלסט עפעס צוקנייטשען! נעה, נעה, דוא אונגעשיקטע בריאה, קריכסט אימער וואו מען דארף ניט."

פראנציסקא האט זיך שנעל אבגעווענדעט און זעהענדיג דעם גארטעל אויף'ן שראנק, האט זיא איהם דערלאנגט טהערעזע'ן און איהר אויך געהאלפען איהם אנטהון. דאס האט אביסעל בעסער איינגעצוינגען איהר טאליע און איהר פיגור האט נאך שעהנער אויסגעזעהען.

טהערעזע איז שוין געווען פערטיג, בלויז איין זאך האט געפעהלט, און דאס איז געווען איהרע ווייסע האנדשוה. אבער אנשטאט צו נעהמען דיא האנדשוה, און ארויס נעהען מיט זייא, האט זיא אנגעפאנגען זייא אנצוטהון אין צימער.

„פרעכטיג! פראכטפאל!" האט פראנציסקא אויסגעשריען נאך אימער בעוואונדערענדיג טהערעזע'ן. „גאט'ס מוטער, אין דער גרויסער קירכע, קען אונ־שולדינער ניט אויסזעהען וויא איהר יעטצט, מיין גנעדיגעס פריילין!"

דיעזער קאמפלימענט האט ארויס געבראכט אויף טהערעזע'ס ליפען, איינעם פון יענע שפאטישע שמייכעלעך וואס זיא האט שוין געוויעזען אין יענעם אבענד.

זיא האט זיך נאך אמאל אומגעווענדעט צום שפיעגעל, זיך וויעדער אנגעקוקט, און דאן איז זיא צוגעגאנגען צו דער טהיר זייענדיג גאנץ גלייכגילטיג.

„אלזא, מיר נעהען ארונטער אין זאלאָן... פראנציסקא, דוא קענסט אויס־לעשען דעם לאָמפּ.“

פראנציסקא האט איינגעצוינען דעם לאָמפּ.

יוליאן האט זיך געזעהען אומרינגט פון א טיעפער דונקעלהייט. ער האט אָבער נעהערט וויא דיא טהיר האט זיך צוגעמאכט, און יעמאנד האט פון דרויסען פערשלאָסען. דאן האט ער געהערט דאס רוישען פון טהערעזע'ס זיידענע קלייד.

ער האט געשפירט אזא היטץ און שטיקען, אז ער האט געמיינט, דאס זיין ברוסט ווערט צוזאמען געצויגען פון מאנגעל אין לופט. ער האט געפאסט זיין גאנצען מוטה און איז ארונטער פון בעט דורך דער צווייטער זייט, אום ניט אריבער צו שפאנען איבער קאָלומבעל'ס קערפער.

וויא אזוי דאס איז געווען, האט יוליאן ניט בעגריפען, נאָר ער האט געשפירט, אז ער זיצט אויף'ן פוס־באָדען, און זיין רעכטע האנד האט ארונטער געווישט א שטראָם קאלטען שוויים פון זיין שטערען.

דיא דיקע פינסטערניש האט אלעס אין צימער איינגעהיעלט וויא אין א דיקען שווארצען שלייער.

אין דער פאַנטאזיע האט ער בלויז אויסגערעכענט, אז אין איין זייט שטעהט דאס בעט, אין דער אנדערער דער שראנק, נעגענאיבער דעם שפיעגעל מיט דעם מאַלעט־טיש, און ער האט זיך געוואָלט אויפהייבען.

אָבער ער האט ניט געקענט. יוליאן האט געפיהלט א שרעקליכען שמערץ אין זיין לייב און זיין הערץ האט פריהער שטארק געקלאפט, דאן וועניגער, און דאן גאנץ שטיל.

פאר זיינע אויגען זיינען ערשיענען קאָלומבעל'ס געלבע און נאקעטע פיס און ער האט געציטערט.

„זיין מוטער!“ האט ער געמורמעלט בלויז אין געדאנקען, „זיין מוטער איז דאָ געווען! און וויא רוהיג און געלאסען זיא האט צו איהר געשפראָכען. זיא איז א מערקווירדיגעס מעדכען; איהר שעהנהייט, מיין גאָט! איז מעהר וויא א צויבער! און איך האב זיא געהאלטען אין מיינע ארעם, געקושט איהרע ליפען, געשפירט איהר ווארעמען הויך, און...“

דער געדאנק אן איהר, האט איהם פלוצלינג ווידער געשטארקט און ער האט געשפירט, אז ער קען אויפשטעהען.

יוליאַן האט זיך אויפגעהויבען פון דעם פוס־באַדען, און אַנטאַפענדיג א שטוהל, האט ער זיך אויף איהם געזעטצט. עס איז געווען דער ברייטער שטוהל אויף וועלכען טהערעזע איז פריהער געזעסען, און ער האט איהם געקושט.

דאַן האט זיך ווידער געהערט דאס רוישען פון א זיידענעם קלייד אין קאָר־רידאָר, א שליסעל האט געקלונגען, דיא טהיר האט זיך געעפענט און א פארפום געררוך האט זיך פערברייטעט איבער דעם צימער.

יוליאַן האט פערשטאַנען, אַז דאס איז טהערעזע, אָבער ער האט ניט געוואַגט צו עפענען זיין מויל. ער האט ערוואַרטעט, אַז זיא וועט צוקומען נעהנטער צו איהם, נאָר אנשטאט דעם איז זיא צוגעגאַנגען צום טאָאַלעט־טיש און דאָרט עפּעס אוועק געשטעלט.

„דאָ,“ האט זיא געמורמעלט, „האָב איך אייך געבראַכט עפּעס עסען. איהר זיינט געוויס הונגריג. עסט!“

דאס רוישען פון איהר קלייד האט זיך נאָך אמאל געהערט, דיא טהיר האט זיך פערמאַכט און זיך געשלאָסען.

ער איז אויפגעשטאַנען פון דעם שטוהל און אָנגעפאַנגען צו זוכען א שוועבעלע אין זיינע טאַשען, אָבער ער האט ניט געפונען. אויף דיא שפּיטץ פינגער, האט ער לאַנגזאם געשפּירט זיין וועג, ביז ער האט געטראָפען דעם טיש. אַנטאַפּענדיג, האט ער געפונען ברויט, עפּעל און א קרינגעל וויין.

עסען האט ער ניט געקענט, נאָר דעם וויין האט ער אויסגעטרונקען און דאס האט איהם ערפרישט.

יעמאַנד האט וואהרשיינליך אָנגעצונדען דיא לאָמפּען אין קאָרידאָר, דען דורך דעם פענסטער׳ל איבער דער טהיר, האט אריין געשיינט א שטראַהל, וועלכער האט אביסעל בעלייכטעט דאס צימער. דיא שיין האט אָבגעשלאָגען אין שפּיעגעל, אָבער ער האט מורא געהאט אריין צו קוקען. אין צימער זעלבסט, האט ער שוין געקענט בעסער בעמערקען דאס מעבעל און דאס בעט.

יוליאַן איז בטבע ניט געווען קיין שרעקעדיגער, אָבער ער איז געווען גענוג אונגעבילדעט און פאַנאַטיש, אום צו גלויבען אין שדים און רוחות. עס האט זיך איהם געדאַכט, אַז דער פאָרהאַנג ביים בעט, בעוועגט זיך.

זיין האַרץ איז געבליעבען שטיל.

„ווער ווייס,“ האט ער זיך געטראַכט, פאַסענדיג מעהר מוטה, „פיעללייכט האט זיא איהם גאר ניט ערמאָרדעט? אפשר איז דאס נאָר געווען א קלאַנג פון וועלכען ער איז געפאַלען אין אָהנמאַכט און יעטצט ערוואַכט ער?“

ער האט לאנג געקוקט אויף'ן פארהאנג, און זיך איבערצייגט, אז קיין זאך בעוועגט זיך דארט. אונטערדעסען אבער, האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז דאס מעבעל שאקעלט זיך.

„וואס זאל דאס זיין?" האט ער זיך געפרעגט.

„דומהייטען!" האט ער שוין געמורמעלט העכער, „עס איז איינבילדונג? און ווען דאס זיינען גייסטער, וואס בין איך שולדיג? וואס קענען זייא מיר טהון?"

אבער דאך, עס רוישט עפעס און עס שטורמט. וואס קען דאס בעדייטען? ער האט געשוידערט און דער קאלטער שוויים האט איהם וויעדער בעדעקט פון קאפ ביז פיס.

ענדליך האט ער זיך איבערצייגט, אז דאס איז דער גערויש פון מוזיק, וועלכער קומט פון דעם טאנץ־זאאל. דאן האט ער געהערט לאכען און פלוידערן.

יוליאן האט צוגעמאכט דיא אויגען און איז געבליעבען שטעהען בעד־וועגונגסלאז.

אזוי איז ער געשטאנען א היבשע צייט און נים געוואגט צו עפענען דיא אויגען. ער האט מורא געהאט, טאמער דערזעהט ער עפעס. דיא מונטערקייט און פרייליכקייט אין טאנץ־זאאל האט יעדעס מאל מעהר געשטיעגען און כמעט דער גאנצער אלטער פאלאסט האט געציטערט פון דעם טאנצען צום טאקט פון דער מוזיק.

ענדליך האט ער געעפענט דיא אויגען.

דער שטראהל דורך דעם פענסטערל איבער דער טהיר איז נאך אימער געוועזען וויא פריהער. זיך אומוועגדענדיג אבער, האט ער ערבליקט נאך א שטראהל, וועלכער איז געקומען פון א צווייטען פענסטערל אין הינטערגרונד פון דעם צימער. דאס האט אויך אביסעל ליכטיגער געמאכט.

ער איז אהין צוגעגאנגען און עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער הערט דארט דייטליכער דיא מוזיק.

דאס פענסטערל איז געוועזען זעהר הויך און ער האט געזוכט א מיטעל וויא אזוי ער זאל קענען דורכקוקען.

טאפענדיג, האט ער דערפיהלט א ווייכע סאפא. זוכענדיג ווייטער מיט דיא הענד, האט ער דערשפירט א קארסעט פון ווייסען אטלאס.

ער האט איהם אויפגעהויבען מיט זיינע ציטערנדע הענד און ער האט

דערשפירט דעם נערוך פון דעמזעלבען פארפום וואס ער האט נעשפירט פון טהערעזע׳ס קערפער.

„עס איז איהר קארסעט!“ האט ער נעמורמעלט מיט א זעלטענעם פערגניגען.

ער האט צונעפיהרט דעם קארסעט צו זיין נעזיכט און איהם אנגעפאנגען צו קושען. דאן האט ער נעצווינגען מיט זיין נאז דעם פארפום־נערוך.

ער האט זיך פארגעשטעלט טהערעזע׳ס בוזים וויא אזוי ער ליעגט איינגעפאסט אין דיעזען קארסעט, און דיא אידעע זעלבסט האט איהם בענייסטערט. ער האט נעדריקט ווייטער דעם קארסעט צו זיין נעזיכט און עס האט זיך איהם נעדאכט, אז ער שפירט דעם נערוך פון איהר קערפער.

וויא גליקליך ער איז נעווען! ער האט נעוואלט אן אלעמען פערגעסען.

„ניין, ניין,“ האט ער זיך נעטראכט, „עס איז קיין טויטען־וואך, זאנדערן איך בעוואך מיין הייליגע ליעבע!“

אזוי טראכטענדיג, האט ער זיך נאך אמאל איבערגעדענקט דיא געשיכטע פון זיין ליעבע, וויא אזוי ער האט נאר קיינמאל ניט נעוואגט צו האפען, און וויא ענדליך דאס שיקזאל האט אזוי גוט צוזאמענגעפיהרט, אז ער האט ענדליך עררייכט זיין העכסטעס גליק.

„טהערעזע!“ האט ער נעמורמעלט מיט א ציטערענדער שטימע, „דיך ליעב איך און דוא ניבסט מיר דיין ליעבע! בעפעהל! בעפעהל! איך בין בערייט דעם טייפעל זעלבסט צו קעמפען!“

דאן האט ער נעמיינט, אז זיין גאנצער מוטה האט צוריק נעקעהרט, און ער האט זיך לאנגזאם נעזעטצט אויף דער סאפא, צודריקענדיג דעם קארסעט צו זיינע ברענענדע ליפען.

זיינע אויגען זיינען אויסגעקומען צום בעט.

וואס האט ער דארט נעזעהען?

קאלומבעל׳ס פים!

ווערענד ער איז ארונטער פון בעט, האט ער אויפגעדעקט דעם טויטען קערפער, און קאלומבעל׳ס נאקעטע פים האבען נאך אמאל ארויס געשטעקט.

יוליאן האט געשפירט, אז דיא האאר שטעלען זיך איהם קאפויר און ער האט נעשוידערט.

איהם האט זיך גערזאכט, אז ער זעהט וויא דיא פיס בעוועגען זיך.

דיא אידעע אן טהערעזע׳ן, האט איהם פלוצלינג נאך אמאל געגעבען מוטה.

„און ווען ער לעבט נאך?" האט ער זיך געפרעגט, „דאן וועל איך איהם ערשט ערמאָרדען! ער דארף ניט לעבען! ער דארף מיר ניט שטעהען אין וועג!"

ער האט זיך אויפגעהויבען מיט א פעסטען ענטשלוס און איז צוגעגאנגען צום בעט. אין דער דונקעלהייט האט ער בעמערקט, דאס דיא פיס האבען זיך אויפגעדעקט. ער האט געכאפט א דעק און איהם צוגעדעקט.

דאן זיינען ענטשטאנדען אנדערע אידעען אין זיין קאָפּ.

„און ווען זיא זאָל מיך אָבנארען? ווען זיא זאָל מיך בעטריגען? ווען זיא זאָל מיך נאר וועלען אויסנוטצען אלס איהרעס א ווערקצייג?"

ער האט זיך אומגעווענדעט צו דער סאָפא, וואו ער האט זיך נאך אמאל געזעצט.

ער האט לאנג געדענקט און געטראכט, דאן האט ער געמורמעלט:

„איז זיא דען ניט געלעגען נעבען מיין ברוסט? הא! האט זיא מיר דען ניט אלעס פערשפּרכען, פריהער און נאכדעם און ווען איך וויל? איך בין א ניכטס־ווירדינער! בלויז איין בעריהרונג מיט איהר, האט מעהר ווערטה וויא איך אין גאנצען!"

דיא מוזיק און דער גערויש איז געוועזען אבוועקסלענד. יעטצט האט מען נאך אמאל געשפּיעלט און געטאנצט. ער האט זיך אויפגעהויבען פון דער סאָפא און זיך כאנגזאם ארויף געשטעלט מיט דיא פיס. זיינע אויגען האבען שוין געגרייכט צום פענסטערל.

אך! דאָרט איז דער זאלאָן! ער האט אלעס געזעהען.

א הערר ליבע און פרעכטיגע געזעלשאפט! מען האט געטאנצט און זיך אונ־טערהאלטען.

דאָרט איז אויך טהערעזע! ער האט זיא גוט דערקענט!

איהר געזיכט איז געוועזען פערפלאמט פון טאנצען און געשטראהלט מיט שעהנהייט, געזונדהייט און פערגניגען.

איינינע עלעגאנט געקלייטע הערען זיינען געשטאנען ארום איהר, מיט איהר געשפּראָכען, און זיא האט פאר יעדען געהאט א שמייכעל און עפּעס עטליכע ווערטער.

און וויא אונשולדיג, וויא ריין און וויא פרום זיא האט אויסגעזעהען.

דאן איז צוגעקומען איין יונגער הערר, און זיא גענומען טאנצען. זייא האבען ביידע געשוועבט איבער דעם זאלאָן וויא דיא פייגעל.

טהערעזע איז געווען א בעריהמטע טענצערין, און ווען זיא איז פערטיג גע־וואָרען, האט איהר דיא גאנצע געזעלשאפט, געקלאפט בראוואָ!

זיא האט זיך העפליך פערנייגט און איז פערשוואונדען געוואָרען פון דעם זאלאָן, צוזאמען מיט דעם יונגען הערר וואס זיא האט געטאנצט.

יוליאָן האט געשפירט א שטעכעדיגען שמערץ און זיין ברוסט, און ער האט נים געוואוסט, אויב ער דארף אייפערזיכטיג זיין אָדער נים.

ער האט זיך ארונטער געבויגען און זיך ווידער געזעטצט אויף דער סאָפא.

דיא מוזיק האט אויפגעהערט. דער זייגער האט געשלאָגען צעהן.

נאך צוויא שטונדען ווארטען!" האט ער צו זיך געמורמעלט מיט א שוידער.

דאן האט ער געהערט דראָשקעס צו פאָהרען צום פראָנט פון דעם פאלאסט.

יוליאָן איז אויפגעשפרונגען פון דער סאָפא. ער האט שוין מעהר נים געקענט זיטצען. זיין אונגעדולד האט געוואקסען מיט יעדען אויגענבליק און זיין פערווירונג איז יעדעס מאל גרעסער געוואָרען. ער האט געוואָלט צוגעהען צו דער טהיר, אָבער הערענדיג שריט, איז ער געבליעבען שטעהען.

„ניין, ניין, פראנציסקא," האט ער געהערט און דערקענט טהערעזע'ס שטימע. „איך דאנקע דיר."

„אָבער, מיין פריילין..." האט פראנציסקא געענטפערט.

„דוא ביסט מיעד," האט טהערעזע וויטער געזאגט. „געה שלאָפען. איך וועל מיך אליין אויסציהען און איך וועל באלד געהען צו בעט."

דאן איז ווידער שטיל געוואָרען. מיט איינינע אויגענבליק שפעטער, האט ער געהערט דעם שליסעל קלינגען, דיא טהיר האט זיך געעפענט און טהערעזע איז אריין. זיא האט באלד הינטער זיך פערמאכט מיט דעם ריעגעל.

זיא איז געבליעבען שטעהען אונבעוועגליך, האלטענדיג אין איין האנד א ליכט, און מיט דער אנדערער האט זיא צוגעליינט איהרע פינגער צו דיא ליפען, אלס צייכען צו יוליאָנען, ער זאָל שווייגען.

איהרע באקען זיינען נאך אימער געווען אזוי בלאס וויא פריהער; דער טאנץ האט זיא ניט רויט געמאכט.

גערווישלאַז האט זיא אוועק געשטעלט דעם לייכטער אויף'ן טאַאלעט־טיש, און איז צוגעגאנגען צו יוליאנען און איהם געגעבען איהר האנד.

„וואס שטעהט איהר אזוי?“ האט זיא איהם געפרעגט גאנץ שטיל.

קיין ענטפער.

„איהר ציטערט?“ האט זיא וויי‍טער געפרעגט.

„ניין, ניין,“ האט ער קוים ארויס געשטאמעלט.

„קומט וועלען מיר זיך זעטצטען,“ האט זיא דאן געזאגט איהם אָנגעהאַלטענדיג וויא מען פיהרט א קינד.

ער איז געגאנגען.

זיא האט איהם צוגעפיהרט צו דער סאָפא וואו זיא האט אַבגעלאָזען זיין האנד און זיך געזעטצט.

ער איז געבליעבען שטעהען און ניט געוואוסט וואס צו טהון.

„זיטצט,“ האט זיא וויי‍טער געזאגט.

וויא א געהאָרזאמער הונד האט ער זיך געזעטצט געבען איהר וואו זיא האט איהם אָנגעצייגט מיט דער האנד.

„איהר האט ניט געגעסען?“ האט זיא געפרעגט נאך זעהענדיג דיא פרוכט מיט דעם ברויט אויף'ן טיש.

„ניין, איך קען ניט,“ האט ער געענטפערט.

„אויך ניט געטרונקען?“

„יא, דעם וויין האב איך געטרונקען.“

„דאס איז גוט,“ האט זיא וויי‍טער געמורמעלט.

זייערע געזיכטער זיינען געווען איינס געגען אנאנדער און זייא האבען זיך אָנגעקוקט א לאנגע צייט שטילשווייגענד.

עס האט זיך דאן דייטליך געסענט הערען וויא דער טויער האט זיך אין דרויסען געשלאָסען און נאכדעם זיינען פערמאכט געוואָרען דיא טהירען אין פאלאסט.

דיא דיענערשאפט איז נאך ארום געגאנגען און צוזאמען געגומען וואס מען האט בעראַפט.

מען האט אויך געהערט וויא פראנציסקא האט זיך געליינט אין בעט, וויא זיא האט זיך געקייקעלט און בעוואוגען, ביז זיא איז ענדליך שטיל געבליעבען.

„מיר מוזן נאך ווארטען,“ האט טהערעזע געזאגט.

יוליאן האט נאך אימער געשוויגען.

„עס וועט געווים דויערן נאך א שטונדע ביז אלעס וועט רוהיג שלאפען,“ האט זיא ווייטער געשפראכען. „מען קען נאטירליך גאר ניט טהון, ביז יעדער וועט ניט שלאפען, דאן פאננט אן אונזער ארבייט.“

יוליאן׳ס שטילשווייגען, האט דערשראקען טהערעזע׳ן.

וואס האט ער געקענט דענקען? וואס איז פארגעגאנגען אין זיין קאפ? האט ער פיעללייכט חרטה געהאט?

„ניין!“ האט זיא זיך געטראכט, „דאס זאל ניט געשעהען? ער מוז און זאל טהון אלעס וואס איך הייס איהם!“

זיא האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען פון דער סאפא און איז געבליעבען שטעהען פאר איהם קוקענדיג אויף זיין בעטריעבטעס געזיכט, גראדע וויא זיא וואלט וועלען אריין סוקען אין זיין זעעלע אום צו זעהען וואס דארט געהט פאר.

דאן האט זיא אנגעפאנגען פראבירען עפענען דעם גארטעל פון איהר קלייד.

„העלפט מיר אויפמאכען,“ האט זיא געזאגט צו יוליאנען.

ער האט איהר געהאלפען.

זיא האט אנגעבויגען אויפצוקנעפלען דאס קלייד.

„ציהט ארונטער דעם ארבעל,“ האט זיא צו איהם געזאגט.

ער האט דאס אויך געפאלגט.

זיא האט דאן אליין אויסגעצויגען איהר קלייד און איז געבליעבען שטעהען פאר איהם אין איהר אונטער קלייד און מיט דעם הוילען העמד, וועלכעס איז געוועזען אזוי שטארק אויסגעשניטען, דאס א העלפט פון איהר ווייסען אויבער־קערפער האט זיך ארויס געזעהען.

זיא האט געעפענט איהרע האאר און זייא צערווארפען איבער איהרע נאקעטע זולטער.

טהערעזע איז דאן געוועזען וואונדער־שעהן און פערפיהרעריש!

„וואס זיטצט איהר אזוי?“ האט זיא איהם געפרעגט מיט א זיסען שמייכעלע.

„גאר ניט,“ האט ער ענדליך געענטפערט.

„האט איהר פערלויערן אייער מוטה?“

„ניין.“

„ליעבט איהר מיך נאך וויא פריהער?"

„מיין פריילין..."

טהערעזע האט גוטמיטהיג געלאכט, און זיך אומוועגדענדיג, איז זיא צוגע־קומען צו איהם, ארונטער גענומען זיין היטעל און דאס אוועק געלייגט אויף'ן שראנק, דאן האט זיא אריין געלייגט איהר האנד צווישען זיינע האאר און זיך געזעטצט אויף זיין שויס.

„אהיר זיט א מערקווירדיגער מענש!" האט זיא צו איהם געזאגט גלעטענדיג זיין האלז.

ער האט געזיפצט.

„וואס איז דאס פאר א זיפץ?" האט זיא געפרעגט.

„גאר נים."

„קושט מיך," האט זיא ווידער געזאגט אויסשטרעקענדיג איהרע ליפען צו איהם.

יוליאן האט זיא פלוצלינג אומארמט, פעסט צוגעדריקט צו זיין ברוסט און זיא געקושט מיט א ווילדעס פייער.

זיא האט געלאכט.

„און איהר ליעבט מיך?" האט זיא געפרעגט צודריקענדיג איהר נאקעט; בוזים צו זיין געזיכט.

„יא, יא," האט ער געשטאמעלט.

„עס איז נים וואהר!"

„יא, מיין גאָט! איך ליעב אייך!" האט ער געענטפערט זיא דריקענדיג נאך פעסטער צו זיך.

„און איהר האט נים קיין חרטה אויף אייער שוואור?"

„ניין!" האט ער אויסגעשריען אביסעל צו הויך.

„שא, שא, שטילער," האט זיא געזאגט איהם ווארנענדיג.

ער האט געשוויעגען.

„און איהר וועט מיר נאך אמאל שווערען?" האט זיא געפרעגט.

„יא, יא," האט ער געמורמעלט, „ביי אלעס אין דער וועלט.

„איך גלויב אייך," האט זיא געענטפערט.

זיא האט זיך בעסער ארויף געזעטצט אויף זיין שויס און זיך געהנמער צוגע־רוקט צו זיין קערפער.

„דאן ליעבט מיך," האט זיא געזאגט, „ליעבט מיך שטארק, פעסט, וויא אזוי איהר ווילט!"

יוליאן איז געווען אויסער זיך פאר אויפרעגונג און ער האט געקושט יעדען פלאמען אויף איהר קערפער וואוהין זיינע ליפען האבען געגרייכט.

„איך וועל אימער זיין אייערע," האט זיא ווייטער געזאגט, „אימער ווען איהר וועט וועלען, „ווייל איך ליעב אייך אויך."

יוליאן'ס קאפ איז אויסגעקומען בייא טהערעזע'ס רעכטען שולטער און זיינע אויגען האבען אריבער געקוקט.

עס איז געווען צום ערשטען מאל זייט טהערעזע איז אריין געקומען אין צימער מיט דעם ליכט, וואס ער האט א קוק געטהאן צום בעט.

פאר זיינע אויגען זיינען ערשיענען קאלומבעל'ס געלבע פאדעשוועס.

זיין גריף ארום טהערעזע'ס קערפער האט נאכגעלאזען און דער שוידער וואס איז געלאפען איבער זיין קערפער, האט אויך אויפגעציטערט טהערעזע'ן.

„וואס איז מיט אייך?" האט זיא געפרעגט.

ער האט געוואלט ענטפערן נאר ער האט ניט געקענט.

„וואס איז?" האט זיא איהם ווייטער געדרונגען.

„דארט, דארט."

„וואס דארט?"

„זיינע פיס..."

זיא האט זיך אומגעקוקט און ערבליקט דיא אורזאכע פון זיין שרעק.

אהנע צענערונג האט זיא זיך אויפגעהויבען, צוגעגאנגען צום בעט און גוט צוגעדעקט דיא פיס פון דעם טויטען.

זיא האט זיך ווידער געווענדעט צו יוליאנען, וועלכער איז געזעסען אויף דער סאפא וויא געלעהמט. טהערעזע האט צו איהם געקוקט א היבשע צייט און איהם ווייטער שטודירט. דאן האט זיא זיך געזעטצט נעבען איהם וויא פריהער.

„א שעהנער מאן זייט איהר," האט זיא געזאגט.

„איך בין אויפגערעגט."

„פון וואס?"

„פון דעם וואס איך האב געזעהען."

„און וויא וועט איהר האבען דעם מוטה איהם אוועק צו טראגען ביז צום שאנטעקלייר?"

„פערצייהעט מיר."

„וואס זאָל איך אייך פערצייהען?"

„איך מיין, איך..."

טהערעזע האט איהם ווידער בעטראכט אויפמערקזאם און געזאגט:

„איהר מענט זיך שעהמען!"

„ענטשולדינט מיר."

„און ווי ווייס איך, אז איהר וועט טהון אייער ארבייט ווי עס דארף צו זיין?"

„איך שווער אייך!"

„איהר האט דאך שוין איינמאל געשוואוירען?"

„איך וועל טהון אלעס וואס איהר וועט מיר הייסען — איך שווער אייך!"

טהערעזע האט א היבשע צייט געטראכט, ביז זי האט ביי זיך אזוי בע־שלאָסען:

„איך בין זיכער, אז ער וועט מיך אלעס פאָלגען. די פראגע איז נאָר, אויב ער וועט ניט צוזאמען ברעכען איידער ער וועט גרייכען דעם שאנטעסלייר? נאָר, איך קען מיר ניט העלפען. ער איז צו דום. יעדענפאלס וועט זיין גאנץ גענוג, ווען ער וועט איהם נאָר ארויס פטר'ן פון דאנען. זאָ שנעל ווי דער קערפער וועט זיין פון יענער זייט גאָרטען, איז אלעס פאָראיבער. ווען מען זאָל איהם אפילו ענטדעקען מיט דעם קערפער, בין איך ערשטענס זיכער, אז ער וועט מיך ניט פערראטהען; און צווייטענס, אפילו ווען ער זאָל עס יא טהון, וועט איהם יעדער האלטען פאר א משוגענעם. קאָלומבעל'ס ראָק און שיך האב איך געפונען און זייא זיינען שוין פערוואנדעלט געוואָרען אין אש. קיין אנדערע שפור פון איהם דאָ, איז ניט צו ענט־דעקען."

יוליאן האט זיך צוגעבויגען צו איהר און אָנגענומען איהר האנד, וועלכע ער האט צוגעבראכט צו זיין מויל. זי האט איהם ניט געשטערט.

טהערעזע האט זיך צו איהם מעהר צוגעבויגען און איהם געזוכט אויפצורעגען מיט אלע מעגלי־ע קונסטען. אָבער יוליאן איז געווען צו אונשולדיג אום ער זאָל זי פערשטעהען.

דאן האט אָנגעפאנגען א געשפרעך צווישען זייא ביידע. טהערעזע האט איהם גענוי אויסגעפרעגט איבער זיין פערגאנגענהייט, און ערפאהרען, אז ער איז נאך ביז קיין פרויענצימער ניט בעקאנט.

„דאס איז אלזא דיא אורזאכע,“ האט זיא זיך געטראכט. „ווארט מיין יונגע, איך וועל דיך מאכען פאר א מענשען.“

ווען אלעס איז געווען פאראיבער, האט יוליאן אנגעכאפט טהערעזע׳ס האנד און זיא קושענדיג, האט ער געוויינט מיט הייסע טרערען און געמורמעלט:

„מיין געטטליכע געליעבטע! זאגט מיר, איך בעט אייך, איהר וועט מיך אימער ליעבען — אימער! ווייל אהן אייך וועל איך ניט לעבען! ניין, ניין, איהר זאלט מיך פון אייך ניט פערשטויסען...“

„שא, נארישער יונגע,“ האט זיא געזאגט, וועהרענד א טריומפירענדע מיענע איז ערשיענען אויף איהר געזיכט, „איך פערבלייב אימער דיינע. אויף אימער, ביסטו צופריעדען?“

צופריעדען! מיין גאט! איך בין נאך מעהר וויא צופריעדען!“ האט ער געענטפערט קושענדיג איהרע הענד, ברוסט און דאן דיא פיס.

„און דוא האסט מוטה גענוג?“ האט זיא וויעדער געפרעגט.

„מוטה!“ האט ער געענטפערט. „אפילו דעם טייפעל זעלבסט צו צעררייסען אין שטיקער!“

„דאס איז גוט.“

„בעפעהלט, און איהר וועט זעהען וואס איך וועל טהון פאר אייך!“

„איך בין צופריעדען. יעטצט, קום אהער, זיטץ נאך דא אביסעל נעבען מיר, ווייל עס מוז נאך דויערן א האלבע שטונדע ביז אונזער ארבייט זאל אנפאנגען.“

ער האט זיך געזעטצט.

„און דוא האסט שוין מעהר קיין מורא ניט?“ האט זיא געפרעגט.

„מורא? פאר וועמען?“

„איך מיין פאר דעם טויטען.“

„אפילו ניט פאר קיין לעבעדיגען.“

„זעהר גוט, זעהר גוט מיין בראווער יונגע. אום מיך צו איבערצייגען, אז דוא האסט ווירקליך דעם מוטה, דאן מאך א פראבע: געה צו און דעק אויף דיינע פיס.“

אהנע דער מינדעסטער צענערונג האט ער זיך אויפגעהויבען און צוגעגאנגען צום בעט, וואו ער האט אויפגעדעקט קאלומבעל׳ס נאקעטע פיס, און אום נאך ווייטער צו צייגען, אז ער איז גענוג מוטהיג, האט ער אויפגעהויבען איין פוס אין דער הויך, אבער ער האט איהם באלד געלאזען צוריק פאלען. דער גערויש פון דעם

פאלל, האט איהם אונטערדעסען אויף אזוי ווייט דערשראָקען, אז ער האט געגעבען א לייכטען שפרונג צוריק.

„נאך אימער דערשראָקען," האט זיא געמורמעלט זיטצענדיג וויא אונבע־קימערט אויף דער סאָפא.

„ניין, ניין," האט ער בעמערקט, „איך בין נאָר אויפגערעגט."

דאן האט ער אָנגענומען דעם טויט׳ן׳סביידע פיס און זייא אויפגעהויבען. ער האט זייא שוין אָבער ניט געלאָזען פאלען צוריק, זאָנדערן לאנגזאם אוועק געליינט.

„בראוואָ!" האט זיא געזאגט. „יעטצט, דעק צו צוריק דיא פיס און קום ווידער אהער; דאָ נעבען מיר."

יוליאן האט אָנגענומען איינינע קליידער פון דעם בעט און צוגעדעקט דיא פיס פון דעם טויטען. וועהרענד דעם אָבער, האט ער אויפגעדעקט זיין געזיכט און ער האט זיך ניט געקענט צוריק האלטען צו שפירען א שוידער.

„וואס איז שוין ווידער?" האט טהערעזע געפרעגט בעמערקענדיג מיט איהר שארפען בליק ווידער א וועקסלונג.

„גאר ניט, גאר ניט," האט ער געענטפערט.

„עס איז יא עפעס," האט זיא געזאגט און זיך אויפגעהויבען. זיא איז צוגע־גאנגען צום בעט און באלד ענטדעקט דיא אורזאכע פון זיין נייער שרעק.

„דעק איהם צו און מאך איין ענדע," האט זיא בעפוילען.

יוליאן האט געפאָלגט.

טהערעזע האט איהם ווידער אָנגענומען בייא דער האנד און צוגעפיהרט צו דער סאָפא.

עס זיינען פאָראיבער אונגעפעהר צוואנציג מינוטען, ווען טהערעזע האט זיך אויפגעהויבען און געזאגט:

„עס איז שוין צייט."

ער איז אויך אויפגעשטאנען.

„נאָר מוטה, מיין פריינד," האט זיא געמורמעלט. „דיא גאנצע געשיכטע וועט דויערן א קלייניגקייט. איהר וועט רוהיג ארונטער טראָגען דעם קערפער ביז צום שאנטעקלייר, איהם אריין ווארפען, דאן קומט איהר צוריק אהער. איהר הערט? צוריק אהער. דאס בעט וועט שוין זיין לעדיג, און אין מיינע ארעם זאָלט איהר צוברענגען דעם רעסט פון דער נאכט."

יוליאן האט ווידער אָנגעכאפט איהר האנד און זיא געקושט.

טהערעזע האט שוין אָבגערוקט דעם פאָרהאנג פון בעט, ארונטער גענומען דיא פליידער וואס האבען בעדעקט קאָלומבעל׳ן, און בעפוילען:

„נעהמט איהם, אָבער פאָרזיכטיג!“

וויא א פלייש־העקער טראָגט א זייט פלייש אויף זיין שולטער, אזוי האט יוליאַן גענומען דעם קליינעם קאָלומבעל שנעל אויף דיא פלייצעס און איז מיט איהם נעבליעבען שטעהען.

„איהר נעהט פאָראויס,“ האט זיא שנעל צו איהם געזאגט, „און איך וועל אייך צו האלטען ביים ראָק. איהר פערשטעהט? איהר דארפט זיך נאָר לאָזען פיהרען. נעהט מיר לאנגזאם נאך.“

טהערעזע האט שנעל אָבער פאָרזיכטיג געעפענט דעם רינעל פון דער טהיר, און אָננעהמענדיג יוליאַנען, האט זיא איהם אריין געפיהרט אין פראנציסקא׳ס צימער.

דאס איז געוועזען א קריטישער אויגענבליק.

זייא זיינען שוין ביינאַהע דורכגעגאנגען דאס גאַנצע צימער, ווען א פוס פון דעם טויטען האט זיך פערטשעפעט אן א שטוהל און איהם אומגעוואָרפען מיט א קראַך.

דער גערויש האט אויפגעוועקט פראנציסקא׳ן.

זייא האבען געזעהען וויא זיא האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און עפּעס גע־מורמעלט פערשלאָפענערהייט.ביידע זיינען געבליעבען שטעהען וויא צוגענגעלט צום פוס־באָדען.

טהערעזע איז געשטאַנען נעבען דער טהיר און ער האט זיך אָנגעשפּארט בייא דער וואַנט האלב איינגעבויגען אונטער דער לאסט פון דעם קערפּער.

עס איז קיין וואונדער וואס ביידע האבען געציטערט, זיך דערמאָהנענדיג, דאס ווען דיא אלטע זאָל ערוואכען נוט, וואָלט זיא געטראָפען איהר טויטען זוהן.

פראנציסקא איז אָבער געוועזען שטארק מיעד און זיא איז ווידער צוריק גע־פאַלען אין בעט, וואו זיא איז נאך אמאל איינגעשלאָפען. טהערעזע האט דאן ווידער אָנגענומען יוליאַן׳ס ראָק און איהם געפיהרט.

„לאנגזאם, לאנגזאם, פאָרזיכטיג,“ האט זיא געמורמעלט זעהר שטיל.

זייא זיינען אריין אין קאָרידאָר.

אָבער זייא זיינען נאך נים פערטיג געווען מיט זייער ארבייט. דאָ האט זייא ערווארטעט א נייע שרעק.

דיא מארקיזין, טראָטץ דעם שפּעטער אבענד־שטונדע, האט זיך נאך ניט געהאט געלייגט אין בעט. א ליכטשטראהל האט ארויס געשיינט פון איהר עטוואס געעפענטע טהיר. יוליאן מיט טהערעזע'ן זיינען געבליעבען שטעהען און ניט געוואגט ווייטער צו געהען.

יוליאן האט געשפּירט, אז דער קערפּער פון דעם קליינעם קאָלומבעל, וועט געווים ארונטער פאלען פון זיינע שולטער, ווען ער זאָל איהם דארפען נאך אמאל צוריק טראגען.

וויא סטאטועז זיינען זייא אנפאנגס געשטאנען אויף איין פּלאטץ, דאן האט טהערעזע געשפירט, אז יוליאן ווערט מיעד, און זיא האט געהאט דעם מוטה, צו צוגעהען און אונטערשטעלען איהר שולטער, מיט וועלכען זיא האט אויסגעהאלטען א העלפט שווערקייט פון דעם קערפער.

ענדליך האט זיך דאס ליכט אין דער מארקיזין'ס צימער אויסגעלאָשען. א האנד פון אינוועניג האט צוגעמאכט דיא טהיר און אַלעס אין קאָרידאָר איז גע־בליעבען פינסטער. דאך האבען זייא נאך ניט געוואגט זיך צו ריהרען פון פלאטץ. ערשט אין א צעהן מינוטען ארום, האט טהערעזע געמורמעלט:

„האלט פעסט דעם קערפער און איך וועל דיך פיהרען."

יוליאן האט אביסעל העכער ארויף געצויגען דעם קערפּער פון טהערעזע'ס שולטער, און דאן האט ער געשפירט וויא זיא האט איהם אָנגענומען ביים ראָק.

„קום," האט זיא געזאגט.

ער איז נאכגעגאנגען.

לאנגזאם און זעהר פאָרזיכטיג האט ער געשפירט מיט דיא פיס דיא טרעפּען וואס האבען געפיהרט אַרונטער, און נאך איינינע מינוטען צייט, האבען זייא גע־ררייכט דאס אונטערע שטאָקווערק.

טהערעזע האט ארויס געלאָזען א זיפץ פון ערלייכטערונג.

„מיר זיינען אין זיכערהייט," האט זיא געזאגט.

„און יעטצט?" האט ער געפרעגט.

„קום מיט מיר," האט זיא בעפוילען.

זיא האט איהם אריין געפיהרט אין הויף, און איז צוגעגאנגען צו דעם אַרטיגען טויער וואס זיא האט אין יענער נאכט איינמאל שוין געעפענט.

„אלזא," האט זיא איהם איינגעראַמט, „יעטצט ערפאָרדערט מוטה. זייא א

מאַן, יוליאַן, און טראָג אוועק דעם קערפּער צום שאַנטעקלייר, דאַן קומסטו צוריק אַהער; איך וועל וואַרטען אויף דיר. דוא הערסט?"

„יא, יא," האט ער געענטפערט.

„גוט."

דיא האט לאַנגזאַם געעפענט דעם אַלטען טויער און איהם אַרויס גע־לאָזען.

יוליאַן האט זיך געפונען אין דער באַ־סאַלעיל שטראַסע, גענענאיבער זיין וואָהנונג.

ער האט זיך אומגעקוקט און אַלעס איז געווען שטיל. דאַן האט ער געמאַכט עטליכע שריט ווייטער און איז געבליבען שטעהען זיך ווידער אַרום צו קוקען, אויב דער וועג איז פרייא. אַלעס איז געווען שטיל און רוהיג.

טהערעזע'ס פענסטער האט זיך געעפענט, און יוליאַן האט דערזעהען טהע־רעזע'ן, מיט איהרע נאַקעטע אַרעמס, וועלכע האט איהם צוגעוואָרפען הענד־קיססע, און געמאַכט מיט דער האַנד ער זאָל שנעלער געהען.

ער האט איהר צוגעוואָרפען נאָך אַ בליק, דאַן האט ער זיך אומגעווענדעט און איז געגאַנגען.

5.

יוליאַן איז געווען איין אויסערגעוועהנליך קרעפטיגער מאַן. נאָך אַלס אינגעל האט ער געהאט אַ שם אַלס אַ שטאַרקער. ער פלעגט זעהר אָפט אַרויס געהען און העלפען דיא אַרבייטער אויסצוהאַקען בוימער.

יעדער פלעגט זיך וואונדערן איבער זיין מאַכט, וויא אַזוי ער פלעגט מיט אַ האַק שנעלער אויסהאַקען אַ בוים וויא אַ געניטער אַרבייטער, און דאַן, האט ער געקענט נעהמען דעם שווערסטען קלאָטץ אויף ד'אַ פלייצעס און איהם טראָגען אויף זיינע שולטערן פון פלאַטץ צו פלאַטץ.

זייענדיג יעטצט אויף דער פרייער לופט און בעגייסטערט מיט דער אידעע פון טהערעזע'ס ליעבע, האט פלוצלינג צוריק געקעהרט זיין אַלטע קערפּערליכע קראַפט און יעדע שרעק איז פערשוואונדען. קאָלומבעל'ס קערפּער אויף זיינע שולטערן איז איהם געווען אַזוי לייכט, גראָדע וויא ער וואָלט דאָרט בלויז געטראָגען אַ לייכטען ראָק.

ער האט איהם קוים געפיהלט.

אין דערװײַלבער צייט איז אין איהם ערוועקט געוואָרען א בעסטיאַלישער צאָרן נעגען קאָלומבעלן, וועלכער האט אמאל געהאלטען אין זיינע ארעם דיא הערר־ליכע טהערעזע. ער האט זיך אויף דערמאָהנט, וויא אזוי קאָלומבעל פלעגט פון איהם לאכען, שפּאָטען און חוזק מאכען.

„עס איז גוט," האט ער זיך געטראכט, „וואס דאס איז דיין סוף. דזא וועסט מיר שוין מעהר ניט שטעהען אין וועג. געבענשט זאָלען ווערען דיא הענד וואס האבען דיך דערהרג'עט."

ער האט זיך ווייטער פאַרנעשטעלט, וויא אזוי ער וועט יעדען אבענד זיטצען ביים זיין פענסטער און שפּיעלען אויף זיין פלייט צו טהערעזע'ן, און קאָלומבעל וועט שוין מעהר ניט זיין אום פון איהם צו לאכען.

„א מצוה אויף איהם!" האט ער זיך ווייטער געטראכט. „ער האט עס עהר־ליך פערדיענט!"

אזוי דענקענדיג איבער דעם זיעג נעגען זיין ערגסטען פיינד, וועלכען ער האט געטראָגען קאלט און שמייף אויף זיינע שולטער, האט ער געשפּירט א זאנפטעס פערגניגען זיך פערברייטענדיג איבער זיין גאנצען קערפּער, און טהערעזע'ס בילד, איהר שעהנער קערפּער און איהר ליעבע, זיינען ערשיענען פאר זיינע אויגען.

מיט א וואָרף, האט ער דעם קערפּער בעסער ארויף געררוקט אויף זיינע שולטערן, זאָ דאס ער האט געהערט וויא קאָלומבעל'ס צייהן האבען זיך צוזאמען געשטויסען. אָבער דאס האט איהם ניט פיעל בעקימערט. און ער האט אָנגעפאנגען מיט פעסטע און שנעלע שריט ווייטער צו געהען.

דאס גאנצע שטעטעל איז געלעגען איינגעהיעלט אין פינסטערניש, מיט דער אויסנאהמע פון דעם פענסטער ביים קאפּיטאַן פידו, פון וואנען עס האט זיך נאך געלייכט.

עס שיינט, אז דער קאפּיטאַן איז געוועזען קראנק און שלעכט געפיהלט. יוליאַן האט איהם געזעהען דורכ'ן פענסטער ארום געהענדיג אין זיין נאכט־מאַנטעל און זיין קרעכצען האט זיך ארויס געהערט ביז אויף דער גאס.

יוליאַן האט זיך דערמאָהנט, אז פון דער דונקעלהייט אין דער ליכטיגקייט, קען מען זעהען, וועהרענד פון דער ליכטיגקייט אין דער דונקעלהייט, איז שווער עפּעס צו אונטערשיידען. געשטיטצט אויף דיעזער ערקלערונג, האט ער אָנגעפאנגען שנעלער צו געהען, אום אזוי ניך וויא מעגליך צו פּאסירען דאס פענסטער וואו קאַ־פּיטאַן פידו האט זיך געפונען.

ווען ער איז אריבער דיא עטליכע הייזער, האט ער פרייער אויפגעאטהעמט און אנגעפאנגען ווייטער צו געהען פארזיכטיג.

פלוצלינג אבער האט ער זיך אזוי דערשראקען, אז דאס בלוט אין זיינע אדערן איז שיער פערקיהלט געווארען. ער האט געהערט א לייכטען הוסט אזוי נאהענט צו זיך, אז עס האט זיך איהם באלד געדאכט, דאס דער הוסט קומט פון דעם טויטען.

יוליאן האט אונטערדעסען געפאסט מוטה און פערשטאנען, אז ניט דער טויטער האט געהוסט, און עס גיבט מעהר אורזאכע מורא צו האבען פאר א לעבעדיגען. אהנע פיעל צייט צו פערלירען האט ער זיך אריין געכאפט אונטער א בלומען־פערוואקסענע מהיר און איז געבליעבען שטעהען בעוועגונגסלאז.

עס איז געווען דיא פרוי פון דעם נאטאר סאווארנין, וועלכע איז געשטאנען ביים פענסטער צו געניעסען פרישע לופט, און זיא האט שטארק געזיפצט קוקענדיג אויף דיא פינקלענדע שטערען.

דאס איז געווען א שלעכטער צופאל. יוליאן האט זיך שטארק געוואונדערט דאריבער. ער האט געוואוסט, אז געוועהנליך צו דיעזער שטונדע, איז אלעס געלעגען טיעף פערזונקען אין שלאף. דאן האט ער זיך דערמאהנט, אז קאלומבעל איז געווען אנגעשטעלט בייא דעם נאטאר סאווארנין, און ער האט זיך געטראכט:

„ווען זיא זאל וויסען וועמען איך טראג דא!"

עס האט אבער ניט פיעל געדויערט און ער האט געזעהען וויא דיא מאדאם סאווארנין האט זיך אויפגעהויבען פון געבען פענסטער, און אין אוועק לייסטען געזעלשאפט איהר מאן, וועלכער האט אזוי געשנארכט, אז מען האט דאס געקענט הערען ביז אויף דער גאס.

אזוי שנעל וויא זיא האט דאס פענסטער צוגעמאכט, איז יוליאן ארויס פון זיין בעהעלטעניש. ער האט זיך עטליכע מאל אומגעקוקט פון אלע זייטען. עס האט זיך איהם געדאכט, אז עס שוועבט עפעס איבער דער שטראסע. זיין הערץ האט שטארק געקלאפט, אבער ער האט ווייטער געפאסט מוטה און פארטגעזעטצט זיין גאנג.

וואס ניעדריגער ער איז ארונטער אין דער שטראסע, אלץ ענגער איז געווארען דער וועג, און דיא הייזער, וועלכע זיינען געשטאנען צו נאהענט נעגען אנאנדער, האבען אפילו פערשטעלט דאס שוואכע ליכט פון דיא שטערן.

דיא אונגעהייערע פינסטערניש, איז איהם געווען זעהר אונאנגענעהם, און יעדעס מאל איז איהם געוואָרען אונהיימליכער אויף'ן הארצען. ער האט געוואָלט ענטלויפען, גלייך וויא יעמאנד וואָלט איהם פערפאָלגט.

אָבער זיין פערשטאנד האט צוריק געקעהרט, און ער האט אָנגעפאנגען איבער־צוקלערען, אז לויפען צו שטארק, איז דום און געפעהרליך. ביז דאמאלס איז ער געגאנגען אזוי שטיל און פאָרזיכטיג, דאס ער האט זאָגאר דיא אויפמערקזאמקייט פון דיא הינט ניט צוגעצויגען.

ער האט זיך בעמיהט צו זיין רוהיג, אָבער עס איז אונמעגליך געווען, עס האט זיך איהם געדאכט, אז אין דער דונקעלהייט שטעהען צוויא פייערדיגע אויגען און ערווארטען איהם.

דאן האט ער זיך דערמאָהנט אן טהערעזע'ן. איהר קערפער, איהר טויטע און איהר ליעבע! דאס אלעס האט איהם געבראכט צור בעזינונג און ער האט זיך בעדייטענד בערוהיגט.

„דומקאָפּ וואס איך בין!“ האט ער צו זיך געמורמעלט, „איך שרעק מיך פאר שאטענס! זיא פערדיענט איך זאָל אפילו דיא גאנצע וועלט אויסהרג'ענען. יא, יא, געטטליכע טהערעזע, פאר דיר וועל איך אלעס טהון — אלעס!“

און ער האט מיט געטאָסטענע טריט פאָרטגעזעצט זיין מארש.

פלוצלינג האבען פרעהליכע מענער־שטימען אונטערבראָכען דעם שטראָם פון זיינע גליקליכע געדאנקען. ער איז געבליעבען שטעהען, און אָהנע פיעל צו ווארטען, האט ער זיך אריין געכאפּט אין איין אָפענעם הויפעל, וואו ער האט זיך אָבער גע־מוזט אָנבויגען אום צו שטעהען בעהאלטען אונטער דיא בעוואקסענע צווייגען פון א בוים.

ער האט דערקענט אן דיא שטימען דיא אָפיצירען, וועלכע האבען וואהר־שיינליך געטרונקען ערגעץ שפּעט אין דער נאכט.

יוליאן איז געשטאנען שטילשווייגענד היבשע עטליכע מינוטען, ביז דיא שטימען זיינען לאנגזאם אָבגעשטאָרבען. דיא אָפיצירען, וויא עס שיינט, זיינען אוועק אהיים מיט א צווייטער שטראסע.

ער האט נאך אביסעל געווארט, און דאן האט ער בעשלאָסען ארויס צו געהען.

וויא ער האט זיך געריהרט פון פּלאטץ, האט זיך קאָלומבעל'ס קערפּער צוריק געצויגען. ער האט זיך אזוי דערשראָקען דערפאר, אז ער האט אָבגעלאָזען דעם קערפּער און איז ארויס געלאָפען. דער קערפּער איז דאן ארונטער געפאלען אויף'ן

נראָה, מיט א דומפפען קראַך. פון ווייטען האט ערניץ א הונד אָנגעפאנגען צו ביללען.

יוליאַן האט געוואָלט אנפאנגס ענטלויפען, אָבער ער האט זיך ניט געקענט ריהרען פון דעם פלאַטץ.

וואס איז געוועזן? וואס האט פאסירט?

דאַרויף האט זיך יוליאן ערנסט לאנגזאם געסענט ענטפערן.

וועהרענד ער איז געשטאַנען הינטער דעם בוים, האט זיך קאָלומבעל'ס העמד פערשפעטעט אן א צווייגעל און דאס האט איהם וויא צוריק געהאַלטען, ווען יוליאן האט געוואָלט ארויס געהען. פאר שרעק האט איהם יוליאן דאן אָבגע־לאָזען, און ער איז צוריק געפאלען צו דער ערד.

יא, יוליאן האט געוואָלט דאָרט צוריק לאָזען דעם קערפער. אָבער ער האט זיך דערמאָהנט אן טהערעזע'ן, צו וועלכער ער דאַרף צוריק קעהרען, און וועלכע וועט איהם וואהרשיינליך פערשטויסען, ווען זיא וועט ערפאהרען, אז ער האט נאָר געמאכט א האלבע ארביים.

ערטוטהינט פון דיעזער אידעע, האט ער געכאַפט קאָלומבעל'ן, איהם וויעדער ארויף געוואָרפען אויף זיינע שולטערן און אָנגעפאנגען צו געהען מיט שנעלערע טריט, ביז ער האט גענרייכט דעם שטאָדט־טויער.

ניעמאנד איז דאָרט געוועזן, און ער האט פאסירט דיעזען פלאטץ אונגע־שטערט.

אלס ער איז ארויס געקומען אויף'ן פרייען פעלד, איז ער געבליעבען שטעהען און אויפגעציטערט פון קאָפּ ביז פיס. איבער דעם פעלד האט זיך אויסגעברייטעט א ברייטער און בלוי'ליכער שטראהל, און דורך איהם האט צערטליך געבלאָזען א פרישער און אנגענעהמער ווינט. יוליאן האט זיך פאַרגעשטעלט, אז ער זעהט פאר זיינע אויגען א גרויסע מעננע מענשען, וועלכע ערווארטען איהם.

זיין מעכטיגע ברוסט האט זיך ווילד בעוואויגען, און עס האט איהם וויעדער גענומען עטליכע מינוטען צייט, ביז ער האט זיך איבערציינט, אז ער שרעקט זיך בלויז פאר זיין איינענער פאנטאזיע.

אימער ווייטער און ווייטער איז ער געגאנגען, ביז ער האט ענדליך גענרייכט דיא בריק פון דעם שאנטעקלייר און איז ארויף אויף איהר. אונטען האט ער גע־הערט דיא וועללען מורמלען און פאטשען.

ער האט געפאסט מוטה און ארונטער גענומען דעם קערפער פון זיינע

שולטערן. ער האט איהם גענומען אויף דיא הענד, גראדע וויא מען טראגט א קינד, און זיך אנביינענדיג, גראדע וויא ער האט געוואלט אויסמיידען טויזענד שטומע עדות, איז ער געגאנגען אין שאטען פון דער בריק־פארענטשע.

וואוהין איז ער געגאנגען?

ריכטיג, דאס איז געווען זיין אויסגערעכענטער פלאן.

נים דירעקט פון דער בריק האט ער איהם געוואלט ארונטער ווארפען. דאס וואלט נים געווען פראקטיש, ווייל מען האט געקענט זעהן דיא גאנצע בריק פון דער שטאדט.

יוליאן האט בעאבזיכטיגט צו געהען ביז פון יענער זייט בריק, וואו ער פלעגט אפט זיצען און בליקען אין דיא וואסערן פון דעם שאנטעקלייר. דער פלאטץ איז איהם געווען גוט בעקאנט.

דארט איז אויך געווען גאנץ טיעף און דער טייך האט פעסטער געפלאסען. ער האט געדענקט, דאס ער האט אמאל געזעהען צושווימענדיג א ברעט אהין, און ווען דיא ברעט איז געקומען אויף יענעם פלאטץ, האט זיא דאס וואסער מיט גרויסער געוואלט אוועק געשליידערט גאנץ ווייט.

אהין, אהין, מוז ער איהם אריין ווארפען!

ער האט נאך אמאל געזאמעלט זיין גאנצע קראפט און איז ארונטער ביז צו ענדע פון דער בריק.

אט דארט איז עס! יוליאן האט דערקענט דעם פלאכען שטיין, אויף וועלכען ער איז אזוי פיעלע מאל געזעסען.

ער האט זיך אויפגעהויבען מיט דעם קערפער איבער דער פארענטשע, דאס וואסער האט געפלאסען רעגעלמעסיג פארווערטס און דיא שטערען האבען געהיימ־ניספאל זיך אבגעשפיעגעלט אינוועניג.

אהין, אהין, מוז ער איהם אריין ווארפען!

ער האט געהאלטען קאלומבעל׳ן אזוי הויך, אז עס איז אויסגעקומען געזיכט צו געזיכט. איין אונהייטליכע לוסט האט איהם ערגריפען, אום צו זעהען נאך איינ־מאל דאס געזיכט פון דעם טויטען, איידער ער לאזט איהם ארונטער אין דעם ווילדען שטראם.

איינינע סעקונדען האט ער געבליקט אין דעם בלאסען געזיכט פון דעם טויטען קאלומבעל, און עס האט אויסגעזעהען, אז ער קען זיך גאר פון איהם נים אברייסען.

דיא וואונד אויף דער שלייף, איז געווארען שווארץ.

פון דער ווייטען האט זיך נעהערט דאס סקריפען פון א לאסט־וואגען.

יעטצט איז דיא צייט, האט ער זיך נעטראכט, און ער האט איהם נעוואלט ארונטער ווארפען. אבער מערקווירדינ — וואס איז דאס?

קאלומבעל׳ס לינקע האנד האט איהם וויא אומארמט און פעסט נעהאלטען. ער האט איהם נאך א רוק נענעבען און דיא צווייטע האנד האט אויך ארום נע־נומען זיין האלז.

יוליאן האט נעציטערט און נעשווידערט.

„ער וויל מיך מיטנעהמען!“ האט ער נעמורמעלט ציטערענדינ.

מיט איין אוננעהייערער־אנשטרענגונג האט ער ענדליך זיך בעפרייט פון קא־לומבעל׳ס הענד, און מיט א העפטינען רוק, האט ער איהם ארונטער נעשליידערט אין וואסער.

ער האט נעהערט דעם פליוסק, און דאן האט ער ניט נעקענט אבווענדען זיינע אוינען און נעמוזט קוקען אין וואסער אום צו זעהען וואס עס איז נעווארען פון קאלומבעל׳ן.

יוליאן האט נעזעהען וויא דער שטראם האט נעווארפען דעם קערפער ארויף און ארונטער, און דאן האט ער צום לעטצטען נעזעהען דיא נעלבע פיס פון דעם קליינעם קאלומבעל, און דאס וואסער איז ווייטער נעלאפען, דיא וועללען האבען נערוישט, דיא שטערען האבען נעפינקעלט און דיא נאטור האט נעהיימניספאל נע־דרעמעלט...

יוליאן איז ניט אוועק קיין פיעלע שריט פון דעם פלאטץ, וואוהין ער האט קאלומבעל׳ס קערפער אריין נעווארפען. פאר אלעמען האט ער נעשפירט א נאסקייט אויף זיין גאנצען קערפער, גלייך וויא ער וואלט נאר וואס ארויס נעקראכען פון דעם שאנטעקלייר. דיא נאסקייט אויף זיין קערפער איז נעווען קאלט און עס האט איהם נעפיעבערט.

אבער זיין נעהירן איז נעווען גאנץ פערדונקעלט און פערוואלקענד; ער האט נאר ניט נעקענט דענקען און איז נעשטאנען וויא בעטויבט. זיינע פיס האבען זיך שטארק נעבוינען און זיינע הענד האט ער נאר ניט נעקענט אויפהייבען.

אהנע צו וויסען וואס ער טהוט, האט ער, אויס אלטער נעוואהנהייט, זיך אוועק נעזעטצט אויף דעמזעלבען פלאטץ פון דער בריק, וואו ער איז אזוי פיעלע מאל נעזעסען און נעטרוימט פון זיין אונשולד און צופריעדענהייט.

זיינע אוינען האבען נעבליקט צו דיא מורמלענדע וועללען; און עס האט זיך איהם נעדאכט, אז קליינע קעפעלעך שטעקען זיך ארויס און רעדען זיך איינער מיט

אנאנדער און דערצעהלען וויא אזוי ער האט געטראָגען קאָלומבעל'ן און איהם אריין געוואָרפען אין שאַנטעקלייר.

דאן האט זיך יוליאַן דערמאָהנט וויא אזוי דער טויטער האט איהם אומ־ארמט און געוואָלט מיטציהען אין וואסער מיט זיך.

ער האט נאך אמאל העפטיג אויפגעשוידערט!

זיין שטערען איז פלוצלינג געוואָרען גליהענדיג הייס און זיינע אויגען האבען אויסגעזעהען צו וועלען ארויס שפרינגען פון זייערע לעכער. אין זיינע ביידע שלייפען האט עס געקלאפט וויא מיט האמערס און זיין הערץ האט געוויטהעט וויא פון א שטורם.

א מילד און צערטליך ווינטעלע, האט וויא מיט א סאמעטענער האנד גע־גלעט זיין ברענענדען קאָפּ און זיך געקרייזעלט צווישען זיינע האאר. דיא ריינע און קיהלענדע לופט האט געדרונגען אין זיין אָפענעם מויל, צווישען זיינע טרוקענע ליפּען, און דאס האט איהם ביסלעכווייז אויפגעפרישט.

דאן האט זיך דאס ווינטעלע געשטארקט און האט שטילל געברומט איבער דער פרייער געגענד און צווישען דיא פּארענטשעס פון דער בריק. יוליאַן האט אויפגעהויבען זיינע אויגען פון דעם וואסער און ערבליקט דיא שטילע נאטור ארום זיך, וועלכע איז געלעגען אזוי רוהיג און געהיימניספאָל, דאס איהר אנבליק האט אין איהם ארויס גערופען א זאנפטעס און בערוהיגענדעס געפיהל.

דאס ווינטעלע, האט זיך איהם געדאכט, איז וויא א זיסעס וויעגען־ליעד, וואס וויל איהם איינשלעפערן און איינשלומערן צום טאקט פון דעם העללען קלאנג פון דיא וועללען.

פלוצלינג האט ער זיך דערמאָהנט אן טהערעזע'ן. איהר האלב־נאקעטער, צאַרטער און ווייסער קערפער איז ערשיענען פאר זיינע אויגען און דאס ליעבעס־געפיהל האט איהם אָנגעפילט מיט א זעלטענעס פערגניעגען.

זיין הערץ האט מעהר ניט אזוי געקלאפּט, זיין שטערען האט זיך אָבגע־קיהלט, און ער האט געשפירט דאס ווינטעלע צערטליך בלאָזען אויף זיין געזיכט.

יוליאַן האט פאר זיך געזעהען נאָר טהערעזע'ן; זיך עראינערט אן דער צייט וואס ער האט מיט איהר צוגעבראכט; געבליקט אין איהרע רויטע ליפּען, שטיר־מישען בוזעם און בלאסע באקען.

דאַן האט ער זיך פאַ־געשטעלט דעם שמייכעל, וועלכען ער האט אָנגעהויבען ערשט יעטצט בעסער צו בעגרייפען.

וואס איז געלעגען אין יענעם שמייכעל ?

אויף דיזער פראגע האט ער זיך נים לייכט געקענט ענטפערן. ער האט זיך ערשטערט אין דעם אויסדרוק פון דעם שמייכעל, און עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער זעהט דארט פעראכטונג, ערביטערונג און האס.

„ליעבט זיא מיך ?" האט ער זיך געפרעגט.

א קאלטער שוידער איבער זיין גאנצעם לייב איז געווען דער ענטפער.

ער האט זיך פארגעשטעלט איהר שעהנע און ווייסע פינגער און געזעהען אין זיין פאנטאזיע וויא אזוי זיא האט מיט דיזע פינגער צוזאמען געדריקט קאלומבעל'ס האלז, שטארק, פעסט, ביז זיא האט איהם דערוואָרגען !

דאן האט ער זיך פאָרגעשטעלט וויא אזוי איהרע צארטע הענד־מוסקעלען האבען זיך אָנגעשטרענגט און קאָלומבעל'ן צוגעוואָרפען צום שראנק...

אָבער איהר קערפער, איהר ליעבע, איהר שעהנהייט, און איהר פערגניגען וואס זיא האט איהם פערשאפט ! דאס אלעס האט געשפאנט זיין פערשטאנד וויא אויף א פאָלטער און זיין הארץ האט זיך אָנגעפילט מיט גליק.

דאָרט, אין יענעם צימער, צווישען דיא פאָרהענגע, וואו עס שמעקט פארפום, וואו דער גערוך פון איהר יונגענדליכען קערפער פערברייטעט זיך — דאָרט ליעגט זיא יעטצט און ערווארטעט איהם. אזוי האט זיא געזאגט, אזוי האט זיא איהם פערשפראָכען.

„באלד, באלד,‟ האט ער געמורמעלט, „גלייך איך אהין, און איך וועל דיך אומארמען, צודריקען צו מיין ברוסט און..."

עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער שפירט איהר צארטען און ווייכען קערפער נעבען זיינעם, דאס ער קושט איהרע רויטע ליפען און ער שפירט הינטער זיך איהר שמירמישען בחעם.

אויף איינמאל איז זיין הארץ שטיל געוואָרען. ער האט זיך דערשראָקען פאר דיזע געפיהלע.

און וואס וועט ער טהון, האט ער זיך געפרעגט, ווען זיא זאָל איהם מעהר נים וועלען צו לאָזען צו זיך ? וואס וועט ער טהון, ווען זיא וועט צושליעסען איהר צימער, דעם טויער פון דעם גאָרטען, און איהם גאר נים וועלען צו לאָזען צו זיך ?

ער האט זיך ערשטערט אין יענעם ביטער; און פעראכטענדען שמייכעל און...

„אָבער ניין, ניין!“ האט ער אויסגעשריען, „דאס קען נים זיין און עס דארף נים זיין! איך האב פאר איהר אלעס געטהאָן, איינגעשטעלט מיין לעבען, אלעס, אלעס... זיא מוז און דארף מיך עמפפאנגען, זאָנסט וועל איך מיט געוואלט איינדרינגען אין איהר צימער, זיא כאפען אויף דער גאס און שלעפּען צו מיר, מיט מיר, און...“

זיינע פאנטאזיען פון דער פערגאנגענהייט דינען ערשיענען; ער האט זיך עראינערט וויפיעל, וויא לאנג ער האט איבער איהר געטרוימט, און יעטצט?

„יעטצט,“ האט ער געמורמעלט, „איז אלעס פאָראיבער. וואס קען איך נאך פון איהר פערלאנגען? האט זיא מיר נים בעלוינט? וואס נאך קען איך וועלען? אך, דיעזע הערליכקייט, דיעזע געטטין! דיעזער ענגעל, איז געלעגען אין מיינע ארעם און זיא האט מיר געגעבען צו טרינקען דעם פולען בעכער פון ליעבע... מעהר דארף איך נים, גענוג! גענוג!“

יוליאן איז געוועזען בערוישט פון דיעזער געפיהלע, און נאך א פויזע האט ער זיך ווידער בערעכענט, פיעללייכט האט ער נאר א טעות, פיעללייכט נארען איהם זיינע געפיהלע, און, נאך אלעמען, ערוואַרטעט איהם יעטצט טהערעזע און איז בערייט צו האלטען איהר וואָרט וויא זיא האט איהם פערשפּראָכען.

ער האט אויסגעשטרעקט זיין האנד, זיך אָנגעכאפּט אן דער פאַרענטישע און פּראָבירט אייפצושטעהען. אָבער זיין האנד איז געוועזען מאכטלאָז און זיין קערפּער צו שווער זיך אויפצוהייבען.

יוליאן האט אָנגעשטרענגט אלע זיינע קרעפטען און זיך אביסעל געריהרט פון פּלאַטץ, אָבער ער איז באלד צוריק געפאלען מאכטלאָז.

אין זיינע שלייפען האט עס נאך אמאל אָנגעהויבען צו האמערען, און זיינע געדאנקען זיינען פערמישט געוואָרען מיט ווילדע און אונרעגעלמעסיגע פאנטאזיען.

טהערעזע'ס בילד, אין בעט, צווישען דיא פּאָרהענגע; דאָן זיטצענדיג אויף'ן שטוהל און ליעגענדיג אויף דער סאָפא, האט פאר איהם געטאנצט וויא א גייסטערשאטען, און איז לאנגזאם פערשוואונדען געוואָרען וויא א ווייסער רויך.

דיא פיס האבען געציטערט, דיא הענד האבען זיך קראמפּפהאפט צוזאמען געצוינגען און זיין ברוסט האט זיך צוזאמען געדריקט מיט שמערץ.

טהערעזע'ס בילד, איהר פיגור, איז ערשיענען צייטענווייז אין אונדייטליכקייט, אָבער עס האט צוריק געלאָזען דעם אונאנגענעהמען איינדרוק פון איהר שפּאָטישען שמייכעל.

דאן האט זיך איהם געדאכט, אז ער זעהט טהערעזע'ן אין דעם באלל־קלייד, און זיא נעהט צו צו קאלומבעל'ן, עפענט זיין העמד, שטרעקט אויס איהרע ווייסע און שעהנע פינגער, און רוקט זייא אריין מיט אונגעהייערער מאכט אין זיין ברוסט. פון וואנען זיא רייסט ארויס א פלאטערענדעס, ציטערענדעס און פערבלוטינטעס הערץ, און זיא ווענדעט זיך צו איהם און זאגט:

„יוליאן! נעהם דאס! נעהם עס, דוא הערסט, און טראג עס אוועק צום שאנטעקלייר, ווארף עס אריין אין שטראם, און — חא! חא! חא!"

יא, יא, יוליאן האט געהערט דאס געלעכטער, און עס האט זיך איהם גע־דאכט, אז גאנצע רעגימענטען פון טייפלען לאכען מיט!

פאר זיינע אויגען האט געטאנצט דער ווייסער און נאקעטער שולטער פון טהערעזע'ס קערפער, אבער פאר קיין זאך אין דער וועלט וואלט יוליאן מעהר בע־ריהרט דיעזען שולטער מיט זיינע פינגער.

ער האט געשפירט א שוידער, און אנשטאט דעם פארפום־גערוך, האט ער געפיהלט א גערוך פון קברים אויפשטייגען אין זיינע נאז־לעכער.

טהערעזע'ס שמייכעל, מיט האס און פעראכטונג, האט זיך געדרעננט אין זיין פאנטאזיע מיט א שטארקער געוואלט, און זיינע געפיהלע האבען אנגענומען איין ענדערונג.

דיא לוסט, דער רייץ און פערלאנגען צו איהר, האט אנגעהויבען יעדעס מאל שוואכער צו ווערען, ביז אנשטאט דעם, איז ערשיענען שאנדע, שוידערן, ציטערן און פעראכטונג.

„א מערדערין! א בלוטיגע מערדערין!" האט ער געמורמעלט.

ער האט פערמאכט זיינע אויגען און איהם האט זיך געוואלט שלאפען, רוהען און פערגעסען.

„און איך," האט ער ווייטער געמורמעלט. „בין א מערדער גלייך מיט איהר! פאר דיעזער ליעבעס־נאכט, האב איך געטהיילט דעם מארד מיט איהר צוזאמען, און..."

דיעזער געדאנק וואס האט איהם יעטצט בעהערשט, האט אויף איהם שוידערהאפט געווירקט.

ער האט זיך דערמאהנט אן זיין אונשולד און אונוויסענהייט; ער האט פאר זיך געזעהען טהערעזע'ן, וויא אזוי זיא האט אין איהם ארויס גערופען אלע מעגליכע טהיערישע געפיהלע און וויסענדיג, אז איהר אפפער, איהר געוועזענער געליעבטער

ליענט טויט אויפ׳ן בעט; לויט דורך איהר האנד — האט זיא, טראָטץ דעם, איהם, יוליאַנען, נעגעבען איהר ליעבע און...

„ליעבע?“ האט ער זיך נעפרעגט, „ניין, ניין!“ איז געווען דער ענטפער. „דאס איז ניט געווען קיין ליעבע! מיך האסט זיא פיעללייכט וויא דעם טויט זעלבסט. איך בין מיאוס, העסליך, און זיא האט אויף מיר ניט געקענט קוקען, נאָר זיא האט מיר געגעבען איהר קערפער, איהר ליעבע, דאמיט מיך אָבצוקויפען און זיין איהר מיטשולדיגער...“

שלאָפען, שלאָפען, נאָר שלאָפען! דאס האט ער געוואָלט, אָבער ער האט נעקעמפפט דאגעגען.

„און וויא אזוי,“ האט ער זיך ווייטער געפרעגט, „איז ניט ארויף נעפאַלען דער דאך איבער דעם צימער, בשעת איך בין מיט איהר געווען אויף דער סאָפא? אהין צוריק קעהרען? זיא, דיא מערדערין, נאך אמאל זעהען! קיינמאל ניט! קיינמאל ניט!“

פון דער ווייטען האט זיך איהם געדאכט, אז ער הערט דיא טענער פון א פלייט, שטיל, טרויעריש און צויבערהאפט — עס איז זיין אייגענע פלייט! און ווער קען דאס שפיעלען אויף זיין פלייט?

דאן האט ער זיך עראינערט וויא אזוי ער פלעגט זיטצען ביים פענסטער, און שפיעלען, און קאָלומבעל פלעגט חוזק מאכען פון איהם.

אָבער ער איז מעהר ניט בעז געווען אויף קאָלומבעל׳ן. ער איז דאך טויט; זיא האט איהם דערהרג׳עט, און ער אליין איז א שותף צום מאָרד...

זיין בליק איז ווידער געפאַלען צום וואסער, צו דיא וועללען, און, איבער־הויפט צו דעם פלאטץ וואו דער שטראָם איז געווען אם שטארקסטען.

הא! וואס זעהט ער דאָרט? עס איז קאָלומבעל׳ס קערפער! יא, יא, ער האט איהם געזעהען. זיין פאנטאזיע, איז שוין געווען גענוג קראנק אום איהם צו זעהען.

ער האט זאָגאר געזעהען וויא קאָלומבעל קריכט ארויס, שטעקט ארויס זיין קערפער פון דעם וואסער, דאן דיא הענד... און דיא הענד אליין, ציהען זיך אויס וויים, לאנג, ביז, ביז זייא גרייכען ארויף צו דער בריק, און, זעה, וויא דיא הענד קומען צו נעהנטער און געהנטער...

וואס? וויא קומט צו קאָלומבעל׳ן אזעלכע לאַנגע הענד?

זעה, זעה, וויא דיא הענד, דיא פינגער, רופען א הם, יוליאן, ער זאל ארונטער קומען.

ער פּראָבירט ניט צו ענטלויפען, ווייל אלע זיינע גליעדער זיינען אָבגעשטאָרבען; אָבער דיא לאַנגע הענד גרייכען זיין האַלז, גראָדע וויא פריהער און זייא אומאַרמען איהם פעסט, שטאַרק, און זייא ציהען איהם.

„קום, קום,“ הערט ער געהערט מורמלען פון דעם וואַסער, „ניט דוא, ניט איך זאָלען האָבען טהערעזע'ן — קום, קום, דוא טייפעל־געזיכט, קום, קום...“

מאַכטלאָז און קראַפטלאָז בייגט זיך יוליאַן'ס קערפּער, ער גליטשט זיך לאַנגזאַם, אָבער דאַן... עס הערט זיך א פּליוסק, עס גיבט א שפּריטץ וואַסער אין דער לופט, און...

רוהיג האָט זיך געפלאָסען דער שאַנטעקלייר וויא פריהער, און מען האָט נאָר געקענט הערען דאָס רעגעלמעסיגע מורמלען פון זיינע וועללען.

לינקס פון אונטער דעם הויכען באַרג זיינען ערשיענען דיא שוואַכע מאָרגען־שטראַהלען פון דער זונן און א לייכטער נעבעל האָט גערוהט איבער דער שטילער און רוהיגער נאַטור. דער נעבעל האָט געשוועבט און זיך דערנעהנטערט צום שאַנטעקלייר, ער האָט אויסגעזעהען אַריעבער צו ציהען וויא א שלייער איבער דער טראַגעדיע וואָס האָט זיך דאָרט אין יענער נאַכט אָבגעשפּיעלט.

## 6.

עס איז געווען אויף'ן דריטען טאָג, גאַנץ פריה, נאָך דער לעצטער ש לדערונג.

טהערעזע פאָן מאַרזאַן, איז געווען אָנגעצויגען אין א גרינעם קלייד מיט בלויע שטרייפען, און אויף איהר קאָפּ איז געווען א ברייטער שטרוי־הוט אום צו שיטצען איהר צאַרטעס און שעהנעס געזיכט פאַר דער זונן.

זיא האָט אַרום שפּאַצירט אין גאָרטען, און מיט איהרע ווייסע פינגער האָט זיא אָבגעפליקט פערשיעדענע בלומען און פון זייא צוזאַמען געבונדען א בוקעט.

איהר געזיכט האָט אויסגעזעהען אַזוי פריש, וויא דיא ליליאַן וואָס האָבען געוואַקסען נעבען דעם קליינעם טייכעל, וועלכעס האָט געפלאָסען אין דעם גאָרטען.

ווען זיא האָט צוזאַמען געבונדען דעם בוקעט, האָט זיא איהם איינגעשטעקט אין פראָנט פון איהר קלייד אויף'ן בוזים, און דיא ראָזען האָבען מערקווירדיג שעהן אָבגעשראַנגען זייער פאַרב אויף איהרע ווייסע אָבער פרישע באַקען.

דא איז זיא צוגעגאנגען צו א בוים און זיך אוועק געשטעלט. אויף איהרע רויטע ליפען האט זיך בעוויזען יענער פעראכטענדער שמייכעל, וועלכען יוליאן האט געזעהען.

זיא האט ארויס געלאזען א שווערען זיפץ פון איהר ברוסט, וועלכע האט זיך אויפגעהויבען און ארונטער געלאזען וויא א ים־וועללע.

„דער דומקאפ!“ האט זיא געמורמעלט, „ער וואלט מיר נאך געקענט אונאנגענעהמעס פערשאפען ווען ער וואלט געלעבט. וויא גוט דאס איז וואס ער איז טויט. ער האט געטהאן וויא א חכם וואס ער האט זיך נאכגעווארפען קאָלומבעלין.“

זיא איז ווייטער געשטאנען און געשמייכעלט צופריעדען צו זיך זעלבסט.

„ווען ער וואלט געלעבט,“ האט זיא ווידער אנגעפאנגען... „אבער דומ־הייטען, איך האב פערווישט יעדע שפור, און יעדער וואלט פון איהם געלאכט. ווען ער וואלט זיך געצייגט צו פרעך. חא, חא, חא, האסטו געהערט? עס איז ווירקליך גוט אזוי וואס איך בין פון זייאביידען פטור געווארען...“

איהרע געדאנקען זיינען אונטערבראכען געווארען, ווען דער שטאל־מייסטער רובא, איז ערשיענען.

„וואס הערט זיך, רובא?“ האט זיא געפרעגט. „וואו איז יעטצט פראנציסקא?“

„זיא איז אוועק אין מויטענהויז,“ האט ער געענטפערט, „וואו איהר זוהן געפינט זיך.“

„און ווער איז דער אנדערער?“ האט זיא רוהיג געפרעגט.

„מען האט איהם שוין דערקענט.“

„ווירקליך?“

„עס איז יוליאן, דיא וועשערין האט איהם גוט דערקענט.“

„און וואס האט געקענט זיין דיא אורזאכע וואס ביידע זיינען דערטרונקען געווארען?“

„מען זאגט,“ האט רובא געענטפערט, „אז יוליאן האט נאכגעטראגען א האס צו קאלומבעלין.“

„ווירקליך?“

„יא, אזוי בעהויפטעט מען.“

„אלזא?“

„אלזאָ, האָט יוליאַן אויפגעפּאַסט קאָלומבעל׳ן אויף דער בריק פון דעם שאַנטעקליער, און געהמענדיג א שטיין, האָט ער דערמיט קאָלומבעל׳ן געטראָפען אין קאָפּ.״

„אין קאָפּ? ווארום? ווי אזוי ווייס מען דאָס?״ טהערעזע האָט זיך שטאַרק פעראינטערעסירט אין דער לעצטער ערקלערונג פון רובאַ׳ן.

„מען האָט געטראָפען א טיפע וואונדע אין קאָלומבעל׳ס קאָפּ,״ האָט רובאַ געענטפערט.

„איז ער געשטאָרבען פון דער וואונד?״

„ניין; מען גלויבט, אז ער האָט איהם נאָר שטאַרק פערוואונדערט, און דאַן איז ענטשטאַנדען צווישען זייא ביידע א קאַמפּף. קאָלומבעל האָט וואהרשיינליך אָנגעכאַפּט זיין אנגרייפער, און אויף דיעזער אַרט האָבען זייא אזוי לאַנג געשטריטען, ביז זייא זיינען געפאַלען און זיך דאַן צוזאַמען אריין געקייקעלט אין שאַנטעקליער.״

„שאַדע, שאַדע,״ האָט טהערעזע געמורמעלט בעדויערענד. „און וואָס וועט מען יעטצט טהון מיט זייא?״

„בעערדיגען.״

„אָהנע ווייטערע אונטערזוכונג?״

„וואָס נאָך פאַר איין אונטערזוכונג זאָל מען מאַכען? דער פּאָליציא־שעף האָט אזוי ערקלערט דעם צושטאַנד און דער דאָקטאָר האָט דערצו איינגעשטימט.״

טהערעזע האָט פרייער אויפגעאַטהעמט.

„קאָלומבעל,״ האָט רובאַ ווידער אָנגעפאַנגען, „וועט בעערדיגט ווערען אויף די הוצאות פון אייער געגעדיגען פאַטער, און יוליאַן אויף זיינע איינענע הוצאות, וויל ער לאָזט צוריק גענוג טויזענד פראַנקס וואָס מען האָט געפונען אין זיין צימער בעהאַלטען.״

„און ווען וועט שטאַטפינדען די בעערדיגונג?״

„היינט נאַכמיטאַג.״

טהערעזע האָט ווידער געגעבען א זיפץ דער ערלייכטערונג און זיך אומגעווענדעט פון רובאַ׳ן, אַוועק שפּאַצירענדיג איבער דעם גאָרטען. זיא איז צוגעקומען ביז צו א באַנק וואו זיא האָט זיך געזעצט און אָנגעלעהנט איהר שעהנעם קאָפּ אויף איהר ווייסע האַנד, וואו זיא איז געבליעבען זיטצען א היבשע צייט אין טיפען נאַכדענקען.

דאַן האָט זיא זיך אויפגעהויבען און איז אַרויף אין איהר צימער.

דאס צימער איז יעטצט געווען שעהן און זויבער אויפגעפוצט, און קיין זאַך האט געקענט דערצעהלען וואס עס האט זיך דאָרט אָבגעשפּיעלט צוריק מיט צווייא נעכט.

דאס פענסטער צו דער שטראַסע איז געשטאַנען אָפען, און טהערעזע איז צו־געגאַנגען און געבליקט אַריבער וואו זיא האט מעהרערע מאל געזעהען זיטצען יוליאַנען.

זיא האט אַרונטער געלאָזען דיא פאָרהענגע און איז צוגעגאַנגען צו איהר טאָאַלעט־טיש, פון וואַנען זיא האט גענומען א קליין ביכעל אין איהרע הענד, דאס געעפענט און זיך אוועק געזעטצט אויף׳ן שטוהל נעבען אָפענעם פענסטער, אָבער אין שוטץ פון דיא פאָרהענגע.

זיא האט געלעזען אין ביכעל היבשע עטליכע מינוטען גאַנץ שטיל, דאַן איז זיא צוגעפאַלען צום פוס־באָדען אויף דיא קניען.

איהרע אויגען האט זיא אויפגעהויבען צום הימעל און מיט א ציטערענדע און ביטענדע שטימע האט זיא געמורמעלט:

„הייליגע מוטער גאָטעס! דוא, מוטער פון אלע ליידען! הייליגע יונגפרוי! פערגעהם דאס געבעט פון א ניעדער געשלאַגענע זינדערין; האָר צו דיא חרטה פון א פערווירדטע שעפעלע, און פערצייהע מיר אויף מיינע זינד׳. הייליגע יונגפרוי! איך בעט דיך, אין א צייט פון לייכטזינן, אונבערעכענונג און אַנדערעניש פון דעם שטן, האב איך געזינדיגט, געמאָרדעט, פערבראָכען און ווידער געזינדיגט — נאָט און הייליגער גייסט, וועלכע ערגרינדען דעם מענשען׳ס הערצען און קוקען אריין אין דיא בעהאלטענע חדרים פון זיין נשמה — זעהט וויא איך בין איין אונגליקליכע זינדערין און וויא איך האב חרטה פון מיין טיעפסטען הארצען אויף מיינע זינד. פערצייהעט מיר, פערצייהעט...״

טהערעזע האט אויסגעבראָכען אין א הייסטיגעס געוויין און איהרע ליפען האבען זיך ווייטער בעוואוינען אין געבעט א היבשע צייט.

ווען זיא איז פערטיג געוואָרען, האט זיא זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאַנגען צום שפּיעגעל.

איהרע אויגען זיינען געווען רויט פון וויינען, נאָר איהרע בלייכע באַקען האבען זייער פאַרב ניט געוועקסעלט. זיא איז נאכהער צוגעגאַנגען צום טאָאַלעטען־טיש, אַרויס גענומען א פלעשעל קאָלאָן־וואסער, בעגאָסען א ווייסעם טאַשענטוך און זיך גוט אויסגעווישט דיא אויגען.

אין דערזעלבער צייט האט מען אָנגעקלאַפּט אין דער טהיר.

„ווער איז דאָרט?" האט טהערעזע געפרעגט.

„איך."

„ווער איז דער איך?"

„איך, זשאַנעט; מאַכט אויף גנעדיגעס פריילין, דיא גנעדיגע מארקיזין רופט אייך."

טהערעזע האט געעפענט דיא טהיר און דער מארקיזין'ס קאמערפרוי איז ערשינען.

„וואס איז נייעס, זשאַנעט?" האט זיא געפרעגט.

„דיא גנעדיגע פרוי מארקיזין לאָזט אייך מעלדען," האט זשאַנעט געענטפערט, „אז פאטער מארטין וואַרט אין זאַלאָן. מיר האבען זיך שוין אלע מתודה געווען פאר איהם. פאטער מארטין האט קיין צייט ניט, און דיא גנעדיגע פרוי מארקיזין לאָזט אייך זאָגען, אז איהר זאָלט אייך אויך געהען מתודה זיין, כדי מען זאָל קענען געהען עסען בעצייטענס מיטאג."

„גוט, גוט," האט טהערעזע געענטפערט, „איך געה באלד."

פאטער מארטין איז געווען איין אַלטער בעקאַנטער פון דער פאמיליע מארזאן. ער איז שוין געווען א מאן פון א יאָהר 70, מיט א געלבעס סקעלעטען־געזיכט און מיט זעהר שארפע אויגען, וועלכע האבען אויסגעזעהען צו פינקלען טראָטץ זיין אַלטקייט.

ער פלעגט קומען פון מאָנאט צו מאָנאט צו דער פאמיליע מארזאן אהיים צום צוועק, דאס דיא גנעדיגע אדעליגע מיטגליעדער זאָלען זיך פאר איהם מתודה זיין לויט דיא פאָרשריפטען פון דער קאטאָלישער קירכע. פאר דיעזער ארבייט, האט ער געקריעגען רענעלמעסיג זיינע 50 פראנקס.

דיא דיענערשאַפט פון דער פאמיליע מארזאן, האט דערפאר שוין אויך גע־נאָסען דעם זכות, און פאטער מארטין האט אויך זייער וידוי אויסגעהערט. מאַנכע האבען איהם געגעבען א פראנק און אנדערע גאר ניט, אָבער ער איז געווען צו־פריעדען.

פאטער מארטין האט נאך געוואַרט אויף דאס גנעדיגע פריילין. זאָגאר דער אַלטער מארקיז האט שוין אויך געהאט מתודה געווען זיינע זינד פאר איהם.

דער אַלטער איז געזעסען אין גרויסען זאַלאָן אויף א ווייכען פאָטעל און געוואַרט.

דיא טהיר האט זיך לאנגזאם געעפענט און טהערעזע איז ערשיענען.

„גוט מארגען, פאטער,‟ האט זיא געזאגט מיט א ווייכער און צערטליכער שטימע איהם רייכענדיג איהר האנד.

„גוט מארגען דיר, טאכטער, האט דער אלטער גייסטליכער געענטפערט. „און וויא געהט עס דיר מיין קינד?‟

טהערעזע איז געבליעבען שטעהען און נים געענטפערט.

פאטער מארטין האט צו איהר אויפגעהויבען זיינע שארפע אויגען און זיא גוט בעטראכט.

„דוא ביסט בעטריעבט, טאכטער?‟ האט ער געפרעגט זאנפט.

„יא, פאטער,‟ האט זיא געענטפערט און דיא טרערען האבען אנגעפאנגען צו לויפען פון איהרע אויגען.

דער גייסטליכער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און איז צוגעגאנגען צו טהערעזע׳ן. ער האט אנגעפאנגען צו גלעטען איהרע האאר מיט זיין האנד.

„זייא נים בעטריעבט, טאכטער,‟ האט ער געזאגט, „יעזוס קריסטוס האט פאר אונז שוין איינמאל געליטען אויף׳ן קרייץ, דאמיט מיר זאלען קענען האבען דאס אייבינע לעבען.‟

„איך בין אונגליקליך, פאטער,‟ האט טהערעזע געמורמעלט בליפענדיג.

„ניין, טאכטער, דוא זאלסט נים זיין אונגליקליך, ווייל דוא ביסט נאך יונג און מוזט געניעסען דיא וועלט.‟

„אבער מיינע זינד,‟ האט טהערעזע געמורמעלט קוים וואס דער גייסטליכער האט געהערט, „זיינען צו גרויס, צו גרויס..‟

פאטער מארטין האט געבליקט אויפמערקזאם אין טהערעזע׳ס געזיכט, וועלכעס האט אויסגעדריקט שמערצען און ליידען. ער האט זיא אנגענומען בייא דער האנד און זיא צוגעפיהרט צו א שטוהל.

„זעץ, טאכטער,‟ האט ער געזאגט.

זיא האט זיך געזעטצט און ער האט זיך אויך געזעטצט נעבען איהר.

„נאט האט געזאגט,‟ האט ער אנגעפאנגען, „אז ער פערלאנגט נים דעם טויט פון דעם זינדער, זאנדערן זיין תשובה. ווען דוא וועסט תשובה טהון מיט א ריינעם הארץ, מיין קינד, וועט דיר גאט מוחל זיין.‟

„אבער... אבער...‟ האט זיא געשטאמעלט, „אויף מיינע זינד איז גאר קיין כפרה נימא.‟

„שא, מיין קינד, דוא ווייסט ניט וואס דוא רעדסט,“ האט דער אלטער גע־ענטפערט טרייסטענדיג וויעדער אָנגעהמענדיג איהר האנד. „גאָט פערצייהעט אפילו דעם מערדער.“

טהערעזע האט אויפגעציטערט בייא דעם לעטצטען וואָרט. פאטער מארטין האט געשפירט א שווערער האלטענדיג איהר האנד.

ער האט זיא נאך אמאל אָנגעקוקט ערשטוינט, און געזאגט:

„הער מיך אויס, מאַכטער. דיין זעעלע איז בעטריעבט, דיין הארץ איז פער־טרויערט און דיין נשמה איז פול מיט זינד. אָבער גאָט, זיין זוהן, דער הייליגער גייסט און דיא יונגפרוי מאריא, זיינען גנעדיג, פערגעביג און מיטליידיג. צו אלעמען וואס ווענדעט זיך צו זייא מיט ריכטיגער און וואהרער חרטה. קניע ניעדער מיין מאָכטער און זייא דיך מתודה. דיינע זינד וועלען פערגעבען ווערען.“

טהערעזע האט זיך אויפגעהויבען, צוגעגאנגען צו דער טהיר און פערמאכט דעם ריעגעל. פאטער מארטין האט געשפירט זיין איינענע נייגיערינקייט שטייגען פון סעקונדע צו סעקונדע.

דאן איז זיא צוגעגאנגען צו איהם, ניעדערגעקניעט און ארויף געלייגט איהרע ביידע הענד אויף זיינע קניען און אָנגעפאנגען העפטיג צו וויינען.

דער אלטער מאן האט אויסגעזעהען געריהרט, און געהמענדיג דעם קרייץ וואס ער האט געטראָגען אויף א שנירעל ארום זיין גארטעל, האט ער איהם דער־לאנגט טהערעזע'ן.

„נעהם דיעזען קרייץ, מיין קינד, קוש איהם, דריק איהם צו דיין ברוסט, און דיין שמערץ זאָל געלינדערט ווערען. דיעזער קרייץ זאָל דיך עראינערן, אז גאָט'ס זוהן האט אויף איהם געליטען דיא ערגסטע מארטערניסע אום צו רעטען דיא וועלט, אום צו רעטען דעם מענשען פון זינד.“

טהערעזע האט זיך קוים איינגעהאלטען פון ווייטער וויינען.

זיא האט געקושט דעם קרייץ.

פאטער מארטין האט אָנגעפאנגען מיט איהר פריהער א געבעט, און ווען ער איז פערטיג געוואָרען און ביידע האבען געזאגט, „אָמן,“ האט ער זיך וויעדער צו איהר געווענדעט:

„רערצעהל, מיין טאָכטער, דערצעהל אלעס. קיין זאך זאָלסטו פאר מיר בעהאלטען. און מיט דער קראפט וואס דיא הייליגע קירכע גיבט מיר, וועל איך בעטען גאָט ער זאָל דיר מוחל זיין אויף דיינע זינד און בערוהיגען דיין גייסט. דער־צעהל טאָכטער, דערצעהל.“

טהערעזע האט זיך אומנעקוקט עטליכע מאל איבער דעם צימער אום זיך צו איבערציינגען, אז זיא איז ווירקליך אליין מיט דעם אלטען נייסטליכען, און דאן האט זיא אָנגעפאנגען:

„ביז מיט 2 מאָנאט נאכדעם וויא איך האב צוריק געקעהרט פון דעם הייליגען נאָנען־קלויסטער, בין איך געווען פרייא פון זינד, וויא איין אונשולדיגעס קינד. דאן איז מיר געקומען אין ווענ מיין מילך־ברודער, קאָלומבעל, און ער פלעגט מיך שטארק אויפרעגען, ביז איך בין געפאלען."

„אף ז'" האט דער אלטער גייסטליכער אויסגעשריען אונווילענדיג. „דער קאָלומבעל וואס מען האט געפונען דערטרונקען?"

„דערזעלבער," האט טהערעזע פאָרטגעזעטצט שוין זייענדיג בעדייטענד רוהינער. „איך האב מיט איהם געזינדיגט אין גאָרטען, אין זאלאָן און מייסטענס־טהיילס אין מיין צימער. דיא זינד האב איך בעטריעבען ביז אויף דער העכסטער שטופע פון אויסגעלאסענהייט, און קיין מענש האט דאריעבער עפעס ענטדעקט. מיט דרייא אבענדע בעפאָר, האב איך מיט איהם געזינדיגט און נאכדעם האט ער מיך שטארק אויפגערייצט, און איך האב איהם ערמאָרדעט."

דער אלטער נייסטליכער האט געציטערט אין זיין גאנצען קערפער.

„געגענאיבער אונז," האט טהערעזע ווייטער דערצעהלט, „האט געוואוינט א יונגערמאן מיט דעם נאמען יוליאן."

„דערזעלבער וואס מען האט געפונען דערטרונקען מיט קאָלומבעל'ן?" האט פאטער מארטין אונגעדולדיג געפרעגט.

„יא, יא, דערזעלבער. ער האט מיך געליעבט, אָבער איך וואָלט איהם אין מיין לעבען ניט געוואָלט זעהען געבען מיר, נאָר דיא נויט האט מיך צו אלעמען געצוואונגען. איך האב איהם אריין גערופען אין מיין צימער, און איהם ערקלערט אין וואס פאר א צושטאנד איך געפין זיך. דאס הייסט, אז מיין געליעבטער ליענט טויט, ערמאָרדעט דורך מיין האנד, און זיין קערפער מוז אוועק געשאפט ווערען. דאפיר האב איך איהם אָנגעבאָטען מיין קערפער. איך האב מיט איהם אויך געזינדיגט. דאן האט ער דעם קערפער אוועק גענומען, און, לויט וויא איך הער יעטצט, איז ער געפונען געוואָרען טויט גלייך מיט קאָלומבעל'ן. אין זיין טויט, האב איך קיין שולד. דאס איז מיין אונגעוועהנליכעס פערברעכען, און אויב עס איז דאָ א כפרה אויף מיינע זינד, בעט איך אייך, הייליגער פאטער, איהר זאָלט זיין דער פערמיטלער צווישען מיר און גאָט, און מיך רעטען."

ודיא טהערעזע איז פערטיג געווארען מיט איהר וידוי, האט זיא זיך אויפגע־הויבען און איז געבליעבען שטעהן אויף איינע אויגענבליקען קוקענדיג צום אלטען גייסטליכען.

פאטער מארטין איז אבער געזעסען וויא צוגענעגעלט צו זיין פלאטץ און ניט געקענט רעדען. ער האט אפילו ניט געקענט זיך אומקוקען צו טהערעזע'ן.

„פאטער!" האט טהערעזע אויסגעשריען.

דער אלטער גייסטליכער האט ערוואכט און זיך אומגעקוקט.

„קען איך האבען א כפרה אויף מיינע זינד?"

„נאט איז גערעכט און בארמהערציג," האט ער געמורמעלט.

„אבער קען איך האבען א כפרה אויף מיינע זינד?" האט זיא נאך אמאל געפרעגט און איהרע אויגען האבען אויפגעגלאנצט.

„נאט איז בארמהערציג," האט ער ווידער געענטפערט און זיך אויפגע־הויבען.

זיא איז צוגעגאנגען נעהנטער צו איהם און געווארט ער זאל ארויף לעגען זיינע הענד אויף איהר קאפ און זיא בענשען. דער אלטער האט זיא דערזעהען און געציטערט.

„נאט וועט דיר מוחל זיין," האט ער געמורמעלט, „נאט וועט דיך ניט שטראפען ווען דוא האסט אויפריכטיג חרטה אויף דיינע זינד."

„און איהר," האט זיא פלוצלינג געפרעגט אביסעל שטרענג, „פערצייהעט איהר מיר אויף דעם וואס איך האב אייך דערצעהלט."

„איך בין נאר א מענש, מיין קינד; א זינדינער מענש," האט דער אלטער גייסטליכער געענטפערט ציטערענדיג, „אויך איך בין פול מיט זינד, און עס איז ניט מיין ארבייט צו אורטהיילען איבער אנדערע. איך האב אויסגעהערט דיין וידוי, ווייל מען וועט פארדערן פון מיר. דאס געהיימניס וועט מיט מיר שטארבען, אבער... ניין, ניין, מיין קינד, נאט איז גוט, נאט איז בארמהערציג, ער וועט דיר פערצייהען, וויא ער פערצייהעט אלע מערדער און פערברעכער..."

„און איהר וועט איהם פאר מיר בעטען?" האט טהערעזע געפרעגט אביסעל ווייכער.

דער אלטער האט ווידער געשוויגען א קורצע צייט. דאן האט ער אויפ־געהויבען זיינע הענד איבער טהערעזע'ס קאפ, אהנע צו בעריהרען אפילו איהרע האאר, אונד געזאגט:

„מיט דיין בלוט, יעזוס קריסטוס, מיט דיינע ליידען אויף'ן קרייץ, האסטו מכפר געווען אויף דיא זינד פון דיא זינדיגע מענשען. פאר דיר שטעהט יעצט א גרויסע זינדערין; זיא בערייהעט, זיא בעט דיין פערצייהונג. זיא זוכט דיין גנאדע, און פערשפרעכט אין איהר הארצען דיך צו דיענען, צו בעפאָלגען דיינע געבאָטע, און מעהר ניט זינדיגען. פערצייהע איהר, ליידענדער פיר דיא זינד דער מענשהייט, פערצייהע איהר, פערצייהע איהר! אָמן!"

„אָמן!" האט טהערעזע געענטפערט שטיל און ערנסט.

פאטער מארטין האט זיך אומגעווענדעט און איז צוגעגאנגען צו דער טהיר. ער האט אויפגעמאכט דעם ריעגעל, און אָהנע צו רעדען א וואָרט, איז ער ארויס אין קאָרידאָר און איז דאָן פערשוואונדען געוואָרען.

טהערעזע איז געשטאנען איינינע מינוטען אין מיטען צימער פערטיעפט אין פינסטערע געדאנקען. אָבער פלוצלינג האט איהר געזיכט אָנגעפאנגען אויפצולעבען און א גליקליכע מיענע האט זיך בעוויעזען אין א צופריעדענעם שמייכעל אויף איהרע ליפען.

„איך בין געראטעט, מיין נשמה איז געראטעט!" האט זיא אויסגעשריען האלב הויך.

זיא האט זיך צורעכט געמאכט דאס קלייד, וועלכעס איז אביסעל צוקניידשט געוואָרען פון דעם קניען, און איז דאן ארויס פון דעם זאלאָן.

צוזאמען מיט איהר פאטער און מוטער איז זיא נאכהער געזעסען ביים טיש און געגעסען מיטאג מיט זעהר א גוטען אפעטיט. זיא האט אויך אנטהייל גענומען אין געשפרעך איבער דעם טויט פון קאָלומבעל'ן, און גאנץ גלייכגילטיג אויסגעפרעגט איהר פאטער וויא אזוי דאס אלעס האט פאסירט.

„פרעג ניט, טהערעזע," האט איהר מוטער זיך אריין געמישט, „עס איז ניט דיין אינטערעסע. א יונגעס מעדכען וויא דוא, פון דיין אנשטאנד און פון דיין הייליגער ערציהונג, דארף ניט וויסען איבער אזעלכע זינדער."

טהערעזע האט געשוויעגען.

---

מיט צווייא מאָנאט שפעטער, האט זיך דער גאנצער אדעל פון דער אומגעגענד, פערזאמעלט אין דעם פאלאסט פון דער פאמיליע מארזאן.

יעדער איז געקומען אויף דער איינלאדונג פון דעם מארקיז. בייצרוואָהנען דיא האָכצייט פון זיין שעהנער און פרומער טאָכטער טהערעזע, מיט דער

אויסגעזהמע פון דעם אלטען גייסטליכען, פאטער מארטין. ער האט געשיקט אָנ־זאגען, אז ער איז קראנק און קען ניט קומען.

„שאדע וואס ער איז ניטאָ," האט דער מארקיז בעמערקט צו זיין פרוי. „ער איז אונזערער איין אלטער פריינד."

„עס שיינט," האט דיא מארקיזין בעמערקט, „אז ער איז עפעס ברוגז אויף אונזער הויז, דען ער איז שוין דעם צווייטען מאָנאט ניט געוועזן אויסצוהערען אונזער וידוי, און דערפאר האב איך בעשטעלט דעם פאטער לעפעווער ער זאָל אונז רעד־נעלמעסיג בעזוכען צו דיעזען צוועק."

מען האט שוין מעהר דאריבער ניט געשפראָכען.

ווען טהערעזע איז ערשיענען אין איהר ווייסעם חופה־קלייד אום זיך צו פער־הייראטהען מיט דעם יונגען באראָן פאָן לאָנגשאמפ, זיינען אלע אויגען פון דיא געסט געווען געריכטעט צו איהר.

זיא האט אויסגעזעהען אזוי שעהן, אזוי צארט און אזוי אונשולדיג, וויא א װאהרער ענגעל.

אויף איהר הערליכעס געזיכט האט גערוהט צופריעדענהייט און שטילעס גליק, און פון צווישען איהרע לאנגע ברעמען, האט ארויס געגלאנצט ליעבליכקייט און הייליגקייט.

ווענינגסטענס האבען דיא געסט דאס אלעס געזעהען און איהר חתן איז געוועזן בעגייסטערט פון איהר.

נאך דער האָכצייט איז טהערעזע געבליעבען וואָהנען מיט איהר מאַן אין איהר פאטער'ס פאַלאַסט. זיא איז געוועזן א גוטע, רוהיגע און פרומע פרוי.

**ע נ ד ע.**



# די דאָרפס-מיידעל.

---

## ערשטעס קאַפּיטעל.

א בעריהמטער איטאַליענישער מאלער האט אמאל געמאלען דאס בילד פון א וואונדערבארער שעהנער פרוי. דאס בילד איז געווען בלויז א קאָפּיע פון א פאָטאָגראַפּיע, נאָר ווען עס איז פערטיג געוואָרען, איז עס ארויס א מייסטער־שטיק.

עס זיינען פאָראיבער איינינע יאָהר, און דער מאלער האט זיך צוזאַמען גע־טראָפען מיט זיינעם א פריינד, וועלכער האט איהם געגעבען די פאָטאָ־גראַפיע.

„הער אויס," האט דער מאלער געזאגט, „וויפיעל בעוואונדערונג דאס בילד האט ארויס גערופען ביי אנדערע, האט עס ביי מיר נאך מעהר בעוואונדערונג ערוועקט. ניעמאנד, מיין איך, קען זיין אזא גוטער מבין אויף דיעזען בילד, וויא איך זעלבסט, וועלכער האט געארבייט איבער יעדען הערליכען שטריך. די וואהר־הייט איז, אז איך זעלבסט בין פערליעבט אין דיעזער מערקווירדיגע שעהנ־הייט."

„ווירקליך?" האט זיין פריינד געפרעגט.

„יא, יא," האט דער מאלער געענטפערט, „איך בין בוכשטעבליך אין איהר פערליעבט. ווער איז זיא?"

„א געוועהנליכעס דאָרפס־מעדכען."

„אזוי?" א דאָרפס־מעדכען? אָבער זיא איז אויך נאָמ'ס א מייסטער־שטיק: איך וואָלט אירגענד עפּעס געגעבען אום זיא וועניגסטענס צו זעהען."

„דאס איז ניט שווער."

„אך, פריינד! טהו מיר די טובה און צייג זיא מיר."

די ביידע מענער זיינען דאן אוועק אין א הינטער־גאס פון פּאריז און דער

מאלער איז געבליעבען שטעהען אין דער געגענוואַרט פון איין אַלטע, געקאַרטשעטע און העסליכע פרוי.

„דאס איז זיא!" האט זיין פריינד געזאגט.

אוועק געהענדיג, האט דער מאלער געמורמעלט:

„וויא שעהן און העסליך דיא נאַטור קען שאפען. דיעזע פרוי האט אמאל געקענט קאָנקורירען מיט העבע, דיא געטטין דער ליעבע, און מיט ווענוס, דיא געטטין פון שעהנהייט; יעטצט איז זיא ניט מעהר וויא איין אַלטע און מיאוס'ע מכשפה."

„ווען זיא האט בעזעסען אַלע מעלות," האט דעם מאלער'ס פריינד בעמערקט, „האט זיא קיין שכל ניט געהאט וויא אויסצונוצען מיט זייא; יעטצט, ווען זיא האט שוין שכל, פעהלען איהר דיא מעלות. און עס איז אויך מערקווירדיג דאס ניט אימער ווען א שעהנע פרוי ליעבט, ווערט זיא אויך געליעבט."

---

יעדעס יאָהר, ווען דאס אויבסט איז פערטיג געוואָרען, פלעגט ערשיינען א הערדליך שעהנעס, ברונעטעס מעדכען אין הויז פון דעם גוטס־בעזיטצער, מאָנסיע ראָסטאַנד אין א., און אין דעם קאָרב וואס זיא האט געטראָגען אונטער דער אָרעם, איז געלעגען איין אויסוואהל פון פערשיעדענע שעהנע פרוכטען, וויא אַפּריקאָזען, פערעשקעס און אַנדערע פרות. דיעזעס מעדכען האט געבראַכט דיא פרוכטען פון מאָנסיע ראָסטאַנד'ס גאָרטען, אום צו ווייזען דיא רייכע פראָדוקטען.

דער נאָמען פון מעדכען איז געוועזען נאַיז, דיא טאָכטער פון ניקאָלין, אָדער נאַיז ניקאָלין, דיא טאָכטער פון מאָנסיע ראָסטאַנד'ס אויפזעהער.

וויא געוועהנליך, האט נאַיז קיינמאל ניט געוואַנט ווייטער צו געהען וויא אין דעם גרויסען קאָרידאָר, ווייל זיא איז נאָך אַלעמען, טראָטץ איהר שעהנהייט, ניט מעהר געוועזען וויא דיא טאָכטער פון א גאַנץ פּראָסטען ארבייטער. און, נאַטירליך, דיא פאַמיליע ראָסטאַנד, האט זיך געצעהלט צו דער אַריסטאָקראַטיע, פאר וועלכע מען קען ניט אַזוי ערשיינען מיר־ניט־דיר־ניט.

נאַיז איז געבליעבען שטעהן אין דעם ברייטען קאָרידאָר, און דער הויז־דיענער האט אָנגעמעלדעט, אַז זיא איז דאָ. באַלד נאָכדעם איז יעדער פון דער פאַמיליע ארויס געלאָפען זעהן דיא שעהנע פרוכטען פון דעם איינגענעם גאָרטען.

„אָך, דוא ביסט עס, נאַיז!" האט אויסגעשריען דער גוטס־בעזיטצער. „עס איז זעהר שעהן פון דיר, וואס דוא האסט אונז געבראַכט צו ווייזען דיא שעהנע

פרוכטען. בייא מיין וואָרט, דוא ביסט א בראַוועס מעדכען. און וואס מאַכט עפּעס דיין פאטער ניקאָלין ?"

„עס גערט איהם זעהר גוט," האט נאַיז געענטפערט, צייגענדיג דערבייא איהרע מילך־ווייסע צייהן פון צווישען איהרע קאַרשען־רויטע ליפּען.

מאדאם ראָסטאַנד איז געוועזען זעהר צופריעדען, און זיא האט אריין גענומען נאַיז'ן אין קיך, וואו זיא האט איהר געהייסען געבען עפּעס עסען פון דיא אריסטאָקראַטישע שפּייזען. ווירקליך, מאדאם ראָסטאַנד איז גאר ניט געוועזען קיין שלעכטע פרוי, טראָטץ איהר אריסטאָקראַטישער אבשטאמונג, און זיא האט גאַנץ גוט געוואוסט, אז אָבוואָהל נאַיז איז ניט מעהר וויא א דאָרפס־מיידעל, מעג זיא דאָך, איינמאל אין איהר לעבען, געניעסען א גוטען ביסען. דאַן איז עס גלאַט אויך א שטיקעל פערגניגען צו ווייזען דיא ארמע לייט, אז דיא רייכע דאַמען און הערען געניעסען נאָר גוטע זאכען. פערשטעהט איהר, דאס אליין, רופט אויף ארויס אביסעל מעהר רעספּעקט, און דער בויער אָדער זיין פרוי און קינדער, וואס האבען איינמאל געהאט דאס גליק ארונטער צו שלינגען א גוטען ביסען, דערצעהלען נאכהער דאַריבער אין דער גאנצער געגענד.

אונטערדעסען האט מאדאם ראָסטאַנד זיך אוועק געזעטצט נעבען נאַיז'ן און זיא אויסגעפרעגט איבער דיא מאנדעל־ביימער, אָליוועז און ווינשטאָקען. דיא הויפּטזאַך איז געוועזען צו וויסען, אויב עס האט גערעגענט געגוג אין עסטאַק.

עסטאַק ליעגט אַקוראט בייא דער ים־קיסטע, און אין א ווינקעל פון דיעזער געגענד געפינט זיך לאַ־בלאַנקאַרד, דאס גוט פון דער פאמיליע ראָסטאַנד, וואס איז פערוואַלטעט געוואָרען פון נאַיז'עס פאטער ניקאָלין. עס איז בעקאנט, אז דאָרט רעגענט ניט זעהר אָפט, טראָטץ דעם וואס עס איז אזוי נאהענט צום ים.

דאס גוט פון דיא ראָסטאַנד'ס איז בעשטאַנען פון א פּאאר הונדערט מאַנדעל־ביימער און אָליוועז־ביימער, אויסער פיעלע אנדערע ביימער פון פערשיעדענע פרוכטען.

„עס האט גערעגענט," האט נאַיז ערקלערט, ארונטער שלינגענדיג דעם ערשטען גוטען ביסען, „אָבער ניט גענוג. דיא ווינטרויבען איבערהויפּט, בענעטהיגען נאך א סך רעגען."

מאדאם ראָסטאַנד האט זיך געשטעלט מעהרערע פראַגען, און נאַיז, עסענדיג, האט איהר אלעס בעענטפערט. ווען זיא איז פערטיג געוואָרען, איז זיא צוריק גע־פאָהרען נאך עסטאַק מיט דעם פלייש־הענדלער, וואס איז געפאָארען איינמאל אין 14 טעג היין און צוריק.

דער נוטער ביסען, וויא מיר האבען פריהער געזאגט, איז געווען נאָר איינמאל אין יאָהר, דאס הייסט דאמאלס, ווען נאַיז האט געבראכט דיא שעהנע פרוכטען. אָבער זיא איז זאָגסט מעהרערע מאל נעקומען צו דער פאמיליע ראָסטאנד, מיט־ברעננענדיג גרויסע ים־ראקעס אָדער זעהר א שעהנעם פיש וואס איהר פאטער האט געכאפט.

אין דער וואקאנץ־צייט, ווען נאַיז איז געקומען, האט איהר פערנאנד, מאָנסיע ראָסטאנד'ס זוהן, מיטגעטהיילט מיט קינדיישעם פערגניגען, אז ער קומט באלד ארויס נאך לא בלאנקארד מיט זיין פאטער און מוטער, און זיא זאָל פאר איהם פאָרבערייטען דיא נעטצען, דאמיט ער זאָל קענען געהען כאפען פיש.

יא, נאַיז פלעגט קומען נאך א. צו דער פאמיליע ראָסטאנד, זייט זיא איז געווען א גאנץ קליין מיידעלע, און פערנאנד איז צו יענער צייט געווען א קליין אינגעל. אלס קינדער האבען זייא זיך גערופען „דוא“, נאָר וויא נאַיז איז אלט געוואָרען א יאָהר צוועלף, האט זיא אָנגעפאנגען צו פערשטעהן, אז ווייטער קען עס שוין אזוי ניט געהן, און זיא האט איהם גערופען מאָנסיע ראָסטאנד“, און אין איהר שטימע איז געלעגען א טאָן פון רעספעקט.

דיא וואהרהייט איז אָבער אויך, אז נאַיז וואָלט אזוי פריה צום „שכל“ ניט געקומען, נאָר אין דעם איז שולדיג געווען ניקאָלין, וועלכער, הערענדיג וויא זיין מאָכטער רופט פערנאנד'ן „דוא“, האט ער זיא דערפאר געשלאָגען.

טראָטץ דעם אלעמען, איז פערנאנד און נאַיז אימער געבליעבען קינדער, און זייא האבען זיך געליעבט וויא שול־קאמעראדען.

ווען פערנאנד איז שוין געוואָרען א גימנאזיסט, האט ער איהר נאך אימער געזאגט:

„הער אויס, נאַיז, איך קום ארויס נעכסטע וואָך. נעהם און בערייטע מיר פאָר דיא פיש־נעטצען, און ווען זייא זיינען צעריסען, דאן זאָלסטו זייא פער־ריכטען.“

„זאָרגט זיך ניט, מאָנסיע פערנאנד,“ האט נאַיז געענטפערט, „אלעס וועט זיין אין דער בעסטער אָרדנונג ווען איהר וועט קומען.“

פערנאנד האט קיינע בעמערקונג געמאכט, ווען נאַיז האט צו איהם געזאגט vouz (איהר) אנשטאט tu (דוא) וויא זייא זיינען געוואָהנט געוואָרען. איבריגענס, וויא קומט זיא צו איהם? עס איז בייא איהם געווען זעלבסטפערשטענדליך, אז אזוי דארף עס זיין.

סאָנסיע ראָסמאַנד איז געווען זעהר א רייכער מאַן. ער האט בעוואָהנט א גרויסארטיגען פאלאסט מיט פיעלע ברייטע און געראַומיגע צימערן, וואו ער, זיין פרוי, זיין איינציגער זוהן און דיא צווייא אַלטע דיענער, האבען זיך קוים אנגעזעהען. דיא פאמיליע האט געלעבט זעהר צוריק געצויגען. סאָנסיע ראָסמאַנד האט געהאט פיעלע געשעפטען צו בעזאָרגען, און זיין פרוי, אָבוואָהל זעהר א שעהנע, איז געווען צו רעליגיעז אום זיא זאָל וועלטליכע אנטהייל נעהמען אין דער שטירמישע אָבער זינדיגע וועלט. דערצו איז מאַדאם ראָסמאַנד געווען זעהר א שטרענגע דאַמע, און האט ליעב געהאט אַלעס ארום איהר זאָל זיין דיסציפּלינירט וויא א סאָלדאט; ער־פיללען אַלע געטהיגע פליכטען צו דער צייט און ניט אין זינען האבען קיין זייטיגע זאַכען.

צווישען אזא בעשעפטיגטען פאטער און אזא שטרענגע מוטער, איז פערנאַנד אויפגעצויגען געוואָרען. וועהרענד זיין שול־צייט, איז ער געווען זעהר א פוילער און געהאט אזא אָבשטויסענדען געשמאַק צום לערנען, אז ער פלעגט אָבזיצען שטונדען־לאַנג אין גרויסען זאלאָן געבען דיא ביכער, אָבער ער האט קיין וואָרט שטודירט אָדער געלעזען. ער האט געמוזט זיצען איבער דיא ביכער, ווייל זיין מוטער האט אזוי געהייסען, זאָנסט האט זיא בעשטראַפט, און ער האט מורא געהאט פאר איהר. זיינע געדאַנקען זיינען אָבער געווען אויף גאַנץ אנדערע פלעטצער.

עס האט אונטערדעסען ניט פיעל געדויערט, און זיין מוטער האט אויסגע־פונען, אז ער איז א גרויסער פוילער צום לערנען. זיא האט איהם דערפאר באַלד אריין געגעבען אין א פּענסיאָן, וואו ער האט אויך געגעסען און געשלאָפען.

אָבער דאס האט נאָך ערגער געמאַכט, דען ער האט געלערענט נאָך ווייניגער וויא פריהער, ווייל אין פּענסיאָן איז שוין דיא מוטער ניט געווען אום אויף איהם אַכטונג צו געבען.

אין א קורצע צייט ארום, האט מאַדאם ראָסמאַנד בעמערקט, אז איהר בן־יחיד האט זיך אויסגעלערענט אין פּענסיאָן זעהר מיאוסע בענעהמונגען, און זיא האט איהם דערפאר ווידער אהיים גענומען.

נאַכדעם האט זיא איהם שוין ניט אָבגעלאָזען פון דיא אויגען, און זייענדיג זעלבסט א געבילדעטע דאַמע, האט זיא אויפגעפּאַסט ער זאָל קענען דיא אויפגע־געבענע לעקציאָנען. זיא איז איבער איהם געשטאַנען שטונדען־לאַנג און אויפגעפּאַסט ער זאָל זיך איינשמידירען דיא שול־אויפגאַבען. דערפאר איז פערנאַנד בלויז צוויא מאָל דורכגעפאַלען ביים לעטצטען עקזאַמען פון גימנאַזיום, און צום דריטען

מאל, איז איהם ענדליך געלונגען צו נעהמען דעם מיטעל באקאלאָרעאט מיט א גאנץ קליינעם פראָצענט.

אין א. געפינט זיך א בעריהמטע פאקולטעט צו שטודירען אדוואָקאטור, און פערנאנד איז דאָרט איינגעשריעבען געוואָרען. מאָנסיע ראָסטאנד האט געוואָלט זיין זוהן זאָל זיין ארוואָקאט, ניט דערפאר ווייל ער האט בענעטהינט דיעזע פראָ־פעסיאָן אום געלד צו מאכען, זאָנדערן, ווייל עס פאסט דאָך שעהנער צו זיין עפעס א מענש מיט א מיטעל, ווען מען האט בלויז א גרויסעס פערמעגען און מען איז דערבייא ניט קיין גראף אָדער באראָן, וויא דיא מאָדע איז אמאל געוועזן אין פראנקרייך.

אָבער שטודירענדיג אדוואָקאטור, האט מאדאם ראָסטאנד, צו איהר גרעסטעס בעדויערן, געמוזט געבען איהר זוהן מעהר פרייהייטען וויא אמאל. ער האט שוין גע־קענט געהן שפאצירען ווען ער האט געוואָלט, און נאָך צום עסען איז ער געוועזן בע־שטימט צו הויז. אָבער אבענד, האט ער געמוזט א היים קומען פונקט אום 9 אוהר, ניט שפעטער, מיט דער אויסנאהמע פון אזעלכע אבענדע, ווען ער איז געגאנגען אין טהעאטער.

מאדאם ראָסטאנד האט ניט נאָר איינמאל נאכגעדענקט דאריעבער, וואָרום מיידלעך מוזען שטעהען אונטער דער בעאָבאכטונג פון דיא עלטערן ביז צו דער חתונה, און אינגלעך ניט. נאך איהר אנזיכט, האט א יונגער מאן בעדארפט זיין גראדע אזוי אונשולדיג צו דער חתונה, וויא דער פאל איז מיט א מיידעל. און אום דאס זאָל אזוי זיין, האט דער יונגער מאן ניט בעדארפט אליין געהען שפאציערען אָהן דיא עלטערן אָדער אָהן דיא עלטערן'ס וויסען.

אָבער נעה מאך איבער דיא וועלט !

פערנאנד האט אונטערדעסען געשלאָסען א ווארעמע בעקאנטשאפט מיט אנדערע סטודענטען, און עס האט זיך אָנגעפאנגען פאר איהם א לעבען פון לומפע־רייא און אויסגעלאסענהייט.

דיא סטודענטען זיינען שוין געוואָהנט צו בעהויפטען, אז בלויז פון שטודירען און שטודירען אליין, קען מען גלאט ווערען צו דום, און דעריפאר געפינען זייא עס פאר נעטהיג, צו פערברענגען היבשע עטליכע שטונדען אין טאג, אין פערשיעדענע קאפע־הייזער און אויסגעלאסענע פלעצער.

יא, אנפאנגס האט פערנאנד געמוזט אהיים קומען ניט שפעטער וויא 9 אוהר אבענדס, ווען ער איז ניט געגאנגען אין טהעאטער, אָבער שפעטער האט ער שוי געפונען געלעגענהייטען אויסצובלייבען גאנצע נעכט. מאדאם ראָסטאנד אי

געוועזן זעהר געערגערט און אונצופריעדען דערפון, אבער זיא איז מיט דער צייט געוואָהנט געוואָרען.

„איבעריגענס," האט זיא זיך געטראַכט, וויא אונצעהליגע אנדערע מוטערס טראַכטען, „ער איז דאָך א איינגעל ! וואס קען ער אוועק טראגען און וואס קען ער אהיים ברענגען ? זאָל ער געהען !"

פערנאַנד האט אָנגעפאַנגען איינצוטהיילען דיא נעכט. ער איז געוואָרען א ליידענשאַפטליכער קאַרטען־שפּיעלער, און דיא ערשטע העלפט נאַכט האט ער פערבראַכט אין קאַרטען־שפּיעלען, און דיא אנדערע העלפט אין אויסגעלאַסענע הייזער.

ער האט אויסגעזעהן, גראַדע וויא ער וואָלט זיין עפּעס א ווילדע חיה וואס מען האט געהאַלטען יאָהרען־לאַנג אָבגעשפּאַרט אין א שטיינ, און ווען זיא איז בעפרייעט געוואָרען, האט זיא אָנגעהויבען איבערצוקעהרען דעם גאַנצען וואַלד.

אין א. געפינען זיך אפילו ניט זעהר פיעלע אויסגעלאַסענע פרויענצימער, אבער א יונגער און שעהנער סטודענט, דער זוהן פון רייכע עלטערן, קען שוין זיין ציעל ערגרייכען זאָגאַר אין א קלענערן פּלאַטץ. אויף דיעזער אַרט, האט פערנאַנד צוגע־בראַכט מיט זיינע סטודענטען יאָהרען לאַנג גאַנץ אַנגענעהם.

אין דערזעלבער צייט האט פערנאַנד פערשטאַנען, אז עס איז נעטהיג ער זאָל זיך ציינען אלס א פּאָלנזאַמער זוהן, געהאָרזאַם צו דיא עלטערן. אנפאַנגס, דאס הייסט, ווען ער איז נאָך געוועזן קליין, האבען זיינע עלטערן איהם געצוואונגען דורך רייד און דורך שמיטץ, צו זיין גוט און פרום. נאַטירליך, ווירקען בייזע רייד און שווערע קלעפּ זעהר ווענינ צו גוטסקייט און פרומקייט; דאפיר אבער ווירקען דיעזע מיטלען, א מענש זאָל זיך פערשטעלען און ערשיינען אלס גוט און פרום. יא, פריהער האט מען פערנאַנד'ן דערצו געצוואונגען, און שפּעטער האט ער זיך דערצו געוואָהנט.

זיין מוטער איז אויף דיעזער אַרט מיט איהם זעהר צופריעדען געוועזן. פער־נאַנד האט זיך זאָגאַר מיה גענומען צו שפּיעלען זיין ראָלע: ער האט געפיהרט זיין מוטער אין קירכע, אליין פערגלאָצט דיא אויגען און שטאַרק געזיפצט בייא דיא געבעטע, און דאַן האט ער פאר זיין מוטער פאָרגעפלוידערט דיא ווילדעסטע שקרים מיט אזא אונשולדינער מיענע, אז זיא האט איהם אלעס געגלויבט.

מיט דער צייט האט ער זיך אזוי איינגעאיבט אין זיינע ליגענס, אז ער האט אימער געפונען א תירוץ אויף אירגענד וועלכער פראַגע, וואס ער האט געוואָלט פערענטפערן מיט א ליגען.

דאס אלעס האט ער געפונען פאר שטארק געמהיג, אום זיינע קעשענעס זאָלען אימער זיין בעזאָרגט מיט געלד צום שפּיעלען און פיר דיא עפּענטליכע הייזער. מאנכע מאל אָבער, האט ער זיך אויך געפונען אין א גרויסער פערלעגענהייט, דען וויפיעל געלד ער האט אריין געקריעגען, האט ער דאס פערשפּיעלט אָדער פער־לומפּט. ער האט געקענט נעהמען געלד ביים פאטער בעזונדער, און זאגען, אז ער דארף אויף פערשיעדענע זאכען; בייא דער מוטער אונטער איין אנדערן אויסרייד; בייא פריינדע גלאַט באָרגען, און אויך ארויס גנב'ענען אביסעל פון זיין פאטער'ס שרייב־טיש — אָבער ווען עס גליקט דאָך ניט בייא דעם פינסטערן קארטען־שפּיעל און א שעהן מיידעל האט זיך איינגעשפּארט, אז זיא וויל א קאָסטבארע מתנה, קען זיך אפילו א ברונען אויסשעפּען.

אין זאָלכע צייטען, ווען אלע קוועלען האבען זיך אויסגעלאָזט און ער האט שוין אפילו קיין ליגענס ניט געקענט אויסטראכטען, איז פערנאַנד געווען פער־צווייפעלט. אונטערדעסען האט ער איינגעזעהן, אז מען דארף זיך ניט פערראטהען פאר דיא עלטערן, און ווען זיין מוטער האט איהם אמאל געפרעגט ווארום ער זעהט אויס אזוי שלעכט (פון קלערען וואו מען נעהמט געלד און ניט שלאָפען,) האט ער וויא געוועהנליך געענטפערט, אז דער שטודיום שטרענגט איהם אָן זעהר פיעל.

נאָר דיא קאפּריזען פון דעם שפּיעל־טייפעל, זיינען ניט אימער גלייך; אמאל פּאסירט עס וואס ער צייגט זיך גוט און מילד און בעלוינט אביסעל זיינע פערעהרער מיט א פרעהליכער מינוט. אזוי האט עס זיך אויך געמאכט, וואס אין איין אבענד, האט פערנאנד געשפּיעלט זעהר גליקליך און געוואונען היבשע עטליכע הונדערט פראנק. דאַן האט ער ערקלערט, אז ער וויל פאָהרען אביסעל נאָך פּאריז אויף א שפּאציר.

זיינע עלטערן האבען זעלבסטפערשטענדליך ניט בעדארפט וויסען, אז ער האט געלד.

„איך בענעטהיג בלויז א קלייניגקייט," האט ער געזאגט צו זיין מוטער מיט א גנבה'שער מיענע, „אונגעפעהר 80 פראנק, וועט מיר גענוג זיין אויף דיא רייזע הין־און־צוריק און אויף האָטעל־הוצאות. מעהר דארף איך ניט."

ער האט געקריעגען דאס געלד פון דעם פאטער, נאכדעם וויא דיא מוטער האט געזאָגט:

„זאָל דאס קינד פאָהרען און האבען אביסעל פערגניגען פון דיא פּאריזער מוזעאומס און ביבליאָטהעקען."

פערנאנד האט צו זיך אליין געלאכט, וויא אזוי ער האט זיינע עלטערן אָב־גענארט, און ער איז אוועק געפאָהרען נאך פאריז, וואו ער האט געלומפט גאנצע 8 טעג און פערבראכט דאס גאנצע געלד וואס דער גליקליכער אבענד אין קארטען, האט איהם בעשערט.

אין אלגעמיין, איז פערנאנד געוועזן א גאנץ שעהנער יונגער מאָן, גרויס און גוט געבויעט מיט שטארק שווארצע וואָנצעס. זיין אויסגעלאסענהייט און ניט שלאָפען, האט געבילדעט אויף זיין געזיכט איין אנגענעהמע בלאסקייט, וואס איז זעהר בעליעבט בייא פרויען. איברינגענס, האט ער אויך בעזעסען געקינסטעלטע בענעהמונגען אין דער געגענווארט פון דאמען, וואס האט איהם, אין א געוויסער בעציהונג, געקענט פאָרשטעלען פאר א גאלאנטען יונגען מענשען, וואס וויס וויא צו זיין ליעבענסווירדיג.

דיעזע מענשען וואס האבען איהם געקענט גאנץ גוט, און געוואוסט וואס פאר א סחורה ער איז, האבען אימער געשמייכעלט צו זיך אליין, ווען נארישע פרויען האבען איהם געריהמט אלס א מוסטער פון אנשטאנד; אָבער אין דער־זעלבער צייט, האבען זייא איהם געמוזט רעספעקטירען פאר זיין טאקט צו בע־האלטען דיא דונקלע זייט פון זיין לעבען, און ניט, וויא אנדערע סטודענטען, זיך בעריהמען אין זייערע וואויל־יונגשאַפטען.

איינמאל האט עס פאסירט, וואס פערנאנד האט געקריגען א קראנקהייט, וועלכע איז דער רעזולטאט פון אומגעהען מיט אויסגעלאסענע פרויענצימער. עס האט געדויערט איינינע וואָכען און קיינער פון זיינע בעקאנטע האט דערפון געוואוסט. ענדליך האט ער זיך פאר איינעם פערטרויעט, און אין א פערצווייפעלטען טאָן, האט ער געפרעגט:

„וואס טהוט מען?"

יענער האט געלאכט.

„דומער מענש וואס דוא ביסט!" האט זיך זיין פריינד אָנגערופען, „וואס ביסטו אזוי פערצווייפעלט? עס איז דאך א שטאָלץ צו ליידען! ווער עס ליידעט ניט דערפון, דער וויס גאר ניט דעם טעם פון וואהרער יוגענד. ווען איך האב דאס געהאט, האט יעדער געוואוסט. זאָגאר מיין איינענער פאטער האט דערפון ער־פאהרען און ער האט מיך געלערענט וואס איך זאָל טהון."

פערנאנד האט זיך ניט געקענט לאָזען איבערערעדען, אז מען דארף דארויף שטאָלץ זיין, און נאכדעם וויא זיין פריינד האט איהם אָנגעציינט א דאָקטאָר, האט ער איהם געבעטען ער זאָל פאר קיינעם ניט דערצעהלען.

פערנאנד איז אלט געווארען 21 יאָהר. ער האט באלד בעדארפט דורכמאכען זיין לעטצטען עקזאמען. זיין פאטער האט געזאגט, אז ער וועט איהם ניט געהען בעד־ זאָרגען מיט א פאָסטען, וויא דער מנהג איז, צום פראקטיצירען, זאָנדערן, ער האט געוואָלט, דאס ער זאָל פאָרלויפיג זיך בעטהייליגען אין זיינע אייגענע גע־ שעפטען.

דער יונגער מאן האט ניט געהאט דאגעגען; פערנאנד האט איבערהויפט ניט געוואָלט אויפטרעטען געגען זיינע עלטערן, אפילו ווען עס איז איהם עפּעס געווען אונאנגענעהם, נאָר צו זיך האט ער געשמייכעלט און געטראכט:

„וואס קימערט מיך וואס עס וועט זיין; יעדענפאלס וועל איך קענען פאָרט־ זעטצען מיינע לומפערייען.“

איברינגענס, האט ער גאנץ גוט געוואוסט, אז זיין פאטער איז זעהר רייך, אז ער איז דער איינציגער זוהן און יורש, און צו וואס זאָל ער זיך זאָרגען פיר שפּעטער? בל־זמן עס געהט צו לעבען א גוטען טאָג, זאָל מען לעבען!

אזוי האט זיך פערנאנד געפיהרט פון טאָג צו טאָג, און קיינמאל ניט פער־ פעהלט צו טרינקען א היבשע פּאָרציע וויין, שפּיעלען עטליכע שטונדען אין קארטען און בעזוכען דיא עפּענטליכע הייזער. ווען זיינע קרעפטען האבען זיך אָפּגעשוואכט פון דיעזען אנשטרענגענדען לעבען און ער האט זיך געשפּירט שטארק ערמיעדעט, האט ער זיך צוריק געצויגען אויף עטליכע טעג אין הויז, וואו ער איז טייסטענטהיילס געלעגען אויף א ווייכער סאָפאַ, געדויכט א גוטען ציגאר און געלעזען סענסאציאָנעלע ראָמאנען.

דאס האט געדויערט אזוי לאנג, ביז ער האט זיך געשפּירט געשטארקט און אלעס אין הויז האט איהם אָנגעהויבען צו לאנגווייכען. דאן האט ער ווידער אמאל אָנגעפאנגען דאָרט וואו ער האט אונטערבראָכען.

זיין מוטער נאטירליך, האט ער דערצעהלט, אז ער טהוט עס נאָר צו ליעב איהר וואס ער בלייבט אין הויז, און מאדאם ראָסטאנד האט אינערליך שטאָלצירט וואס זיא האט אזא גוטען, ליעבענסווירדיגען זוהן.

מיר קעהרען יעטצט צוריק צו נאָיז׳ן. זיא פלעגט קומען, וויא מיר האבען שוין געזאגט, יעדעס יאָהר מיט דיא פרוכטען פון גארטען, און זיא איז זעלבסט־ פערשטענדליך, יעדעס מאל גרעסער און עלטער געוואָרען.

נאיז איז געווען עטוואס אינגער פוז פערנאנד׳ן, און מאדאם ראָסטאנד האט צו איהר יעדעס מאל געזאגט, ווען זיא איז ערשיענען:

„נאַיז! דוא ווערסט א גאנצע היבשע מויד!"

ביי דיזע ווערטער האט נאַיז געשמייכעלט און געוויזען איהרע ווייסע צייהן.

מייסטענטהיילס איז פערנאַנד ניט געוועזען צו הויז ווען נאַיז איז ערשיענען. אין א טאָג אָבער, צום לעצטען יאָהר פון זיין שטודיום, האט ער גאָר וואס גע־וואָלט ארויס געהען און זיך געפונען אין קאָרידאָר, ווען נאַיז איז אָנגעקומען און איז געבליעבען שטעהען מיט דעם קאָרב פרוכטען.

ער איז אויך געבליעבען שטעהען אין גרויסעם ערשטוינען.

פערנאַנד האט בעטראכט נאַיז'ן מיט די אויגען פון א מבין. די מאָגערע נאַיז פון אמאל, איז יעטצט געוואָרען ענטוויקעלט, מיט ברייטע שולטערן, א פולען בוזים און צוויי א בליהענדע יונגפרוילכע שעהנע באקען. עס איז מעהר ניט געווען די נאַיז וואס ער האט געקענט פון לא בלאַנקארד.

ביי ביידע באקען פון דער שעהנער נאַיז. האבען אריבער געהאנגען קויל־שווארצע האאר, און פון איהר דינעם העמד, האבען זיך ארויס געזעהן די נאַקעטע רונדע עלענבויגענס.

מערקווירדיג! בלויז אין איין יאָהר, האט זי אויסגעוואקסען וויא א פראַכ־טיגער בוים!

„דוא ביסט עס, נאַיז?" האט ער געפרעגט שטאַמלענדיג.

„יא, מאָנסיע פערנאַנד, איך בין עס", האט זי געענטפערט, ווערענד זי האט איהם צוגעוואָרפען א קינדיש־אונשולדיגען בליק פון איהרע גרויסע שווארצע אויגען.

„זעהט," האט זי ווייטער געזאגט, „איך האב געבראכט שעהנע פרוכטען... און ווען קומט איהר צו אונז? זאָל איך פאָרבערייטען די נעטצען צו כאפען פיש?"

פערנאַנד האט גאר ניט געקענט ארונטער נעהמען זיינע אויגען פון איהר. ער האט זי געהאלטען אין איין בעטראכטען, און דאן, אָהנע ער זאָל הערען וואס זי זאגט, האט ער בעמערקט:

„ווירקליך, נאַיז, דוא ביסט געוואָרען גרויס און שעהן!... וואס האט מיט דיר פאסירט?"

דיזע שמייכלערייא האט ביי איהר ארויס גערופען א געלעכטער. דאן האט פערנאַנד אָנגענומען איהרע הענד, וויא ער פלעגט אימער טהון זיך מיט איהר צו שפּיעלען.

נאך איז געוואָרען עפּנס. א רויטע פארב איז געקומען אין איהרע באקען, איהר בוזם האט זיך שטירמיש ועהויבען און איבער איהר גאנצען קערפּער איז געלאָפען א ציטער.

פערנאנד האט געשפירט דעם ווארעמען אטהעם פון איהר מויל.

„ניין, ניין, ניט דאָ,“ האט זיא געטורמעלט, „ניט דאָ, פערנאנד... גיב אכטונג, דיין מוטער קען אָנקומען.“

## צווייטעס קאפּיטעל.

מיט 14 טעג שפּעטער, האט זיך דיא פאמיליע ראָסטאנד איבערגעצויגען נאך לא בלאנקארד. מאָנסיע ראָסטאנד האט נאך געהאט מאנכע געשעפטען צו ערלעדיגען, און דאן איז ער אויך נאכגעקומען. עס איז געווען א הערליכעס וועטער, און ביים ברעג פון ים, האט בייא נאכט געבלאָזען א קיהלער און אנגענעהמער ווינד. דיא ברענענדע שטאָדט־לופט, האט אהין ניט געגרייכט.

לא בלאנקארד איז ניט געלעגען אין עסטאק זעלבסט, זאָנדערן בייא דער זייט געגענאיבער מארסייל, אומרינגט פון לאנגע און שפּיטציגע פעלזען. אין מיטען איז געווען דאס געלבע הויז ארום געריננעלט מיט צאָהלרייכע בוימער.

דאס הויז איז געווען, וויא מען רופט אין יענער געגענד, איין אלט־מאָדישער שלאָס. פאר דעם הויז איז געווען א פיינער בלומען־גארטען און הינטער דעם הויז, האט זיך אויסגעברייטעט א פלאכעס שטיק פעלד, אויף וועלכען עס האבען זיך געפונען איינציגע ווינשטאָקען, אליווען־בוימער און מאנדעל־בוימער. ווייטער אוועק איז געלעגען דער ים, וואס האט אימער־וועהרענד געקלאפּט מיט זיינע רוישענדע וועללען אין דער ברעג־וואנט. מאנכע בויערן פון דער נאכבארשאפט האבען שוין לאנג געזאגט, אז דיעזע וועללען מוזען פריהער אָדער שפּעטער אונטערגראָבען דיא וואנט און דאן קען געשעהען איין אונגליק פיר לא בלאנקארד.

דיא וואהרהייט איז, אז פון יאָהר צו יאָהר, האט דאס וואסער אויף מעהר איינגעדרונגען און אָבגעריסען א שטיק פון דער לייטיגע וואנד, וואס האט געבילדעט דעם ברעג.

זייט פערציג יאָהר, איז דיא פאמיליע ניקאָלין געווען דיא פערוואלטער פון לא בלאנקארד. לויט דיא מנהגים פון יענער פּראָווינץ, האט דיא פאמיליע ניקאָלין יעדעס יאָהר פערזעעט דאס פעלד און זיך געטהיילט מיט דיא פּראָדוקטען מיט דיא איינענטהיטער. דיא פּראָדוקטען זיינען אָבער געווען אזוי ארעם און אזוי ווענינ,

אז די ניקאָלינס וואָלטען געשטאָרבען פאַר הונגער, ווען זיי וואָלטען זיך ניט בעד־שעפטיגט אין דער זומער־צייט אויף מיט פיש־כאַפּען.

די פאַמיליע ניקאָלין איז בעשטאַנען פון דעם פאַטער, איין אַלטער מאַן מיט גרויע האאַר, א דונקלעס און שטאַרק געקאָרטשעטעם געזיכט, פאַר וועלכען יעדער אין הויז האט געציטערט; פון דער מוטער ניקאָלין, א גרויסע און שטאַרקע פרוי, פערדומט און פערנאַרישט דורך דער שווערער פעלד־אַרבייט און פון איהר מאַן'ס שלעפ; פון א זוהן, וועלכער איז דאַמאַלס געווען אין דער אַרמעע, און פון נאַיזן, וועלכע האט געהאָלפען איהר פאַטער אין די אַרבייטען איבעראַל, און פלעגט נאָך דערבייא געהען אַרבייטען בייא ציעגעל.

די קליינע וואָהנונג פון דער פאַמיליע ניקאָלין, וועלכע איז געווען געבען דעם אַלט־מאָדישען שלאָס, איז זעלטען אָדער ניעמאַלס אויפגעמונטערט געוואָרען פון געלעכטער אָדער געזאַנג. ניקאָלין האט נאָר געברומט וויא איין אַלטער בייזער הונד און האט אויסגעבראָכען אין א ווילדער וואוטה, ווען יעמאַנד האט זיין ברומען אונ־טערבראָכען.

פרוי ניקאָלין און איהר טאָכטער, האבען ניט נאָר מורא געהאַט פאַר דעם אַלטען ניקאָלין, זאָנדערן זייא האבען אויך געהאַט פאַר איהם א גרויסען רעספעקט, וויא עס פיהרט זיך אין יענע מקומות, אז דער הויפּט פון הויז איז פאַטער, ברויט־געבער, פיהרער, פערוואַלטער און א האלבער גאָט.

מאַדאַם ניקאָלין האט געוואוסט, אונטערדעסען, אַז א טאָכטער דאַרף פאָלגען די מוטער אפילו אין פייער צו געהען און זיא מוז, וויא א געטרייער הונד, כיענגען נעבען איהרע פיס צו הערען און אכטען דעם מינדעסטען בעפעהל.

ווען נאַיז האט זיך אמאָל ארויס געגנב'עט אויף א פּאאר מינוטען פון הויז, איז מאַדאַם ניקאָלין ארויס אין דרויסען און אָנגעפאַנגען צו שרייען „נאַיז!“ אז מען האט דאס געקענט הערען אויף א קילאָמעטער ווייט. נאַיז, נאַטירליך, האט באלד ערוואַכט וואו זיא איז געווען, און האט שנעל געאיילט צו איהר מוטער'ס בע־פעהל.

די שעהנע נאַיז, וויא מען פלעגט זיא רופען אין עסטאַק, איז אונטער אַזעלכע אומשטענדען, ניט געווען גליקליך. ווען זיא איז אַלט געוואָרען 16 יאָהר, האט נאָך איהר ברוטאַלער פאַטער זיא געקענט מערדעריש שלאָגען פאַר א קליינינקייט, און זיינע שווערע פויסטען האבען וויא געוועהנליך געטראָפען אויף איהר נאָז, און מויל און ארויס געריסען בלוט.

אויף יעמצט, ווען זיא איז שוין זאָגאר אריבער געשריטען דיא 20 יאָהר, דיינען נים נאָר איינמאל געשטאנען בלויע צייכענס אויף איהר לייב, פון דיא קלעפּ וואס איהר פאטער האט איהר געגעבען.

צו בעהויפּטען אָבער, אז דער אלטער ניקאָלין איז געוועזן א שלעכטער מענש, וואָלט אויך נים געוועזן ריכטיג. ניקאָלין איז בלויז געווען איינער פון יענע אונצעהליגע פאטערס, וואס גלויבען, אז קינדער אויב זייא פערדיענען יא אָדער נים, מוזען זייא געשלאָגען ווערען, זאָגסט איז עס קיין בעוויז, אז עלטערן ליעבען דיא קינדער. פון איין ערציהונג מים גוטקייט, מילדקייט און צערטליכע ליעבע געגען קינדער, האט ער נים געוואוסט.

אין ניקאָלינען, קען מען בעסער זאגען, איז געלעגען דאס הערשענדע בלוט פון דיא רוימער, וועלכע האבען געגלויבט, אז זייא האבען דאס רעכט צו בעפעהלען איבער לעבען און טוים. און ווען ניקאָלין האט נים געהאט קיין דיענער אָדער שקלאַפען צו ווענען אויסצולאָזען זיין הערשערישע נאטור, האט ער דיעזע אויסגע־לאָזט צייטענווייז צו זיין ווייב און זעהר אָפט צו זיין טאָכטער.

אין א טאָג, האט דיא ארמע נאיז געוואגט אויפצוהויבען איהר האנד, נים חלילה צוריק צו שלאָגען דעם פאטער, זאָנדערן זיך צו שיטצען דאס געזיכט פאר שרעקליכע קלעפּ — דאן האט ניקאָלין ארויס געוויזען ווער ער איז!

„געגען מיר אויפהויבען א האנד?“ האט ער געדונערט, „געגען מיר? א פאטער?“

דאן האט געפאָלגט א שוידערהאפטע שטראפע, ביז דאס אונגליקליכע מעדכען איז געבליעבען ליענען האלב־טוים אויף דער ערד.

פון יענעם טאָג אָן האט נאיז געוואוסט, אז מען דארף שטעהען אויסגע־שטרעקט, וויא א סאָלדאט צום מושטירען, און זיך לאָזען שלאָגען וויפיעל דער טאטע וויל, אָהנע צו פרעגען ווארום.

„א טאטע שלאָגט נים אומזיכט,“ האט אמאל ניקאָלין בעהויפּטעט, און נאיז האט בעגריפען, אז פרעגען וועט נאך ערגער זיין. נאכדעם וויא זיא פלעגט עמפפאנגען איהר פארציע מכת רצח, האט זיא זיך אימער צוריק געצויגען אין א ווינקעל, ארונטער געשלונגען דיא טרעהרען און אונטערדריקט איהר צאָרן.

וויא לייכט עס איז זיך צו מאכען פון קינדער דיא בעסטע פריינדע אין דער וועלט! א גוטעס וואָרט, א שמייכעלע, א גלעט און א פּאסענדע צערטליכקייט, וועט פערוואנדלען דאס קליינע הערצעלע פון א קינד אין א קוואל ליעבע און אויפ־אָפּפערונג פיר א פאטער אָדער א מוטער. א בייזער ברום, א מערדערישער

קלאפ, און אונאיבערלײנטער נעשרײא און אײן אונפערדיענטע שטראפע, װעט װיעדער לאננזאם צוריק לאזען א גיפט אין קלײנעם הערצעל, װאס װעט זיך מיט דער צײט פערמעהרען און פערגרעסערן, ביז פון אײן אײגענעם קינד, װערט א פירכטערליכער פײנד.

אויף דיעזער ארט, האט זיך אין נאיז׳עס הארץ אנגעפאנגען צו בילדען א האס, און אין איהר געהירן א פלאן, װיא אזוי זיך נוקם צו זײן אין איהר בארבא־רישען פאטער.

איברינגענס, האט זיא דאך נעהאט דאס זעלבע בלוט װיא איהר פאטער, װאס האט געקענט אזוי לײכט אויפגעברויזט װערען.

װען עס האט אמאל פאסירט װאס זיא איז געװען דערבײא װען איהר פאטער האט געשלאגען איהר מוטער, און זיא האט בעמערקט װיא דיא אלטע האט זיך אונטערגעבען װיא א געהארזאמער הונד, האט דאס איהר נאך מעהר אויפגערעגט, און זיא האט בעטראכט איהר מוטער מיט דער גרעסטער פעראכטונג.

זיא האט זעהר אפט צו זיך אלײן געזאגט:

„װען איך זאל האבען אזא מאן, װאס איך איהם דערװארגען."

נאיז האט געהאט אזא אויפברויזענדע נאטור, דאס עס איז אזוי װײט גע־קומען, װען איהר פאטער האט זיא נים געשלאגען, האט זיא אויסגעזעהען אונגע־דולדיג. דאס שלאגען אלײן, איז שוין געװען אײן ארט צערשטרײאונג און אויפ־מונטערונג אדער געטהיגע אויפרעגונג.

ניקאלין האט איהר פערבאטען צו געהן נאך עסטאק, און ער האט זיא גע־האלטען צו הויז, בײא אײן אונ־אונטערבראכענער בעשעפטיגונג.

זוען עס האט זיך געמאכט, אז זיא האט שוין נים געהאט װאס צו טהון, האט זיא אויך נים געדארפט ארוים געהען פון הויז; עס האט אויסגעזעהען, אז ער האט זיא אימער געװאלט האבען אונטער זײנע אויגען.

זיא האט דערפאר ערװארטעט מיט דער גרעסטער אונגעדולד דעם מאנאט סעפטעמבער, װען דיא פאמיליע ראסטאנד װעט אהין קומען, און דאן, װען זײא װעלען זײן אין לא בלאנקארד, װעט שוין דער אלטער ניקאלין נים מעהר קענען אזוי װאכען איבער איהר.

נאיז האט געװאוסט, אז זיא װעט מוזען געהן אין פיעל שליחות פיר מאדאם ראסטאנד, און דיא טהאטזאכע אלײן, אז זיא װעט זײן אין אזא שליחות פרײא פון איהר בארבארישען פאטער, האט זיא אונגעהײער גליקליך געמאכט.

אין א פריהדמאָרגען אין ניקאָלין אויפגעשטאַנען מיט א נייעם פּלאַן.

„דיא זאַך דערפון איז אזוי," האָט ער געזאָגט, „נאַיז וועט שרעקליך פיעל זיצענדיג לעדיג אין דער היים. דאַן איז זיא גלאַט א געזונדע מויד און זיא דאַרף פערדיענען געלד. קלענערע פון איהר פערדיענען צו 30 סו א טאָג בייא ציעגעל מאַכען, ווארום זאָל זיא אויך ניט געהען? א קליינינקייט 30 סו! עס איז דאָך א פערמעגען!"

דאָס האָט נאַיז'ן זעהר דערפריים. דיא ארבייט האָט זיא ניט אָבגעשראָקען, זאָנדערן דיא אידעע, אז זיא וועט קענען זיין פרייא, האָט זיא גליקליך געמאַכט.

יאָ, דיא ציעגעל־ארבייט איז געווען זעהר א שווערע, נאָר נאַיז'ן האָט דאָס פערשאַפט פערגנינגען. זיא פלעגט אוועק געהען בייא מאָרגעס־אָנברוך און צוריק קומען נאָך זונען־אונטערגאַנג. דיא ציעגעל־פאַבריק איז געווען פון יענער זייט עסטאַק, און זיא האָט בעדאַרפט דעם גאַנצען טאָג שטעהען אויף דער זונען און איבערקעהרען דיא ציעגעל צום טריקענען.

איהרע הענד זיינען געשפּאָלטען געוואָרען און עס האָט זיא געשמערצט דיא נאַסע בלאָטע וואָס האָט איינגעדרונגען אין דיא קליינע וואונדען, אָבער זיא איז דעננאָך געווען גליקליך.

א קליינינקייט! צו זיין א גאַנצען טאָג אליין און ניט מורא האָבען, אז דער פאָטער שטעהט הינטער דעם רוקען, מיט א שטיק האָלץ אָדער גלאַט געבען א בריק מיט'ן פוס. דאַן האָט זיא דאָך געקענט אונגעשטערט שפּאַסען און לאַכען מיט דיא ארבייטער!

דאָ, בייא דער שווערער ציעגעל־ארבייט, האָט זיא זיך ענטוויקעלט און איז געוואָרען א שעהנעם פּרויענצימער.

דיא גליהענדע זונן האָט פון איהר ווייסע הויט געבילדעט א שעהנע ברונעטע פאַרב און האָט אויסגעבערענט א דונקעלען פאַס אויף איהר האַלז. איהרע שווארצע האָאר זיינען אימער לענגער און געדיכטער געוואָרען, און האָבען זיך אָבגעלייגט אויף איהר שטערען, אויערן, באַקען און האַלז, גראַדע וויא דיא נאַטור זעלבסט וואָלט דערמיט בעאַבזיכטיגט צו שיטצען איהר צאַרטע הויט.

איהר גאַנצער קערפּער, פון דער בעשטענדיגער שנעלער און שווערע בעוועגונג, איז געוואָרען אָבגעהאַרטעוועט און אונגעהייער שטאַרק, וויא בייא א יונגען גימנאַסטיקער. ווען זיא האָט זיך אוועק געשטעלט אויף דעם אויסגעטרעטענעם

פעלד, צווישען די רויטע ציגעל, האט זי אויסגעזעהן ווי א מעכטיגע קריגערין פון די אלטע העלדען־צייטען.

די מוסקעלן פון איהרע הענד, זיינען געוואָרען אזוי שטייף און שטארק, דאס זי האט געקענט אויפהייבען די שווערע לאסט און דאס ניט שפירען, און ווען איינער פון די יונגע לייט האט זיך מיט איהר געשטעלט ראנגלען, האט זי איהם געקענט לאָזען שפירען דעם גריף פון איין אייזערנע האנד.

דער אלטער ניקאָלין האט אונטערדרעסען גאנץ גוט צוגעזעהן ווי אויסגעוואקסען און שעהן זיין טאָכטער איז געוואָרען. ער האט פערשטאנען, אז די צייט איז געקומען, ווען עס איז זעהר לייכט א מיידעל זאָל זיך לאָזען פערפיהרען.

ער האט דערפאר בעשלאָסען אויפצופאסען איבער איהר, און ווען ער וועט אויסגעפינען, אז זי האט א ליעבהאבער, זאָל ער איהם ערמאָרדען.

אזא שעהן מיידעל קען האבען ליעבהאבער, און נאיז האט געהאט גענוג פון זייא, אָבער זי האט קיינעם קיין מוטה ניט געגעבען. זי האט געהאט א טבע חוזק צו מאכען פון זייא.

איהר אייגציגער פריינד איז געווען א פערפוקעלטער (האָרבאטש), וועלכער האט געארבייט אין דערזעלבער ציעגעל־פאבריק. דיעזער איז געווען קליין געוואקסען, מיט צווייא האָרבעס, איינעם פון פאָרענט און איינעם פון הינטען. יעדער האט איהם גערופען אנטאָן, און זיין ביאָגראפיע איז אויך געווען זעהר א קורצע: ער איז געשיקט געוואָרען פון א פינדעל־הויז נאך עסטאק, און איז שוין דאָרט פער־בליעבען.

אנטאָן האט געהאט, אויסער די האָרבעס, אויך זעהר א העסליכעס געזיכט, אָבער ער האט געקענט לאכען אזוי גוטמיטהיג, דאס ער האט זיך מיט זיין שמייכעל געוואונען פריינדע.

נאיז האט מיט איהם מיטלייד געהאט און פון איהם האט זי ניט געקענט הוזק מאכען, ווי פון די אנדערע יונגע לייט. דאן איז זי מיט איהם אזוי גוט בעפריינדעט געוואָרען, דאס זי פלעגט איהם זידלען, און אמאל אויך שלאָגען, אלס א רעזולטאט פון דעם צאָרן וואס זי האט נאכגעטראגען איהר פאטער, און גע־מוזט צו יעמאנדען אויסלאָזען איהר הארץ.

דאן, האט זי קיין מורא ניט געהאט, אז יעמאנד וועט אויף איהר עפּעס שלעכטעס זאגען, דען יעדער האט געלאכט פון דעם אָרימען העסליכען אנטאָן, און קיינער וואָלט זי ניט חושד געווען, אז זי האט איהם ליעב.

אין א טאָג, ווען ניקאָלין האט נעהערט, אז זיין טאָכטער איז שטארק בעד פריינדעט מיט אנטאָנען, האט ער געזאגט לאַבטנדינג:

— איהם פערנין איך איהר, ווייל איך ווייס, אז זיא איז צו שטאָלץ און צו שעהן זיא זאָל זיך אזוי ערניעדרינגען."

ווען מאדאם ראָסטאנד איז ענדליך ערשיענען אין בלאנקארד, איז איינע פון איהרע דיענסט־מיידלעך, קראנק געוואָרען. זיא האט דאן געבעטען ניקאָלינען, ער זאָל איהר געבען זיין טאָכטער צום בעדיענען.

גראָדע דאמאלס, איז אויך קיין ארבייט ניט געווען אין דער ציענעל־פאבריק, און ניקאָלין האט פערשטאנען, אז מען דארף שפיעלען א פאָליטיק און זיינע בעל־בתים ניט ענטזאגען, ווייל ער האט געוואוסט, אז מאדאם ראָסטאנד וועט ניט וועלען מען זאָל זיא בעדיענען אומזיסט.

מאָנסיע ראָסטאנד איז ערשיענען צוזאמען מיט זיין פרוי, נאָר וויכטינע נע־שעפטען האבען איהם דאן אוועק גערופען נאך פאריז. פערנאנד איז דערפאר אליין צוריק געבליעבען מיט זיין מוטער אין לא בלאנקארד.

אין דיא ערשטע עטליכע טעג, האט פערנאנד געהאט א גרויסען חשק צו ארבייטען און עפעס טהון אין דער פרייער און פרישער לופט. ער האט דערפאר יעדען טאָג בעגלייטעט ניקאָלינען צו זיין פיש־פאנג, און דאן ערשט האט ער שפא־צירט שטונדען־לאנג איבער דיא פעלזען, טהאָלען און ים־ברענעס.

דאן האט זיך איבער איהם בעמעכטיגט א פוילקייט, וויא דער פאל איז מיט מייסטען שטעדטישע יונגע לייט, וואס האבען קיינמאל ניט געארבייט, און ער האט אָנגעפאנגען זיך אויפצוזוכען דיא שאטענס פון דיא בוימער, וואו ער פלעגט זיך אוועק לייגען, האלב שלאָפען און קוקען אויף'ן ים. מיט איינינע טעג שפעטער, האט איהם דאס גאנצע דאָרפס־לעבען געעקעלט און ער האט זיך געשפירט זעהר אונגע־דולדיג און לאנגווייליג.

ער האט זיך דערמאָהנט אן דיא מיידלעך וואס ער האט געקענט קריענען אין שטאָדט, און זיין גאנצעס דענקען און טראַכטען איז געלענען אין דיא אונאנשטענ־דיגע הייזער וואו ער האט אזוי פיעלע נעכט פערבראכט.

מיט 14 טעג נאך זיין אנקונפט, האט ער אָנגעפאנגען אויסצוזוכען תירוצים, וויא אזוי ער זאָל יעדען טאָג קענען אריין פאָהרען נאך מארסייל.

מיט א פאאר טעג שפעטער, איז ניקאָלין געקומען צו פערנאנד'ן, און איהם דערצעהלט, אז ער האט אויסגעשטעלט אין וואסער לאנגע נעטצען אין דער פארמע

פון כאפּ־שטיינלעך, און ער רעכענט, אַז עס געפינען זיך שוין דאָרט פילע פיש.

„ווילט איהר מיטגעהן מיט מיר?" האָט ניקאָלין געפרעגט, „עס וועט זיין זעהר אינטערעסאַנט."

פערנאַנד איז נאָך געלעגען אין בעט, און די גאַנצע געשיכטע האָט איהם מעהר ניט אינטערעסירט. ער האָט זיך אומגעווענדעט, בעטראַכט דעם אַלטען, גע־גענעצט און גאָר ניט געענטפערט.

„ווילט איהר מיטגעהען, מאָנסיע פערנאַנד?" האָט דער אַלטער נאָך אַמאָל געפרעגט.

„ניין," האָט ער געענטפערט אומגעדולדיג.

ווען ער איז אויפגעשטאַנען, האָט ער זיך אָנגעצויגען און איז אַרומער צווישען די בוימער, וואו ער האָט זיך אריין געלייגט אין גראָז און געקוקט צום בלויען הימעל.

זיין מוטער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט, ווארום איהר זוהן געהט ניט פיש כאַפּען אָדער אויף דער יאַגד, וועלכעס זיא האָט געוואוסט, אַז ער האָט זעהר ליעב.

„וואס איז מיט דיר, פערנאַנד?" האָט זיא געפרעגט.

„וואס מיינסטו, מוטער?"

„איך מיין, ווארום געהסטו ניט ארויס דיך אביסעל אונטערהאַלטען אויף די פעלדער אָדער ביים ים?"

„ניין, מוטער," האָט ער געענטפערט מאַכענדיג א פרום פּנים, „דער פּאַפּאַ איז ניטאָ, און דוא ביסט אַליין. איך קען דיך דאָ ניט צוריק לאָזען. דערפאַר געה איך נים."

מאַדאַם ראָסטאַנד האָט געשמייכעלט מיט פערגניגענען, און אַוועק געהענדיג, האָט זיא געמורמעלט:

„מיין טהייערער און ליעבער זוהן! דוא זאָלסט מיינע ביינער איבער־לעבען!"

ניקאָלין, וועלכער האָט דיעזע ווערטער געהערט, האָט דאַן געזאָגט צו פער־נאַנדען:

„מאָנסיע פערנאַנד, פאָהרט זיך דורך אביסעל נאָך מאַרסייל. דאָס שטער־מישע לעבען וועט אייך ארויסמונטערן."

אָבער פערנאנד איז נים נעפאָהרען נאך מארסייל. א גאנצע וואָך איז פאַר־איבער, און ער איז נאך אימער, יעדען טאָג געלענען אין גראָז הינטער דיא בוימער, און נאַר געוועקסעלט זיין פּלאַטץ, ווען דיא זונן האט איהם געשטערט.

אום נאך מעהר אָבצונארען זיין מוטער, האט ער זיך יעדען טאָג מיטגענומען א בוך; אָבער ער האט דאס גאר נים אָנגעפאנגען צו לעזען. דאס בוך, וויא געוועהנליך, איז געלעגען נעבען זיין קאָפּ, אָבער ער האט עס אפילו נים גע־עפענט.

דאַן האט ער אויך אויפגעהערט צו קוקען אויף דיא בלויע וואסערן פון דעם ים. ער האט זיינע אויגען געהאלטען געריכטעט צום הויז און זיך שטארק אינטע־רעסירט מיט דער דיענערשאפט; דאס הייסט, מיט דיא דיענסט־מיידלעך.

ער האט געקוקט פון וואנען זייא קומען, וואוהין זייא געהען און וואס זייא מהוען. טראָטץ דעם האט קיין איינציגע פון זייא איהם נים בעזאָנדערס אויפ־מערקזאם געמאכט. אָבער, ווען נאַיז איז ערשיענען, איז איהם געקומען א רויטע פארב אין דיא באקען.

ווען נאַיז האט בעדארפט פארבייא געהען דאָרט וואו פערנאנד איז געלעגען און געטרוימט, איז זיא קיינמאל נים געגאנגען צו שנעל; זיא האט וויא אבזיכט־ליך לאנגזאם שפאצירט אום מען זאָל זיך קענען בעסער מערקען איהר הערליכע פיגור, אָבער זיא האט זעלטען געקוקט אהין וואו פערנאנד איז געלעגען.

איינינע טעג האט אזוי געדויערט דיעזע שפּיעלערייא. פאַר זיין מוטער, האט פערנאנד בעהאנדעלט נאַיז'ן זעהר הארט און שטרענג, גראדע וויא זיא וואָלט געווען איין אונגיטצליכע שקלאפין.

ווען פערנאנד האט בעליידיגט אָדער געשאָלטען נאַיז'ן פאַר איהר אונגע־שיקטהייט, האט זיא אימער ארונטער געלאָזען איהרע אויגען אין אונטערגעבענ־הייט. אויף איהר געזיכט האט זיך אָבער געציינט א פרעהליכע מיענע, וואס האט אויסגעדריקט א שטיקעל גליק און א צופריעדענהייט, מיט דעם וואס עס געהט פאַר.

אין א פריה־מאָרגען, האט נאַיז, ביים פריהשטיק, צובראָכען א סאלאט־שיסעל.

פערנאנד איז שטארק אין כעס געוואָרען.

„שטיק בהמה!“ האט ער אויסגעשריען. „וואו זיינען דיינע אויגען?“

דאַן איז ער אויפגעשפרונגען וויא א פערוואונדעטער הונד און געליארעמט, אז זיינע הויזען זיינען רואינירט געוואָרען.

עס איז אמת, אז עס האט א שפריטץ געטהאָן אביסעל עהל פון דעם סאַ־לאַט אויף זיינע הדיזען, אָבער עס איז דאָך ניט געווען אזא אונגליק.

„נו, וואס שטעהסטו," האט ער גערונערט צו נאַיז'ן. „ברענג אהער א האנד־טוך מיט אביסעל וואסער! שנעל, שטעה ניט!"

נאַיז האט באלד צונעבראכט א ווייסען האנדטוך, איינגעטונקט אין אביסעל וואסער, און זיך אוועק שטעלענדיג אויף דיא קניען נעבען פערנאַנד'ן, האט זיא אָנגעפאנגען אויסצורייבען דעם פלעק פון זיינע הויזען.

„לאָז שוין זיין," האט מאדאם ראָסטאַנד געזאָגט. „וואס ווענ דיר יעטצט העלפען דאס שרייען? און דוא, נאַיז, לאָז זיין דער פלעק, עס איז א קלייניגקייט, און דאן, מיט וואסער, קען זיך קיין פעט ניט אויסווישען."

אָבער דאס יונגע מעדכען האט ניט אויפגעהערט צו רייבען דעם פוס פון איהר יונגען הערר.

„רייב, רייב, שטיק בהמה," האט ער ווייטער געשריען, „עס מוז זיך אויס־רייבען. איך האב נאָך קיינמאל ניט געזעהען אזא שלים־מזל. א וואונדער וואס זיא האט צובראָכען דיא שיסעל! ווען דוא וואָלסט נאָך געווען בייא אונז אין פּ., וואָלסטו צובראָכען אין איין וואָך דאס גאנצע פּארצעלייא."

מאדאם ראָסטאַנד האט איינגעזעהן, אז איהר זוהן איז צו שטרענג, און ווען נאַיז איז ענדליך ארויס פון דעם צימער, האט זיא צו איהם געזאגט:

„וואס האסטו צו דער ארמער נאַיז? עס זעהט אויס, אז דוא קענסט זיא ניט ליידען. איך בעט דיך, זייא אביסעל רוהיגער; איך קען דאָ אָהן איהר ניט זיין. פערגעס ניט, פערנאַנד, אז זיא איז ערשטענס דיין געוועזענע שפּיעל־קאַמער־ראַדין, און דאן איז זיא צו מיר ניט פערקויפט. זיא טהוט מיר א טובה, וואס זיא העלפט מיר."

„אָבער זיא לאַנגווויילט מיך ביז טויט!" האט ער געענטפערט מאַכענדיג א ווילדע מיענע מיט זיין געזיכט.

נאָך אין דעמזעלבען אבענד, ווען עס איז טונקעל געוואָרען, האט זיך פערנאַנד און נאַיז בעגעגענט צווישען דיא בוימער.

עס איז געווען דאס ערשטע מאל וואס זייא זיינען געווען גאנץ אליין, אום עפּעס צו רעדען.

דיא בוימער האבען פון זיך ארויס געגעבען פערשיעדענע ריחות, וואס האבען זיך צוטראָגען וויא פּאַרפום־גערוך אין דער שטילער נאכט־לופט.

פערנאנר האט זיא אוםארמט און צוגעדריקט צו זיין ברוסט. זיא האט
אביסעל געקעמפפט און זיך בעפרייעט.

דאן האט צוריק געקעהרט איהר קינדישע בעקאנטשאפט מיט איהם, און זיא
האט איהם געפרעגט:

„וואס איז מיט דיר געווען, פערנאנד? ווארום האסטו מיך בעליידיגט?
דוא ביסט זעהר א שלעכטער!"

אהנע צו ענטפערן, האט ער אנגענומען איהרע הענד, זייא צוגעצויגען צו זיין
ברוסט און דאן האט ער אבגעפרעסט א קוש אויף איהרע גליהענדע ליפען. זיא
האט זיך געלאזען קושען פון איהם, אבער דאן איז זיא שנעל אוועק פון איהם.
פערנאנד האט נאך ארום שפאצירט עטליכע מינוטען אום ניט צו ערשיינען אויפ־
גערעגט פאר זיין מוטער, און ווען ער האט צוריק געקעהרט אין הויז, האט נאך
געגרייט צו טיש מיט א מערקווירדיגער שטאלצער רוהינקייט.

פערנאנד און נאיז האבען קיינע בעשטעלונגען געמאכט זיך צו בעגעגנען.
אבער דערפאר זיינען זייא זיך צוזאמען געקומען אהן בעשטעלונגען. אויף דיזער
ארט, זיינען זייא ביידע ערשיענען אין א נאכט אונטער איין אליוועןבוים, בייא דער
זייט פון א הויכען פעלזען, וואס איז געלעגען נעבען ברעג פון ים.

נאך וועהרענד דעם עסען, האבען זיך זייערע אויגען מעהרערע מאל בעגעגענט
מיט א ברענענדער געוויסהייט. דאס איז דיא ליעבעס־שפראכע, וועלכע האט קיינע
ווערטער.

דיא נאכט איז געווען זעהרווארעם; פערנאנד איז געזעסען בייא פענסטער
און געראוכט איין צ׳גארעטע נאך דער צווייטער, און מיט זיינע אויגען האט ער
געזוכט צו דורכדרינגען דיא דונקעלהייט. אונגעפעהר אום 1 אוהר נאך האלבע
נאכט, האט ער בעמערקט א געשטאלט זיך בעוועגענדיג בייא דער זייט פון
הויז.

ער האט שוין מעהר ניט געצענערט. ער האט גלייך ארויס געשפאנט פון
פענסטער, איז ארויף אויף א דאך פון א שפאכלער און דאן, מיט דער לייכטינקייט
פון א קאטץ, איז ער ארונטער געשפרונגען צו דער ערד. דאס איז אויך געווען דער
איינציגער זיכערער אויסוועג, זיין מוטער ניט אויף צו וועקען.

זא שנעל וויא ער האט זיך געשפירט אויף דער ערד, האט ער אנגעפאנגען צו
געהען צום אליוועןבוים, און איז זיכער געווען, אז נאיז וועט איהם דארט ער־
ווארטען. ניין, זייא האבען קיינע בעשטעלונגען געמאכט, אבער דאך האבען זייא
זיך געלטען דיא געדאנקען.

פערנאַנד האָט קיין טעות נעהאַט.

„ביסטו עס?“ האָט ער געפרעגט שטיל.

„יאָ,“ האָט זיא געענטפערט גאַנץ רוהיג.

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד און אומאַרמט דיא שלאַנקע פיגור פון נאָהנט. זיא האָט זיך געלאָזען.

דאַן האָט ער זיך לאַנגזאַם מיט איהר אַרונטער געזעצט צו דער ערד. ער האָט זיא פעסטער געדריקט צו זיך און זיא האָט איהר קאָפּ אָנגעלעהנט אויף זיין ברוסט.

ביידע זיינען געזעסען היבשע עטליכע מינוטען גאַנץ שטיל און כמעט בעווּסט־לאָז.

דער אַלטער אַליוועןבוים, וועלכער האָט געהאַט לאַנגע און געדרעהטע צווייגען, האָט ביידען צוגעדעקט מיט זיין גרויען בלעטער־דאַך, און אַ קיהל ווינטעלע האָט זיך דורכגעגנבעט צווישען דיא צווייגען און אָבגעפאָכט דיא דערהיטצטע און פערפלאַמטע געזיכטער פון ביידע יונגע מענשען.

פון וויטען איז געלעגען אויסגעשפּרייט דער גרויסער ים, און האָט אויסגעזעהן וויא איין אונענדליכעס שוואַרצעס פעלד, און פון אויבען האָבען שטילשווייגענד און אונבעוועגליך אַרונטער געגלאַנצט מיליאָנען פינקלענדע שטערן.

מאַרסייל, וועלכעס איז געלעגען רעכטס, איז געווען איינגעהיעלט אין אַ גרויען נעבעל, און אַ הייליגע שטילקייט האָט בעהערשט דיא איבריגע געגענד.

פערנאַנד האָט דאָס מעדכען געהאַלטען פעסטער צו זיין ברוסט און זיין האַנד האָט געוואַנדערט איבער איהר נאַקעטען בוזים, וואו דאָס לייב איז געווען ווייכער וויא זייד. ער האָט געשפּירט וויא זיא האָט לייכט אויפגעשוידערט.

„וואָס איז מיט דיר נאָהנט?“ האָט ער געפרעגט.

„גאָר ניט,“ האָט זיא אַרויס געשטאַמעלט.

„איך וויל האָפען,“ האָט ער ווייטער געמורמעלט, „אַז דיין פאָטער איז נישטאָ יעטצט אין דיעזער געגענד.“

„איך בין אַרויס געשפּרונגען פון דעם פענסטער,“ האָט זיא געענטפערט מיט אַ שמייכלער און דומפּפער שטימע.

זייא האָבען ניט געשפּראָכען איבער זייער ליעבע. זייא האָבען זיך נאָר ער־אינערט אָן זייער אונשולדיגע קינדער־יאָהרען און פון דאָרט האָבען זייערע געדאַנקען געוואַנדערט ביז צו דער געגענוואַרט. זייא האָבען זיך ביידע דערמאָהנט, דאָס נאָך

אלס קינדער, האבען זייא זיך נעליעבט, און ווען זייא האבען זיך נעשיידט, האבען זייא נעבייגקט איינער נאך'ן צווייטען.

דאן האט זיך פערנאנד פארנעשטעלט, אז נאך אלעמען, איז נאיז א הערר־ליכעס מערכען, און וואס עס אנבעלאנגט זיא אלס פרויענצימער, וואלט ער נע־קענט מיט איהר אבלעבען א וועלט און זיא גאנץ גוט ליעב האבען.

זיא וויעדער, נאיז, האט אזוי וויית ניט נעהאפט און נעדענקט; זיא האט זיך בלויז נעשפירט גליקליך, ליענענדיג נעבען זיין ברוסט און הערענדיג וויא זיין הארץ קלאפט. א קלייניגקייט! נאך אלעמען, איז זיא דאך מעהר ניט נעווען וויא דיא פראסטע ציענעל־מאכערין און דיא נעשלאגענע טאכטער פון דעם מערדערישען גראבען ניקאלין.

יא, יא, פאר איהר איז עס נעווען גאנץ גענוג, ווען ער האט זיא נעוואלט האבען נעבען זיך, און זיא איז בייא זיך שטאלץ נעווען וויסענדיג, אז ער קען זיא קושען.

אנפאנגס האט פערנאנד ניט נעוואנט צו וויית צו נעהען, דען ער האט נע־וואוסט אז נאיז איז נאך איין אונשולדיגעס מעדכען, און ער האט צום ערשטען מאל אין זיין לעבען נעהאט דיא ערפאהרונג מיט אזעלכער זיך צוזאמען צו קומען. אבער ווען ער האט נעזעהן, אז זיא איז ניט דאנקען זיינע האנדלונגען, האט ער זיא פעסטער אומארמט, און זיא האט זיך נעלאזט פערפיהרען.

וויא עס האט אנגעפאנגען צו טאגען, האט יעדער פון זייא צוריק נעקעהרט אויף דעמזעלבען וועג, און אין דיעזעלבע ציטערן, פון וואנען זייא זיינען נע־קומען.

## דריטעס קאפיטעל.

עס איז נעווען א פראכטפאלער מאנאט, אין קיין טאג האט נערעגענט. דער בעשטענדיג בלויער הימעל, האט קיין וואלקען נעהאט איהם צו פערדונקלען.

דיא זונן איז יעדען טאג אויפנעגאנגען אין דער נעשטאלט פון א מעכטינער גרויסער רויז, און איז אונטערנעגאנגען וויא א הערליכער נאלדענער קאמפ.

טראָטץ דעם אבער, איז עס שוין מעהר ניט הייס נעווען. דער ים־ווינד האט זיך יעדען טאג אויפנעהויבען בייא דעם אויפגאנג פון דער זונן, און זיך וויעדער בעד רוהינט, מיט איהר אונטערגאנג.

בייא נאכט איז נעווען איין אננענעהמע און זיסע קיהלקייט, און דיא לופט

האם אויסגעזעהען באלזאמירט מיט טויזענדער פארפומען פון דיא פערשיעדענע פלאנצונגען און בוימער.

דאס גאנצע לאנד האט אויסגעזעהען וויא א גן־עדן ; פון אלע זייטען האבען ארויס געשטעקט שפּיטציגע פעלזען און לאנגע צווייגען מיט גרינע בלעטער.

ווען דיא נעכט האבען אָנגעהויבען צו ווערען קיהלער, איז אויך דיא לופט געוואָרען ריינער, און מען האט פון ווייטען געקענט זעהען, וויא אונטען אין טהאָל, ליעגט מארסייל וויא א געהיימניספאָלע גייסטער־שטאָדט, אָהנע איהר גערויש זאָל אונטערברעכען דיא שטילקייט פון עססאק און לא בלאנקארד.

ווייטער ארויף, ליעגט דאס לאנד מיט דעם רויטען ליים, בעריהמט מיט דיא ציעגעל־פאבריק. דער באָדען איז דאָרט אונרעגעלמעסיג, צוגראָבען און אויפגע־ריהרט. אין מאנכע פלעטצער, טראָטץ דער טרוקענקייט, איז דער באָדען אימער אזוי ווייך, אז מען קען זעהר לייכט דאָרט בלייבען שטעקען ביז אין דיא קניען אין א רויטער בלאָטע.

אין יענער געגענד געפינען זיך מאסען קליינע און גרויסע יאסטשירקעס, און צווישען דיא ביסלעך גראָז, שלאָפען מיליאָנען קליינע היישרעקען. ווען א פארביי־געהער קומט אהין, לויפען דיא יאסטשערקעס פון איין זייט און דיא דערשראָקענע היישרעקען שפּרינגען פון דער צווייטער זייט.

ווייטער אוועק שטרעקען זיך אויס פעלדער מיט הויכעס גראָז, און נאכ־מיטאג, וויא דיא זון פאנגט אָן צו זינקען, הערען זיך פון אלע זייטען דיא אנגע־נעהמע געשרייען פון דיא וואכטלען.

דיא צוזאמענגעלייגטע ציעגעל־טהורמען, אויסגעארבייט אין דער הייסער זומער־צייט, זעהען אויס וויא דיא עגיפּטישע פּיראמידען און ווארפען פון זיך א גע־היימניספאָלען שאטען.

אין מיטען פון דיעזער ווארעמער און אנגענעהמע פּאָעטישע געגענד, האבען זיך פערנאנד און נאיז געליעבט, עס האט אויסגעזעהען, גלייך וויא דאס פייער פון דער זונן, וואָלט אריין אין זייער בלוט און האט ניט אויפגעהערט צו קאָכען.

דיא ערשטע אכט טעג פון זייער אָנגעפאנגענע ליעבע, האבען זייא זיך צו פריעדען געשטעלט, זיך צו בעגעגענען אלע נאכט אונטער דעמזעלבען אָליווען־בוים, וואו זייא האבען צום ערשטען מאל גענאָסען זייער ליעבעס־אויסטויש. דאָרט האבען זייא געשוואומען אין אונבעשרייבליכען גליק.

אָפטמאל האבען זייערע קערפּערס אזוי געברענט, דאס ווען ניט דיא קיהלע נאכט־לופט, וואָלטען זייא געבליעבען האלב־אָהנמעכטיג. זייא פלעגען יערענפאלס

זיך מהען אָבטהיילען פון אנאנדער, זיך קייקלען קיהלען גראָז און זוכען אייד־צואטהמען דיא קיהלענדע לופט וואס איז געקומען פון דעם ים. דאן זיינען זייא ווידער צוזאמען געקומען און דאס ליעבעס־פייער האט זיך נאך אמאל אָנגע־צונדען.

דיא וועללען פון דעם ים, האבען אונטען, צו זייערע פיס, געקלאפט און גע־רוישט צווישען דיא פעלזען; אָבער עס האט קיינמאל מעהר ניט אויסגעזעהען וויא א לייכטער געמורמעל, גלייך וויא דער ים זעלבסט האט זיך ניט פערגונען צו שטערען דיא צווייא יונגע ליעבענדע הערצער אין זייער ליעבע.

געשפראָכען האבען זייא זעהר וועניג. איבריגענס, וואס האבען זייא געהאט צו שפרעכען? זייא האבען איינער פון דעם אנדערן קיין זאך מעהר פערלאנגט וויא דיא ליעבע, און דיעזע איז געקומען אָהן ווערטער, אָהן צייכענס און אָהן קאָמ־פלימענטען.

מייסטענטהיילס אָבער, פלעגט ער, פערנאנד, דער שטאדטס־מאן, בלייבען ליעגען פערמאטערט און זיך ניט געקענט ריהרען. דאן איז געקומען איהר רייהע. נאָך איז געווען שטארקער פון איהם אין יעדער בעציהונג. זיא האט איהם געליעבט מיט דעם גאנצען פייער פון איין אונשולדיגער מעדכען־ברוסט. ווען דיא לבנה האט ארונטער געוואָרפען איהרע זילבערנע שטראהלען אויף זיין בלאסעס און ערמיעדע־טעס שעהנעס געזיכט, האט זיא צו איהם געקוקט מיט א בליק פול ליעבע און צערטליכקייט. דאן האט זיא אָבגעפרעסט א קוש אויף זיין פערשוויטצטען שטערן, און איהם געהמענדיג אין איהרע פעסטע ארעמס, האט זיא איהם, וויא א קינד צו־געדריקט צו איהר ברוסט, און אזוי זיינען זייא געבליעבען ליעגען שטילשווייגענד, בליקענדיג צום הימעל אזוי לאנג, ביז זייערע אויגען האבען זיך געשלאָסען.

זייא פלעגען, וויא געוועהנליך, אָבשלאָפען א פאאר שטונדען אומארמט, ביז זייא האבען דערשפירט דעם קיהלען מאָרגען איינדרינגען אין זייערע גליעדער, דאן האט איינער פון זייא ערוואכט, אויפגעוועקט דעם צווייטען, און יעדער איז זיך נעגאנגען זיין וועג.

דיא ליעבע, דיא ריינע, הייליגע און אונבעפלעקטע ליעבע, איז דאס העכסטע און גליקליכסטע געפיהל פון דעם מענשען. זאָלען דיא גלחים, רעליגיאָנס־פרעדיגער און נשים צנועות וואָרטשען און ברומען; שרייען און פראָטעסטירען; רוישען און שילטען — דיא וואהרהייט איז, אז זייא אליין וועלען אייך אויף צוגעבען, אז עס גיבט קיין העכערעס, שעהנערעס און זיסערעס וויא דיא ליעבע.

נעהמט פאר א ציקאוועס דעם אויסנעשניטענעם (סריס) און בעטראכט איהם גאנץ גוט: ער איז געזונד, פעט, שטארק און אויף שעהן. גיבט איהם אָבער א פרעג:

— „וואס איז לעבען? וואס איז דאס העכסטע גליק אין לעבען? וואס האלט אונז אזוי פעסט אן לעבען?"

ער וועט אייך ענטפֿערן פערשיעדענע תירוצים, נאָר דער אמת איז, אז קיין איינציגער פון זיינע ענטפערס איז א ריכטיגער. ער געפינט קיין געשמאק אין לעבען.

דאס לעבען אָהן ליעבע איז קיין לעבען! אָבער, אין דערזעלבער צייט, מוז דאָ אויך בעמערקט ווערען, אז דיא ליעבע, וועלכע איז דאס העכסטע און ערהאבענסטע געפיהל בייא דיא ברואים, ווערט מייסטענטהיילס, דורך פערשיעדענע אורזאכען, זעהר שלעכט געברויכט, און אנשטאט עס זאָל ברענגען דעם גענוס וואס דיא נאטור האט בעשטימט, ברענגט עס ליידען און ערגערניס.

אָט, צום ביישפיעל, האבען דיא מענשען איינגעטהיילט קלאסען און סעקטען. דער יונגער מאַן פון איין קלאַסע, שטעהט צו ניעדריג אָדער צו אויך פיר דאס יונגעס מעדכען פון איין אנדערער קלאַסע, און אויך אומגעקעהרט. דיא נאטור וויים פון קיינע קלאַסען אָדער סעקטען, דען מיר זעהען אין דער פּראקטיק, אז צווייא ליעבענדע הערצער פרעגען נים נאָך קיין יחוס און אויך קיין משפחה אָדער ראנג.

דיא אונגלייכהייט אונטער דיא מענשען, פערארזאכט וויעדער וואס דיא פרוי ווערט פערשקלאַפט און דער מאַן איז דער הערשער. וואס מעהר געלעגענהייט דער מאַן קריעגט, דורך שטאנד אָדער איינפלוס און מענליכע שעהנהייט, אלץ מעהר קען ער פראָסטיטוּאירען דיא אונגליקליכע פרויען וואס זיינען געצוואונגען צו פערקויפען זייער ליעבע פיר געלד.

אזעלכע מענער, דורך דעם בעשטענדיגען אבוועקסלען פון פרויען, רואינירע פיעלע מאל זייער יוגענד־קראפט, אָדער זייא שוואכען אָב זייערע קערפּערס.

דאגעגען וויעדער, דיא פרויען, וועלכע מוזען אויך דורך פערשיעדענע אורזאכען ווארטען ביז א מאַן פרעגט זיך צו זייא אָן, ווארטען אמאל אזוי לאנג, ביז דיא ליעבע זאמעלט זיך אָן אין זייא איבער דער מאָס, און ווען דיא געלעגענהייט מאכט זיך דעם ליעבעס־קוואל צו עפענען, דאן שטורמט דיעזער ארוים וויא א וויטהענדעס װאסער, וואס רייסט, פערפּלייצט און פערטרינקט אלעס אין וועג, ביז דיא ערשטע קראפט לויפט זיך אָב.

אזא ליעבעס פעראייניגונג איז יעטצט געשעהען צווישען פערנאנד ראָסטאנד און גאיז ניקאָלין. ער, ראָסטאנד, האט שוין געהאט אומגאנג מיט פערשיעדענע פרויען זייט איינינע יאָהר; זיא ווידער, גאיז, האט קיין ליעבע געגאָסען ביז איבער איהר צוואנציגסטעס יאָהר. ער איז שנעל פערמאטערט געוואָרען, גאָר זיא איז געוועזען וויטהענד און שטירמיש אין איהר גרויסער ליעבע.

גאָר אזוי וויא גאיז איז געוועזען איין אויסגעהאָרעוועטע דאָרפס־מיידעל, און פערנאנד האט אימער גוט געלעבט, האבען זיך זייערע ליעבעס, געוויסערמאסען, אויסגעגלייכט. ער האט איהר צויבער און איהר פייערדיגע ליעבע ניט געקענט ווידערשטעהען, און מיט זיינע לעטצטע קרעפטען האט ער זיך בעמיהט צו געניעסען פון דעם ליעבעס־בעכער אזוי פיעל וויא גאָר מעגליך.

אין א נאכט, ווען דיא צווייא ליעבענדע האבען זיך בעגעגענט, האבען זייא געטראָפען ארויס שטייענדיג א גרויסע, זילבערנע לבנה פון צווישען דיא בערג; דיא לבנה האט געבליקט מיט איהר געהיימניספאָלעס געזיכט אויף דער גאנצער געגענד, און ארונטער געוואָרפען שטראָמען שטראהלען איבעראל.

אין ים האט זיך געזעהן א לאנגער פייערדיגער שטרייף, ענטוועדער פון קליינע גאָלדענע פישלעך, אָדער פון דיא לבנה שטראהלען, וואס האבען זיך דאָרט אָבגע־שפיעגעלט.

דאס ליכט פון דער לבנה האט זיך אזוי געשטארקט, אז עס האט פער־דונקעלט, אָדער וויא אויסגעלאָשען דיא רייהען פאנארען, וואס האבען זיך אימער געזעהן בייא נאכט לייכטען פון מארסייל.

וואס העבער דיא לבנה איז געשטיגען, אלץ ליכטיגער איז עס גע־וואָרען.

דיא ליעבע זוכט מייסטענטהיילס א רוהיגען און שטילען פלאטץ, און ציהט פאר זיך צו פערבאָרגען אין שאטען. דאס הימלישע ליכט האט דערפאר געשטערט דיא ליעבענדע און זייא האבען זיך געשפירט אונזיכער. זייא האבען גאנץ גוט געוואוסט, אז וועהרענד זייער ליעבעס־פייער, פערגעסען זייא אן דער גאנצער וועלט און לעבען גאָר פיר זיך און אונטער זיך.

יא, זייא האבען מורא געהאט צו בלייבען אזוי נאהענט פון לא בלאנקארד, מאָמער ווען זייא יעמאנד איבערראשען. יענע נאכט האבען זייא צוגעבראכט זעהר פאָרזיכטיג, אבער ווען עס האט אָנגעהויבען צו טאָגען, האבען זייא בעשלאָסען דיא נעכסטע נאכט זיך צו בעגעגענען ערגיץ ווייטער, וואו זייא זאָלען פערבלייבען אין גליק פון זייער ליעבע, אונגעשטערט.

דיא נעכסטע נאכט האבען זייא צוגעבראכט אין א פערלאָזענער ציעגעל־פאבריק. זייא האבען דאָרט געטראָגען א גרויסען אויווען, וואו מען האט אמאל געברענט דיא ציעגעל; זייא האבען אויסגעשפרייט דעם פלאטץ מיט שטרוי, און דאָרט פערבליעבען ביז נאהענט צו טאָג. אָבער דאס איז זייא אויך ניט געפעלען געוואָרען. עס איז געוועזען צו דונקעל און צו אונהיימליך; זייא האבען בעסער פאָר־געצויגען דעם פרייען הימעל און דיא ריינע פעלד־לופט.

אויף דער דריטער נאכט, האבען זייא שוין פאסירט דיעזע פערלאָזענע ציעגעל־פאבריק און געוואנדערט ווייטער נעבען ברעג פון ים, זוכענדיג א פאסענדען פלאטץ פיר זייער ליעבעס־נעגום.

דיא געגענד איז געוועזען זעהר אונרעגעלמעסיג און גריבער האבען זיך געפונען אויף יעדע עטליכע שריט. ענדליך האבען זייא געטראָפען א קליינעס טהאָל, וועלכער איז געוועזען בעוואקסען מיט דינעם גראָז אזוי ווייך וויא זייד. אין דיעזען טהאָל, גלייך וויא דיא נאטור אליין וואָלט פאָרבערייטעט פיר זייא א פלאטץ, האבען זייא זיך געשפירט בעשיטצט, וויל זייא זיינען אויסגעקומען פערדעקט פון אלע זייטען.

זייא האבען דאָרט צוגעבראכט דיא נעכט פון דיא נעכסטע צווייא וואָכען, ביז דיא לבנה איז פערשוואונדען, און דער הימעל איז וויעדער געוואָרען שווארץ און געהיימניספאָל.

דאן איז שוין אויך דיעזער טהאָל זייא נמאס געוואָרען. זייא האבען אָנגעפאנגען צו זוכען אנדערע פאסענדע פלעטצער.

אין א נאכט, וועהרענד זייא האבען געוואנדערט אויף דעם וועג נעבען עסטאַק, אום ערגיץ אויפצוזוכען א פעלזען־שפאלט, זיינען זייא צוגעקומען נאהענט פון א פיכטען־בוים, און עס האט זיך זייא ביידען געדאכט, אז זייא האבען געהערט דומפפע שריט זייא נאכפאָלגענדיג.

זייא זיינען געבליעבען שטעהען שטארק דערשראָקען.

„וואס זאָל דאס זיין?“ האט פערנאנד געפרעגט.

נאָיז האט זיך בלויז צוגעהערט און גאר ניט געענטפערט.

„האסטו עפעס געהערט?“ האט ער נאך אמאל געפרעגט אונגע־דולדיג.

„יא, איך האב געהערט,“ האט זיא געמורמעלט זיך בערוהיגענדיג, „אָבער איך רעכען, אז עס איז גאר ניט. עס מוז זיין עפעס. איין ענטלאָפענער הונד פון א בויער אין דער געגענד.“

זייא האבען דאן אָנגעפאנגען ווייטער צו געהען. נאָר אזוי שנעל וויא זייא זיינען אָבגעגאנגען עטליכע שריט, האבען זייא ביידע בעמערקט, גאנץ דייטליך, וויא א דונקלער שאטען האט אריבער געשוועבט הינטער א פעלזען.

עס האט ניט געקענט זיין קיין מענש, ווייל דאס האט אויסגעזעהען זעהר קליין. נאָר האט אונטערדעסען זיך זעהר דערשראָקען, דען טראָטץ איהר מוטה האט זיך ארויס געריסען א לייכטער געשרייא פון איהר ברוסט.

„וואס איז דאס ?" האט פערנאנד געפרעגט ציטערענד.

„איך ווייס ניט."

„ווארום אלזאָ האסטו דיך אזוי דערשראָקען ?"

אָהנע זיא זאָל מעהר ענטפערן, האט זיא געגעבען איין אונגעהייער שנעלען שפרונג און איז באלד אויך פערשוואונדען געוואָרען הינטער דעם פעלזען וואו דער שאטען האט זיך פריהער געזעהען.

פערנאנד, דער העלדישער שטאדט־מענש, וואס האט אין גימנאזיום זיך אונ־צעהליגע מאל בעריהמט, אז ער גלויבט ניט אין קיין שדים, און אין דער אוניווערזיטעט האט ער דערצעהלט, אז ער האט דיא בעסטע בעווייזע, אז עס איז גאר קיינמאל קיין גאָט ניט געווען, איז געבליעבען שטעהען ציטערענד וויא א בלאט בייא א שטורם־ווינט.

זיין הארץ האט ווילד געקלאפט און פאר זיינע אויגען האט עס געשווינדעלט. ענדליך האט ער דערהערט פון ווייטען א געשפרעך.

ער האט דערקענט נאָיז'עס שטימע, זיא האט מיט יעמאנדען געשפראָכען. אין זיין שרעק האט ער זיך געקענט ערקלערען, אז דער „יעמאנד," איז געווים א מענש, און, נאך אלעמען, פאר א מענשען איז נישטאָ אזוי פיעל מורא צו האבען.

דאס האט איהם בערוהיגט, און ער האט נאך אימער ניט געוואגט זיך צו ריהרען פון זיין פלאטץ.

מיט עטליכע סעקונדען שפעטער האט זיא צוריק געקעהרט. זיא האט אויס־געזעהען בלאס, אָבער זעהר רוהיג.

„וואס איז דאָרט געווען ?" האט ער ארויס געשטאמעלט.

„גאר ניט !" איז געווען איהר ענטפער.

„אָבער דאָך, עס איז דאָך יעמאנד דאָרט געווען ?" האט ער אונגעדולדיג געפרעגט.

זיא האט גע־שוויעגען.

נאך א פויזע האט זיא געזאגט פערזיכערענד:

„ווען דוא וועסט הערען נאך אמאל שריט, זאלסטו קיין מורא נים האבען. עס איז בלויז אנטאן. וויסטו ווער דאס איז?"

„ניין."

„עס איז אנטאן דער הארבאטש."

„אה, איך וויים."

„דוא קענסט איהם דאך?"

„יא."

„אלזא, ער איז עס."

„און וואס וויל ער?"

„ער זאגט, אז ער וויל וואכען איבער אונז, קיינער זאל אונז נים איבער־ראשען אדער שטערען."

פערנאנד האט נים געקענט פערשטעהן וואס דאס הייסט, אבער זעהענדיג אז נאיז איז רוהיג, האט ער זיך אויך בערוהיגט און ווייטער קיינע פראגען גע־שטעלט.

פערנאנד האט דאן מעהרערע מאל בעמערקט, וויא א שאטען זייא נאכ־פאלגענדיג. ער האט געזעהען, אז נאיז מערקט אויף דאס זעלבע. נאר זיא זאגט גאר נים.

יא, עס איז געוועזן אנטאן, דער הארבאטש, וועלכער האט איבער זייא גע־וואכט וויא א שוטץ־ענגעל, און אויפגעפאסט, אז ניעמאנד זאל שטערען נאיז'ן אין איהר ליעבע.

אין א נאכט איז ער נאיז'ן געווארען איבערדריסיג, און זיא האט איהם גע־וואלט פערטרייבען. זיא האט געקענט לויפען וויא א יונגער הירש, און איהם זעהענדיג אין דער דונקעלהייט פון ווייטען, איז זיא צונעשפרונגען פול מיט תאווה און אויסגעשריען:

„וואס ווילסטו, פינסטערער קאליקע?"

„גאר נים," איז געוועזן זיין ציטערענדער ענטפער.

„ווארום פערפאלגסטו מיך?"

„ווייל איך וויל דיך שיטצען."

„איך פערלאנג עס נים!"

„איך בעט דיך, קומיך זיין דיין הונד, גלויב מיר, אז דוא וועסט מיך שוין נים זעהען און נים הערען, אָבער שטער מיר נים דאס פערגניגענען דיך צו שיטצען.“

זיא האט שוין געשוויעגען און איז צוריק געגאנגען.

ווען דיא געליעבטע וואָלטען געקענט הערען, ווערהערענד זייא האבען זיך גע־קושט און געליעבט און געשוואומען אין ליעבעס־פערגניגענען, דאן וואָלט געגרייכט צו זייערע אויערן א שטילעס כליפען. דאס איז געווען אנטאָן, דער געטרייער וועכטער, וועלכער האט געוויינט אין זיינע צוזאמענגעדריקטע פויסטען.

פון דאמאלס אָן, האבען זייא זיך שוין מעהר נים צופריעדען געשטעלט מיט דיא נעכט אליין. זייא האבען אויך אָנגעפאנגען צו בענוטצען דעם טאָג, ווען זייא האבען נאָר געפונען א געלעגענהייט.

צו אנאליזירען דיא ליעבע פון פערנאנד'ן צו יענער צייט, איז זעהר שווער. ווען מען וואָלט איהם זעלבסט געפרעגט:

„ליעבסטו נאיז'ן?“ וואָלט ער געענטפערט:

„מיר דאכט, אז יא.“

אָבער דאס איז נים געווען קיין ליעבע אָהנע א געוויסער אורזאכע, אפילו ווען ער האט געדענקט, אז ער ליעבט זיא.

נאיז האט איהם געקענט בעפריעדיגען אין זיין בעסטיאליטעט, וויפיעל ער האט געוואָלט, און נאך מעהר וויא ער האט געקענט פערלאַנגען. אויסער דעם וואס זיא איז געווען יונג, שטארק און אונשולדיג, האט זיא איהם איינפאך געליעבט מיט דעם גאנצען פייער פון א ריינעס פרויען־הערץ. פערנאנד האט נאָר בעדארפט בעפעהלען, און זיא וואָלט זיך אפילו ארונטער געוואָרפען פון דעם העכסטען פעלזען אין ים אריין, כל־זמן זיא וואָלט געוואוסט, אז דאס פערשאפט איהם פער־גניגענען.

ווער רעדט שוין פון דער בעפריעדיגונג פיר זיין קערפער.

פערנאנד האט געהאט קאפריזען. ליעגענדיג אין מיטען העלען טאָג אויף זיין ווייכעס בעט, נאכדעם וויא ער האט אָבגעגעסען א גוטען מיטאג און זיך אָנגעטרונקען מיט וויין, האט ער געקענט ערבליקען נאיז'ן דורך א פענסטער. זיא האט איהם צוגעוואָרפען א ליעבעס־בליק און ער האט אויף איהר געקוקט מיט דיא אויגען פון א וויסטלינג. אונגעאכטעט דארויף וואס אזא שריט וואָלט זעהר לייכט געקענט ענטדעקט ווערען, האט נאיז אלעס געוואגט, אבי זיין וואונש צו ער־פילען.

דאס ארמע מעדכען האט ניעמאלס נערעכענט, אפילו ניט אין איהר טרוים, אז פון דיעזער ליעבע קען איהר עפּעס גוטעס ארויס קומען. זיא האט גאַנץ גוט געוואוסט, אז פערנאַנד וועט זיא נאָר אזוי לאַנג ליעבען, וויא ער וועט זיין נאהענט פון איהר און זיא וועט איהם קענען פערשאַפען פערגניעגען. אָבער זיא איז אויך דערמיט צופריעדען געוועזן, און האט ניט געוואָלט יעמאַנד זאָל זאָגאר האבען א פערדאכט איבער פערנאַנד'ן און דאס זאָל איהם ערגערן.

„אום גאָטעס ווילען, פערנאַנד,“ האט זיא צו איהם געזאגט אין א טאָג. „אום מיר בעקימער איך מיך ניט; אָבער אום דיר, דוא זאָלסט נים ענטדעקט ווערען . . . ווארט ביז אבענד; ווירקליך, דוא וועסט זעהען, איך וועל קומען וואוהין דוא וועסט מיר הייסען.“

„אזוי וויל איך! יעטצט!“ האט ער ברוטאל אויסגעשריען.

יא, דאס ארמע מעדכען האט געציטערט, אז איהר ברוטאלער געליעבטער זאָל ניט געשענדעט ווערען.

ווען ער האט זיא געפּאַקט בייא טאָג אין קאָרידאָר, האט ער זיא געמוזט אומארמען און קושען. ווען מען איז געזעסען ביים טיש און נאָך האט דערלאַנגט ברויט אָדער טעלער, האט ער אויך געפונען איין אויסוועג וויא זיא וועניגסטנס צו בעריהרען.

אין דערזעלבער צייט אָבער, האט ער געגען זיין מוטער געשפּיעלט זעהר גוט זיין ראָלע. אין מאדאם ראָסטאַנד'ס נעגענוואַרט, האט ער ניט אויפגעהערט צו זידלען און בעליידיגען נאַיז'ן.

„זיא איז פויל וויא א קאַטץ!“ האט ער געשריען און דום וויא איין אייזעל! א טויג צו גאר נים. זיא עסט בלויז אומזיסט!“

און מאדאם ראָסטאַנד האט אויך גאר ניט געמערקט. איבערינענס, וויא זאָל דאס איהר איינפאַלען, אז איהר פערנאַנד, איהר קינד, איהר „אונשולדיגער“ זוהן, זאָל גאר האבען אזעלכע געדאַנקען. איבערהויפּט, וואָלט זיא זיך ניט געקענט פאָר־שטעלען אפילו, וויא איהר זוהן, דאס קינד פון עדעל־לייט, און ער אליין אויך איין ערעלמאַן, מיט דער איינגעשטודירטער עטיקעטע פון עהרע, זאָל גאר אויפהייבען זיינע אויגען צו אזא ארמעס מעדכען אום זיא צו פערפיהרען!

יא, זיא האט בלויז געגלויבט, אז איהר זוהן איז צו הארט, צו שטרענג צו נאַיז'ן, און ער דארף עס ניט טהון, ווייל עס פּאַסט גאר ניט פאַר אזא מענשען וויא ער איז, אריין צו געהען אין אזעלכע דרכים מיט א פּראָסטען בויער'ס א טאָכטער.

נאָך האָט אויך געשפּיעלט איהר ראָלע אויסגעצייכענט, זאָ דאָס אין א טאָג האָט זיך מאַראַם ראָסטאַנד געדאַכט, אַז זיא האָט בעמערקט טרעהרען אין נאַיזעס אויגען נאָך פערנאַנד'ס בעלייידיגונג.

„פערנאַנד!“ האָט זיא געזאָגט גאַנץ ערנסט. „איך פערשטעה דיך ניט; וואָס ווילסטו האָבען פון דער אָרמער נאַיז? נאָך אַלעמען, דאַרפסטו ניט פערגעסען, אַז זיא איז געוועזען דיין קאַמעראַדין אַלס קינד.“

„זאָל זיא זיין וואָס עס וויל זיך,“ האָט ער געענטפערט, „זיא איז אָבער יעצט איין אויסגעוואַקסענע, פויליע און שלים־מזל'דיגע מויד, וואָס פערדיענט זיך אפילו ניט דאָס שטיקעל ברויט.“

אויף'ן אַנדערען טאָג, נאָך דיעזער געשיכטע, האָט פערנאַנד דערזעהען נאַיז'ן הינטער'ן פענסטער. א בליק פון זיינע ווילדע אויגען, האָט זיא אריין געטריבען.

ער איז געלאָפען אויסגעשטרעקט אויף'ן בעט, און זיא, וויא א געטרייער און געהאָרזאַמער הונד, איז צו איהם צוגעגאַנגען. ווען זיא האָט זיך אריבערגעבויגען איבער איהם און ער האָט זיא אומאַרמט, האָט זיך פּלוצלינג דערהערט דאָס רוישען פון א קלייד אין קאָרידאָר.

נאַיז האָט זיך שנעל צוגעבויגען צו פערנאַנד'ס פיס, און מיט איהר טאַשענטוך האָט זיא זיך געמאַכט, אַז זיא ווישט זיינע שיך.

מאַראַם ראָסטאַנד האָט דאַן אויסגעזידעלט איהר זוהן דערפאַר.

„איך פערשטעה דיך ניט,“ האָט זיא געזאָגט. „זיא איז דאָך שוין א הויבשע מויד, און נאָך אַלעמען, קען איך זיא ניט בעטראַכטען אַלס קיין דיענסט. וויא הייסטו עס איהר זיא זאָל דיר בעווישען דיינע שיך אויף דיינע פיס? דוא מאַכסט דאָך פון איהר איין ערניעדריגטע שקלאַפין!“

„זיא האָט עס מעהר ניט ווערטה,“ האָט ער געענטפערט.

נאַיז און פערנאַנד האָבען נאָך געפונען אַנדערע געלעגענהייטען צו געניסען די פרוכט פון ליעבע. נאָך'ן עסען, האָט מאַראַם ראָסטאַנד אימער געוואָלט אַרויס געהען שפּאַצירען; איבערהויפּט אַבענד, ווען עס איז געוועזען קיהל און דיא לופט אַנגענעהם. אין אַזאַ צייט האָט זיא אָנגענומען איהר זוהן'ס אָרעם און איז אַוועק איבער דיא פעלדער, ווערענד נאַיז האָט איהר נאָכגעטראָגען א שאַל, פיעללייכט ווערט עס צו קיהל.

אַלע דרייא פלעגען אַרונטער געהען ביז צום ברעג פון ים און ערוואַרטען דיא אַנקונפט פון דיא סאַרדינען־פישער אום בייצוואָהנען דאָס בילד. אויף'ן ים,

פון ווייטען, האבען זיך נעזעהען צעהנדלינגער פאנארען ארומטאנצענדיג נעבען די שווארצע שיפלעך, וועלכע האבען נערודערט פארזיכטיג צום האפען.

ווען די סארדינען־פישער האבען צוריק נעקעהרט פון זייער ארבייט, איז עס אימער נעוועזען זעהר מונטער ביים ים. פון איבעראל האט זיך נעהערט א מונטערער נעשריייא און לארם, און פרויען וויא אויך קינדער, זיינען נעלאפען מיט קארבען אויף די הענד, אום אהיים צו נעהמען די סארדינען וואס זייערע מענער און עלטערן האבען נעפאנגען.

מאדאם ראסטאנד האט זעהר ליעב נעהאט זיך נוט איינצוקוקען צו אזא בילד, איבערהויפט, ווען די שיפלעך האבען נענרייכט דעם ברעג. צו דיעזער צייט, האט זיא איבערגעלאזט איהר זוהן׳ס ארעם און שטודירט די מענער, פרויען און קינדער ארום זיך.

פערנאנד האט דאן באלד נעפונען א נעלעגענהייט צו פערשווינדען אויף א האלבע שטונדע מיט נאיזן הינטער א פעלזען אדער בוים, און אבוואהל דאס מעדכען פלעגט איהם וועלען צוריק האלטען פון זיין אויפרעגונג, האט ער פון נאר ניט נעוואלט וויסען.

„ווירקליך, פערנאנד,“ האט זיא אימער צו איהם נעטענה׳עט, „וואס האסטו קיין צייט ניט? מען קען אונז דאך טרעפען.“

„וואס קימערט עס דיך? איך דארף מורא האבען, אבער ניט דוא.“

זיא האט איהם פערשטאנען און נעשוויענען. ער האט רעכט נעהאט; זיא האט ניט נעהאט וואס מורא צו האבען. זיא איז איבערהויפט נעוועזען שמאלץ אויף זיין ליעבע, און ווען זיא וואלט ניט נעוואוסט, אז ער זוכט דיעזע ליעבע צו בער־האלטען, וואלט זיא עס פראקלאמירט אין די גאסען. ער, אלזא האט בעדארפט מורא האבען, און ווען איהם האט עס ניט נעקימערט, האט זיא געווים ניט בע־דארפט האבען דאגענען.

אונטערדעסען האט דער אלטער ניקאלין בעמערקט עפעס אונגעוועהנליכעס. ער איז אבער נעוועזען וויא איין אלטער און גוט־ערפאהרענער יאגד־הונד, וועלבער עפענט ניט זיין מויל, סיידען ער איז איבערציינט, אז דאס טהיער וואס זיין נאז האט דערשפירט, איז ווירקליך נעבען איהם און נאהענט צום יענער. עס האט זיך איהם נעדאכט, ער האט זיך נעדייטעט, אז עפעס אונגעוועהנליכעס האט פאסירט מיט זיין טאכטער. נאר ער האט נעוואלט זיין זיכער, איידער ער עפענט זיין מויל.

ער איז נאך אימער נעפאָהרען גאנץ רעגעלמעסיג אויף׳ן ים פיש־פאנגען און איז צוריק געקומען מיט דערזעלבער האלטונג וויא אימער, ברומענדיג וויא א ווילדע חיה. מיט דער צייט, האבען זיינע קליינע און גרויע אויגען זיך געציינט אלס זעהר אתרוהיג און אונצופריעדען. מאנכע מאל האבען אויך דיעזע קליינע אויגען אויס־געזעהען וויא צווייא קוילען פייער פאר צאָרן, און פערצווייפעלטע אונגע־וויסהייט.

וואס האט עס פאסירט מיט נאיז׳ן?" האט ער זיך געפרעגט. ווארום איז זיא עפעס בלאס געוואָרען אונטער דיא אויגען? ווארום צייגט איהר געזיכט איין אונגעוועהנליכע מיעדקייט? ווארום האבען איהרע אויגען פערלוירען דעם ברע־נענדען גלאנץ פון אמאל? ווארום איז איהר בוזים אזוי אויסאנאנדער געוואקסען געוואָרע?

אין א פריוה־מאָרגען, האט ניקאָלין בעאָבאכטעט א היבשע צייט זיין טאָכטער און דער פערדאכט האט זיך טיעף איינגעגראבען אין זיין הארץ.

ער האט געוואָלט צוגעהן און זיא אָנגעהמען בייא איהר האלז, וואו ער זאָל מיט געוואלט ארויס דריקען דאס געהיימניס.

אָבער אין אזא פאל האט מען געמוזט רעדען און פרעגען.

וויא שלעכט ער איז געווען, האט ער עס דאָך ניט געוואגט אלס פאטער אזעלכע פראגען צו שטעלען זיין טאָכטער.

ער האט אָבער געוויטהעט און געשטורמט, און אָנגעפאנגען אויסצוזעטצען פעהלערן אין איהר גאנג און אין איהר קליידונג.

„וואס ווילסטו פון מיר האבען?" האט זיא געפרעגט אין כעס.

„וואס איך וויל!" האט ער געברומט, „איך וויל דיך דערווערגען!"

„ניין, דאס ועסטו ניט טהון," האט זיא געענטפערט מיט עזות.

„ניין? איך וועל עס ניט טהון?" האט ער געפרעגט שפּאָטיש. „און ווער ועט מיך ניט לאָזען?"

אָהנע ווייטער צו פראָטעסטירען, איז ער צו איהר צוגעלאָפען, און איהר געגעבען אזא קלאפּ אין געזיכט מיט זיין שווערען פויסט, אז ער האט איבערגע־שפּאַלטען איהר ליפּ.

דאס האט נאיז׳ן באלד דערמאָהנט אן איהר פאטער׳ס מערדערישען צאָרן, און זיא האט זיך שנעל צוריק געצויגען, אָהנע מעהר צו רעדען א וואָרט.

אבענד, ווען פערנאנד האט געקושט נאיז׳ן אויף׳ן מויל, האט ער דערשפירט איהר צושפּאָלטענע ליפּ.

„וואס איז דאס ? וואס האט פאסירט ?" האט ער האסטיג געפרעגט. „ווער האט דיר צושפאלטען דיין ליפ ?"

„עס איז גאר ניט," האט זיא געענטפערט. „עס איז בלויז א קלאפ וואס מיין טאטע האט מיר געגעבען מיט זיין הארטען פויסט."

איהר שטימע האט געקלונגען טרויעריג און וועהמיטהיג. פערנאנד איז געווען געריהרט.

„בייא גאט !" האט ער אויסגעשריען. „איך וועל עס ניט צו לאזען ! ער דארף דיך ניט שלאגען ! איך וועל איהם ווייזען, אז ער דארף מעהר ניט זיין קיין ווילדער בארבאר !"

„ניין, ניין," האט זיא געזאגט איהם בערוהיגענד. „דוא דארפסט דיך ניט שטוטצען אדער בעמיהען. דאס איז מיין זאך. עס וועט באלד אנדערש ווערען. . . ."

זיא האט פערנאנד'ן קיינמאל ניט דערצעהלט וואס פאר א בעהאנדלונג זיא קריעגט פון איהר פאטער. אבער אין דעם טאג, וואס דער אלטער ניקאלין האט זיא געשלאגען, האט זיא זיך מיט א ווילדער ליידענשאפט געווארפען אין פערנאנד'ס ארעם, און זיך איבערגעגעבען צו איהם מיט א ליעבעס־וואוטה. עס האט אויסגעזעהען בייא איהר, אז זיא האט זיך דערמיט געוואלט נוקם זיין אן איהר אונמענשליכען פאטער.

זייט דרייא וואכען, האט נאיז קיין נאכט פערפעהלט צו בעגעגענען פערנאנד'ן.

צום אנפאנג, איז זיא געווען זעהר פארזיכטיג, ערשטענס, אום איהם צו פערהיטען, און צווייטענס, האט זיא זעלבסט געשפירט, אז זיא בעגעהט עפעס וואס מען דארף ניט וויסען. זיא איז אבער מיט דער צייט געווארען גאנץ גלייכגילטיג און זיך געטראכט, אז וואס עס אנבעלאנגט איהר פאטער, קען עס שוין ניט זיין ערגער וויא עס איז.

דער לעטצטער אויפטריט אבער פון איהר פאטער, האט איהר איבערצייגט, אז עס גיבט נאך ערגערעס וויא שלעכט, און זיא האט גאנץ גוט געוואוסט, אז דער אלטער, אין זיין צארן, איז אימשטאנדע שרעקליכעס צו בעגעהען. זיא האט אלזא אנגעהויבען ווידער צו ווערען פארזיכטיג.

עס האט זיך איהר געדאכט, אז איהר פאטער'ס אויגען בליקען פון ערגיץ אויף איהר מיט א ביטערן פערדאכט און פאסען אויף אלע איהרע בעוועגונגען.

דאָן האָט זיא געהאַט איין אונערוואַרטעטע אונטעררעדונג מיט איהר מוטער.

דיא אַלטע האָט געקריגענען אַ בלויען צייכען אויף איהר באַק און דאָס לינקע אויג איז געווען פערלאָפען מיט בלוט.

„וואָס איז דאָס, מאַמאַ?“ האָט זיא געפרעגט.

„ער...“ איז געווען איהר ענטפער.

אין איהר פערווירונג, האָט נאַיז אויפ'ן פּלאַטץ ניט געקענט אין גאַנצען פערשטעהען וואָס איהר מוטער מיינט מיט דעם איינציגען וואָרט.

„וועמען מיינסטו?“ האָט זיא נאָך אַמאָל איבערגעפרעגט.

„איך מיין דיין טאַטען.“

„וואָרום?“

„איך ווייס ניט.“

„אָבער פאָרט, עס מוז דאָך זיין איין אורזאַכע?“

„עס איז זיין אַלטער שגעון פון אונרוהיגקייט.“

„וואָס מאַכט איהם אונרוהיג?“

„ער שלאָפט ניט דורך דיא נעכט; ער געהט אַרום פון צימער צו צימער, און ווען איך האָב איהם געפרעגט וואָס איז נייעס, האָט ער מיך גע־שלאָגען.“

נאַיז'ן האָט וועה געטהאָן דאָס האַרץ קוקענדיג אויף איהר מוטער. אָבער עס איז ניט געווען קיין נייעס און עס האָט ניט פּאַסירט צום ערשטען מאָל.

זעהענדיג פערנאַנד'ן און בעמערקענדיג זיין אַנציהענדען בליק, האָט זיא באַלד אָן אַלעמען פערגעסען, און דער ברענענדער וואונש צו זיין נאָך אַמאָל מיט איהם צוזאַמען, האָט זיך ווידער אין איהר ערוועקט.

אויפ'ן דריטען טאָג, האָט זיא ווידער פערלוירען איהר פאָרזיכטיגקייטס־גע־פיהל, און זיא האָט געהאַלטען אין איין פאַנטאַזירען פון דעם אָבענד, ווען זיא וועט ליגען אין פערנאַנד'ס אָרעם.

ווען עס איז נאַכט געוואָרען, האָט זיא שנעל פערטיג געמאַכט אַלע איהרע אַרבייטען און דאַן איז זיא געגאַנגען צו בעט.

אָבער זיא האָט ניט געשלאָפען.

זיא האָט בלויז געהאַלטען איהרע אויגען געשלאָסען און זיך פאָרגעשטעלט דעם געגום פון איהר ליעבע.

פונקט אום עלף אוהר, האט זיא זיך לאנגזאם אויפגעהויבען און האט זיך געטראכט, אז זיא וועט מעהר ניט פערבלייבען וויא איין שטונדע אין דרויסען.

זיא האט גערעכענט, אז איהר פאטער, אין ערשטען פעסטען שלאף, וועט געוויס ניט ערוואכען. און ווען זיא וועט צוריק קעהרען, וועט ער זיא מעגען זוכען.

פערנאנד האט איהר שוין ערווארטעט אונטער דעם אליוועךבוים.

„וואס איז מיט דיר?“ האט ער געפרעגט.

„גאר ניט.“

„ווארום ביסטו ביז יעטצט ניט געקומען?“

„ווייל איך בין געוועזען זעהר מיעד פון דער ארבייט, און איך האב מיך פערשלאפען.“

„נו, אלזא, קום לאמיר ווייטער געהען.“

„ניין.“

„ווארום?“

„ווייל איך בין זעהר מיעד, דיא פיס טהון מיר וועה.“

דאס איז געוועזען וואהר. דיא ארמע נאיז האט דיא לעטצטע צווייא נעכט אויך ניט פיעל גערוהט, און בייא טאג, האט זיא ניט געקענט שלאפען, וויא פערנאנד פלעגט טהון.

זייא האבען זיך אוועק געלייגט אויף׳ן גראז און געבליקט צום אויסגעשטערענטען הימעל. דאן האט נאיז פערגעסען אן אלעמען און זיך איבערגעגעבען אין איהר ליעבע צו פערנאנד׳ן מיט א מערקווירדיגער אויפרעגונג און אונטערגעבענהייט.

נאכדעם האט זיא זיך אנגעשפארט אויף זיין ארעם. ער איז באלד איינגעשלאפען. עס האט ניט פיעל געדויערט, און דיא מיעדקייט האט בעהערשט איהר פארזיכטיגקייט. אויך זיא האט געשלאסען איהרע אויגען, און נעבען דער ברוסט פון איהר געליעבטען איז זיא פערזונקען אין פערגעסענהייט און זיסע חלומות.

ליעגענדיג ארעם אין ארעם, האבען ביידע גלייך איינגעאטהעמט דיא קיהלע און פרישע לופט.

קיין זאך האט זיך בעוואוגען. נאר פון ווייטען האט זיך צייטענווייז געהערט איין אונטערדריקטער געראיש פון א ים־וועללע, און ארום זייא האט טאנצט מאל ז א גריל אבגעגעבען א נאכט־קאנצערט.

אלעס האט אויסגעזעהען אזוי גליקליך און שטיל וויא דיא צווייא שלאָפענדע געליעבטע.

עס זיינען פאָראיבער היבשע עטליכע מינוטען, ביז עס האט זיך פּלוצלינג בעוויזען א שווארצער שאטען פון ווייטען, וועלכער האט אויסגעזעהען גערוישלאָז נעהנטער צו שוועבען.

עס איז געוועזען דער אלטער ניקאָלין.

נאיז האט ניט שלעכט גערעכענט, ווען זיא האט געטראכט, אז ער איז פערזונקען אין ערשטען שלאָף. אבער זיין אונרוהיגקייט און פערדאכט, וויא אויך זיינע עלטערע יאָהרען, האבען געשטערט זיין אמאָליגען שווערען שלאָף, און א נאהענטער שאָרך האט איהם אויך געקענט אויפוועקען.

וועהרענד נאיז איז ארויס פון הויז, האט זיא געמוזט עפענען א פענסטער. דאס האט איהם אויפגעוועקט. ער איז געבליעבען ליעגען מיט דיא אויגען אָפען און זיך צוגעהערט.

אלעס איז געוועזען שטיל.

ער איז אזוי געלעגען ביינאהע 15 מינוטען, אבער ער האט מעהר ניט גע־קענט איינשלאָפען. ער האט דערפאר בעשלאָסען צו געהען אליין נאכקוקען וואס עס האט פאסירט.

לוים אלטער געוואָהנהייט, האט ער גענומען אין זיין האנד א העקעל אלס וואפען. ער איז פריהער אריין אין זיין ווייב'ס צימער. זיא איז געלעגען און גע־שנאָרכט. דאן איז ער אריין אין צווייטען צימער, וואו נאיז פלעגט שלאָפען.

איהר בעט איז געוועזען לעער.

ער איז שנעל צוגעגאנגען צו דער טהיר, געעפענט און איז ארויס אין דרויסען. אלעס ארום איז געוועזען שטיל, און ער האט ניט געוואוסט וואוהין ער זאָל געהען זוכען.

אבער אָהנע פיעל צו קלערען, איז ער געגאנגען אין דער ריכטונג פון דיא בוימער. אָנקומענדיג ניט ווייט פון דעם אָליווען־בוים, האט ער בעמערקט א שווארצען שאטען אָדער פלעק אויפ'ן גרינעם גראָז.

מיט דער לייכטיגקייט פון א געניטען יעגער, האט ער זיך אהין דערנעהנטערט. ער האט באַלד דערקענט נאיז'ן מיט פערנאנד'ן.

זיינע צייהן האבען זיך צוזאמענגעדריקט און געקריצט. דאן האט ער קראַמפּ־האַפט אויפגעהויבען זיין האַק.

א לייכטער וועהמיטהיגער נעשרייא האט זיך ארוים געריסען פון זיין ברוסט.

אבער דיא צוויא יונגע מענשען האבען ניט ערוואכט.

ער האט דיא האק העכער אויפגעהויבען, גלייך וויא ער האט איהר געוואלט געבען מעהר מאכט צום קלאפ. אבער פלוצלינג האט ער צוריק ארונטער געלאזען זיין האנד מיט דער האק.

ער האט אזוי ניט געקענט מארדען.

ניקאלין, אין זיין גרעסטער וואוטה, האט זיך אויך געקענט בעהערשען, דארום וואו עס האט זיך געהאנדעלט אום מורא צו האבען פאר א רעד זולטאט.

שלאגען זיין ווייב און זיין מאכער, האט ער געקענט ווען ער האט געוואלט. ניעמאנד האט איהם געקענט עפעס טהון דערפאר. אבער ערמארדען דעם זוהן פון זיין בעל־הבית, פון זיין ברויט־געבער, איז געווען א געוואגטער שריט.

איברינגענס, אזא טהאט לאזט צוריק א שפור; עס ווערט א בלוט־פלעק; מען ערקלערט עס איבעראל אלס א מארד; איין אונטערזוכען מיט פראגען פאלגט, און עס קען ווערען אונאנגענעהם.

ער האט זיך עטוואס אבגעווענדעט און געשפירט א שוידער איבער זיין גאנצען אלטען קערפער. זיין הארץ האט זיך איהם פערקלעמט. אויף זיין שטערן זיינען גע־בליעבען שמעהען צווייא קנייטשען, גלייך וויא זייא וואלטען דארט פערשטיינערט געווארען.

ער האט זיך דערבייא עראינערט אן דיא ווערטער, וואס זיין פאטער האט אמאל געזאגט:

„א בויער טאר זיין בעל־הבית ניט דערהרג׳ענען עפענטליך, ווייל דער בעל־הבית, אפילו טוידטערהיים, איז ער נאך אימער דער שטארקערער.“

ניקאלין האט געשאקעלט מיט׳ן קאפ, און גלייך וויא א דערשראקענער וואלף, האט ער זיך אבגערוקט און איז פערשוואונדען געווארען, צוריק לאזענדיג דיא צווייא געליעבטע אין א רוהיגען און זיסען שלאף.

פארטאג, האט נאיז ערוואכט. אן דעם מארגען־רויט, אויף׳ן הימעל אין מזרח־זייט, האט זיא בעגריפען, וויא שפעט עס איז. זיא האט אויפגעציטערט איבער איהר אונפארזיכטיגקייט.

„שטעה אויף, פערנאנד,“ האט זיא געזאגט, אויפוועקענדיג איהר גע־ליעבטען.

ער האט ערוואכט און זיא אומארמט.

„ניין, ניין ניט יעטצט מעהר,“ האט זיא געמורמעלט זיך בעמענדינג. „עס איז זעהר שפעט; איך מוז אהיים לויפען.“

זיא האט זיך אונהעפליך פון איהם בעפרייעט און איז ענטלאָפען אהיים. אנקומענדיג אהין, האט זיא געטראָפען איהר פענסטער אין דערזעלבער לאגע וויא זיא האט עס צוריק געלאָזען.

דאס האט זיא אביסעל בערוהיגט.

ביים פריהשטיק, האט ניקאָלין רוהיג בעמערקט, וויא נאַיז האט גענעסען איהר ברויט און האט זאָגאר ניט געוויעזען איהר געוועהנליכע אויפרעגונג.

נאַיז האט זיך געטראכט, אז איהר פאטער וויים פון גאר ניט, און דאס האט איהר געטרייסט.

## פיערטעס קאפיטעל.

„מאַנסיע פערנאנד, ווארום פאָהרט איהר ניט אביסעל אויס אויף'ן ים?“ האט אין איין אבענד געפרעגט דער אלטער ניקאָלין, זייענדיג זעהר פריינדליך.

מאדאם ראָסטאנד, וועלכע איז געזעסען אין דרויסען אויף א ביינקעל הינטער א בגייט־צווייגינען בוים, איז געווען בעשעפטיגט אין שטיקען א טאשענטוך. איהר זוהן, וועלכער איז געלעגען צו איהרע פים, האט זיך אונטערהאלטען דערמיט, וואס ער האט געוואָרפען קליינע שטיינדלעך פון א הויפענדעל זאמד.

ער האט אנפאנגס ניקאָלינען ניט געזעהען, נאָר הערענדיג זיין שטימע, האט ער זיך צו איהם אומגעקוקט.

„הא, פאטער ניקאָלין,“ האט ער געזאגט, „וואס מאכט איהר?“

„איך דאנקע; איך פרעג נאָר, אויב איהר האט שוין אויפגעגעבען דאס פערגניגענען פון פאָהרען אויף'ן ים?“

„עס מאכט מיר ווירקליך ניט מעהר קיין פערגניגען. דיא וואהרהייט איז, אז איך בין אין דער לעצטער צייט זעהר פויל געוואָרען, און איך ציה פאָר צו בלייבען אויף'ן פלאטץ.“

„עס איז ניט שעהן פון אייך,“ האט דער אלטער געזאָגט זיך ערלויבענדיג א שפאס. איהר זייט יונג און מוזט ניט זיין פויל. זעהט, ווירקליך, נעכטען איז געווען א הערליכער און גליקליכער טאָג. ווער עס האט אויסגעשטעלט נעטצען, האט

זייא ארויס גענומען געפאקט מיט פיש. עס איז יעטצט אקוראט דיא ריכטיגע צייט, ווען אלערלייא פיש לויפען, און דער אונטערהאלט איז גרויסארטיג. איך צווייפעל ניט, דאס ווען איהר זאָלט עס נאך איינמאל פראָבירען, וואָלט איהר געזעהען, וואס פאר א שפאס דאס וואָלט אייך פעראורזאכט. ווירקליך, עס וואונדערט מיך אויף אייך; איהר האט דאך אימער אזוי ליעב געהאט דעם פיש־פאנג. כלעבען, בעגלייטעט מיך מארגען פריה. און איהר וועט זעהען וויא גוט איהר וועט זיך אונטערהאלטען."

ניקאָלין האט געמאכט אזא גוטע מיענע מיט זיין געזיכט, אז פערנאנד, וועלכער האט געדענקט איבער נאיז'ן, האט איהם ניט געקענט אָבזאגען.

„אלזאָ," האט ניקאָלין נאך אמאל געפרעגט, „וואס זאגט איהר? וועט איהר מיטפאָהרען?"

„יא, יא, איך וועל מיטפאָהרען, נאָר..."

„וואס מיינט איהר?"

„איך וויל ווירקליך פאָהרען, נאָר, וויא איך האב אייך פריהער געזאגט, בין איך לעטצטענס זעהר פויל געוואָרען. ווען איהר ווילט קומען מיך אויפוועקען, וואָלט זעהר גוט געוועזען."

„ווען זאָל איך קומען?"

„פריה, אונגעפעהר אום 5 אוהר. און ווען איך וועל פעסט שלאָפען, זאָלט איהר מיך וועקען."

מאדאם ראָסטאנד האט דיא שטיקערייא אוועק געלייגט, און זיך אומגע־קוקט. זיא האט אויסגעזעהען צו ווערען זעהר אונרוהיג פון איהר זוהן'ס בעד־שלום.

„איהר דארפט זיין זעהר פאָרזיכטיג," האט זיא בעמערקט. פערנאנד, איך האב אימער זעהר מורא ווען דוא פאָהרסט ארויס אויף'ן ים."

„איהר דארפט קיין מורא ניט האבען, מאדאם ראָסטאנד," האט זיך ניקאָלין אריינגעמישט. „איך בין דאך ניט קיין קינד, און דאן בין איך דאך גרוי און אלט געוואָרען פאָהרענדיג אויף'ן ים. איהר מעגט זיך פערלאָזען אויף מיר."

אויף'ן אנדערן מאָרגען איז ניקאָלין צוגעקומען צו פערנאנד'ס פענסטער.

„מאָנסיע פערנאנד!" האט ער געשריען עטליכע מאל, נאָר דאס פענסטער איז אימער געבליבען געשלאָסען. פערנאנד האט צו געשמאק געשלאָפען אום איהם צו הערען.

„נאַיז!“ האט דאן דער אלטער געדופען.

זיין טאָכטער איז באלד ערשיענען.

„נאַיז,“ האט ער נאך אמאל געזאנט זיא ועהענדיג, „געה דהא ארויף צו איהם, דיך ווער ער פיעללייכט בעסער הערען. וועק איהם אויף, און זאג, אז איך וואַרט דאָ אויף איהם.“

נאַיז האט ניט בעמערקט דיא אונטערדריקטע וואוטה אין איהר פאטער'ס שטימע.

זיא איז ארויף און אָנגעפאנגען צו וועקען פערנאנד'ן.

ער האט געשפּענט דיא אויגען און זיך אומגעקוקט. ווען ער האט דערקענט נאַיז'ן, האט ער זיא געפרעגט:

„וואס איז נייעס?“

„מיין פאטער רופט דיך,“ האט זיא געענטפערט.

דאן האט ער זיא אריינגעשלעפּט אין זיין ווארעמעס בעט, אָבער נאַיז האט איהם נאָר געגעבען א קוש און זיך שנעל פון איהם בעפרייעט.

„אום גאָטעס ווילען! יעטצט ווילסטו מיט מיר מאכען געשעפטען?“ האט זיא אויסגערופען ווערענדיג אין כעס. „געה ארונטער שנעל פון בעט, און לאָז מיין פאטער קיין פערדאכט ניט קריעגען.“

זיא איז דאן שנעל ארויס פון דעם צימער.

מיט צעהן מינוטען שפּעטער, איז דער יונגערמאן ערשיענען, פערטיג געקליידעט צום פישפאנג אויף'ן ים.

פאטער ניקאָלין האט איהם רוהיג ערווארטעט אין דרויסען, וואו ער איז געזעסען אויף א שטיין און העפטיג געצויגען זיין לולקע.

ווי פערנאנד איז ערשיענען, האט זיך ניקאָלין אומגעקוקט און בעמערקט.

„אַך, מאָנסיע ראָסטאנד,“ האט ער געזאגט, „עס איז שוין גאנץ קיהל אין דרויסען. איהר מעגט זיך מיטנעהמען א ווארעמעס האלדטוך“.

נאַיז איז דאן ווידער ארויף אין צימער אום ארונטער צו ברענגען דעם האלדטוך.

מיט עטליכע מינוטען שפּעטער, האבען ביידע מענער שפּאצירט צום ברעג פון ים, ווערענד נאַיז איז געשטאנען פון ווייטען און זייא נאכגעקוקט. ווען זייא זיינען אוועק עטליכע צעהנדליג שריט, האט זיך ניקאָלין אומגעקוקט און בעמערקט זיין טאָכטער.

ארום זיין מויל האבען זיך געבילדעט צווייא טיפע קארבען און זיינע אויגען האבען אויפגעפלאטט וויא בייא א ווילדער חיה. אָבער ער האט גאר ניט געזאָגט.

זייט דיא לעצטע 5 טעג, האט זיך ערהויבען לאנגזאם א נאָרד־וועסט שטורם־ווינט, און ער האט זיך מיט יעדער שטונדע געשטארקט, זאָ דאס ער איז ענדליך געוואָרען זעהר וויטהענד און אויפגעברויזט דעם גאנצען ים. מיט א טאָג פריהער, האט זיך דער ווינט בערוהיגט בייא זונען־אונטערגאנג און נאך אמאל אָנגעפאנגען צו וויטהען בייא זונען־אויפגאנג.

אין דיעזען מאָרגען, האט דער ים ווידער אמאל אָנגעפאנגען צו קאָכען און זידען, און דיא וועללען וואס האבען געפאטשט איינע דיא צווייטע, האבען אויפגעשלאָגען גאנצע בערג מיט שנעע־ווייסען שוים און זייא צוגעטראָגען צום ברעג. דיא וועללען האבען אויסגעזעהען טונקעל־בלוי און אונהיימליך.

דער הימעל האט אויסגעזעהען כמעט וויים און לויטער וויא קריסטאל. דיא לופט איז געוועזען מערקווירדיג ריין, און מארסייל, וואס איז געלעגען פון וויטען, האט זיך ארויס געזעהען מיט אלע איהרע טויערן, און עס איז בייגאהע מעגליך געוועזען איבערצוצעהלען דיא הייזער.

„דער ים איז אונרוהיג,“ האט פערנאנד בעמערקט.

„ניט זעהר שטארק,“ האט ניקאָלין געענטפערט.

„נאך ניט שטארק?“

„אח, דאס איז א קינדער־שפיעל געגען אנדערע יאהרעס־צייטען.“

„איז עס ניט געפעהרליך?“

„וואס פאר א געפעהרליך!“

„אָבער מיר וועלען גוט צוטרייסעלט ווערען פאַתרענדיג היינט.“

„פיעללייכט.“

זייא האבען געגרייכט דעם ברעג און ניקאָלין האט איינגעשטיגען אין שיפעל. ער האט דאן געווארט ביז פערנאנד איז אריין.

דער אלטער ניקאָלין האט אָנגעפאנגען שטילשווייגענד צו רודערן.

פערנאנד איז געשטאנען הינטער איהם, בעטראכט זיין רוקען און גערעכנט איבער נאָזין. ער האט געקוקט אויף זיין האלדזנאקען, וועלכער איז געוועזען ברוין פון דיא ברענענדע זונען־שטראהלען. דיא אויערן זיינען אויך געוועזען פון דערזעלבער פארב. אויף איין אויער, האט ניקאָלין געטראָגען איין אוירינגעל, וויא דיא מאָדע איז אין יענער געגענד.

דאן האט זיך פערנאנד געזעטצט, און בליקענדיג אין דעם קלארען וואסער, האט ער בעמערקט אויף מאנכע פלעטצער דעם גרונד, און וויא שנעל ניקאלין האט גערודערט. ענדליך זיינען זייא אריין אין דער גרעסטער טיעפקייט; ער האט געזעהען שטיקער גרינע גראזען פון ים ארום שווימען; ארום און ארום איז געווארען אונהייטליך, און דאס האט פערנאנד'ן אויפגערעגט, און איהם אויף טרויעריג גע־מאכט.

עס האט איהם באנג געטהאן, ווארום ער איז געפאהרען.

„זעהט, זעהט, פאטער ניקאלין,“ האט ער געזאגט, „וויא דער ווינט שטארקט זיך. ווירקליך, מיר איז אונאנגענעהם. איך בעט אייך, זייט פארזיכטיג. איהר ווייסט דאך, אז איך קען ניט שווימען, און בייא דער מינדעסטער געפאהר, בין איך א פערלוירענער מענש.“

„איהר קענט ניט שווימען?“ האט ניקאלין געפרעגט זיך אומקוקענדיג, גראדע וויא ער האט עס ביז דאמאלס גאר ניט געוואוסט. דאן האט ער זיך בע־רוהיגט און געענטפערט מיט זיין טרוקענער שטימע: „איך ווייס, איך ווייס, ריכטיג, איהר קענט מאקי ניט שווימען.“

און ניקאלין האט גערודערט פארווערטס, אונאונטערבראכען.

דאס שיפעל האט געטאנצט זעהר אונרוהיג אויף דיא גרויסע וועללען, און צייטענווייז האט א וועללע אריינגעשפריטצט אינווענייג.

פערנאנד האט געציטערט, נאר ער האט דאך ניט געוואלט ארויס ווייזען, אז ער האט מורא. ער האט זיך דערפאר געמאכט מוטה, און געשוויעגען.

אונטערדעסען האט ער שטיל געזיפצט, און זיך געטראכט, אז ער וואלט גע־געבען א היבשע סומע געלד, ווען ער זאל קענען זיין צו הויז.

אבער ניקאלין האט ניט אויפגעהערט שנעל צו רודערן און דאס שיפעל האט יעדעס מאל שטארקער געשליידערט. פערנאנד האט פערלוירען זיין געדולד און אויסגעשריען:

„צום טייפעל! וואו האט איהר דען אייערע נעטצען היינט געלאזען? פאהרען מיר אפשר נאך אלזשיר? וואו האט איהר מיך פערשלעפט?“

ניקאלין האט זיך ניט אומגעווענדעט און בלויז געענטפערט גאנץ רוהיג:

„ווארט, ווארט, מיר וועלען שוין אנקומען.“

פלוצלינג האט ניקאלין אויפגעהערט צו רודערן, אומגעדרעהט דאס שיפעל און אנגעפאנגען צו זוכען דיא אויסגעשטעלטע צייכענס פון דיא נעטצען. אבער

עס איז גראדע נים געווען דער פלאַץ, און ער האט אָנגעפאַנגען ווייטער צו רודערן. נאך פינף מינוטען צייט, האט ער געפונען דיא צייכענס וואו דיא נעטצען זיינען געווען.

וויא ער האט זיך איבערציינגט, אז ער האט געפונען וואס ער האט געזוכט, האט ער זיך אומגעווענדעט מיט זיין געזיכט נאך לא בלאַנקארד, און איז געבליבען שטעהען עטליכע סעקונדען אין טיעפען נאכדענקען און בעטראכטונג.

פערנאנד, וועלכער האט אויפמערקזאם בעטראכט וואוהין ניקאָלין קוקט, האט אויך בעמערקט, אז צווישען דיא בוימער אויף'ן ברעג פון לא בלאַנקארד, האט זיך געזעהען א ווייסער פלעק.

דאס איז געווען נאיז, וועלכע איז דאָרט געשטאַנען מיט איהר ווייסעם קלייד און אימער נאכגעקוקט וואוהין דאס שיפעל איז געפאָהרען.

ניקאָלין און פערנאנד האבען ביידע געוואוסט, אז דאָרט געפינט זיך נאיז. ניקאָלין האט פערשטאַנען, אז זיין טאָכטער האט איבער איהם א פערדאכט, און דערפאר פאַסט זיא אויף. ווערענד פערנאנד האט זיך געמערקט, אז דיא פערליעבטע נאיז קען זיך גאר נים אָבּרייסען פון צו קוקען אהין וואו ער געפינט זיך.

ביידע האבען אלזאָ נים געשפראָכען איבער נאיז'ן.

„וויפיעל נעטצען האט איהר אויסגעשטעלט?“ האט פערנאנד געפרעגט.

„פינף און דרייסיג,“ האט ניקאָלין געענטפערט.

„ווילט איהר זייא יעטצט ארויס נעהמען?“

„יא.“

„איהר אליין?“

„געווים.“

ניקאָלין האט אָנגענומען א שווימענדען שטריק און אָנגעפאַנגען ארויס צו ציהען דיא נעטץ.

דיא טיעפקייט איז געווען אונגעהייער, און עס האט אויסגעזעהן, אז פון דעם שטריק נעהמט גאר קיין ענדע.

ענדליך איז ערשיענען דער גרויסער שטיין, וועלכער האט פעסט געהאלטען דיא נעטץ צום גרונד און דאן איז אויך געקומען דיא נעטץ אליין. אינוועניג זיינען געווען דרייא שעהנע פיש, וועלכע האבען אויסגעזעהען וויא פייגעל ארום טאַנצענדיג אין א שטיין.

אין דער צווייטער נעטץ איז גאר נים געווען, נאָר אין דער דריטער איז

געלעגען זעהר א לאנגער איילפיש, ועלכער האט זיך געווארפען וויא א מעכטיגע שלאנג.

בייא דיעזען אנבליק, האט פערנאנד זיך געפיהלט שטארק בעגייסטערט איבער דעם שעהנעם פאנג, און אהנע אזוי פארזיכטיג צו זיין וויא פריהער, האט ער זיך צוגערוקט צו דער זייט פון שיפעל און זיך שטארק אריבער גע־בויגען.

בייא יעדען קלאפ פון דעם פיש, האט ער געשפירט דאס פערגניגען פון דעם יענער, ועלכער האט ענדליך ערשאפען דאס ווילדע טהיער וואס ער האט לאנג פערפאלגט, און דאס טהיער צאפעלט זיך בייא זיינע פיס צווישען לעבען און טויט.

אונטערדעסען האט ניקאלין אנגעפאנגען ארויס צו ציהען איין נעץ נאך דער צווייטער און זייא אלע אריינגעלייגט אין שיפעל. אין אלע צוזאמען האבען זיך געפונען 15 פונט פיש, וועלכעס ווערט אין יענער געגענד בעטראכטעט אלס ■ גליקליכער פאנג.

„איז דאס אלעס?“ האט פערנאנד געפרעגט.

„יא.“

„און יעטצט?“

„יעטצט וועלען מיר זיך אומקעהרען.“

ער האט דיא נעטצען צוזאמענגעלייגט אין גוטער ארדנונג אין דער אונ־טערשטער זייט פון שיפעל, דאן האט ער אויפגעצויגען דיא זעגעל און זיך פארבער־רייטעט צום רודערן.

„וואס מיינען אייך דיא זעגעל?“ האט פערנאנד געפרעגט.

„אום שנעלער צו פאהרען.“

„עס איז דאך אבער זעהר שטירמיש?“

„שאדעט נים.“

„איך האב גערעכענט, אז מיר זאלען היינט נים אויפציהען קיין זעגעל; עס איז זיכערער בלויז צו רודערן.“

דער אלטער האט אויפגעצויגען מיט דיא אקסלען און נים געענטפערט. אין זיין מיענע איז געלעגען דער אויסדרוק פון: „איך וויים שוין וואס איך טהו.“

איידער ער האט גוט איינגעצויגען דיא זעגעל, האט ניקאלין נאך געווארפען א בליק נאך לא בלאנקארד. נאיז, אין ווייסען קלייד, איז נאך אימער דארט

געשטאנען. זיין געזיכט איז פערפינסטערט געוואָרען. זיינע אויגען האבען אויסגע־זעהען אויפצופלאַמען מיט צאָרן.

דער ווינד האט געשלאגען רעכטס און אנשטאט אומצו־ווענדען דעם זעגעל נאך נאָרדען, האט ניקאָלין געמאכט א פאלשע בעוועגונג. דער ווינד האט דאן מיט גרויסער געוואלט צוריק געשלאָגען דיא ליינוואנד. דאס שיפעל האט זיך געגעבען א פירכטערליכען שאָקעל, גלייך וויא עס האט געוואָלט איינזינקען אין ים.

פערנאנד האט זיך בלויז אזוי פיעל עראינערט, דאס ער איז אַרונטער גע־פלויגען פון שיפעל און איז אריין אין וואסער.

ער האט ארויס געלאָזען א פערצווייפעלטען געשרייא און דיא וועללען האבען איהם פערשלונגען.

שפעטער, ווען ער האט געעפענט זיינע אויגען, האט ער זיך געשפירט דורכ־געפרוירען און שרעקליך מיעד.

ער איז גערעטעט געוואָרען דורך א וואונדער. גראדע ווען דאס אונגליק האט פאסירט, זיינען אָנגעקומען צווייא פישער מיט שיפלעך און בעמערקט וואס עס האט פאסירט. פאר ניקאָלינען איז אונמעגליך געווען אומצוקעהרען דאס שיפעל געגען דעם ווינד. און דאן, ווען ער האט עס פראָבירט, איז ער אליין אויך ארויס גע־פאלען פון דעם שיפעל.

דיא פישער האבען ארויס געצויגען פערנאנד'ן, און איהם גערעטעט פון א זיכערן טויט. פאטער ניקאָלין, וועלכער איז געווען א טיכטיגער שווימער, איז צוגע־שוואומען ביז צום ברעג.

ווען דאס אונגליק האט פאסירט, איז נאך מאדאם ראָסטאנד געשלאָפען. מען האט איהר אפילו באלד נאכהער מיטגעטהיילט דאריבער, אָבער מען האט מורא געהאט איהר צו דערצעהלען וויא גרויס דיא געפאהר איז געווען.

ווען ניקאָלין און פערנאנד האבען זיך ביידע בעגעגענט, האט דאס וואסער שטארק גערונען פון זייערע קליידער.

„צום טייפעל!“ האט פאטער ניקאָלין געשריען. „מיר זיינען שוין געווען מיט אלעמען פערטיג און געוואָלט אהיים פאָהרען. פלוצלינג האט דער ווינד געמאכט א ווענדונג און איבערגעקעהרט דאס שיפעל! דאס הייסט שלים־מזל!“

ווען ניקאָלין האט זיך אומגעקוקט, האט ער בעמערקט נאיז'ן שטעהען געגענ־איבער איהם. איהר געזיכט איז געווען אזוי בלאס וויא קאלך, און פון איהרע אויגען האט געפונקעלט איין אונהיימליכעס פייער.

„האסטו געהערט פון אונזער אונגליק?" האט ניקאָלין זיך געווענדעט צו זיין מאַכטער. „דאס איז, אז מען האט קיין מזל נים."

„קיין מזל נים?" האט זיא זיך איהם האלב נאכגעקרימט. „געווים איז עס קיין מזל נים. ווען מען וויל גראדע זעגלען פלוצלינג געגען דעם ווינט, דאן מוז וואס געשעהען."

ניקאָלין איז שטארק אויפגערעגט געוואָרען.

„פוילע שקאפע!" האט ער אויסגעשריען שטארק אויפגערעגט. „ווער האט דיר דאס געזאגט, אז איך האב געזעגעלט געגען ווינט? אוועק פון דאנען, ווייל איך וועל דיר באלד צוברעכען דיין קאָפּ!"

נאָיז האט זיך נאך שווערער מיה בערוהיגט און אָנגעפאנגען זיך צוריק צו ציהען.

דער פאל האט געווירקט איבער פערנאנד'ן, אז ער איז געלעגען א גאנצען טאָג אין בעט. אויף'ן אנדערן מאָרגען האט ער געפונען נאָיז'ן זיטצענדיג זעהר פער־טראכט און טרויעריג.

ווען ער האט זיא געפרעגט, אויב זיא וועט איהם אין יענעם אבענד בע־געגענען אויף דעם געוועהנליכען פלאטץ, האט זיא זיין איינלאדונג צוריק געוויעזען.

„ווארום? ווארום?" האט ער ניינגעריג געפרעגט.

אָהנע איהם א וואָרט צו ענטפערן, איז זיא פערשוואונדען געוואָרען.

מיט צווייא נעכט שפעטער, האט זיא איהם בעגעגענט אין קאָרידאָר.

„וואס איז מיט דיר?" האט ער געפרעגט.

„גאר נים," האט זיא געענטפערט.

דאן, אָהנע צו ווארטען אויף א צווייטער פראגע, האט זיא איהם ליידענ־שאפטליך אומארמט און געקושט.

זייא זיינען אוועק, און צוגעבראכט דיא נאכט אונטער דעם פרייען הימעל.

נאָיז האט אונטערדעסען ניעמאלס געוואָלט ערצעהלען פערנאנד'ן וואס זיא בעאונרוהיגט זיך איבער איהם. דערפאר אָבער, האט זיא פון טאָג צו טאָג אלץ אויפמערקזאמער איבער איהם געוואכט.

„איז דאס מעגליך, אז מיין פאטער וויל איהם ערמאָרדען?" האט זיא זיך געפרעגט. „ווארום? וואס פאר איין אורזאכע האט ער? ער וויים דאך נים פון אונזערע פערהעלטניסע?"

זיא האט נאטירליך ניט געקענט טרעפען, אז איהר פאטער האט אלעס
ענטדעקט אין יענער נאכט, ווען ער האט זייא ביידע געטראָפען שלאָפענדיג גע־
ארעמט.

נאיז האט מעהר קיין זאך בעמערקט וואס זאָל ערוועקען אין איהר פערדאכט
און דאס האט זיא אביסעל בערוהיגט. אָבער צום ענדע פון דער וואָך, איז ווידער
איינגעטרעטען צווייפעל און פערדאכט.

דיא אורזאכע דערפון איז געווען פאָלגענדע: דער אלטער ניקאָלין האט ניט
נאָר אויפגעהערט זיא צו שלאָגען און זידלען, זאָנדערן ער איז אויך צו איהר גע־
וואָרען מילד, און צייטענווייז האט זיך בעוויעזען זאָגאר א שמייכעל אויף זיינע
ליפען. אָבער נאיז האט איהם גוט געקענט, און זיא האט געוואוסט, אז הינטער
דיעזען שמייכעל, ליגט עפעס בעהאלטען.

דיא פאמיליע ראָסטאנד האט זיך נוהג געווען, צור צייט ווען זייא זיינען געווען
אויף זייער גוט, יעדעס יאָהר אויסצופאָהרען אביסעל און עסען א פיש־זופע נעבען
ברעג פון ים בייא דיא פעלזען פון ניאָלאָן. דיא מענער פון דער פאמיליע, פלעגען
נאך דער פיש־זופע ארויס געהען אויף דער יאגד און שיסען רעבהיהנער, וואס
האבען זיך געפונען אין יענער געגענד.

דיעזעס יאָהר, האט מאדאם ראָסטאנד בעשלאָסען מיטצונעהמען אויך
נאיזן, כדי זיא זאָל קענען בעדיענען דיא פאמיליע.

„פאטער ניקאָלין," האט זיא געזאגט צום אלטען, „איך האב בעשלאָסען
היינטיגעס מאל מיטצונעהמען נאיזן מיט אונז צו דער פיש־זופע."

זיין געזיכט האט זיך פערפינסטערט.

„נאיזן?" האט ער געפרעגט וויא ערשטוינט און שטארק אונצופריעדען.

„יא."

„צו וועלכען צוועק?"

„ווייל איך וויל זיא זאָל מיך בעדיענען."

„אָבער עס בלייבט דאָך קיינער דאָ ניט איבער אום אכטונג צו געבען."

„זאָרגט זיך ניט."

ניקאָלין האט נאך אנדערע אנטשולדיגונגען געשטעלט, אָבער עס האט איהם
גאָר ניט געהאָלפען.

„איבריגענס," האט מאדאם ראָסטאנד געזאגט, „דאס מיידעל האט דאָך
קיינמאל קיין פערגניגענען ניט; זאָל זיא גלאט מיטפאָהרען אום זיך צו אונטער־
האלטען."

מען איז אויפגעשטאנען גאנץ פריה. דער מאָרגען איז געווען זעהר אנגענעהם און ווארעם. דער ים איז געלעגען אונטען וויא א מעכטיגער גרויסער בלויער שפּיגעל און דיא גאָלדענע שטראהלען פון דער זונן האבען אויסגעזעהען זיך דאָרט צו באָדען. דער ווינד האט צערטליך געבלאָזען און ערטערווייז אויפגעריהרט דעם ים, פון וואנען עס האבען זיך געוואָרפען אלערלייא קאָלירטע שטראהלען.

אויף דיעזען הערליכען מעער האט געשוועבט דאס שיפעל מיט דער פאַ־מיליע ראָסטאנד און דיא בענליימער, און דאן האט מען געלאנדעט נעבען א פלאכען זאמדיגען ברעג.

ניט וויים פון דאָרט האבען זיך אויסגעברייטעט פערשיעדענע פעלזען, און נעבען ברעג האט זיך געפונען איין ארט קליינע העהל, וואו דיא שטיינער האבען געדיענט אלס ביינקלעך און אלס טיש.

דיעזע פישזופע, וואס מען פלעגט דאָרט עסען, האט אויסגעזעהען זעהר ראָמאנטיש.

דער אלטער ניקאָלין האט זיך וויעדער אריינגעזעטצט אין זיין שיפעל, צוגע־רודערט ביז צו א געוויסען פלאטץ, און דאן ארום געצויגען אלע נעטצען וואס ער האט מיט א טאָג צוריק אויסגעשטעלט. ווען ער איז צוריק געקומען, האט ער גע־בראכט היבשע עטליכע פונט פערשיעדענע צאפּלענדע פיש.

נאיז האט דערווייל געמאכט א פייער פון א הויפען טרוקענע צווייגען, אויפ־געשטעלט א קעסעל מיט וואסער, וועלכעס זיא האט אָנגעשעפּט פון א קלארען קוואל אויף'ן זאמד. דאס וואסער האט געקאָכט און זיא האט אריינגעלייגט א גאנצען הויפען שמעקענדע בלעטער און געווירצען. דאן האט מען אָנגעפאנגען אָב־צושאָבען דיא פיש, זייא גוט ריין געמאכט, און פאטער ניקאָלין זעלבסט, איז געווען דעריעניגער וואס האט בעדארפט קאָכען דיא פיש.

וויא אזוי ער האט געקאָכט דיא פיש, וועלכע פלעגען האבען אזא גוטען טעם, האט קיינער ניט געוואוסט, דאס איז געווען זיין אייגענע געהיימניס. און דיא פישער האבען אלע געהאט עהנליכע געהיימניסע פון פיש קאָכען, וועלכע זייא האבען איבערגעגעבען בקבלה פון פאטער צו זוהן.

ניקאָלין האט ענדליך אָבגעקאָכט דיא פיש. זייא זיינען ארויס שרעקליך גע־פעפערט, און האבען אזוי שטארק געשמעקט פון קנאָבעל, דאס טראָטץ דיא אַנדערע געוויכצען, האט מען געקענט פיהלען דעם קנאָבעל אויף עטליכע עלע, ווייטער. אָבער דאס איז דיא היסטאָרישע זופּע וואס קיינער דארף אויף איהר קיין חסרון ניט געפינען.

ווערענד דעם קאָכען, האָט מאַדאַם ראַסטאַנד, וועלכע האָט ליעב געהאַט צו שפּאַסען, געזאָגט:

„פּעטער ניקאָלין, ווען איך דיא היינטיגע פיש־זופּ אַזוי געלינגען וויא לעטצטעס יאָהר?"

ניקאָלין האָט אויסגעזעהען זעהר מונטער, און געענטפערט:

„נים געלינגען, איז ניט פאַראַנען; עס מוז געלינגען!"

„אָבער ווען עס געלינגט דאָך ניט?" האָט מאַדאַם ראַסטאַנד געפרעגט.

„מיינע אונגעלונגענע פיש־זופּ, איז נאָך אימער פיעל בעסער וויא דיא געלונגענע פיש־זופּ פון דעם גרעסטען פאַריזער האָטעל."

יעדער האָט געלאַכט.

ווען דיא זופּ איז פערטיג געוואָרען, האָט פּעטער ניקאָלין זעלבסט צושניטען א פּאָאר ברוים, אריין געלייגט אין עטליכע שיסלען, דאַן אַרויף געגאָסען דיא זופּ און בעמערקט:

„עסען יעטצט, זאָפאָרט; ווייל נאָר הייסערהייט איז דיעזע זופּ אָנ־צו־עסען."

דיא פיש האָט ער אַרויס געלייגט אויף א בעזונדערן טעלער.

„פריהער עסען דיא זופּ, און דאַן דיא פיש," האָט ער בעפוילען.

מען האָט איהם געפאָלגט.

ניקאָלין האָט געגעסען און זיך געקוויקט, נאָר אַלע אַנדערע האָבען געהויכט מיט דיא מיילער, כּדי דיא האַרבקייט פון דעם פעפער זאָל אַרויס.

„עס ברענט," האָט פערנאַנד בעמערקט. „וואָס האָט איהר אריין גע־שאָטען?"

„פעפער, אמת'ן פעפער," האָט ניקאָלין געענטפערט לאַכענדיג. „דאָס איז נים קיין געמאָהלענע שאָלעכץ פון ניס, וויא מען בעניטצט אין דיא שטעדט. דאָס איז אמת'ער פעפער."

„אָבער היבשלעך אריין געשאָטען," האָט מאַדאַם ראַסטאַנד געזאָגט.

„ניט מעהר וויא מען דאַרף," האָט ניקאָלין געענטפערט און רוהיג פאָרטגע־זעטצט זיין עסען.

דאַן האָט מען געגעסען דיא פיש, און יעדער האָט צוגעגעבען, אַז דיא פיש, דיענדיג אַזוי פריש, זיינען זייא אויסגעצייכענט, ווייל דער פעפער האָט ניט געקענט אַזוי שטאַרק איינדרינגען אין זייא.

נאָך דעם עסען, איז מען געבליעבען זיצען, אום אָבצורוארטען ביז דיא גרויסע היטץ וועט אביסעל פאָראיבער.

דיא פעלזען, וועלכע זיינען געווען ביי דיא שפיטצען איינגעהיעלט אין דאס שטארקע זונען־ליכט, האבען פון זיך ארונטער געוואָרפען שווארצע שאטענס.

דיא מעכטיגע בוימער מיט זייערע גרינע צווייגען, האבען וויעדער געוואָרפען זייערע שאטענס אויף דיא פעלזען, און פון ווייטען האבען דיא שטראהלען געגלאנצט ארום דיא קליינע געבישען, וואס זיינען געשטאנען אויסגעשטעלט וויא רייהען סאָל־דאטען. דיא היטץ אין אלגעמיינעם האט אלעס איינגעהיעלט אין א טיעפעס שטיל־שווייגען.

מאדאם ראָסטאנד האט, וויא געוועהנליך מיטגעבראכט איהר שטריקערייא, וועלכעס האט אויסגעזעהען קיינמאל נים אויסצופעהלען פון איהרע הענד. נאיז, דיצענדינג נעבען מאדאם ראָסטאנד׳ס פיס, האט ארויס גענומען א העלפט פון א קלייד און אָנגעפאנגען צו נייהען. ביי יעדער צווייא אָדער דרייא שטיך אָבער, האט זיא אויפגעהייבען איהרע אויגען און אויפגעפאסט צו זעהען וואס איהר פאטער טהוט.

ניקאָלין, וועלכער האט זיך גוט אָנגעגעסען, איז געלעגען עטליכע שריט דער־ווייטערט אויף׳ן באָדען, און העפטיג געדרייבערט זיין לולקע. אביסעל ווייטער איז געלעגען פערנאנד און פעסט געשלאָפען; איבער זיין געזיכט איז געווען זיין שטרוי־הוט, וועלכער האט איהם געשיטצט פאר דער זונן.

אזוי איז דיא גאנצע געזעלשאפט געזעסען אָדער געלעגען אין שטילער רוה ביז ארום 4 אוהר נאכמיטאג. דאן איז ניקאָלין אויפגעשפרונגען און אויס־געררופען:

„איך האב געזעהען א גאנצע מחנה רעבהיהנער דאָרט אין טהאָל צווישען דיא פעלזען!"

„ווירקליך, וואו?" האט פערנאנד געפרעגט.

„אָט דאָרט, דאָרט," האט ער געענטפערט צייגענדיג מיט׳ן פינגער.

פערנאנד האט דיא רעבהיהנער נים געזעהען, נאָר ער האט געגלויבט דעם אלטען אויף זיין וואָרט.

„איך האב שוין נים געזעהען אזוי פיעלע רעבהיהנער אויף איינמאל, זייט היבשע עטליכע יאָהר," האט ניקאָלין ווייטער ערקלערט.

„עס איז אָבער שווער אַרונטער צו געהען," האט פערנאנד געזאגט.

„גאר נים שווער,“ האט ניקאָלין ערקלערט.

„אָבער עס איז נאך צו ווארעם.“

„וואס פאר א ווארעם? קוממ! עס איז א פערגניגען יעטצט; פיהלט איהר נים וויא א קיהלער ווינט האט זיך אויפגעהויבען?“

ניקאָלין האט מיט דער גרעסטער בעגייסטערונג געשילדערט וויא אנגענעהם דער יאגד וועט זיין, און פערנאנד האט ענדליך איינגעשטימט ארונטער צו געהען און שיסען עטליכע רעבהיהנער.

„און מיר וועלען מאכען עסען נאכט־מאהל פון זייא,“ האט ניקאָלין געזאגט.

ביידע האבען ערגריפען זייערע ביקסען.

„פערנאנד!“ האט מאדאם ראָסטאנד אויסגערופען, „איך בעט דיך, זייא פאָרזיכטיג.“

„האב קיין מורא נים, מוטער.“

„ווירקליך,“ האט דיא בעזאָרגטע מוטער ווייטער געזאגט, „אין איילעניש, קען מען זיך זעהר לייכט אויסגלימשען, און דאן קען געשעהען דאס גרעסטע אונגליק.“

„איך וועל אכטונג געבען.“

„יא, יא,“ האט ניקאָלין בעמערקט מיט א רוהיגער מיענע, העפטיג ציהענדיג דעם רויך, „דאס קען אויך פאסירען, אָבער ווען מען איז פאָרזיכטיג, שאדעט נים.“

„זעהט און גיבט אכטונג אויף דעם יונגען האָז,“ האט מאדאם ראָסטאנד געזאגט.

„געווים וועל איך אכטונג געבען,“ האט ניקאָלין געענטפערט און אָנגעפאנגען צו געהען פאָראויס.

זייא האבען בינשטיגען א פעלזען, און דאן זיינען זייא לאנגזאם ארונטער און פערשוואונדען געוואָרען אין טהאָל.

נאַיז איז דיא גאנצע צייט געזעסען, גלייך וויא זיא וואָלט גאר נים געהערט וואס עס געהט פאָר. אָבער זאָ שנעל וויא זיינען אריין אין טהאָל, איז זיא אויפגעשפרונגען פון דעם באָדען.

וואוהין געהסטו, נאַיז?“ האט מאדאם ראָסטאנד געפרעגט.

„איך וועל באלד צוריק קומען.“

מאראם ראָסמאנד האט נאך עפעס געזאגט, נאָר נאָך האט זיך געמאכט ניט מעהר הערענדיג, און אין נעכסטען אויגענבליק איז זיא אויף פערשוואונדען געוואָרען הינטער דעם פעלזען.

מיט דער לייכטינקייט פון א שלאנג און מיט דער געשווינדיגקייט פון א האָז, איז זיא נאכגעגאנגען ביידע מענער מיט איינינע שריט ווייטער, אָהנע זייא זאָלען עס בעמערקען.

„איך מוז זעהען וואס דאָ וועט זיין,“ האט זיא געמורמעלט צו זיך אליין שפירענדיג וויא איהר הארץ האט וויטהענד געקלאפט.

עס האט ניט פיעל געדויערט, און זיא האט פערשטאנען, אז זיא וועט מוזען פריהער אָדער שפעטער ענטדעקט ווערען.

דאס האט נאך ניט געוואָלט, ווייל זיא האט זיך ניט געוואָלט בעגעגענען מיט איהר פאטער פריהער, איידער זיא וועט אויסגעפונען זיין אבזיכט.

נאך האט זיך דערפאר געווענדעט לינקס, און אָנגעפאנגען ארויף צו קריכען א פעלזען, וואו זיא האט זיך בעמיהעט ניט ארונטער צו ווארפען קיין שטיינער וועהרענד דעם קריכען.

ווען זיא איז אהין אָנגעקומען, האט זיא זיך אוועק געלייגט און אָנגעפאנגען ארונטער צו קוקען. זיא האט דערזעהן פערנאנד׳ן, וועלכער האט זיך אָנגעבויגען צו דער ערד, און אָנגעפאנגען צו געהען פאָרזיכטיג פאָרווערטס האלטענדיג בערייט זיין ביקס צום שיסען.

זיא האט פערשטאנען, אז ער האט געוויס בעמערקט א רעבהוהן און ער דערנעהנטערט זיך אום אויף איהר אָבצופייערן זיין געוועהר.

איהר פאטער האט זיא אָבער ניט געזעהען.

„וואו קען ער זיין?“ האט זיא זיך געפרעגט.

קוקענדיג מיט איהרע שארפע אויגען, האט זיא איהם בעמערקט גאנץ אונטען נעבען דעם פעלזען, אויף וועלכען זיא איז געלעגען.

ניקאָלין איז געלעגען רוהיג צו דער ערד, און האט אויסגעזעהען צו לויערן אויף עפעס, גראדע וויא דיא יעגער טהון אין א ליכטיגער נאכט, ווען זייא ערבליקען צוקומענדיג פון ווייטען עפעס א ווילדע חיה.

צוויא מאל האט ניקאָלין אויפגעהויבען זיין ביקס צום שיסען, אבער ער האט זיך צוריק געהאלטען דורך איין אורזאכע, וואס נאָר ער האט גע־וואוסט.

דאַן האָבען אָנגעפאַנגען אַרוּם צוּ פליהען עטליכע רעבהיהנער און זיך ווידער אוועק געשטעלט אין גראָז צווישען פערנאַנד'ן און ניקאָלינען.

ניקאָלין האָט נאָך אַמאָל אויפגעהויבען זיין ביקס, אָבער ניט אין דער ריכטונג פון דיא רעבהיהנער, און האָט ווידער ניט געשאָסען.

ווארום ?

נאַיז האָט געוואוסט דיא ערקלערונג.

זיא איז שנעל אויפגעשפּרונגען פון איהר פּלאַטץ, און מיט דערזעלבער לייכטינקייט וויא פריהער, האָט זיא אָנגעפאַנגען זיך אַרונטער צו לאָזען פון דעם פעלזען. א פּאַאר בוימער מיט ברייטע צווייגען, האָבען געבילדעט א שוטץ אום מען זאָל זיא פון אונטען ניט זעהען. נאָך אייניגע מינוטען איז זיא געווען גאַנץ נאָהענט נעבען איהר פאַטער.

סעקונדע נאָך סעקונדע איז געפלויגען, און נאַיז האָט איהר בליק ניט אַרונטער גענומען פון איהר פאַטער. וועהרענד דיעזער צייט, האָט זיך פערנאַנד ניט געזעהען. ניקאָלין איז געבליבען רוהיג.

פּלוּצלינג איז פערנאַנד ערשיענען מיט א פּופציג שריט ווייטער און איז גע־בליעבען שטעהן צווישען גראָז.

ניקאָלין האָט אויפגעהויבען זיין ביקס און דיעזע געשטעלט ציעלענדיג אויף דעם יונגען מאַן.

אָבער נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט עפּעס צו טהון, איז נאַיז געווען נעבען איהם, און מיט א העפטיגען שטויס פון איהר פוס, האָט זיא אַרויס גע־שליידערט דיא ביקס פון איהר פאַטער'ס הענד. דיא ביקס האָט דערוּוייל אויסגע־שאָסען ; א פירכטערליכער קראַך פון א גרויסער לאַדונג האָט אָבגעקלונגען איבער דער גאַנצער געגענד.

דער אַלטער ניקאָלין, וויא א פערוואונדעטער טיגער, איז אויפגעשפּרונגען אין דער הויך. וויא ער האָט ערבליקט נאַיז'ן, האָט ער געכאַפּט זיין ביקס, וואָס האָט זיך נאָך געוואָרפען, און געוואָלט נאַיז'ן צערשמעטערן דעם קאָפּ.

נאַיז איז ניט צוריק געשפּרונגען, זאָנדערן טויטען־בלייך איז זיא געבליעבען שטעהן אויף איהר פּלאַטץ. איהרע אויגען האָבען געפלאַמט וויא מיט א העלישעם פייער.

דער אַלטער איז געבליעבען וויא פּאַראַליזירט פון דיעזען ווילדען בליק, און ניט געקענט דורכפיהרען זיין אבזיכט.

דאן האט ער לאנגזאם ארויסגענומען זיין מעסער פון זיין ביקס, און מיט א הייזעריגער שטימע האט ער געפרעגט:

„וואס ווילסטו?"

„גאר נים."

„דאן גייט דיר אוועק פון דאנען!"

„איך וועל נים גיין!"

„איך וועל דיך דערמאָרדען!"

„דו קענסט עס טאָן."

„נעט, אונגליקליכע," האט ער זיך ווידער געבעטען, „נים דיך, נאר איהם וויל איך ערמאָרדען."

„איך ווייס," האט נאָך געמורמעלט.

דער שאָס פון ניקאָלינ'ס ביקס, האט אויפגעטריבען די רעבהיהנער אין דער לופט. פערנאנד האט דערביי ערשאָסען צוויי.

„ווען דו וועסט איהם שיסען, וועל איך מעלדען," האט נאָך בעמערקט צו איהר פאטער.

די יאגד האט געדויערט ביז ארום זעקס אוהר, און נאכהער האבען אלע צוריק געקעהרט מיט דעם שיפעל נאך בלאנקאררד.

פאטער ניקאָלין האט גערודערט גאנץ רוהיג און שטיל, און אויף זיין געזיכט איז נים געווען צו בעמערקען וואס עס איז דאמאלס פאָרגעגאנגען אין זיינע געדאנקען.

## פינפטעס קאפיטעל.

דער מאָנאט סעפטעמבער איז שוין געווען צו ענדע. נאך א גרויסען שטורם וואס האט געוויטהעט א טאָג מיט א נאכט, איז די לופט זעהר קיהל געוואָרען. די טעג זיינען געוואָרען קירצער און די נעכט לענגער.

נאָך האט זיך שוין נים אזוי אָפט בעגעגענט מיט פערנאנדן ביי נאכט.

„ווארום קומסטו נים אויף דעם געוועהנליכען פלאטץ?" האט ער געפרעגט.

„איך האב אויף דיר שוין געווארט צוויי נעכט."

„ווייל איך בין זעהר מיעד פון דער ארבייט."

„אָבער דאָך, אמאל, ווי קומט מען עס נים ארוים?"

„דאס גראָז איז זעהר נאָס פון דעם טהוי,“ האט זיא ערקלערט, „און איך האב מורא פאר א פערקיהלונג.“

אָבער זיא האט געפונען אנדערע מיטלען.

יעדען פריה־מאָרגען, אונגעפעהר אום 6 אוהר, איז זיא ערשיענען אין קאָרידאָר. מאדאם ראָסטאנד איז אימער געשלאָפען ביז 9 אוהר. נאכדעם וויא נאָיז האט זיך גוט צוגעהערט און זיך איבערצייגט, אז יעדער שלאָפט, איז זיא אויף די שפיטץ פינגער צוגעגאנגען צו פערנאנד׳ס טהיר, וועלכע איז געווען אָפען.

בייא איהם, אויף זיין ווייכעס און ווארעמעס בעט, האט זיא זיך געשפירט גליקליך אין איהר ליעבע. זיא פלעגט איהם ארום נעהמען ארום זיין האלז, צובייגען איהר געזיכט נאהענט צו איהם און קוקען אין זיינע ליידענשאפטליכע אויגען א היבשע צייט. דאן האבען זיך איהרע אויגען אָנגעפילט מיט טרעהרען און זיא האט געזיפצט.

„וואס איז מיט דיר, נאָיז,“ האט ער געפרעגט זיך שפירענדיג אונצופריעדען מיט איהר טרויער.

„גאר ניט, גאר ניט פערנאנד, איך וויין בלויז וויל....“

„ווארום?“

„אך, פרעג מיך ניט ...“

נאָיז׳ן האט זיך געדאכט בייא יעדער בעוועגונג, אז דאס איז שוין דאס לעטצטע מאל וואס זיא וועט געניעסען פון פערנאנד׳ס ליעבע.

אום אָבער צו דערשטיקען איהר שמערץ, האט זיא איהם ארום געכאפט, און מיט איהרע ברענענדע ליפען, האט זיא איהם אויסגעקושט יעדעס גליעד. אין איהרע געדאנקען איז זיא געווען ענטשלאָסען, איהם צו פערטהיידיגען געגען איהר פאטער, זאָגאר מיט איהר לעבען.

נאָיז האט אונטערדעסען אָנגעפאנגען אויסצוזעהען בלייכער און מאָגערער.

„וואס איז מיט איהר?“ האט מאדאם ראָסטאנד אין א טאָג געפרעגט. „זיא זעהט אויס קראנקליך.“

און נאָיז האט פערלוירען דיא ראָזיגע פארב פון איהר געזיכט; איהרע באקען זיינען אָנגעפאלען און דיא בייניגער האבען ארויס געשטעקט. דאס פייער אין איהרע אויגען, איז אויסגעלאָשען געוואָרען.

מאנכע מאל פלעגט זיא ארום געהען און ארבייטען א גאנצען טאָג און קיין וואָרט רעדען; פלוצלינג וויעדער איז זיא געוואָרען מונטער און פרעהליך.

אין אלגעמיינעם האט זיא אויסגעזעהען, גלייך וויא זיא שלאָפט וואכענדיג, און נאָר צייטענווייז ערוואכט זיא פון א לאנגען דרעמעל.

„ווען דוא ביסט קראנק,“ האט צו איהר געזאָגט מאדאם ראָססאנד, „דאן מחמו דיך שוינען.“

נאָך האט ביטער געשמייכעלט.

„אך, ניין, מאדאם,“ האט נאָך געענטפערט, „איך בין ניט קראנק. אין גע־גענטהייל, איך בין גאנץ געזונד, און אזוי גליקליך, וויא איך בין נאך קיינמאל ניט געוועז.“

אין א פריה־מאָרגען, וועהרענד זיא האט געהאָלפען מאדאם ראָססאנד צעהלען וועש, האט זיא פלוצלינג געפרעגט:

„איהר בלייבט נאך לאנג היינטיגעס יאָהר אין לא בלאנקארד?“

„ביז צו ענדע מאָנאט אָקטאָבער,“ האט מאדאם ראָססאנד געענט־פערט.

נאָך איז געבליעבען שטעהן נאכדענקענד, און בליקענדיג מיט איהרע אויגען אין דער לופט, האט זיא געמורמעלט גאנץ הויך אָהנע עס צו וויסען:

„דאס הייסט, נאך צוואנציג טעג.“

א פירכטערליכער קאמפף איז פאָרגעגאנגען אין איהר. פון איין זייט האט זיא זעהר געוואָלט פערגאנד זאָל נאך פערבלייבען נעבען איהר, אָבער פון דער אנדערער זייט האט זיא זיך געטראכט:

„וואס איז דער אונטערשיעד, פריהער מיט עטליכע טעג אָדער שפעטער? געהען מוז ער סאָר־וויא־סאַי.“

זיא האט געבליקט אויף איהר ליעבעס־פריהלינג וויא אויף א בלום וואס אין פאר דער צייט אָבגעבראָכען געוואָרען פון דער צווייג און האלט זיך נאך אויף א האאר.

„אך!“ פלעגט זיא זיפצען צו זיך אליין, „דיעזעס גליק קעהרט פיר מיר מעהר ניט צוריק!“

זיא האט צו פערגאנד'ן קיין איינציגע טענה ניט געקענט האבען און האט אויך ניט געהאט.

געוויס! וויא קומט ער צו איהר? יא, א קורצע ליעבעס־פערהעלטניס, איז גאנץ געגוג פיר איהם, און זיא מוז פאָלקאָמען צופריעדען זיין דערמיט.

„אָבער דאָך,“ האט זיא זיך געטראכט, „ווען מיין פאטער זאָל ניט זיין, וואָלט איך נאך געקענט צייטענווייז געניעסען פון זיין ליעבע...“

דיזער נעדאנק, אז איהר פאטער שטעהט איהר אין וועג צו פערלענגערן איהרע ליעבעס־פערהעלטניסע, האט איהר שטארק אויפגערעגט.

אין א טאג, זיטצענדיג און בעטראכטענדיג איהר צושטאנד, איז איהר פלוצלינג איינגעפאלען, אז זיא קען פערהינדערן פערנאנד'ן ער זאל שוין נים פער־קעהרען מים אנדערע פרויען, און ער זאל בלייבען איהרער אליין אויף אימער און אייביג.

„איך וועל ערלויבען מיין פאטער ער זאל איהם ערמארדען, און דאן בין איך זיכער...“ האט זיא געמורמעלט.

אבער דער געדאנק, אז פערנאנד, אזוי צארט און ווייס, אזוי ליעבענסווירדיג און שעהן, זאל שטארבען דורך איהר פאטער'ס גראבע און מערדערישע האנד, האט איהר שטארק אויפגערעגט.

„ניין, ניין!“ האט זיא אויסגערופען. „ער דארף נים שטארבען! ער זאל לעבען און גליקליך זיין! איך בין פאלקאמען צופריעדען מים זיין ליעבע בין יעטצט...“

זיא האט ווייטער בעשלאסען איהם צו רעטען פון איהר פאטער, און לעבען גליקליך מים דער אידעע, אז ער, וועמען זיא האט געשענקט דעם פריהלינג פון איהר ליעבע, לעבט ערגיץ וואו גליקליך און צופריעדען.

מעהרערע מאל, ווען זיא איז בייא איהם געוועזען גאנץ פריה, האט זיא צו איהם געזאגט:

„איך בעט דיך, פאהר נים ארויס אויפ'ן ים; עס וועהט א שלעכטער ווינד.“

איין אנדער מאל האט זיא צו איהם געזאגט:

„ווירקליך, עס איז שוין ציים דוא זאלסט אוועק פאהרען. דיך לאנגווייליט דא. דוא ליעבסט מיך נים מעהר... פאהר אוועק!“

פערנאנד האט זיך שטארק געוואונדערט איבער דעם וועקסעל אין איהרע געדאנקען.

אין אלגעמיינעם, האט פערנאנד אויסגעפונען, אז זיים נאיז איז מאגערער געווארען, איז זיא שוין נים אזוי שעהן און אנציהענד וויא געוועזען, און א געפיהל פון זאטקייט האט איהם בעהערשט.

אין זיין פאנטאזיע האט זיך ווידער פארגעשטעלט דאס בילד פון יענע פרויען אין א. אדער מארסייל, וועלכע שמעקען פון פארפום און זייערע געזיכטער זיינען אנגעשמירט מים פודער.

דער געדאנק, אז דער אַלטער ניקאָלין זוכט צו ערמאָרדען פערנאנד'ן, האט שטארק בעאונרוהיגט דיא ארמע און פערצווייפעלטע נאַין. בייא נאכט, פון דעם שלאָף, פלעגט זיך איהר דאכטען, אז זיא הערט א שאָס, דאן א געשרייא, און דערבייא אליין, האט זיא יעמערליך אויסגעשריען פון איהר שלאָף.

בייא טאָג, ווען עס איז פאָראיבער א שטונדע און זיא האט איהם נים געזעהען, האט זיא זיך פאָרגעשטעלט, אז ער איז שוין טויט. זיא האט זיך נים בע־רוהיגט, ביז זיא האט איהם אויפגעזוכט און זיך איבערציינגט, אז ער לעבט.

פאטער ניקאָלין איז געבליעבען געהיימניספאָל שטיל און געטהאָן זיין ארביים ווי פריהער, אָהנע זאָגאר מיט דעם מינדעסטען צייכען נאַיז'ן צו ציינען וואס ער דענקט און בעאבזיכטיגט צו טהון. דאס האט זיא נאך מעהר בעאונרוהיגט.

לעטצטענס האט ניקאָלין אָנגעפאנגען זיין טאָכטער צו בריקען מיט'ן פוס, גראדע וויא מען טהוט מיט א הונד, וואס האט בעגאנגען עפעס א פער־ברעכען.

פערנאנד האט עפעס בעמערקט אין א טאָג, וויא אזוי נאַיז איז אוועק גע־פלוינען אויף א זייט פון געבען איהר פאטער. ער האט דעם פוס־שטויס גראדע נים גע׳עהען, אָבער ער האט פערשטאנען, אז זיא איז נים אומזיסט אוועק גע־שליידערט געוואָרען.

„איז דיין פאטער נאך אימער אזוי בארבאריש געגען דיר?" האט ער זיא געפרעגט אויף'ן אנדערן מאָרגען, ווערענד ער איז געלעגען אין בעט און גערויכערט ציגארעטען.

„יא," האט זיא געענטפערט, „ער איז איינפאך משוגע."

זיא האט איהם דערבייא געוויעזען איהרע פיס און פאָלקעס, וועלכע זיינען געווען ברוין־און־בלוי.

„ער איז א געפעהרליכער מענש," האט פערנאנד געמורמעלט פיהלענדיג דערבייא אביסעל עקעלהאפט צו נאַיז'ס פערוואונדעטען לייב.

„שאדעט נים," האט נאַיז בעמערקט, „ער וועט אויפהערען, עס מוז אויפ־הערען!"

אין דיא ערשטע טעג פון מאָנאט אָקטאָבער, איז זיא געווען שטארק מרה־שחורה'דיג. זיא האט אָפטמאל ארום געשפאצירט נעבען ברעג פון ים, קוקענדיג אויף דיא פעלזען און אויף דיא בוימער, און טאכענדיג מיט דיא ליפען, גלייך וויא זיא רעדט צו זיך אליין.

מערצאנר האט דאס מעהרערע מאל בעמערקט, און איהם האט זיך אויסגעדאכט, אז זיא שטודירט דיא גגעגנד מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט און וויל אבמעסטען וויא וויים עס איז ביז צום אָבגרונד פון דעם ים.

אין א טאָג האט ער זיא געטראָפען צוזאמען מיט אנטאָן, דעם האָרבאַטען, שטעהענדיג הינטער א פיינענ־בוים פערטיעפט אין געשפרעך. דאן האט ער געזעהן וויא נאָך איז ארויף געקראָכען אויף דעם פיינענ־בוים און אָנגעפאנגען צו שפאסען מיט אנטאָנען. זיא האט איהם געהייסען עפענען זיין מויל און זיא האט ארונטער געוואָרפען פיינען, וועלכע האבען איהם געטראָפען אין געזיכט.

דער ארמער האָרבאטש האט אויפגעעפענט זיין מויל, צוגעמאכט זיינע אויגען און זיין געזיכט האט אויסגעדריקט דיא גרעסטע פרייד פון דיעזען שפאס.

ניין, פערנאנד איז ניט געווען אייפערזיכטיג, אָבער דאָך, ווען ער האט זיא צום צווייטען מאל געזעהען אליין, האט ער זיך מיט איהר געררייצט.

זיא איז געוואָרען ערנסט און געענטפערט:

„אנטאָן וועט פאר אונז געהען אפילו אין פייער. מען מוז נאָר וויסען וויא מיט איהם אומצוגעהען. עס איז מעגליך, אז מען קען איהם נאָך אמאל בעד נעטהיגען.“

אנטאָן איז פון דאמאלס אָן געקומען יעדען טאָג נאָך לא בלאנקארד. נאָך האט איהם געשטעלט צו א געוויסער ארבייט; ער זאָל גראָבען איין ארט קאנאל אום דאס וואסער זאָל אָבלויפען אין ים אריין.

פאטער ניקאָלין איז צופריעדען געווען אנפאנגס מיט אנטאָנ׳ס ארבייט, ווייל דער קאנאל איז ווירקליך געווען נעטהיג, אָבער דער האָרבאטש איז געווען צו שוואך און ער האט ניט געקענט אזוי גיך פערטיג ווערען. דאס האט פערדראָסען, וואס ניקאָלין האט איהם אָנגעפאנגען צו בריקען מיט׳ן פוס, גראדע וויא ער האט בעד האנדעלט זיין טאָכטער.

צווייא טעג און צווייא נעכט, האט דורכאנאנד געדעגענט. פערנאנד, וועלכער האט בעדארפט אויף דער אנדערער וואָך אבריייזען נאָך א., האט בעשלאָסען נאָך איינמאל ארויס צו פאָהרען אויף׳ן ים מיט ניקאָלינען אום פיש צו כאפען.

נאָך האט איהם געהערט אויסשפרעכען זיין וואונש. און זיא איז געווען אזוי בלאס וויא קאלך.

„איך וויל אָבער האָפען,“ האט פערנאנד בעמערקט, „אז מיר וועלען שוין מעהר ניט זעגלען געגען דעם ווינט וויא לעטצטעס מאל.“

נאַיז האָט בעשלאָסען זיך מיט איהם נאָך אַמאָל צו בעגעגענען בייא נאַכט אויף דעם פרייען פעלד, גראַדע וויא דאַמאַלס, ווען זיא האָט איהם צום ערשטע מאָל איהר ליעבע געשענקט.

אונגעפעהר אום 1 אוהר בייא נאַכט, האָבען זייא זיך צוזאַמען געטראָפען. דער רעגען האָט דעם באָדען ריין אָבגעוואַשען און א שטאַרקער בלומען־גערוך האָט ארויס געשטראָמט פון דעם אויפגעפרישטען גראָז.

זייא זיינען צוגעגאַנגען ניט ווייט פון דעם ים־ברעג, ווען נאַיז, ציטערענדיג אין איהר גאַנצען קערפער, האָט איהם אָנגעכאַפּט און צוריק געצויגען.

„ניין, ניין!" האָט זיא אויסגעשריען, „געה ניט דאָרט!"

„וואָס איז מיט דיר, נאַיז?" האָט ער געפרעגט ערשטוינט.

„גאָר ניט, גאָר ניט," האָט זיא געשטאַמעלט. „דאָ האָט אַנטאָן געגראָבען דעם קאַנאַל; דאַן איז דיא ערד שטאַרק דורכגענעטצט, און דער ברעג קען אַרונטער פאַלען אין ים..."

לעטצטען ווינטער, האָט ווירקליך דאָרט אַרונטער געשטירצט א שטיק ברעג.

זיא האָט איהם אַרויף געפיהרט ווייטער אונטער איין אָליווען־בוים, וואו זייא האָבען זיך געזעטצט. עס איז געווען א לעטצטע ליעבעס־נאַכט. נאַיז האָט דאָס געוואוסט גאַנץ גוט.

פּלוטצ'ינג האָט זיא אָנגעהויבען צו וויינען, און אָבוואָהל פערנאַנד האָט זיא עטליכע מאָל געפרעגט וואָרום זיא וויינט, האָט זיא איהם דאָך ניט געוואָלט ער־קלערען. דאַן איז זיא גאַנץ שטיל געוואָרען.

אָבער ווען פערנאַנד האָט זיך גערייצט מיט איהר און געזאָגט, אַז זיא ליעבט איהם מעהר ניט און ער מאַכט זיא לאַנגווייליג, האָט זיא איהם אין א ווילדער אויפרעגונג אומאַרמט און געמורמעלט:

„ניין, זאָג עס ניט! איך ליעב דיך מעהר וויא דוא קענסט דיר פאָר־שטעלען... אָבער, זעה, איך בין קראַנק... און דאָס איז שוין אַלעס צו ענדע; דוא וועסט אוועק פון דאַנען... מיין גאָט! אַלעס, אַלעס איז שוין צו ענדע!"

עס איז איהם געווען לייכט זיא צו טרייסטען דערמיט וואָס ער האָט איהר פערשפּראָכען זיא צו קומען בעזוכען פון צייט צו צייט, און נעכסטען הערבסט, ווען ער מיט איהר פערברענגען גאַנצע צווייא מאָנאַט צוזאַמען.

זיא האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און איז געווען איבערצייגט, אַז איהר ליעבעס־טרוים איז שוין צו ענדע.

ליידענשאפטליך האט זיא זיך וויעדער געוואָרפען אין זיינע ארעם, און דיא האט אויסגעזעהען, וויא א שטערבענדער וואס וויל נאך געניעסען אזוי פיעל זונענ־שיין וויא נאָר מעגליך, איידער דיא אויגען שליעסען זיך אויף אייביג.

אונגעפעהר אום דרייא אוהר האבען זייא זיך אויפגעהויבען, און אלס ער האט פון איהר גענומען אבשיעד, האט ער זיא געקושט אויף דיא ליפען. ער האט גע־שפירט, אז איהרע ליפען זיינען אזוי קאַלט וויא אייז, און איהר גאנצער קערפער האט געפרוירען.

פערנאנד האט ניט געקענט שלאָפען מעהר. ער האט געלעזען א בוך ביז עס האט אָנגעהויבען צו טאָגען. דאן האט ער זיך אָנגעלעהנט בייא א פענסטער און ארויס געקוקט אין דרויסען.

ניקאָלין איז ארויס געקומען אום ער זאָל געהען ארויס ציהען דיא נעטצען.

„אך, מאָנסיע פערנאנד!" האט ער אויסגעשריען. „ווילט איהר אלזאָ מיט מיר ארויס פאָהרען אויף'ן ים?"

„ניין, פאטער ניקאָלין," האט ער געענטפערט. „איך בין זעהר שלעכט גע־שלאָפען דיא גאנצע נאכט. מיין גאנצער קערפער איז וויא צובראָכען. מאָרגען וועלען מיר פאָהרען."

ניקאָלין האט זיך אָבגעווענדעט אָהנע מעהר א וואָרט צו רעדען. ער איז אוועק גלייך צום ברעג פון ים, וואוהין ער האט בעדארפט ארונטער שטייגען אום אויפצובינדען דאס שיפעל וואס איז דאָרט געווען געאנקערט.

דאס שיפעל איז געשטאנען אקוראט געגענאיבער דעם אָליוועןבוים, וואו נאָיז האט צום ערשטען מאל געגאָסען דיא פרוכט פון איהר ליעבע, און וואו אנטאָן האט לעטצטענס, אויף נאָיז'עס אויפטראג, געגראָבען א קאנאל צום אָבלויף פון וואסער.

פערנאנד איז געשטאנען ביים פענסטער און געקוקט. ער האט געזעהען וויא נאָיז איז ערשיענען פון וויטען צוזאמען מיט אנטאָנען, און ביידע האבען עפעס גע־שפראָכען, איילענדיג און אויפגערעגט, וואס ער האט ניט פערשטאנען.

דאן האט אנטאָן געאיילט צום קאנאל און אָנגעפאנגען זעהר שנעל צו גראָבען. ער האט אָבגעלאָזען עטליכע וואסערלעך וואס זיינען צוריק געהאלטען געוואָרען, דאן האט זיך געבילדעט א רינשטאָק פון דיא וואסערן, און אלע האבען געפלאָסען אין קאנאל אריין.

דיא לופט איז געווען זעהר פריש, און פערנאנד האט זיך געשפירט אזוי בע־ גייסטערט פון דעם הערדליכען מאָרגען, אז ער האט ניט געקענט אוועק געהען פון דעם פענסטער. דאן האט פערנאנד געשפירט א לוסט צום רויכען, און ער איז אריין אין א צימער, אום זיך צו נעהמען א ציגארעטע.

גראדע אין יענעם אויגענבליק, האט זיך געהערט א פירכטערליכער גערויש. פערנאנד, מיט דער ציגארעטע אין דער האנד, איז צוריק געלאָפען צום פענסטער און ארויס געקוקט. עס האט נאך געפאָלגט איין קראך נאך'ן צווייטען, וויא צווייא שעכטיגע דונערן.

פערנאנד, אָבוואָהל ניט אין גאנצען אָנגעקליידעט, איז ער ארויס אום צו זעהן וואס עס האט פאסירט.

דער ברעג מיט א שטיק פעלזען האט איינגעבראָכען. ער האט געקענט פון ווייטען זעהען, וויא אנטאָן, מיט דעם גראָב־אייזען אין דער האנד, האט זיך גע־ רעטעט פון צווישען דיא חורבות.

גאנץ ארונטער, אונטען נעבען ים, איז געלעגען דער אָליוועך־בוים, מיט זיינע שעכטיגע וואָרצלען, אויסגעריסען און האלב פערשאָטען מיט ערד און שטיינער. פון דעם ים האט ארויס געשפריטצט א גרויסע מענגע שוים.

אונטערדעסען האט א שרעקליכער געשרייא דורכגעריסען דיא לופט. עס האט אויסגעזעהן וויא דער געשרייא פון א שטערבענדען אָקס.

פערנאנד איז געווען צו איבערראשט ער זאָל וויסען פון וואנען דער געשרייא קומט און ווער עס האט איהם ארויס געבראכט.

אויפהויבענדיג זיינע אויגען, האט פערנאנד בעמערקט, בייא דער אנדערער זייט פעלזען, וויא נאָיז איז געשטאנען אזוי בלאס און ציטערענד, דאס ער האט גע־ ראכט, אז זיא מוז אין יעדען אויגענבליק ארונטער פאלען.

פערנאנד'ן האט ערגריפען א בעפעהל פון מיטלייד, און ער איז צוגעלאָפען וואו נאָיז איז געשטאנען. ער האט זיא אָנגעכאפט.

„וואס ווילסטו?“ האט זיא געפרעגט ערשראָקען.

„אום נאָטעס ווילען, זעה וויא דו זעהסט אויס! דו וועסט דאך באלד ארונטער פאלען!“

„ניין, ניין, איך וועל ניט פאלען,“ האט זיא געענטפערט בערוהיגענד.

„אָבער קום דאך אוועק פון דאנען.“

„ניין.“

„ווארום?“

„ווייל דאָרט, דאָרט...."

„וואס דאָרט? וואס מיינסטו?"

„דאָרט ליגט מיין פאטער!"

„דיין פאטער?"

„יא, דער גאנצער פעלזען איז אויף איהם ארויף געפאלען."

ווען פערנאנד האט נאכהער אונטערזוכט דעם פלאטץ, האט ער זיך גע־מערקט, אז דאס אונגליק איז געשעהען דורך דעם קאנאל וואס אנטאָן האט גע־גראָבען.

אָבער איהם איז נים איינגעפאלען, אז אנטאָן האט געגראָבען דעם קאנאל מיט איין אבזיכט צו פערשיטען דעם אלטען ניקאָלין, גראדע דאמאלס ווען ער וועט געהען אויפבינדען זיין שיפעל.

מיט א שטונדע שפעטער, האט מען געפונען דעם קערפער פון דעם אלטען ניקאָלין, שרעקליך צערשמעטערט אונטער דיא שטיינער.

„נאָר דורך א וואונדער האב איך מיך געראטעט," האט אנטאָן דערצעהלט אין א פיעבערהאפטען טאָן.

„אָבער דער קאנאל איז דאָך אין גאנצען שולדיג געוועזן," האט א שכן ער־קלערט.

„יא, יא, דאס איז אמת," האט איין אנדערער געזאגט.

„און ווער האט געהייסען מאכען דעם קאנאל?" האט איינער גע־פרעגט.

„פאטער ניקאָלין," האט אנטאָן ערקלערט.

„דאן האט ער זיך אליין געגראָבען א קבר," האט דער צווייטער שכן בע־מערקט שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

מוטער ניקאָלין האט זעהר שטארק געוויינט, און קיינער האט נים געקענט וויסען ווארום זיא האט אזוי געקלאגט. א שכן האט בעמערקט לאבענדיג:

„זיא איז שוין אזוי געוואוינט געוואָרען צו זיינע קלעפּ, אז זיא וויינט יעטצט, נים וויסענדיג, ווער עס וועט זיא נאך קענען אזוי גוט שלאָגען.

נאָיז האט בעגלייטעט איהר פאטער'ס קערפער צום קירכען־הויף, און איהרע אויגען זיינען נאָר געוועזן רויט, אָבער קיין טרערען האט זיא נים פערגאָסען.

אויף'ן אנדערן טאָג, נאך דעם אונגליק, האט מאדאם ראָסטאנד בעשלאָסען צוריק צו פאָהרען נאך א.

פערנאַנד איז געווען זעהר צופריעדען דערמיט, דען ער האט זיך זעלבסט מודה געווען, אַז ער איז שוין זאַט פון נאַיז'ן, און אפילו ווען זיא זאָל זיך איהם פערנקוסטען איינמאל אין וואָך, איז נים יעמצט, נאך איהר פאטער'ס טויט, דיא ציים דאפיר.

„איבריגענס," האט ער זיך געטראַכט, „איז עס נאך מעהר וויא איך האב בעדאַרפט פערברענגען מיין צייט מיט א דאָרפס־מיידעל."

אויף דיעזער ארט, האט מען צוריק געקעהרט אהיים. מאדאם ראָסטאַנד איז געווען פאָלקאָמען צופריעדען פון איהר זוהן; דען, לויט נאך איהרע אנזיכטען, האט ער זיך אויפגעפיהרט זעהר בראוו אין לא בלאנקארד.

זיא האט איהם דערפאר געגעבען נאך מעהר פרייהייט וויא פריהער, און פערנאַנד האט אָנגעפאַנגען צו פיהרען זיין לעבען וויא אמאל.

„צום טייפעל !" פלעגט ער מאנכע מאל זאָגען, „דיא שטאָדט קאָסט געלד און מען האט קיין הנאה נים. דאָרט האב איך געהאט א יונגע, פרישע און געזונדע מויד נאָר פאר מיר אליין, און עס האט מיך נים געקאָסט א סאנטים, און דאָ האט מען אלטע כאָלעריעס, פון אל־דיא־שווארצע יאָהר, און זייא נעהמען נאך צו דעם לעטצטען סאנטים... ווירקליך, מען מוז זעהען אויף געבסטען זומער אויפזוכען עפּעס א צווייטע נאיז... נים נראדע קיין נאיז, זאָל עס זיין א שארלאָט, אבי ייִם זאָל נים קאָסטען קיין געלד און מען זאָל הנאה האבען."

פערנאַנד האט געהאט גרויסע צרות מיט געלד קריעגען. ער האט אפילו גע־האט 30 פראנקס א וואָך צום ספּענדען, אָבער וואס האט דאס געקלעקט ? קארטען, וויין, געזאנג און פרויענצימער, איבערהויפּט פאר א מענשען פון זיין גראד, האט מען נים געקענט קריעגען מיט 30 פראנקס א וואָך.

אונטערדעסען האט ער זיך איין עצה געגעבען. היינט האט ער דערצעהלט זיין מוטער, אז ער דארף קויפען געזעטץ־ביכער, מאָרגען דאס ער בענעטהיגט א בעסערע אוהר און איבערמאָרגען עפּעס אנדערש. זיא האט איהם, אויף אזעלכע זאכען, אימער געגעבען א פערצינער. דאן האט ער גלאט געהאט א טבע צו געהען איבער זיין פאטער'ס שרייב־טיש, און ער האט שוין געהאט גוטע סמנים צו וויסען, וועלכעס געלד עס איז נים געצעהלט, אום פון דאָרט עפּעס ארונטער צו נעהמען.

אויף דיעזער ארט, האט פערנאַנד פערבראַכט דעם ווינטער אין א ים פער־גניגענן. ער האט זיך זאָגאר געבראַכט א פרויענצימער פון מארסייל, איהר נעדזנגען א

וואָהנונג אין דער פאָרשטאָדט, און דאָרט פערבראַכט דיא צווייטע העלפט פון דעם טאָג און דיא ערשטע העלפט פון דער נאַכט.

ווען ער האט צוריק געקעהרט אין זיין חיים, האט ער געשפיעלט דיא ראָלע פון דער מאַמעס זוהן, און אין זיין שפראַכע איז ניט געווען צו דערקענען וואס פאר א לעבען ער פיהרט.

וואס עס אנבעלאַנגט נאַדין, האט ער זיך נאָר דערמאָהנט אָן דער צייט ווען זיא האט איהם פערשאַפט פערגניגען. דאס איז איהם געווען אנגענעהם. אום דעם איבריגען האט ער זיך וועניג וואס בעקימערט.

## זעקסטעס קאַפיטעל.

ווען דער פריהלינג האט געגרייכט, האט מאַנסיע ראָסטאַנד אריין גערופען זיין זוהן צו זיך און איהם ערקלערט, אז ער ווינשט, ער זאָל מיט איהם מיט־פאָהרען נאך לא בלאַנקארד.

„יעטצט ?“ האט פערנאַנד געפרעגט ערשטוינט. „עס איז דאָך נאך קאַלט ?“

„עס איז ניט וועגען פערגניגען,“ האט דער פאטער געענטפערט, „נאָר וועגען געשעפט. איך האב בעשלאָסען אָבצוקויפען דיא בענאַכבאַרטע גוט, און איך וויל דוא זאָלסט מיט מיר פאָהרען, אום מיר זאָלען דאס גוט בעטראַכטען. דוא וועסט פיעללייכט אויך מוזען אויסשטעלען דיא פאַפירען.“

פערנאַנד איז ניט צופריעדען געווען פון דער איינלאַדונג, נאָר ער האט נאַ־טירליך זיך ניט געקענט ענטזאַגען.

פאָהרענדיג מיט זיין פאטער, האט ער זיך נאך אמאל דערמאָהנט אָן נאַדין, אָן דיא נעכט וואס ער האט מיט איהר פערבראַכט, און וויא אזוי זיא האט לעטצטענס אויסגעזעהען.

ביז דאמאלס האט זיא נאָר צייטענווייז און אונדייטליך בעשעפטיגט זיינע געדאַנקען, נאָר דיא אידעע, פון ווידער ערשיינען אין לא בלאַנקארד, האט נאך אמאָל ארויס גערופען דיא עראינערונגען וועגען איהר מיט מעהר דייטליכ־קייט.

„וואס איז מיט איהר געשעהען ?“ האט ער זיך פלוצלינג געפרעגט, „ווארום האט זיא אזוי שלעכט אויסגעזעהען איידער איך בין אוועק געפאָהרען ?“

ער האט אָנגעפאנגען צו זוכען אורזאכען, און דאן, האט ער בעמערקט צו זיך זעלבסט מיט א שמייכעלע:

„הם, איך פערשטעה. איך האב זיא צופיעל אָבגעמאטערט אָבער שאדעט נים, זיא האט זיך שוין גענומען ערהאָלען זיינט דאמאלס...“

ער האט אין זיין פאנטאזיע ערבליקט נאיז'ן אזוי בליהענדיג און מונטער וויא אמאל; מיט דיא פעסטע ברוסטען, שטארקע הענד און קרעפטיגען קערפער.

„נעוויס, נעוויס,“ האט ער זיך נעטראכט, „זיא האט זיך שוין פאָזיטיוו ער־האָלט.“

און פערנאנד האט בעשלאָסען נאך אמאל אויפצרוועקען דיא אלטע בע־קאנטשאפט מיט נאיז'ן. איבערינענס, ווען נאיז איז אפילו אויך נים אזוי שעהן וויא אמאל, איז ער אויך צופריעדען נעוועזן, דען אין לא בלאנקארד האט מען זיך גע־מחט מיט איהר בעגעהען, ווייל עס איז קיין אנדערע נים געוועזן.

— — — — — — — — — — —

דיא נעכט האבען שוין אָנגעהויבען ווארעמער צו ווערען. דער פריהלינג איז ערשיענען מילד און זאנפט און אויפגעלעבט דיא געגענד. דאָ און דאָרט, אין דיא טהאָלען, צווישען דיא ריעזיגע פעלזען, וואוהין דיא זונען־שטראהלען האבען נאך נים איינגעדרונגען, איז נאך געווען שטיקער אייז איינגעפרוירען, אָבער דאס האט נים געשטערט דיא פלאכע פלעטצער, זייא זאָלען שוין בעוואקסען ווערען מיט גרינעם גראָז.

דיא בוימער האבען אָנגעהויבען צו צוויטען און בליהען, און דיא גרילען פון איין זיים, מיט דיא זשאבעס אין דיא קליינע טייכלעך פון דער אנדערער זיים, האבען אָנגעציינגט, אז דער פריהלינג מיט זיין גאנצער הערליכקייט איז ער־שיענען.

דער ים האט זיך אויך בערוהיגט פון דעם קאַלטען ווינטער און דיא וועללען האבען אין זיך אָבגעשפיעגעלט דיא בלאסע לבנה מיט דיא פינקלענדע שטערען.

אין הויז פון דעם אלטען ניקאָלין, איז איינגעטרעטען א גרויסע ענדערונג. פרוי ניקאָלין איז פערבליעבען אויף איהר מאן'ס פלאטץ, און נאך א פאאר מאָנאט ציים, האט זיא אָנגעהויבען איינצוזעהן, אז דאס לעבען אָהן קלעפ, האט א גרעסערע און וויכטיגע בעדייטונג וויא פריהער.

דיא האט זאָגאר, צייטענווייז, געטראכט זיפצענדיג, אז דער אלטער ניקאָלין האט נאר קיין עולה נים געטהאָן דערמיט וואס ער איז פערשאָטען געוואָרען.

מוטער ניקאָלין האט געגעסען, געטרונקען און איז אונגעהייער פעט געוואָרען איבער דעם ווינטער.

נאַיז ווידער האט זיך שטארק אָבגעמאָגערט.

„וואס איז מיט דיר, נאַיז?" האט מוטער ניקאָלין אמאל געפרעגט איהר טאָכטער. דוא זעהסט אויס זעהר שלעכט? ביינקסטו נאך דיין טאטען?"

„ניין, מאמע, נים זעהר שטארק," האט נאַיז געענטפערט אויפריכטיג.

„וואָרום אלזאָ ביסטו אזוי גרין אויף'ן פנים?"

„איך בין וואהרשיינליך קראנק."

מוטער ניקאָלין האט זיך געווענדעט צו א שפּרעכערין, און אויך צו א מכשפה, א בעריהמטער מומחה, אָבער עס האט גאר נים געהאָלפען.

אנטאָן, דער האָרבאטש, איז געוואָרען א בעשטענדיגער איינגעהער אין הויז. ער האט שוין זאָגאר דאָרט געוואָהנט זיים דיא לעטצטע צוויי א טאָגאט. ער ה: ט אכטונג געגעבען צו ערשפּארען נאַיז'ן אלע ארבייטען, און בייא טאָג אָדער בייא נאכט, האט ער אימער געגראָבען, געקלאפּט און געהאקט האָלץ, אום נאַיז זאָל גאר נים דארפען טהון.

אָבער דאס האט אויך נים געהאָלפען.

עס איז געוועזען מיט א פּאאר טעג פאר דיא אָסטער־פייערטאגען, ווען נאַיז און אנטאָן זיינען ארוים אויף'ן פעלד שפּאצירען.

„מהוט דיר אזוי באנג נאך דיין פאטער?" האט ער געפרעגט.

„ניין."

„וואס דען ערגערסט דוא דיך אזוי שטארק?"

„מיר מהוט נים באנג נאך איהם," האט זיא געענטפערט. „דיא וואהרהייט איז, דאס יעדעס מאל וואס איך ערמאנער מיך, אז ער איז טויט, שפּיר איך גראדע וויא א לאסט פאלט מיר ארונטער פון מיין ברוסט. דוא, אנטאָן, ווייסט אמ־בעסטען, וויפיעל צרות איך האב פון איהם אויסגעשטאנען."

„איך ווייס."

„איך האב קיין חרטה נים וואס איך האב פערווארזאכט זיין טויט. נאר מיין צושטאנד מאכט מיך זעהר אונגליקליך..."

„איך ווייס, נאַיז, איך ווייס אלעס," האט אנטאָן בעמערקט טרייסטענדיג. „אָבער זייא נים קיין נאר. דארפסט דיך אום קיין מענשען נים קימערן. ווען דיא צייט וועט קומען דוא זאָלסט האבען דאס קינד, וועסטו קיינעם נים טוען אָבגעבען קיין הסבר."

„דאס ווייס איך, אָבער וואס וועט מען זאָגען אין דער נאכבארשאפט ?"

„דערפאר האב איך דאָך דיך געראטהען, מיר זאָלען זיך פריהער פערהייראטהען און דאַן זאָל עס הייסען, אז דאס קינד איז מיינס."

„ניין, דאס קען נים זיין."

די ארמע גאַיז האט אָנגענומען אנטאָנ'ס גרויסע האנד און זיא געדריקט, טורטלענדיג :

„איך דאנק דיר, מיין פריינד, פאר דיין גוטער מיינונג, אָבער איך קען דיך פריהער נים הייראטהען, ביז איך וועל נים זיין פרייא פון אלעם. דאס קינד... דאס קינד...."

זיא האט מעהר נים געקענט רעדען, ווייל דיא טרערען האבען דערשטיקט איהר שטימע.

מיט איינינע נעכט שפעטער, האט גאַיז שפאצירט נעבען ברעג פון ים און געקוקט אויפמערקזאם אויף דעם פלאטץ וואו דער פעלזען איז ארונטער געפאלען; זיא האט געהאט א דאָפעלע טראַינערונג; ערשטענס איבער איהר ערשטער און אונשולדינער ליעבע, און צווייטענס איבער איהר פאטער'ס טויט.

דאַן האבען איהרע אויגען געוואַנדערט צו דער ערד, און זיא האט אויסגעזעהן עפּעס צו זוכען אין דער דונקעלהייט. פּלוצלינג האט זיא זיך אָבגעשטעלט נעבען א שטיין און איהם אויפמערקזאם בעטראַכט, גלייך וויא זיא וואָלט איהם אָבגעוואוינען מיט איהר בליק. דאַן האט זיא זיך אָנגעבויגען און פּראָבירט אויפצוהייבען דעם שטיין. אָבער ער איז געוועזען צו שווער פאר איהר. דער שטיין האט געוואוינען א 400 פונט און זיא האט איהם בלויז געריהרט פון פּלאטץ.

„צו שווער," האט זיא געמורמעלט.

זיא איז געגאַנגען ווייטער און זיך אָבגעשטעלט בייא א קלענערן שטיין. נאכדעם וויא זיא האט דיעזען בעטראַכט א קורצע צייט, האט זיא געמורמעלט :

„מאַנטע שארלאָט האט טפּיל געוועזען בלויז פון אויפהייבען א 200 פונטיגען שטיין. דער וועגט מעהר. לאָמיר זעהן וואס מיט מיר וועט זיין."

זיא האט זיך אָנגעבויגען און נאָך שווערער מיה האט זיא אויפגעהויבען דעם שטיין מיטביידע הענד און איהם געהאַלטען עטליכע סעקונדען אָנגעשפּארט אויף איהר בויך. דאַן האט זיא איהם אָבגעלאָזען און איז צוריק געשפּרונגען אויף א פּאאר שריט, כדי דער שטיין זאָל ניט טרעפען אויף איהרע פיס. דער שטיין איז צוריק געפאלען מיט א רומפּען קראך אין זאמד.

„אַך ו״ תאם נאַח לייכט אויסגעשריען לייענדיג דיא האַנד אויף איהר קרייץ.

א העפטינער שמערץ האט דורכגעשאָסען איבער איהר גאַנצען קערפּער.

זיא איז געבליעבען שטעהען אויף איינינע אוינגענבליקען און זיך ניט געקענט ריהרען. דער שמערץ האט אָבער אויסגעזעהן לאַנגזאם נאכצולאָזען, דען זיא האט זיך באלד װיעדער בעװאױגען און איז װײטער געגאַנגען.

זיא האט זיך אומגעװענדעט און איז צוגעגאַנגען צו דעם ערשטען גרױסען שטיין. זיא האט איהם בעטראַכט איינינע אוינגענבליקען, דאַן זיך אָנגעבויגען און האט איהם קוים ארום געגומען מיט ביידע הענד.

נאַיז האט אָנגעשטרענגט אַלע איהרע קרעפטען; איהרע פיס האבען זיך טיעף איינגעגראָבען אין זאמד, און דאַן, נאָך גרויסער בעמיהונג האט זיא דעם אונ־געהייער שװערען שטיין אויפגעהויבען. אָבער ניט שטאַרק הויך פון דער ערד, בלויז אויף א שפּאַן. זיא האט דעם שטיין אָבגעלאָזען און איז ארויף געפאַלען אויף איהם מיט איין אויסגעשרייא פון שמערץ.

דאַן האט זיא געגעבען א טיעפען זיפץ און איז אומגעפאַלען אויף׳ן גראָז אָהנמעכטיג.

דיא אָהנמאַכט האט אויף א היבשער צייט געדויערט פון איהר דאס שווידער־האַפטע געפיהל פון א פירכטערליכען שמערץ.

ווען זיא האט ערוואַכט, איז זיא געלעגען מיט א העלפט פון איהר גוזיכט אין זאמד און זיך ניט געקענט ריהרען.

איהר גאַנצער קערפּער איז געװען װיא אָבגעשטאָרבען, און איהר קרייץ האט זיא געשפּירט װיא איבערגעבראָכען. אין בויך האט זיא געפיהלט א שטעכענדע און שניידענדע װעהטאג און איהר גאַנצעס לייב איז געװען בעדעקט מיט א קאַלטען שווייס. זיא האט פעסט צוזאַמענגעדריקט איהרע צייהן פאַר שמערץ, אָבער זיא האט ניט געקרעכצט מעהר.

דאס קיהלע װעטער און דיא פרישע לופט פון דעם ים, האט זיא עטװאס געשטאַרקט, און נאָך א שטונדע צייט, האט זיא פּרובירט זיך אויפצוהייבען. נאָך שווערער מיה, איז איהר געלונגען זיך אויפצושטעלען אויף דיא פיס.

ווען נאַיז איז אהיים געקומען, איז שוין איהר מוטער לאַנג געשלאָפען. אנטאָן איז אָבער נאָך געזעסען פאַרענט אויף א באַנק און זיא ערװאַרטעט.

„וואו ביסטו געװען, נאַיז?“ האט ער געפרעגט. „איך האב דיך ארום געזוכט איבעראַל.“

זיא האט געמורמעלט איין אונפערשטענדיגען ענטפער, און איז אריין און הריז. זיא האט זיך באלד אריינגעלייגט אין בעט.

„דוא ביסט זעהר קראנק," האט אנטאָן געזאגט איהר נאכגעהענדיג.

„ניין, איך בין ניט קראנק," האט זיא געענטפערט. „געה שלאָפען, ווען איך וועל שלעכט פיהלען, וועל איך דיך רופען. געה ארויס, איך בעט דיך, איך וויל רוהען."

ווי א געהאָרזאמער הונד, האט דער האָרבאטש בעפאָלגט איהרע ווערטער און איז ארויס געגאנגען.

נאָרז איז געלעגען זעהר שפעט אין בעט אויף'ן אנדערן טאָג, נאָר אום מיטאג־צייט איז זיא ארונטער געגאנגען און האט ביז אבענד געארבייט אונגעהייער פיעל. זיא האט געוואשען וועש, פערקנעטעט לייט אָבצושמירען דיא ווענט אין דרויסען און געקאָכט נאכט־מאהל.

ווען עס איז דונקעל געוואָרען איז זיא אוועק, און אויסגעמיעדען קיינער זאָל ניט זעהן וואוהין זיא געהט.

ווען זיא האט געגרייכט צום ברעג פון ים, האט זיא נאך אמאל אויפגעזוכט דעם גרויסען שטיין, און זיך וועלענדיג אָנבייגען צו איהם, איז זיא אומגעפאלען וויא דורכגעשאָסען מיט א קוגעל.

א פירכטערליכער שמערץ האט געוויטהעט אין איהר קרייץ און אין בויך און זיא איז געלעגען אויף'ן זאמד גאנץ הילפלאָז. דער שמערץ האט צייטענווייז נאכגעלאָזען, אָבער זיא האט זיך נאך אימער ניט געקענט ריהרען. ענדליך האט זיא זיך דאָך אויפגעהויבען אויף א פאאר סעקונדען, אָבער זיא האט זיך געמוזט צוריק לייגען.

דאָן האט זיא אָנגעפאנגען צו שפירען, אז דיא פרוכט פון איהר ליעבע, געהט אויף דער וועלט פאר דער צייט.

„דאָך געווירקט," האט זיא געמורמעלט האלב דערפרייט, שפירענדיג, אז זיא ווערט בעפרייעט פון דעם קינד אונטער איהר הערצען.

ווען זיא האט דאס קינד געבוירען, האט זיא זיך אויפגעזעצט, און ביים שוואכען שיין פון דער לבנה מיט דיא שטערן, האט זיא דאס אָנגעקוקט.

„טויט, עס איז טויט," האט זיא געמורמעלט ציטערענדיג.

דער שמערץ האט כמעט אין גאנצען נאכגעלאָזען, אָבער זיא איז געווען זעהר שוואך. זיא האט געשפירט א גרויסען דורשט, און טאפענדיג מיט דיא הענד ארום

זיך, האט זיא אָנגעטאפּט איינעם פון דיא מעהרערע קוואַלען וואס האבען דאָרט געפלאָסען פון דעם זאמד. זיא האט זיך צונערוקט און אָנבייגענדיג איהר קאָפּ, האט זיא געטרונקען פון דעם וואסער וואס האט איהר ערפרישט.

נאָיז האט זיך אָנגעלעהנט אויףביידע הענד און זיך אויפגעהויבען, מיט־געהמענדיג דאס טויטע קינד אין איהר אונטער־קלייד וואס זיא האט אויסגעצויגען. זיא האט זיך עטליכע מאל ארום געקוקט, דאן האט זיא זיך פּאָרזיכטיג דער־געהנטערט צום ים.

זיא האט נאך אמאל א קוק געגעבען אויף דעם טויטען קינד, און נאכדעם האט זיא דאס אריינגעוואָרפען אין וואסער. דער וואָרף האט צוריק געשפּריצט אביסעל וואסער אויף איהר געזיכט, און בליקענדיג ווייטער, האט זיא געזעהען וויא דיא וועללען האבען דאס קינד אוועק געטראָגען ווייטער, און דאן האט דער ים איינגעשלונגען זיין אָפּפער.

נאָיז האט אויפגעשוידערט און האט זיך אָבגעווענדעט צוריק. אָבער זיא איז ניט פיעל געגאנגען, דען איהר קאָפּ האט אָנגעפאנגען צו רוישען און זיא איז אומ־געפאלען אָהנמעכטיג.

מיט 15 מינוטען שפּעטער, האט אנטאָן געפונען נאָיז'ן ליעגענדיג האלב טויט אויף'ן זאמד.

„נאָיז!“ האט ער אייסגעשריען ערשראָקען, „וועה איז מיר, וואס האט מיט דיר פּאסירט?“

זיין שטימע האט זיא אויפגעוועקט.

„דוא ביסט עס, אנטאָן? מיין פריינד?“ האט זיא געפרעגט.

„יא, איך בין עס. וואס טהוסטו דאָ?“

„גאר נים. איך בין געשלאָפען.“

„קום אהיים, דוא וועסט דיך פערקיהלען.“

„איך קען נים. איך בין זעהר שוואך.“

דער האָרבאטש האט בעטראכט נאָיז'ן מיט א בליק וואס האט אָנגעציינט, אז ער מעסט זיא אָב, אום צו וויסען וויא אזוי ער זאָל זיא קענען טראָגען אויף זיינע האָרבאטע פּלייצעס.

„איך וועל דיך טראָגען אהיים“, האט ער געזאגט.

„נעה דוא נאר, דוא קענסט נים,“ האט זיא געענטפערט. „דוא ביסט א שוואכער קאליקע.“

אנטאָן איז געבליעבען שטעהן פערצווייפעלט.

„פריינד,“ האט זיא געמורמעלט, „בעמיה דיך ניט אום מיר, וויל איך האב עס ניט ווערטה.“ דוא ביסט איין עדלער מענש און איך בין איין אונגליקליכע לייכטזיניגע. לאָז מיך דאָ צורות ביז עס וועט מיר בעסער ווערען.“

„גאָיז, אום גאָטעס ווילען! וואס איז געשעהען? איך זעה, ביים בלאַסען שיין פון דער לבנה, אז דיין געזיכט איז ווייסער פון דיא קאַלך־שטיינער. איך וועל לויפען רופען הילפע.“

„ניין, ניין, אנטאָן, דוא זאָלסט ניט געהען. בלייב דאָ. זעמץ זיך נעבען מיר.“

אנטאָן האט זיך געזעצט, און געהאָלפען גאָיז'ן אויפהייבען דעם קאָפּ, וועלכען זיא האט אוועק געלייגט אויף זיין שויס.

איהרע צעפּ זיינען געוועזען אויפגעפלאָכטען און נאס פון דעם קאַלטען שוויים וואס האט זיא בעשלאָגען. אנטאָן האט געשפירט, אז זיא ציטערט. ער האט אראָפּגענומען זיין ראָק און זיא איינגעוויקעלט.

דער ראָק איז נאָך געוועזען א ווינטערינער און דאס האט גאָיז'ן איינגעוואַרעמט אביסעל.

אנטאָן האט געוואָנט צום ערשטען מאל זיך צו צובייגען און אָבפּרעסען זיינע ליפּען אויף גאָיז'עס שטערען.

זיא האט געעפענט דערבייא דיא אויגען און געשמייכעלט.

„וואס איז געשעהן?“ האט ער געפרעגט, קריגענדיג מעהר מוטה.

„איך האב געהאט א קינד,“ האט זיא געענטפערט גאנץ רוהיג.

„א קינד? וואו?“

„אָט דאָ, אויף דיעזען פּלאַטץ.“

„וואו איז עס?“

„עס איז אוועק.“

„אוועק? ווער? וואוהין?“

„אין ים.“

„וואס הייסט אין ים?“

„איך האב דאס אהין אריין געוואָרפען.“

דער פּראָסטער אנטאָן, וואס האט ניט גענאָסען קיין אוניווערזיטעטס בילדונג, וועלכער האט קיין אומגאַנג געהאט אין דער געבילדעטער געזעלשאַפט, איז אויפגעציטערט געוואָרען הערענדיג, אז זיא האט ערמאָרדעט איהר קינד.

„וועה איז מיר!“ האט ער אויסגעשריען. „דוא האסט ערמאָרדעט דיין קינד?“

„ניין, איך האב עס ניט ערמאָרדעט,“ האט זיא געענטפערט ציטערענדיג. „דאס קינד איז געבוירען געוואָרען טויט, און אום עס זאָל מיר ניט שטעהן אין וועג, האב איך עס אריין געוואָרפען אין וואסער. עס איז בעסער אזוי, אנטאָן, איך וועל יעטצט זיין פרייא, און איך וועל מיט דיר הייראטהען אָהנע צו ברענגען א פרעמד קינד.“

„אָבער וויא אזוי האסטו געבוירען דאס קינד דאָ?“

„מיט געוואלט, מיט געוואלט...“ האט זיא געמורמעלט מיט א דערשטיקטער שטימע. זעהסטו יענעם שטיין דאָרט? נעבטען האב איך איהם אויפגעהויבען, און דאס האט ארויס געריסען דאס קינד... יעטצט בין איך לויז, יעטצט בין איך פרייא... קיינער וועט ניט וויסען, און ניעמאנד וועט מיך פעראכטען... יא, יא, אנטאָן, נאָר דוא אליין ווייסט, זאָנסט וויים קיין מענש דאריעבער.“

אנטאָן האט פערשטאַנען.

„אָבער וויא אזוי קומט מען אהיים?“ האט זיא ווייטער געפרעגט. „איך פיהל מיך אזוי שוואך, אז איך קען מיך ניט ריהרען. אך, אנטאָן, ווען דוא זאָלסט זיין א שטארקער מענש, וואָלסטו מיך יעטצט אָבגעטראגען אהיים.“

„איך בין שטארק, נאַיז!“ האט דער האָרבאטש אויסגעשריען בעגייסטערט. „איך בין זעהר שטארק. דוא וועסט זעהען. איך וועל דיך טראָגען אויף מיינע שולטער. פאס נאָר אביסעל מעהר מוטה און לאָז דיך, איך זאָל דיך נעהמען אויף מיינע פלייצעס...“

נאַיז האט נאָר ניט געענטפערט. ווען אנטאָן האט זיך צו איהר אומגעקוקט, איז זיא גלעגען מאכטלאָז. זיא האט ווידער געחלש'ט.

אָהנע פיעל צייט צו פערלירען, האט אנטאָן צערטליך ערגריפען נאַיז'עס אויסגעמאָגערטען קערפער, און מיט א קראפט וואס מען וואָלט איהם ניט געקענט טרויען, האט ער זיא אויפגעהויבען פון דער ערד, און ארויף געלייגט אויף זיינע שולטער, און אָנגעפאנגען צו טראָגען.

ער איז אנפאנגס געגאנגען שנעל, אָבער דיא לאסט האט איינגעבויגען זיין קערפער און זיינע טריט זיינען געוואָרען לאנגזאמער. נאַיז'עס פיס האבען בעריהרט דיא ערד, און דאס האט שטארק געשטערט זיין גאנג ארויף דיא פעלזען.

אָבער ער איז ניט געבליעבען שטעהן. ער האט אונגעהייער געסאפעט, נאָר

ער איז געגאנגען פאָרווערטס, ביז ער האט ענדליך עררייכט דעם פלאכען באָדען דאָרט איז ער צוזאמענגעפאלען מיט נאיז'ן אויף זיך.

נאיז האט ערוואכט.

„וואו בין איך?" האט זיא געפרעגט.

דער ארמער האָרבאטש האט ניט געקענט ענטפערן.

„אנטאָן!" האט זיא געמורמעלט. „דוא ביסט עס?"

„יא," האט ער ארויס געשטאמעלט.

נאיז האט זיך בערוהיגט און איז אליין ארונטער פון זיין קערפער.

„האסט מיך געטראָגען?" האט זיא געפרעגט.

„יא, נאיז, איך האב דיך געטראָגען. לאָז, איך וועל מיך נאָר אויסרוהען אביסעל, און דאן וועל איך דיך ווייטער טראָגען."

„ניין, ניין, איך קען שוין געהען," האט נאיז געענטפערט, און אנטאָן, וועלכער האט זיך קוים אויפגעהויבען פון דער ערד, האט איהר געהאָלפען אויפ־שטעהען.

נאיז האט איהם פעסט ארום גענומען, און האלב געהענדיג, האלב טראָ־גענדיג, האט אנטאָן ענדליך אהיים געבראכט דיא אונגליקליכע.

„פיהר מיך אריין אין מיין צימער," האט זיא געזאגט, „און זעה דיא מאמע זאָל ניט וויסען וואס עס איז געשעהען."

„יא, יא," האט ער געענטפערט.

ער האט זיא אריינגעבראכט אין צימער.

מוטער ניקאָלין איז דאמאלס געווען אין הויף, וואו זיא האט אויסגעהאנגען דיא וועש, וואס נאיז האט דעם גאנצען טאָג געוואשען.

„דיא מויד איז נאך נישטאָ?" האט דיא אלטע אויסגעשריען אריינ־קומענדיג.

זיא האט בעמערקט דיא טהיר פון נאיז'עס צימער שטעהענדיג אָפען.

„שוין אהיים געקומען?" האט זיא געפרעגט זיך מערקענדיג, אז נאיז האט צוריק געקעהרט.

„יא, יא, נאיז איז דאָ," האט אנטאָן געענטפערט, „אָבער זיא איז זעהר קראַנק."

„קראנק? ווארום? וואו איז זיא געווען?"

אנטאָן האט דערווייל אָנגעצונדען א ליכט און מוטער ניקאָלין, וועלכע האט

זיך געוואָלט בייזערן, אין פלוצלינג שכיל געוואָרען, ווען זיא האט דערזעהען איהר טאָכטער'ס טוים־בלאַסעס געזיכט.

„וואס איז מיט דיר, נאַיז?" האט זיא געפרעגט.

„גאר ניט, מאַמע, עס וועט פאָראיבער געהען."

נאַיז איז אָבגעלעגען א גאַנצע נאַכט אין א ברענענדעס פיעבער. מוטער ניקאָלין האט געוואַכט גאַנץ שפעט איבער איהר, אָבער פאַרטאָג איז זיא איינגע־שלאָפען. אנטאָן איז ניט געשלאָפען און ניט אָבגעטרעטען פון איהר בעט.

„ווייסטו, אנטאָן," האט נאַיז געמורמעלט פון היטץ. עס איז גוט געווען וואס אונזער פּלאַן איז געלונגען. מיין טאַטע איז טויט? האסטו געזעהען וויא זיין קערפּער איז צעריסען געוואָרען? אך, וויא ער פלעגט מיך שלאָגען! ער האט געוואָלט ערמאָרדען פערנאַנד'ן, וועלכען איך האב אזוי שטארק ליעב... ווען דער טאַטע איז טויט, וועל איך מיך נאך אמאל קענען בעגעגענען מיט פערנאַנד'ן... אָבער פלוצלינג האב איך אָנגעהויבען צו שוואַנגערן; דאס האט מיך געמאַכט מיאוס און העסליך... איך מוז פטור ווערען פון דעם קינד, דאַן וועל איך ווידער זיין שעהן, און פערנאַנד וועט צו מיר קומען, און מיר וועלען אויפזוכען איין אַנדערן אָליוון־בוים... דענקסטו, אז פערנאַנד ליעבט מיך נים? און וואס ווערט דער־פון? אָבער איך ליעב איהם! און ער האט מיך אויך ליעב, ווען איך בין שעהן און שטאַרק... יא, יא, ווען איך שוואַנגער מעהר נים, וועל איך זיין שעהן... אין מאָנאַט יולי וועט ער ווידער קומען, און ביז אהין וועל איך זיין שעהן און געזונד... וואס מאַכט עס דיר פאר איין אונטערשיעד? דוא, אנטאָן, האסט דאך מיך אזוי ליעב, אז דוא וועסט מיר ניט שטערען מיין פערגניגען.... ביסטו דען ניט צופריעדען, איך זאָל זיין דיין פרוי און מיך אויך אונטערהאַלטען מיט פערנאַנד'ן? מאדאם ראָסטאַנד מאָר פון קיין זאך ניט וויסען, וויל זיא וועט דאן פּאָרווירפע מאַכען איהר זוהן... דוא פערשטעהסט..."

דיא אנשטרענגונג פון רעדען, האט ווידער פערגרעסערט איין אָהנמאַכט מיט א קאַלטען שוויים, וואס האט ארויס געבראַכט א קלעפּעדיגע נאַסקייט אויף איהר גאַנצען קערפּער.

אנטאָן איז געווען פערצווייפעלט. ער האט פערשטאַנען, אז נאַיז איז אין גרויסער געפאהר, און נים געוואוסט וואס ער זאָל טהון.

ווען נאַיז האט ערוואַכט, זיינען איהרע שווארצע אויגען געווען צווייא מאל אזוי גרויס וויא פריהער, און אויף איהרע בלאַסע ליפּען האט זיך בעוויזען א מיעדער שמייכעלע.

דאס פּיעבער איז אוועק און זיא איז געווען גאנץ רוהיג.

„איך בין זעהר שוואך, אנטאָן,“ האט זיא געמורמעלט אָננעהמענדיג זיין האנד.

„וואס זאָל איך טהון?“ האט ער געפרעגט.

„גאר ניט.“

זייער געשפּרעך איז אונטערבראָכען געוואָרען, ווען א דראָשקע איז צוגע־פאָהרען אין פראָנט פון הויז.

„ווער איז דאָרט?“ האט נאַיז געפרעגט.

אנטאָן איז צוגעגאנגען קוקען.

„עס איז דער אַלטער מאָנסיע ראָסטאַנד מיט זיין זוהן“, האט אנטאָן אָנ־געצייגט.

„פערנאַנד?“ האט זיא געפרעגט ערפרייט.

די טהיר האט זיך געעפענט און ראָסטאַנד מיט זיין זוהן זיינען ער־שיענען.

דעם אַלטען ראָסטאַנד׳ס אויגען זיינען געפאַלען אויף דאס בלאַסע געזיכט פון נאַיז׳ען, וועלכע ער האט ניט דערקענט.

„וואו איז מוטער ניקאָלין?“ האט ער געפרעגט. „און וואו איז נאַיז?“

פערנאַנד האט יא דערקענט נאַיז׳ן, אָבער ער האט גאר ניט געזאגט.

מוטער ניקאָלין האט ערוואכט פון דעם געדויש.

„אך!“ האט זיא אויסגעשריען איבערראשט. „עס איז מאָנסיע ראָסטאַנד! מיין טאָכטער איז זעהר קראַנק.“

ראָסטאַנד האט אין קורצע ווערטער ערקלערט, אז ער מוז פערבלייבען אין לאַ בלאַנקארד עטליכע טעג, און מוטער ניקאָלין זאָל געהען אויפשליעסען די זומער וואָהנונג. דאן האט ער זיך געווענדעט צו נאַיז׳ען, און זיא געפרעגט וואס עס פעהלט איהר.

נאַיז האט געזאגט, אז זיא איז קראַנק און ווייס ניט די אורזאכע.

„האט מען גערופען א דאָקטאָר?“ האט מאָנסיע ראָסטאַנד געפרעגט.

„ניין,“ האט דער האָרבאטש געענטפערט.

„מען דארף ניט קיין דאָקטאָר,“ האט נאַיז געמורמעלט.

מאָנסיע ראָסטאַנד האט זיך אָבגעווענדעט, און ערקלערט, אז ער וועט שיקען דעם טרייבער פון דער דראָשקע נאך מארסייל פון דאָרט ברענגען א דאָקטאָר.

פערנאַנד איז נאָך פערבליעבען א פּאאר מינוטען אין צימער, אום צו פרעגען אנטאָנען וואס עס איז געשעהען.

„זיא האט געבוירען א קינד," האט אנטאָן איהם ערקלערט נאָז זאָל ניט הערען. „אייער קינד האט זיא געבוירען."

„און וואו איז דאס קינד?" האט פערנאַנד געפרעגט ערשראָקען.

„אריין געוואָרפען אין ים."

פערנאַנד האט פרייא אויפגעאטהעמט.

„ווייס נאָך ימאַנד דערפון?" האט ער ווייטער געפרעגט.

„ניעמאַנד אויסער איך און זיא."

„דאָן מוז מען ברענגען א דאָקטאָר זיא צו רעטען," האט פערנאַנד ווייטער ערקלערט.

ווען ער איז ארויס אין דרויסען, האט ער געהערט זיין פאטער'ס לעטצטע ווערטער צום טרייבער:

„זאָגט דר. דאַנטאָן, אז איך רוף איהם אהער. ער זאָל זאָפאָרט קומען, און איך וועל איהם בעצאָהלען פאר דעם וויזיט. ער זאָל קיין אויגענבליק פערזאַמען."

„יא, יא, קיין אויגענבליק פערזאמען," האט אויך פערנאַנד ווידערהאָלט.

פאטער און זוהן זיינען אריין אין זייער זומער וואָהנונג, און בעשלאָסען זיך פריהער אביסעל אויסצורוהען פון דעם וועג.

פערנאַנד האט ניט געקענט רוהען, און ערקלערט דעם פאטער, אז ער געהט ארויס אביסעל צום ים.

„יא, יא, געה," האט מאָנסיע ראָסטאַנד געזאגט. „זעה, פיעללייכט וועסטו קענען בעשטעלען פאר אונז עפּעס עסען בייא א שכן, ווייל מוטער ניקאָלין האט יעטצט צו טהון בייא איהר טאָכטער."

נאָיז האט דערווייל געקריעגען א בלוט־שטורץ, און זיא האט איהר מוטער ניט געוואָלט זאָגען דאריבער.

דאס פיעבער האט צוריק געטרעטען און זיא איז בלויז געבליעבען ליעגען שטארק אָבגעשוואכט.

ווען מוטער ניקאָלין איז ארויס פון צימער, האט נאָיז צוגערופען אנטאָנען.

„אנטאָן, מיין פריינד," האט זיא געמורמעלט. „זייא האבען געשיקט ברענגען א דאָקטאָר, האסטו געזאָגט?"

„יא, נאיז.“

„עס וועט שוין זיין צו שפעט.“

„ניין, ניין נאיז, דוא וועסט לעבען און געזונד ווערען....“ האט אנטאָן געד שטאמעלט, וועהרענד דיא טרעהרען זיינען געלאָפען פון זיינע אויגען.

„וויין ניט, נאר,“ האט זיא געענטפערט. „וויין ניט. וואס איז דאָ צו וויינען? איך האב אויך געמיינט, אז איך וועל לעבען, נאָר עס איז ניט אזוי. הער, איך וויל דיך עפעס בעטען.“

„איך וועל אלעס מהון פאר דיר.“

„געה ארויס און זוך אויף פערנאנד'ן. זיין פאטער דארף דערפון ניט וויסען. זאָג איהם, אז איך האב איהם געבעטען, ער זאָל אהער אריינקומען. ווען דוא וועסט איהם זאָגען, אז איך ליעג אם שטערבען, וועט ער קומען.“

ווען אנטאָן האט איבערגעגעבען פערנאנד'ן נאיז'עס וואונש, האט דער יונגער מאן אנפאנגס געצעגערט, נאָר ענדליך האט ער איינגעשטימט אריין צו געהען אין נאידעס צימער, און אנטאָן זאָל אויפפאסען ניעמאנד זאָל זיך אונטערהערען צו זייער געשפרעך.

נאיז האט בעגריפען, אז זיא האט ניט פיעל צום לעבען, נאָר ווען זיא האט ערבליקט פערנאנד'ן, האבען איהרע אויגען אויפגעגלאנצט.

„דוא ביסט געקומען?“ האט זיא געפרעגט. „גוט, גוט, איך דאנק דיר. קום אהער נעהנטער.“

ער איז צוגעגאנגען און איהר געגעבען זיין האנד, וועלכע דיא שטערבענדע האט צוגעפיהרט צו איהרע ליפען.

„פערנאנד, מיין הערצענס־געליעבטער!“ האט זיא געמורמעלט. „דוא ווייסט נאָר ניט וואס איך האב צוליעב דיר געאָפפערט. איך האב געפלאנט צו ערמאָרדען מיין פאטער, און איך האב איהם אויך ערמאָרדעט...“

„וואס רעדסטו, נאיז?“ האט פערנאנד אויסגעשריען. ער האט זיך אָבער באלד בערוהיגט, מיינענדיג, אז זיא פאנטאזירט.

„יא, יא, איך האב איהם ערמאָרדעט,“ האט זיא פאָרטגעזעטצט. „אָבער וואס מאכט עס אויס? ער איז דאָך געוועזען א שלעכטער מענש... דאן האב איך איהם געוואָלט הרג'ענען, כדי ער זאָל דיך ניט הרג'ענען... געדענקסטו דיא גע־שיכטע מיט'ן שיפעל פון זענלען געגנען דעם ווינט? ער האט דאס אבזיכטליך גע־טהאָן, וויל ער האט דיך געוואָלט דערטרינקען... דאן האט ער דיך געוואָלט

שיסען, און איך האב איהם ארויס גערייסען דיא ביקס... יעטצט האב איך געוואָלט זיין שעהן צוליעב דיר, און איך האב מיט געוואלט ארויס גערייסען דאס קינד פון מיר... פערצייהע, פערנאַנד, איך האב דיך זעהר שטארק געליעבט... קיינער וועט ניט וויסען... קוש מיך נאך איינמאל איידער איך שטארב...״

פערנאַנד האט זיך צוגעבויגען און זיא געקושט אויף איהר שטערען. איהרע גרויסע אויגען האבען זיך שטארק געעפענט, און אויף איהרע ליפען האט זיך בעוויזען א מונטערער שמייכעל פון דאנקבארקייט. דאן האט איהר קערפער זיך אויסגעצויגען, א שטארקען ציטער געטהאָן, און איז געבליעבען ליעגען טויט מיט דעם שמייכעל אויף איהרע ליפען.

פערנאַנד האט שנעל אריינגערופען מוטער ניקאָלין מיט אנטאָנען און ער האט פערלאָזען דאס צימער.

ער איז אריין צום טעאטער און איהם מיטגעטהיילט, אז נאַיז איז גע־שטאָרבען.

„שאדע, זיא איז געווען א בראוועס מעדכען,״ האט מאָנסיע ראָסטאָנד בע־מערקט.

ווען פערנאַנד האט שפעטער נאכגעדענקט איבער אלעס וואס עס האט פאַר־סירט, האט ער צו זיך אליין געמורמעלט:

„מערקווירדיג! וויא זיא האט זיך געענדערט! און דאָך ניט מעהר וויא א דאָרפס־מיידעל — א דאָרפס־מיידעל...״

## 7טעס קאַפּיטעל.

נאַטירליך האט מאדאם ראָסטאָנד געהאט דיא הויפט דעה אויסצוזוכען פיר איהר זוהן א כלה. פערנאַנד, וויא א גוטער און געהאָרזאמער זוהן, האט בעדארפט הערען, זעהן און שווייגען.

איבריגענס, וואס איז איהם אָנגעגאַנגען? א ווייב איז א ווייב. געלד, נחת און פערמעגען, האבען זיינע עלטערן געגעבען, און אזוי וויא זייא קאָסט עס אזוי טהייער, וועלען זייא געוויס וועלען זייער זוהן זאָל האבען א פּאסענדע פרוי. מען ניט דאָך ניט צוועק אומזיסט קיין געלד פאַר קיין סחורה!

באלד נאך דיא אָסטער־פייערטאגען, איז מאדאם ראָסטאָנד און איהר זוהן אוועק געפאָהרען נאך ב. צו דעם דאָרטיגען גוטס־בעזיצער, אָנצוקוקען פרייליין נינאָן, „דיא שעהנע רויז.״ וויא מען האט זיא גערופען אין דער גאַנצער געגענד.

נינאָן איז ווירקליך געווען א וואונדער־שעהנעס מערכען; דערצו אויך זעהר געבילדעט און האט פערשטאנען גוט מוזיק. איהר פאטער איז שולדיג געווען מאָנסיע ראָסטאנד א היבשע סומע געלד, און מען האט בעהויפטעט, אז נינאָן וואָ־ט ניעמאלס איינגעשטימט צו דיעזען שידוך, ווען זיא וואָלט נים געוואוסט, אז פון איהר „ניין" אָדער „יא" הייננט אָב זיין אונגליק אָדער גליק.

פערנאנד איז געווען איבערראשט. ער האט אויך ניעמאלס געזעהן אזא שעהנעס מערכען.

וויא ער האט זיא נאָר ערבליקט, האט ער באלד אָנגעפאנגען מיט זיינע אויגען אָבמעסטען איהר טאליע, איהר ברוסט, איהרע שולטער און איהר הויכקייט. לויט זיין ערפאהרונג אונטער פרויענצימער, האט ער זיך געטראכט, אז זיא וועט קענען ערפילען זיין וואונש נאך מעהר וויא ער האט זיך פאָרגעשטעלט.

זייא האבען ביידע געשפראָכען. אין איהר טאָן איז געלעגען א פערבאָרגענע פעראכטונג און גלייכגילטינקייט, און אין זיין האלטונג איז געלעגען דיא אויפרעגונג פון דער בעסטיע. ער האט אין איהר געליעבט דאס ווייבליכע, און זיא האט איהם געהאסט, ווארום ער איז ערשיענען צו שטערען איהרע לעבענס־פּ‏לענער.

ניין, נינאָן האט זיך קיינמאל נים פאָרגעשטעלט אזא מענשען אלס איהר מאַן.

האט דאס מאדאם ראָסטאנד אויך בעקימערט? דאס קען מען נים בעד שטימען. אָבער ווען יא, מאכט עס אויך נים אוים.

„שאדעט נים." האט זיא זיך געטראכט. „זייא וועלען זיך שוין איינפערשטעהן נאך דער חתונה.

דער יחוס־שידוך, דאס הייסט דיא פאמיליע ראָסטאנד, האט נים געוואָלט פיעל ווארטען, און נאכדעם וויא מען האט געפייערט א שעהנע פערלאָבונג, האט מיט 2 וואָכען שפּעטער שטאטגעפונדען דיא חתונה אין א·

נינאָן האט אונגעהייער פיעל געליטען אין דער ערשטער צייט, נאָר זיא האט איהר שמערץ בעהאלטען. זיא פלעגט אָבזיטצען שטונדען־לאנג און טראכטען.

וואס האט זיא געטראכט?

זיא האט געטראכט, וויא אלע פרויען פון איהר גראד און אומשטענדען, זיא זיך נוקם צו זיין אָן דעם מאַן וואס האט געשטערט איהר גליק.

דיא טעג האבען אָנגעהויבען צו ווערען הייסער און דיא נעכט שטיקענדער. דיא פאמיליע ראָסטאנד האט בעשלאָסען ארויס צו פאָהרען נאך לא בלאנקארד, און זיך אָבקיהלען בייא דיא קאלטע וועללען פון דעם ים.

„אך, נינאָן, מיין קינד,“ האט מאדאם ראָסטאַנד געזאָגט זיפצענדיג צו איהר שווינגער־מאָכטער. „פאַריאָהרען צו דיעזער צייט, האבען מיר דאָ, אין לא בלאַנקארד, גענאָמען א יונגעס מעדכען, כמעט אין דיא יאָהרען פון פערנאנד'ן. זיא איז געווען יונג, מונטער און וואונדער־שעהן. נאַטירליך, זעהר אונגעבילדעט און גראָב וויא א דאָרפס־מיידעל. אָבער דאָך האט זיא געהאט איין ערעלעס הערץ. מיר האבען ביי־געוואָהנט דעם שרעקליכען טויט פון איהר פאטער, און, וויא עס שיינט, האט דאס זיא זעהר געערגערט, און מיט דעם אנפאנג פריהלינג איז זיא געשטאָרבען. מיין פערנאנד איז אפילו מיט איהר צוזאמען אויפגעצויגען געוואָרען; אָבער דאָך איז ער געווען צו איהר זעהר אונפריינדליך. איך וועל עס מיר קיינמאל ניט קענען פער־צייהען, דערפאר וואס איך האב איהם ערלויבט מיט איהר אומצוגעהן אזוי הארט. יעטצט איז זיא שוין מעהר נישטאָ. זעהסטו דאָרט ארונטער ביים פוס פון דעם גרויען פעלזען? דאָרט רוהט דיא ארמע נאַיז. אזוי יונג און אזוי אונגליקליך גע־שטאָרבען. אויס מיטלייד האלטען מיר נאך איהר עובר־בטל'דיגע מוטער דאָ אין לא בלאַנקארד. זיא וואָהנט דאָרט אין שטיבעל.“

נינאָן האט אויפגעהויבען איהרע אויגען צו איהר שווינגער־מוטער און דאַן געשוויעגען. זיא האט זעלטען געמאַכט א בעמערקונג.

דאס נייע גוט וואס מאָנסיע ראָסטאַנד האט געקויפט נעבען לא בלאַנקארד, האט שוין געמוזט האבען א ספעציעלען פערוואלטער, און דערצו א מענש מיט בילדונג און פעהיגקייטען. אויף דער רעקאָמענדאַציאָן פון נינאָן'ס פאטער, האט ער צוגענומען זיין נעפע, א געוויסען מאָנסיע בלאַנשארד, א יונגערמאַן וואס האט גע־נאָסען א קאָמערציעלע שולע.

בלאַנשארד האט שוין איבערגענומען צו פערוואלטען אויך לא בלאַנקארד.

ווען מאָנסיע ראָסטאַנד איז ערשיענען אין זיין זומער־וואָהנונג, האט ער געשיקט רופען זיין נייעם פערוואלטער, אום צו הערען וויא עס געהט אויף זיין גוט.

בלאַנשארד איז געווען א יונגערמאַן פון א יאָהר 25; אויך מיט א בלייבעס געזיכט וויא פערנאנד, אָבער מיט דעם איינציגען אונטערשיעד, וואס פערנאנד'ס געזיכט איז געווען בלייך פון צופיעל לומפערייא, און בלאַנשארד האט געהאט אזא געזיכט פון פיעל שטודירען אין דיא געשטאָקטע צימערן פון דער שטאָדט.

נאכדעם וויא ער האט אָבגעגעבען א גינסטיגען בעריכט, האט מאָנסיע ראָסטאַנד צו איהם געזאָגט:

„אייער קווינע, און שווינער־מאכטער, איז דא, ווען איהר ווילט, קענט איהר זיך מיט איהר זעהען.“

בלאנשארד'ס געזיכט איז בייא דיעזע ווערטער רויט געוואָרען און גע־ענטפערט:

„ווירקליך? זיא איז דא? דאן וועל איך זיא זעהען. איך האב זיא מאקי אויסצופרעגען וויא עס געהט אין דער היים.“

— — — — — — — — — —

דיא פאמיליע ראָססאנד האט שוין געוואָהנט דעם גאנצען מאָנאט יולי אין לא בלאנקארד, און פערנאנד האט זיך זעהר פיעל בעשעפטיגט אין געהען כאפען פיש און שיסען רעב־היהנער.

נינאָן האט אויסגעזעהען אויסצומיידען דיא געזעלשאפט פון איהר שווינער־מוטער און אויך פון איהר מאן. ווען עס איז איהר נאָר מעגליך געווען צו בלייבען אליין, איז זיא געזעסען בעשעפטיגט ענטוועדער בייא איין ארבייט אָדער אין לעזען א בוך.

אבענד, ווען פערנאנד איז געווען אויף'ן ים בעשעפטיגט מיט זיין פערגניגען פון פיש כאפען, איז זיא זעהר אָפט ארויס געגאנגען שפאצירען, אָבער אימער אליין. פאר איהר שווינער־מוטער האט זיא געזאגט, אז זיא שפאצירט ארום הויז, אום צו ערווארטען פערנאנד'ן, אָבער זיא האט אימער ווייטער אוועק געוואנדערט צווישען דיא פעלזען.

אין א פארנאכט, ווען פערנאנד האט זיך געפונען אויף'ן ים, איז ענטשטאנדען א שטורם. ער האט געהייסען זיין בעגלייטער רודערן צוריק צום ברעג, אָבער דער ווינד איז געוואָרען זעהר העפטיג, און אנשטאט צו אנקערן געגענאיבער לא בלאנקארד, איז דאס שיפעל צוגעקומען צו א ברעג, וואס איז געווען א היבשע שטרעקע דערווייטערט פון דאָרט.

פערנאנד איז ארונטער געגאנגען און אָנגעפאנגען צו שפאצירען אהיים. דער הימעל איז געווען אויסגעשטערנט, אָבער דיא לבנה איז נאך נים אויפגעגאנגען. פערנאנד האט בעדארפט פארביינעהן נעבען דעם בית־עלמין, וואו פאטער ניקאָלין און זיין טאָכטער זיינען געווען בעערדיגט.

ער איז נים געווען שטארק צופריעדען דערפון, נאָר ער האט קיין אנדערן אויסוועג נים געהאט.

דיא יעדער פיינליכע, וואס ציטערט פאר זיין אייגענעם שאטען, האט ער בעך־

שלאָסען נים צו קוקען אויף דעם בית־עלמין מים דיא אונטערנעלמעסינע שטיינער וואס זיינען דאָרט נעשטאַנען און בעצייכענט דיא בעערדינונגס־פּלעטצער.

אָבער טראָטץ זיין ענטשלוס, האט ער דאָך אויפנעהויבען זיינע אויגען און א קוק נענעבען, ווען ער איז צונעקומען גאַנץ נאָהענט.

פּערנאַנד'ס בלוט איז פערגליווערט געוואָרען אין זיינע אָדערן פון דעם בילד וואס ער האט נעזעהען. מיט א 20 שריט ווייטער פון איהם. האט זיך פּלוצלינג אויפנעהויבען א פרויען־געשטאַלט פון הינטער א שטיין. דיא פרוי איז נעווען אין ווייסען נעקליידעט, און ווען זיא האט זיך אויפנעהויבען, האט זיא אַרויס געלאָזען איין אונטערדריקטען נעשרייא.

באלד נאכדעם איז אויך ערשיענען א מענער־געשטאַלט און צונעשוועבט צו דער פרוי אין ווייסען. ביידע צחאַמען זיינען באלד פערשוואונדען נעוואָרען אין דער טיעפער דונקעלהייט פון דער נאַכט.

פּערנאַנד איז נעווען דערשראָקען, אָהנע צו וויסען דיא אורזאכע פון זיין שרעק. ער האט געציטערט פון קאָפּ ביז פיס, און זיך נעוואונשען יעמאַנד זאָל איהם פון דאָרט אהיים טראָגען.

א קאלטער שוויים האט בעשלאָגען זיין קערפּער, נאָר ווען עס איז שטיל נעוואָרען אַרום איהם, האט ער זיך זעלבסט נעשימפּפט און נעמאַכט פאָרווירפע, אז ער איז א דומקאָפּף און שרעקט זיך פאר גאר נים.

ער האט זיך זעהר אָננעשטרענגט, אום ווייטער צו נעהען, אָבער זיינע פיס זיינען נעווען וויא אונטערנעהאַקט. עס האט נעדויערט א היבשע צייט ביז ער איז אהיים נעקומען בלאַס וויא א טויטער פאר שרעק.

נינאָן האט איהם בעגעגענט בייא דער טהיר, און מיט א רוהיגען טאָן, האט זיא איהם נעפרעגט ווארום ער האט צוריק נעקעהרט אַזוי פריה. ער האט איהר ערקלערט דיא אורזאכע און איז באלד נענאַנגען צו בעט.

— — — — — — — — — — —

אויף'ן אנדערן טאָג האט בלאַנשארד בעזוכט לא בלאנקארד און נעהאט פאָלגענדע אונטעררעדונג מיט נינאָנען:

„האט ער דיך דערקענט?“ האט בלאַנשארד נעפרענט.

„ניין.“

„וואו קומט ער אהין?“

„ער האט צוריק נעקעהרט זעהר פריה פון דעם ים, און עס איז איהם אויך נעקומען דורך יענער נעגענד אהיים צו קומען.“

„ווי אזוי ווייסטו דאס ?"

„ער האט עס מיר דערצעהלט. ווען ער איז אהיים געקומען, בין איך שוין פריהער דארט געוועזן מיט א טעטער האלבע שטונדע. דער דומקאפ האט גערעדעט, אז ער האט געזעהן זיינע בייזע גייסטער. ער האט עס מיר דערצעהלט ביי נאכט."

„דער הארבאמער אנמאן איז וויעדער ביי מיר געוועזן."

„ווירקליך ?"

„יא, ער האט מיר אויך דערצעהלט דיעזעלבע געשיכטע וויא דיר. יא, דיא ארמע נאַיו איז דורך איהם געשטארבען."

גינאָן האט אייניגע אויגענבליקען נאכגעדענקט, דאן האט זיא בעמערקט:

„אזוי בלייבט עס. איך מוז נאך אבווארטען ביז דער אלטער ראָסטאָנד וועט ענדיגען מיט מיין פאטער וועגען געלד, און דאן שלאג איך מיט איהם כפרות.... אונטערדעסען, וועלען מיר זיך ווייטער בעגעגענען אויף'ן בית־עלמין ביי נאכט, זאָ שנעל וויא איך וועל נאר זיין פרייא."

**ע נ ד ע.**

---

# מענשליכע בעסטיעס.

## קאפיטעל 1.

אין דער אייזענבאהן סטאציאָן פון נעבען דער אמסטערדאם שטראסע, פאריז, האבען זיך געפונען מעהרערע וואָהנונגען וואו אייניגע בעאמטע האבען געוואָהנט. דאס דירה־געלד, נאטירליך, האט די קאָמפּאניע אָבגעצויגען פון דעם געהאלט, אונד, מען מעג זיכער זיין, אז זיא האט גענומען א גוטען פּרייז.

די אַלטע וויקטאָריע, אָדער מוטער וויקטאָריע, וועלכע האט בעלאנגט צו איינער פון די פאמיליען פון די אייזענבאהן אנגעשטעלטע, האט אין דיעזען טאָג אָבגעגעבען א צימער פאר העגרי רובאָ מיט זיין פרוי סעווערינע, וועלכע זיינען גע־קומען פון האווער נאך פאריז, אין געוויסע אנגעלעגענהייטען פון וועלכע מיר וועלען באלד ערפאהרען.

העגרי רובאָ איז געוועזען א תקיף; ער האט פערטרעטען דאס אמט פון אסיסטענט סטאציאָנס־מייסטער, אונד ער האט אַלזאָ אויך געהאט א רעכט אייג־צושטעהען אין דער קאָמפּאניע'ס א צימער, איבערהויפּט דאן, ווען עס האט זיך גע־האנדעלט אום בעאמטען־געשעפטען.

סעווערינע, זיין יונגע פרוי, וויא עס שיינט, איז ניט געוועזען מיט איהם צוזאמען אין די לעצטע פּאאר שטונדען, דען מיר זעהען איהם אַליין בלויז אריין קומען אין מוטער וויקטאָריע'ס צימער. ער האט מיטגעבראכט א ברויט, א שטיק געטריקענטעס פלייש, סארדינען אונד א פלאש וויין. ער האט דאס אַלעס אוועק געלעגט אויף'ן טיש, זיך אויסגעקוקט אונד דאן האט ער זיך געזעטצט ביים פענסטער ארויס צו קוקען אין דער רווישענדער שטראסע. ער איז געזעסען א היבשע צייט פערטראכט, אונד דאן האט ער אויסגעזעהן אונגעדולדיג.

ער האט געקוקט אויף'ן זייגער אונד געזעהען, אז עס איז שוין 3 אוהר נאכ־מיטאג. ער האט ערשט בעדארפט אהיים פאהרען נאך האווער אום 6:30, אָבער זיין פרוי סעווערינע, האט שוין בעדארפט על־פּי־חשבון דארט זיין אום צו עסען מיט

איהם מיטאג וויא זייא האבען בעשלאָסען. שרים אין קאָרידאָר האבען צונעצווינגען זיין אויפמערקזאמקייט, אונד ער האט אלץ געמיינט, אז סעווערינע קומט.

ער האט זיך אויפגעהויבען, ארום געשפאצירט אין צימער הין אונד צוריק, דאן איז ער געבליעבען שטעהן נעבען א שראנק, אויף איהם געקוקט, וויא גלייך ער האט געוואָלט פערטרייבען זיין אונגעדולדיגע צייט דערמיט. דערווייל האט ער זיך דער־מאָהנט, אז דיעזען שראנק, האט זיין פרוי, סעווערינע, געשענקט מיט דרייא יאָהר צוריק דער מוטער וויקטאָריע, וועלכע איז געוועזען איהר אמע.

מיט 3 יאָהר צוריק! דאס האט איהם ערָאינערט אן זיין הייראטה, אונד ער האט ווידער פאר זיך געזעהן דאס אנגענעהמע בילד. דאס האט נאך אנדערע גע־דאנקען אין איהם ארויס גערופען.

רובאָ, איז געבוירען געוואָרען אין פלאססאָן, אונד זיין פאטער איז געוועזען א פוהרמאן. העגרי רובאָ'ס פריהע יונענד איז ניט געוועזען זעהר אינטערעסאנט, דער וויכטיגער מאָמענט פאננט אָן פון דער צייט וואס ער איז אריין אין דער ארמעע, אונד ווען ער איז ארויס פון דער ארמעע, מיט דעם ראנג פון סערזשענט־מאזשאָר, אָדער פעלד־פעבעל. באלד נאכדעם האט ער געקריעגען דעם פאָסטען פון באנאזש־מייסטער אין מאנט, אונד שפעטער איז ער געוואָרען באגאזש־אויפזעהער אין בארענטין. דאָרט האט ער געהאט דיא געלעגענהייט בעקאנט צו ווערען מיט זיין שעהנער פרוי. דאס איז געוועזען אין א טאָג, ווען זיא איז ארונטער געקומען צו פאָהרען מיט דער באהן צו פריילין בערטהא, דיא טאָכטער פון דעם אויבער־ריכטער גראנדמאָרין.

סעווערינע אָברי, איז בלויז געוועזען דיא טאָכטער פון א גערטנער, וועלכער איז געשטאָרבען אין דיענסט בייא דער פאמיליע גראנדמאָרין. אָבער זיא איז געוועזען אזוי בעליעבט בייא דעם ריכטער גראנדמאָרין, אז ער האט זיא אויסגעקליעבען צו זיין דיא חבר'טע פון זיין אייגענער טאָכטער, אונד ביידע קינדער האבען צוזאמען גע־נאָסען דיעזעלבע ערציהונג אין א פענסיאָן פון רוען.

סעווערינע האט אויסגעזעהן אזוי שעהן, אזוי געבילדעט אונד אזוי עלעגאנט, אז רובאָ האט אנפאנגס קוים געוואגט אויף איהר צו קוקען, זיך שפירענדיג צו גראָב פאר אזא פיינעם בריליאנט.

דאס איז געוועזען דער קורצער ראָמאן פון זיין לעבען. אין א טאָג, ווען ער האט געפאסט מוטה אונד איז צו איהר צוגעגאנגען, ערוואַרטענדיג בעליידיגט צו ווערען, איז ער געוועזען נאך מעהר וויא ערשטוינט פון דעם רעזולטאט. אויסער דעם וואס זיא האט איהם ניט בעליידיגט אונד צוריק געשטויסען, האט ער נאך ערפאהרען, אז

זיא בעזיטצט א נדן פון 10 טויזענד פראנקס. דערצו איז אויך דער איינפלוסרייכער ריכטער גראנדמאָרין, דירעקטאָר פון דער אייזענבאהן, געווען בערייט צו טהון אַלעס מעגליכע פיר סעווערינע׳ס מאַן.

רובאָ האט זיך קוים געקענט עראינערן וויא אונערוואַרטעט שנעל אַלעס איז צונעגאַנגען — ער וייס בלויז, אז ער האט אין א קורצער צייט ארום געהייראַטעט, אונד באַלד נאך דער חתונה, האט ער אויך געקריגען דיא הויכע שטעלע פון אַסיסטענט סטאַציאָנס־מייסטער אין האַווער. רובאָ האט ניט נאָר געליעבט אונד פערגעטערט זיין שעהנע פרוי צוליעב איהר אַליין, זאָנדערן, ער האט זיך אויך געפיהלט פערפליכטעט צו איהר פאר זיין גאַנצעס גליק אין לעבען, דען אָהן איהר, האט ער געוואוסט, אז ער האט אזוי הויך ניט געקענט שטייגען.

„זיא איז נאך אימער ניטאָ!“ האט ער פלוצלינג אויסגערופען זיך אומקערענדיג. זיינע הענד האבען עטוואס געצימערט וועהרענד ער האט זיך גענומען עפענען דאס שאַכטעל סאַרדינען.

„דאַרף עס אזוי לאַנג דויערן זיך צו קויפען א פאאר שיך?“ האט ער זיך געפרעגט. זיך אומקוקענדיג אין שפיעגעל, האט ער בעמערקט וויא זיין געזיכט איז געווען וויא צוזאַמענגעצויגען.

אין האַווער האט ער קיינמאל ניט געהאט קיין אורזאַכע אויף איהר צו האבען א פערדאַכט, אָבער אין פאריז? ווער וייס? ער האט זיך אַלעס מעגליכע פאָרגעשטעלט. פיעללייכט גאר איין אונגליק. דאס בלוט איז איהם געלאָפען פון דעם גאַנצען קערפער אין קאָפּ אונד ער האט געשפירט וויא זיינע גרויסע אונד מעכטיגע פויסטען, הארט אונד שווער וויא האַמערס פון דער ארבייט, האבען זיך צוזאַמענגעצויגען וויא אין א קראַמפּף. ער האט זיך דערשראָקען פאר זיין אייגענער אויפרעגונג, וועלכע ער האט שוין אזוי לאַנג בעהערשט. דיא מענשליכע בעסטיע, וועלכע האט געשלאָפען, האט פלוצלינג ערוואַכט אונד ער האט געשפירט, אז ער קען דאַמאלס ערמאָרדען יעמאַנדען מיט זיינע מעכטיגע פויסטען.

פלוצלינג האט זיך דיא טהיר געעפענט, אונד סעווערינע׳ס שעהנעס אונד מונטערעס געזיכט האט זיך בעוויזען.

„דאָ בין איך!“ האט זיא געזאגט. „האסטו ניט געמיינט, אז איך בין שוין פערלוירען געגאַנגען?“

סעווערינע איז אַלט געווען 25 יאָהר. זיא איז געווען אביסעל הויך, שעהן ענטוויקעלט, ניט פעט אָבער מאַסיוו. צווייא שוואַרצע ברעמען האבען אריבער געהאַנגען איבער איהרע שוואַרצע אונד לאַבענדע אויגען. איהרע באַקען זיינען ניט

נעוועזן שטארק פארביג, אָבער קלאָר אונד געזונד. פון צווישען איהרע ליפּען האבען זיך ארויס געזעהן צווייא ווייסע שורות צייהן. אין אַלגעמיינעם האט זיא אויסגעזעהן איין אנציהענדע ליעבליכקייט.

אַלס זיא האט געזעהן, אז איהר מאן ענטפערט איהר ניט, האט זיא באַלד געזאגט:

„אונד וויא איך בין דאס געלאָפען!" דיא שטראסען־באהנען זיינען געווען געפּאקט אונד קיין דראָשקע איז מיר אונמעגליך געווען צו געפינען. אונד אָט בין איך דאָ!"

„דאס איז שוין אַלעס זעהר שעהן," האט ער ענדליך געמורמעלט צאָרניג. „אָבער דוא ווערסט דאָך מיר ניט איינרעדען, אז דוא ביסט געגאנגען צופוס פון באָך מארשע ביז אהער?"

איהרע אויגען האבען אויפגעגלאנצט, אונד צושפּרינגענדיג צו איהם, האט זיא געלייגט איהר רעכטע האנד ארום זיין האלז אונד מיט דער אנדערער האט זיא איהם צוגעהאַלטען דאס מויל.

„אַך, דוא בעזער מענש! שווייג שטיל! ווייסטו ניט, אז איך ליעב קיינעם אויסער דיך?"

איהר טאָן, איהר האַלטונג, אונד איהר גאנצער קערפּער האט געצייגט אַזוי פיעל אויפריכטיגקייט, דאס ער האט זיא צוגעדריקט ליידענשאפטליך צו זיין הערץ אונד דיא אייפערזוכט איז פערשוואונדען. זיא האט זיך געלאָזען אין זיינער אומ־ארמונג, אימער ליעב האבענדיג צו זיין געגלעט אונד געקושט. אָבער וועהרענד ער האט זיא געהאַלטען אין קושען אונד האַלזען, איז זיא נאָר געבליעבען רוהיג, ניט ערווידערענדיג דיעזע ליעבעס־געפיהלע. דאס האט איהם בעאונרוהיגט שוין פון לאנג אונד יעטצט נאך מעהר. עפּעס האט זיא אויסגעזעהען וויא א קינד, וויא א טאָכטער. האט איהר אויפרעגענדע נאטור ערשט בעדארפט ערוואכט ווערען?

„האסטו בערויבט באָך־מארשע?" האט ער ענדליך געפרעגט לאַכענדיג.

„יא, וואס דען? באַלד וועל איך דיר דערצעהלען. אָבער פריהער וויל איך עסען, איך שטארב פון הונגער. דאָן, יא, איך האב נאר פערגעסען. איך האב פאר דיר א קליינעם פּרעזענט. אָבער פריהער זאג: „גיב מיר מיין קליינעם פּרעזענט. — "

זיא האט צוגעבוינען איהר געזיכט צו זיינעם אונד געלאכט, וועהרענד זיא האט אריין געלעגט איהר האנד מיט עפּעס אין זיין קעשענע.

„זאג ניך: „איך וויל מיין קליינעם פּרעזענט," ניך!"

ער האט אויך געלאכט גוטהערציג אונד דאן געזאגט: „גיב מיר מיין קליינעם פרעזענט.“

עס איז געוועזן א מעסער'ל וואס זיא האט איהם געקויפט. זיין מעסער'ל האט ער פערלוירען. זיין ווייב'ס פרעזענט איז געוועזן זעהר שעהן אונד ער האט דערפון הנאה געהאט.

„יעטצט לאמיר עסען,“ האט זיא געזאגט, „אבער פערמאך ניט דאס פענסטער, מיר איז זעהר הייס.“

זיא האט זיך דאן אוועק געזעטצט ביים טיש אונד אנגעפאנגען צו עסען מיט דעם אפעטיט פון א הונגעריגען וואלף. קיין וואונדער; זיא איז גענוג געלאפען אום צו ווערען הונגריג. א קלייניגקייט פון באן־מארשע אן!

יעדען פריהלינג פלעגט זיא אהין קומען אום צו ספענדען עטליכע פראנקס וואס זיא האט אבגעשפארט וועהרענד דעם ווינטער. זיא האט אימער בעהויפטעט, אז זיא האט ליעב אלעס צו קויפען אין דעם גרויסען געשעפט, אונד דאס, האט זיא געזאגט, האט איהר אויסגעשלאגען דיא הוצאה פון וועג, ווייל אלעס האט געקאסט בעדייטענד ביליגער וויא אין האווער. וועהרענד דעם עסען, האט זיא מודה געווען, אז זיא איז איין אויסברעננערין, אונד זיא האט געספענדעט 300 פראנקס.

„גוט, גוט,“ האט רובא געענטפערט אביסעל אונצופריעדען. „איך זאג דיר, דאס איז אביסעל צו פיעל פאר א פרוי פון איין אסיסטענט סטאציאנס־מייסטער. דוא האסט דאך געזאגט, אז דוא בעדפסט בלויז שיך אונד — “

„אבער, מיין טהייערער, ווען דוא וואלסט נאר געזעהן וואס פאר א מציאות דארט זיינען געוועזן! איך וויל דיר יעטצט גאר ניט זאגען.ווארט ביז מיר וועלען אהיים קומען אונד דוא וועסט אליין זעהן.“

ער האט ענדליך געמוזט לאכען, ווייל דיא קליינע צויבערין, האט יעדען צארן פון איהם פערטריעבען. דאן האט זיא ווייטער געגעסען אונד געטרונקען ווין. רובא האט געשניטען מיט דעם נייעם מעסער'ל דאס געטריקענטע פלייש, אונד וויא שארף דאס איז געוועזן!

„אונד יעטצט,“ האט זיא געזאגט זיך אבווישענדיג דאס מויל, „דערצעהל מיר אלעס וואס עס האט פאסירט — אלעס!“

ער האט איהר דערצעהלט, דאס ער האט געהאט צו טהון א קלייניגקייט. ער האט מיטגעטהיילט דעם אויבער־ריכטער גראנדמארין איבער דעם אויפטריט וואס ער האט געהאט מיט דעם סוב־פרעפעקט, וויא דער לעטצטער האט איהם

בעליידינג אונד נערופען רעוואָלוציאָנער, ווייל ער, רובאָ, האט איהם נעזאגט. אז נאך דיא וואהלען פון 1869, ווען דער קייזערליכער טראָהן אין פראנקרייך פאַלען, אונד... דער אויבער־ריכטער האט איהם בלויז דיקטירט א בריעף וויא ער זאָל שרייבען, אז ער האט חרטה אויף דעם, וואס ער האט נעזאגט, אונד ער וועט דעם פּאָסטען שוין ניט פערלירען.

„וואס האב איך דיר נעזאגט היינט אין דער פריה ?" האט סעווערינע בעמערקט. „מיר האבען נאָר בעדאַרפט אריין נעהן צו ריכטער גראנדמאָרין אונד ער האט ווידער אַלעס גוט נעמאכט."

„יא, דוא האסט רעכט געהאט. ער זעהט אוים דיך זעהר ליעב צו האבען, אונד ער קען אַלעס טהון וואס ער וויל."

זיא האט נעבליקט פערטראכט אויף א זייט.

„יא, ער האט א גרויסע דעה," האט ער ווייטער נעזאגט.

ביידע זיינען נעבליעבען שטיל. רובאָ איז נעוועזען דעריענינגער וואס האט פריהער נעשפראָכען; נאך א לאַנגער פויזע.

„וואס דענקסטו?" האט ער נעפרענט.

„איבער גאר ניט."

„דוא עסט ניט; ביסטו ניט מעהר הונגריג ?"

„יא, איך בין הונגריג; זעה!"

זיא האט אויסגעטרונקען א גלאָז וויין אונד דאַן האט זיא אויפגענעסען א שטיק פלייש. זייער הונגער איז אונטערדעסען נעשטילט נעוואָרען.

„יא," האט ער פּלוצלינג נעזאגט. „איך האב דיך פערגעסען צו פרעגען, ווארום האסטו ניט אָנגענומען דיא איינלאַדונג פון דעם אויבער־ריכטער, ווען ער האט דיך איינגעלאַדען ארויס צו פאָהרען אין דאָאנווילל שלאָס ?"

רובאָ האט זיך דערמאָהנט אן דעם בעזוך וואס ער אונד זיין פרוי האבען נעמאכט אין יענעם פריה־מאָרגען אין פּאַלאסט פון דעם אויבער־ריכטער גראנדמאָרין. ער האט זיך נעזעהען אומרינגט פון דעם גרעסטען לוקסוס אונד גראנדמאָרין האט איינגעלאַדען סעווערינען, מיט דער צערטליכקייט פון א פאטער, זיא זאָל בעזוכען זיין שוועסטער, אונד ער אליין, מיטפאָהרענדיג אבענד אום 6:30, וועט ער זיא ברענגען אין דעם שלאָס. רובאָ האט ניט נעקענט פערשטעהן ווארום סעווער־נע האט נעפונען תירוצים ניט צו פאָהרען.

„איך פערשטעה ניט," האט רובאָ ווייטער נעזאגט. „ווארום דוא האסט ענטזאגט דיא איינלאַדונג. דוא האסט נעקענט דאָרט לייכט פערבלייבען ביז

דאָנערסטאג, אונד איך וואָלט שוין ביז דאמאלס דורכגעקומען אָהן דיר. יא, סעווע־רינע, מיר דארפען ניט ענטזאגען אזעלכע לייטע, וועלכע קענען אונז אימער א טובה מהון. זאג מיר, איך בעט דיך, ווארום האסטו ניט געוואָלט אָננעהמען דיא איינ־לאַדונג ?"

אין סעווערינעס אויגען האט זיך געוויעזען איין אונהיימליכער בליק אונד זיא האט געענטפערט אונגעדולדיג: „איך האב דיך ניט געוואָלט לאָזען אליין אזוי לאנג."

„דומהייטען! ביסטו ניט שוין דאָרט געוועזען צווייא מאל צו 8 טעג? ווארום זאָלסטו ניט פאָהרען א דריטעס מאל?"

זיא איז געוואָרען זעהר אונרוהיג אונד אומגעווענדעט איהר געזיכט.

„איך האב ניט געוואָלט פאָהרען, אונד דאס איז אלעס!" האט זיא אויסגע־רופען רויט ווערענדיג. „דוא ווערסט מיך דאָך ניט צווינגען — "

רובאָ האט נאכגעדענקט אונד וויא געמורמעלט צו זיך אליין: „האט דיך מאדאם באָננעהאָן ניט גוט אויפגענומען? אין גענענטהייל. האסטו פיעללייכט עפּעס דאגעגען דעם אויבער־ריכטער?"

„דער ריכטער!" האט זיא אויסגערופען ווערענדיג נאך אונרוהיגער, „אָה ניין, ניין!"

רובאָ האט זיך אומגעקוקט עטוואס אונד בעמערקט: „איך האב עס נאָר געזאגט, ווייל דוא האסט מיר אמאל דערצעהלט, אז אלס קינד פלעגסטו פאר איהם מורא האבען."

„מורא! דאס זאגסטו שוין אליין. עס איז ניט געוועזען קיין מורא, נאָר ווען ער פלעגט מיך אָנקוקען מיט זיינע גרויסע אונד שאַרפע אויגען, האט זיך מיר געדאכט, אז איך האב געוואָלט זיין מיט הונדערטער מיילען וויטער פון איהם. איך האב גע־זעהען מענשען, וועלכע זיינען געוואָרען אזוי איבעררא‌שט פון זיין בליק, פון זיין גרויסער געלעהרזאמקייט, אונד... אז זייא האבען פערלוירען דיא שפּראַכע אונד נאָר ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. דאן איז ער זעהר שטרענג. צו מיר גראדע האט ער זיך אימער געצייגט זעהר גוט אונד צערטליך."

איהר שטימע איז געוואָרען וויא הייזעריג אונד איהרע אויגען האבען געקוקט טרוימעריש אויף א זייט.

„איך געדענק, ווען איך בין נאך געוועזען א גאנץ יונגעס פריילין," האט סע־ווערינע ווייטער אָנגעפאנגען אין דעמזעלבען טאָן, „בין איך אַרום געלאָפען אין

גארטען מיט דיא אנדערע קינדער. ווען ער איז אנגעקומען, איז יעדער ענטלאָפען, זאָגאר זיין איינענע טאָכטער. איך אליין בין געבליעבען שטעהן. ער איז צוגעקומען אונד מיך געגלעט אויף דיא באקען אונד איז ווייטער געגאנגען. שפעטער, ווען איך בין שוין אלט געוואָרען 16 יאָהר, פלעג איך אָהן מורא קומען אונד רעדען צו איהם. אך! איך געדענק אלעס! יעדער ווינקעל אין הויז אונד אין גארטען איז מיר אזוי בעקאנט, אז איך וואָלט עס געקענט געפינען מיט פערבונדענע אויגען."

זיא האט זיך זעלבסט אונטערבראָכען. אויף איהר געזיכט וואס איז געווען ווארעם אונד פערפלאמט, האט אויסגעזעהען צו לויפען א שוידער פון פערגאנגענע עראינערונגען. איהרע ליפען האבען זיך אביסעל צוזאמענגעדריקט, אונד רובא, וועלכער האט זיא נאך ניט געזעהן אין אזא צושטאנד, האט געבליקט צו איהר מיט ערשטוינען.

„ער איז געווען זעהר גוט צו דיר," האט רובא בעמערקט אָנצינדענדיג זיין לולקע. „ער האט דיר געגעבען איין ערציהונג וויא פאר דער גרעסטער דאמע, אונד דאן האט ער אזוי גוט פערוועגדעט דיין פאטער'ס קליינע ירושה, דאס דוא האסט דערפון געקריעגען א היבשע סומע געלד מיט דעם וואס ער האט נאך צוגעלעגט. דאן האט ער געזאגט, וויא איך האב געהערט, אז אין זיין צוואה האט ער אן דיר אויך ניט פערגעסען."

„יא, ער האט געזאגט, אז ער וועט אונז איבערלאָזען דאס הויז אין קראָא דע מאָפרא, דאָרט וואו דיא באהן לויפט פארבייא. דיא פאמיליע פלעגט דאָרט צייטענווייז פערברענגען. אָבער, דעם אמת זאגענדיג, ווייס איך ניט אויב דאס וועט זיין אונזערעס; זיין משפחה איז דאגעגען. איברינענס, וויל איך גאר ניט פון איהם, גאר ניט!"

רובאָ האט צו איהר געקוקט מיט ערשטוינען. דאן, ארויס נעהמענדיג דיא לולקע פון זיין מויל, האט ער געזאגט:

„וואס איז מיט דיר געשעהען? דער אויבער־ריכטער האט מיליאָנען, אונד איך זעה ניט איין דיא עולה, ער זאָל דיר, וועלכע ער האט ערצויגען, אויך עפּעס איבערלאָזען."

דאן, זיך צולאכענדיג, האט ער פלוצלינג בעמערקט:

„האסטו אפשר מורא, אז מען וועט זאגען, אז דוא ביסט זיין טאָכטער? איך ווייס, אז גראנדמאָרין איז קיינמאל ניט געווען קיין הייליגער. מען זאגט, אז קיין ד'ענסטמיידעל האט געקענט לויז ווערען פון איהם. נאך יעטצט, וויא אלט ער איז,

לאָזט ער קיין שעהנעס פרויענצימער פאַרבייא געהן, אָהנע זיא צו פערפאָלגען מיט זיינע אויגען. איבריגענס, עס איז מעגליך, אַז דוא ביסט נאַר זיין טאָכטער!"

סעווערינע איז בלאַס געוואָרען. פון איהרע אויגען האט וויא געשאָסען מיט פייער:

„זיין טאָכטער! זיין טאָכטער!" האט זיא געשריען. „וואס פאַר א שרעק־ליכער שפּאס דאס איז! וויא קען איך זיין דיא טאָכטער פון גראַנדמאָרין? נענוג דאַריבער! איך פאָהר ניט נאך דאַאַנוויל, אונד דערמיט האט זיך אַלעס גע־ענדיגט!"

ער האט געשמייכעלט אונד זיך בערוהיגט, דענקענדיג, אַז דער וויין האט זיא אַזוי אויפגערעגט. דאַן האט ער אָבגעווישט דאס נייע מעסער'ל אונד אָנגעפאַנגען צו שניידען זיינע נעגעל.

„עס איז שוין 15 מינוטען נאך 4 אוהר," האט זיא געזאגט. „איך מוז נאך זיין אויף א פּאאר פּלעטצער, לאָמיר בעסער געהן."

זיא האט זיך אומגעווענדעט צום פענסטער, אַרויס געקוקט אונד געזוכט זיך צו בערוהיגען. ער האט זיך אויך אויפגעהויבען, אוועק געלייגט דאס מעסער'ל אויף'ן טיש אונד איז צו איהר צוגעגאַנגען אונד זיא אומאַרמט. וויא זיא האט נאָר דער־פיהלט זיין בעריהרונג, האט זיא זיך אויסגעריסען אונד זיך שנעל אָבגעווענדעט. ער איז געבליעבען שטעהען אַזוי פערוואונדערט, גלייך וויא זיא וואָלט איהם געגעבען צוויא פעטש.

„וואס איז מיט דיר?" האט ער געפרעגט.

„גאָר ניט!"

„יא, עס איז עפּעס!"

„לאָמיך צורוה," האט זיא געזאגט זיך פּאסענדיג, „איך בין מיעד אונד וויל נאכדענקען איין אייגענבליק."

רובאַ'ס געזיכט איז רויט געוואָרען. „עס האט עפּעס פּאסירט, סעווערינע," האט ער געזאגט. „דוא ביסט אויפגערעגט, אין כעס, ווארום?"

„ניין!"

„מיין נעגענוואַרט מאכט דיך מיעד."

סעווערינע האט פּראָבירט צו שמייכלען.

„דוא ביסט אַזוי לאנג ניט געוועז..." האט ער ווייטער בעמערקט.

„אַך! דוא ביסט אייפערזיכטיג."

„גיב אכטונג, סעווערינע,“ האט ער געזאגט ציטערענדיג, ווערענד דיא אָרערן אויף זיין געזיכט זיינען אָנגעפילט געוואָרען מיט בלוט.

זיא האט אויפגעצווינגען מיט דיא אַקסלען אונד געמאכט א פעראכטענדע מיענע. דאַן האט זיא זיך דערמאָהנט, אַז רובאָ ליעבט זיא זעהר אונד איז שטארק אייפערזיכטיג. זיא האט אויך בעגריפען, אז עס איז אונרעכט איהם צו ערגערן.

רובאָ האט זיך אוועק געזעטצט, ארויף געלעגט זיין קאָפּ אויףביידע הענד, גלייך וויא ער האט געוואָלט אָבקיהלען זיין אויפרעגונג. סעווערינע׳ס געזיכט האט זיך פּלוצלינג געענדערט איהם זעהענדיג אזוי זיטצען. זיא איז געוואָרען מילדער, אונד וויא א קאטץ, איז זיא צו איהם צוגעגאנגען, זיך צוגעבויגען אונד געקושט צערטליך זיינע באקען. זיין הערץ האט אין איהם געטאנצט פאר פרייד. ער האט געוואוסט, אַז נאך אַלעמען, ליעבט זיא איהם דאָך. ער האט אויסגעשטרעקט זיין גרויסע אונד מעכטיגע האנד, אָנגענומען איהר לינקע האנד, אויף וועלכער זיא האט געטראגען א רינג אין דער פאָרמע פון א שלענגעל. ער האט געגלעט דיא האנד אונד געקוקט טרוימעריש צום רינג.

„אך! מיין שעהן שלענגעל,“ האט זיא געזאגט וויא פאנטאזירענדיג. „ער האט דאס מיר געגעבען אין קראָא דע מאָפרא, ווען איך בין אַלט געוואָרען 16 יאָהר.“

„ווערמען מיינסטו? דעם אויבער־ריכטער?“

ווען זיא האט בעגעגענט איהר מאן׳ס בליק, האט זיא אויסגעזעהן צו ערוואכען פון איהר פאנטאזיע. א טויט קאַלטקייט איז ארויף אויף איהרע באקען. זיא האט געוואָלט עפּעס זאגען, נאָר זיא האט ניט געוואוסט וואס. זיא האט אויסגעזעהן וויא דערשטיקט צו ווערען מיט דיא ווערטער.

„אָבער דוא האסט דאָך מיר אימער געזאגט,“ האט רובאָ פאָרטגעזעטצט, „אז דיעזער רינג האט בעלאנגט צו דיין מוטער?“

זיא האט געקענט וויעדער ברענגען אַלעס אין אָרדנונג, ווען זיא וואָלט זיך אויסגעלאַכט פון דעם טעות וואס זיא האט געמאכט. אָבער זיא האט פערלוירען דיא קאָנטראָלע איבער איהר צונג אונד שנעל געענטפערט:

„מיין טהייערע, איך האב דיר קיינמאל ניט געזאגט, אז דער רינג איז פון מיין מוטער.“

רובאָ האט צו איהר געקוקט אונד איז בלייך געוואָרען.

„האסט מיר קיינמאל ניט געזאגט? דוא האסט עס מיר 20 מאל דערצעהלט. עס איז אָבער אויך קיין פעהלער, ווען דער אויבער־ריכטער האט דיר דאס געגעבען.

ער האט אונז נעמאכט נאך מעהרערע פרעזענטען. אבער ווארום נארען אונז מער טרינען? וואס איז דאביי אזוי פיעל געהיימניספאלעס?"

„איך זאג נאך אמאל, מיין טהייערער, אז דוא האסט א טעות, איך האב דיר קיינמאל ניט דערצעהלט, אז דאס קומט פון מיין מוטער."

ער האט זיא אבגעלאזען אונד געבליקט אויף איהר געזיכט, וועלכעס האט גער ביטען דיא קאלירען. איהרע ליפען האבען געציטערט. עטוואס שרעקליכעס האט דורכגעשאסען דורך זיין געהירן. זיין בליק האט זיא נאך מעהר פערווירט. זיא איז דאן געווארען רויט וויא פייער.

„בייא נאכט אונד אלע טייפלען!" האט ער אויסגעשריען אויפהויבענדיג זיינע ביידע הענד.

איהר גאנצער מוטה איז געווען פערשוואונדען, אונד ציטערענדיג האט זיא אבגעווענדעט איהר קאפ, גלייך וויא זיא האט געוואלט אויסמיידען א קלאפ. איהר האלטונג האט איהם דערמאהנט אן א שמוטציגער פערברעכערין. דער רינג איז פון איהם! פון איהם! אונד אזוי פיעל געהיימניספאלעס דערבייא. הא! ריכטיג, עס קען אנדערש ניט זיין! אונד זעה וויא זיא ציטערט! זיין פערדאכט איז אין איין אויגענבליק פעסטגעשטעלט געווארען. דיא מענשליכע בעסטיע האט ערוואכט אין איהר גאנצער וואוטה.

אין זייערע גאנצע דרייא יאהר פערהייראטעטעס לעבען, האט ער זיא בער האנדעלט מיט דער גרעסטער צערטליכקייט. אבער דיזע געפיהלע זיינען פער־שוואונדען. בלינד אונד בעזויפען מיט צארן אונד אייפערזוכט, האט ער זיא געפאקט בייא איהר טאליע, גראדע וויא ער פלעגט אננעהמען א בינטעל באנאזש, אונד זיא ארויף געווארפען אויף'ן בעט, אונד מיט זיינע אייזערנע פויסטען האט ער זיא גער שלאגען אהן רחמנות.

„דוא שמוטציגעס, ניעדערטרעכטיגעס בעשעפעניש," האט ער געשריען אין א חייזערינער שטימע, „אזוי, דוא האסט דיך איהם איבערגעגעבען, איהם — "

זיין אייגענע שטימע האט איהם געמאכט אלץ ווילדער אונד וויטהענדער, אונד זיינע פויסטע' זיינען געפאלען מיט דער קראפט פון האמערס.

„דוא האסט מיר אלזא געבראכט וואס ער האט דיר איבערגעלאזען — דוא אבשייליכעס שטיק שמוטץ, דוא, דוא — "

ער איז שיער דערשטיקט געווארען. דאן האט ער זיא צום ערשטען מאל, דיס רעם שלאגען, געזעהן עפענען איהר מויל, אונד זיא האט געמורמעלט:

„ניין, ניין; איך האב עס נים געטהאָן."

דיעזער שוואכער פראָטעסט, אום לויז צו ווערען פון קלעפּ, האט איהם נאך מעהר איבערציינט פון איהר שולד אונד זיין וואוטה איז געשטיעגען ביז צום וואהנזינן.

„זאג, זייא דיך מודה!" האט ער ארויס געברומט פון זיין צוזאמענגעדריקטען האלז.

זיא האט זיך אויסגעריסען אונד איז ענטלאָפען צו דער טהיר. ער איז באלד געוועזען נעבען איהר אונד מיט איין קלאפּ אין קאָפּ, האט ער זיא אומגעוואָרפען צו דער ערד נעבען טיש. ער האט זיך געשטעלט נעבען איהר אויף דיא קניען, אנכאַפּענדיג איהרע צערוואָרפענע לאַנגע האאר, אונד א פּאאר מינוטען זיינען פאַראיבער, וועהרענד ער האט איהר געקוקט גלייך אין געזיכט.

„יעטצט, צום לעטצטען מאל," האט ער געזאגט צוריק געווינענדיג זיין שטימע. „זאג, דערצעהל דעם אמת!"

מעהר האט זיא שוין נים געקענט אָבלייקענען, אונד זיא האט גע־שוויגען.

„זאג, זאג, שנעל, דען בייא אלע טייפלען שווער איך דיר, אז איך וועל דיך הרג'ענען!"

זיא האט געוואוסט, אז ער וועט האלטען וואָרט. זיינע אויגען האבען געבליקט צום מעסער אויף'ן טיש. זיא האט געשפּירט, אז אלע איהרע קרעפטען פערשווינדען. שטארבען האט זיא נים געוואָלט, אונד אָהנע פיעל נאכצודענקען איבער דעם וואס זיא געהט זאגען, האט זיא געמורמעלט:

„יא, איך בין שולדיג, יעטצט לאָז מיך אָב!"

וואס עס האט געפאָלגט, איז אונמעגליך צו בעשרייבען. טראָטץ דעם וואס עס האט ביז דאמאלס פּאסירט, האט ער זיך נאך אלץ נים געקענט געגנוי פאָרשטעלען, אז זיין השערה איז וואהר. איהר מודה זיין זיך, האט אויסגעזעהן, גלייך וויא יעמאנד וואָלט איהם אריין געשליידערט א שטיין אין געזיכט. איינינע סעקונדען זיינען פאַר־איבער, אָהנע ער זאָל זיך קענען ריהרען. דאן, ארויס לאָזענדיג א געשרייא וויא פון א ווילדע חיה, האט ער זיא נאך אמאל פעסטער ערגריפען בייא דיא האאר, אונד אָנגעפאנגען צו קלאפּען מיט איהר קאָפּ אן דעם טיש, אומוואָרפענדיג דערבייא א ביינקעל. דאס בלוט פון איהר קאָפּ מיט מאנכע האאר, האט זיך אָנגעקלעפּט אָן דיא פיס פון דעם טיש.

ענדליך האט זיך זיין בעססיאלישע וואוטה פערוואנדעלט אין איין אֶהנ־מעכטינער מיעדקייט, אונד זיך אויפהויבענדינג פון דער ערד, האט ער זיא מיטגע־שלעפט אונד ארויף געוואָרפען אויף'ן בעט. ער האט ניעדער געקניעט, אונד ארויף לענענדינג זיינעביידע עלֶענבויגענס אויף איהרע פיס, האט ער געשפירט, דאס זיין שטימע קעהרט צוריק. דיא מארטערענדע לוסט, צו פרעגען אונד וויסען אלעס, האט איהם ערגריפען.

„אזוי, דוא אבשייליכעס ועזען, דוא שטיק שמוטץ, דוא האסט מיך שענדליך בעטראגען! אונד מיט דעם אלטען ניעדערטרעכטיגען שופט! יעטצט זאג מיר, וויא אלט דוא ביסט דאמאלס געוועזען? איך בין זיכער, אז דוא ביסט נאך געוועזען א קינד — הא?"

דאן האט זיא פלוצלינג אָנגעפאנגען צו וויינען אזוי שטארק, דאס ער האט פון איהר גאר ניט געקענט ארויס קריעגען.

אָבער זיין שטרענגע שטימע אונד נאך אמאל פרעגען, האט זיא איבערציינט, אז זיא מוז ענטפערן ער זאָל פערשטעהן.

אונמענליך! זיא האט זיך מעהר נים געקענט צוריק האלטען אונד אלעס דערצעהלען — אלעס איבער דעם שמוטציגען זומפף וואוהין זיא איז אריין געפאלען. זיא האט גערעדט אזוי שטיל, אז ער האט קוים געהערט, אונד ער האט זיא געמוזט עטליכע זאכען איבער פרעגען. אנפאנגס האט זיא פראָבירט אויסצומיידען דיא ניעדרינסטע אונד שמוטציגסטע איינצעלהייטען, אָבער ער האט איהר נים נאכגע־לאָזען, ער האט געוואָלט אלעס וויסען.

זיא האט איהם דערצעהלט וויא זיא האט צום ערשטען מאל צוגעצויגען גראנדמאָרין'ס אויפמערקזאמקייט, אונד וויא צו 16 אונד א האלבעס יאָהר —

„דוא זאגסט ליעגען! — עס איז געוועזען פריהער!"

„ניין, ניין," האט זיא זיך געבעטען, „ניט פריהער; ער האט מיך דאן אריין געפיהרט אין הויז קראָא דע מאָפרא — "

„איך פערשטעה יעטצט. דאסזעלבע הויז וואס ער האט אויף דיר אָבגעזאגט אין זיין צוואה."

זיא האט ווייטער דערצעהלט — אלעס, אונד אזוי פיעל געמיינהייטס...

„אונד נאך דעם גאנצען שמוטץ," האט ער אויסגעשריען, „וויא האסטו, אבשייליכע, געוואגט מיך צו הייראטהען? מיין גאָט, עס זיינען פערהאנדען פער־ברעכערינס, וואָס פוילען אין דיא געפענגניסע, אונד זייא זיינען מלאך'טעס אין

פערגלייך צו דיר! דוא האסט מיך נעמחט רעכנענן אלס דעם שמוטציגסטען שמוטץ אום נאך דיין שטומץ אויף מיר ארויף צו לעגען. אבער ווארום? ווארום?"

זיא האט פראָבירט צו ענטפערן, אז דאס איז געווען איהר איינציגער אויסוועג לויז צו ווערען פון דער העללע. ער האט זיך אויף דערמאָהנט, אז זיא איז געווען צו הויך פאר איהם, אונד ער האט זיך ערקלערט, אז אונטער אנדערע אומשטענדען וואָלט זיא מיט איהם ניט געהייראַטעט.

„אזוי איז עס!" האט ער געזאגט. „דער אַלטער טייפעל האט ניט געוואָגט דיך צו פערהאנדלען צו אַיין אנדערן, אונד זאָ האט ער געפונען איין אידיאָט וויא איך בין, וואס זאָל גאר קיין מבין ניט זיין..."

דאָ איז ער געליעבען שטיל וויא געטראָפען פון א קוגעל. א שטורם מיט גע־ראנסען האבען איהם שיער געפלאַטצט דיא געהירן אין קאָפּ.

„יא, יא, איך בעגרייף! צום טייפעל, איך בעגרייף! ער האט געוואָלט האבען אזא אידיאָט פאר דיר, וועלכער זאָל נאך ניט שטערען דיך צו בעזיטצען אויך נאך דער חתונה. צווייא מאל ביסטו בייא איהם אונד מיט איהם געווען! צווייא מאל! אונד יעטצט האט ער דיך געוואָלט צום דריטען מאל, היינטיגע נאכט?"

דא האט מעכאניש געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ: „יא."

פון זיין האלז האט זיך ארויס געריסען א שטיקענדער טאָן.

„אונד ווען איך וועל דיך דאָ יעטצט ניט ערמאָרדען, דאן ועט דאס ווייטער פאָרטגעזעטצט ווערען?"

זיינע הענד האבען זיך קראַמפּפהאפט בעוואָרינען. עס איז איהר אונטערדעסען געלונגען אויסצושרייען:

„דאס איז שוין צופיעל, צופיעל! געדענקסטו ניט, אז איך האב איהם זאָ־פאָרט ענטזאגט, אָבוואָהל דוא האסט געוואָלט איך זאָל יא געהן? אלעס האט זיך געענדיגט, איך שווער עס דיר: ניעמאלס מעהר, ניעמאלס!"

ער איז געווען איבערציינט, אז זיא זאגט דיא וואהרהייט, אָבער דאס האט איהם נאך ניט בערוהיגט. קיין זאך האט מעהר ניט געקענט פערריכטען דאס וואס עס איז פערדאָרבען געוואָרען. ער האט געשפירט, גלייך וויא א מעסער וואָלט דורכ־געשטאָכען זיין הערץ.

„יא, יא," האט ער געמורמעלט וויא פון א חלום. „אין קראָא דע מאָפרא, דאָרט, אין שלאָף־צימער. איך וויים. אונד דאס האט געטהאן דער אַלטער מאן, דער גרויסער ריכטער, דער מיליאָנער, דער געאַכטעטער ארעלמאן, דער געלערנטער,

דער, דער... אָבער, קוק נאָר אהער: צום ביישפּיעל, איז עס ניט מעגליך ער זאָל זיין דיין פאטער? דערמאָהן זיך נאָר גוט ווער ער איז!"

סעווערינע, טראָטץ איהרע קערפּערליכע ליידען אונד איהרע גייסטיגע שמערצען, איז בייא דיעזע ווערטער אויפגעשפּרונגען וויא געביסען פון א שלאַנג.

„ניין, אום גאָטעס ווילען, ניין! זאג עס ניט! הרג'ע מיך, צערטרעט מיך מיט דיא פיס. נאָר ווען דוא בעהויפּטעסט דאס, דאן איז עס ליגנען!"

רובאָ, אָהנע צו בעאָבזיכטיגען ער זאָל זיא מארטערן, האט בעמערקט:

„דאס וואס דוא לייקענסט עס אזוי שטארק אָב, איז א בעווייז, אז דוא אליין דענקסט אויך דאריבער. אונד ווארום זאָל ער ניט זיין דיין פאטער? דיין מוטער איז געוועזן שעהן, יונג אונד אין זיין נעזעלשאפט זעהר אָפט — איך האב עס געהערט — ויארום זאָל ער ניט זיין דיין פאטער?"

ער האט ו יא פלוצלינג ערבליקט דעם רינג אויף איהר פינגער. אין איין אנגריף פון וואהנזינינען כעס, האט ער איהם ארונטער געריסען אונד צערשמעטערט מיט זיינע פיס אויף'ן פוס־באָדען. זיא איז געבליעבען זיטצען אין א שמערצהאפטער שטילקייט.

ער האט דאן אָנגעפאנגען צו שפּאצירען אין צימער הין אונד צוריק, זיך ברעך בענדינג דיא הענד אונד מורמלענדיג אין ביטערער פערצווייפלונג:

„וואס זאָל איך טהון? וואס זאָל איך טהון?"

עס האט אויסגעזעהען, דאס נאכדעם ער האט זיא ניט ערמאָרדעט אין זיין גרעסטער אויפרעגונג, וועט ער איהר שוין נאר ניט טהון.

סעווערינע האט זיך אויפגעזעטצט אונד געבליקט צו איהם מיט איהרע גרויסע אונד ערשטוינטע אויגען. זיא האט איהם ביז דאמאלס נאר ניט פיינד געהאט; נאך מעהר, זיא האט איהם אויך געליעבט, ווייל ער איז געוועזן א בראווער אונד גוט־הערציגער יונג, אונד יעטצט? פלוצלינג האט זיא פערגעסען אן אלעמען אונד איהם געזעהן ליידענדיג, זיא האט אויף איהם רחמנות געהאט. זיא האט בעגריפען, אז ער ליידעט זעהר.

סעווערינע איז אימער געוועזן א רוהיגע אונד איבערגעבענע. פאַלגזאם אונד געהאָרזאם. דאס האט זיא אויך אזוי לייכט געשטירצט צו דער בעסטיאליטעט פון דעם אויבער־ריכטער. יעטצט האט זיא זיך געשפּירט גענצליך ענטקרעפטעט געגען דיעזען מעכטינען מאן, איבער וועלכען זיא האט קיינמאל ניט געהערשט, אז ער קען אזא וואוטה אויפצייגען.

וויא א ווינט האט ער שפאצירט שוין אפשר צום פופצינסטען מאל איבער דעם צימער אונד איז אויסגעקומען געבען בעט. דאס מיטליידס־געפיהל אין איהר האט זיך שטארק ערוועקט אונד זיא האט געמורמעלט:

„אבער, מיין טהייערער, הער מיך אויס — "

וויא א פוינעל, אזוי שנעל איז ער פון דארט אוועק אימער ברומענדיג:

„וואס זאל איך טהון? וואס זאל איך טהון?"

אלס ער האט זיך נאך אמאל אומגעקעהרט, האט זיא איהם אנגעכאפט ביים דער האנד אונד געזאגט:

„אבער, מיין טהייערער, אלעס איז יעטצט געענדיגט — ווירקליך געענדיגט. דוא האסט מיך געהערט איהם ענטזאגען, איך שווער עס דיר — "

זיא האט געזוכט איהם צו פערפיהרען מיט איהרע שמייכלעריין אונד ער האט זיך אויך אוועק געזעטצט אויף'ן בעט וויא אזעלכער וואס וויים נים וואו ער איז אין דער וועלט. דאן האט זיא זיך צוגערוקט נעהנטער אונד האט געוואלט בערי ריהרען מיט איהרע פערבלוטיגטע ליפען זיינע. פלוצלינג האט ער זיא אבגעשטויסען אונד געשריען קריצענדיג מיט דיא צייהן:

„אוועק! אוועק! דוא ביסט פעסט, ניפט, אבשייליכקייט אונד פער־אכטונג!"

ער האט געשווידערט. ער האט זיך דערמאהנט אן זיין פערגאנגענער ליעבע צו איהר אונד עס איז איהם קאלט געווארען. דאן האט ער געדענקט פון טויט.

א נייעס געפיהל האט איהם ערגריפען. ער האט זיך אויפגעהויבען פון נעבען איהר, זיך אוועק געזעטצט שנעל אויף א ביינקעל, אונד אריין ווארפענדיג זיין קאפ צווישען זיינע ביידע דאלאניעס, איז ער געבליעבען זיטצען אונבעוועגליך. א מערק־ווירדיגע רוהע האט איהם בעהערשט אין קערפער, נאר זיין געהירן האט שווער גע־ארבייט, זא דאס גרויסע קאלטע טראפענס שוויים האבען ארויס געזעטצט אויף זיין שטערן. זיא איז נאך אימער געזעסען אונד מורא געהאט זיך צו ריהרען פון דעם פלאטץ.

אונערווארטעט איז ער אויפגעשפרונגען, צוגעלאפען צום פענסטער אונד ארויס געקוקט צום קירכען־זייגער.

„20 מינוטען נאך 5!" האט ער געזאגט הויך, „מיין גאט! אונד בלויז איין שטונדע זייט דיעזעס שרעקליכע איז פאר מיר ענטדעקט געווארען? אבער עס איז נאך דא צייט גענוג."

סעוועריגע האט פערשטאנען, אז ער האט געפאסט עפעס א בעשלוס, אָבער זיא האט איהם ניט געוואנט צו פרעגען. דאן איז ער שנעל צוגעלאָפען צום טיש־קעסטעל, ארויס גענומען א פאאר שטיקלעך בריעף־פאפיער, אונד פון דעם שראנק האט ער ארונטער גענומען טינט אונד פעדער.

ער האט זיך אומגעווענדעט, זיא אָנגענומען בייא דער האנד, אונד מיט א שלעפ, האט ער זיא ארונטער געריסען פון דעם בעט, זיא צוגעשטופט צום טיש אונד אניעדער געזעטצט אויף'ן ביינקעל.

„יעטצט, שרייב!“ האט ער געזאגט.

„שרייבען וואס?“

„צו איהם! שרייב וואס איך הייס!“

זיא האט געצעגערט אונד געשווידערט.

„שרייב,“ האט ער ווייטער געזאגט, „שרייב אזוי: „איך פאָהר אוועק מיט דעם צוג פון 6:30, אָבער מיידעט אויס זיך צו ווייזען איידער איהר וועט אָנקומען נאך רעון.“ דאס שרייב!“

זיא האט געהאלטען דיא פען אין דיא הענד, אונד דאן האט זיא געזאגט זיך בעטענדיג:

„וואס ווילסטו טהון? איך בעט דיך, דערצעהל מיר?“

„וואס איך וויל טהון, פרעגסטו? גוט; איך וועל דיר זאגען: איך וויל עפעס טהון, וואס וועט שליעסען אזא באנד צווישען אונז, וועלכער זאָל אונז אימער האלטען צוזאמען. דוא פערשטעהסט? איך אונד דוא וועלען ביידע דאס טהון.“

„ניין, ניין,“ האט זיא אָנגעווענדעט ציטערענדיג, „דוא מוזט מיר זאגען, איך מוז מעהר וויסען.“

ער האט איהר ניט געוואָלט ענטפערן. נאָר געהמענדיג איהר צארטע האנד אין זיינער, האט ער זיא צוזאמענגעדריקט, אז זיא האט אויסגעשריען מיט שמערץ.

„שרייב, אָדער דוא שטארבסט!“ האט ער געשריען.

זיא האט שוין געשריעבען. עס האט זיא אפילו געקאָסט פיעל מיה צו שרייבען מיט איהר שמערצענדע האנד, אָבער זיא האט דאך געשריעבען.

„יעטצט בין איך מיט דיר צופריעדען,“ האט ער געזאגט מיט א רוהיגען טאָן נאָכדעם ווייא דער בריעף איז פערטיג געוואָרען, אדרעסירט אונד אריין געלעגט אי

קעסענע. „רוא מחם ועהן רא? אלעס ברענגען אין ארדנונג אונד זיך פארבערייטען צו רער באהן. איך וועל באלד זיין צוריק.“

ער איז געוועזן אזוי רוהיג, וויא זיא האט איהם נאך ביז דאמאלס אזוי נים געזעהן. ער האט דאן אויסגעגלייכט זיין האלדבענדעל, פעררינכט זיינע צושויבערטע האאר, אונד ארויס געהענדיג, האט איהם סעווערינע געהערט פערשליעסען דיא מהיר הינטער זיך.

— — — — — — — — — —

אום 6:30 האט דיא באהן אבגעריזט נאך האווער, אונד האט געהאט, אונטער דיא פערשיעדענע פאססאזשירען, רובא, זיין פרוי סעווערינע אונד דעם אויבער־ריכטער גראנדמארין. דער לעטצטער איז געזעסען אין א בעזונדערען וואגאן.

## קאפיטעל 2.

דאס הויז קראא דע מאפרא ליענט זעהר נאהענט פון דער אייזענבאהן שטרעקע, אויף א פרייעס פעלד. אום צו פאהרען נאך דאאנוויל מוז מען דארט פאר־ סירען. פון וויימען, צווישען דעם אתרענעלמעסיגען וועג מיט גרויסע שטיינער, האט זיך געזעהען געהען א יונגער מאן, וועלכער האט שפאצירט מיט א שנעלער אונד אונרוהיגער בעוועגונג אין שאטען פון זונען־אונטערגאנג. נעבען דעם הויז איז געווען א הילצערנעם הייזעל, וואס האט געדיענט אלס שוטץ פיר דעם אייזענבאהן וועכטער, אנצוציינען, אז דער וועג פיר דעם צוג איז אונגעשטערט אדער געשטערט. נאהענט דערבייא איז געווען א גרינצייג גארטען, וואו א מיידעל, גרויס געוואקסען, שטארק געבויעט אונד פון א יאהר 18, מיט דיקע ליפען, גרינליכע אויגען מיט א ניעדריגען שטערן, איז געשטאנען ביים ברונען אונד ארויס געצויגען וואסער.

מען האט נים נטסענט אין גאנצען זאגען, אז זיא איז שעהן, ווען איהר מעכ־ טיגער קערפער אונד הענד מיט אזעלכע מוסקעלן וויא פון א מאן, האבען דאס נים ערלויבט. אבער איהר געזיכט האט אנגענומען א מערקווירדיגע אנציהענדע מיענע, ווען זיא האט ערבליקט דעם יונגען מאן אנקומענדיג. זיא האט דאן אויס־ געשריען:

„גוטען אבענד, זשאק !“

ער האט זיך באלד אומגעקוקט. ער איז ווירקליך געווען א וואונדערבארער שעהנער מענש פון א יאהר 26, הויך געוואקסען, רעגעלמעסיגע געזיכטס־ציגע אונד

די אונטערע קינבאקען האבען פארגעשטעלט עפעס שטרענגעס, וואס האט זיך אבער לייכט פערלוירען אין זיינע שעהנע קויל־שווארצע וואנצעס.

„אך, פלארא, גוטען אבענד,“ האט ער גענטפערט זעהר רוהיג. אין זיינע אויגען האט זיך אבער באלד בעוויזען א זעלטזאמער גלאנץ, זיינע ליפען האבען זיך צוזאמענגעדריקט אונד ער האט אויסגעזעהען צוריק צו שרעקען, גלייך וויא ער האט געזעהען אונגליק פאר זיך.

זיא האט בעמערקט דעם בליק, נאר זיא איז געבליעבען אונערשראקען, ניין, מיט פערגניגענען איהם געקוקט אין געזיכט. דאן איז זיא געווארען טרויעריג אונד איהם געצייגט דעם וועג אין הויז, וואו דעם וועכטער'ס פרוי, איהר מוטער, איז גע־לעגען קראנק.

טאנטע פאסיע, וויא זשאק האט זיא גערופען, איז געוועזען זיינע א קרובה אונד זיא האט איהם געקענט נאך אלס קינד. ער האט זיא געטראפען זיטצענדיג אין קיך אויף איין אלטען שטוהל. זשאק האט זיא געליעבט, אונד ווען ער איז געוועזען פרייא פון זיין ארבייט, פלעגט ער זיא קומען בעזוכען. נאך ווען ער איז געוועזען א שילער אין דער טעכנישער שולע, אונד נאכדעם וויא ער איז געווארען באהן אינזשעניער, האט ער זיינע וויזיטען רעגעלמעסיג פארטגעזעטצט.

איהם דערזעהענדיג, האט טאנטע פאסיע אויסגעשריען מונטער:

„ענדליך ביסטו דא, זשאק! אך, מיין טהייערער יונגע, וואס פאר איין איבעראשונג!“

ער האט זיא געקושט אויף דער באק אונד איהר מיטגעטהיילט, דאס ער האט עטליכע טעג פרייא, ווייל זיין מאשין, די „ליסאן“, איז עטוואס פערדארבען גע־ווארען אונד ווערט פעררינכט אין האוזער.

„אך, זשאק!“ האט זיא געזיפצט, „אבער דוא ווייסט דאך, אז מיט מיר איז שוין אלעס פאראיבער — איך שטארב. איך האב דיך זעהר געוואלט זעהן...“

זיא האט איהם אנגענומען ביי זיין האנד, געווארפען א שרעקעדיגען בליק צום פענסטער, אונד איהם איינגערוימט אין אויער:

„ווייסטו זשאק, ער פערגיפטעט מיך!“

זשאק האט אויפגעציטערט בייא דיעזע ווערטער. אונד אנטווערענדיג אלעס מעגליכע זיך צו בערוהיגען, האט ער געענטפערט:

„אך, טאנטע פאסיע — וואס פאר א שרעקליכע ווערטער איהר רעדט — ער איז דאך אזוי גוט צו אייך אונד...“

נראדע דאמאלס איז פארביינעלאָפען דער האווער צוג, אונד מיסארד, מאנטע פאסיע'ס צווייטער מאן, האט זיך אומגעקעהרט פון דעם הייזעל, וואו ער האט גע־געבען דעם סיגנאל צום אינזשעניר. ער האט געעפענט דיא טהיר אונד איז אריין אין דער קיך, וואו ער האט זיך פערנייגט צו זשאק'ן אונד איז ווייטער געגאנגען וואהרשיינליך אנדערע געשעפטען צו בעזאָרגען.

„דוא פערשטעהסט איהם ניט, זשאק,“ האט מאנטע פאסיע פאָרטגעזעטצט, „איך ווייס פאָזיטיוו, אז ער גיבט מיר א שרעקליכען גיפט! געדענקסטו זשאק, וויא שטארק אונד פעט איך בין געוועזען בלויז מיט עטליכע מאָנאט צוריק? אונד יעטצט, זעה וואס עס איז פון מיר געוואָרען?“

זיא האט מאקי אויסגעזעהען זעהר שוואך אונד אָבגעמאָגערט באלד וויא א סקעלעט. זשאק האט געוואָלט עפעס זאגען אונד ניט געקענט.

„הער אויס, זשאק,“ האט פאסיע נאך אמאל אָנגעפאנגען, „איך בין אין זיינע הענד אונד בין בערייט צו שטארבען, אָבער ער זאָל גאר ניט האָבען דערפון! דוא ווייסט דאָך פון דיא טויזענד פראנקס וואס איך האב געקריעגען ירושה; ער וויל זייא האבען; ער האט זייא פערלאנגט פון מיר אונד איך האב איהם ניט גע־וואָלט געבען. זייט יענעם טאָג בין איך אַלץ קראנק אונד קראנק.“

זשאק האט זיך בערוהיגט, אונד גלויבענדיג, אז מאנטע פאסיע פאנטאזירט, האט ער געזאגט:

„ווען דאס איז אין גאנצען, דאן גיבט מען איהם דיא עטליכע הונדערט פראנקס אונד מען מאכט א סוף.“

וויא שוואך זיא איז געוועזען, האט דער צאָרן איהר געגעבען כח אויפצושפרינגען אויף איהרע פיס.

„וואס!“ האט זיא געשריען. „איהם געבען דאס געלד?“ מיינע טויזענד פראנקס? ניעמאלס! איך האב זייא בעהאלטען, אונד גוט בעהאלטען, מענסט זיכער זיין. ער האט שוין אויסגעזוכט יעדען ווינקעל, נאָר ער האט דאס ניט גע־פונען. ווען ער וועט מיך האבען געהרג'עט, וועט דאס געהיימניס שטארבען מיט מיר!“

זיא איז צוריק געפאלען אין שטוהל פערמאטערט פון דער אנשטרענגונג. מיסארד איז דערווייל צוריק געגאנגען אויף זיין פאָסטען אין דרויסען אום צו געבען דעם סיגנאל פיר א צווייטען צוג. זשאק האט ארויס געקוקט פון פענסטער. דער צוג, געפאקט מיט פאססאזשירען איז פארבייא געפלויגען, פלאָרא האט דאן געעפענט

דעם שווערען מויער פון דיא שינעס אום א וואָגען זאָל דורכפאָהרען, אונד זשאַק, זיך דערמאָהנענדיג אן עפּעס, האט ער געזאגט:

„וואס איז מיט קאַביש'ן, איז ער קראַנק? איך האב איהם שוין אזוי לאַנג ניט געזעהען.“

טאַנטע פּאַסיע האט געזיפצט. דער נאָמען קאַביש האט זיא ערינערט אין זעהר א טרויעריגער צוטרעפונג אין איהר פאַמיליע, וואס האט פּאַסירט ערשט מיט א יאָהר צוריק. עס איז געווען אין פריהלינג, ווען איהר איינגערע טאָכטער, ליזעטע, איז אוועק אין דיענסט צו מאדאם באָנעהאָן, ריכטער גראַנדמאָרין'ס שוועסטער, אין שלאָס פון דאָאַנוויל. ליזעטע איז דאָרט קיין דרייא מאָנאַט ניט פערבליעבען, ווען אין א פינסטערע נאַכט איז זיא פון דאָרט ענטלאָפען, אונד זייענדיג פערצווייפעלט מיט שמערץ אונד שאַנדע, איז זיא אוועק צו איהר גוטען פריינד קאַביש, וואס האט געוואָהנט אין טיעפען וואַלד. דאָרט איז זיא געשטאָרבען. פיעלע האבען בעהויפּטעט, אז דער אויבער־ריכטער גראַנדמאָרין, איז געווען דיא אורזאַכע פון איהר טויט. ער, דער פיעל־געאַכטעטער גראַנדמאָרין, האט זיא געשענדעט אונד פעראונגליקט, אָבער ניעמאַנד האט דאס געוואַגט צו בעהויפּטען אין דער עפענטליכקייט, אונד איהר מוטער אליין, אָבוואָהל זיא האט געוואוסט, אז דאס אַלעס איז וואָהר, האט זיא אויסגעמיעדען יעדע געלעגענהייט דאריבער צו רעדען.

„ניין,“ האט טאַנטע פּאַסיע געענטפערט אויף זשאַק'ס פראַגע, „מיר זעהען זעהר זעלטען יעטצט דעם ארמען קאַביש. ער לעבט אליין, אבגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט, וויא א ווילדע חיה. אַך, ליזעטע! וויא זיא וואָלט יעטצט גע־שטאַנען בייא איהר קראַנקער מוטער: זיא איז געווען אזוי עדעל אונד צאַרט. פלאָרא איז אויך א גוטעס קינד, אָבער, איך ווייס ניט, עפּעס האט זיא ניט אזעלכע געפיהלע וויא ליזעטע האט געהאַט. צייטענווייז געהט זיא גאָר אוועק פון הויז אונד איך געפין זיא וואַנדערענדיג איבער דיא פעלדער אין דער ברענענדער זון, פער־טראַכט אונד פערווירט.“

דערווייל האט זשאַק בעמערקט, אז אין דרויסען איז געבליעבען שטעהען דער שווערער וואָגען אויף דיא שינעס אונד ניט געקענט ווייטער געהן.

„דאס וואָלט געווען א שעהנע געשיכטע,“ האט ער געזאגט, „ווען יעטצט זאָל אנקומען א באַהן.“

„אַה, זאָרג ניט דערפאַר,“ האט טאַנטע פּאַסיע געענטפערט, „פלאָרא איז פערווירט, ווען זיא איז ניט בייא איהרע פליכטען, אָבער אזוי פערליערט זיא קיינמאָל ניט איהר קאָפּ. זיא וועט יעדעס אונגליק פערמיידען.“

דערווייל האבען זיך ווידער געהערט מיסאַרד׳ס שריט אין קאָרידאָר. מאַנטע פּאַסיע האט אָנגעהויבען צו ציטערן. אַלס זשאַק האט דאס געזעהן, האט ער צו איהר בעמערקט:

„טהייערע טאַנטע, הערט מיך אויס: אום איהר זאָלט לויז ווערען פון דעם פערדאַכט געגען אייער מאַן, גיבט מיר דיא טויזענד פראַנקס ער זאָל וויסען, אונד איהר מעגט דאַן זיכער זיין, אַז ער וועט אייך שוין צורות לאָזען.“

„מיינע טויזענד פראַנקס!“ האט זיא אויסגעשריען, „ניין, ניין! ניט דיר אונד ניט איהם; פריהער וועל איך שטאַרבען.“

דער וואָגען איז אונטערדעסען אַרונטער פון דיא שיענעס, נאך א באַהן האט פאַרבייא געשוועבט, אונד פלאָרא, פערטיג ווערענדיג מיט איהר אַרבייט, איז זיא אריין אין ציטער. זיא האט קיין וואָרט געזעדט אונד האט קוים בעמערקט זשאַק׳ן. דאַן האט זיא געגרייט צום טיש, אָנגענאָסען אין דיא טעלער א קרויט־זופּ, אונד מיסאַרד איז אויך אריין. ער האט געגרייכט זשאַק׳ן דיא האנד זעהר פריינדליך. דאַן האט מען געשפּראָכען איבער זשאַק׳ס מאַשין דיא „ליסאָן“, אונד טאַנטע פּאַסיע, וועלכע האט אליין געקאָכט דיא זופּ, האט אַקצעפּטירט א טעלער. ווען איהר מאַן האט איהר געוואָלט געבען א גלאָז וואַסער, האט זיא ניט געוואָלט נעהמען. נאָכדעם האט זיא פערלאַנגט זאַלץ אונד מיסאַרד, נעהמענדיג א לעפעל מיט אביסעל זאַלץ, האט ער איהר צוגעבראַכט, אונד בעמערקט, אַז זיא עסט צו פיעל זאַלץ, וועלכעס וועט איהר שאַדען. ער איז געוועזען אַזוי צערטליך אונד אויפ־מערקזאַם, אַז ער האט פאָרגעשטעלט דיא אונשולד אליין.

נאָך איידער מען איז רעכט פערטיג געוואָרען מיט׳ן עסען, האט זיך געהערט איין עלעקטרישער גלאָק קלינגען, אָנצוצייגען, אַז א באַהן איז נאָהענט. מיסאַרד אונד פלאָרא, האבען ביידע שנעל פערלאָזען דאס ציטער. טאַנטע פּאַסיע האט דאַן געזאגט צו זשאַק׳ן:

„האסטו געזעהען? ער האט געקוקט מיט זיינע אויגען אין יעדען ווינקעל וואוהין מיין בליק האט זיך געווענדעט, מיינענדיג, אַז דאדורך וועט ער ענטדעקען מיין געלד. ווען מיר שלאָפען אלע, שטעהט ער אויף אונד זוכט איבעראל.“

טראָפּענס שוויים האבען גערונען איבער איהרע באַקען אונד איהרע פיס האבען געציטערט.

„איך פיהל עס, יעטצט נאך אמאל,“ האט זיא געזאגט. „עס איז א ביטערער געשמאַק אין מיין מויל, א טעם וויא פון פערראָסטעטעם קופּער. דוא געדענקסט דאָך

מיך פרענגען וויא אונד וויא אזוי ער טהוט עס? איך האב דאָך נאר ניט געגעסען פון זיין האנד? אָט דאָ ליעגט דער הונד בעגראבען; איך קען עס מיר ניט ער־קלערען. אָבער עס איז אזוי זיכער, אז ער פערניפטעט מיך, וויא זיכער עס איז, אז מיר ביידע רעדען יעטצט! אדיע, מיין קינד, קום שנעלער מיך בעזוכען, וויל גאָט וויים אויב מיר וועלען זיך נאך זעהען.״

ער האט איהר געמוזט העלפען אריין צו געהען אין איהר שלאָף צימער. דאַן, בלייבענדיג אליין, האט ער בעשלאָסען צו ווארטען ביז פלאָרא וועט קומען איהם בעטען אום ער זאָל געהן שלאָפען. אָבער אזוי וויא זשאק, א שטאָדט־מענש, איז ניט געוואָהנט געוועז צו געהן אזוי פריה צו בעט, האט ער געענדערט דעם ערשטען בעשלוס, אונד עפענענדיג דיא טהיר, איז ער ארויס אין דרויסען אום נאָך א ביסעל צו שפּאצירען. עס איז שוין געוועזען גוט פינסטער, אונד אין דער דונקעלהייט האט ער דערקענט פלאָרא׳ס פיגור עפּעס אויפקלייבענדיג פון דער ערד.

„וואס! ביסטו עס, פלאָרא? האט ער געפרעגט איבערראשט זיא ער־בליקענדיג.

זיא האט אויך אויסגעזעהען איבערראשט, אונד זיך אויפהויבענדיג, האט זיא געענטפערט:

„יא, איך בין עס. איך קלייב אויף דיא שטריק וואס דיא אייזענבאהן לייט לאָזען דאָ צוריק, וועלכע קענען גאנץ גוט צוניטץ קומען.״

דאן האט זיא פאָרטגעזעטצט איהר ארבייט אונד זשאק האט גע־פרעגט:

„עס שיינט, אז גראַנדמאַריין, וועלכער האט אימער אויף אלעם אכטונג גע־געבען, קומט שוין מעהר ניט אהער?״

„ניין, דער שופט קומט מעהר ניט,״ האט זיא געענטפערט מיט א ניעדריגע שטימע, זייט דער געשיכטע מיט לי׳עט׳ן. ער וואגט עס ניט זיך דאָ מעהר צו ווייזען.״

„אונד דו גלויבסט, אז דער אויבער־ריכטער איז ווירקליך שולדיג אין דער ארמער ליזעטע׳ס טויט?״

„אויב איך גלויב!״ האט דיא אויסגעשריען צאָרניג. „ליזעטע האט קיין ליגען ניט געזאגט, אונד אויך ניט קאביש. ער איז מיין בעסטער פריינד.״

„דיין געליעבטער, פיעללייכט?״

„אך, ניין, ניט דאס! קיין געליעבטען האב איך ניט; אונד איך וויל נים האבען. אונד איהם צו נעהמען, וואלט איך געמוזט זיין זעהר געמיין.״

זיא האט דאן אויפגעהויבען איהר קאפּ אונד צוריק געוואָרפען איהרע לאַנגע האאר וואס האבען אַריבער געהאנגען. זיא האט אויסגעזעהען מעכטיג אונד באַלד וויא א מאַן. פון איהר גאנצען קערפּער האט זיך געדאכט דאס עס בלאָזט דיא קראַפט פון א העלד. אין דער געגענד ארום, האט יעדער גערעדט איבער איהרע מעכטיגע טהאַטען; וויא אזוי זיא האט אין א מאָג, איינע אליין, ארונטער גע־שלעפּט א וואָגען מיט האָלץ פון דיא שינעס אונד פערמיעדען א גרויסעס אונגליק; וויא אזוי זיא האט אונלעגנגסט איינע אליין געשטופּט א גאנצען וואגאָן, וואס האט געמוזט נעהמען דיא פעראייניגטע קראַפט פון צווייא מענער, אונד, איבערהויפּט, וויא זיא האסט מענער; פון איהר ליעבע צו דער פרייער נאַטור, אייזאמקייט אונד שפּאַצירען אין וואַלד. איין מאַן, א גאנץ שעהנער, פון דיא באַהן־בעאַמטע, האט אמאל פּראָבירט זיא צו געווינען אונד געמיינט מיט איהר צו הייראַטהען. ער האט איהר געבראַכט פּרעזענטען אונד גערעכענט, אז דאס גיבט איהם שוין א רעכט צו קריכען מיט זיינע הענד צו ווייט. זיא האט איהם דאן געוויזען דיא קראַפט פון איהרע פויסטען, אז ער האט אויסגעמידען שוין צו קומען אפילו אין יענער געגענד.

„קיין געליעבטען,“ האט זשאק געזאגט לאַכענדיג, „וואס דען?“

„נאר נים. האסטו א געליעבטע, זשאַק?“

זשאק האט ניט באלד געקענט ענטפערן, אָבער דאן האט ער געזאגט:

„ניין, פלאָרא, איך האב נאך קיין געליעבטע.“

אָבוואהל עס איז געוועזען פינסטער, האט אבער זשאק געקענט גאנץ גוט בעד מערקען, אז פלאָרא האט געגעבען א זיפץ פון ערלייכטערונג.

„איז דאס אמת, זשאק, וואס מען זאגט, אז דוא פעראכטעסט אלע פרויען? ווירקליך, איך האב אויך געזעהן מעהרע מאל, וויא אונפריינדליך דוא קוקסט אויף אונז מיידלעך. ווארום איז דאס?“

ער האט געשוויעגען אונד זיא האט פאָרטגעזעטצט לאַכענדיג:

„ווייסטו זשאק, מען בעהויפּטעט, אז דוא ביסט פערליעבט אין דיין מאשין, דיא „ליסאָן“? דוא רייבסט, פּוצצט אונד גלעטסט זיא, גלייך וויא זיא וואָלט געווען דיא כלה? חא, חא, חא!“

זיא איז צוגעגאנגען נעהנטער צו איהם, אונד ער? זשאק האט געשווידערט. ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז דיעזעס מעכטיגע מעדכען, דיעזע וואלד־רויז, ליעבט איהם, אָבער ער האט ניט געוואָגט צו ערמוטהיגען איהר ליעבע. ווארום? זשאָק

אליין האט געוואוסט דיא גאנצע וואהרהייט דאריבער. זשאק, דער אנשטענדיגער אונד געאכטעטער יונגער אינזשעניער; זשאק, דער שטילער, רוהיגער אונד ניכ־טערנער פלייסיגער ארבייטער — איז געווען דער זוהן פון עטליכע דורות שיכורים, רויבערס, באנדיטען אונד בלוט־דורסטיגע מענשען, פון זיין פאטער'ס צד אונד פון זיין מוטער'ס צד. צייטענווייז, פלעגט אין איהם זיך אָברופען א שרעקליכעס געפיהל צו מאָרדען — דיא ירושה פון זיינע עלטערן, אונד, איבערהויפט איז דאס געווען אין דער געגענוואַרט פון פרויענצימער, וועלכע ער האט אממייסטען געליעבט. ער האט געדורסטעט נאך פערברעכען אונד מענשען־בלוט... ווען פלאָרא האט זיך צו איהם דערנעהנטערט, איז פאר אלעמען אריין דער געדאנק אין זיין קאָפּ, ער זאָל ענט־לויפען, איידער עס ווערט צו שפּעט.

„ווארום זיטצטו ניט, זשאק?“ האט זיא געפרעגט. „דאָ איז דאָך א באנק.“

ער האט געצענערט. ווען זיא האט זיך געזעטצט, האט ער געטראכט, אז ער מוז זעהן אָנצווענדען אלעס מעגליכע צו בעזיעגען דעם מאָרד־טייפעל אין זיך אונד ער האט זיך אויך געזעטצט נעבען איהר. איבערינענס, וויא לאַנג קען דאס א מענש אזוי ליידען פון א געהיימער מארטערענדע קראַפט? מען מוז דאס בעזיעגען אונז בעהעררשען!

זיא האט זיך אָנגעלעהנט אביסעל אויף זיין שולטער אונד ער האט גענומע ביידע הענד אין זיינע. זיא האט גאר ניט געזאגט, ווען ער האט איהרע הענד צוגע פיהרט צו זיינע ליפען. זיא האט געלאַכט.

„אך, איהר מענער!“ האט זיא געזאגט, „איהר זייט אלע גלייך! איהר ווילט נאָר איין שלעכטע זאך. זייט מיין ארמע ליזעטע האט פאר מיר דערצעהלט איהרע שרעקליכע ערפאהרונגען, ווייס איך וואס פאר א לומפען אלע מענער זיינען. דער אויבער־ריכטער! איך קען איהם גאנץ גוט. ער פלעגט אהער קומען, מעהרערע מאל, מיט פערשיעדענע מיידלעך, אונד מיט זייא פערבלייבען דאָרט אין הויז. פאר איינער האט ער אָבגעזוכט א מאַן. זיא קומט נאך אהער מעהרערע מאל. זיא הייסט סעווערינע.“

זשאק האט געשוויגען, געקעמפפט מיט דעם טייפעל אין זיך אונד האט כמעט גאר ניט געהערט וואס זיא האט איהם דערצעהלט. פּלוצלינג האט ער זיא ערגריפען מיט א ווילדער אויפרעגונג אונד אָנגעפאנגען צו קושען איהר מויל מיט זיינע פערטריקענטע ליפען. האלב דערשראָקען אונד האלב דערפרייט, האט זיא אזוי לאנג געקעמפּפט, ביז ער האט געשפירט וויא זיא פאלט אלס אָפּפער פון איהר

אלטער אונד הארטנעקינער ליעבע צו איהם אליין. אבער נראדע דאכאלס, איז זשאק'ן קאלט געוואָרען. דיא לוסט צו מאָרדען האט איהם ערגריפען אונד אָנגע־פילט יעדען ווינקעל פון זיין הערץ אונד געהירן. דיעזע מאָרד־לוסט האט צוזאמענ־געדריקט זיין ברוסט אונד זיינע פינגער האבען זיך אויסגעצווינגען וויא דראָטהען, שפירענדיג א שרעקליכעס פערלאַנגען זייא אריין צו שטעקען טיעף, טיעף אין פלאָרא'ס שעהנעס אונד ווארעמען האלז אונד ארויס רייסען איהר גאָרגעל. זיינע צייהן האבען אויסגעזעהן געשלאָסען נים צום אויפמאכען אונד זיין אטהעם האט נים געקענט ארויס. עס האט זיך איהם געדאכט, אז זיין גרעסטעס גליק אין לעבען וועט זיין, ווען פלאָרא'ס ווארעמעס בלוט פון האלז וועט בעדעקען זיינע הענד, אונד...

א מאָמענט פון אונטערברעכען דיעזע געדאנקען איז ערשיענען. ער האט שנעל אָבגעשטויסען פון זיך דאס מעדכען, מיט דער קראַפט פון א ריעז, אונד אויפשפרינגענדיג אויף זיינע פיס, האט ער זיך אומגעווענדעט אונד אָנגעפאנגען צו אנטלויפען, וויים, וויים, אין דער פינסטערניש, אום לויז צו ווערען פון דעם מאָרד־טייפעל.

ער האט געשפירט וויא דער שוויים לויפט איבער זיין גאנצען קערפער, דיא פיס זיינען אונגעהייער שווער, נאָר ער איז ווייטער געלאָפען נים וויסענדיג וואוהין. דאן האט ער זיך אָנגעשלאגען אָן א שטיין, אונד איז געפאלען צווישען דערנער אונד זיך פערוואונדעט זיין געזיכט אונד הענד. דער שמערץ האט איבער איהם געמאכט א מערקווירדינען איינדרוק פון בערוהינונג. ער האט זיך אונטערדעסען אויפגעהויבען, אונד געשפירט, אז ער מוז ווייטער געהען, לויפען אונד זיך רעטען. דאס האט גע־דויערט א היבשע צייט, ביז ער איז אָנגעקומען צום מויל פון דעם טונעל דורך וועלכען דער שנעל־צוג נאך האָט לויפט דורך. ער איז געשטאנען אויף וייכעס גראָז, אונד זייענדיג ערמיעדעט אין נייסט אונד קערפער, איז ער אומגעפאלען מיט זיין געזיכט צו דער ערד, אונד אָנגעפאנגען צו וויינען.

ער האט זיך דערמאָהנט, וויפיעלע מאָל ער האט שוין דיעזען טייפעל בעד־קעמפפט, ווען ער איז געווען אין דער געזעלשאפט פון פרויענצימער, אונד דאן, וויא ער האט בעשלאָסען זיא אויסצומיידען, דאמיט ער זאָל לויז ווערען פון דיעזער שרעקליכער אידעע. א היבשע צייט איז אזוי אוועק, אונד ער האט זיך געטראכט, אז עס איז בעסער אויסצורייסען דיא ליעבע צו פלאָרא'ן פון זיין ברוסט, איידער איבעררייסען איהר גאָרגעל. ער האט זיך אויך נעפרייט וואס דער טייפעל האט איהם אזוי לאנג צורוה געלאזען, אבער פלוצלינג...

„מיין נאָמ !“ האט ער געיאמערט, „וואס בין איך שולדיג? ווארום זאָל איך ליידען פאר דיא זינד פון מיינע עלטערן?“

ער האט געשווידערט פאר דער אידעע פון צוריק קעהרען אין טאַנטע פאסיע'ס וואָהנונג צו שלאָפען דאָרט אזוי נאָהענט פון פלאַרא'ן. פלוצלינג זיינען זיינע גע־דאַנקען אונטערבראָכען געוואָרען דורך דעם רוישען אין טונעל, וואו דער שנעל־צוג איז געלאָפען.

ער האט אויפגעהויבען זיין קאָפּ אונד געזעהן דעם צוג ארויס שוועבענדיג וויא א לאַנגער ריעז, אונד, מיט דער שנעללינקייט פון א בליטץ, האט זיך אָבגעשפיעלט פאר זיינע אויגען א שוידערהאפטע סצענע: אין איין וואגאָן, גוט בעלייכטעט, בייא א פענסטער, האט ער געזעהען, וויא א מאַן איז געשטאַנען איבער איין אנדערן מאַן אונד אריין געשטאָכען א מעסער אין זיין האלז. אביסעלע ווייטער, נעבען מערדער, איז נאך יעמאנד געשטאַנען, אָבער... דאס האט געדויערט וויפיעל א בליטץ קען דויערן, אונד דער צוג איז פערשוואונדען געוואָרען ווייטער; פאסירענדיג קראַא דע מאָפרא.

זשאק איז אויפגעשפרונגען אונד איז געבליעבען שטעהען וויא בעטויבט, בליקענדיג ווייטער אין דער פינסטערניש, וועלכע האט פערשלונגען דעם שנעל־צוג מיט אלעמען וואס ער האט דאָרט געזעהן.

איז דאס געווען א בילד פון אויפרעגונג, אָדער א ריכטיגע זאך! ער האט זיך דאס ניט געקענט בעענטפערן, אונד אָנגעפאנגען ווייטער צו געהען איבער דיא פעלדער. דיא לופט האט איהם בערוהיגט, אונד נאכדעם וויא ער האט שפאצירט איבער א שטונדע, איז ער צוריק געקומען צום הויז, אונד זיך איבערצייגט, אז טאַנטע פאסיע'ס פערדאכט, איז א ריכטיגער. מיסארד איז געווען פערטיעפט אין זוכען אין הויז אונד טאפּען יעדען ווינקעל.

„דאָ איז נאך א מערדער!“ האט זיך זשאק געטראכט. ווען זשאק איז אריין אין צימער, האט מיסארד, אָהנע אויפצוהערען זוכען, זיך אומגעווענדעט אונד געזאגט גאנץ קאלטבליטיג:

„איך זוך שוועבעלעך. געבען דיא שינעס ליעגט א מאַן. איך וויל אָנצינדען א לאמטערן. איך דענק דער מאַן איז טויט.“

זשאק האט זיך פלוצלינג דערמאָהנט אן דער גאנצער סצענע וואס ער האט געזעהן אין דעם האַוער שנעלל־צוג, אונד זיך געמערקט, דאס ניט נאַר, אז ער האט ניט געהלוט'ס, זאָנדערן דער טויטער מוז געווים זיין א רעזולטאט פון דער טראַגעדיע. בלאַס אונד עטוואס ציטערענד, האט ער געפרעגט:

„א מאַן בייא דיא שינעס! וואו איז דאס, מיסארד?"

„אונגעפעהר 500 מעטער פון דאנען. לאָמיר געהן אונד זעהען."

פון דעם צוויימען צימער האבען זיך געהערט לייכטע שרים. פלאָרא, מיט באָרוויסע פיס האט זיך דערנעהנטערט צו הערען וואס דאס געשפרעך בעדייטעט. דיא מענער זיינען דערוויייל אַרויס אונד זשאק האט געפרעגט:

„ביסטו זיכער, מיסארד, אַז ער איז טויט?"

„אַזוי שיינט עס, נאָר דער לאַמטערן וועט באַלד אַלעס דערצעהלען."

„איז דאס איין אונגליק אָדער א צופאַל?"

„פיעללייכט, אָבער עס איז מעגליך דאס יעמאַנד האט איהם אַרויס גע-וואָרפען."

זשאק האט געשווידערט.

ווען זייא זיינען צוגעגאַנגען צום פּלאַטץ וואו דער קערפּער איז געלעגען, האט איהם מיסארד פריהער בעטראַכט אונד ערקלערט: „ער איז טויט." דער קערפּער איז געווען פון איין אַלטען מאַן, זעהר רייך געקליידעט, אונד זיין ווייסעס העמד איז געווען בעדעקט מיט בלוט.

זשאק איז געשטאַנען פון ווייטען, וועהרענד מיסארד האט אַוועק געשטעלט דעם לאַמטערן אונד ערקלערט, אַז ער מוז געהען אַנצייגען דאריבער. ער איז אַוועק אונד זשאק איז געבליעבען שטעהן קוקענדיג אויף דעם טויטען קערפּער. דאַן האט איהם א געהיימע קראַפט צוגעצויגען אַלץ נעהנטער אונד נעהנטער, אונד ווען ער האט בעסער געזעהען דאס בלוט, האט ער געמורמעלט מיט צוזאַמענגעדריקטע צייהן:

„איך וועל דאס אויך אמאל טהון. איך מוז!" דאַן האט זיך איהם שטאַרק געוואָלט בעטראַכטען דיא וואונד. אַלס ער האט זיך מעהר צוגעבויגען אונד געוואָלט לעגען דיא האַנד אויף דעם קערפּער, האט זיך געהערט א לייכטער גערויש הינטער איהם. ער האט זיך אומגעקוקט אונד ערבליקט פלאָרא'ן. דאס מעדכען, אָהנע צו רעדען א וואָרט, האט אומגעווענדעט דעם טויטען'ס קאָפּ, אום זיא זאָל בעסער קענען זעהען דאס געזיכט.

„משעפּע ניט!" האט ער אויסגעשריען, „ווייסטו ניט, אַז עס איז פערבאָטען פון געזעטץ?"

פּלאָרא האט אנפאַנגס ניט געענטפערט, אונד זיך נאָך איינקוקענדיג אין געזיכט, האט זיא פּלוצ'ינג אויסגעשריען:

„וואס? דער אַלטער!"

זשאק, ציטערענדיג, האט ער געפרעגט:

„דער אלטער? װעמען מיינסטו?“

„איך מיין דאס איז דער אלטער גראנדמאָרין, דער אויבער־ריכטער!“

זיא האט זיך נאך אמאל איינגעקוקט אין געזיכט אונד שטודירט דיא טיעפע װאונד אין האלז. אויף איהר געזיכט האט זיך בעװיעזען א טריומפירענדע מיענע. דאן, זיך בערוהיגענד, האט זיא בעמערקט:

„דיא אורזאכע דערפון, איז אהנע צװייפעל, עפעס א מיידעל. אבער פון היינט אן אונד װייטער, אלטער לומפ, איז אלעס געענדיגט! אך, מיין ארמע ליזעטע, מען האט זיך פאר דיר שוין נוקם געװעזען. גוט, גוט, זעהר גוט!“

װען מיסארד אונד נאך א פאאר דיענער זיינען צוגעקומען, האט פלאָרא זיך געװענדעט צו זשאק׳ן, װעלכער איז געװעזען פערזונקען אין געדאנקען:

„עס איז שוין 11 אוהר, זשאק, װילסטו ניט געהן שלאפען?“

ער האט װיא ערװאכט פון א פינסטערן חלום אונד געמורמעלט:

„ניין, ניין.“

פלאָרא האט זיך אומגעװענדעט, אונד װיינענדיג, איז זיא אװעק.

עס האט אונטערדעסען ניט פיעל געדויערט, אונד מען האט טעלעגראפירט צו אלע נאָהענטע אייזענבאהן־סטאציאָנען, אז דער אויבער־ריכטער גראנדמאָרין, איז געפונען געװאָרען ערמאָרדעט אונד ארונטער געװאָרפען פון דעם צוג, בשעת ער איז געפאָהרען צו זיין שװעסטער מאדאם באנעהאָן, אין דאָאנװיל שלאָס.

װען דיא בעאמטע זיינען ערשיענען אונד אװעק גענומען דעם קערפער, איז אויך זשאק מיט זייא מיטגעגאנגען נאך בארענטין. ער האט מורא געהאט צו געכטיגען אונטער איין דאך מיט פלאָרא׳ן.

## קאפיטעל 3.

דעם נעכסטען מאָרגען, זונטאג, איז רובאָ אָנגעקומען פונקט אום 5 אוהר נאך האװער. עס איז נאך געװעזען דונקעל, אונד ער, מיט זיין פרוי סעװערינע, האבען רוהיג אריין שפאצירט אין זייער װאָהנונג. זיא איז געװעזען זעהר מיעד אונד איז באלד גע־נאנגען צו בעט. ער איז אָבער גלייך נאכדעם ארויס צו דער סטאציאָן, װאו אייניגע בעאמטע האבען איהם געװאונשען גוט־מאָרגען. זיך אומװענדענדיג נאכצחעהן איבער זיינע פליכטען, האט רובאָ בעמערקט דעם װאגאָן ערשטער קלאסע, נום. 293. מוליז, איין אונטערגעאָרדנעטער בעאמטער, איז צוגעקומען אונד געזאגט:

„אה, נום. 293, ריכטיג, איך געדענק שוין.“

אין דיעזען עקסטרא וואגאָן איז געפאָהרען ריכטער גראנדמאָרין. רובאָ איז בלייך געוואָרען.

„איך געדענק," האט מולין פאָרטגעזעצט, „מיר מוזען זעהען האלטען דיעזען וואגאָן פיר הייטע אבענד, ווייל ער האט א בעזונדערן זיטץ, ספעציעל איינגע־ריכטעט."

„גאנץ ריכטיג," האט רובאָ געענטפערט שוין פאָלקאָמען בערוהיגט. „אָבער, מולין, דער וואגאָן איז שרעקליך שמוטציג פון דרויסען, אונד ער מוז אבגערייניגט ווערען."

רובאָ האט געגעגעטצט, וואס האט אָנגעצייגט, אז ער וויל אויך געהען רוהען.

„אונד וויא שטעהט עס מיט דער געשיכטע פון דעם סוב־פּרעפעקט?" האט מולין געפרעגט.

„זעהר גוט, איך דאנקע פאר דער פראגע. אלעס איז אויסגעפאלען מיר לטובה."

„עס פרייט מיך, אדיע!"

רובאָ האט אונטערדעסען איינגעזעהען, אז ער קען ניט געהן שלאָפען אונד ער מוז אכטונג געבען אויף דיא פערשיעדענע באהנען וואס געהען אָב אונד קומען אָן. ער האט אָנגעפאנגען זיין ארבייט קאלטבליטיג אונד רעגעלמעסיג וויא אימער, אויס־טהיילענדיג בעפעהלע אונד עמפפאנגענדיג בעריכטע, ביז ער איז אריין אין זיין קאנצעלייא, וואו עס איז געלעגען א הויפען בריעף ניט געעפענטע אונד א טעלעגראמע רערבייא. צו דיעזער צייט איז אויך אָנגעקומען מ. דאבאדיע, דער סטאציאָנס־מייסטער זעלבסט.

„גוט מאָרגען, רובאָ," האט ער געזאגט אין א פריינדליכען טאָן, „איך גלויב, אז אלעס איז צוגעגאנגען גוט."

„גוט מאָרגען, מ. דאבאדיע! זעהר גוט, זעהר גוט, איך האב זיך גאר ניט געדעכט."

וועהרענד רובאָ האט געהאלטען אין עפענען דיא טעלעגראמע, האט דאבאדיע בעמערקט:

„עס פרייט מיך זעהר, וואס איהר זייט געבליעבען. מיר זיינען פאָלשטענדיג צופריעדען מיט אייך."

אלס רובאָ האט געלעזען דיא טעלעגראמע, איז אויך דאבאדיע צוגעקומען אונד אריין געקוקט. רובאָ'ס געזיכט איז בעדעקט געוואָרען מיט א קאלטען שוויים.

„אך, מ. רובא !" האט זיך נעהערט א שטימע. רובא האט זיך אומגעווענדעט אונד פאר זיך ערבליקט דעם פייערמאן פעקע.

„האט איהר געזעהען מיין ווייב, מוטער וויקטאריע ?" האט פעקע ווייטער נעפרעגט.

„נעוויס האב איך זיא געזעהען," האט רובא געענטפערט פאסענדיג מוטה. „מיר האבען דארט צוגעבראכט נעבטען דעם גאנצען טאג."

„עס טהוט מיר לייד וואס איך האב ניט געוואוסט, אז איהר פאהרט נאך פאריז. איך וואלט אייך געבעטען, איהר זאלט איהר זאגען, אז דיא „ליסאן" איז שוין פעררירכט, אונד מיין אינזשעניער, זשאק לאנטיער, איז פערטיג צו דער ארבייט."

„וואס זאל דאס בעדייטען, מ. רובא ?" האט דאבאדיע געפרעגט, איהם צייגענדיג דיא טעלעגראמע, וועלכע רובא האט אוועק געלעגט וויא אונ־ווירכטיג.

„וואס זאל איך וויסען ? עפעס א טויטען האט מען געפונען אויף דיא שינעס..."

„אך, מ. רובא !" האט אויסגעשריען ווידער א שטימע וועהרענד דער פייער־מאן פעקע האט זיך צוריק געצויגען. דאס איז געווען איין אנדערער באהן־בעאמטער. „מיר האבען וויכטיגע טעלעגראמען פאר אייך אונד פאר דעם רעגיערונגס־אינספעקטאר."

„וואס זאל דאס בעדייטען ?" האט רובא געפרעגט זיין שעף קאלט־בלוטיג.

„א מארד, וויא איהר זעהט ; נאר לאמיר לייענען דיא בריעף."

רובא האט איבערגעגעבען דיא בריעף זיין שעף דאבאדיע, וועלכער האט נעעפענט, דיעזען אדרעסירט צום אסיסטענט סטאציאנס־מייסטער. רובא האט אויסגעזעהן ניט צו זיין אזוי שטארק פעראינטערעסירט, דען ער האט גענומען עפענען דיא אנדערע בריעף, וואס זיינען געלעגען פון פריהער אויף'ן טיש.

„הערט, רובא," האט דאבאדיע אויסגעשריען. „מיין גאט, דאס איז שרעק־ליך ! דער ערמארדעטער איז איינער פון אונזערע דירעקטארען, אויבער־ריכטער גראנדמארין !"

„דער אויבער־ריכטער !" האט רובא אויסגעשריען ערשטוינט. „אך, מיין ארמע סעווערינע, זיא וועט דעם שלאג ניט קענען איבערטראגען !"

„יא, ליידער,“ האט דאבאדיע געזאגט סימפאטהיזירענדיג, „ער איז געוועזן אייער בעסטער פריינד.“

מיט 5 מינוטען שפעטער איז אָנגעקומען דער רעגיערונגס־אינספעקטאָר, וועלכער האט געעפענט דעם בריעף אדרעסירט צו איהם אליין, אונד נאך א פאאר פראגען, האט ער בעמערקט:

„אָבער איך האב מורא, אז עס איז שוין צו שפעט, ווייל דער וואגאָן 293. וואו דער מאָרד איז געשעהן, האט אָבגערייזט צוריק.“

„ניין, ניין,“ האט רובאָ געזאגט וויא מיט א פרעהליכען טאָן, „דער וואגאָן איז נאך דאָ, מען האט איהם צוריק געהאלטען פיר דעם נאכט שנעל־צוג.“

נאך איידער מען איז צוגעקומען צום וואגאָן 293, זיינען שוין דאָרט געשטאנען מעהרערע מענשען, וועלכע האבען אונטערדעסען שוין ערפאהרען פון דער טראגעדיע. דער אינספעקטאָר, האט פאר זיך געמאכט פלאטץ, אונד, צוזאמען מיט דאבאדיע אונד רובאָ, איז ער אריין אינוועניג. פאר אלעמען האבען זייא ערבליקט א טייך בלוט אויף א ברייטען געבעטען שטוהל, וועלכער האט זיך אויסגעברייטעט ביז אויף'ן בעדעקטען באָדען.

„דאָ איז געשעהן דער מאָרד!“ האט דער אינספעקטאָר בעמערקט צוקומענדיג נעהנטער.

אלע זיינען געבליעבען שטעהן אייניגע אויגענבליק שטיל, ווען דאבאדיע האט געפרעגט:

„ריכטיג, רובאָ, איהר זייט דאָך געפאָהרען לעטצטע נאכט מיט דיעזען צוג, האט איהר עפּעס בעמערקט?“

א דרייא אָדער פיער סעקונדען, איז רובאָ געבליעבען שטיל, גלייך וויא ער איז געוועזן פערטיעפט אין שטודירען דיא בלוט־שפורען. דאן האט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ אונד געענטפערט:

„יא, איך בין געפאָהרען אין דיעזען צוג מיט מיין פרוי — אָבער, אויב איהר ווילט מיר ערלויבען, וועל איך זיא ארונטער רופען, אום צוזאמען זאָלען מיר קענען געבען פיעהלייכט א בעסערע ערקלערונג איבער אונזער רייזע.“

ם. נאָ'ש, דער אינספעקטאָר, האט דערצו איינגעשטימט, אונד פעקע, דער פייערמאַן, איז אָבגעשיקט געוואָרען ארונטער צו רופען מאדאם רובאָ. עס האט ניט פיעל געדויערט, אונד סעווערינע, וועלכע האט שוין אויך אויסגעזעהען צו וויסען פון דעם וואס עס האט פאסירט, איז ארונטער געקומען האלטענדיג א טאשענטוך בייא איהרע פערוויינטע אויגען.

דער אינספעקטאָר האט געהייסען מען זאָל ארונטער נעהמען פון דעם וואגאָן, דאַמיט סעווערינע, אלס פּרויענצימער, זאָל ניט דארפען זעהען דאס בלוט פון איהר געוועזענעם טרייען בעשיטצער. רובאָ איז געווען דער ערשטער איהר ענטקעגען צו געהען אונד אָנגעפאנגען צו פרעגען:

„געכטען פריה זיינען מיר אָנגעקומען נאך פּאריז אום 11:15 אונד מיר האבען גלייך בעזוכט מ. גראנדמאָרין. געדענקסטו דאס, מיין טהייערע?"

„יא, אום 11:15," האט זיא געענטפערט וויינענדיג.

„עס טהוט מיר לייד, מאדאם," האט דער אינספעקטאָר געזאגט, „איך קען מיר פאָרשטעלען אייער לאגע. אָבער איהר ווערט ענטשולדיגען וואס מיר האבען אייך גערופען. זייט אזוי גוט מ. רובאָ, אונד דערצעהלט אונז ווייטער."

רובאָ האט דערצעהלט וויא ער אונד סעווערינע האבען בעזוכט אום מיטאג־צייט ריכטער גראנדמאָרין, אונד וויא ער אליין האט א'הם בעזוכט נאכמיטאג וועגען א בריעף אדער א רעקאָמענדאציאָן, דאן, וויא רובאָ אונד סעווערינע האבען אָבגע־רייזט אום 6:30 אבענד, אָבער, גראדע וויא דיא באהן האט אָנגעפאנגען צו געהען, האט ער, רובאָ, בעמערקט ריכטער גראנד־מאָרין ארייננעהענדיג אין דעם פּריוואט וואגאָן. רובאָ האט געפרעגט דעם ריכטער וואוהין ער פאָהרט, אונד דער לעצטער האט איהם געענטפערט, אז ער האט ערהאלטען א טעלעגראמע פון זיין שוועסטער, מאדאם באָנעהאָן, צו קומען נאך דאָאנוויל. נאכדעם האבען זייא גענומען אבשיעד, אונד יעדער איז געגאנגען אויף זיין פּלאַטץ.

„איז דאס אזוי געווען, מיין טהייערע?" האט רובאָ געפרעגט זיין פרוי.

„יא; דאס איז אלעס," האט זיא געענטפערט.

„זייט איהר זיכער," האט דער אינספעקטאָר געפרעגט רובאָ'ן, „אז דער ריכטער איז ארייין גאנץ אליין אין זיין וואגאָן?"

„יא, אזוי רעכען איך."

„דאס איז מערקווירדיג," האט דער אינספעקטאָר בעמערקט.

פּלוצלינג האט רובאָ געזאגט:

„איך עראינער מיך נאך איין זאך. אָנקומענדיג בייא דער ערשטער סטאציאָן נעבען בארענטין, האב איך ארויס געשטעקט דיא האנד דורך'ן פענסטער אונד זיא גערייכט צו מ. בעססיער, דער דאָרטיגער סטאציאָנס־מייסטער. מ. בעססיער, ווען דאס געוויס געדענקען, ניט אזוי סעווערינע?"

סעווערינע, בלאס אונד אונבעוועגליך, האט געענטפערט:

„יא, געוויס, ווען מען וועט איהם נאָר פרעגען."

עס איז קיין רעדע נעווען, ראס יעמאנד זאָל האבען דעם מערדערסטען פער־דאכט איבער רובאָ׳ן, איבערהויפט ווען מען האט געזעהען, וויא געריהרט סטווערינג איז געווען.

„דענקט איהר נים פיעללייכט,“ האט דער אינספעקטאָר ווייטער געפרעגט, „אז יעמאנד האט געקענט אריין געהען אין אויבער־ריכטער׳ס וואגאָן, שוין נאכדעם ווי איהר האט זיך מיט איהם געזעהן? לאָמיר זאגען ביי א סטאציאָן?“

עס האט אויסגעזעהען, וויא גלייך רובאָ האט נאך דאריבער נים געדענקט, נאָר נאך א פויזע האט ער געענטפערט:

„ניין, איך גלויב עס נים. איבערינגענס, ווער ווייס? ביי יעדער סטאציאָן זיינען דאָך געווען אזוי פיעלע מענשען. וויא דענקסטו, סטווערינג?“

סטווערינג, ציטערענדיג, האט שנעל געזאגט:

„יא, יא, איך רעכען יעמאנד האט געמוזט אריין אין זיין וואגאָן ביי א סטאציאָן. וויא אזוי דען איז ער ערמאָרדעט געוואָרען?“

דער אינספעקטאָר האט זיך דאס פערצייכענט אין זיין ביכעל. יעדער וואס האט דאס געהערט, האט זיך געטראכט, אז דאס האט געמאכט זיין דער פאלל. צו דיעזער צייט אָבער, איז אָנגעקומען דער אינזשעניער זשאק לאנטיער אונד ער־בליקענדיג זיין פייערמאן פעקע אונטער דער מענגע מענשען, איז ער צו איהם צו־געגאנגען אונד געפרעגט וואס עס האט פאסירט. פעקע האט איהם אלעס דערצעהלט.

„אך !“ האט ער אויסגערופען גלייך וויא ער וואלט געדענקט הויך. „איך בין זיכער, אז דאס איז נים געווען קיין פאנטאזיע. איך האב געזעהן וויא דער מאָרד איז צוגעגאנגען.“

זיינע ווערטער האבען באלד פעראורזאכט איין אויפרעגונג, ביז זייא האבען געגרייכט צום אינספעקטאָר אונד סטאציאָנס־מייסטער. זשאק איז צוגערופען גע־וואָרען, אונד ער האט דערצעהלט וואס ער האט געזעהן.

„קאָן ווערט איהר דאָך דערקענען דעם מערדער?“ האט דער אינספעקטאָר געפרעגט טריומפירענד.

„דאס ווייס איך נים. מיר דאכט ניין.“

„איז ער געגאנגען אָנגעטהאָן אין א ראָק אָדער אין ארבייטס־העמד?“

„עס איז מיר אונמעגליך צו בעשטימען. פערגעסט נים, דער צוג איז דאמאלס געלאָפען פופציג מיילען אין א שטונדע.“

סעזוערינע, אָהנע זיך צו קענען צוריק האַלטען, האָט נעבליקט צו איהר מאַן, וועלכער האָט אָבער באַלד נעפּאַסט מוטה אונד בעמערקט:

„נעוויס, בייא אַזאַ שנעללינקייט, איז שווער נעוועזען צו בעמערקען."

„יעדענפאַלס," האָט דער אינספּעקטאָר נעזאָנט, „האָבען מיר דאָ אַ וויכטינען עדות. דער אינסטרוקציאָנס־ריכטער וועט וואהרשיינליך וועהען אויפפרישען אייער זכרון. מ. לאַנטיער אונד מ. רובאָ, זייט אַזוי גוט אונד גיבט מיר אייערע פולע נעמען אונד אדרעסען, דאַמיט מען זאָל אייך קענען איינלאַדען לויט דער פאָרמע."

דערמיט האָט זיך פאַרלויפיג נעענדיגט דיא אויבערפלעכליכע אונטערזוכונג.

## קאַפּיטעל 4

אויף מ. דעניזעט, דער אינסטרוקציאָנס־ריכטער פון פּאַריז, איז נעפאַלען דער גורל צו אונטערזוכען דאָס נעהיימניס פון דעם גראַנדמאָרין מאָרד־פּראָצעס. מ. דעניזעט איז נעוועזען אַ מאַן פון פאַלק, אָדער בעסער נעזאָנט, אַ מאַן וואָס האָט זיך אַרויף נעארבייט פון פאָלק אונד האָט אימער נעהאַט אין נעדאַנקען וויימער צו שטיינען. ער איז אויך נעוועזען אַ מענש מיט אַ גוטען דורכדרינגענדען בליק, אָבער נאָר אויף'ן מאָמענט. ער האָט זיך נעקענט אָנכאַפּען אָן אַ זאַך אונד זיך ערקלערען, אַז אַזוי איז דאָס, אונגעאַכטעט דאַרויף וואָס איז נעוועזען נראַדע דער נענענטהייל. דאָס האָט פּערצאַורזאַכט, וואָס ער האָט אמאָל יאָ נעטראָפען אונד אמאָל ניט.

עס זיינען אָבער אונטערדעסען פאָראיבער צווייא וואָכען, איידער ער איז פערטיג נעוואָרען אום אָנצופאַנגען דיא אונטערזוכונג. דערוויל האָבען דיא רעפּובּליקאַנישע צייטונגען נעשריען אונד נעמאַכט נעוואַלטען, וואָרום דאָס נעהיימניס פון דעם מאָרד ווערט ניט ענטדעקט, אונד אַנדערע האָבען אויך בעהויפּטעט, אַז דער מאָרד האָט צו טהון מיט דער שמוטציגער מאָנאַרכיסטישער פּאָליטיק, וועלכע מען טאָר ניט אויפדעקען. אַ טהייל האָבען נעשריעבען, אַז גראַנדמאָרין'ס לעבען איז נעוועזען צו שמוטציג אום מען זאָל דאָס אונטערזוכען אונד שענדען דיא עקזיסטירענדע רעגיערונג, אונד זאָ האָט מען בעסער בעשלאָסען צו לאָזען דעם מערדער אונבעשטראָפט. איבערהויפּט אָבער איז אָנגעגריפען נעוואָרען דעניזעט אַלס איין אונפעהיגער מענש, וועלכער פערשטעהט ניט זיין פאַך אַלס אינסטרוקציאָנס־ריכטער.

רעניזעס איז געווען פערצווייפעלט; ער האט גאנץ גום געוואוסט, אז אין דיא בעהויפטונגען פון דיא צייטונגען געפינט זיך פיעל וואהרהייט, אָבער ער האט דאָך נים געוואָנט צו שטעלען אויף זיין איינענער פעראַנטוואָרטליכקייט. ער איז דערפאר פריהער אוועק צום אויבער־פראָקוראָר, אום זיך מיט איהם צו בער ראטהען.

דער אויבער־פראָקוראָר, מ. קאמי־לאַמאָט, א שארפזיניגער אונד דורכנער טריעבענער פּאָליטיקער, האט גוט געקענט דעם אויבער־ריכטער גראַנדמאָרין, אונד ער האט געוואוסט, אז עס קען זעהר פיעל שאדען דיא רעגיערונג אויפצומישען זיין פערנאָנגנעהיים. דאָך איז ער געווען פאָרזיכטיג גענוג, זיך נים צו פעררעטהען זאָגאר פאר רעניזעס'ן. ער האט איהם געגעבען אזא צווייידייטיגען ענטפער, אז רעניזעס, וועלכער האט אויף'ן צווייטען טאָג אָנגעפאנגען דיא אונטערזוכונג, האט נים געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט.

רובאָ אונד סעווערינע זיינען ערשיענען נאָך פאר 2 אוהר אין דעם קאָרידאָר פון געריכט־הויז. מען האט זייא איינגעלאדען בלויז אלס עדות, אונד זייא זיינען געווען זעהר אונרוהיג. דיא טהאטזאכע, אז דאס ווערטהפאָלע הויז פון קראָא דע מאָפרא, נעהם איבער צו זייא בירושה, לוים גראַנדמאָרין'ס צוואה, האט זייא אויך נים געפרייט. זייא האבען אונטערדעסען ערפאהרען, אז מאדאם לאשעסניי, דעם אויבער־ריכטער'ס טאָכטער, סעווערינע'ס געוועזענע חבר'טע, האט שטארק פראָ־טעסטירט דאגעגען.

זיטצענדיג איינער נעבען אנאנדער אויף א באנק, האבען זייא שטיל בער שפּראָכען דיא לעטצטע עראייגניסע, אונד נאָך אמאל ווידערהאָלט וואס זייא דארפען ענטפערן. דיא טהיר האט זיך געעפענט אונד זשאק איז ערשיענען. ער איז אויך געווען געלאדען אלס עדות. ווען רובאָ האט איהם דערזעהען, האט ער זיך אויפגער הויבען, איהם ענטקעגען געגאנגען, גערייכט דיא האנד אונד געזאגט:

„דיעזע איינלאדונגען פערמאטערן מיך. ווער ווייס ווען דערפון קען נעהמען אין ענדע?"

זשאק האט ערבליקט סעווערינע'ן אונד זיך פערניינט פאר איהר. ער האט זיך נים געקענט פערגעסען אן איהר געזיכט וואס ער האט געזעהן מיט 2 וואָכען צוריק אין האווער. רובאָ'ס אויסעראָרענטליכע פריינדליכקייט, איז איהם געווארען אויפ־פאלענד, אָבער זיך דערמאָהנענדיג נאָך אמאל אן סעווערינע'ן, האט ער בעשלאָסען זייא ביידע אויסצומיידען אין דער צוקונפט.

„קענט איהר מיין פרוי ?" האט רובאָ אתמעהטעסען געפרעגט. „קומט נעהנמער."

דשאק איז צוגעגאנגען צו סעווערינג'ן, איהר געדריקט דיא האנד, אונד רובאָ האט בעמערקט:

„דאס איז איין אונענדליכע געשיכטע."

„ווען איך בין אָנגעקומען נאך רוען," האט דשאק אָנגעפאנגען, „האב איך געהערט מעהרערע פערזאָנען רעדען, דאס א מאן איז ארעטירט געוואָרען אין פער־בינדונג מיט דיעזען מאָרד."

רובאָ אונד זיין פרוי האבען אויסגעזעהען צו זיין אויפגערעגט איבער דיעזער נאכריכט.

„אָט דאָ געהט בערטהאָ לאשעסניי אונד איהר מאן," האט סעווערינע בע־מערקט אום אָבצרווענדען דאס געשפרעך.

לאשעסניי אונד זיין פרוי, שטאלץ וויא דיא פאוועס, זיינען אריין געפיהרט געוואָרען אין א זייטען־צימער פון א ספעציעלען בעאמטען.

„ווילט איהר זיטצען, מ. לאנטיער ?" האט רובאָ געפרעגט. „איך דענק, אז מיר וועלען נאך מוזען ווארטען א היבשע צייט."

מ. דעניזעט האט דערווייל אָנגעפאנגען זיין ארבייט אין דעם גרויסען זאלאָן פון דעם געריכט־הויז, פריהער אויסגעהערט מאנכע אונבעדייטענדע עדות, אונד דאן האט ער געלאָזען אריין רופען אלע איינגעלאדענע. ווען מ. לאשעסניי מיט זיין פרוי זיינען ערשיענען, האט ער זיך טיעף פערנייגט פאר זייא. דאן האט ער געזאגט צו מאדאם לאשעסניי :

„איהר וועט מיר ענטשולדיגען, מאדאם, וואס איך האב אייך איינגעלאדען. אָבער וויא איהר ווייסט, זיינען דאס מיינע פליכטען, אונד איהר וועט מוזען ער־טראגען דעם שמערץ, אום איבערצודערצעהלען דיא גאנצע טראגעדישע אנגעלעגענ־היים איבער אייער פאטער, מיט דער אבזיכט, מיר זאָלען קענען ערגרינדען דיא וואהרהיים."

מ. דע לאשעסניי, דער פיעלפאכער מיליאָנער אונד יורש פון פרישע מיליאָנען, וויא אויך הויכער בעאמטער פון דער רעגיערונג, האט אויסגעזעהן זעהר אונגעדולדיג, בשעת זיין פרוי האט בעענטפערט מאנכע אונבעדייטענדע פראגען וואס מען האט איהר געשטעלט. דיא הויפטזאך איז בייא איהם געווען, דיא צוואה זאל בעשטעטיגט ווערען, אונד וואס עס אנבעלאנגט זיין שווינער־פאטער'ס מערדער, האט איהם גאנץ וועניג בעקימערט.

אלס בערטהא איז צונעקומען צום פונקט אין שילדערן איהר פאטער׳ס צוואה, בעהויפטענדיג, אז זיא ווייס פון קיין אורזאכע, ווארום איהר פאטער האט אָבנעזאגט אויף מאדאם רובאָ דאס הויז פון קראָא דע מאָפרא, האט זיך מ. דע לאַשעסניי ערהויבען, אונד מיט דער קראפט פון זיין יחוס, האט ער כמעט וויא אויס־געשריען:

„דיעזער פונקט אין דער צוואה איז שענדליך, אונגלויבליך אונד אונמאָראליש! ער קען ניט אונד דארף ניט עקזיסטירען!“

דעניזעט, מיט געמאָסטענער שפראכע, האט געענטפערט: „איהר וועט מיר ענטשולדיגען, מיין העררע, איך גלויב, אז איהר טהוט אונרעכט דערמיט וואס איהר גריפט אן דיא צוואה. איהר ווייסט גאנץ גוט, אז דאס געזעטץ ערלויבט יעדען איינעם, וואס האט נאָר איין קינד, צו טהון מיט א העלפט פון זיין פערמעגען וואס ער וויל. דאס הויז פון קראָא דע מאָפרא, האט וועניגער ווערטה וויא דיא העלפט פון ריכטער גראַנדמאָרין׳ס פערמעגען.“

„דאס מעג שוין זיין,“ האט לאַשעסניי געזאגט, „אָבער איהר וועט דאָך צו געבען, אז איך קען גאר ניט ערלויבען אזא פאמיליע וויא דיא רובאָ׳ס זיינען, אוועק צו נעהמען אזא קאָסטבאַרעס הויז, איבערהויפט דאן, ווען עס איז דאָ א פערדאכט, אז זייא זיינען פערבונדען מיט דעם מאָרד, אונד — “

„איז דאס אייער מיינונג?“ האט איהם דעניזעט געפרעגט אונטער־ברעכענדיג.

„געוויס, יא. זייא האבען גאנץ גוט געוואוסט וואס עס שטעהט אין מיין שווינער־פאטער׳ס צוואה, אונד זייא האבען גערעכענט, אז וואס פריהער ער וועט שטארבען, אלץ שנעלער וועלען זייא בעגליקט ווערען. דאן זיינען זייא געווען דיא לעטצטע פערזאָנען איהם צו זעהן לעבעדיג. דאס אלעס איז זעהר פערדעכטיג, זעהר פערדעכטיג.“

דעניזעט איז געווען איבערראַשט. דיעזע אידעע איז איהם נאר ניט איינגע־פאלען. זיינע דעטעקטיוום האבען ארעטירט מיט איינינע שטונדען צוריק קאביש׳ן, אונד ער האט געהאט גוטע גרינדע צו גלויבען, אז קאביש איז דער מערדער פון ריכטער גראַנדמאָרין.

ווער איז געווען קאביש? אָט דאָ וועלען מיר הערען: מיט גענויע 7 יאָהר צוריק, איז קאביש פעראורטהיילט געוואָרען אויף 5 יאהר געפענגניס, דערפאר וואס ער האט געהרג׳עט א מענשען אין א געשלעג. ווען ער איז אבגעזעסען דיא צייט אין געפענגניס אונד איז אהיים געקומען, האט ער געפונען זיין פאטער׳ס הייזעל אין

וואלד לעדיג. דער פאטער איז אתטערדעסען געשטארבען. קאביש האט דאן געלעבט פאר זיך אליין אונד איז זיך זעהר ווענינ צוזאמען געקומען מיט דער וועלט, וועלכע האט איהם גערעכענט פאר א געפעהרליכען מענשען, פאר א מערדער. זייענדיג אין וואלד, האט ער זיך גוט בעקאנט מיט ליזעטע'ן, דיא טאָכטער פון טאנטע פאסיע. אין א פארנאכט איז ליזעטע אהיים געקומען צו איהם. פערוואונדעט אונד אין א פיעבערהאפטען צושטאנד. עס שיינט, אז קאביש האט געליעבט ליזעטע'ן. דאס מעדכען איז דאן געשטארבען אויף זיינע הענד, דערצעהלענדיג, אז גראנדמארין האט זיא פעראונגליקט. אין דער געגענווארט פון מעהרערע פערזאָנען, האט קאביש שפעטער געשווארען, צו ערמאָרדען גראנדמארינען. דארף מען נאך האבען בעסערע בעווייזע, האט זיך דעניזעט געטראכט, אום פעסט צו שטעלען ווער דער מערדער איז ?

דעניזעט, אָהנע צו וויסען וועלבע פראגע ער זאָל ווייטער שטעלען לאשעסניי'ן, האט ער זיך געווענדעט צו זיין פרוי אונד געפרעגט :

„אונד איהר, מאדאם, איז אייער מיינונג אויף דיעזעלבע ? קענט איהר דאס גלויבען איבער אייער אלטע חבר'טע ?"

„איך קען בעשטימטעס גאר ניט זאגען," האט בערטהא געענטפערט קר קענדיג אויף א זייט צו איהר מאן, „נאָר אזוי פיעל וויס איך, אז סעווערינע אלס קינד, איז געוועזן זעהר א בעזע אונד אויפגערעגטע."

„דענקט איהר, אז זיא האט געקענט עפעס פיהרען וועלטען אין דאך אנוויל ?"

„אה ניין, מיין פאטער וואָלט דאס קיינמאל ניט ערלויבט. נאָר זיא איז אימער געוועזן זעהר אונפאָרזיכטיג, אונד, אויב איך קען עס אזוי אָנרופען, אביסעל אויסגעלאסען אין איהרע בענעהמונגען."

דעניזעט איז געוועזן שטארק אונצופריעדען מיט דער גאנצער ווענדונג פון דער געשיכטע. מיט קאביש'ן האט זיך, לויט נאך זיין מיינונג, אלעס געקענט ענדיגען אזוי גלאט אונד איינפאך, אז גראנדמארין'ס פערגאנגענהייט, זאָל ניט דארפען אין גאנצען ענטדעקט ווערען, אונד דאָ, ווער וויים צו וואס פאר א מין ענטוויקלונג דאס אלעס קען פיהרען ?

אלס ער האט געוואָלט ערקלערען, וויא אזוי עס קען ניט מעגליך זיין, דאס דיא פאמיליע רובאָ זאל זיין פערמישט אין דער געשיכטע, דאמיט עס זאָל ניט שאדען צו זיין אייגענער טהעאָריע, איז גראדע דאמאלס ערשיענען מאדאם באָ־נעהאָן, גראנדמארין'ס שוועסטער.

„אָט דאָ בין איך, חערר ריכטער,“ האט זיא געזאגט גאנץ פאמיל אר צו רעניזעט׳ן, וועלכען זיא האט נוט געקענט. „איך בין געקומען אביסעל שפעט, אָבער איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, דער וועג פון דאָאנוויל אהער, איז זעהר א שלעכטער.“

רעניזעט האט זיך טיעף פערניינט אונד געענטפערט:

„איך גלויב, אז איהר וועט מיר אויך ענטשולדיגען, וואס איך האב אייך גער־לאָזען רופען, מיר מוזען ליידער דיעזע אונאנגענעהמע געשעפטען דורכמאכען.“

מאדאם באָנעהאָן האט זיך דאן צוקושט מיט בערטהאַ׳ן, געדרייכט לאשעסניי׳ן דיא האנד, אונד רעניזעט האט זיך נאך אמאל ענטשולדיגט אונד אָנגעפאנגען צו פרעגען:

„מאדאם באָנעהאָן, איין עדות האט מיר מיטגעטהיילט, אז אייער ברודער האט פון אייך ערהאלטען א בריעף, וואו איהר האט איהם גערופען נאך דאָאנוויל. איז דאס וואהר?“

„איך האב קיין בריעף געשריעבען צו מיין ברודער,“ האט זיא געענטפערט. „איך האב געוואוסט, אז ער דארף קומען. ווען אונד אין וועלכען טאָג איז מיר ניט געווען בעקאנט. ער פלעגט מעהרערע מאל קומען אונגעריכט. צו דיעזער צייט אָבער, האב איך איהם ערווארטעט יעדען טאָג, ווייל איך האב געוואוסט, אז ער דארף מיר ברענגען 10,000 פראנקס, וואס ער האט פאר מיר איינגעקאָלעקטירט. ער האט פאָזיטיוו בייא זיך געהאט דאס געלד אין יענעם טאָג, אונד דערפאר גלויב איך, אז גלאָט א רויבער האט איהם ערמאָרדעט.“

א קורצע פויזע האט געפאָלגט אונד רעגיזעט האט ווייטער געפרעגט:

„אונד וואס דענקט איהר איבער מאדאם רובאָ אונד איהר מאן?“

„אה, אה,“ האט מאדאם באָנעהאָן געענטפערט אונגעדולדיג. „איך גלויב, אז איהר וועט דיעזע ארמע לייט צורוה לאָזען. סעווערינע איז אימער געווען א גוטעס מעדכען, זעהר געהאָרזאם אונד געפאָלגט. איהר מאן, איז איין איינפאכער עהרליכער מענש.“

רעניזעט איז געווען זעהר צופריעדען מיט דיעזען ענטפער, נאָר בערטהא, עטוואס אויפגערעגט, האט אויסגעשריען:

„אך, טאנטע, גלויבט איהר, אז אייער מיינונג איז גאנץ ריכטיג?“

„יא, מיין קינד, אזוי גלויב איך. עס דארף דיך נאר ניט פערדריסען, זאָל זיא האבען דאס הויז פון קראָא דע מאָפרא, פאר דיר איז געבליעבען גענוג געלד.“

„אָבער רובאָ אליין,“ האט זיך לאשעסניי אריין געמישט, „האט געשפראָכען

איבער דעם בריעף אָדער איינלאַדונג וואס טאַנטע באָנעהאָן האט געשיקט צו מיין שווינער־פאטער?"

„דאס איז פון א גאַנץ קליינער בעדייטונג," האט דעניזעט געזאגט שמייכ־לענדיג. אָבער דאַן, ווערענדיג גאַנץ ערנסט, האט ער זיך ווידער געווענדעט צו מאַדאם באָנעהאָן. „ענטשולדיגט מיר דיא אונאַנגענעהמע פראַגע. מען האט בער הויפטעט, אַז אייער ברודער האט געהאט געליעבטע, אונד — "

מאַדאם באָנעהאָן האט געשמייכעלט גוטמיטהיג אונד געענטפערט:

„אזוי זאגט מען, יא, אָבער דאס איז ניט וואהר. ער איז שוין געוועזן צו אַלט — איך וועל ניט שווערען פאר זיינע איגגערע יאָהרען — אָבער אויף דער עלטער... איבערינענס, ער איז געוועזן א מענש וואס האט אימער פערשטאַנען וויא זיך צו בעד נעהמען געגנוג אַנשטענדיג וויא עס האט פאר איהם געפּאַסט."

בערטהא האט ארונטער געלאַזען דיא אויגען אונד איהר געזיכט איז רויט געוואָרען.

„אָבער ענטשולדיגט מיר," האט דעניזעט ווייטער געדרונגען, „איך האב געהערט, אַז ער האט געהאט עפּעס א פערקעהר מיט אייערער א דיענסט־מיידעל — "

„אך! יא, מיט ליזעטע'ן, זעהר איין אויסגעלאַסענע, וועלכע איז שוין געוועזן פערדאָרבען נאך איידער זיא איז אַלט געוואָרען 14 יאהר. איהר געליעבטער איז געוועזן איין עקס־אַרעסטאַנט, א מערדער. דיא דומע מענשען פון דער נאכבאַרשאַפט, האבען דאַן געוואָלט ארויף לעגען דיא שולד פון איהר טויט אויף מיין ברודער. עס איז געוועזן שענדליך, ווירקליך שענדליך! איך וועל ניט שווערען, אַז מיין ברודער האט פּיעללייכט אמאל געגלעט ליזעטע'ן, ווייל ער האט איבערהויפּט ליעב געהאט קינדער, אָדער ער האט איהר אויך א קוש געגעבען. אָבער איך פערזיכער אייך..."

„אך, טאַנטע! טאַנטע!" האט בערטהא אויסגעשריען אום צו אונטער־ברעכען דיא שילדערונג, וועלכע איז איהר געווען אונאַנגענעהם. אָבער דיא אַלטע האט אויפגעצויגען מיט דיא אַקסלען אונד פאָרטגעזעטצט:

„עס איז מעגליך, אַז ער האט זיך מיט איהר געררייצט, איז דאס א פער־ברעכען? ליזעטע, וועלכע איז געוועזן א שטיקעל ליגנערין, האט געוויס איבערטריעבען אַלעס, כדי איהר געליעבטער זאָל מיט איהר האלטען. ער האט איהר אויך אַלעס געגלויבט, אונד זייט איהר טויט פלעגט ער אויפגערעגט ווערען וויא א ווילדע חיה, ווען ער האט געהע'רט דערמאָהנען מיין ברודער'ס נאמען. ער האט אויך מעהרערע

מאל געשוואָרען, זייענדיג אין דיא ווינשענסקען, אז ביי דער ערשטער אונד בעסטער געלעגענהייט, וועט ער דערהרג'ענען מיין ברודער, אונד — "

„האט ער עס ווירקליך געזאגט?" האט דער ריכטער זיא אונטערבראָכען. עס האט זיך נאכהער ארויס געוויעזען, אז פיעלע מענשען האבען דאס געהערט פון קאַ־ביש'עס מויל. ווען דעניזעט איז פערטיג געוואָרען מיט דיעזער ערשטער אונטערזוכונג, האט ער זיך געזעגענט מיט דיא פראָמינענטע עדות, אונד ער איז צוריק געבליעבען אליין אויף אייניגע מינוטען וויעדער אלעס איבערצודענקען. דאן האט ער געהייסען צו איהם אריין רופען זשאק לאַנטיער.

דעניזעט האט אָנגעפאנגען זיינע פראגען מיט אזוי פיעל צודרינגליכקייט, דאס ער האט געוואָלט אונבעדינגט ארויס קריגען פון זשאק'ן, אז ער האט געזעהען דעם מערדער גענוג דייטליך אום איהם צו קענען בעשרייבען. אָבער זשאק איז געבליעבען ביי זיין ערשטער בעהויפטונג, אז דיא באהן איז צו שנעל געלאָפען אונד עס איז איהם געוועזען אונמעגליך צו זעהען אירגענד עפּעס דייטליך גענוג, אום צו קענען בע־צייכנען איינצעלהייטען.

„אָבער ווען איך זאָל אייך צייגען דעם מערדער," האט דעניזעט פּלוצלינג גע־זאגט, „וואָלט איהר איהם דערקענט?"

זשאק האט אביסעל געצענערט אונד דאן ארויס געשטאמעלט:

„ווען איהר זאָלט מיר איהם ווייזען, דאן, פיעללייכט — "

ער האט זיך אָבער באלד צוריק גענומען אונד געזאגט:

„אונמעגליך, אונמעגליך! שטעלט זיך פאָר, דיא באהן איז אזוי שנעל גע־לאָפען..."

דעניזעט איז געוועזען פערצווייפעלט. ער האט אָנגעווענדעט אלעס מעגליכע ארויף צו פיהרען זשאק'ן אויף א וועג, וועלכער זאָל פיהרען צו א בעשרייבונג פון קאַביש'ן. ער האט דאן געהייסען אריין ברענגען רובאָ'ן מיט זיין פרוי. ווען דיעזע צוויא זיינען ערשיענען אונד זיך בעגעגענט מיט זשאק'ן, איז געלעגען אין זייערע אויגען איין אונרוהיגער בליק. זייא האבען זיך אָבער באלד בערוהיגט, ווען דעניזעט האט וויעדער אָנגעפאנגען דיא אלטע פראגען מיט קיינע נייע ענטוויקלונגען.

מיט רובאָ'ן איז שוין דעניזעט'ן בעסער געלינגען זיין פּלאן. ער האט איהם אזוי פערדרעהט מיט פּראגען, דאס עס איז ארויסגעקומען, אז ער האט ווירקליך געזעהן א מאן אריין געהן אין גראנדמאָרין'ס וואגאָן.

„איז ער געוועזען הויך, ניעדריג, דיק, מאָגער, וויא אזוי האט ער אויסגעזעהן?" האט דעניזעט געפרעגט שטארק נייגיעריג.

רובאָ האט אנגעהויבען צו דרעהען מיט זיין צונג אונד ניט געקענט ארויס ברענגען קיין פערשטענדליכען ענטפער.

„רוהיג, רוהיג," האט דעניזעט געזאגט צו רובאָ'ן אונד זיך דאַן געווענדעט צו זשאַק'ן: „זאגט מיר נאָר, מ. זשאַק לאַנטיער, איז דער מאַן, וואס איהר האט געזעהען דורך'ן פענסטער אין וואגאָן מיט דעם מעסער אין האנד, געווען ניעדריגער אָדער העכער פון מ. רובאָ?"

זשאַק האט אויפגעהויבען זיינע אויגען, זיך בעטראַכט רובאָ'ן, אונד, גלייך וויא ער וואָלט ערוואכט פון א חלום, האט ער שנעל געענטפערט:

„ניין, נים ניעדריגער אונד ניט העכער, פון דערזעלבער סטאטור וויא מ. רובאָ."

„דעם מענשען וואס איך האב געזעהען," האט רובאָ באַלד אונטערגעכאַפּט מיט אויפרעגונג, „איז געווען גראדע מיט א קאָפּ העכער פון מיר."

רובאָ'ס, סעווערינע'ס אונד זשאַק'ס אויגען האבען זיך בעגעגענט, אונד יעדער איינער האט אויסגעזעהען זעהר בעאונרוהיגט. דעניזעט האט אָבער צו זייא ניט גע־קוקט, אונד בלויז בעמערקט:

„דאס איז א קליינינקייט; איך פערשטעה ווארום איהר, מ. לאַנטיער, האט איהם געזעהן ניעדריגער; עס איז געווען בלויז דערפאַר, ווייל ער איז דאמאלס געווען אָנגעבויגען."

דעניזעט האט אויף איין אויגענבליק אויפגעהויבען דיא אויגען צו דיא עדות, אונד שטודירענדיג זייערע מיענעס אונד דיא בליקען וואס איינער האט דעם צווייטען צוגעוואָרפען, האט ער געשפירט א לייכטען שוידער. „ווער וויים," האט ער זיך גע־טראַכט, „פיעללייכט ליעגט דאָך עפּעס אין דער בעשולדיגונג פון בערטהא לאַשעסניי מיט איהר מאַן?"

ער איז געזעסען איינינע אויגענבליקען אין טיעפען נאַכדענקען, אונד דאַן, אָהנע ווייטערע פראגען צו שטעלען, האט ער זייא געהייסען אריין געהן אין צווייטען צימער איהם צו ערוואַרטען ביז ער וועט זייא רופען. אויף א וואונק האט זיך געעפענט א צווייטע טהיר, אונד א גרויסער אונד שטאַרק געבויעטער יונגער מאַן פון א יאהר 25 אָדער 30, איז אריין צווישען צווייא זשאַנדאַרען. דיעזער איז געווען קאַביש. ער איז געבליעבען שטעהען מיט גרויסע צושויבערטע האאר אויף'ן קאָפּ אונד איין אויפגע־רעגטער בליק אין זיינע אויגען, וואס האט איהם פאַרגעשטעלט וויא א ווילדען. ווען דעניזעט האט איהם גוט בעטראַכטעט, האט ער זיך געטראַכט, אַז עס קען נאָר

אנדערש נים זיין, דאס ער איז געווים דער מערדער, אונד ער וועם מים זיין קונסט אין אויספרעגען, איהם ברענגען דערצו ער זאָל זיך מודה זיין.

„ווייסט איהר פון דעם פערברעכען אין וועלכען מען בעשולדיגט אייך?" האט דעניזעט אָנגעפאנגען.

„קיינער האט מיר נאך נים געזאגט," האט קאביש געענטפערט מיט א בעזער שטימע, „נאָר אויב איך האב קיין טעות נים, בין איך מיר משער, וויל מען האט שוין דאריבער גענוג גערעדט."

„האט איהר געקענט מ. גראנדמארין?"

„יא, יא, איך האב איהם געקענט, נאך צו פיעל."

„אייערע א געליעבטע מיט וועלכער איהר האט געלעבט, א געוויסע ליזעטע, איז אנגעשטעלט געווארען בייא מאדאם באָנעהאָן. איז עס נים אזוי געוועזן?"

קאביש'עס געזיכט האט זיך אָנגעצונדען מיט צאָרן, אונד ער האט אויס־געשריען:

„בייא גאָט! דעריענינגער וואס בעהויפטעט, אז ליזעטע האט מיט מיר אונ־אָרענטליך פערקעהרט, דער איז א ליגנער!"

דעניזעט האט אויסגעזעהען צו שטודירען דיעזען צאָרן מיט איין אמוזירענדער נייניערינקיים. דאן האט ער בעמערקט:

„איהר זייט איין אויפגערעגטער מענש. איהר האט אמאל געהרג'עט א מענשען אין א געשלעג אונד איהר זייט דערפאר אבגעזעסען 5 יאהר אין קרימינאל?"

„יא, דאס איז אמת," האט קאביש געענטפערט רוהיג אונד בעדויערענד. „אָבער ער האט מיך פריהער אָנגעגריפען."

„איהר בעהויפטעט אלזא, אז איהר האט מיט ליזעטע'ן נים געלעבט?" האט דעניזעט ווייטער געפרעגט.

קאביש'עס צאָרן איז ווידער ערוועקט געווארען, ער האט זיך אבער מיט אלע זיינע כוחות בעהערשט אונד אָנגעפאנגען מיט איין אונטערדריקטער שטימע:

„הערט מיך אויס, אונד פערשטעהט מיך. ווען איך בין צוריק געקומען פון געפענגניס, האט יעדער מיך אויסגעמיעדען אונד ענטלאָפען פאר מיר. זיא אליין, ליזעטע, האט צו מיר גערעדט גוט אונד מיך געטרייסט. מיר זיינען געוואָרען פריינדע. מיט דער צייט האב איך זיא געליעבט פון מיין טיעפסטען הערצען. זיא האט מיך אויך געליעבט. מיט דער צייט וואָלט פיעללייכט דאס געוואָרען פון וועלכען איהר האט גערעדט. מען האט זיא אבער אוועק גענומען פון מיר נאך דאָאנוויל. אין א נאכט, ווען איך בין אהיים געקומען פון מיין ארבייט, האב איך זיא געטראָפען

ליענענדיג אויף דער] שוועל פון מיין טהיר, פערצווייפעלט אונד פערבלוטינגט. פון דיא פיעלע וואונדען אויף איהר קערפער, איז זיא געוואָרען פיעבערהאפט. זיא האט מורא געהאט זיך צו ווייזען פאר איהר פאמיליע, אונד אזוי איז זיא צו מיר גע־קומען, — צו איהר פריינד, — אום צו שטארבען. אך! בייא גאָט! איך בעריייהע עס, ווארום איך האב דעם אונפערשעהמטען שוויין ניט דערוואָרגען!"

דעניזעט האט גערעכענט, אז קאַביש איז זעהר געשייט אונד ער פּראָבירט איהם אָבצונארען מיט זיין שילדערונג.

„יא, יא, איך האב געהערט," האט דער ריכטער בעמערקט, „איבער דער שרעקליכער געשיכטע וואס איהר אונד ליזעטע האבען אויסגעטראכט. אבער דאס לעבען פון אויבער־ריכטער גראנדמאָרין פּראָטעסטירט נעגען אזעלכע געמיינע ליגען."

„געמיינע ליגען! ווער וואגט דאס צו זאגען?" האט קאַביש אויסגערופען מיט א שטימע וואס האט פערהילכט דעם גאנצען זאַלאָן. „ניין, ניין, מיר זאגען ניט קיין ליגען; מיר זיינען פּראָסטע מענשען וואס זאגען דיא וואהרהייט — יענע זיינען ליגנער וואס זאגען פערקעהרט!"

„רוהיג, רוהיג, קאַביש; מיר דערשרעקען זיך ניט פאר אזעלכע זאכען אונד מיר ווארנען אייך נאָר איהר זאָלט בעסער זיין פאָרזיכטיג. דאס בעסטע איז, איהר זאָלט זיך מודה זיין."

„מודה זיין! אויף וואס?"

„ווען איהר פיעללייכט אָבלייקענען, אז איהר האט זיך ניט עטליכע מאל בעריהמט, אז איהר וואָלט וועלען ערמאָרדען ריכטער גראנדמאָרין?"

„אבלייקענען? געוויס ניט! איך האב עס געזאגט מיט מיין גאנצען הערצען אונד בין אימער געווען בערייט דאפיר."

דעניזעט האט איהם דאן אָנגעהויבען צו שטעלען פערשיעדענע פראגען וואו ער איז געווען אין יענער נאכט פון דעם מאָרד אונד עהנליכע זאכען, אָבער קאַביש האט איהם אונטערבראָכען מיט דיעזע ווערטער:

„דאס אלעס איז פּוסטע זאכען. ווען איך וואָלט איהם ערמאָרדעט, מעגט איהר זיכער זיין, אז איך וואָלט עס אייך געזאגט גאנץ אָפען. ניין! איך וואָלט מיך נאך בעריהמט דערמיט. אָבער ליידער האב איך עס ניט געטהאן. ניט איך האב מיך נוקם געווען פאר ליזעטע'ן. גאָט איז מיין עדות, אז איך בעריייהע עס פון מיין טיעפסטען הערצען."

„רופט אריין זשאק לאַנטיער!" האט דעניזעט אויסגעשריען.

ושאַק איז ערשיענען אונד דער ריכטער האט איהם באַלד געשטעלט דיא פראַגע:

„קענט איהר דיעזען מאַן?" ציינענדיג אויף קאַביש'ן.

„יא, איך האב איהם פריהר געזעהען," האט ושאַק געענטפערט. „איך האב איהם געזעהן בייא דער פאַמיליע מיסארד."

„איך מיין ניט דאס," האט איהם דעניזעט אונטערבראָכען אונגעדולדיג. „האט איהר איהם געזעהן אין דער באַהן בענעהן דעם מאָרד?"

ושאַק איז געבליעבען וויא פערשטיינערט פון דער אונערוואַרטעטער פראַגע. אָבער ער האט געענטפערט:

„ווירקליך, איך קען דאס ניט זאגען. עס איז אונמעגליך, איך קען מיך ניט ערינערן."

„רופט אריין רובאָ'ן!" האט דאַן דעניזעט בעפוילען. ווען רובאָ איז ערשיענען, האט ער איהם געשטעלט דיעזעלבע פראַגע וויא ושאַק'ן.

„איך קען ניט זאגען פּאָזיטיוו," האט רובאָ געענטפערט, „אַז דאס איז ער, אָבער יענער האט אויסגעזעהן, אונגעפעהר פון אַזא סטאַטור, אונד..."

קאַביש האט אָנגעהויבען צו פלוכען אונד שילטען, זאָ דאס מען האט איהם געמוזט מיט געוואַלט ארויס פיהרען פון געריכט.

„האט איהר געזעהן אַ פּאַאר אוינען?" האט דעניזעט גערעדט צו זיך אליין.

„אַ מערדער! דער מערדער ליענט אויף זיין געזיכט — דיעזע געשיכטע איז געענדיגט, ער איז דער מערדער, פּאָזיטיוו!"

## קאַפּיטעל 5.

עס איז געווען אויף'ן אַנדערן טאָג נאָך דיעזען פערהער, ווען רובאָ אונד סעווערינע זיינען געזעסען אין זייער וואָהנונג צוזאַמען ביים טיש.

„איך האב דיר עפּעס מיטצוטהיילען, סעווערינע," האט ער געזאגט.

זיא האט געשוויעגען.

„געכטען," האט ער פאָרטגעזעטצט, „האב איך געהאט איין אונטעררעדונג מיט ושאַק'ן. פון זיינע ווערטער האב איך בעמערקט, אַז ער האט ניט נאָר אַ פערדאַכט איבער אונז, זאָנדערן, מיך גוט בעטראַכטענדיג, האט ער אין מיר דערקענט רעטיענינגען וואס ער האט געזעהן אין יענער נאַכט אויף דער באַהן, ווען..."

סעווערינע האט געשוויגען.

„זשאק איז א יונגער מאן, אונפערהייראטעט, מונטער אונד, ווען איך האב קיין מעות נים, האסטו אויף איהם געמאכט איין איינדרוק...“

זיא איז בלאס געוואָרען אונד איהר אויגען האבען ווילד געקוקט אויף איהם, נאָר איהר מויל האט זיא אלץ נים געעפענט.

„דוא פערשטעהסט דאָך געוויס,“ האט ער פאָרטגעזעטצט, „אז מיינע אונד דיין זיכערהייט, ערפאָדערט אלעס מעגליכע צו טהון, אום יעדע געפאהר צו בע־זייטיגען. מיט דעם אינסטרוקציאָנס.ריכטער שטעהט עס גאנץ גוט. ער רעכענט קאַבישין פאר דעם מערדער. אָבער עס איז גאר נים זיכער, ווען אלעס זאָל זיך פלוצלינג אומווענדען אונד זשאק זאָל ערקלערען, אז ער דערקענט מיך אלס...“

„אך!“ האט זיא אויסגעשריען.

„עס ליעגט אָבער אין דיין מאכט,“ האט ער געענטפערט, „דאס צו פער־הינדערן. דוא ווייסט געוויס וויסען וויא אָנצופאנגען. דאן מוז איך דיך נאך דער־מאָהנען אן א וויכטיגע זאך — זעהר א וויכטיגע. דוא געדענקסט געוויס אן דעם צעטעל וואס דוא האסט געשריעבען צו גראנדמאָרינען. דיעזער צעטעל, לויט נאך מיין חשבון, געפינט זיך בייא מ. קאמי־לאמאָט; ער האט געמאכט איין אונטער־זוכונג אונטער גראנדמאָרין׳ס פאפירען, באלד נאך זיין טויט. ער איז אויך געוועזען גראנדמאָרין׳ס א פערטרויעטער פריינד. ער וועט געוויס זוכען אום אויסצוגעפינען ווער עס האט געשריעבען דעם צעטעל — דוא פערשטעהסט?“

„איך פערשטעה, איך פערשטעה,“ האט סעווערינע געשטאמעלט ציטערענד.

„אלזאָ, גוט וואס דוא פערשטעהסט. דיין פליכט איז צו פערהינדערן ערשטענס זשאק׳ן ער זאָל נים געהען צו ווייט, אונד דאן זאָלסטו ערפאהרען פון קאמי־לאמאָט וואס ער רעכנט צו טהון מיט אונז.“

„אָבער וויא אַזוי זאָל איך דאס טהון?“ האט סעווערינע געפרעגט פער־צווייפעלט. רובאָ האט אויף איהר געוואָרפען א פערראכטענדען בליק אונד דאן גע־ענטפערט:

„מיט זשאק׳ן וועסטו שוין אליין פערשטעהן, נאָר מיט קאמי־לאמאָט איז איין אנדערע געשיכטע. יעדענפאלס זאָלסטו וויסען, אז ער בעלאנגט צו גראנדמאָרין׳ס קלאַסע אונד דוא ווערסט אויף איהם קענען מאכען איין איינדרוק. אָבער, ווען נים דאס איז דער פאל, דאן זאָלסטו צו איהם קומען אונד איהם בעטען, אלס דער פריינד פון גראנדמאָרין, אונזער בעשיטצער, זאָל ער מיך יעטצט שיטצען געגען ריעזע וואס ווילען מיך ערשטענס ארויס ווארפען פון מיין פאסטען אונד צווייטענס

דאס מען וויל אונז ביידע בעשווינדלען אונד אוועק נעהמען דאס הויז פון קראַ רע מאַפרא, וואס גראנדמאָרין האט פיר אונז צוריק געלאָזען בירושה."

— — — — — — — — — — —

עס איז געוועזען אויף'ן אנדערן טאָג, ווען זשאַק'ס צוג האט אבגערייזט נאך פאריז, אונד, אונטער דיא פערשיעדענע פאססאזשירען, האט ער מיטגעפיהרט מאדאם סעווערינע רובאָ. סעווערינע'ס מאן האט איהם פערזענליך געבעטען ער זאָל אכטונג געבען אויף זיין פרוי וויא זיא וועט אָנקומען נאך פאריז, אונד, ווען מעגליך, איהם טהון א פערזענליכע טובה אונד אויך זעהען זיא צוריק פיהרען אבענד נאך האווער.

זשאק האט פערשפראָכען, אונד ווען דער צוג איז געבליעבען שטעהן, איז ער ארונטער פון נעבען דער מאשין אונד געהאָלפען סעווערינע'ן אויסשטייגען פון איהר וואגאָן. איהר געזיכט איז געוועזען בלאס, אָבער דאס האט נאך געגעבען מעהר חן צו איהר נאנצעס אויסזעהן. זשאַק האט איהר געגעבען דיא האנד אונד סעווערינע האט געבליקט אין זיינע אויגען אָהנע צו רעדען א וואָרט.

„ווען וועלען מיר זיך זעהן, מאדאם ?" האט ער געפרעגט.

„איך געה יעטצט אין א וויכטיגער שליחות," האט זיא געזאגט דריקענדיג פעסטער זיין האנד, „אונד אום 3 אוהר וועל איך זיין צוריק. ערוואַרטעט מיך אין קארדינעם שטראסע..."

זשאַק האט געשפירט א מערקווירדינעס זיסעס געפיהל אין איהם אויפ־שטייגען. אנפאנגס האט ער מורא געהאט צו בליקען אויף איהר ווייסען האלז, אָבער א וסזיך צו איבערציינען, אז דער בלוטינער טייפעל וויטהעט ניט אין איהם, האט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען, אונד עס איז איהם גרינגער געוואָרען אויף'ן הארצען ; ער האט נאר נים געפיהלט.

מ. קאמי־לאמאָט האט עמפפאנגען סעווערינע רובאָ אין זיין עמפפאנג צימער, אָהנע צו וויסען ווער זיא איז. אלס זיא האט איהם מיטגעטהיילט איהר נאמען, האט ער אויף איהר געוואָרפען א דורכזוכענדען בליק, אונד איהר ניט געהייסען זיטצען. סעווערינע'ס הארץ האט שווער געקלאפט. ער איז דאן געבליעבען שטעהן ער־וואַרטענדיג צו הערען וואס זיא האט צו זאגען. סעווערינע האט געגעבען א לייכטען ציטער אונד צוזאמען נעהמענדיג אלע איהרע קרעפטען, האט זיא אָנגע־פאנגען :

„איך האָף, מיין הערר, אז איהר וועט מיר ענטשולדיגען, ווען איך האב גע־וואגט צו אפעלירען צו אייער גוטעס הערץ. איהר ווייסט וואהרשיינליך גאנץ גענוי

איבער דעם שווערען פערלוסט וואס איך האב ערליטען, אונד אין מיין נרעסטער נויטה האב איך פון קיינעם געקענט דענקען, אויסער פון אייך אליין, איבער וועלכען מיין בעשיטצער האט אזוי פיעל מאל געשפראָכען.״

איהר טאָן איז געוועזן עהרענהאַפט, אונשולדיג אונד רוהיג, זאָ דאס קאמי־לאמאָט האט איהר אָנגעזיינט א שטוהל זיך צו זעטצען. ער האט אָבער נאך אימער געשוויעגען אונד געוואַרט צו הערען וואס זיא האט צו זאגען. סעווערינע האט דאן פאָרטגעזעטצט אונד אויסגעפיהרט איהר מאַן׳ס אויפטראג נאך פינקט־ליכער וויא ער האט זיך געקענט פאָרשטעלען. ער האט זיך אונטערדעסען אויף געזעטצט אונד זיין געזיכט האט אָנגענומען א מילדערע מיענע, וועלכע סעווערינע האט בעמערקט אונד פאַסענדיג מעהר מוטה האט זיא געזאגט:

„מיין נאָם! איך קען גאר ניט פערשטעהען וויא מענשען קענען זיין אזוי גע־מיין אונז צו בעשולדיגען אין אזא שרעקליכעס פערברעכען. ער איז געוועזן אונזער איינציגער בעשיטצער, אונזער איינציגער פריינד, אונד יעטצט זיינען מיר אליין אין דער וועלט. זיינען מיר שולדיג וואס ער האט אונז איבערגעלאָזען דאס הויז פון קראָא דע מאָפּרא? מיין הערר! איך שווער אייך בייא דעם אנדענקען אן מיין מוטער, אז איך וואָלט מוחל געוועזן דאס הויז פון קראָא דע מאָפרא, אבי מען זאָל פון אונז ארונטער נעהמען דעם שרעקליכען פערדאכט!״

דיא לעטצטע ווערטער האט זיא ניט נאָר אויפריכטיג אויסגעשפראָכען, זאָנדערן, זיא האט זייא אויך געמיינט. קאמי־לאמאָט האט געבליקט אויף איהר שעהנעס געזיכט אונד ער האט מיט איהר געהאט מיטלייד. דאן האט ער בעמערקט איהרע גלענצענדע אויגען אונד אנדערע געפיהלען זיינען אין איהם ענטשטאנדען. אָבער ער האט זיך דערמאָהנט, אז דער דאָקטאָר האט איהם געראַטהען ער זאָל אָבזיטצען פון פרויענצימער, זאָנסט קריעגט ער ווידער זיין אלטע קראנקהייט פון נערווען־אויפרעגונג, וועלכע איז געוועזן א רעזולטאט פון זיין צו גרויסער לומפּע־רייא אין דער פערגאנגענהייט. ער האט אָבגעווענדעט זיין געזיכט אונד גע־ענטפערט:

„איך פערשטעה, מאדאם; איך וועל טהון אלעס וואס עס ליעגט אין מיינע מעגליכקייטען פאר אייך.״

„איך דאנק אייך! איך דאנק אייך!״ האט זיא אויסגעשריען ערפרייט. „וועט איהר שוין זאָרגען דאפיר, אז מיין מאַן זאָל בלייבען אויף זיין פאָסטען?״

„דאס קען איך פאָרלויפיג ניט זאגען,״ האט ער געענטפערט, „אָבער איך פערשפּרעך אייך אלעס מעגליכע צו טהון.״

קאמי־לאמאַם האָט זיך פּלעצלינג דערמאָהנט אַן עטליכע זאַכען צוזאַמען. ער האָט ערשטענס געדענקט, אַז ריכטער גראַנדמאָרין האָט בייא זיך געהאַט 10,000 פראַנקס מיט אַ גאָלדענעם זייגער אונד אַ גאָלדענע קייט; דיעזע האָט דער מערדער פּאָזיטיוו אַוועק גענומען, ווייל מען האָט זייא בייא דעם ערמאָרדעטען מעהר ניט געפונען. סעווערינע'ס געבעט פאַר איהר מאַן'ס פּאָסטען האָט איהם האַלב איבער־צייגט, אַז רובאָ מיט זיין פרוי זיינען אָרעם אונד זיינען אבהענגיג פון דעם געהאַלט וואָס זייא קריעגען, אָבער דאַן איז איהם געקומען אויף דער אידעע דער צעטעל וואָס יעמאַנד האָט איינגעלאַדען דעם ריכטער אָבצוזייזען אין יענעם טאָג אום 6:30, אונד, ער איז געוועזען זיכער, אַז דער צעטעל איז געשריעבען געוואָרען פון אַ פרויענהאַנד, אונד דיעזע האַנד פון זיין סעווערינע רובאָ'ס, לויט זיינע אויסרעכנונגען וואָס ער האָט ביז דאַמאַלס געמאַכט.

ער האָט ניט בעאַבזיכטיגט אויפצוטרעטען געגען סעווערינע רובאָ, ווייל ער האָט געוואוסט גאַנץ גוט, אַז דאָס קען שאַדען זיין פּאַרטייא. גראַנדמאָרין'ס פער־גאַנגענהייט אונד דיא וואַהרע אורזאַכע פון זיין טויט, האָט ניט געטאָרט ענטדעקט ווערען, אָבער, ער האָט אַליין געוואָלט איבערצייגט זיין אויב ער האָט געהאַט אַ מעות אָדער ניט. איברינגענס וואָלט ער געוועזען זעהר צופריעדען ער זאָל וויסען, אַז דיעזעס אונשולדיגע געזיכט, האָט קיין אַנטהייל געהאַט אין דעם גרויזאַמען מאָרד. ער האָט שנעל געפּאַסט אַ בעשלוס אונד געזאַגט:

„מאַדאַם, איהר וועט אַזוי גוט זיין אונד מיר צוריק לאָזען אייער אַדרעסע, ראַמיט איך זאָל אייך שרייבען איבער דעם רעזולטאַט. איך וועל נאָך היינט אָדער מאָרגען רעדען מיט דעם הויפּט דירעקטאָר פון דער באַהן, אונד איך וועל פער־לאַנגען שוטץ פיר אייער מאַן. דאָ האָט איהר פּאַפּיר אונד פעדער, אונד צייכענט מיר אויף אייער אַדרעסע.“

ער האָט בייא דיעזע ווערטער צוגערוקט אַ שטיקעל פּאַפּיר אונד איהר אָנגע־צייגט אויף אַ פעדער וואָס האָט געשטעקט אין אַ טינטאָרין. אַזוי שנעל וויא אַ בליטץ איז דורכגעלאָפען דיא אידעע אין סעווערינע'ס קאָפּ, דאָס קאַמי־לאַמאַט וויל האָבען איהר האַנד־שריפט אום צו פערגלייכען מיט דעם צעטעל. זיא האָט געשפּירט וויא איהרע קניען ציטערן אונד איהר הערץ קלאַפּט העפטיג. אָבער זיא האָט אויך באַלד איינגעזעהען, אַז צעגערן קען נאָך ערגער זיין. קאַמי־לאַמאַט האָט דאָס אַלעס גאַנץ גוט בעמערקט אונד געגלויבט, אַז סעווערינע וועט ניט וואַגען צו שרייבען. אָבער צו זיין ערשטוינען, האָט זיא גענומען דיא פעדער אין האַנד אונד אָיפגעשריעבען דיא אַדרעסע.

ער האט ניט נעזוכט איף דער אדרעסע, נאר ער האט בעמערקט: „גוט־נומ, יעטצט געהט צו הויז אונד איך וועל אייך שוין אלעס בעריכטען.“

דערצו האט סעווערינע ניט געקענט איינשטימען. זיא האט איהם נעגעבען איהר האנד־שריפט, נאר זיא האט נעוואָלט האבען נעוויסהייט, אום צו וויסען וואס זיא האט צו ערוואַרטען.

„ווען איהר וועט מיר ערלויבען,“ האט זיא אַנגעפאַנגען מיט א ניעדריגער שטימע, „וועל איך דאָ זיין פאַרנאַכט אום צו ערפאהרען פיעללייכט האט איהר שוין גערעדט מיט דעם דירעקטאָר. מיין מאַן איז זעהר אונגעדולדיג...“

קאַמי־לאַמאָט האט ניט בעגריפען געגוי איהר מיינונג, נאר ער האט איהר נעזאגט, אז זיא מעג קומען. זיא האט זיך אויפגעהויבען, גענומען אבשיעד אונד איז ארויס פון דעם אויבער־פּראָקוראָר'ס וואָהנונג. דיא פרישע לופט אויף דער גאַס, האט זיא אביסעל אויפגעמונטערט.

ווען סעווערינע האט צוגעמאַכט דיא טהיר הינטער זיך, האט קאַמי־לאַמאָט שנעל געעפענט א שופלאָד אין א שראַנק אונד ארויס גענומען א קליינעם צעטעל. ער האט דאס אוועק געלעגט נעבען דער אדרעסע וואס סעווערינע האט אויפגע־שריעבען אונד אויסגערופען צו זיך אליין:

„דיעזעלבע האנדשריפט! זייא זיינען דיא מערדער! דאס איז פאַר־זיכער!“

דיעזע ענטדעקונג האט איהם אויפגערעגט אונד ער איז צוריק געפאלען אין שטוהל פערמאַטערט. ער איז געזעסען א היבשע צייט אין א טיעפעם נאכדענקען, אונד נאכהער האט ער בעמערקט:

„אָבער ניין, ניין! ניט רובאָ אונד ניט זיין פרוי דאַרפען אנגעקלאגט ווערען פאַר דעם מאָרד! זאָל ליידען ווער עס וועט ליידען, נאר ניט זייא! עס איז קיין צווייפעל, אז סעווערינע האט געמיינט אויפריכטיג, ווען זיא האט געזאגט, אז זיא וואָלט צופריעדען געווען צו פערלירען דאס הויז פון קראָא דע מאָפּרא, אבי לויז צו ווערען פון דעם מאָרד־פערדאַכט — יא, יא, דאס האט זיא אויפריכטיג געמיינט, אונד דער מאָרד איז ניט בעגאַנגען געוואָרען פאַר דער ירושה! דאָ ליעגט איין אַנדערער הונד בעגראָבען, אונד דיעזער איז ניט געווען קיין געלד. רובאָ האט גר־מאָרדעט גראַנדמאָרינען דערפאַר, ווייל ער האט ערפאהרען, אז ער האט איהם געשענדעט זיין פרוי פאַר דער חתונה אונד נאָך דער חתונה!“

קאַמי־לאַמאָט האט זיך אָבגעווישט דעם שוויס פון זיין געזיכט מיט א

ווייסעס האנד־טיכעל אונד איז געבליעבען זיטצען שטיל. דאן האט ער ווידער בעמערקט:

„אונד טאקי פאר דיעזער אורזאכע אליין דארף קיין עפענטליכע בעשולדיגונג געבראכט ווערען געגען רובא'ן מיט זיין פרוי! מען מוז עס נאך פערהיטען מיט אלע מעגליכקייטען, ווייל דיא פרעסע האט שוין לאנג ניט געהאט אזא גוטען ביסען, אונד דאס וואלט געשטירצט דיא רעגיערונג מיט מיר אונד מיט אלע אונזערע פריינדע."

ער האט זיך דערביי פעררויכערט א סיגארעטע אונד וויא זיך אליין צו פער־טהיידיגען, האט ער געזאגט: „איבריגענס, איז דאס ניט קיין גרויסע עולה צו פערשווייגען אזא טהאט; רובא איז ניט אין גאנצען אונרעכט געווען. איך אליין וואלט אויך אזוי געהאנדעלט."

יעמאנד האט אנגעקלונגען אונד דער דיענער האט אריין געבראכט דיא קארטע פון דעם אינסטרוקציאנס־ריכטער דעניזעט.

„זאל ער ערשיינען," האט קאמי־לאמאט געענטפערט אונד שנעל אוועק גע־נומען דעם צעטעל מיט סעווערינע'ס אדרעסע אונד זייא ווידער פערשלאסען אין שראנק. דעניזעט איז דאן אריין, זיך טיעף פערנייגט, גערייכט דעם אויבער־פראָ־קוראָר דיא האנד, אונד זיך געזעטצט אויף דעמזעלבען שטוהל וואו סעווערינע איז פריהער געזעסען.

„אלזא, מיין ליעבער דעניזעט," האט קאמי־לאמאט בעמערקט גאנץ רוהיג שמייכלענדיג, „וויא שטעהט עס מיט אייער אונטערזוכונג וועגען דעם גראנדמאָרין מאָרד?"

„איך בין טאקי וועגען דעם אהער געקומען," האט דעניזעט געענטפערט, אונד דאן, זייענדיג זעהר בעגייסטערט, האט ער אָנגעפאנגען צו דערצעהלען דעם אויבער־פראָקוראָר וויא אזוי אונד אויף וועלכער ארט ער האט געפיהרט דיא אונ־טערזוכונג אונד איז געקומען צום פעסטען בעשלוס, אז קאביש איז דער מערדער אונד...

„זייט איהר ווירקליך איבערציינט?" האט קאמי־לאמאט געפרעגט אביסעל שפאטיש.

דעניזעט איז געבליעבען זיטצען אונד ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. ער האט פערשטאנען אין קאמי־לאמאט'ס טאָן, אז ער מאכט חוזק פון איהם.

„הערט מיך אויס, הערר דעניזעט," האט קאמי־לאמאט געזאגט ווערענדיג ערנסט. „דאס אלעס וואס איהר האט מיר דא געשילדערט, איבערציינט מיך

ווענינסטענס, אז קאביש איז נים דער מערדער. איהר פערנעסס, אז ווען איין אונ־שולדינער מענש זאָל פעראורטהיילט ווערען, וואָלט עס פיעל ערגער גיוועזען פאַר אונזער זאַך, דען דיא פרעסע וואָלט אונז דערשטיקט אונד וואָלט ארויף געבראכט דעם גאַנצען פאָלקס־צאָרן איבער אונז. דאָ איז ערפאָרדערט מעהר פאָרזיכטינקייט וויא איהר קענט זיך פאָרשטעלען.“

דעניזעט׳ס לופט־שלאָס איז מיט איין מאָל צערשמעטערט געוואָרען, אונד נאָכ־פאָלגענדיג דיא געדאנקען פון זיין פאָרגעזעטצטען, האט ער פלוצלינג א פרעג געטהאָן:

„ווער אַלזאָ איז דער מערדער?“

קאַטי־לאַמאָט האט געשמייכעלט פון דער נאַררישער פראַגע.

„אונטער דיעזע אומשטענדען, ווען מיר דאָך מוזען קאבישען זאָ שנעל וויא מענליך בעפרייען?“ האט דעניזעט געפרעגט אָהנע צו וויסען וואס ער רעדט.

„הערט מיך אויס, הערר דעניזעט,“ האט קאַטי־לאַמאָט געזאגט מיט א צר פריעדענער מיענע. „מיר פערלאָזען זיך אין דיעזער בעציהונג אויסשליעסליך אויף אייער אורטהייל, אונד מיר האָפען, אז איהר וועט געוויס טהון וואס רעכט איז.“

דעניזעט איז געוואָרען זעהר צופריעדען פון דעם וויכטען טאָן, אונד זעהענדיג, אז דער אויבער־פּראָקוראָר איז נים צופריעדען ווייטער צו רעדען איבער דיעזען גע־גענשטאנד, האט ער אָנגעפאנגען איין אנדערעס געשפרעך.

אום 4 אוהר פאָרנאכט, האט סעווערינע ווידער בעזוכט דעם אויבער־פּראָ־קוראָר. ווען זיא איז ארויס פון דאָרט, האט זיא געמורמעלט פריילעך:

„גערעטעט! גערעטעט! זייא וואָגען נים אויפצופיהרען דעם גאַנצען שמוטץ! רובאָ בלייבט בייא זיין פאָסטען, אונד קאַטי־לאַמאָט זעלבסט, איז זיין שוטץ־ענגעל!“

זשאַק לאַנטיער האט ערוואַרטעט סעווערינע׳ן אויף דעם בעשטימטען פלאַטץ אום 3 אוהר וויא דיא רעדע איז געוועזען, אָבער זיא איז נים ערשיענען. ער האט זיך געשעטצט גליקליך דערמיט וואס זיא איז ניט געקומען, דאמיט ער זאָל נים דארפען ארויס רופען דיא בעסטיע אין זיך. ער האט שנעל געאיילט צוריק צו דער סטאַציאָן, אונד, צו זיין אונצופריעדענהייט, האט איהם זיין פייערמאַן פעקע אנגעזאגט, אז זיין מאַשין, דיא „ליסיאָן,“ מוז פערבלייבען ביז צום אנדערן טאָג, וויל א שרויף האט געבראָכען אין זיין אבוועזענהייט, אונד איין אנדערע מאַשין מיט איין אנדערן אינזשעניער, וועט אָברייזען אין דיעזען אבענד מיט דעם צוג.

זשאק האט געשוויגען אונד איז אַרויס געגאַנגען אויף דער גאַס, דענקענדיג איבער סעווערינע'ן אונד איהר מאַן רובאַ. ער האט זיך נאך אמאל פאַרגעשטעלט דאס בילד וואס ער האט געזעהען אין יענעם אבענד אין דער באהן נעבען טונעל, גוט דורכשטודירט רובאַ'ס שמייכלערייא צו איהם אונד אויך ניט פערגעסען אן סעווערינע'ס נייגיעריגקייט איהם געפעלען צו ווערען.

„יא,“ האט ער געמורמעלט, „עס איז קיין צווייפעל בייא מיר, אַז רובאַ איז געווען דער מערדער, אונד...“

ער האט ווייטער ניט גערעדט. סעווערינע'ס דערשראָקענע אויגען אונד ציטערענדע ליפען זיינען פאר איהם ערשיענען. ער האט זיך פאַרגעשטעלט איהר פול ענטוויקעלטען בוזים, איהרע שעהנע האאר, אונד ער האט געשפירט אזא גע־פיהל, וויא ער האט נאך ביז דאמאלס ניט געשפירט. ער האט אויך פראָבירט זיך פאָרצושטעלען איהר ווייסען האלז, אָבער אנשטאט צו וועלען ווערגען, רייסען אונד זעהען בלוט, האט זיך איהם געדאכט, אז ער וויל בעסער דאָרט אָבפּרעסען א קוש.

דאס האט איהם געפרייט.

„פיעללייכט,“ האט ער ווייטער געטראַכט, „איז שוין געקומען דיא צייט דיא בעסטיע זאָל אין מיר געטויטעט ווערען, אונד זיא איז מיין רעטערין...“

„אך, מיין פריינד!“ האט ער פלוצלינג געהערט א שטימע, וועלכע האט איהם ערוואכט פון זיין טיעפעם נאכדענקען. אויפהויבענדיג זיינע אויגען, האט ער פאר זיך ערבליקט סעווערינע'ן.

„ענטשולדיגט מיר, מאָנסיע לאַנטיער,“ האט זיא ווייטער געזאגט איהם גע־בענדיג איהר האנד, „וואס איך האב ניט געקענט ערשיינען צו דער בעשטימטער שטונדע. זעהר וויכטיגע געשעפטען האבען מיך צוריק געהאלטען.“

זשאק האט געדריקט איהר האנד לייידענשאפטליך אונד איהר אויף דער־צעהלט, דאס ער מוז צוריק בלייבען ביז צום אנדערן טאג.

„דאן מוז איך דאך אויך צוריק בלייבען,“ האט זיא געזאגט, „וויל מיין מאן האט מיך איבערגעגעבען אין אייערע הענד...“

סעווערינע איז רויט געוואָרען בייא דיעזע ווערטער, אונד זשאק האט עס בעמערקט.

„קומט לאָמיר זיך זעטצען,“ האט זשאק געזאגט אָנצייגענדיג אויף א באַנק וואס איז געשטאָנען בייא א הויז פון דער שטראַסע, אונטער דעם שאטען פון א גרויסען בוים. זיא איז שטילשווייגענד צוגעגאנגען אונד זיך געזעטצט. דאן האט זיא

אויפגעהויבען איהרע אויגען אונד זיך איינגעקוקט אין ושאַק'ס געזיכט, אום וויא צו זעהען, וואס פאר א צורה ער האט. זיין געזיכט האט גראדע דאמאלס אויסגעזעהען מילד אונד צערטליך. זיינע שווארצע אויגען האבען פון זיך געשטראהלט מיט סימ־פּאַטהיע. סעוועריגע'ס הערץ האט שטארק געקלאפּט.

„עס איז שוין באלד נאכט," האט זיא בעמערקט.

„יא," האט ער געזאגט, „אין פּאַריז ווערט שנעל דונקעל."

דאן האט זיא אויסגעשטרעקט איהר האנד אונד ער האט זיא ערגריפען. זיא האט געלאָזען ער זאָל זיא גלעטען. זיא האט אונטערדעסען א ציטער געטהאָן, אונד וויא אונערוואַרטעט האט זיא אויפגעהויבען איהר געזיכט צו זיינעם אונד געזאגט:

„רעכענט איהר מיך פאר שולדיג!"

ער האט געשווידערט אונד זיינע אויגען זיינען געווען אָבגעווענדעט, וועהרענד ער האט שטיל אונד ציטערענד געענטפערט: „יא!"

זיא האט פעסטער צוזאמען געדריקט זיין האנד, אונד דיא וואַרעמקייט פון איהר קערפּער האט זיך אויסגעזעהן צו פערמישען מיט זיינער.

„אַך, מיין פריינד!" האט זיא געזאגט, „איך בין אונגליקליך, אָבער איהר ווערט דאָך מיך ניט וועלען מאכען נאך אונגליקליכער. איך וויל איהר זאָלט גלויבען, אז איך בין אונשולדיג, יא, יא, איך בעט אייך, גלויבט אַזוי, אונד..." ושאַק האט דערבייא געשפּירט דעם וואַרעמען הויך פון איהר מויל בייא זיין באַק.

„יא, יא," האט ער געענטפערט זעהר אויפגערעגט, „איך וועל גלויבען אין אייך, וואס איהר זאגט, אז איהר זייט אונשולדיג..." ער האט זיא דערבייא אומ־אַרמט אַרום איהר טאַליע אונד זייערע ליפּען האבען זיך בעגעגענט.

סעוועריגע, אונטער דעם גאַנצען שטורם פון טויט־שרעק, האט אונטערדעסען געשפּירט צום ערשטען מאל אין איהר לעבען אַזאַ געפיהל פון וועלכען זיא האט נאך קיינמאל קיין בעגריף געהאט. זיא איז געווען זיכער, אז זיא ליעבט דעם מאַן נעבען איהר זייט, פיעל מעהר וויא זיא האט זיך נאך ביז יעטצט געקענט פאָר־שטעלען איבער ליעבע. זיא האט דאַן אַנגעבויגען איהר קאָפּ אויף זיין שולטער אונד געוויינט.

## קאַפּיטעל 6.

א מאָנאַט איז פאַראיבער, אונד רובאָ מיט זיין פרוי האבען זיך געשפּירט פאָלקאָמען בערוהיגט. אויך קאַביש איז בעפרייעט געוואָרען, ווייל, וויא עס שיינט,

האט דאס געריכטס־הויז זעלבסט שוין געוואָלט פטור ווערען פון דער גאַנצער גע־שיכטע, אונד קיינעם ניט האבען וואס זאָל זיך ערהעבען געגען איהר מיט מענות.

אונד ווירקליך, ערפעס איין מאָרד ווערט בעגאַנגען אין פראַנקרייך אָהנע מען זאָל ענטדעקען דעם מערדער? וואס איז דאָ גראַנדמאָרין מעהר יחסן וויא איין אנדערער? דיא פרעססע? זאָל זיא שרייען אונד מאכען אַזוי לאַנג געוואַלטען ביז עס וועט איהר נמאס ווערען. גראַנדמאָרין'ס מערדער איז ניטאָ, אונד דערמיט ענדיגט זיך אַלעס.

זאָגאַר לאַשעסניי אונד זיין פרוי האבען אויפגעגעבען זייער קאַמפף געגען דער צוואה פון גראַנדמאָרינען, אונד זייא האבען אָבגעגעבען סעווערינע'ן דאס הויז פון קראָא דע מאָפרא, וואס האט ווערטה געהאט 40,000 פראַנקס. רובאָ האט ניט געוואָלט נעהן בעזוכען דעם פלאַטץ, אונד סעווערינע האט איבערגעגעבען פאַרלויפיג דיא שליסלען צו דער פאַמיליע מיסארד. עס איז געווען א הערליכער לאַנד־פּאַלאַסט, אויסגעשטאַטעט אונד אויסגעמעבלירט מיט אַלעס נוטע, אונד אירגענד יעמאַנד האט זיך דאָרט געקענט בעזעטצען אין א שטונדע צייט.

רובאָ מיט זיין פרוי האבען אויסגעזעהען וויא זיך צו ערהאָלען נאָך א שרעק־ליכער קראַנקהייט. זייא האבען נאָך אימער געוואָהנט אין דעם סטאַציאָנס־הויז אונד האבען אויסגעזעהען הנאה צו האבען פון דער רוהע אונד שטילקייט. זייענדיג צוזאַמען אין הויז, האבען זייא זעהר ווייניג גערעדט אונד געטענה'עט. סעווערינע פלעגט מעהרערע מאָל פערברענגען אין זיטצען אונד שטריקען, אונד רובאָ האט ליעב געהאט צו זיטצען אונד דענקען. בלויז איין געגענשטאַנד אין דיעזער וואָהנונג האט דייא שטאַרק בעאונרוהיגט. זייא האבעןביידע אויסגעמיעדען צו בעטרעטען א געוויסע ברעט פון דער קיך, אונד האבען אויך ניט געוואָגט אהין צו קוקען, גלייך וויא זייא האבען מורא געהאט, טאָמער וועלען זייא ערבליקען דעם שטערבענדען אונד פערבלוטיגטען אַלטען גראַנדמאָרין.

עס איז אמת, רובאָ האט געמאָרדעט, נאָר פאַר זיין אייגענעם געוויסען האט ער זיך געקענט גערעכטפערטיגען. ער האט ערמאָרדעט איין אַלטען שופט, וועלכער האט געשענדעט איין אונשולדיגעס מעדכען, דאן זיא ערניעדריגט צו דער שענד־ליכסטער בעסטיאַליטעט, אונד פאַר דעם ניעדריגסטען צו פערדעקען דיעזען שמוטץ, האט ער אויסגעקליעבען איהם, רובאָ'ן! דערפאַר האט ער איהם געמאָרדעט. ער האט עס ניט בערייהעט. סעווערינע האט אויך ניט געשפירט קיין חרטה. נאָר מיט דעם געפיהל וואס זאָגאַר א ווילדע חיה בעזיטצט, זיך אליין צו שיטצען, האט ער

דאמאלס, אין יענער שווידערהאפטער נאכט, ארויס גענומען בייא זיין אָפּפער דיא סומע פון 10,000 פראנקס אין באנק־נאָטען אונד דעם זייגער מיט דער קייט. דאס האט ער געטהאָן, דאמיט מען זאָל מיינען, אז א רויבער האט ערמאָרדעט דעם ריכטער. דאס געלד מיט דעם זייגער, האט ער אויף׳ן אנדערן מאָרגען אהיים גע־בראכט, אונד עפענענדיג א ברעט אין פוס־באָדען פון דער קיך, האט ער עס דאָרט אריין געלעגט. ער האט זיך געטראכט, אז ער ווענט עס אמאל ערגעץ אריין ווארפען, אָדער זאָגאר פערניכטען, ער האט דערפון ניט געוואָלט געניסען.

רובאָ האט געמאָרדעט אויס ראכע, אויס א געפיהל פון גערעכטיגקייט. נאָר ניט פאר געלד; קיין רויבער איז ער ניט געווען. סעווערינע איז אויך געווען פון דערזעלבער מיינונג. אונטערדעסען אָבער, זיינען זייא געווען זעהר אונרוהיג ווימענדיג, אז דיא שפור פון דעם מאָרד געפינט זיך נאך בייא זייא אין הויז. זייא האבען קיין מורא ניט געהאט, אז יעמאנד וועט קומען זוכען, אָבער צו האבען אזא אנדענקען האט עס זייא בעאונרוהיגט. דענגאך האט אָבער קיינער ניט געוואגט דאס צו בע־ריהרען אָדער אויפגעבען א פּלאַן וויא אזוי פטור צו ווערען דערפון.

רובאָ אָדער סעווערינע וואָלטען זיך בעסער זייערע פינגער אָבגעהאקט, איידער צו בעריהרען דיעזעס געלד פיר זייערע אייגענע בעדירפניסע, ווען זייא וואָלטען אפילו געשטאָרבען פון הונגער.

אָבער טראָטץ דעם וואס זייא זיינען שוין געווען פערהעלטניסמעסיג בערוהיגט, האט דאס אלטע לעבען, דאס לעבען פון צופריעדענהייט, רוהע, גליק אונד ליעבע, שוין מעהר ניט געקענט צוריק קעהרען. גראנדמאָרין׳ס בלוט האט דיעזעס שאָנדע־געפיהל ניט געקענט מעהר אָבוואשען פון רובאָ׳ס הערץ. יעדעס געפיהל פון אכטונג זאָגאר, איז געווען טויט אין רובאָ׳ס ברוסט; זיין ליעבע צו סעווערינע׳ן, איז בלויז געווען א טרויעריגע עראינערונג, אונד ער האט נאָר געשפּירט צו איהר דיא פערבינדונג פון איין טהאט, פון איין אינטערעסע אונד איין זאָרג, זיך צוזאמען צו שיטצען פאר דער שטראפע פון זייער פערברעכען.

אין סעווערינע׳ן איז פאָרגעגאנגען נאך איין אנדערע וועקסלונג. מיט רובאָ׳ן האט זיא געהאט מיטלייד, נאָר איהר הערץ האט פלוצלינג ערוואכט וויא פון א היהנער־פלעט אונד געשפּירט א מערקווירדיגעס זיסעס געפיהל צו זשאק לאַנטיער.

רובאָ האט דאס גאנץ גוט בעגריפען אונד ערווארטעט. אָבער עס האט איהם ניט בעקימערט. איבריגענס, האט ער זיא דאך אליין געשיקט צו זשאק׳ן, אונד ער איז צופריעדען געווען וואס ער האט בעזיעגט אזא גרויסע געפאהר מיט דער

פרייז פון זיין פרוי'ס ליעבע, אום וועלכער ער האט זיך שוין מעהר ניט בעקימערט.

מעהרערע מאל האט עס פאסירט, וואס רובאָ האט געוואוסט, אז זשאק לאנטיער וועט איהם קומען בעזוכען, אָדער בעסער געזאגט, בעזוכען זיין פרוי. אום ניט צו זיין אין וועג, האט ער זייא אויסגעמיטען אונד געגעבען זשאק'ן דיא געלעגענהייט צו געניסען פון דער ליעבע, וועלכע האט איהם, רובאָ'ן, געעקעלט. ווען ער האט זיך נאכהער בעגעגענט מיט זשאק'ן, האט ער איהם גערייכט דיא האנד זעהר פריינדליך אונד געגאנגען טרינקען צוזאמען, אָהנע צו געבען דעם מינדעסטען צייכען, אז איהם פעראינטערעסירט זיינע האנדלונגען געגען סעווערינע'ן. זשאק האט פערשטאנען גאנץ גוט, אז רובאָ ווייס פון אלעמען. ער האט אָבער ניט געוואוסט, אויב רובאָ טהוט עס, ווייל ער איז געצוואונגען דערצו, אָדער עס קימערט איהם גלאט ניט אום סעווערינע'ס ליעבע.

רובאָ, וועלכער איז אימער געוואָהנט געווען צו פערבלייבען אין הויז נעבען זיין פרוי, אונד רעדען פון זיין ארבייט אונד טהעטיגקייט, האט דיעזע בעשעפטיגונג יעטצט פערלוירען. עס איז איהם נמאס געווען צו פערבלייבען פיעל אין איהר געזעלשאפט, אונד ער פלעגט ענטוועדער ארויס געהען שפאציערען, אָדער אריין געהען אין א ווינשענק אונד קאפעע־הויז, צו צוברענגען זיין לעערע צייט. דאָרט האט ער געשלאָסען א נייע בעקאנטשאפט מיט א גאנץ פרישער קלאסע מענשען, מיט וועלכע ער האט ביז דאמאלס קיין אומגאנג געהאט.

רובאָ האט דאן געזעהען וויא מענשען זיינען שטארק פעראינטערעסירט אין קארטען־שפיעלען, אונד אום זיין מארטערענדע אונגעדולדיגע צייט צו פערברענגען, האט ער אויך אָנגעפאנגען צו שפיעלען, ער האט פערלוירען קליינע סומען געלד, נאָר ער איז געווען פאָלקאָמען צופריעדען דאמיט, ווייל דאס האט פערטריעבען זיין צייט.

דער קארטען־שפיעל איז מיט דער צייט געוואָרען פאר איהם א גרויסע ליידענשאפט, אונד ער האט זעהר אָפט מיטגעשפיעלט, געפינענדיג אין דעם גענוג אויפרעגונג אונד צערשטרייאונג, אום אן אלעס צו פערגעסען.

אין א פארנאכט, ווען ער איז פערטיג געוואָרען מיט זיין ארבייט, איז ער אריין אין א ווינשענק, וואו מען האט איהם גוט געקענט, אונד זיך געשאפט א גלאָז וויין, ער האט לאנגזאם געזופט דעם וויין אונד האט געבליקט פאר זיך מיט אויסגעגלאָצטע אויגען, אָהנע צו דענקען איבער אירגענד עפעס א זאך איבערהויפט.

„באַן שאַר, מאַנסיע רובאַ!“ האט זיך פּלוצלינג געהערט א שטימע. ווען רובאַ האט אויפגעהויבען זיינע אויגען, האט ער פאַר זיך ערבליקט זשאַק'ן. ער האט גלייך אויסגעשטרעקט זיין האַנד אונד זיא איהם גערייכט.

„עס פרייט מיך, מאַנסיע לאַנטיער, אייך צו זעהען,“ האט ער געזאגט זעהר פריינדליך. „טרינקט איהר מיט מיר א גלאַז וויין?“

„יא, איך טרינק איין גלאַז וויין, אָבער ניט מעהר,“ האט זשאַק געענט־פערט.

„רומהייטען! קעלנער! א פלאַש ריטען וויין; פון דעמזעלבען וואס איך האב געטרונקען נעכטען.“

רובאַ האט אָבגערוקט זיין גלאַז אויף א זייט, זשאַק האט זיך געזעטצט נע־בענאיבער איהם, אונד זייא האבען אָנגעפאַנגען צו רעדען איבער פּאָליטיק, ביז זשאַק האט איהם אָנגעהויבען צו דערצעהלען איבער דיא וואונדער פון זיין מאַשין, דיא „ליסאַן.“ דער קעלנער האט דערוויל דערלאַנגט דעם וויין. רובאַ האט אָנגעגאָסעןביידע גלעזער, אונד אָנשלאַגענדיג איינעם אן דעם צווייטען, האבען זייא אָנגעפאַנגען צו טרינקען. זשאַק האט אויסגעטרונקען א האַלבעס גלאַז אונד אוועק געשטעלט, וועהרענד רובאַ האט אריין געגאָסען דאס גאַנצע גלאַז. וויעדער אָנגעפיללט אונד ראַן געוואָלט דערגיסען זשאַק'ס גלאַז.

„גענוג, גענוג,“ האט ער געזאגט צוהאַלטענדיג דאס גלאַז מיט זיין האַנד. „ניט מעהר, דאס איז אַלעס וואס איך טרינק — איין גלאַז.“

„חאַ, חאַ, חאַ,“ האט רובאַ געלאַכט, „ווער עס טרינקט ניט קיין וויין איז א נאַר.“

„עס איז פיעללייכט וואהר, נאך איך טרינק דאך ניט מעהר.“

רובאַ האט געשמייכעלט אונד אריין געגאָסען דאס צווייטע גלאַז וויין, אונד אָנפיללענדיג דאס דריטע, מיט וועלכען דיא פּלאַש האט זיך געענדיגט, האט ער געזאגט:

„איך בין אויך אמאל געוועזן אזא נאַר, ניט צו טרינקען קיין וויין, אָבער איך האב מיך איבערצייגט, אז טרינקען איז זעהר א גוטע זאך — עס מאַכט אונז פרעהליך, פערגעסענדיג אן טויזענדער דומע זאכען וואס מאַרטערן אונז, אונד... קעלנער! נאך א פלאַש וויין! איך קען אליין טרינקען.“

זשאַק איז געזעסען אונד געקוקט וויא רובאַ האט אריין געגאָסען איין גלאַז וויין נאך דער אנדערער, אָבער רובאַ האט איהם ניט געקענט בעוועגען נאך צו טרינקען אפילו איין טראָפּען.

ווען רובאָ האט געשאפט דיא דריטע פלאַש וויין, האט זיך ושאק אויפגע־הויבען אונד גענומען אבשיעד פון איהם. וויא ושאק איז ארויס, האט רובאָ אויס־געזעהען וויא זיך צו דערמינטערן. זיינע אויגען האבען איהם נאַכגעקוקט מיט דער ווילדעסטער אויפרעגונג אונד זיינע מעכטיגע פויסטען האבען זיך צוזאמען געצויגען אין א שרעקליכער וואוטה.

„ער געהט צו איהר,“ האט ער געמורמעלט.

אין זיין פערשיכור׳טען מוח האבען אָנגעהויבען דורכצופליהען פערשיעדענע געדאנקען אונד ער האט זיך נאך אמאל געזעהן אין יענער גליקליכער צייט, ווען ער האט פון נאר ניט געוואוסט, געווען צופריעדען מיט זיין שיקזאל אונד גליקליך מיט סעווערינע׳ס ליעבע. דאן איז פאר איהם ערשיענען דאס בילד אין מוטער וויקטאָ־ריע׳ס צימער פון פאריז, ער האט זיך דערמאָהנט אן דעם רינג מיט דעם שלעננעל, וועלכעס איז געווען דער שליעסעל צום געהיימניס פון בעטרוג, שווינדעל, ניעדער־טרעכטיגקייט אונד שמוטץ.

„א שלאנג איז אימער דער אנפאנג פון אונגליק,“ האט ער זיך געטראַכט. „א שלאנג איז געווען דאס ערשטע אונגליק פאר דער גאנצער מענשהייט...“ ער האט געשווידערט.

זיינע געדאנקען האבען ווייטער געוואנדערט צו דעם בילד ווען סעווערינע איז געלעגען אויף דער ערד, וויא ער האט זיא געשלאגען מיט זיינע מעכטיגע פויסטען אונד וויא זיא האט זיך פאר איהם מודה געווען. דאן דיא סצענע, דיא בלוטיגע סצענע אויף דער באהן מיט ריכטער גראנדמאָרין...

אָבער דאריבער האט ער ניט פיעל געוואָלט דענקען. ער האט זיך ניט גע־טרויעט צו בעשעפטיגען זיינע געדאנקען דערמיט. ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל, אָבער ער האט געשפירט וויא זיינע פיס זיינען צו שווער אונד ער קען זיך אויף זייא ניט האַלטען. ער האט אונטערדעסען אויף דערהערט, אז אין הינטער־צימער רעדען מעהרערע שטימען.

„איז שוין יעמאנד דאָ ?“ האט ער געפרעגט.

דער קעלנער האט איהם פערשטאנען. ער האט געפרעגט אויב מען שפיעלט שוין דאָרט אין קארטען. דער קעלנער האט געענטפערט : „יא.“

רובאָ האט זיך בעסער בעפעסטיגט אויף זיינע פיס אונד איז אריין געגאַנגען אין דעם שפיעל־צימער, וועלכעס איז געווען געפאַקט מיט מענשען אונד דיא לאָמפען האבען שוואך געברענט אונטער דעם דרוק פון א דיקען ציגארען רויך. דיא שפיעלער מייסטענטהיילס באהן־בעאמטע, האבען ניט נאָר געקענט רובאָ׳ן, זאָנדער־

זייא האבען אויף געוואוסט, אז זייא האבען אין איהם א גוטען קונה, ווייל דיט ער האט לעצטענס אָנגעפאנגען צו שפיעלען, האט ער שוין פערלוירען א מאסע מיט געלד.

מען האט פאר איהם פלאטץ געמאכט, אונד ווען ער האט זיך געזעטצט, האבען דיא איבריגע בעמערקט, אז ער איז אָנגעטרונקען. מאנכע האט דאס גע־פריים, ווייל זייא האבען געוואוסט, אז עס ווערט זיין לייכטער צו געווינען בייא איהם געלד.

ניעמאנד האט אירגענד א בעמערקונג געמאכט, אָבער כמעט יעדער, וואס האט געקענט רובאָ'ן פון פריהער, אלס רוהיגער אונד ארבייטסזאמער מענש, האט אין זיך געטראכט, אז דיעזע ועקסלונג וועט איהם רואינירען. איבריגענס, האבען זייא ווייטער געדענקט, ער איז דאָך איין עושר, דער יורש פון קראָא דע מאָפּרא וואס האט ווערטה 40,000 פראנקס, אונד ניט האבענדיג קיין קינדער, איז ער ענט־שלאָסען צו לעבען אונד הנאה האבען פון דער וועלט.

רובאָ האט פאר זיך קיינעם ניט געזעהען, אָדער עס האט איהם קיינער ניט בעקימערט. ער האט אַרויס געשלעפט א פּאק באנק־נאָטען פון בוזים־טאַש צו 20 פראנקס, אונד ער האט געשפּיעלט בלינד, וויטהענד אונד זיך ניט בעקימערט אום דעם רעזולטאט.

ביז אום 1 אוהר פארטאָג, האט ער פערלוירען גענויע 800 פראנקס. דאָן, ניט האבענדיג מעהר קיין געלד, האט ער געליהען בייא מאנכע בעקאנטע 300 פראנקס אונד ווייטער געשפּיעלט, אונד דיעזע האט ער אויך פערשפּיעלט.

ער וואָלט געקריעגען נאָך געלד געבאָרגט, ווייל ער האט שוין א פּאאר מאל געליהען אונד בעצאָהלט, אָבער דיא שפּיעלער האבען ערקלערט, אז עס איז שוין שפּעט אונד זייא מוזען נאָך הויז געהען.

סעווערינע האט נאָך ניט געשלאָפען, אָבוואָהל עס איז שוין געווען פארטאָג. דשאק איז נאָר וואס פון דאָרט אוועק געגאנגען, אונד איהרע געדאנקען זיינען געווען זעהר אונרוהיג. זיא האט דאָן געהערט דיא טהיר זיך לאנגזאם עפענענדיג. זיא האט דערקענט רובאָ'ס שריט, אונד אום זיך צו מאכען שלאָפענדיג, האט זיא זיך איבער־געדעקט מיט דער קאָלדרע איבער'ן קאָפּ. זיא האט ערוואַרטעט איהר מאן זאָל זיך לעגען אין בעט, נאָר אנשטאט דעם איז ער אריין אין קיך. איינינע מינוטען זיינען פאַראיבער אונד זיא האט קיין שאָרך געהערט, דאָן האט זיא געהערט גלייך וויא א קאַטץ וואָלט געקראַטצט.

זיא האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ אונד ניט געקענט בעגרייפען וואס רובאָ

מחוס דאָרט. איהר נייניערינקייט האט נעשטיענען אונד זיא איז אַרונטער לאַננזאַם פון בעט אונד איז שטילשווייגענד צוגעגאַנגען צו דער קיך־טהיר, וועלכע איז נע־שטאַנען האַלב אָפען. זיא האט אריין נעקוקט אונד בייא דעם שוואַכען שיין פון דעם לאָמפּ פאַר'ן פענסטער, האט זיא געזעהען רובאָ'ן שטעהען נעבען דער אונטער־נעהויבענער ברעט פון דעם פוס־באָדען אונד עפּעס אריין לעגען אין קעשענע.

א נעדאַנק מיט א שוידער איז איבערנעלאָפען איבער איהר נעהירן אונד קערפּער. זיא האט פערשטאַנען, אז דאס נעלד מיט וועלכען איהר מאַן האט נע־שפּיעלט יעדע נאַכט אין קאַרטען, האט בעלאַנגט צו דיא 10,000 פראַנקס, וואס ער האט ארויס נענומען בייא דעם ערמאָרדעטען גראַנדמאָרין.

אז רובאָ זאָל אזוי טיעף זינקען, האט זיא זיך ניט פאָרגעשטעלט ביז דאַמאלס. דיעזעס בלוטינע נעלד, וואס ער אונד זיא צוזאַמען האבען צום אנפאַנג בעטראַכט מיט אבשייא אונד שוידערן, זאָל ער יעטצט בענוטצען, איז נעווען מעהר וויא זיא האט נעקענט רעכענען. זיא האט זיך מעהר ניט נעקענט צוריק האַלטען, אונד פער־געסענדיג אַן אַלעס, האט זיא אויסנעשריען:

„וואס טהוסטו דאָרט?"

זיין מעכטינער קערפּער האט אויפנעציטערט. איינינע אוינענבליקען האט עס נעדויערט, ביז ער האט זיך נעקענט בערוהינען, אונד דאַן, צונעהענדיג נעהנטער, האט ער נעזאַנט:

„וואס קימערט עס דיך?"

„וואס מיך קימערט פרענסטו? מיך קימערט עס זעהר פיעל. דוא פער־שפּיעלסט דיעזעס בלוטינע נעלד, אונד, וועהרענד דיין לייכטזינן, קענסטו זיך נאָך פערראַטהען, וויל יעדער וועט וויסען, אז דוא האסט ניט נעקריענען קיין גאַנצע טויזענדער..."

זיא האט איהם אין יענעם אוינענבליק נעהאַסט וויא דעם טויט. דאס וואָרט „פערראַטהען" האט איהם אנפאַננס נעצוואונגען ער זאָל נאַכדענקען, אָבער ער האט זיך דערמאָהנט, אז קיין פאָרזיכטינקייט האט איהם ניט נעפעהלט. ער האט יעטצט נעהאט אין זיין קעשענע דעם 5טען טויזענדער. דיא ערשטע פיער, האט ער אויסנע־ביטען אויף אזעלכע פּלעטצער, וואו ער האט קיין מורא ניט נעהאַט, אז מען וועט איהם שטעלען פראַנען. ער איז אימער נעקומען מיט קלענערע באַנק־נאָטען שפּיעלען.

דאַן האט ער זיך נאָך מעהר דערנעהנטערט אונד איז צונעגאַננען דאָרט וואו

ויא איז געשטאנען. ער האט זיא העפטיג אבגעשטויסען אונד איז אריין אין שלאף צימער.

„צום טייפעל!" האט ער געברומט, „פרעג איך דיך וואס דוא טהוסט ווען איך בין ניטא אין דער היים? דוא טהו וואס דוא ווילסט אונד איך וועל טהון וואס איך וויל."

„ניין!" האט זיא אויסגעשריען מיט האס אונד צארן, „דיעזעס געלד בע־לאנגט צו מיר גלייך וויא צו דיר, אונד דוא ווייסט..."

זיא האט גערעדט העכער וויא מען בעדארף. רובא'ס נערווען זיינען געווען געשפאנט. ער איז צו איהר צוגעשפרונגען, אונד איהר פערזעטצט אזא שטויס אין קאפ, אז זיא איז אומגעפאלען אויף'ן פוס־באדען נעבען בעט. זיא האט זיך דער־מאהנט אן איין עהנליכען שמערץ פעראורזאכט פון זיינע פויסטען דאמא.ס אין פאריז.

זיא האט מורא געהאט ווייטער צו רעדען, טאמער וועט ער זיא ווייטער שלאגען.

„ועסטו שוין האלטען דיין מויל, דוא שטיק שמוט'ן?" האט ער געברענט. „ביסטו נאך ניט צופריעדען? ווען איך לאז דיך זיך שלאגען קאפ אן וואנט מיט וועמען דוא ווילסט? וויא וואגסטו מיר אריין צו רעדען אין דעם וואס איך טהו?"

ער איז דאן צוגעגאנגען צום בעט, אונד אין זיינע קליידער, האט ער זיך אוועק געלעגט. סעווערינע האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען פון דער ערד, זיך געריבען דעם פלאטץ אויף'ן קאפ וואו ער האט זיא געשלאגען, דאן האט זיא זיך אנגעצוינען א קלייד. אימער בארוויס איז זיא אריין אין קיך אונד געקוקט אויף דער ברעט וואס איז שוין ווידער געווען אויף איהר פלאטץ.

זיא האט געשפירט א גרויסע נייגיערינקייט צו זעהען וויפיעל עס איז נאך גע־בליעבען פון דיא 10,000 פראנקס, אבער זיא האט מורא געהאט צו צוגעהען צום פלאטץ, גלייך וויא גראנדמארין אליין וואלט דארט געווען. דאן זיינען איהרע אויגען געפאלען אויף דעם מעסער'ל, וואס איז געלעגען אויף'ן טיש. דאס איז געווען דאס־זעלבע מעסער'ל וואס זיא האט אין יענעם טאג געקויפט רובא'ן א פרעזענט אין פאריז, אונד מיט דעמזעלבען מעסער'ל, לויט וויא זיא האט געוואוסט, האט רובא אין יענער נאכט געקוילעט גראנדמארינען. זיא האט געבליקט א הי־בשע צייט אויף דעם מעסער'ל אונד זיך געטראכט, אז עס וואלט געווען א גוטע זאך...

זיא האט זיך דערשראקען פאר דער אידעע. אבער דער געדאנק האט זיך געדרעגגט מיט געוואלט אין איהר קאפ, אונד זיא האט נאך אמאל אנגעפאנגען

דיך פֿאַרצושטעלען, אַז עס וואָלט געווען אַ נוטע זאַך דאָסזעלבע מעסער׳ל זאָל איבערשניידען רובאָ׳ס גאָרגעל, אונד דאַן...

אונד דאַן! יא! זיא האט געוואוסט צו וואס דאס אַלעס קען פֿיהרען. ווען רובאָ, דיעזען וואס זיא האט געהאַסט פֿון איהר טיעפֿער זעעלע — ווען ער זאָל זיין טויט, דאַן וואָלט זיא געווען פֿרייא.

סעווערינע האט זיך געזעטצט אויף אַ ביינקעל אונד געטראַכט:

ווען רובאָ זאָל זיין טויט, איהר מעהר ניט שטעהען אין וועג, פֿאַר איהם מעהר ניט דאַרפֿען מורא האָבען, זיך מיט איהם מעהר ניט אָנקעהרען, דאַן וואָלט זיא געקענט פֿערקויפֿען דאס הויז פֿון קראָא דע מאָפּרא, דאָפֿיר נעהמען 40,000 פֿראַנקס, אָדער וועניגער מיט אַ פּאָאר טויזענד, אונד דאַן, צוזאַמען מיט זשאַק׳ן...

זשאַק! דיעזען מאַן האט זיא געליעבט גראָדע אַזוי פֿיעל וויא זיא האט גע־האַסט רובאָ׳ן. איהר איינציגע אידעע, איהר איינציגעס שטרעבען אונד טראַכטען, איז געווען, וויא פּטור צו ווערען פֿון רובאָ׳ן, זיך פֿעראייניגען אויף אייביג מיט זשאַק׳ן אונד זוכען צו פֿערגעסען אַן איהר טרויעריגער פֿערגאַנגענהייט.

ווען רובאָ זאָל זיין טויט, וואָלט זיא געקענט אַוועק פֿאָהרען מיט זשאַק׳ן נאָך אַמעריקא, אונד דאָרט קויפֿען אַ גוט, אַ הויז, אָדער אירגענד עפּעס אונד לעבען צו־פֿריעדען, ווייט אַוועק פֿון דיא סצענען אונד בילדער וואס זאָלען צוריק רופֿען איהר פֿערגאַנגענהייט.

אָבער, וויא אַזוי ווערט מען פּטור פֿון רובאָ׳ן? דיעזער געדאַנק האט זיך גע־דרעהט מיט איין אונגעאַטירליכער קראַפֿט אין איהר געהירן, אונד זיא האט ניט געקענט אַוועק נעהמען איהרע אויגען פֿון דעם מעסער׳ל.

זיא האט זיך דערמאָהנט וויא שנעל דאס מעסער׳ל האט איינמאַל געאַרבייט, ווען רובאָ האט זיא אריין געשלעפּט מיט געוואַלד אין דעם וואַגאָן פֿון ריכטער גראַנדמאָרין, ועלבען ער האט אַליין אויפֿגעשלאָסען, אונד דאַן, וויא דאס מעסער׳ל איז אריין געשטאָכען געוואָרען טיעף, טיעף אין...

זיא האט געציטערט. זיא האט געוואוסט, אַז צו אַזאַ ארבייט איז זיא ניט פֿעהיג, אונד דאַן, ווערט מען דען ניט אויסגעפֿינען, אַז זיא האט עס געטהאָן?

„אה! איך ווייס שוין,“ האט זיא פּלוצלינג געמורמעלט. ‚מיין פּלאַן מוז אונד זאָל דורכגעפֿיהרט ווערען. ער, זשאַק, ליעבט מיך, גראָדע וויא איך ליעב איהם, אונד ער מוז מיך בעפֿרייען! מיין גאָט! וויא גליקליך איך וועל דאַמאַלס זיין!“

---

## קאפיטעל 7.

סעווערינע האט מורא נעהאט פאר איהר מאן זיך מעהר צו בעגעגנען מיט זשאס׳ן אין איהר איינענעם הויז. זיא האט דערפאר געמאכט אפטע רייזען נאך פאריז, אונד דארט זיינען זייא זיך צוזאמען נעקומען.

עס איז געווען מיט איין אבענד פריהער, פאר דער סצענע וואס מיר נעהען יעטצט שילדערן, ווען רובא, בעזויפען אונד אויפגערעגט, איז אריין אין הויז אונד אויסגעשריען צו זיין פרוי:

„בעסטיע! אבשייליכקייט! שטיק שמוטץ! איך מוז האבען געלד, אונד דוא זאלסט אלעס מעגליכע טהון דאפיר; דאן וועל איך דיך דערהרג׳ענען, ווען איך וועל דיך נאך אמאל זעהען אין דער געזעלשאפט פון דעם לומפ זשאק לאנטיער...“

זיא האט איהם אנגעקוקט מיט ווילדע אונד דערשראקענע אויגען אונד מורא נעהאט צו עפענען איהר מויל.

„מיינסטו פיעללייכט,“ האט ער ווייטער נעזאגט, אז איך וועל דיך אבלאזען? ניין, ניין, שטיק שמוטץ, דאס קענסטו ניט פועל׳ן; איך וועל דיך פריהער דער־ווערגען, אדער מען וועט אונז ביידע אבהאקען דיא קעפ אויף דער גילאטינע. הא, הא, הא! וויא דוא דערשרעקסט זיך פאר דער גילאטינע! דיא גילאטינע האט א גרויסעס אונד שארפעס מעסער, וועלכעס פאללט ארונטער שנעל אונד האקט אב דעם קאפ פון דעם מערדער; דער קאפ פאלט דאן אריין אין קארב אונטען, אונד...“

„אך, הענרי!“ האט סעווערינע אויסגעשריען, „האב מיטלייד, איך בעט דיך, רעד ניט אזוי; ניין ניין, רעד ניט אזוי...“

זיא האט נעציטערט אונד ער האט אויסגעזעהן צו האבען דאס גרעסטע פער־גניגענען פון איהרע ליידען.

„וואס!“ האט ער ווייטער אויסגערופען, „דוא שרעקסט זיך? ביסטו ניט געווען צוזאמען מיט מיר דער מערדער פון גראנדמארין? האסטו איהם ניט צוגע־האלטען בייא דיא פיס ווערהענד איך האב נאך אריין געשטאכען...“

„גענוג! גענוג! טיראן!“ האט זיא אויסגעשריען אויפשפרינגענדיג פון איהר שטוהל מיט איין אונגעוועהנליכען צארן.

„זיטץ!“ האט ער אויסגערופען צוגעהענדיג נעהנטער, אונד איהר פערזעטצט א קלאפ אין קאפ מיט זיין שווערען פויסט...

— — — — — — — — — —

ווען סעווערינע איז זיך צוזאמען געקומען מיט זשאק'ן דעם צווייטען טאָג אין פאריז אונד איז געווען אליין מיט איהם אין צימער, האט זיא זיך דערמאָהנט אן יענער שוידערהאַפטער סצענע, אונד זיא האט געוויינט פאר פערדרוס אונד ער־נערניס. דאַן, ערבליקענדיג דאס שעהנע אונד פריינדליכע געזיכט פון זשאק'ן, איז זיא צו איהם צוגעשפרונגען, איהם אומארמט, אונד בעשאָטען זיין האלז אונד זיינע באקען מיט איהרע ברענענדע קושען.

זשאק האט זיך געזעטצט אונד גענומען סעווערינע'ן אויף זיין שויס. זיא האט איהם פעסטער אומארמט מיט איהרע הענד, געדריקט צו איהר ברוסט, אונד אויפ־געהערט צו וויינען. דאַן האט זיא גענפענט זיין ווערסט אונד אריין געשטופּט איהר קאָפּ אין זיין בוזים, וואו זיא האט איהם געקושט אונד געביסען פאר אויפרעגונג.

זשאק האט דאס ליעב געהאט. ער האט אָנגענומען מיט איין האנד איהרע צערוואָרפענע שעהנע לאנגע האאר, אונד זיא געקושט. דיעזעס פרויענצימער האט איהם גליקליך געמאכט, פערוואנדעלט אין א נייעם מענשען; אין איהר געגענוואַרט האט קיין זאך מעהר עקזיסטירט וויא דיא ברענענדע ליעבע צו איהר, אונד ער האט אויסגעזעהן וויא בערוישט אונד בעזויפען.

זיין הערץ האט שווער געקלאפּט, אונד סעווערינע, וועלכע האט אויסגעזעהען צו בעגרייפען אלעס וואס זשאק האט ליעב, האט איהם אויפגערעגט ביז צו דער העכסטער שטופּע, ביזביידע זיינען פערזונקען אין א רוהיגער שטילקייט.

„אך, מיין געליעבטער!“ האט זיא דאַן צו איהם געזאגט, איהם אָנפאנגענדיג צו קושע איבער א נייעס.

„זאג, סעווערינע, וואס קען איך טהון פאר דיר?“

זיא האט ווידער אויסגעבראָכען אין טרערען. איהר רעכטע האנד האט ארום גענומען זיין האלז, אונד כליפּענדיג האט זיא געזאגט:

„ער שלאָגט מיך אונמענשליך.“

„דער בארבאר!“ האט ער געזאגט קריצענדיג מיט דיא ציהן.

„אונד ער שיכור'ט אויך.“

„דאַן פערלאָז איהם.“

„יא, איך וועל עס טהון!“

„ווען?“

„אזוי שנעל וויא איך וועל קענען פון איהם פטור ווערען.“

„זאָל ער געהען צום טייפעל!“ האט זשאק אויסגעשריען. „וואס דאַרפסטו

פטור ווערען פון איהם? ער קען דאָ פערבלייבען צו אלל־דיא־שוואַרצע יאָהר אונד מיר וועלען אוועק...״

„ניין, ניין, דאס קען ניט זיין!״

„ניין? ווארום?״

„ווייל מיר מוזען האבען געלד.״

„צו וועלכען צוועק געלד? אונזער ליעבע איז אלעס וואס מיר בענעטהיגען, אונד דאן...״

„איך ווייס, געליעבטער, וואס דוא מיינסט; דוא ווילסט מיר זאגען, אז איך קען פערקויפען דאס הויז, אָבער איך קען עס ניט טהון אָהן איהם.״

„דאן זאָל ער געהען צום טייפעל מיט'ן הויז!״

„דוא רעדסט אונפראַקטיש. מיר קענען אָהן געלד ניט בלייבען אין קיין פרעמדעס לאנד; מיר מוזען האבען געלד, אונד דאפיר...״

„וואס מיינסטו?״

זיא האט איהם ליידענשאפטליך אומארמט אונד געדריקט צו איהר שטירמישע ברוסט.

„אך, געליעבטער,״ האט זיא געמורמעלט, ווערהענד ער האט געקרייזעלט איהרע האאר מיט זיין האנד.

„מיין ליעבע, זאג, זאג אלעס פאר מיר,״ האט ער געזאגט זעהענדיג, אז זיא וואגט ניט ארויס צו זאגען עפעס פון איהר הערצען. „דערצעהל מיר אלעס, אונד פיר אונזער ליעבע בין איך...״

„יא, יא,״ האט זיא אונטערגעבראָכען, „פיר אונזער ליעבע זאָלסטו אלעס טהון.״

„אלעס, אלעס!״

„דאן שווער עס מיר!״

„איך שווער דיר בייא אונזער ליעבע!״

סעווערינע איז געווען איבערצייגט, אז זשאק ליעבט זיא מיט זיין גאנצען הערצען אונד ער זאגט וואס ער מיינט. וויא ער האט זיך געשוואָרען, האט זיא אָבגעפרעסט אזא ברענענדען קוש אויף זיינע ליפען, אז ער האט אויפגעציטערט אונטער דער אויפרעגונג.

„זשאק! מיין געליעבטער!״ האט זיא אויסגעשריען, „מיר וועלען פערקויפען דאס הויז פון קראָא דע מאפרא, דאן ווען מיר נעהמען דאס געלד אונד אוועק פאָהרען ווייט, ווייט, דאָרט אין דער וועלט, וואו קיינער קען אונז ניט, אונד מיר

וועלען זיין גליקליך, צוזאמען, מיט אונזער ליעבע... אונד, אָבער זשאק, דוא מוזט..."

ער האט זיא אָנגעקוקט ערשטוינט אונד נאך אלץ ניט פערשטאַנען וואס זיא מיינט.

„דוא מוזט, געליעבטער, איהם ערמאָרדען!"

„וועמען?" האט ער א פרעג געגעבען איבערראַשט.

„איהם, רובא'ן, מיין מערדערישען מאן!"

עס האט אויסגעזעהען גלייך וויא אַלע זיינע גליעדער וואָלטען איהם אָבגע־שטאָרבען בייא דיא לעטצטע ווערטער, ווייל דער דריק מיט וועלכען ער האט זיא צוגעהאַלטען, האט נאכגעלאָזען, זיין געזיכט איז בלאַס געוואָרען, אונד דורך זיין געהירן האט דורכגעשאָסען א פירכטערליכער געדאנק. זיינע אויגען האבען געבליקט ווילד, אונד פאר זיין פאנטאזיע האט זיך פאָרגעשטעלט דאס אַלטע בילד פון בלוט, פון קוילען, שטעכען, ווערגען, טויטען, אונד... זיינע אויגען זיינען געבליעבען אויף איהר האלז. זיין אטהעם האט אָנגעהויבען צו ווערען שווער, זיינע פינגער האבען זיך אויסגעצויגען, אָבער דאס האט ניט פיעל געדויערט אונד ער האט זיך זעהר שנעל בעזונגען קוקענדיג אין איהרע ליעבענדע אויגען אונד שמייכלענדע ליפען.

„ניין, ניין, סעווערינע!" האט ער אויסגעשריען, „ניין, ניין, איך בעט דיך, ניט מאָרדען, ניט מאָרדען!"

דיא האט זיך געזעטצט נעבען איהם אונד אָנגעפאַנגען צו גלעטען זיינע באקען.

„אָבער, זשאק, געליעבטער, דאס איז דער איינציגער וועג צו אונזער גליק, צו אונזער ליעבע, צו אונזער בעפרייאונג."

„איך קען ניט, ניין, ניין, ניט מאָרדען!"

„זייא רוהיג מיין געליעבטער; ווען דוא וועסט איהם ניט ערמאָרדען, דאן וועט ער מיך ערמאָרדען, אונד אויב דוא ליעבסט מיך, דאן..."

„איך ליעב דיך, סעווערינע, וויא קיין מאן האט נאך געליעבט א פרויענ־צימער, אָבער..."

„ניין!" האט זיא אויסגעשריען זיך אָבווענדענדיג פון איהם. „דוא ליעבסט מיך ניט, זאָנסט וואָלסטו באלד איינגעשטימט צו מיין פאָרשלאַג, ווייל דאס איז דער איינציגער וועג צו אונזער גליק."

זשאַק איז געבליעבען זיטצען מיט אויסגעגלאָצטע אויגען שטארק פער־מראכט. דיא בעסטיע האט אין איהם ערוואכט וויא אין דיא אלטע צייטען, נאר

מיט איין אנדערעס נעפיהל. ער האט נעשפירט זיין הערץ איבערפיללט מיט ליעבע צו דיעזען פרויענצימער וואס האט זיך צו איהם איבערגענעבען מיט לייב אתד זעעלע, אונד פון דער אנדערער זייט האט ער פאר זיך ערבליקט רובאָ'ן, מיט זיין מעכטינען קערפער אונד ברוטאלע פויסטען, וויא ער שלאָגט דיעזע נעליעבטע, אונד דאן וויא זיינע פינגער גרייכען אהין, דאָרט, צו חבאָ'ס האלז, אונד ער דריקט, פעסט, פעסט, אונד דאן, וויא ער שטעקט אריין דיא האנד אונד רייסט ארויס זיין נאָרגעל, בלוט, וואַרעמעס בלוט לויפט, אונד איהם ווערט אזוי גוט אויף'ן הארצען, אז...

„איך וועל איהם ערמאָרדען!" האט ער פלוצלינג אויסנעשריען.

„מיין זיסער נעליעבטער!" האט סעווערינע אויסגערופען אויסשטרעקענדינ איהרעביידע הענד אונד אומארמט זשאק'ן. זיא האט איהם נעהאלזט, נעקושט אתד נעזוכט אין איהם צו ערוועקען דיא אויפרענונג, אָבער עס איז איהר ניט נע־לונגען. ער האט בלויז נעמורמעלט אייניגע מאָל: „איך וועל איהם ערמאָרדען! יא, ערמאָרדען וועל איך איהם!"

זיא האט אויפנעהויבען איהרע אוינען אונד ערבליקט דעם אויסדרוק אויף זיין נעזיכט, פאר וועלכען זיא האט זיך דערשראָקען. זיא האט דאָרט נעזעהן ליידען, שרעק אונד ווילדע אויפרענונג.

— — — — — — — — — — —

עס איז נעוועזען נאך אין דעמזעלבען אבענד, שפעט בייא דער נאַכט, ווען זשאק מיט סעווערינע'ן האבען צוריק נעקעהרט נאך האוזער. זייא האבען זיך ביידע דער־נעהנטערט צו דער וואָהנונג, וואוהין סעווערינע אליין איז אריין אונד שנעל ארויס קומענדיג, האט זיא נעזאגט:

„ער איז נאך ניטאָ, אונד מיין פלאָן וועט זיין גוט."

„וואו איז ער?" האט זשאק נעפרענט.

„ער זויפט אונד שפיעלט. פארטאָג קומט ער אהיים. קום, איך וועל דיך צו פיהרען אהין וואו איך האב דיר נעזאגט, אז ער מוז פארביינעהען."

זשאק האט אויסגעזעהען ניט צו נעדענקען וואס סעווערינע האט מיט איהם נעשפראָכען אהיים פאָהרענדיג. זיא האט איהם נאך אמאל ערקלערט.

רובאָ, לויט וויא זיא האט נעוואוסט, פלעגט אהיים קומען פון דער וויינ־שענק, וואו ער האט נעשיכור'ט אונד נעשפיעלט, אונד איז אימער פארבייגענאנגען נעבען דיא גרויסע קוילען־מאגאזינען פון דער סטאציאָן. דאָרט איז אזוי שפעט אין דער נאַכט, אָדער אזוי פריה פארטאָג, קיין מענש נעוועזען. איהר פלאָן איז בע־שטאנען, אז זשאק זאָל איהם דאָרט אויפפאסען, אונד וויא ער, רובאָ, וועט נאָ־

ערשיינען, זאָל ער ארויס שפּרינגען פון הינטער א בוים, אתר איהם אריין שיסען א רעוואָלווער קוגעל אין קאָפּ. דער שום וועט זיך געוויס ניט הערען. און ווען רובאָ וועט פאלען, דאַן זאָל זשאַק לאָזען ליעגען דעם רעוואָלווער נעבען איהם אונד באלד אוועק. ווען מען וועט ענטדעקען רובאָ׳ן, וועט עס הייסען א זעלבסטמאָרד פאל.

ניעמאנד, לויט איהר אויסרעכנונג, וועט זיך דארויף וואונדערן, ווייל יעדער האט געוואוסט, אז רובאָ האט לעטצטענס זעהר פיעל געשיכור׳ט אונד געשפּיעלט, אונד מען וועט גלויבען, אז ער האט זיך אליין גענומען דאס לעבען.

אלס זיא איז פערטיג געוואָרען מיט איהר ערקלערונג, האט זיא אָנגענומען זשאַק׳ן בייא דער האנד אונד איהם אָנגעפאנגען צו פיהרען אין דער טיעפער דונקעלהייט צום בעשטימטען פּלאַטץ. ווען זייא זיינען אהין אָנגעקומען, האט זיא איהם נאך אמאל ערמונטערט אונד געהייסען ווארטען.

דיא בלוטיגע בעסטיע האט אין איהם געוויטהעט, אונד ער איז פערטיג געווען צו מאָרדען. נאָר אזוי וויא סעווערינע איז פון איהם אוועק, אזוי האט ער זיך שנעל אָנגעפאנגען צו בערוהיגען, אונד וויא איין אינערע שטימע האט צו איהם גערופען: „ניט איהם מאָרדען! ניט איהם! ניט איהם!“

זשאַק האט אויפגעציטערט. דאַן האט ער געהערט שריט פון וויטען. עס איז געווען רובאָ. אָבער אנשטאט צו ווארטען אויף איהם, האט ער זיך פּלוצלינג אומגעווענדעט אונד אָנגעפאנגען צו ענטלויפען, וויט אוועק פון דעם פּלאַטץ, אום זיך מיט איהם ניט צו בעגעגענען.

## קאפּיטעל 8.

סעווערינע האט שוין מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען פון איהר בעזויפענעם מאַן, וועלכער האט שוין געהאט פערזויפען אונד פערשפּיעלט אַלע 10,000 פראנקס. אין זיינע אויפרעגענדע אונד וויטהענדע מאָמענטען, האט זיא אין איהם געזעהן דיא ווילדע אונד שוידערהאפטע בעסטיע, געניינט צו בלוט־פערגיסונג אונד מאָרד וויא אין יענעם אבענד, ווען זיא איז געווען צו איהם א שותף אין ערמאָרדען גראַנדמאָרין.

גראַנדמאָרין? האט עס איהר לייד געטהאָן ווארום רובאָ האט איהם ערמאָרדעט? סעווערינע האט דארויף זיך ניט געקענט ענטפערן. זיא איז געווען גלייכגילטיג צו דיעזער אידעע, אונד מאנכע מאל האט זיא געגעבען רובאָ׳ן רעכט, ווארום ער האט איהם ערמאָרדעט. זיא האט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז

נראָנדמאָרין האט בעדאַרפט שטאַרבען דערפאַר וואס ער האט זיא פערפיהרט, זאָנדערן וואס ער האט געשטערט איהר רוהע אונד גליק אין לעבען.

„דער אַלטער שופט !“ פלעגט זיא אָפט טראַכטען. „ווען ער וואָלט מיך אין יענעם טאָג ניט ווידער גערופען, וואָלט גאר ניט געוואָרען. ער וואָלט געלעבט אונד רובאָ וואָלט ניט געוואוסט פון אלעמען וואס איז פאָרגעגאַנגען.“

רובאָ ! דיעזער נאמען האט זיא געמאַכט שוידערן. זיא האט איהם אזוי גע־האסט אונד פעראַכטעט, אז זיא איז מאַנכע מאל געווען פעסט ענטשלאָסען, גאַנץ אליין איהם צו דערהרג'ענען. אָבער זיא איז אויך געווען איבערציינגט, אז זיא האט ניט דעם מוטה דערצו.

אונד זשאק ? וואס איז מיט איהם געווען ? ווארום האט ער איהם ניט ער־מאָרדעט ? דאַכט זיך זיא האט דאָך געלעזען מאָרד אין יעדער מיענע פון זיין גע־זיכט ? ווארום האט ער איהם ניט אריין געשאָסען דיא קוגעל אין שטערען, אונד יעטצט וואָלט שוין געווען אלעס פאָראיבער ? זיא וואָלט געווען פרייא אונד געקענט טהון וואס זיא וויל.

זיא קען זיך גוט עראינערן, אז רובאָ איז אהיים געקומען, אונד ווען זיא האט איהם ערבליקט, איז זיא געווען שטארק איבערראַשט. זיא האט ערוואַרטעט זשאַק זאָל קומען אונד איהר אָנזאָגען דיא בשורה, אז אלעס איז פאָראיבער, נאָר צום סוף איז דער פערהאסטער ערשיענען. ער האט זיא בעגעגענט מיט א פלוך. זיא האט געשוויעגען. אירגענד א וואָרט פון איהר מויל, וואָלט געקענט פיהרען צו קלעפּ, אונד זיא האט גאַנץ גוט געוואוסט, אז זיא וואָלט געמוזט ערטראַגען דיא קלעפּ מיט געדולד אונד שוויינען.

רובאָ איז געוואָרען זעהר געפעהרליך אין דער לעצטער צייט. אין זיין בע־זויפענעם צושטאַנד אונד אויפרעגונג פון דיא קארטען, האט ער מעהרערע מאָל גע־רעדט אזעלכע ווערטער הויך, וועלכע מען האט בעדאַרפט פערשוויינען אפילו פאר דיא שטומע ווענט.

זיא האט ענטוואָרפען טויזענדער פּלענער, אונד איז געקומען צום בעשלוס, אז ער מוז שטאַרבען. יא, רובאָ דאַרף שטאַרבען דורך פערשיעדענע אורזאַכען. ערשטענס האסט זיא איהם וויא דעם טויט ; צווייטענס ליעבט זיא זשאַק'ן ; דריטענס קען זיא דאס הויז ניט פערקויפען כל־זמן ער לעבט, ווייל ער וועט פער־שפּיעלען אונד פערזויפען דאס געלד. אונד פיערטענס, דאַרף זיא גלאַט לויז ווערען פון רובאָ'ן, וועלכער ווערט נאַכלעסיגער פון טאָג צו טאָג, אונד קען זיא לייכט ברענגען צום עשאפאָט, אונטער דער גילאָטינע.

דיא גילאָטינע! ווען סעווערינע האט זיך ערינערט אן דיעזער שרעקליכער מיט־מאַשין, פלעגט זיך איהר דאַכטען, אז אייז פאנגט אן צו קריכען אונטער איהר לייב אונד פערברייטעט זיך איבער איהר גאנצען קערפער אונד קומט ביז צום הארץ. מעהרערע מאָל האט זיך איהר געדאכט וויא זיא שטעהט נעבען דער גילאָטינע, זיא זעהט יעמאנדען צופיהרען, א לייכטער געשרייא, א קאָפּ פאללט, א שפריטץ בלוט, אונד...

סעווערינע האט געשוידערט אונד געשפירט, אז דאס בלוט ווערט פערגליווערט אין איהרע אָדערן. שטארבען האט זיא ניט געוואָלט; זיא האט געוואָלט לעבען אונד געניעסען דיא וועלט.

„אונד ווארום זאָל איך ניט וועלען לעבען?“ פלעגט זיא טענה'ן מיט זיך אליין. „בין איך דען שולדיג אין דעם גאנצען אונגליק וואס איז איבער מיר גע־קומען? מיין נאָמ, איך געדענק נאך אלעס. איך בין געוועזען איין ארעמעס, שעהנעס, אָבער אונשולדיגעס מעדכען. מיין הערץ, מיינע געדאנקען, אונד מיין גאנצע נשמה זיינען געוועזען ריין אונד אונבעפלעקט. דאן זיינען ערשיענען דיא מענער, דיא שלעכטע פערדאָרבענע מענער, אונד דער ערשטער איז געוועזען גראנדמאָרין, וועלכער האט גע־שפיעלט דיא ראָלע פון א גרויסען מאן, א פאטער, א רייכער, א מיליאָנער, אונד... וואס האב איך געקענט וויסען? ער האט מיך פערפיהרט, פערנארט, בעשווינדעלט, בערויבט אונד איך בין געפאלען. האט מיר דען יעמאנד געזאגט, אז איך בעגעה א פעהלער? איך האב עס ניט געקענט וויסען. דאן איז ערשיענען רובאָ. ער האט מיך געליעבט פון דעם ערשטען מאָמענט וואס ער האט מיך ערבליקט. האט ער מיך געפרעגט אויף מיינע מעלות אָדער חסרונות? ניין, ער האט מיך גאר ניט געפרעגט אונד איך האב איהם ניט געהאט וואס צו ענטפערן. ער האט מיך גע־ליעבט פאר דעם וואס איך בין ערשיענען אין זיינע אויגען - יונג, געזונד, שעהן אונד אימשטאנדע צו ערפילען זיין לוסט.

„ווארום, ווען ער האט שוין ערפאהרען, דורך מיין נארישער פלוידערייא, ווער אונד וואס איך בין — ווארום האט עס איהם אזוי אויפגערעגט? איז דען פון מיר וועניגער געבליעבען פאר איהם וויא ער האט געקענט פאָרדערן? איך בין געוועזען דיעזעלבע; נאך מעהר, איך האב מיך געשפירט מעהר פערפליכטעט צו איהם אונד בין געוועזען בערייט אלע אידעען פון גראנדמאָרינען צו פערשטייסען אונד בלייבען זיינע אליין. ער איז דערמיט ניט צופריעדען געוועזען אונד איז געגאנגען מאָרדען. מיט געוואלד האט ער מיך געמאכט פאר א שותף צו דיעזען מאָרד. איז דאס געוועזען מיין שולד?

„ניין! איך בין ניט שולדיג געווען אין דער גאנצער געשיכטע. דאן, אנשטאט צו פערגעסען אן אלעמען; אנשטאט צו בעטראכטען גראנדמארין'ס טויט וויא א כפרה פאר דער פערגאנגענהייט, האט ער זיך אנגעשמעקט מיט דיעזען בלוט אונד אנגעפאנגען צו זינקען אלץ טיעפער אונד טיעפער. מיך האט ער מיט־געשלעפט.

„האב איך געקענט זשאק לאנטיער? האב איך געוואוסט ווער ער איז? מיין מאן, וועלכער האט מיך געמאכט פאר א שותף צו זיין פערברעכען; מיין מאן, וועלכער האט געמארדעט דאפיר, וואס איך האב איהם בעטראגען, לויט וויא ער בעהויפטעט — דערזעלבער מאן האט מיך געשיקט אויסדריקליך צו אפפערן מיין לייב, מיין לייב אונד מיין גאנצען קערפער, פיר זשאק לאנטיער, אבי דער לעטצטער זאָל פערהינדערן, אדער ניט אויסזאגען וואס ער וויים איבער זיין פערברעכען.

„איך בין געגאנגען איך בין געצוואונגען געווען דאס צו טהון, ווייל ער האט מיך געשיקט. ער האט מיך געקענט דערהרג'ענען מיט זיינע שווערע פויסטען, ווען איך וואָלט דאס ניט געטהאָן. דאן האב איך גלאט אויך מורא געהאט, אז איך וועל דארפען ליידען צוזאמען מיט איהם אויף דער גילאָטינע... דיא גילאָטינע! מיין גאָט, וויא דאס שוידערט מיך!

„איך האב אָנגעפאנגען צו ליעבען זשאק'ין? איז דאס מיין שולד? רובאָ'ס בעהאנדלונגען נעגען מיר, זיינע אונמענשליכע בעהאנדלונגען, האבען פעראורזאכט איך זאָל איהם האסען אונד פעראכטען. אָבער איך בין יונג, אונד מוז יעמאנדען ליעבען. זשאק איז שעהן, עדעל, צערטליך, ליעבענסווירדיג אונד ליעבט מיך אויך, טראָט'ין דעם וואס ער וויים אזוי פיעל איבער מיר. איז עס א וואונדער ווארום איך ליעב איהם?

„אונד יעטצט, איז עס רעכט איך זאָל שוין ווארטען ביז רובאָ וועט מיך ענטוועדער אליין דערהרג'ענען, אָדער ביז ער וועט זיך פערראטהען אונד מיר וועלען ביידע מוזען היגגעריכטעט ווערען? איז עס יעכט צו פערברעננען אין דער געזעל־שאפט פון אזא ווילדער בעסטיע, ווען זשאק איז בערייט מיט מיר צו לעבען אונד מיר ביידע זאָלען..."

דיעזער שטראָם געדאנקען איז איבערגעלאָפען דורך סעווערינע'ס געהירן, וועהרענד זיא איז געזעסען נעבען פענסטער פון איהר וואהנונג, אָנגעלעהנט אויף א שטוהל. א דריק צום שטוהל, האט ארויס גערופען א שניידענדען שמערץ אין דער רעכטער זייט פון איהר קערפער צווישען דיא ריפען. זיא האט זיך דערמאָהנט, אז רובאָ האט איהר אהין געגעבען א קלאפ. אום צו זעהן ווארום דער שמערץ איז אזוי

גרויס, האט זיא זיך אָבגעווענדעט פון פענסטער אונד אָנגעפאנגען ארויס צו ציהען איהר העמד. זיא האט נאקעט געמאכט א טהייל פון איהר קערפער, אונד אָנ־בווינענדינג דעם קאָפּ אויף א זייט, האט זיא ערבליקט אויף איהר קלאָר־ווייסעס לייב, א ברייטען בלויען פלעק אויף איין אָנגעשוואָלענער ריפּ.

ער זאָל שטארבען! ער מוז שטארבען!" האט זיא געשריען מיט דעם צאָרן פון איין אויפגערעגטער טיגערין, אונד דאן האט זיא נאך אמאל אָנגעבויגען איהר קאָפּ אונד געבליקט צו דעם בלויען פלעק זיך בעדרויערענדיג.

טראָטין זיין זויפען אונד קארטען שפּיעלען, האט נאך רובאָ אָבגעהיט זיין פּאָסטען. ער האט ניט פיעל געשלאָפען, אָבער א פּאאר שטונדען רוה איז גענוג געוועזען אום ער זאָל ווידער קענען פּאָרטזעטצען זיין אָרבייט אום 12 אוהר מיטאגס, ביז אום 8 אוהר אבענדס.

עס איז געוועזען אום 3 אוהר נאכמיטאג, דיא צייט ווען זשאק האט געוואוסט, אז רובאָ איז ניט צו הויז. ער איז צוגעקומען מיט לייכטע שריט צו דער טהיר, גע־עפענט אונד אריין געקומען. עס איז געוועזען גראדע דאמאלס ווען סעווערינע איז געוועזען פערטראכט אין בעטראכטענדיג דעם בלויען פלעק אויף איהר לייב. זיא האט איהם ניט געהערט אריין קומען. נאָר זשאק, זיא ערבליקענדיג זיטצען מיט דעם קאָפּ איינגעבויגען, איז ער געבליעבען שטעהען. ער האט ניט געוואוסט וואס זיא טהוט דאָרט.

„שטארבען זאָל ער!" האט זיא נאך אמאל געמורמעלט.

זשאק'ס אויגען זיינען פּלוצלינג געפאלען אויף סעווערינע'ס נאקעטען טהייל קערפער. דאס וואָרט „שטארבען" אונד איהר נאקעטער קערפער, האט וויא דורכ־געשאָסען מיט פייער זיין גאנצעס בלוט. ער האט געשפּירט דיא בעסטיע ערוואַ־כענדיג אין איהם, אונד ער האט בעשלאָסען שנעל צו פערלאָזען דאס צימער אונד אנט־לויפען. בייא זיין אומווענדען זיך, האט איהם סעווערינע ערבליקט.

„זשאק!" האט זיא אויסגעשריען אריין שטעקענדיג צוריק דאס העמד. „וויא קומסטו אהער?"

זשאק איז געבליעבען שטעהען אָהנע ער זאָל זיך קענען ווייטער אומווענדען. איהר ווייכע שטימע, דאס צודעקען פון איהר קערפער אונד דאס אונטערברעכען פון זיינע איינענע געדאנקען, האט איהם עטוואס בערוהיגט. ער האט אונטערדעסען נאָר ניט געקענט ענטפערן.

„וויא קומסטו אהער, זשאק?" האט זיא ווייטער געפרעגט. „ניין, ניין, דוא האסט קיין רעכט ניט אהער צו קומען, נאכדעם..."

דיא האט אָנגעהויבען צו וויינען.

זשאק'ס הערץ, וועלכע איז געוועזען מיטליידיג פון דער נאטור, איז געריהרט געוואָרען, אונד שפירענדיג א גרויסע אנציהונג צו איהר פון ליעבע אונד צערטליכ־קייט, איז ער צו איהר צוגעגאנגען, ניעדערגעקניט, גענומען איהר האנד אין זיינער, אונד געמורמעלט:

„פערצייהע מיר.“

„פערצייהען? מיין גאָט, ווי זאָל איך דיר פערצייהען, ווען איך קען שוין מעהר ניט ליידען?“

זשאק'ס ברענענדע ליפען האבען געקושט איהר האנד.

„איך האב ניט געקענט, געליעבטע; גלויב מיר, איך האב ניט געקענט, האט ער געמורמעלט.

„ווייסטו, זשאק,“ האט זיא ווייטער געזאגט, „וויפיעל איך לייד? ניין, מיין גאָט, ניין! איך קען שוין מעהר ניט ערטראגען. אָבער זשאק, איידער ער זאָל מיך ערמאָרדען, דאן זאָלסטו מיך בעסער ערמאָרדען... איך...“

דיא לעטצטע ווערטער האבען ערוואכט דיא גאנצע בעסטיע אין זשאק'ן. ער זאָל זיא ערמאָרדען? יא, יא, דאס האט ער אויך געוואָלט! געוויס, געוויס, ער דארף זיא ערמאָרדען, ניט קיין אנדערער... זיינע פינגער האבען זיך אויסגעצויגען אונד ער איז אויפגעשפרונגען... אָבער סעווערינע'ס אויגען זיינען געוועזען פולל מיט טרערען, איהר געזיכט האט פאָרגעשטעלט שרעקליכע ליידען, אונד... זשאק האט ניט געוואָלט הרג'ענען קיין ליידענדע; דיא בעסטיע אין איהם האט געוואָלט מאָרדען א פרעהליכע, לוסטיגע אונד ליעבענדע שעהנע פרוי.

דער בליק אויף סעווערינע'ן האט איהם ווידער אמאל בערוהיגט, אונד ער איז אומגעפאלען אין א שטוהל נעבענאיבער איהר.

„אך, זשאק, ווען דוא זאָלסט וויסען,“ האט זיא ווייטער געזאגט. „ווען דוא זאָלסט האבען א בעגריעף וויפיעל איך לייד, דאן וואָלסטו אויף מיר רחמנות געהאט...“

איהרע ווערטער האבען איהם געריהרט צו טרערען אונד ער האט געווינקט אויף איהר קוקענדיג.

„זשאק, געליעבטער,“ האט זיא געזאגט, „ווען דוא ליעבסט מיך, ראַטע מיך פון זיינע הענד.“

„וויא אזוי?“

 

„איך וויל דיר יעטצט נים מאכען קיין פאָרווירפע פאר דיין אונגעהאלטענעם פערשפרעכען, אונד איך בעט דיך, אום גאָטעס ווילען, האב מיטלייד אונד נעהם מיך אוועק פון דאנען. פיהר מיך אוועק נאך פאריז, בעהאלט מיך, טהו מיט מיר וואס דוא ווילסט, אבי איך זאָל פטור ווערען פון איהם, איך זאָל איהם ווענינסטענס נים זעהען פאר מיינע אויגען.“

זשאק האט איהר פערשפראָכען אויף׳ן צווייטען טאָג זיא ארויס צו נעהמען נאך פאריז אונד זיא איינקווארטירען אויף א פלאַטץ וואו זיא זאָל זיך מעהר נים דארפען בענעגענען מיט איהר מאן.

סעווערינע איז געוועזן אזוי ערפרייט דאריבער, דאס זיא האט איהם אומארמט אונד אלעס מוחל געוועזן.

ווען זשאק איז אוועק, האט סעווערינע נאך אימער נים אויפגעגעבען דיא אידעע פון ערמאָרדען רובאָ׳ן. זיא האט אָבער געטראכט, אז זיא מוז ווארטען אונד האבען געדולד.

„זשאק וועט עס נאך טהון,“ האט זיא געזאגט צו זיך אליין. „איך וועל זיין מיט איהם אין פאריז, אונד דאן וועל איך איהם שוין דערצו בעווענען...“

דיא אידעע, אז זיא האט קיין געלד נים אונד וועט מוזען זיין גענצליך אב־העננינ פון זשאק׳ן, האט זיא שטארק געקריינקט.

איהרע אויגען זיינען געפאלען אויף דער געריהרטער ברעט אין דעם פוס־באָדען פון דער קיך.

„פיעללייכט איז נאך עפעס דאָרט דאָ,“ האט זיא געזאגט שוידערענדיג. „ווען ער מעג דאס פערשפיעלען אין קארטען, ווארום זאָל איך דאס נים האבען ווענינסטענס צום לעבען?“

זיא האט עטליכע מאל געצענערט אונד נים געוואגט צו צוגעהען, אָבער ענדליך האט זיא געפאסט מוטה אונד אויפגעהויבען דיא ברעט.

איהרע אויגען זיינען געפאלען אויף עפעס גלענצענדעס. דאס איז געווען גראנדמאָרין׳ס גאָלדענע אוהר אונד קיים. זיא האט דאס אנפאנגס נים געוואגט צו בעריהרען. דאן האט זיא געזוכט אין יעדען ווינקעל אונד ענטדעקט דיא בריעף־טאשע פון ריכטער גראנדמאָרין. זיא האט שנעל דיעזע גענומען אין דיא הענד, געעפענט, אָבער דאָרט איז גאר נים געווען. רובאָ האט שוין לאנג אלעס ארויס גענומען.

א געדאנק איז דורכגעפלויגען דורך איהר קאפ.

„ריעזע שפור וועניגסטענס,“ האט זיא געטראכט, „דארף איך ניט צוריק לאָזען. וואס וועל איך טהון ווען דיא בריעף־טאשע וועט דאָ ענטדעקט ווערען? אונד וואס וועט זיין ווען רובאָ וועט געהען אונד פערקויפען דעם זיינער מיט דער קייט אונד מען וועט איהם אירגענדוואו דערקענען?“

זיא האט געכאפט דיא בריעף־טאשע אונד זיא אריין געוואָרפען אין ברענענדען אויווען. דעם זיינער מיט דער קייט האט זיא בעהאלטען אין בוזים.

דאַן איז איהר איינגעפאלען, אז זיא וועט פון דעם זיינער מיט דער קייט מאכען א געברויך. וואס האט זיא נאך ביז דאמאלס געגעבען איהר געליעבטען זשאק? קיין זאך מעהר וויא איהר ליעבע. זיא האט גאר ניט געהאט פון וואס איהם צו מאכען אפילו א פרעזענט.

„יא, יא,“ האט זיא געמורמעלט, „ער זאָל האבען דעם זיינער מיט דער קייט.“

## קאפיטעל 9.

עס איז געוועזען שפעט נאכמיטאג, ווען פלאָרא איז ארויס געגאנגען פון איהר מוטער'ס צימער מיט דיא אויגען פערווייגט. טאנטע פאסיע איז געשטאָרבען לעצטע נאכט. זיא האט אויסגעזעהען וויא א סקעלעט.

פון וואס איז זיא געשטאָרבען? איז דאס וואהר, אז מיסארד האט זיא פער־גיפטעט? וויא אזוי? מיט וואס?

פלאָרא האט זיך דאס ניט געקענט ערקלערען אונד זיך אויך ניט געגעבען פיעל מיה דאס צו ערקלערען. איהרע געדאנקען זיינען געוועזען מיט גאנץ עטוואס אנדערש בעשעפטיגט.

זשאק, דעם מאַן וואס זיא האט געליעבט אונד פערגעטערט, דעם מאַן, פאר וועלכען זיא איז געוועזען בערייט אלעס צו אָפפערן, איז שוין דאָרט לאנג ניט געוועזען. זיא האט געהערט פון איינינע מענשען דערצעהלען, אז ער איז פערליעבט אין מאדאם רובאָ.

מאדאם רובאָ? יא, פלאָרא האט זיא גאנץ גוט געקענט. זיא האט זיך ער־אינערט ווען סעווערינע איז נאך געוועזען א מעדכען, אונד וויא זיא איז איינינע מאָל פאר דער חתונה אונד אויך נאך דער חתונה ערשיענען מיט ריכטער גראנדמאָרין אין דעם הויז פון קראָא דע מאפרא אונד מיט איהם פערבראַכט אליין שטונדען־לאנג אין שלאָף־צימער.

יא, סעווערינע איז געווען שעהן, זעהר שעהן, אתר פלארא איז דאדורך געווען זעהר אייפערזיכטיג.

זיא האט זיך אוועק געזעצט אויף א הילצערנער באנק אין דרויסען אונד ערוואַרטעט, דאס קאַביש, איהר איינציגער פריינד, זאָל קומען אונד ברענגען דיא טרונע פאר איהר מוטער. קאַביש איז דאָרט געווען גאַנץ פריה אונד פערשפּראָכען צו ברענגען א טרונע. זיא האט איהם דאפיר געגעבען 25 פראנקס פון דעם געלד וואס זיא האט געהאט אליין ערשפּאָרט.

זיצענדיג אויף דער באנק, האט זיא ערבליקט איהר שמיך־פאטער מיסאָרד ליעגענדיג אונטער א בוים אין גאַרטען אונד גראָבענדיג.

„עס איז אַלזאָ וואָהר," האט זיא זיך געטראַכט, „אז ער זוכט דיא טויזענד פראנקס. מיין מוטער האט אַלזאָ קיין טעות ניט געהאט, ווען זיא האט בעהויפּטעט, אז דאס איז זיין איינציגע אינטערעסאַנטע בעשעפטיגונג. יא, יא, ער האט זיא פער־ניפטעט. הא! איך וויים שוין! ער האט אריין געשאָטען ניפט אין זאלץ וואס ער פלעגט איהר געבען. נאך געכטען פריה האב איך איהם געזעהען עפּעס מישען אין זאלץ. איך האב פערזוכט דאס זאלץ, אונד דאס האט געהאט דעם טעם פון פער־שאַווערטעס קופּער. ריכטיג, דיא מוטער האט עס אימער געזאגט..."

אָבער דער שטראָם פון איהרע געדאנקען איז אונטערבראָכען געוואָרען, ווען דיא האט ערבליקט פון וויטען אָנקומענדיג קאַביש'ן מיט זיין וואָגען אונד צוויא פערד, אויף וועלכען עס איז געלעגען א טרונע. זיא האט זיך אויפגעהויבען אונד איז איהם ענטקעגען געגאנגען. דער וואָגען איז געבליעבען שטעהן פון דער אַנדערער זייט שינעס, אונד פלאָרא האט אויפגעהויבען דעם טהויער ער זאָל דורכ־פאָהרען.

„איך האב בעגעגענט דעם פייערמאַן פעקע," האט קאַביש אָנגעפאַנגען. „ער האט מיך געבעטען דוא זאָלסט פאר איהם מאכען עפּעס עסען, אָבער איך האב איהם געזאגט, אז דוא קענסט היינט ניט..."

„וואס טהוט פעקע אין דער געגענד?" האט פלאָרא געפרעגט.

„ער האט מיר געזאגט, אז ער וועט ערוואַרטען בייא דער צווייטער סטאַציאָן זכּאק'ן, וועלכער וועט איהם אויפנעהמען אויף זיין צוג."

„וויא פאָהרט זשאַק אָהן זיין פייערמאַן?"

„ער האט פיר היינט איין אַנדערען. נאָר נעכטען אבענד האט ער פעקע'ן צוריק געלאָזט אין פאריז, דאמיט ער זאָל דאָרט איינריכטען א צימער."

„א צימער?"

„יא."

„פיר ווען?"

„פיר איהם מיט טאדאם רובא."

פלארא'ס געזיכט איז בלאס געוואָרען. זיא האט איינינע אוינענבליק ניט געקענט רעדען. דיא אייפערזוכט האט שיער איהר אטהעם בערויבט.

„אונד מאדאם רובא פאהרט מיט איהם? האט זיא ענדליך געפרעגט.

„יא, אזוי האט מיר פעקע דערצעהלט."

„ביסטו זיכער?"

„יא, וואס מאכט עס אויס? ווארום אינטערעסירט דאס דיך אזוי?"

פלארא האט ניט געענטפערט. זיא איז שנעל אריין אין צימער אונד א קוק געגעבען אויף'ן זייגער. עס איז געווען 5.45.

„איך האב נאך צייט 55 מינוטען," האט זיא געזאגט. „אום 6.00 פאסירט דא דער צוג."

קאביש האט דערווייל אריבער געפיהרט דעם וואגען, ארונטער גענומען היי אונד געגעבען זיינע פערד עסען. אבער ער האט זייא ניט אויסגעשפאנט. דאן האט ער ארונטער גענומען דיא טרונע אונד זיא אריין געטראגען אין הויז. ארויס קומענדיג, האט ער צוגערופען מיסארד'ן, אונד איהם געזאגט, אז מען דארף אריין לעגען דעם טויטען קערפער אין דער טרונע.

מיסארד האט געענטפערט, אז אזוי שנעל וויא ער וועט פערטיג ווערען מיט זיין ארבייט אין גארטען, וועט ער דאס טהון.

פלארא האט געזאגט מיסארד'ן, אז זיא וועט אכטונג געבען אויף דעם נעכסטען צוג, אונד ער מעג מיט קאביש'ן אריין לעגען איהר מוטער'ס קערפער אין דער טרונע.

פעקע איז דערווייל ערשיענען, אונד ערקלערט פלארא'ן, אז ער האט אבגעשטיגען בייא דעם קרייץ־וועג פון א באהן אונד ער ערווארטעט זשאק'ן, נאר ער וויל שנעל עפעס עסען, ווייל ער מוז צוגעהען צו פוס א פאאר הונדערט מעטער ווייטער, וואו זשאק וועט איהם אויפנעהמען אויף זיין באהן.

פלארא האט איהם געזאגט, אז איהר מוטער איז טויט אונד זיא האט אליין אויף נאר ניט געגעסען. דאן האט זיא איהם נאך אמאל איבערגעפרעגט מיט וועמען זשאק פאהרט, אונד פעקע האט איהר געענטפערט, אז סשוועריגע רובא איז מיט איהם, וועלכע ער נעהמט נאך פאריז.

אום נים צו פערשפעטינגען, האט פעקע גענומען אבשיעד אונד איז אוועק.

קאביש איז צוגעגאנגען צו מיסארד׳ן אונד איהם געפרעגט וואס ער גראבט. מיסארד האט איהם נים געוואָלט ענטפערן דארויף אונד אָנגעפאנגען איין אנדערעס געשפרעך. זייא האבען דאָרט פערוויילט עטליכע מינוטען, אונד מיסארד האט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד אונצופריעדען, מורמלענדיג:

„צום טייפעל! מיין גאנצע מיה איז אומזיסט!"

עס שיינט, אז טאנטע פאסיע האט געהאלטען ווארט; זיא האט בעהאלטען נום דאס געלד, אונד דאס געהיימניס האט זיא בעגלייטעט אין קבר.

„אלזאָ, מיסארד," האט קאביש געזאגט, „וועלען מיר טהון אונזער ארביים?"

„וואס פאר איין ארביים?" האט מיסארד געפרעגט שטארק פער־טראכט.

„אריין לעגען דיא אלטע אין דער טרונע."

„הא! יא, יא, געוויס."

„אלזאָ קום."

מיסארד איז מיטגעגאנגען.

וויא דיא צווייא מענער זיינען אריין אין צימער, האט פלאָרא זיך אומגע־ווענדעט, זייא נאכגעקוקט אונד דאן האט איהר בליק בעטראכטעט דיא געגענד ארום. זיא האט ניעמאנדען געזעהן אונד זיא האט אויסגעזעהן צופריעדען.

איהר שטארקעס מענליכעס געזיכט האט אָנגענומען א שוידערהאפטע מיענע. וועהרענד איהרע באקען זיינען געווען בלאס, האבען איהרע אויגען וויא געשאָסען מיט פייער. זיא האט געקוקט אויף קאביש׳עס וואָגען מיט דיא פערד. דאן איז זיא גע־בליעבען שטעהען נאכדענקענד.

פלוצלינג איז זיא צוגעלאָפען מיט לייכטע שריט צום פענסטער פון איהר וואָהנונג אונד אריין געקוקט.

„דיא צייט איז נאהענט!" האט זיא געמורמעלט אויפגערעגט, „מיין ארביים מוז אנפאנגען."

זיא איז צוגעגאנגען פאָרזיכטיג צו דיא פערד מיט׳ן וואָגען; ערגריפען דיא פערד בייא זייערע צוימען, אונד זייא אָנגעפאנגען לאנגזאם צו פיהרען, דאמיט קא־ביש זאָל נים הערען. זיא האט זייא צוגעפיהרט צו דיא שינעס אונד איז געבליעבען שטעהען.

 

דערווייל האט זיך געהערט דאס עלעקטרישע גלעקעל, וואס האט אָנגעצייגט, אז דער צוג איז נאָהענט.

„ער קומט!" האט זיא געמורמעלט אונד ערגריפען פעסטער דיא פערד בייא דעם צוים אונד זייא ארויף געפיהרט אויף דיא שינעס, וואו זיא איז געבליעבען שטעהן איינינע אויגענבליקען.

פון וויטען האט זיך געקענט הערען דאס שווערע ריעזיגע אטהמען פון דער „ליסאָן", וועלכע איז אָנגעקומען מיט דעם צוג אין דער גרעסטער שנעל־לינקייט.

„ער קומט!" האט פלאָרא אויסגערופען מיט א טייפלישען טריומף, „ער זאָל שטארבען מיט איהר צוזאמען! ניין! איך קען ניט לעבען אונד זייא זעהען גליקליך!"

מיט 50 מעטער וויטער פון דעם פלאטץ וואו פלאָרא איז געשטאנען מיט דעם וואָגען אונד דיא פערד אויף דיא שינעס, האט דער אינזשעניער זשאק בעמערקט דיא געפאהר. ער איז אזוי איבערראשט געוואָרען, אז א פאאר אויגענבליק זיינען פאָראיבער, אָהנע ער זאָל וויסען וואס צו טהון. דאן האט ער אָנגעפאנגען שנעל צו עפענען אלע רעהרען אום ארויס צו לאָזען דעם דאמפף אונד איינהאלטען דיא „ליסאָן".

אָבער צו שפעט! צו שפעט!

דיא פערד געשפאנט אין קאביש'עס וואָגען, האבען ערבליקט דעם שטירמישען צוג אָנקומענדיג. מיט דעם נאטירליכען געפיהל פון אלע טהיערע וואס זוכען זיך צו שיטצען, האבען זייא געוואָלט ענטלויפען, נאָר א מעכטיגע אונד ריעזיגע מענשען־האנד — פלאָרא'ס האנד — האט זייא אזוי פעסט צוזאמען געדריקט, אז זייא האבען זיך ניט געקענט אוועק ריהרען פון דעם פלאטץ. איין פערד האט אָנגעהויבען שרעקליך צו שנאָרכען, גראדע וויא דאס וואָלט ערבליקט פאר זיך א סטארע וועלף.

קאביש האט דערקענט דיעזען ווארנענדען סיגנאל פון זיין פערד אונד איז ארויס געלאָפען אין דרויסען. ער האט געזעהען דאס גאנצע שוידערהאפטע בילד אין איין אויגענבליק, אָבער ער איז געווען מאכטלאָז עפעס צו טהון. איהם האט זיך אונטער־דעסען געדאכט, אז זיינע פערד זיינען ארונטער מיט דעם וואָגען אויף דיא שינעס גאנץ אליין, אונד פלאָרא שטעלט יעטצט איין איהר לעבען, אום צו פערמיידען איין אונגליק.

דאן...

זשאָם האָט געמהאָן אַלעס וואָס אַ מענש איז אימשטאַנדע צו טהון ביי אַזאַ געפאַהר, אָבער אַלע זיינע אַנשטרענגונגען זיינען געווען אומזיסט. דיא „ליסאָן“ איז אַרויף אויף קאַבישׂ׳עס פערד אונד וואָגען, ועהרענד פלאָרא איז אָבגעשפרונגען אויף א זיים אונד זיך געראַטעט.

א פירכטערליכער קראַך האָט געפאָלגט. דיא „ליסאָן“ האָט צערשמעטערט דעם וואָגען מיט דיא פערד, אָבער זיא איז אַרונטער פון דיא שינעס, זיך איבערגע־קעהרט, אונד אַלע וואַגאָנען זיינען וויא אויפגעשפרונגען אין דער לופט, אונד דאַן צוריק געפאַלען צערבראָכען אונד צערשמעטערט.

רויך, פייער אונד פונקען זיינען געפלויגען צווישען דעם קאָכענדען אונד זידענדען דאַמפף פון דעם צערבראָכענעם קעסעל אין דער „ליסאָן,“ אונד פון צווישען דיזען גערויש אונד אויפרעגונג, האָבען זיך דאַן געהערט דיא שוידערהאַפטע גע־שרייען פון דיא שטערבענדע אונד פערוואונדעטע פּאַססאַזשירען.

אין פראָנט פון דער „ליסאָן“, איז געלעגען זשאַק׳ס נייער פייערמאַן איבער־געריסען כמעט אין צווייען אונד פון זיין קאָפּ האָבען אַרויס גערונען דיא פערבלוטיגטע געהירן. זשאַק איז ניט געווען.

פון דיא וואַגאָנען זיינען פריהער אַרויס געשפרונגען דיא ניט פערוואונדעטע פּאַססאַזשירען, אונד דאַן האָבען אָנגעפאַנגען נאָכצופאָלגען דיא לייכט־פער־וואונדעטע.

דיא ניט־פערוואונדעטע פּאַססאַזשירען, מיט דער הילף פון קאַבישׂן אונד מיסאַרד, האָבען באַלד אָנגעפאַנגען דיא אַרבייט צו רעטען דיא אַנדערע אונ־גליקליכע.

עס איז געווען א שרעקליכעס, שוידערהאַפטעס אונד בלוטיגעס בילד. אויף איין פּלאַטץ איז געהרג׳עט געוואָרען א יונגע פרוי מיט א קינד אויף דיא הענד, אונד איהר מאַן, וועלכען׳ס פוס איז געווען איינגעקלעמט אונד צערבראָכען, האָט זיך אומ־געקוקט, נאָך׳ן קראַך, אונד דערזעהען זיינע ליעבלינגע טויט. ער האָט אַרויס גע־לאָזען א פירכטערליכען געשרייא אונד פערלוירען זיין פערשטאַנד פון שמערץ.

אויף איין אַנדערן פּלאַטץ איז דערהרג׳עט געוואָרען איין עלטערער מאַן מיט זיין פרוי אונד א טאָכטער. דער טאָכטער׳ס א קינד איז געלעגען אויף דער ערד, פערבלוטיגט, מיט א צובראָכען הענטעל אונד געשריען: „מאַמאַ!“

„שיסט מיך, איך בעט אייך!“ האָט זיך געהערט דיא אונטערדריקטע שטימע פון א יונגען מאַן, וועלכער איז געלעגען צוזאַמען געדריקט צווישען צווייא וואַגאָנען אונד אויף זיין ברוסט איז געלעגען א שווערעס שטיק אייזען. „שיסט מיך, אום

נאָטעס ווילען," האט ער זיך געבעטען, "אונד בעפרייעט מיך פון ריזען שמערץ אונד מארטערניס." זיין שטימע איז יעדעס מאל שוואכער געוואָרען, אונד דאַן האט איהם דער טויט בעפרייעט.

עס איז גלייך טעלעגראפירט געוואָרען צו אלע בענאכבארטע שטעדט אונד סטאציאָנען, אונד עס איז ארויס געשיקט געוואָרען איין עקסטרא צוג מיט ערצטע אונד אפאָטהעקער צו לינדערן דעם שמערץ פון דיא אונגליקליכע.

דיא טויטע זיינען אויסגעלעגט געוואָרען אויף'ן גראָז אונטער דעם שאטען פון א בוים, אונד דיא פערוואונדעטע האט מען דערווייל אריין גענומען אין הויז פון קראָא דע מאָפרא ביז ערצטליכע הילפע וועט קומען.

אונטער דיא ניט־פערוואונדעטע, איז אויך געווען מאראם סעווערינע רובאָ. אזוי שנעל וויא זיא איז ארויס פון דעם וואגאָן, איז זיא צוגעלאָפען אין פראָנט פון דער "ליסאָן" אום צו זעהען וואס עס איז געוואָרען מיט זשאק'ן. ווען זיא האט ער־בליקט דעם צערשמעטערטען פייערמאן, האט זיא זיך אָנגעהויבען צו ברעכען דיא הענד אונד מורמלען:

"מיין גאָט! ער איז טויט!" מיין זשאק מח זיין טויט!"

צו דיעזער צייט איז אויך ערשיענען פלאָרא, וועלכע איז געווען מערקווירדיג רוהיג. ערבליקענדיג סעווערינע'ן אונגעשעדיגט, האט זיא איהר צוגעוואָרפען א פער־אכטענדען בליק. סעווערינע האט דאס אָבער ניט בעמערקט.

אלס דער דאמפף איז ארויס פון דעם צובראָכענעם קעסעל אונד סעווערינע האט געקענט צוקומען נעהנטער, האט זיא זיך אומגעקוקט אום צו זוכען הילפע. זיא האט דערזעהען פלאָרא'ן.

"העלפט מיר!" האט זיא אויסגעשריען, "דאָ מוז ערגעץ ליעגען זשאק לאנטיער; פיעללייכט לעבט ער נאך אונד מיר קענען איהם רעטען."

פלאָרא האט ניט געענטפערט. א געפיהל פון נייגיעריגקייט האט זיא ער־גריפען, אונד ווען סעווערינע איז ארויף אויף דיא צערשמעטערטע שטיקער פון דער מאשין, איז זיא אויך נאכגעגאנגען.

פלאָרא האט אויסגעזעהן בעסער צו וויסען וואו דיא זאָל זוכען. זיא איז ארויף צו דעם פלאטץ פון דעם פייער־פראָנט, אָבער א שטיק אייזערנע וואנד איז דאָרט געלעגען וואס האט געשטערט איהר ווענ. זיא האט מיט איהרע מעכטיגע הענד דאס ערגריפען. סעווערינע האט איהר געוואָלט העלפען, נאָר ניט ווארטענדיג אויף איהר, האט זיא דאס אליין אוועק געשלעפט מיט איהר איבערנאטירליכער קראפט.

„מײן גאָט!“ האט סעװערינע אױסגעשריען, „דאָרט ליעגט ער!“
נראדע אױף דער צערבראָכענער פראָנט־פּלאַטפאָרמע פון דער מאַשין, איז געלעגען זשאַק לאַנטיער פערבלוטינט אונד אונבעװעגליך. עס האט אױסגעזעהען, אז ער איז טױט.

סעװערינע איז צוגעלאָפען, ערגריפען זײן קאָפּ צװישען איהרע בײדע הענד אונד איהם געװאָלט אױפהױבען. אָבער זיא האט ניט געקענט. פלאָרא האט זיך אָנגע־בױגען פון דער אנדערער זײט, ארום גענומען זשאַק׳ס קערפּער, אונד מיט א גאנץ קלײנער אנשטרענגונג, האט זיא איהם אױפגעהױבען אונד ארױס געטראגען פון דעם צערשטערונגס־פּלאַטץ. זיא האט איהם צוגעבראכט אונטער א בױם, װאו זיא האט איהם אװעק געלעגט.

סעװערינע איז באַלד געװעזען נעבען איהם, אונד זיך אניעדער װארפענדיג אויף דער ערד, האט זיא גענומען זשאַק׳ס קאָפּ אויף איהר שױס.

זשאַק האט געהאט א שװערע װאונד אין קאָפּ, אָבער ניט קײן געפעהרליכע ער האט בלױז געחלש׳ט פון דעם קראַך אונד פון בלוט־פערלוסט. זיך געפינענדיג װיעדער אין פרײע לופט, איז ער צו זיך געקומען אונד געעפענט דיא אױגען.
„װאַסער!“ איז געװעזען זײן ערשטעס װאָרט.

קאַביש, װעלכער איז גראדע דאמאלס פארבײגעלאָפען מיט עטליכע גלעזער װאַסער פיר דיא אנדערע פערװאונדעטע, איז אָבגעשטעלט געװאָרען פון סעװע־רינע׳ן, װעלכער ער האט געגעבען א גלאָז װאַסער. זשאַס האט זיך בענעטצט דיא פערברענטע ליפּען אונט געטרונקען אביסעל.

דאס האט איהם געשטאַרקט אונד נאך מעהר דערמינטערט. ער האט נאך בעסער געעפענט דיא אױגען, זיך ארום געקוקט, אונד ער האט אױסגעזעהען זיך צו דערמאָהנען װאס עס איז געשעהען. ער האט געבליקט צו פלאָרא׳ן.

זשאַק האט איהר צוגעװאָרפען א פעראכטענדען בליק, װעלכער האט אױסגעזעהען צו זאגען: „דוא ביסט געװען דיא אורזאכע פון דעם גאנצען אונגליק.“

װען זשאַק האט אױפגעהױבען זײן האנד אונד אומאַרמט סעװערינע׳ן, האט פלאָרא זיך אָבגעװענדעט, אונד קריצענדיג מיט דיא צײהן איז זיא אװעק געגאנגען אויף א זײט.

דער עקסטרא צוג מיט דיא ערצטע איז ערשיענען. מען האט אלע פער־װאונדעטע ארײן געבראכט אין הויז פון קראָא דע מאָפרא, אונד סעװערינע, אלס אײגענטהימערין, האט געגעבען דיא ערלויבניס מען זאָל דאָרט טהון װאס עס איז

נעמהיג פיר דיא פערזאונגליקטע. זשאק'ן האט זיא נעלאָזען אריין טראגען אין איין עקסטרא צימער, אונד נאכדעם וויא דער ארצט האט פערבונדען זיינע וואונדען, האט זיא זיך אוועק געזעטצט נעבען איהם בערייט צו טהון אלעס מעגליכע. דער ארצט האט איהר געזאגט, אז זיא וועט מוזען גוט אויפפאסען איינצוגעבען זשאק'ן רעגעל־מעסיג דיא מעדיצין וואס ער האט פערשריעבען, ווייל עס וועט פאָלגען דאס וואונד־פיעבער. סעוועריגע האט ערקלערט, אז זיא וועט ניט שלאָפען אפילו דרייא נעכט ווען דאס וועט נאָר נעטהיג זיין.

דיא שינעס וואס פיהרען ארויס פון דעם טונעל ניט וויט פון קראָא דע מאָפרא, טהיילען זיך אָב אויף איינינע וועגען. דער וועג נעבען קראָא דע מאָפרא, איז נעשטערט געוואָרען, ווייל מען האט נאך ניט געקענט אזוי שנעל אוועק שאפען דיא צערבראָכענע וואגאָנען מיט דער מאשין. דערפאר אבער, זיינען דיא אנדערע וועגען געבליעבען פרייא.

דיא וואגאָנעס זיינען דאָרט געלאָפען אונגעשטערט מיט דערזעלבער רעגעלמע־סינקייט וויא יעדען טאָג.

עס איז שוין געוועזן דונקעל. פון צווישען דעם הויכען גראָז וואס פיהרט צו דיא שינעס אויס דעם טונעל, איז ערשיענען א פרויען־פינור. עס איז געוועזן פלאָרא. זיא איז ערשיענען מיט פעסטע שריט, ביז זיא האט זיך אָבגעשטעלט גראדע אויף דיא שינעס אונד געבליקט אין טונעל אריין, וועלכער איז געוועזן נאָר שוואך בעלייכטעט פון איינינע פאנארען.

„זיא לעבט אונד איז געזונד," האט זיא געמורמעלט, „ער איז פערוואונדעט אונד זיא וואכט איבער איהם. ער וועט געזונד ווערען אונד וועט זיא נאך מעהר ליעבען; מיך וועט ער האסען. ער וויים אלעס — אלעס! ער וויים, אז איך האב פעראורזאכט דאס אונגליק. איך האב עס געזעהען אין זיינע בליקען."

דער דאמפפער נערויש פון א צוג, האט זיך געהערט קומענדיג פון דעם טונעל. דאן האט זיך געזעהן א גלענצענדעס, העללעס אונד דורכדרינגענדעס ליכט זיך דערנעהנטערן. פלאָרא האט זיך אביסעל אָבגעווענדעט אויף א זייט.

דער צוג איז געקומען יעדעס מאל נעהנטער; געשוועבט אונד געפלויגען אין דעם טונעל, ביז...

אלס דער צוג איז אָנגעקומען גאנץ נאָהענט, איז פלאָרא ארויף געשפרונגען אויף דיא שינעס, זיך אליין אומגעוואָרפען, אונד... דער דאמפפער פייף פון דעם צוג האט אונהיימליך אָבגעקלונגען אין דער שטילער לופט פון דער נאכט: דער

צוג איז פערשוואונדען געווארען אין דער ווייטער פינסטערניש; זיין רוישען האט זיך יעדער מאל אלץ ווענינער געהערט, ביז עס איז גאנץ שטיל געווארען.

אויף דיא שינעס איז געלעגען דער צערשמעטערטער קערפער פון א פרויען־צימער. ווער זיא איז, וואלט שווער געווען צו דערקענען, ווייל זאגאר דיא קליידער זיינען געווען צעררסען אויף פיטצלעך. אבער, מיט א פאאר שריט ווייטער פון דער רעכטער שינע, צווישען גראז, איז געלעגען א געגענשטאנד, וועלכער האט אלעס דערצעהלט.

עס איז געווען פלארא׳ס קאפ, אבגעשניטען פון דעם קערפער, וויא מיט א מעסער. ער איז געלעגען אויף א זייט, מיט דיא אויגען אפען, וועלכע האבען אויס־געזעהן נאך אימער אויפצופאסען דעם אנקומענדען צוג.

ווען דער טונעל־וועכטער איז נאכהער פארביינעגאנגען איבער דיא שינעס אבטונג געבען, האט ער ענטדעקט דעם צעררסענעם קערפער אונד נעבען דיא שינעס, אויף דעם קאפ. ער האט ניט געהאט קיין שווערע מיהע מודיע צו זיין דער פאליציייא פון דעם וואס עס איז געשעהן, ווייל מעהרערע בעאמטע זיינען געווען בייא קראא דע מאפרא, וואו זייא האבען געמאכט דיא אונטערזוכונג.

מויטע זיינען געווען 17 אונד פערוואונדעטע 36. בייא דעם אויספרעגען איבער דעם וואס עס האט פאסירט, האט קאביש דערצעהלט, דאס זיינע פערד האבען זיך וואהרשיינליך דערשראקען, ארויס געלאפען אויף דיא שינעס, אונד פלארא האט זייא וואהרשיינליך געוואלט איינהאלטען אדער ארונטער געהמען.

„זייט איהר זיכער,‟ האט דער פאליצייא־אינספעקטאר געפרעגט קאבישען, „אז דיא פערד זיינען אליין ארונטער אויף דיא שינעס?‟

„אזוי מיין איך,‟ האט קאביש געענטפערט.

„וואו איז פלארא?‟ האט דער פאליצייא־אינספעקטאר געפרעגט.

מיסארד איז ערשיענען אונד ערקלערט, אז זייט דעם אונגליק, איז זיא פער־שוואונדען געווארען, אונד ער האט זיא שוין געזוכט, נאר ער האט זיא ניט געקענט געפינען.

נראדע דאמאלס איז אויך ערשיענען דער טונעל־וועכטער, אונד דערצעהלט פון דעם אונגליק נעבען טונעל. ער האט אויסגעזעהען שטארק אויפגערעגט אונד דערשראקען, נאר, נאכדעם וויא ער האט געקענט פלארא׳ן, האט ער געזאגט, אז בייא דעם שיין פון זיין לאמפ, דאכט זיך איהם, אז דאס איז זיא.

דער פאליצייא־אינספעקטאר איז גלייך אוועק אהין אום צו זעהען וואס עס

האט פאסירט. אלעס וואס ער האט געקענט ערפאהרען, איז, דאס פלארא איז טויט, אונד לויט אלע וואהרשיינליכקייטען, איז דאס געווען א זעלבסטמארד.

אבוואהל קיינער האט איהם ניט געקענט ערקלערען דיא אורזאכע פון איהר זעלבסטמארד, האט זיך דער פאליציי־אינספעקטאר זעלבסט ערקלערט, אז דאס מוז האבען א צוזאמענהאנג מיט דעם באהן־אונגליק, אונד דאס דיא פערד אויף דיא שינעס, זיינען ניט געקומען אהין דורך א צופאלל. אבער אום זיך ניט אריין צו לאזען אין אזעלכע טיעפע דרכים, האט דער פאליציי־אינספעקטאר געשלאסען זיין בעריכט מיט דיעזע ווערטער:

„פלארא מיסארד האט זיך געשפירט פעראנטווארטליך פאר דעם באהן אונגליק, וועלכעס זיא האט פראבירט צו פערמיידען אונד ניט געקענט. זיא האט וואהרשיינליך אויס ערגערניס בעגאנגען זעלבסטמארד.“

קאפיטעל 10.

זשאק איז פערבליעבען אין דעם הויז פון קראא דע מאפרא, אונד סעווערינע האט איבער איהם געוואכט ביי טאג אונד ביי נאכט.

אין א פאאר טעג ארום האט דער דאקטאר ערקלערט, אז ער איז שוין ארויס פון געפאהר, אונד אין א וואך צייט, וועט ער קענען זאגאר געהען צו זיין ארבייט.

עס איז געווען אויף'ן דריטען טאג, גאנץ פריה, בשעת סעווערינע איז געזעסען, שטארק ערמיעדעט נעבען זשאק'ן, וועהרענד דער לעטצטער, נאך זעהר איין אונרוהינער נאכט, איז ער איינגעשלאפען.

סעווערינע האט צו איהם געקוקט מיט ליעבענדע אויגען אונד דיא טרערען זיינען געלאפען איבער איהרע באקען, זיך דערמאהנענדיג וויא אונגליקליך זיא איז, אונד וויא ווייט זיא שטעהט נאך פון פערווירקליכען איהר גליק.

אין איהר בוזים האט זיא געפיהלט גראנדמארן'ס זייגער מיט דער קייט, מיט וועלכע זיא האט בעשלאסען צו איבערראש'ן זשאק'ן ווען וויא וועלען אנקומען נאך פאריז.

„ער ליעבט מיך, דאריבער איז קיין צווייפעל.“ האט זיא זיך געטראכט, „אונד ער ווייס אלעס. ער ווייס געוויס, דאס רובא האט געמארדעט גראנדמארינען, איהם אויך בערויבט, אונד אוועק גענומען זיין זייגער מיט דער קייט. איך האב איהם ניט געוואלט דערצעהלען דירעקט, אז דאס איז דער זייגער מיט דער קייט, אבער איך וואלט איהם נעזאגט, אז מען דארף זיך אביסעל היטען דערמיט, אונד ער וואלט

שוין פערשטאנען. דער ווינער מיט דער קייט וואלטען דאן זיכערער געווען בייא איהם אין קעשענע, אלס רובא זאל דאס ארויס טראגען צום פערקויפען, אום צופריעדען צו שטעלען דעם זויף אונד טרינק טייפעל..."

א זיפץ פון דעם קראנקען האט אונטערבראכען איהרע אידעען, דאן האט זיא ווייטער נעטראכט:

"אונד איך האב מיך גערעכענט שוין אזוי גליקליך לויז צו ווערען פון דעם אונמענשען, זיך בעזעטצען אירגענדוואו אין א פאריזער ווינקל, נאר.... פעקע האט מיר דערצעהלט נעכטען אבענד, וויא ער האט געדונגען דאס צימער, אונד יעטצט... עס וואונדערט מיך וואס דער אונמענש איז נאך ניט נעקומען אהער זעהן וואס איך טהו דא. איך שוידער זיך דערמאהנענדיג אן איהם..."

איהר קאפ איז נעזונקען אויף איהר ברוסט אונד זיא איז אויך איינגעשלאפען. זשאק האט ערוואכט ערשט אום 12 אוהר, שטארק ערפרישט פון דעם שלאף, אונד זעהענדיג סעווערינע'ן שלאפען זיטצענדיג, האט ער פראבירט זיא לאנגזאם אנזעק צו לעגען מיט'ן קאפ אויף זיין קישען. אבער ער איז געווען צו שוואך דאפיר, אונד מיט זיין בעריהרונג האט ער זיא נאר אויפגעוועקט.

נראדע דאמאלס האט זיך געהערט א קלאפ אין טהיר, אונד ווען דיא טהיר האט זיך געעפענט, איז ערשיענען רובא.

ער איז געבליעבען שטעהען קוקענדיג אויף זשאק'ן מיט סעווערינע'ן. דיא לעטצטע איז געזעסען אונד זיך ניט געקענט ריהרען.

רובא האט אויסגעזעהען ניט נאר ניכטער, זאנדערן אויך אויסגערוהט אונד אויסגעשלאפען. ער האט עס געהאט צו פערדאנקען וואס ער האט מעהר קיין געלד געהאט צו לומפען, אונד פיעללייכט אויך דער טהאטזאכע, אז ער האט ניט געזעהען סעווערינע'ן עטליכע טעג אין דיא אויגען, אונד דאס האט געווירקט צו דער רוהע פון זיין גייסט.

"גוט מארגען, מאנסיע לאנטיער," האט ער אנגעפאנגען מיט א גאנץ גער־ וועהנליכען טאן, "וויא געהט עס אייך?"

"איך דאנקע, גאנץ גוט; עס איז מיר בעסער," האט זשאק געענט־ פערט.

"אונד וויא געהט עס דיר, סעווערינע?" האט רובא ווייטער געפרעגט גאנץ פריינדליך.

"איך וואך איבער מאנסיע לאנטיער," האט זיא קוים ארויס געשטאמעלט, ניט טרויענדיג דעם טאן פון זיין שטימע.

אָבער רובאָ אַלס ניכטערנער מענש, איז ניט געווען דערזעלבער אַלס שיכור אונד קאַרטען־שפּיעלער. ער האט דאַן גאַנץ גוט פערשטאַנען, אַז פון זשאַק׳ס שטילשווייגען, הייננט אָב זיין פרייהייט אונד זיין לעבען, אונד זיך ניט שטאַרק קימערענדיג איבער סעווערינע׳ס ליעבע, איז ער געווען ענטשלאָסען צו שפּיעלען זיין ראָלע וויא דער צושטאַנד האט געפאָרדערט. ער האט דערפאַר געענט־פערט:

„עס איז זעהר שעהן פון דיר, סעווערינע, וואס דוא פּאַסט אויף איבער מאָנסיע לאַנטיער; דוא קענסט אויך דאָ פערבלייבען אַזוי לאַנג וויא עס איז נעטהיג.“

סעווערינע, אָבוואָהל צופריעדען מיט דיזער ערקלערונג, האט זיא אָבער נאָך מעהר געהאַסט איהר מאַן פאַר זיין גלייכגילטיגקייט אין אָפּפערן איהר עהרע אונד ליעבע אום זיין פרייהייט צו זיכערן.

רובאָ האט נאָך גערעדט עטליכע פריינדליכע ווערטער, זיך ענטשולדיגט וואס ער האט פריהער ניט געקענט קומען צו זעהען וואס „זיין פריינד“ טהוט, אונד דאַן האט ער גענומען אבשיעד אונד איז אוועק.

ווען רובאָ האט צוגעמאַכט דיא טהיר הינטער זיך, האט סעווערינע פרייער אויפגעאָטהעמט.

„דער באַנדיט,“ האט זיא געמורמעלט, „מיין גאָט, וויא איך האַס איהם!“

זיא האט דאַן אייננעגעבען זשאַק׳ן דיא מעדיצין אונד אויסגעמיעדען צו רעדען איבער רובאָ׳ן, אום איהר געליעבטען ניט אויפצורעגען.

„דוא ביסט מיעד, סעווערינע,“ האט זשאַק בעמערקט.

„ניין, ניין, איך בין שוין ניט מיעד; איך בין געשלאָפען איינינע שטונדען.“

„הער אויס, מיין טהייערע,“ האט ער ווייטער געזאַגט, „איך וויל דוא זאָלסט מיר עפּעס פערשפּרעכען.“

„מיט פערגניגען.“

„איך וויל דוא זאָלסט זיך לעגען אביסעל אונד אויסרוהען דאָ אויף׳ן צווייטען בעט. איך פיהל מיך יעטצט פאָלקאָמען בעסער, אונד דוא וועסט מוזען אבענד וויעדער וואַכען.“

סעווערינע איז ווירקליך געווען מיעד. זשאַק האט זיא צוגערופען מיט זיין האַנד, אָנגענומען איהר קאָפּ אונד זיא געקושט אויף איהרע ליפּען. דאַן האט זיא

זיך אומגעווענדעט אונד זיך אויפ געלעגט אויף'ן בעט, וואו זיא איז גלייך איינ־געשלאָפען.

זשאק איז געלעגען איינע אויגענבליק אונד נאך אמאל איבערגעדענקט וועגען דעם שרעקליכען באהן־אונגליק; ער האט געהערט פון פלאָרא'ס זעלבסטמאָרד, אונד דאן האט ער זיך דערמאָהנט וויא אזוי זיא איז פאר איהם ערשיענען אויף דיא שינעס, האַלטענדיג פעסט דיא פערד מיט'ן וואָגען, אונד...

„קיין צווייפעל," האט ער געמורמעלט, „אז דיא אייפערזוכט האט זיא גע־טריעבען מיך צו ערמאָרדען מיט סעווערינע'ן, אונד זיא האט זיך ניט בעקימערט אום דעם לעבען פון אזוי פיעלע מענשען. אָבער זיא האט איהר פּלאן ניט דורכ־געפיהרט. אנדערע, אונשולדיגע, זיינען געהרג'עט געוואָרען, אונד איך מיט סעווע־רינע'ן, איהרע פערהאסטע, דיעזע לעבען. אזוי איז עס שוין וואהר־שיינליך אויף דיעזער וועלט, אז גראדע דיעזע וואס מען וויל דייא זאָלען שטארבען, דיעזע לעבען. איך קען מיך ערמאנערן גאנץ גוט אן דעם שוידערהאפטען בילד. זיא איז געשטאנען אין מיטען צווישען דיא שינעס; איהרע נאקעטע אונד מוסקולעזע מענער־הענד האבען פעסט געהאלטען דיא דערשראָקענע פערד: איהר געזיכט איז געווען גראדע געגען מיר; צוקומענדיג נעהנטער, פאר דעם צוזאמענשטויס, האב איך געזעהען איהרע אויגען, וועלכע זיינען געווען דרייא מאל אזוי גרויס וויא געוועהנליך, אונד זייא האבען געקוקט צו מיר מיט א שרעקליכען האס. איך האב געמיינט, אז זיא וויל שטארבען גלייך מיט אונז, אָבער, וויא עס שיינט, האט זיא געוואָלט לעבען אונד זעהען אויב איהר ראכע איז דורכגעפיהרט. וויא אזוי זיא האט זיך דאן גערעטעט, איז מיר א וואונדער. מעהר געדענק איך ניט. ביז איך האב געעפענט דיא אויגען אונטער דעם בוים, ליעגענדיג מיט מיין קאָפּ אויף סעווערינע'ס שויס. איך האב בעגעגענט איהר בליק. זיא האט וואהרשיינליך געלעזען אויף מיין געזיכט, דאס איך וויים אלעס. דאן איז זיא פערשוואונדען געוואָרען, אונד..."

זשאק האט געציטערט זיך דערמאָהנענדיג וואס ער האט שפעטער געהערט, וויא פלאָרא האט בעגאנגען זעלבסטמאָרד, אונד וויא אזוי מען האט געפונען איהר קערפער.

„עס איז יעדענפאלס בעסער וואס זיא איז טויט," האט ער זיך ווייטער גע־טראכט. „זיא איז געווען א געפעהרליכע בריאה."

דאן האט ער זיך דערמאָהנט אן יענער סצענע, אין דעם אבענד וואס גראנד־מאָרין איז ערמאָרדעט געוואָרען, וויא אזוי ער האט זיא געהאלטען געבען זיך, געקוישט אונד... וויא ער האט ערבליקט אונד געפיהלט איהר האלז; וויא אזוי

דאס געפיהל ארויס צו רייסען איהר נאַרגעל איז געקומען, אונד דאַן, וויא ער האט זיך בעהערשט אונד איז ענטלאָפען.

ער האט זיך אויסגעבוינגען אויף א זייט אונד געקוקט אויף סעווערינע'ן, וויא זיא איז רוהיג געלעגען אויף'ן בעט אונד געאטהעמט רעגעלמעסיג. זיין בליק איז געפאלען אויף איהר ווייסען אונד נאַקעטען האַלז, אונד א ווילדעס געפיהל האט איהם ערגריפען.

ער האט געוואָלט ארונטער שפּרינגען פון דעם בעט, צוגעהען צו איהר, אונד...

„ניין, ניין,“ האט ער זיך אליין געטרייסט. „זיא, מיין געליעבטע סעווערינע, וויל איך ניט מאָרדען; ניין, ניט מאָרדען! איך וויל בלויז גלעטען איהר האַלז; גלעטען, אונד ווייטער גאָר ניט; בלויז פיהלען איהר לייב, דאס ווייסע לייב אויף'ן האַלז אונד גאָר ניט טהון; איך וויל זיא ניט מאָרדען!“

א מערקווירדיגעס געפיהל פון וועלען אונד ערפיללען זיין וואונש, האט איהם געמאַרטערט. עס האט איהם אזוי וויא געקיצעלט ביים הערצען, געקלאַפּט אין דער ברוסט, נאָר ער האט זיך ניט געקענט ריהרען פון זיין פּלאַטץ.

וויא ער האט געוואָלט אויפהויבען דעם קאָפּ, האט זיך איהם געדאכט, אז ער איז אונגעהייער שווער אונד ער קען איהם ניט ריהרען פון פּלאַטץ. דיא בעוועגונג האט איהם אויף פעראורזאכט שמערצען, אונד ער איז געבליעבען ליעגען ענט־קרעפטעט.

אָבער זיינע אויגען האט ער ניט געקענט אָבווענדען פון סעווערינע'ס האַלז. דאס געפיהל פון קיצלען ביים הערץ, שטיקען אין דער ברוסט אונד שווער אטהמען, האט איהם שטאַרק בעאונרוהיגט.

„דאס איז עס,“ האט ער געמורמעלט, „עס איז דיא מאָרד־בעסטיע, איך קען זיא!“

מיט איין איבערנאַטירליכע קראַפט אונד גרויסע אנשטרענגונג, האט ער זיך איבערגעקייקעלט, אונד איז געבליעבען ליעגען מיט דעם פּנים צום פענסטער, אָבגע־ווענדעט פון דער שלאָפענדער סעווערינע.

זיין אידעע איז געווען, אויף דיעזער ארט לויז צו ווערען פון דער מאַרטערענדע אידעע צו מאָרדען. אָבער דיעזע אנשטרענגונג, האט איהם אזוי אויפגערעגט, דאס ער האט געשפּירט א העפטיגען שמערץ דורכשיסען אין זיין קאָפּ אונד עס איז איהם פינסטער געוואָרען אין דיא אויגען.

יער אונגעהייערער שמערץ פון בעוועגען זיך, דיא אבוועגדונג אונד דיא פינסטערניש אין זיינע אויגען, האט געווירקט וואס דיא מאָרד־אידעע איז באלד פערשוואונדען. אונד ער איז געבליעבען ליענען א היבשע צייט גאנץ געדאנקענלאָז, בלויז מיט דעם איינציגען בעוואוסטזיין פון שמערץ.

ווען דער שמערץ האט אָנגעפאנגען עטוואס נאכצולאָזען, האט ער זיך גע־פיהלט שלעפעריג, אונד שליסענדיג זיינע אויגען, איז ער אריין געפאלען אין דיא אָרעם פון איין אונרוהיגען שלאָף.

פערשיעדענע אונטערבראָכענע שוידערהאפטע חלומות האבען איהם געמאר־טערט. ער האט געזעהען אָבגעהאקטע קעפּ, אָבגעהאקטע הענד; טייכען בלוט; געהערט געשרייען פון שטערבענדע, אָבער, איבער אלעמען, האט ער געזעהען ווייסע פרויען־העלזער, וואו ער שטעקט אריין איין אינסטרומענט, וויא ער שניידט איבער דעם גאָרגעל אונד א שטראָם בלוט לויפט ארויס...

ער האט איינינע מאל ערוואכט אום ווידער איינצושלאָפען אונד טרוימען ריעזעלבע שוידערהאפטע חלומות, פון וועלכע עס האט אויסגעזעהען, אז ער קען זיך ניט בעפרייען.

ענדליך האט ער גאנץ ערוואכט. סעווערינע איז נאָך וואהרשיינליך געשלאָפען. ער האט ניט געוואגט זיך אומצודרעהען זעהען וואס זיא טהוט. ערשטענס וויל ער האט מורא געהאט צו קוקען אויף איהר האלז, אונד צווייטענס וויל ער האט זיך געשראָקען פאר דעם שמערץ וואס דאס וואָלט איהם ווידער פערארורזאכט.

זיינע אויגען האבען זיך צוגעווענדעט צום פענסטער אונד ער האט ארויס גע־קוקט. ער האט געזעהען פון ווייטען דיא אייזענבאהן־שינעס אונד ער האט זיך גע־מערקט, אז אביסעל ווייטער, אויף דער לינקער זייט, איז דער פּלאטץ, וואו זיין בעליעבטע „ליסאָן" איז צערשמעטערט געוואָרען אונד וואו דאס באהן־אונגליק האט פּאסירט. דאן האט ער זיך געמערקט דעם גארטען פון דעם אייזענבאהן־וועכטער. ער האט געדענקט, דאס ער האט דאָרט פיעלע מאל געזעהען מאנטע פאסיע, פלאָראַ'ן, אונד, מאנטע פאסיע?

זיא איז טויט! ער האט דאס ערפאהרען נאך אין יענעם אבענד פון דעם באהן־אונגליק, ווען קאביש איז ערשיענען אונד דערצעהלט וויא ער האט געבראכט דיא טרונע, אונד... זשאק'ס בליק איז געפאלען אויף א פיגור אין גארטען מיט א גראָב אייזען, פלייסיג בעשעפטיגט אין גראָבען דיא ערד.

עס איז ניט געוועזען קיין צייט פון אקערן; דאס האט זשאק גאנץ גוט גע־דענקט. זיך בעסער צוקוקענדיג, האט ער דערקענט דעם אלטען מיסארד.

„וואס טהוט ער דאָרט ?" האט ער זיך נעפרעגט. אָבער מיט דעם שטראָם פון זיינע געדאנקען, האט ער זיך וויעדער דערמאָהנט אן טאנטע פאסיע'ס ווערטער, אז מיסארד פערניפטעט זיא לאנגזאם, אום...

„געוויס, געוויס," האט ער געמורמעלט, „מיסארד האט זיא געוויס פער־ניפטעט ? אונד ווארום ניט ? וואס האט עס צו טהון מיט זיין עהרליכעס געזיכט ? האב איך דען ניט איין עהרליכעס געזיכט אונד אין מיר ברענט אימער דיא לוסט צו מאָרדען ? מיסארד האט פאָזיטיוו פערגיפטעט טאנטע פאסיע, אונד יעטצט זוכט ער איהר געלד. זיא האט עס נאך דאמאלס געזאגט, אז ער קעהרט א וועלט אום צו געפינען איהרע טויזענד פראנקס. אָבער איך גלויב, אז זיין מיה וועט זיין אומזיסט. ער וועט זוכען אונד זוכען, אונד ניט געפינען. ער האט אומזיסט גע־מאָרדעט ; זיא האט געוויס גוט בעהאלטען דאס געלד. ווער וויים אויב פלאָרא האט געוואוסט פון דיעזען געלד ? אונד ווען יא, דאן איז זיא שוין אויך טויט, אונד וואס דער סוף וועט זיין, וויים יעמאנד, מיט הונדערטער יאָהרען שפעטער, וועט אירגענדוואו געפינען ווערען איין אוצר.

„מיסארד איז דום. קען ער ניט פערשטעהן, אז טאנטע פאסיע האט דאָ ניט בעהאלטען דיא טויזענד פראנקס ? זיא האט דאס געלד געוויס בעגראָבען איר־גענדוואו אויף'ן פעלד אָדער אין וואלד..."

זשאק'ס אידעען זיינען אונטערבראָכען געוואָרען, וועהרענד א לייכטער קלאפּ האט זיך געהערט אין טהיר. דער קלאפּ האט אויפגעוועקט סעווערינע'ן, וועלכע איז ארונטער פון בעט, געעפענט דיא טהיר, אונד זשאק האט דערקענט קאביש'עס שטימע, פרעגענדיג וואס דער אינזשעניער מאכט.

סעווערינע האט געענטפערט, אז עס געהט איהם בעסער, געשטעלט קאביש'ן א ביינקעל אונד איהם געהייסען זיטצען. זיא איז דאן צוגעגאנגען צו זשאק'ן, אונד זעהענדיג, אז ער ליעגט אָבגעווענדעט, האט זיא איהם געפרעגט וויא ער האט געוואנט זיך צו ריהרען פון דעם פּלאטץ, נאכדעם דער דאָקטאָר האט איהם שטרענגם פערבאָטען צו בלייבען גאנץ רוהיג אונד זיך אליין ניט בעוועגען.

זשאק האט זיך ענטשולדיגט אונד געבעטען סעווערינע'ן זיא זאָל איהם העלפען זיך אומווענדען. קאביש איז אויך צוגעגאנגען, אונד צוזאמען האבען זייא געהאָלפען זשאק'ן זיך אומצו־ווענדען אָהנע עס זאָל איהם פעראורזאכען שמערצען.

קאביש האט דאן זיך אוועק געזעטצט נעבען קראנקען, אונד איבערערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע פון דעם אונגליק, אָבער, לויט נאך זיין מיינונג, איז פלאָרא גאָר ניט שולדיג געווען.

ער האט אפילו ערקלערט, אז ער איז יעטצט פאלקאמען רואינירט, נאכדעם וויא זיינע פערד זיינען טויט אונד דער וואגען צערשמעטערט. אבער רעדענדיג איבער דעם אונגליק, האט זיין שטימע געציטערט מיט מיטלייד צו דיא פעראונגליקטע, פערגעסענדיג אין זיין אייגענעם פערלוסט.

קאביש איז געווען איינער פון דיזע זאנדערבארע נאטור־מענשען, וועלכע שטעלען פאר אין זייער געזיכט אונד איבערפלעכליכע בענעהמונג, דעם געפעהר־ליכסטען אין דער וועלט. אין דער וואהרהייט געשפראכען אבער, איז ער געווען דיא גוטסקייט אליין. א גוטעס ווארט אונד א פריינדליכע מיענע, האט איהם געמאכט אירגענד יעמאנד'ס שקלאף, אונד פאר דעם האט ער אין איינמאל געווען פריינדליך, האט ער געקענט אפפערן זיין לעבען פאר דעם מינדעסטען וואונש.

סעווערינע האט אויסגעזעהן צו סימפאטהיזירען מיט איהם. ער האט געקוקט אויף איהר שעהנעס געזיכט, אונד זיין הערץ איז אנגעפיללט געווארען מיט דאנק־בארקייט. זשאק איז אויך געווען גאנץ פריינדליך, אונד קאביש האט גאר ניט געוואוסט וויא אזוי דיזע מענשען צו דאנקען פאר זייערע גוטע ווערטער.

דער ארמער האט זעלטען געהערט פון יעמאנדען א גוטעס ווארט איבער איהם.

ניט וויסענדיג וואס פריהער צו טהון פיר זיינע נייע פריינדע, האט זיך קאביש אנגעבאטען צו פערבלייבען איבער נאכט אונד וואכען נעבען דעם קראנקען'ס בעט.

סעווערינע האט געוואלט זיין דיא איינציגע צו בעדיענען זשאק'ן אונד זיא איז געווען אייפערזיכטיג איבער איין אנדערן ווען ער האט איהר פליכט געוואלט איבער־נעהמען. זיא האט זיך אנפאנגס בעדאנקט פאר דיעזער טובה, אבער זשאק האט זיך גאר דערפרייט הערענדיג, אז קאביש וויל דארט בלייבען. ער האט זיך גע־טראכט, אז קאביש'עס געגענווארט, וועט פערטרייבען דיא מארד־בעסטיע פון איהם, אונד דערפאר האט ער געזאגט:

„זאל זיין, מאראם רובא; מאנסיע קאביש מעג בלייבען. איך וועל איהם קיינמאל ניט פערגעסען דיא טובה.“

## קאפיטעל 11.

זעקס טעג מיט זעקס נעכט זיינען פאריבער, זייט קאביש האט אליין אנגע־באטען זיין דיענסט, צו העלפען בעדיענען זשאק'ן אין זיין קראנקהייט. זייט צוויא

טעג האט שוין זשאק געקענט ארום געהן אונד ער האט זיך פון שטונדע צו שטונדע געפיהלט בעסער.

קאביש! דיעזער מערקווירדינער מענש! ער האט אויך געליעבט סעווע־רינע'ן. אָבער וואס פאר א ליעבע דאס איז געוועזן! ער האט נאָר געקוקט צו איהר מיט אויגען פול בעוואונדערונג אונד פערגעטערונג, אונד ווען זשאק אונד זיא זיינען נים געוועזן דערבייא, האט ער געכאפט איהר קלייד, מאנטעל אָדער זאָנאר שיך, אונד זייא געקושט.

אין א טאָג האט איהם סעווערינע געפאקט קושענדיג איהרע האנדשוה; זיא איז צו איהם צוגעגאנגען אונד אלס ער האט זיך אומגעווענדעט אונד זיא ערבליקט, האט זיין גאנצער מעכטיגער קערפער אָנגעפאנגען צו ציטערן. סעווערינע האט גע־שמייכעלט צו איהם נוטמיטהיג אונד אויסגעשטרעקט איהר האנד אהד ער־גריפען זיינע.

קאביש, דיעזער מאַן, וועלכער האט אויסגעזעהען וויא א ווילדע חיה, אונד מעכטיג וויא א בער, איז געוועזן קראפטלאָז וויא א קינד אין איהר געגענווארט. זיין שוואכקייט האט זיך נאך אויף אזוי פיעל געצייגט, דאס ער האט אָנגעהויבען צו וויינען. דאן האט ער אָבגעלאָזען איהר האנד, זיך אומגעווענדעט אונד איז ארויס געלאָפען פון הויז. סעווערינע האט זיך צולאכט.

קאביש האט אויך, אין דיא לעטצטע פאאר טעג, צוגענומען איינינע קלייניג־קייטען וואס האבען בעלאנגט צו סעווערינע'ן: האאר שפילקעס, האאר בענדלעך, האנד־טיכלעך אונד אנדערע זאכען, וועלכע ער האט אוועק געטראָגען צו זיך אין וואלד אונד זייא בעהאלטען אין זיין ווילדער וואָהנונג, אלס זיסע אונד ליעבע צייכענס פון דיעזער, וועלכע ער האט פערגעטערט.

ווען קאביש האט געזעהען זשאק'ן קושען סעווערינע'ן, האט ער זיך בלויז אָב־געווענדעט, געשטאנען פון וויטען אונד אויסגעזעהן הנאה צו האבען פון סעווערינע'ס פערגניגען.

צום אכטען טאָג אבענד, נאך דעם באהן־אונגליס, איז קאביש אליין געוועזן אין זשאק'ס צימער, וואו ער האט עפעס געפונען פון סעווערינע'ס זאכען, פריהער געקושט, דאן צוגענומען אונד איז געלאָפען אוועק אין וואלד אום דאס צו בעהאלטען אין זיין וואָהנונג.

זשאק אונד סעווערינע זיינען געוועזן שפאציערען, אונד ווען זייא האבען צוריק געקערט, האבען דיא קאביש'ן דאָרט נים געטראָפען. עס שיינט, דאס זייא האבען

געהאט א געשפרעך איבער זייער צוקונפט, אונד ביידע זיינען עפעס געווען אהנצר פריערען. זייא האבען אויך אויסגעמיערען צו רעדען.

סעווערינע איז געוועזען אנגעקליידעט אין א לייכטען ווייסען זוממערדיגען אנצוג; איהרע באקען זיינען געווען פערפלאמט פון דער פרישער לופט, אונד איהרע אויגען האבען געגלאנצט מיט אויפרעגונג. זיא האט זיך אוועק געזעטצט אויף זשאק'ס בעט אונד אבגעווענדעט איהר געזיכט אויף א זייט אום זיין בליק ניט צו בע־געגנען.

זשאק, וועלכען'ס קאפ איז נאך געווען ארום געבונדען, האט שפאצירט אין צימער לאנגזאם הין אונד צוריק, ביז ער איז געבליעבען שטעהן אין פראנט פון סע־ווערינע'ן. ער האט געקוקט אויף איהר הערר־ליכען קערפער, אויף איהרע ווייסע האלב־נאקעטע הענד, אונד ער האט זיא בעוואונדערט.

„זייא ניט בעז, סעווערינע," האט ער געזאגט מיט א מילדער שטימע.

זיא האט איהם ניט געענטפערט.

„רעדט צו מיר, געליעבטע," האט ער זיך געבעטען, צוקומענדיג נעהנטער.

„איך וויל מיט דיר גאר ניט רעדען," האט זיא געזאגט צארניג.

זשאק האט אנגענומען א ביינקעל, דאס צוגערוקט צום בעט נעבען איהר, אונד זיך געזעטצט.

„וואס זאל איך טהון?" האט ער געפרעגט.

זיא האט אויפגעהויבען איהרע אויגען אונד איהם וויא בעטראכט פון אויבען ביז ארונטער.

„זשאק," האט זיא פלוצלינג געזאגט, „מיר זיינען דאך ניט קיין קינדער; איך וויל דיך בלויז פרעגען איין זאך: ליעבסטו מיך ווירקליך?"

ער האט אנגענומען איהר האנד אונד אבגעפרעסט א קוש אויף איהר האנד, מיט אזוי פיעל פייער, וועלכער האט געשפראכען מעהר וויא ווערטער.

„איך ליעב דיך, סעווערינע," האט ער דאן געענטפערט, „וויא א מאן מיט א הערץ איז נאר אימשטאנדע צו ליעבען."

„דאן וויל איך דיך ווייטער פרעגען: וואס קען ווערען פון אונזער ליעבע?"

„וואס ווייס איך? מיר וועלען זיך ליעבען אונד גליקליך זיין."

„דאס איז אונמעגליך!

„ווארום?"

„הער מיך אויס, זשאק: איך קען אין פראנקרייך מעהר ניט פערבלייבען;

איך האב אלעס ארום מיר אונד פעראכטע יעדע נעגענד; ניין, איך שווער פאר יעדען געגענשטאנד וואס קוסט מיר ענטקעגען. מיר מוזען אוועק פון דאנען."

„גוט, גוט, דאן וועלען מיר אָברייזען."

„וויא אזוי?"

„מיט א באהן, מיט א שיף, מיט וואס עס איז, אבי דאָ ניט צו זיין."

„דוא ווילסט מיך ניט פערשטעהן, זשאק. מיר מוזען אָברייזען פון דאנען מיט וואס עס איז; דאס איז שוין גענוג ריכטיג, אונד מיר האבען שוין איינמאל דאריבער געשפראָכען. אָבער דיעזער פערפלוכטער חלק ירושה, קראָא דע מאָפרא, מוז פער־קויפט ווערען. מיר מוזען האבען דיעזעס געלד, דאמיט מיר זאָלען קענען לעבען גליק־ליק אונד צופריעדען ערגעץ אנדערש, אונד געניעסען פון אונזער ליעבע."

„אָבער דוא קענסט עס דאָך ניט פערקויפען," האט זשאק אָנגעווענדעט.

„איך קען יא, ווען דוא זאָלסט ניט זיין קיין פייגלינג, וואס האט מורא פאר זיין איינענעם שאטען."

ער האט ניט געענטפערט אונד ארונטער געלאָזען דעם קאָפּ.

„דוא שוויינסט?" האט זיא ענדליך געפרעגט.

„איך קען דיר גאר ניט ענטפערן."

„דומער אונד אבשייליכער פייגלינג!" האט זיא אויסגעשריען אויפשפרינגענדיג פון בעט. איהרע אויגען האבען וויא געשאָסען מיט פייער פאר אויפרעגונג, אונד איהר גאנצער צארטער קערפער האט געציטערט. איהרע באקען זיינען געוואָרען בלאס אונד זיא האט זיך געוואָלט אָבווענדען פון איהם.

„סעווערינע!" האט ער געזאגט אויפהויבענדיג זיינע הענד.

„פייגלינג!" האט זיא געענטפערט. „ווארט, איך קען דיך גאנץ גוט. ניט מיך, מיין „איך" ליעבסטו, ניין, ניין! איך ווייס עס גאנץ גוט; איך קען אייך אלע פערפלוכטע מענער. דוא האסט ליעב „מיין ווייסען אונד וויכען קערפער," וויא דוא רופסט עס אָן; דוא ליעבסט צו פערבאָרגען דיין געזיכט צווישען מיינע ברוסטען; דוא ווילסט מיך האלטען צוגעדריקט צו דיר אונד פיהלען דיא װארעמ־קייט פון מיין קערפער; דוא ווילסט איך זאָל דיך אויפרעגען, אויפהעטצען אונד ערפיללען דיין רייץ, דיין לוסט אונד דיין בעסטיאליטעט — ניט מעהר! ניט מעהר! מיך זעלבסט, מיין „איך," דאס דארפסטו ניט. ווען איך פערשאף דיר קיין פער־גניגען, דאן בעקימערסטו דיך ניט אום מיר מעהר, וויא אום אירגענד איין אנדערעס פרויענצימער!"

„סעווערינע!"

„האלם ־יין מויל ! הער וואס איך האב דיר צו זאגען: דוא ליעבסט מיך יערפאר, וייל איך גיעב דיר מיין ליעבע פרייא, אהן געלד, אהן מיה אונד מיט מיין גאנצען הערצען. איך פערגין דיר צו געניעסען מיין ליעבע, וויפיעל דוא ווילסט. דוא ליעבסט מיך אלזא מעהר דערפאר, וייל איין אנדערער וואלט דיר פיעללייכט אזוי פיעל ניט געשאנקען, גענעבען אונד פערגונען. אבער איך אליין שפיעל בייא דיר א קליינע ראלע...“

„אום גאטעס ווילען, סעווערינע!“ האט ער אויסגעשריען ערגרייפענדיג איהרע הענד. „איך קען ניט, איך קען ניט!“

זיא האט בעפרייעט איהרע הענד פון זיינע אונד פארטגעזעטצט:

„איך צווינג דיך ניט; ניין, ניין, איך קען דיך ניט צווינגען. אבער וואס מיין ענטשלוס: ער האט מודיע געוועזען היינט בייא טאג מיט פעקע׳ן, אז ער וועט אהער קומען היינטיגע נאכט אום 9 אוהר. איך וויס ניט אונד קען ניט זיין אבזיכט. אבער עס איז מעגליך, אז מיין אבוועזענהייט האט אין איהם ערוועקט דיא בעסטיאליטעט וואס איהר אלע מענער ליעבט אזוי...“

„סעווערינע, סעווערינע!“

„לאז מיך רעדען: ניעמאנדען האב איך נאך אזוי געליעבט אין דער וועלט, וויא דיך, מיין ליעבער פיינעלינג, זשאק לאנטיער! אבער מיין ניט, אז איך בין א קינד אונד וועל מיך לאזען טרעטען מיט דיא פיס, אפילו פון דעם וואס איך ליעב; איך בין אויך ניט קיין גאסען־פרוי, ניין, ניין, דוא הערסט, ניט קיין גאסען־פרוי, וואס יאל צופריעדען זיין מיט א פריינדליכען בליק פון איהר געליעבטען; ניין, איך וויל ליעבע, אונד אזא ליעבע, וואס זאל זיין גראדע אזוי שטארק וויא דיא מיינינע. ווען איך קען דאס ניט בעהויפטען, דאן וויל איך האסען — האסען מיט מיין גאנצען הערצען, אונד זעהען טויטען דיעזע ליעבע אין מיר, מיט דער ערשטער מיתה משונה. יא, איך וועל טויטען דיעזע ליעבע...“

זשאק האט אנגעכאפט איהרע הענד אונד זיא צערטליך צוגעדריקט צו זיך ווינענדיג, אהנע ער זאל קענען רעדען א ווארט.

„אלע פיינלינגע ווינען,“ האט זיא געזאגט שפאטיש, אונד דאן פארט־זעטצענדיג האט זיא בעמערקט: „איך וועל טויטען דיעזע ליעבע אין מיין ברוסט אויף פאלגענדער ארט: הייטע אבענד קעהר איך צוריק צו רובא׳ן; דוא הערסט, זשאק, צו רובא׳ן קעהר איך צוריק. דיעזען „ווייכען אונד ווייכען קערפער,“ וועל איך איהם ווידער געבען; איהם, וועלכען איך האס מעהר וויא איך ליעב דיך! ער וועט זיך איבער דיעזען קערפער לוסטיג מאכען, אונד...“

„גענוג! גענוג!" האט ער אויסגעשריען אויפשפרינגענדיג אונד געלעגט דיא האנד אויף איהר מויל זיא זאָל ניט ווייטער רעדען.

„הא, הא," האט זיא געזאגט מיט א ביטערן טאָן בעפרייענדיג איהר מויל, „עס שמעקט דיר ניט, אָבער ווען דוא זאָלסט וויסען...״

„אום גאָטעס ווילען, סעווערינע, רעדט, זאג, בעפעהל, איך וועל אלעס טהון, אלעס!"

ער איז צוריק געפאלען אין זיין שטוהל, אונד זיא, מיט א טריומפירענדען שמייכעלע אויף איהרע ליפען, האט אויף איהם געקוקט גראדע מיט אזא מיענע, וויא צור צייט וואס דער לייב האט געכאפט א הירש נאך א לאנגער יאגד, איהם אניעדער געוואָרפען אונד צוגעטרעטען מיט זיינע פיס, דאן זיך אוועק געשטעלט בעטראכטען געדולדיג זיין אָפּפער, וואס ער דארף אויפפרעסען.

סעווערינע האט זיך געשפירט אלס זיעגערין. זיא איז געשטאנען אייניגע אויגענבליקען אונד איהם בעטראכט, דאן האט זיא זיך געזעטצט לאנגזאם אויף'ן בעט נעגענאיבער איהם. א היבשע צייט איז פאראיבער אין א טיעפעס שטיל שווייגען.

ערבליקענדיג איהרע הענד, האט ער זיא אָנגעכאפּט מיט זיינע, וועלכע האבען וויא געברענט מיט היטץ. דאן, זיך זעטצענדיג גלייך, האט ער געזאגט:

„סעווערינע! מיין ענטשלוס איז געפאסט, בעפעהל, אונד איך בין פערטיג דעם טייפעל זעלבסט אָבצוהאקען זיין קאָפּ."

זיא האט איהם אומארמט אונד געקושט.

„אך, מיין געליעבטער," האט זיא געזאגט, „גלויב מיר, אז מיר האט עס ניט וועניגער שמערצען פעראורזאכט צו זאגען דיעזע ווערטער, וויא דיר, וועלכע דוא האסט געמוזט אויסהערען. אָבער, איך האב מיר ניט געקענט העלפען."

זיא האט איהם ווייטער געקושט.

„זשאק," האט זיא וויעדער אָנגעפאנגען. „ער וועט אָנקומען מיט דער באהן 8.50, עס וועט איהם נעהמען דער גאנג צעהן מינוטען צייט אהער צו קומען, אונד ער וועט דאָ מוזען זיין פונקט 9, וויא ער האט בעפוילען."

„יעטצט איז אונגעפעהר 8," האט ער בעמערקט.

„יא, דאס איז ריכטיג. דוא זאָלסט אלזאָ ארויס געהען פון דאנען מיט א האלבע שטונדע שפעטער, אונד איהם ערווארטען צווישען דעם הויבען גראז בייא דיא שינעס, וואו ער מוז פארבייא געהען. דאן..."

זיא האט געשוידערט פאר דעם וואס זיא האט געוואָלט ווייטער זאגען. ער איז שוין אָבער געווען גאנץ גלייכגילטיג אונד ענטשלאָסען אלעס צו הערען אונד טהון וואס זיא וועט איהם בעפעהלען.

„דאן," האט זיא פאָרטגעזעטצט מיט א ניעדריגער שטימע, „זאָלסטו איהם אריין שטעכען דאס מעסער צווישען די א ריפען אָדער אין הערצען... ווען ער וועט פאלען, זאָלסטו איהם לאָזען ליעגען א קורצע צייט, אונד..."

עס איז איהר שווער געווען ארויס צו ברענגען דיא שרעקליכע ווערטער, וועלכע זיינען געווען אָנגעזאמעלט אין איהר געהירן.

„דאן זאָלסטו איהם ארויף שלעפען אויף דיעזעלבע שינעס אונד איהם לאָזען ליגען. אום 9.40 לויפט פארבייא דער האוועד־נאכט־צוג, וויא דוא האסט מיר שוין איינמאל דערצעהלט, אונד דיעזער וועט איהם צערשמעטערן. עס וועט דאן זיין א זעלבסטמאָרד פאל, אָדער, פון מיינעטוועגען, וועט עס מעגען הייסען, אפילו א צופאלל..."

זשאק האט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אז ער פערשטעהט. סעווערינע האט לייכטער אויפגעאטהעמט ווען זיא איז פערטיג געוואָרען מיט דער מיטטהיילונג פון איהר פלאן.

„ביסטו איינפערשטאנדען דערמיט?" האט זיא געפרעגט נאך א לאנגער פויזע.

„יא," האט ער געענטפערט פעסט ענטשלאָסען.

„אך, געליעבטער!" האט זיא אויסגעשריען איהם פאלענדיג אויף זיין האלז אונד בעדענקענדיג זיין פנים מיט קושען.

סעווערינע איז געווען זיכער, אז זשאק וועט דיעזעס מאל ערפיללען איהר וואונש. זיא איז דאן פלוצלינג פערוואנדעלט געוואָרען אין איין אנדערע בריאה, אונד אנגעהויבען צו זוכען אלע בעקאנטע מיטלען, וויא זשאק'ן געפעלען צו ווערען.

זיא האט אויפגעקנעפעלט איהר לייכטען זשאקעט, אָפּען געלאָזען איהרע נאקעטע ברוסט אונד אריין גענומען זשאק'ס געזיכט. איהרע נאקעטע הענד האבען געהאלטען אומארמט זיין האלז. אונד זשאק, דערשפירענדיג איהר קערפער, האט אָנגעפאנגען אויפצולעבען פון זיין אונרוהיגקייט.

„בעאיילע דיך, געליעבטער," האט זיא געמורמעלט, „דיא צייט לויפט פארבייא..."

זשאק האט זיא געקושט אין דער ווילדעסטער איפערעגונג.

„קוש מיך נאך אמאל, זשאק,“ האט זיא געזאגט אין איהר ווילדער אויפ־רעגונג, „נאך איין קוש.“

דאן איז זיא אויפגעשטאנען, צוגעגאנגען צום טיש, ארויס געצויגען דאס טיש־קעסטעל, פון וואנען זיא האט ארויס גענומען א פערמאכטעס מעסער׳ל.

דאס זעלבע מעסער׳ל, וועלכעס זיא האט געקויפט רובא׳ן א פרעזענט, אונד מיט וועלכען רובא האט ערמארדעט ריכטער גראנדמארין.

„נעהם דאס, זשאק,“ האט זיא געזאגט איהם איבערגרייכענדיג דאס מעסער׳ל.

ער האט דאס גענומען אהנע צו קוקען דארויף אונד אריין געלעגט אין קעשענע.

דאן איז זיא צוגעגאנגען צום בעט, זיך אוועק געליינט אונד קוקענדיג צו זשאק׳ן, וועלכער איז געשטאנען אויף דיא פיס, האט זיא געזאגט:

„קוש מיך נאך איינמאל, געליעבטער, אונד דיעזער קוש זאל אונז געבעןביידע קראפט איבערצושטעהען דיא שווערע פראבע.“

ער איז צו איהר צוגעגאנגען אונד אבגעפרעסט א קוש אויף איהר נאקעטער ברוסט.

דאן איז ער געבליעבען שטעהען אונד געקוקט אויף איהרע באקען, וועלכע זיינען געוועזען אזוי רויט, וויא צוויא בליהענדע רויזען. איהרע אויגען האבען געגלאנצט מיט ליעבע אונד ער איז געוועזען ווירקליך ענטשלאסען זאגאר דעם טייפעל זעלבסט אבצושניידען זיין קאפ אום איהר וואונש צו ערפיללען.

זיין בליק איז געפאלען ניעדריגער, אויף איהר שעהנער אונד ווייסער ברוסט. דאן וויעדער העכער, אויף איהרע פעטע קינבאקען, וועלכע האבען עטוואס אריבער געהאנגען, דאן וויעדער עטוואס ניעדריגער, אויף׳ן שנעע־ווייסען האלז.

א געדאנק האט דורכגעשאסען דורך זיין קאפ.

זשאק האט זיך געוואלט אומווענדען אונד ענטלויפען פאר דיעזען געדאנק. אבער ער האט ניט געקענט, זיינע פיס זיינען וויא צוגעשמידט געווארען צו דער ערד. ער האט זיך ניט געקענט ריהרען פון זיין פלאטץ.

זיא האט צו איהם געשמייכעלט ערמונטערענד.

זשאק׳ס געזיכט איז בלייך געווארען וויא ביי א טויטען.

סעווערינע האט געמיינט, אז איהר אויפטראג מאכט איהם גרויס שמערצען. זיא האט מיט איהם געהאט מיטלייד.

זיא האט זיך אנגעפאנגען אויפצוהויבען.

„ושאק, געליעבטער,“ האט זיא געזאגט, „רוא ליידעסט, אך, מיין גע־ליעבטער...“

ער האט געשוויעגען אונד זיא איז געבליעבען זיטצען איהם אנקוקענדיג. דאן האט זיא ערגריפען זיין לינקע האנד, וועלכע איז געוועזען קאלט וויא אייז אונד גע־ציטערט. עס האט איהר ערגריפען ביים הערץ אונד זיא האט פלוצלינג געזאגט:

„ושאק, ושאק, מיין געליעבטער! ווען דוא קענסט ניט, דאן, יא, דאן נעה ניט!“

זיא האט עס געמיינט ערנסט, אבער ער האט איהרע ווערטער ניט געהערט. דיא שרעקליכע קיצלערייא ביים הערצען איז ערשיענען; פאר זיינע אויגען האט ער נאר געזעהן איהר ווייסען האלז; אין זיין פאנטאזיע האט געשוועבט איהר גאנצער קערפער, וועלכען ער האט געוואלט רעטען, ענטרייסען אונד אוועק נעהמען פון אלע אנדערע מענער, אונד איהר לאזען בלויז פאר זיך אליין.

„קוש מיך, געליעבטער,“ האט זיא ווייטער געמורמעלט, איהם צודריקענדיג איהר באק צו דיא ליפען.

ושאק'ס אטהעם האט אנגעהויבען צו ווערען קורץ, זיין האלז האט זיך צוזאמ־מענגעצויגען, אונד ער האט אריין געלעגט דיא רעכטע האנד אין זיין קעשענע.

ער האט אינוועניג געעפענט דאס מעסער'ל.

„בלייב דא, ושאק, גער ניט, ניין ניין, געה ניט, ווען דוא ליידעסט אזוי פיעל— בלייב דא מיט מיר...“

מיט זיין לינקער האנד האט ער זיא צערטליך צוגעשטופט צום בעט, וואוהין זיא האט זיך געלאזען אוועק לייגען.

אויף'ן טיש האט געברענט דער לאמפ, וועלכען קאביש האט אנגעצונדען אידער ער איז אוועק געגאנגען. אין שיין פון לאמפ האט עפעס געבלימצט. סעוועי־רינע האט דאס ניט געזעהן, נאר זיא האט געבליקט צו ושאק'ס אויגען, וועלכע האבען פארגעשטעלט, עטוואס פירכטערליכעס.

„ושאק...“ האט זיא געמורמעלט.

דאן האט זיא ערבליקט דאס מעסער'ל אין זיין רעכטער האנד. זיא האט ניט אויסגעזעהען צו פערשטעהן, אבער זיא איז געווארען אונרוהיג.

סעווערינע האט געשפירט וויא ושאק'ס לינקע האנד דריקט איהר קערפער אונגעוועהנליך שטארק. דאס מעסער'ל איז געקומען געהנטער.

אך, איין אנגריף פון אונבעשרייבליכער שרעק, האט זיא געמורמעלט הייזעריג:

„ושאק! ושאק! אבער מיין גאט, ווארום? ווארום?"

דינע צייהן זיינען געווען צוזאמענגעדריקט. זיא האט אנגעהויבען צו קעמפפען זיך אויסצורייסען. עס איז איהם באלד געלונגען, אונד ער האט אבגעריסען דאס לייכטע קלייד פון איהר. דער גאנצער איבערשטער טהייל פון קערפער האט זיך ארויס געוויעזען. ענדליך האט ער זיא ווידער אוועק געלעגט אויף'ן בעט. פון זיין מויל איז קיין זילבע ארויס, אבער זיינע ווילדע אויגען האבען אבער אלעס דער־צעהלט.

„ווארום? מיין גאט, ווארום — "

זיין פויסט איז געפאלען מיט איין אונגעהייערער קראפט אונד געשטערט צו בעענטפערן איהר פראגע.

דאס מעסער'ל איז אריין טיעף אין איהר ווייסען האלז. ער האט דאס אויסגע־דרעהט אויף א זייט, אונד נעדריקט ווייטער; דאן האט ער אומגעווענדעט דיא קלונג אונד איבערגעשניטען איהר גארגעל.

ושאק האט געהערט סעווערינע'ס כארכלען, ניט מעהר. א שטראם ווארעמעס בלוט איז ארויס, וועלכעס האט געגרייכט זיין לינקע האנד.

איהרע אויגען זיינען נאך געווען אפען אונד געקוקט אין שרעק צו איהם. איהר קאפ איז געפאלען אביסעל אויף א זייט, אונד דאס בלוט איז געלאפען אין שטראמען, אבפארבענדיג איהרע ווייסע ברוסט, דיא הייסע קישענס אונד גרייכענדיג פון דעם קישען צו איהר לינקער האנד.

ושאק האט אבגעלאזען דאס מעסער'ל, אונד געבליעבען שטעהען נעבען איהר אונבעוועגליך.

דארט איז זיא געלעגען; ער האט געזעהען וויא דאס בלוט האט נאר ניט געוואלט אויפהערען צו לויפען, וויא פון א קוואל. ער וואלט זיך ניעמאלס פארגע־שטעלט, אז זיא האט אזוי פיעל בלוט אין זיך.

דאן איז איבער איהם געקומען א שוידער; דאס געזיכט, וואס איז מיט א קורצע צייט פריהער נאך געווען אזוי שעהן אונד לעבהאפט, האט אנגעפאנגען איבערצוגעהן צו ווערען מיט דער טויטער־מאסקע, אזוי גוט בעקאנט אויף דיא לייכען. איהרע שעהנע האאר, דינען געווען וויא אויפגעשטעלט, אונד ער האט זיך דערמאהנט אן דעם וואס מענשען זאגען, אז פאר שרעק קענען זיך שטעלען דיא האאר קאפויר. ריכטיג, סעווערינע'ס האאר זיינען געשטאנען אויף איהר קאפ. דיא אויגען, אזוי גרויס אונד ווילד, האבען אויסגעזעהען צו פרעגען, ווארום ער האט זיא ערמארדעט.

פלוצלינג האט זיך ושאק דערשראָקען. עס האט זיך איהם נעדאכט, אז ער האט געהערט דאס ווילדע שנאָרכען אונד ברומען וויא פון א ווילדער בעסטיע, א ווילדען שוויין, אָדער דאס מעריקען פון איין אָקס. ער האט אייננעהאלטען זיין אטהעם זיך צו צוהערען. ער האט זיך אָבער באלד איבערצייגט, אז דאס איז זיין איינענעס סאָפען, נאך דער אנשטרענגונג פון דעם מאָרד.

אָבער ענדליך האט ער זיך נעזעטינט! ער האט נעמאָרדעט! איין אונענד־ליכע שווידרהאפטע אונד גרויזאמע פרייד, צופריעדענהייט אונד טריומף האט איהם ערגריפען אונד אָנגעפיללט זיין גאנצע זעעלע. עס האט אויסגעזעהען גלייך וויא דער האָהן וואס יאָגט נאך דער הוהן, כאפט זיא, גיבט איהר א מערדערישען פיק אין קאָפ, דיא הוהן בלייבט ליעגען בעטויבט, אונד דער האָהן, דער הערר אונד הערשער, ווענדעט זיך אָב שטאָלץ פון זיין אונטערגעאָרדנעטע, וועלכע שטעהט מיט איהר לעבען אין זיין רשות.

אָט דאָרט איז זיא געלעגען, דיא שעהנע, בליהענדע, ליעבענדע אונד צערט־ליכע, — יעטצט טויט, קאלט, פערבלוטיגט, אונד ער האט דאס אלעס געטהאָן, דער הערר, דער הערשער!

ער האט נעמאָרדעט! אריין געשטאָכען דאס מעסער גראדע הינטער דעם נאָרגעל, איהם איבערגעשניטען; הא! ריכטיג, ער זעהט א שטיק פון דעם גאָרגעל, וויא ער שטעקט ארויס פון צווישען דיא צווייא איבערגעשניטענע שטיקער האלז, וואו דאס בלוט איז אזוי רויט, אונד דאן אויך ווארעם, וויא ער האט עס געשפירט אויף זיין לינקער האנד.

דאס קיצלען האט אויפגעהערט, אָבער איין אנדערעס געפיהל, פון איין ער־פיללטען וואונש, פון א צופריעדען געשטעלטער לוסט, האט איהם בעהערשט, אונד בליקענדיג נאך אמאל צו זיין אָפפער, איז ער געווען שטאָלץ אויף זיין טהאָט.

א דונערענדער נערוייש וואס האט ערציטערט דעם באָדען, האט איהם ער־וואכט פון זיין נאכדענקען. ער איז געבליעבען שטעהען נאכדענקענד. וואס איז דאס געווען? אָבער ער האט זיך באלד אליין בערוהיגט. א באהן, ניט מעהר וויא א פארביילויפענדע באהן, אונד ער האט אויך געוואוסט וועלכע עס איז, וואס האט איהם ניט געקענט דערשרעקען. אונד וואו איז דער אנדערער, וועלכען ער איז געווען פעסט ענטשלאָסען צו הרג'ענען? יענער איז גאר ארויס פון זיינע געדאנקען. ער איז געווען פערטראכט איינינע אוינענבליקען. ווען ער האט נאך אמאל געקוקט צו

סעווערינג׳ן, האט איהם אָנגעפאנגען צו שווידען. די לוסט אונד דאס בּערגניגען נאך דער לוסט, האבען אָנגעפאנגען צו פערשווינדען.

ער האט זיך אָבגעווענדעט. אלס ער האט זיך נעפּרעגט וואס עס איז צו טהון, איז איהם באלד איינגעפאלען די אידעע, אז ער דאַרף דאָרט מעהר ניט פערבלייבען. ווארפענדיג נאך א בליק צו זיין אָפּפער, האט ער זיך אָבגעווענדעט צו דער טהיר, געעפענט, אונד איז ארויס.

א שוידער, א שרעק אונד א ציטערניש האט איהם ערגריפען, אונד ער האט אָנגעפאנגען צו לויפען אונד איז פערשוואונדען געוואָרען אין דער טיעפער נאכט־פינסטערניש.

איינינע מינוטען זיינען פאַראיבער, אונד אין צימער וויא אויך ארום צימער, האט געהעררשט דיעזעלבע שטילקייט וויא אין דעם קערפּער פון דער ערמאָרדעטער סעווערינע. דאן האבען זיך געהערט לייכטע פוס־טריט. עס איז געוועזן סאבּיש.

ער איז צוגעגאנגען צו דער טהיר אונד זיך צוגעהערט. שטיל, רוהיג, היין בּעוועגונג. ער האט געלעגט די האנד אויף דער טהיר אונד זיא געעפענט, אונד, אָהנע זיך אומצוקוקען, האט ער זיא באלד פערמאכט. בייא דער צווייטער אומ־ווענדונג, זיינען זיינע אויגען געפאלען אויף א טייכעל בלוט, אָנגערונען אויף׳ן ריינעם פוס־באָדען. אויפהויבענדיג די אויגען ווייטער, האט ער דערזעהן די ערמאָרדעטע סעווערינע.

דיא איז געלעגען אזוי נאָהענט פון דער זייט בעט, דאס עס האט זיך איהם געדאכט, אז זיא פאלט ארונטער. ער איז געבליעבען שטעהן וויא פערשטיינערט. דאן האט ער דערזעהען וויא זיא איז געלעגען מיט איבער א העלפט נאקעטען קערפּער. א פערצווייפעלטער געפיהל פון שאנדע האט איהם ערגריפען. ער איז צוגעלאָפען, אונד, מיט ברידערליכער צערטליכקייט, האט ער זיא אָנגעפאנגען צו צודעקען, דאן האט זיך איהם געדאכט, אז זיא אטהעמט נאך, אונד ער האט אָנ־גענומען איהרעביידע הענד אונד זיא ארויף געדוקט העכער.

דיא בעריהרונג אויף איהר נאקעטעס לייב, דיא איינציגע נאהענטע בעריהרונג מיט דיעזער וואס ער האט פערגעטערט, האט איהם בערוישט. אין א געפיהל פון מיטליידינער צערטליכקייט, האט ער זיך צוגעבויגען אונד געקושט איהרע ווייט אָפענע ליפּען.

אָבער דיעזע בעריהרונג, דיעזער אויסדרוק פון צערטליכקייט, האט איהם בעשמירט מיט בלוט אויף עטליכע פלעטצער, אונד...

גראדע דאמאלס האט זיך גענומען די מחיר, אתר רובא. בענגל־טעם פון פאמארד׳ז זיינען אריין אין צימער.

קאביש האט זיך אומגעוועגדעט, אונד גלייך ווי די אנדערע צוויי מענער, אזוי איז ער געבליבען שטעהן שפראכלאז, אונבעוועגליך, אונד ניט געקענט רעדען א ווארט.

רובא׳ס בלאסעס געזיכט איז נאך בלאסער געווארען. ער האט געבליקט צו סעווערינע׳ס האלז, דאן צו איהרע אפענע אונד ערשראקענע אויגען, אונד שטודיר־ענד־ג איהר געזיכט, האט עס אויסגעזעהען, אז ער לייענט דארט איהר לעטצטען שוידערהאפטען אויסדריק פון פערצווייפלונג.

## קאפיטעל 12.

עס איז געוועזען מיט דריי מאנאט שפעטער, ווען איינער פון די מערק־ווירדיגסטע פראצעסען האבען זיך געהאנדעלט. עס איז געוועזען דער מארד־פראצעס געגען דעם „מערדער‘ קאביש.

די בעווייזע געגען איהם, זיינען געוועזען שטארק אונד גענוג דייטליך. אז ער האט אויך ערמארדעט ריכטער גראנדמארין, האט ניעמאנד געצווייפעלט, דען אין זיין וואהנונג, האט מען געפונען גראנדמארין׳ס זייגער מיט דער קיים. ער האט אפילו בעהויפטעט, אז ער האט דאס בלויז אוועק גענומען מיט אנדערע קליינינקייטען, ווייל עס האט בעלאנגט צו דיעזער, וועלכע ער האט געליעבט אונד פערגעטערט. אבער טאקי דיעזע אויסזאגע זעלבסט, האט נאך בעסער פערשטערקערט די בעווייזע געגען איהם, אז ער איז געוועזען סעווערינע׳ס מערדער. ער האט זיא ערמארדעט דורך אייפערזוכט.

זשאק לאנטיער האט דערצעהלט, אז סעווערינע רובא האט איהם געליעבט, אונד ער איז ניט געוועזען אין מינדעסטען צווייפעל, אז קאביש האט זיא אויך געליעבט, נאר זיא וואלט איהם אויסגעריסען די אויגען ווען ער וואלט געוואלט זיך צו דער־נעהנטערן צו איהר.

אלזא, גראנדמארינען האט ער ערמארדעט דורך דער ליעבע צו לוזעטע׳ן, אונד סעווערינע׳ן, דערפאר וואס זיא האט ניט ערווידערט זיין ליעבע. נאר יעטצט איז נאטירליך ניט געוועזען די רעדע פון גראנדמארינען, א מענשען קען מען דאך ניט אורטהיילען פאר צוויי מארד־טהאטען. איינער איז גענוג.

איבערהויפט, האט דער פראקוראר־גענעראל, מ. קאמי־לאמאט, זיך געפרייט, וואס דאס מארד־געהיימניס פון ריכטער גראנדמארין איז אויף אזא ארט אויפגעלעזט

געוואָרען, אונד מען האט ערשפּארט צו מאַכען ווייטערע נאכפראגען, וועלכע ער האט ניט געקענט ערלויבען.

אָבער קאביש איז געווען א מין משוגענער מערדער, אונד דיא צייטונגען זיינען געווען פול מיט מיזענדער סברות אונד אבהאנדלונגען פון דיא גרויסע ערצטע, איבער קאביש'עס נאטור, נייגונג צו מאָרד, בלוט־דורסטיגקייט אונד מאסען שווערע אונד לאנגע גריכיש־לאטיינישע ווערטער פון דער מעדיצין. יעדענפאלס, וואָלט דאס ניט געווען ראטהזאם אזא בריאה צו שיקען צו דער גילאָטינע.

קאביש איז ניט געווען קיין פעראנטוואָרטליכער מערדער. דאס האט יעדער פערשטאנען. זיין אדוואָקאט האט אָבגעהאלטען א טיכטיגע רעדע, אָבער ער האט אפילו נאר ניט דערמאָהנט קאביש'עס אייגענע בעהויפּטונג, אז ער איז אונשולדיג. דער אדוואָקאט זעלבסט, פון זיינע אייגענע ווערטער, האט בעוויזען, אז ער גלויבט אין קאביש'עס מאָרד־טהאט, נאָר ער האט בעוויזען מיט צאָהלרייכע ביישפּיעלע, אז מיר מענשען זיינען ניט געזעטצט געוואָרען צו רויבען א מענשען'ס לעבען, ווען דער מענש זעלבסט איז נ"ט פעראנטוואָרטליך פאר זיינע טהאטען.

עס איז געווען איין אינטעליגענטעס געשוואָרענעס געריכט. דאָרט זיינען גע־וועסען 12 מענער מיט ערנסטע געזיכטער, וועלכע האבען בעגריפען דיא וועלט אונד פערשטאנען אז קאביש'עס אדוואָקאט האט רעכט. דער וואונש פון דעם פּראָקוראָר, צו זעהן קאביש'עס קאָפּ פאלען פון דעם גילאָטינע מעסער, האט ניט געקענט ער־פיללט ווערען, אונד, דיא אינטעליגענטע געשוואָרענע הערען, נאך א לאנגער בע־ראטהונג, האבען זייא אריין געבראכט איין אורטהייל, דאס קאביש זאָל ארעטירט ווערען אויף דעם רעסט פון זיין לעבען!

דיא פּרעססע איז געווען צופריעדען, דאס פאָלק איז געווען צופריעדען, זאָגאר דער פּראָקוראָר איז געווען צופריעדען, אָבער נאך צופריעדענער פון אלע, איז געווען דער פּראָקוראָר־גענעראל מ. קאמי־לאמאָט.

דיעזער הערר קאמי־לאמאָט איז געווען א מערקווירדיגער מענש. ער האט זיך גוט שטודירט קאביש'ן, אונד ער איז געווען איבערצייגט, אז ער האט סעווערינע'ן ניט געהרג'עט, גראדע וויא ער האט ניט געהרג'עט גראנדמאָרינען.

ווען זשאק איז געזעסען אויף דעם צייגע־שטוהלע, האט איהם קאמי־לאמאָט אזוי גוט אויפגעפאסט, דאס זיין דורכדרינגענדער בליק האט אין איהם געלעזען א וועלט מיט געדאנקען, וואס קיין אנדערער פּיעללייכט, אין גאנצען געריכט־הויז, האט ניט בעמערקט. דאן האט ער געהערט רובאָ'ן דערצעהלען, אז ער איז ניט דאנקען געווען וואס זשאק האט זיך געליעבט מיט סעווערינע'ן, ווייל, ווייל...

רובאַ האט נים נעגעבען קיין ריכטינען ענטפער. קאמי־לאמאָט האט דאס אַלעס איבערגעדענקט מיט בלימץ־שנעללינקייט, אונד ער האט געהאט זיין איינענע מיינונג.

יא, ווען קאמי־לאַמאָט וואָלט געמענט, ווען עס וואָלט איהם ערלויבט געווען, ווען עס וואָלט דאביא געלעגען עפעס אום צו אונטער־טיטצען זיין פּאַרטייא אונד זיך אליין מאכען א גרויסען נאמען, וואָלט ער דיא אונטערזוכונג גאנץ אַנדערש אַנ־געפאנגען; יא, אנפאנגען אויף דאס נייא, אונד ער וואָלט געקומען אויף גאַנץ אַנדערע ווענען, צרדים ברעננענדינ נייע בעוויזע, ענטדעקונגען, אונד... יא, יא, ער איז זיכער געווען, אז ער וועט בעוויזען, דאס זשאק לאַנטיער, דיעזער שעהנער אונד יונגער אינזשעניער, האט ערמאָרדעט סעווערינע רובאַ!

אָבער ווארום? דיעזע פּריוואט פראגע, האט זיך קאמי־לאמאָט איינינע מאָל געשטעלט, אונד ער האט זיא זיך נים געקענט בעענטפערן. ער איז געווען א טיכ־טינער אונד ערפאהרענער אדוואָקאט, וועלכער האט געוואוסט, אז ביי יעדען מאָרד, מוז מען פאר אלעמען זוכען איין אורזאכע.

וואס פאר איין אורזאכע האט אלזאָ זשאק לאַנטיער געקענט האבען צו ערמאָרדען מאדאם סעווערינע רובאַ? זיא איז געווען שעהן, יונג, איהם געליעבט, זיך פאר איהם נעאָפּפערט אונד געזעסען גאנצע נעכט נעבען איהם אין זיין קראנק־הייט — ווארום האט ער זיא געקענט ערמאָרדען? וואס איז געווען דיא אורזאכע?

דיא געשיכטע האט איהם זעהר אינטערעסירט פון א פּערזענליכען פּראָפּער־סיאָנען שטאַנדפּונקט, אָבער, נאך אלעמען, וואס זאָל ער זיך ברעכען דעם קאָפּ וועגען אורזאכען וואס קענען איהם נים ברענגען קיין נוטצען, אונד וועלכע ער וועט קיינמאל נים ערפאהרען?

קאַביש, וועלכער איז געווען אונשולדיג, לויט זיין פעסטער איבערציינונג, איז פעראורטהיילט געוואָרען צו לעבענס־לענגליכעס געפענגניס? דאס איז קיין גרויסעס אונגליק. מיט וואס איז דאס געפענגניס ערגער פון זיין ווילדער וואָהנונג אין וואלד? איבריגענס, שיינט ער נים צו זיין אזא ענטוויקעלטער מענש, וואס א געפענגניס זאָל איהם שטערען צו ברעננען נוטצען זיינע מיט־מענשען.

מ. קאמי־לאמאָט האט צופריעדען געשטעלט זיין געוויסען אונד אויך געווען איבערציינט, אז ער האט פערהיט זעהר איין אונאנגענעהמע ענטדעקונג פיר זיין פּאָ־ליטישע פּאַרטייא.

דיא פּרעסע האט אקצעפּטירט קאבישען אלס מערדער פון ריכטער גראנדמארין, אונד ער דארף נאר ניט האבען דאגעגען. דיא איינציגע זאך וואס האט געטראגען דעם אייבּיגען שטעמפּעל, אז דיעזע בעהויפּטונג איז ליגען, איז געוועזען סעווערינע׳ס צעטעל איינצולאדען ריכטער גראנדמארין, אונד דאן איהר אדרעסע מיט וועלכער ער האט פערגלייכט דיא האנד־שריפטען.

ניין, ניין, ער האט ניט געקענט ערטראגען צו וויסען, אז דיעזער בעווייז עקזיסטירט נאך. ער איז שנעל אהיים געלאפען אונד ביידע צעטלעך פערברענט.

— — — — — — — — — —

פילאמענע איז געוועזען א געזונדעס אונד שטארקעס מעדכען, וועלכע האט געלעבט ביז צו איהר 19טעס יאהר אויפ׳ן לאנד, אונד דיא לעטצע 4 יאהר וואס זיא האט פערבראכט אין פאריז, האבען נאך ניט געשטערט איהר קערפּערליכע שעהנהייט אונד קראפט.

זיא האט געשלאסען בעקאנטשאפט מיט פּעקען, זשאק לאנטיער׳ס פייערמאן, דורך א צופאלל. אבער, אבוואהל ער איז שוין געוועזען איין עלטערער מענש, האט זיא דאך איינגעזעהן, אז ער איז פאר איהר בעסער וויא א אנדערער.

עס איז אמת, פּעקע האט געהאט א פרוי, אבער זיא איז שוין געוועזען אזוי אלט, אז זיא איז צופריעדען געוועזען פּעקע זאל אמאל אהיים קומען צו איהר, אונד דערפאר, ניט געגוג וואס זיא האט בייא איהם קיין געלד ניט פערלאנגט, האט זיא איהם נאך בעזארגט מיט ריינער וועש, אמאל א פּאאר הויזען אלס פּרעזענט, אונד מיט א צווייא אדער דרייא פראנקס.

יעדער האט געוואוסט, אז מאדאם פּעקע, אדער וויא מען האט זיא בעסער געקענט, מוטער וויקטאריע, האט געהאט געלד נאך פון איהר ערשטען מאן, אונד זיא האט ניט חתונה געהאט מיט פּעקע׳ן ער זאל איהר געבען געלד.

פילאמענע אוז אלזא געוועזען א פּראוינצימער מיט פערשטאנד; זיא האט פערשטאנען א געשעפט. וואס טויג איהר א יונגער מאן, ווען זיא וועט פון איהם גאר ניט האבען? זיא איז געוועזען ארעם אונד ניט געוואלט ארבייטען. זיא האט געמאכט דיעזען חשבון: פּעקע איז אין איהר פערליעבט איבער דיא אויערן; ער פערדיענט 100 פראנקס א מאנאט אלס פייערמאן, אונד דיעזע איז ער ענטשלאסען איהר געגצליך אוועק צו געבען. דיא פּאאר פראנקס אויף דער הוצאה וואס ער בעניטהיגט, וועט איהם געבען מוטער וויקטאריע.

אויף דיעזער ארט, האט איהם פילאמענע אקצעפּטירט אלס איהר געליעבטען. מאנכע פון איהרע בעקאנטע פריינדינען האבען אפילו געלאכט פון איהר, אבער

אנדערע האבען איהר מודה געווען, אז זיא האט שכל אונד וויס וואס זיא טהוט.

איבריגענס, האט זיא זיך דען פערקויפט צו פעקע'ן? אין געגענטהייל, זייענדיג פערזארגט מיט אלעס וואס זיא בענעטהיגט, וועט זיא נאך קענען האבען א בעסערע געלעגענהייט זיך ערשט אויפצוזוכען א יונגען אונד שעהנעם מאן, מיט וועלכען זיא זאל געניעסען ליעבע. עס וועט זיך איהר שוין דאמאלס לוינען, זיך אבצוקלייבען ועמען זיא וויל. איבערהויפט, ווען זיא וועט ניט דארפען ארויס קוקען דארויף, דער שעהנער אונד יונגער זאל איהר געבען געלד. פילאמענע אליין, איז אויך געווען פון דערזעלבער מיינונג.

פארלויפיג, נאטירליך, איז זיא נאך ניט געווען ענטשלאסען צו געהן זוכען געליעבטע. זיא האט זיך געטראכט, אז מיט דער צייט, וועט זיך שוין איינער אבזוכען, אונד זיא האט אויך ניט געהאט צו ווארטען פיעל דארויף.

נאך מעהר, פעקע זעלבסט, האט איהר געבראכט דעם געליעבטען אין הויז אריין.

עס איז געווען אין יענע עטליכע טעג, נאך דעם מארד פון סעווערינע רובא אין קרא דע מאפרא, אונד נאכדעם וויא דאס באהן־אונגליק איז געשעהען, ווען זשאק לאנטיער, האט נאך ניט געקריעגען זיין נייע מאשין אנשטאט דער צער־שמעטערטער „ליסאן.“ איבערהויפט איז ער נאך געווען שוואך נאך דעם אונגליק, וואו ער איז שיער געהרג'עט געווארען, אונד ער האט בעשלאסען צו פערבלייבען אין פאריז א פאאר וואכען. פעקע, זיין פייערמאן, איז געווען גלייך מיט איהם אין פאריז.

דער אלטער פעקע, זייענדיג שמאלץ אויף זיין יונגע אונד שעהנע געליעבטע, האט ער אין א טאג איינגעלאדען זשאק'ן, ער זאל מיט איהם מיטגעהען זיא זעהען. זשאק האט אנגענומען דיא איינלאדונג.

פילאמענע האט שוין געהערט פון זשאק'ן, וויא אזוי דער אסיסטענט סטא־ציאנס־מייסטער'ס פרוי, מאדאם רובא, האט זיך אין איהם פערליעבט אונד דאן דיא גאנצע געשיכטע. ווער האט עס ניט געוואוסט? גאנץ פראנקרייך, איבערהויפט פאריז, האט דערמיט געקלונגען.

ווען פילאמענע האט צום ערשטען מאל ערבליקט זשאק'ס בלאסע געזיכט, האט זיא מיט איהם סימפאטהיזירט. דאן, ווען ער האט עפטער בעזוכט איהר הויז אין דער בעגלייטונג פון פעקע'ן, האט זיא זיך אין איהם פערליעבט.

ווירקליך, ער איז דאך געווען אזא שעהנער מאן!

פילאָמענע האט זיך דאן געטראכט, אז דיעזער מוז זיין דעריענינער, מיט וועלכען זיא דארף געניעסען ליעבע, אונד עס האט ניט פיעל צייט גענומען זיך מיט איהם איינצופערשטעהען. אָבער פעקע איז געווען שארפזיניג. ער האט גע־עזען אין זייערע בליקען ליעבעס־געפיהלע, אָבער, אום ער זאָל זיך ניט מאכען צום נאר, האט ער בעשלאָסען גאר ניט צו זאגען, נאָר זייא גוט אויפפאסען.

אָבער פילאָמענע האט געפונען א מיטעל וויא אזוי לויז צו ווערען פון פעקע׳ס אויפמערקזאמקייט. זיא האט אין א טאָג ארויין געשטופט זשאק׳ן א צעטעל אין דער האנד, וואו זיא האט איהם מיטגעטהיילט, אז צווישען 5 אונד 6 אוהר נאכמיטאג, אויף׳ן צווייטען טאָג, זאָל ער זיא ערוואַרטען אין א געוויסען האָטעל.

זשאק האט דיא איינלאדונג אקצעפטירט מיט פערגניגען, אונד, אויף דיעזער ארט, האט ער זיך זעהר אָפט בעגעגענט מיט פילאָמענע׳ן.

ווען זשאק האט פערלאָזען דאס געריכט־הויז נאכדעם וויא דער אורטהייל איז אויסגעשפראָכען געוואָרען איבער קאביש׳ן, האט איהם פעקע שוין ער־ווארטעט. זייא האבען נאך געהאט בלויז איין שטונדע צייט ביז זייער צוג זאָל אבגעהען.

זשאק האט שוין געהאט א נייע מאשין, זיים 4 וואָכען צייט, אונד פעקע איז וויעדער געווען זיין פייערמאן. אין דיעזען טאָג, האבען זייא געהאט צו מאכען איין עקסטרא רייזע, דאס הייסט אביסעל פריהער וויא געוועהנליך, ווייל דער צוג איז געווען געפאקט מיט סאָלדאטען, וואס האבען געמוזט אָבגעהען צו דער גרענעץ, וואוהין אנדערע טראנספאָרטען טרופען האבען נאכגעפאָלגט, צור פאָרבערייטונג פון דעם קריעג צווישען פראנקרייך אונד דייטשלאנד.

פעקע האט אלעס ערפאהרען. ער האט געוואוסט, אז ער ווערט בעטראנגען דורך זשאק׳ן. מיט א טאָג פריהער, האט ער געזעהען ארוים פאלענדיג א צעטעל פון זשאק׳ס קעשענע, וועהרענד ביידע זיינען געווען אויף דער באהן, אונד איבער־לאָזענדיג שפעטער דיעזען צעטעל, האט ער אויסגעפונען, אז דאס איז געווען פילאָ־מענעס איין אלטע איינלאדונג זיך צו בעגעגענען אין א געוויסען האָטעל.

פעקע האט אין יענער נאכט מעהר ניט בעזוכט פילאָמינע׳ן ; ער האט מורא געהאט, אז ער וועט זיין וואוטה ניט קענען איינהאלטען. זשאק׳ן האט ער געהאסט וויא דעם טויט.

ווארום ער האט מורא געהאט, אז ער וועט בייא פילאָמענע׳ן ניט קענען איינהאלטען זיין וואוטה אונד בייא זשאק׳ן האט ער דערפאר קיין מורא ניט געהאט,

האט ער נים געוואָלט איבערקלערען. נאָך מעהר, זשאַק'ן האט ער געזוכט, ערוואַר־טעט מיט אתגעדולד, ער זאָל מיט איהם זיין צוזאַמען.

וואס ער וועט איהם זאגען, וואס ער וועט טהון, האט ער נים געקענט בע־גרייפען. אין זיינע אויגען איז געלעגען מאָרד אונד בלוט־דורסטיגקייט. זשאַק איז געוועזען צו אויפגערעגט פון דעם פּראָצעס, אונד ער האט קיין זאך געמערקט אויף פּעקע'ן. ער האט בלויז געוואוסט, אז ער מוז איילען אום נים צו פערשפּעטיגען דעם צוג.

ביידע האבען זיך אויפגעזעצט אויף א דראָשקע, אונד זיינען צוגעפאָהרען צום באהנהויף שטילשווייגענד. יעדער איז געוועזען פערטיעפט אין זיינע אייגענע געדאַנקען.

דיא וואגאָנען האבען אָנגעפּאַנגען געפּאַקט צו ווערען מיט סאָלדאַטען, אונד פּעקע איז ארויף אויף דער מאשין־פּלאַטפאָרמע, וואו ער האט בעסער אונטערגע־צונדען דאס פייער אונד אויפגעלעגט מעהר קוילען.

זשאַק האט שפּאַצירט אויף דער באהן־סטאַציאָן הין אונד צוריק אונד איז געוועזען שטארק פערטראַכט. איין אָפיציער, וועלכער האט זיך געאיילט אויסצו־פיהלען בעפעהלע, האט זיך אָנגעשלאָגען אן זשאַק'ן. דער אָפיציער האט ארויס געלאָזען א פלוך פון זיין מויל, נאָר זשאַק איז געבליעבען שטעהען שטילשווייגענדיג אונד עס האט איהם גענומען עטליכע אויגענבליקען צייט ביז ער זאָל בעגרייפען דעם אָפיציער'ס בעליידיגונג. דאן האט עס אויסגעזעהען, אז ער האט איהם געוואָלט נאכלויפען, נאָר דער אָפיציער, זעהענדיג, אז דעם וואס ער האט בעליידיגט ענטפערט נים, איז ער אוועק אונד איז באַלד פערשוואונדען געוואָרען צווישען דער גרויסער מאסע סאָלדאַטען.

זשאַק האט געקריטצט מיט דיא צייהן אונד אין זיינע אויגען האט אויפגע־פלאַמט דאסזעלבע פייער פון מאָרד, וויא אין יענעם אבענד צור צייט וואס ער האט געקוילעט סעווערינע'ן.

דער קעסעל אין דער מאשין האט אָנגעפאַנגען שטארקער צו קאָכען אונד רוישען; א דאמפּף האט ארויס געזעטצט פון דיא אונטערשטע רעהרען נעבען דיא רעדער; פון דעם גרויסען קוימען האט געוויטהעט א דיקער רויך, אונד זשאַק, צור־קומענדיג נעהנטער אונד דאס זעהענדיג, האט ער אויסגעשריען:

„פּעקע! ביסטו משוגע? וואס מאכסטו אזא פייער? ווילסטו פּלאַטצען דעם קעסעל? לאָז ארויס דעם דאמפּף, דוא פערריקטער!“

פעקע האט נים נעענטפערט, נאָר ער האט מיט דער אייזערנער לאָפּעטע ווייטער אריין נעשאָטען קוילען.

„צום טייפעל, פּעקע!“ האט זשאַק נאָך אמאל נעדונערט, „ביסטו טויב? הערסטו נים וואס איך זאג?“

ביי דיזע ווערטער איז ער מים איין שפרונג נעוועזן אויף דער מאשין פּלאטפאָרמע, אונד כאפּענדיג פּעקע'ן ביי דער האנד, האט ער איהם פערהינדערט אריין צו שיטען נאָך א לאָפּעטע קוילען.

„געה צום טייפעל!“ האט ער אויסנעשריען איהם אוועק שטויסענדיג אויף א זייט.

די קוילען פון דער לאָפּעטע האבען זיך אויסנעשאָטען אויף דער פּלאטפאָרמע אונד פון זשאַק'ס מעכטינען שטויס, איז פּעקע אוועק נעשליידערט געוואָרען אויף א זייט, וואו ער איז נעבליעבען שטעהען אַנגעשפּארט וויא א פערוואונדעטער טיגער.

פון דעם נעעפענטען טהירעל אין דער מאשין, האט זיך געקענט זעהען א פירכטערליכעס פייער, ווארפענדיג פון זיך לאנגע רויטע צונגען אונד וויטהענדיג מים א פירכטערליכען נערויש. זשאַק האט אונטערדעסען שנעל נעעפענט די דאמפף־דריקערס אונד ארויס געלאָזען דעם אַנגעזאמעלטען דאמפף פון דעם קעסעל. דאן האט ער נעעפענט דיא הינטערשטע אייזערנע גראטעס אין איווען, וואוהין א גרויסען טהייל פון דעם פייער איז ארונטער נעפאלען אונד די פלאמען האבען זיך עטוואס נעשטילט.

וועהרענד דעם, האט עס אויסנעזעהען, אז פּעקע האט צייט נעהאט זיך צו בעראטהען מיט זיך זעלבסט. ער האט איינגעזעהען, אז ער איז א דומקאָפּ, אונד דאס זיין פּלאן וואס ער האט זיך פאָרגעשטעלט, קען אויף אזא ארט נים דורכגעפיהרט ווערען.

זשאַק'ס שנעלע ארביים אונד אנשטרענגונג האט איהם בענאָסען מיט א שווייס פון קאָפּ ביז פיס. ער האט דאן שנעל ארונטער געוואָרפען זיין ראָק, אונד ארויס נעהמענדיג א האנד־טיכעל פון דער קעשענע, האט ער זיך אָנגעפאנגען צו ווישען זיין נעזיכט.

זיך אומווענדענדיג, האט עס אויסגעזעהען, אז ער האט זיך וויא דערמאָהנט אָן פּעקע'ן.

„וואס איז מיט דיר, אלטער דומקאָפּ?“ האט ער נעפרענט.

„ווארום האט איהר מיך געגעבען אזא שליידער?" האט פעסע געפרעגט מיט א רחמנות'דיגען פנים.

„ווארום, פרענסטו? דוא האסט דאך געקענט פעראורזאכען דאס גרעסטע אונגליק! איך האב צו דיר צווייא מאל געשריען, אונד דוא..."

„ווער האט געשריען? מיר דאכט איהר זיים פערריקט. איך האב ניט געהערט קיין ווארט."

פון דער באהן־סטאציאן האט זיך געהערט דער ערשטער קלונג פון דעם גרויסען גלאָק. פעקלעך, קעסטלעך אונד רענצלעך, וועלכע זיינען נאך געלעגען אויף'ן טראָטואר, האבען אָנגעפאנגען שנעל אריין געוואָרפען צו ווערען אין דיא וואגאָנען, אונד דיא אָפיצירען האבען געשריען וויא דיא ווילדע צו דיא סאָלדאטען, דיא זאָלען זעהן פערטיג ווערען, ווייל דער צוג געהט באלד אוועק.

דאן האט צום צווייטען מאל געקלונגען.

א פאאר אָפיצירען האבען צוגעדרונגען דיא סאָלדאטען, דאן האט זיך דער רעסט אריין געשטופט אין דיא געפאקטע וואגאָנען, אונד ווען מען האט צום דריטען מאל געקלונגען, איז יעדער שוין געוועזן אויף דער באהן.

דיא מאשין האט זיך לאנגזאם געריהרט פו איהר פלאטץ, א שניידענדער פייף האט דערציטערט דיא לופט, אונד דאן אלץ שנעלער אונד שנעלער, האט דיא באהן אָנגעפאנגען צו שוועבען אונד פערלאָזען דיא פרעהליכע שטאָדט פּאַריז, מיט אזוי פיעלע יונגע מענשען וואס זיינען אוועק אין א שליחות, וואו זייא האבען געהאט 90 פראָצענט אויסזיכטען צו ערוואַרטען דעם טויט.

דיא אָפיציערען אונד מייסטענטהיילס פון דיא סאָלדאטען, האבען ארויס גע־נומען פלעשער וויין, מאנכע האבען געהאט גלעזלעך אונד אנדערע האבען געטרונקען פון דיא פלעשער. א טהייל האבען געגעסען.

פון א פאאר וואגאָנען האבען זיך אָנגעפאנגען צו הערען מונטערע שטימען אין געזאַנג, אונד פאר דיעזע וואס זיינען געשטאנען אויף'ן וועג, האט דיא באהן מיט דיא 15 וואגאָנען אונד מאשין, אויסגעזעהען וויא א לאנגער, שוועבענדער אונד זינגענדער ריעז.

דיא מונטערקייט האט געשטיגען פון מינוט צו מינוט, אונד אייניגע סאָל־דאטען, שטארק פרעהליך פון דעם שלעכטען וויין, האבען געוואָלט אנפאנגען צו טאנצען, נאָר זייא האבען קיין פלאטץ ניט געהאט.

דיא באהן האט דורכגעשניטען דעם ערשטען פורצען טונעל, דאן א וואַלד אונד איז געבליעבען שטעהן נעבען א סטאציאָן, וואו ושאק האט געמיזט ארויס

לאָזען א היבשען טהייל פון דעם דאַמפּף וואס האט זיך שנעל געזאַמעלט אין דעם שטארק קאָכענדען קעסעל. דאַן האט דיא באַהן ווידער געריהרט פון פּלאַטץ, דאס געזאַנג פון דיא סאָלדאַטען האט זיך געשטארקט, אונד דיא מאַשין מיט דיא וואַגאָנען האבען געשוועבט אַלץ ווייטער אונד ווייטער.

„שיט אויף אַביסעל קוילען,“ האט זשאַק בעמערקט צו פּעקע'ן, וועלכער איז נאָך אימער געזעסען פערזונקען אין געדאַנקען אונד קיין וואָרט געשפּראָכען. „אָבער נאָר אַביסעל, מערק דיר.“

פּעקע האט זיך אויפגעהויבען, גענומען דיא אייזערנע לאָפּעטע, אריין געשטעקט אין דעם הויפען קוילען אונד איז געבליעבען שטעהן.

א וויטהענדער געדאַנק האט איהם פערהינדערט ניט דורכצופיהרען זיין ארבייט. זשאַק האט געהאַלטען זיין רעכטע האנד אויף דעם דאַמפּף־רעגולערער אונד געקוקט צום גראַד וואס האט אָנגעצייגט דיא היטץ אין דעם קעסעל. דאַן האט ער זיך דער־מאָהנט, אַז פּעקע האט נאָך זיין בעפעהל ניט דורכגעפיהרט.

אָהנע זיך אומצוקוקען, האט ער בעמערקט:

„אַלזאָ, פּעקע, וואס טהוסטו דאָרט, שלאָפסט ?“

ניין, פּעקע איז ניט געשלאָפען; ער איז בלויז געווען פערטראַכט. זשאַק'ס שטימע האט איהם געבראַכט צו זיין בעזינונג. אנשטאַט אויפצוהויבען דיא קוילען מיט דער אייזערנער לאָפּעטע, האט ער זיא ארויס געשלעפּט, זיך אָבגעווענדעט אויף א זייט, אונד קוקענדיג צו זשאַק'ס קאָפּ, האט ער אויפגעהויבען דיא לאָפּעטע אונד זיא ארונטער געלאָזען מיט איין אונגעהייערער מאַכט.

ווען דיא שווערע לאָפּעטע וואָלט געטראָפען איהר ציעל, וואָלט זיא פּאָזיטיוו צערשמעטערט זשאַק'ס קאָפּ, אָבער פּעקע, אין זיין איבעראיילטער אויפרעגונג, האט געטראָפען מיט דער לאָפּעטע אן דעם דינעם אָבער שטארקען אייזערנעם סטופּ, וואס האט געבילדעט דיא רעכטע עק־זייט פון דער מאַשין־פּלאַטפאָרמע.

דער קלונג פון איין אייזען אן צווייטען, האט פערהינדערט וואס זשאַק האט זיך באַלד אומגעווענדעט אונד ערבליקט פּעקע'ן, וועלכען עס איז געלעגען וויא א געלע שוים ארום מויל אונד זיינע אויגען האבען זיך געדרעהט מיט איין אוננאַטיר־ליכען גלאַנץ.

„וואס...“ זשאַק האט אָבער קיין צייט ניט געהאַט צו זאָגען וואס ער האט געוואָלט, דען דער וויטהענדער פּעקע האט נאָך אַמאָל אויפגעהויבען דיא לאָפּעטע אונד זיך פּאַרבערייטעט איהם צו געבען א צווייטען קלאַפּ.

זשאק'ס רעכטע האנד האט אָבגעלאָזען דעם דאמפּף־רעגולירער, אונד מיט דער לינקער האט ער פריהער אָבגעשטויסען דיא לאָפּעטע איידער זיא האט זיך נאך ארונטער געלאָזען. דאן האט ער מיט דער רעכטער האנד אָנגעכאפּט פּעקע'ס ראָק.

פּעקע איז געווען עלטער אונד אויסגעזעהען שוואכער וויא זשאק. אָבער דיא מאכט אין זיינע מאָגערע אונד אויסגעארבייטעטע הענד. איז געווען פיעל גרעסער וויא זשאק'ס. פּעקע האט שנעל אָבגעלאָזען דיא לאָפּעטע, אונד וויא א וואָלף מיט זיינע צייהן, אזוי האט ער אָנגעכאפּט זשאק'ן מיט דיא הענד בייא זיין האלז.

דער דריק איז געווען וויא פון צווייא אייזערנע צוואנגען. זשאק'ס אויגען האבען אויסגעזעהן צו וועלען ארויס שפּרינגען פון זייערע לעכער. ער האט דעם אטהעם ניט געקענט כאפּען. אלע זיינע קרעפטען האט ער אָנגעווענדעט אָבצוטרייסלען פּעקע'ן פון זיך, אָבער אומזיסט. ער האט איהם דאן אָנגעהויבען צו שלאָגען מיט זיינע פיס, אָבער דאס האט אויך ניט געהאָלפען.

דיא באהן איז געלאָפען, אלץ שנעלער אונד שנעלער. דער דאמפּף האט זיך געזאמעלט אונד דער קעסעל האט שטארק געקאָכט. אין מיטען פון דיעזען קאמפּף, האט זשאק געהערט דאס רוישען פון דעם קאָכענדען וואסער אונד שטירמישען דאמפּף.

פּעקע, אין זיין קאמפּף, האט פערפאָלגט נאָר איין צוועק. ער האט געזוכט אָבצושטויסען זשאק'ן פאָרווערטס, אלץ ווייטער אונד ווייטער, צום ענדע פון דער פּלאטפאָרמע.

דיא גאנצע צייט האט ער קיין וואָרט גערעדט, אָבער, דיך זעהענדיג נאָהענט פון זיין ציעל, האט ער אויסגעשריען פון צווישען זיינע צוזאמענגעקלעמטע צייהן:

„באנדיט! דאס איז פאר פילאָמענע'ס ליעבע!“

זשאק האט שוין אלעס פערשטאנען. ער האט געוואָלט עפּעס זאגען, זיך זאָגאר פערטהיידיגען, אָבער פּעקע'ס אייזערנער גריף אויף זיין האלז, האט ניט נאכגעלאָזען.

ווען זשאק האט בעגריפען פּעקע'ס אבזיכט, האט ער געפיהלט דיא קאלטקייט פון טויט־שרעק ארויף קריכענדיג אויף זיין קערפּער.

פּעקע האט איהם געוואָלט ארונטער ווארפען פון דער באהן; זשאק האט געוואוסט, אז עס איז זיכערער טויט.

זשאק האט פּראָבירט אָנצוּרוּפען אלע זיינע קרעפטען אונד צוריק שטויסען

פעקע׳ן, אָבער עס איז שוין געווען צו שפעט. פעקע איז געשטאַנען מיט זײַנע פּליצעס אָנגעשפּאַרט אויף דעם אײַזערנעם סטופּ און זשאַק האָט איהם מעהר ניט געקענט ריהרען פון דעם פּלאַטץ.

„בירדר!" האָט זשאַק אויסגעבאָרבעלט, נאָר קײן װאָרט האָט ער ניט גע־קענט אַרויס ברענגען.

זײן טוים־בלאַסעס געזיכט איז געווען בעדעקט מיט אַ קאַלטען שווייס, זײַנע קניען האָבען אָנגעפאַנגען צו ציטערן, זײַנע געדאַנקען זײַנען צומישט געוואָרען און ער האָט געשפּירט דאָס געפיהל פון אָהנמאַכט וואָס קומט פון ערשטיקען.

אָבער אַ שרעקליכעס האָט דאַמאַלס ערוואַכט אויך אין זשאַק׳ס ברוסט. ער האָט געזעהן, אַז ער קען ניט לויז ווערען פון דעם טויט. אָבער ער האָט בעשלאָסען צו שטאַרבען צוזאַמען מיט זײַן מערדער.

ער האָט אָנגענומען מיט זײַנע לעצטע קרעפטען פעקע׳ס ראָק, איהם צונער־צווינגען צו זיך און...

זשאַק אַליין האָט ניט מעהר געוואָלט וואַרטען; ער האָט זיך אויסגעבויגען, און, צוזאַמען מיט פעקע׳ן, איז ער אַרונטער געפאַלען פון דער מאַשין פּלאַטפאָרמע.

ביידענס קעפּ האָבען בעריהרט דאָס ברייטע שטיק אײַזען וואָס שיטצט די מאַשין־ראָד. די קראַפט איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז זייערע קעפּ זײַנען צוזאַמען געדריקט געוואָרען ווי צווייא ווייכע עפּעל. אָבער אויך אין דעמזעלבען אויגענבליק, האָט זייא דער קראַפט פון דעם קלאַפּ, אָבגעשטויסען און פערשליידערט עטליכע מעטער ווייטער אויף׳ן גראָז, וואוהין זייא זײַנען געפאַלען מיט די געהירן אַרויס רינענדיג פון זייערע צערשמעטערטע קעפּ.

די באַהן איז ווייטער געלאָפען, שנעל, שטירמיש און ווילד, און די סאָל־דאַטען האָבען געזונגען אָהנע זאָרג, אָהנע צו האָבען די מינדעסטע אָהנונג פון דעם אונגליק וואָס עס שטעהט זייא פאָר. דער וויין און דער פּאַטריאָטיזמוס האָט אוועק גערויבט אַלע זייערע געפיהלע זיך צו מערקען, אַז עפּעס אונגעוועהנליכעס איז געשעהען.

ערשט בייא דער נעכסטער סטאַציאָן, וואו די בעאַמטע האָבען ערוואַרטעט די באַהן זאָל בלייבען שטעהען, האָט דער צוג פאַרביינגעשוועבט ווי אַ ווינט און יעדער האָט איהם נאָכגעקוקט ערשטוינט און ערשראָקען. מען האָט שנעל טעלע־גראַפירט צו דער צווייטער באַהן־סטאַציאָן, אַז עפּעס אונגעוועהנליכעס, שרעקליכעס

אונד אונפערשטענדליכעס האט פאסירט מיט דעם צוג וואס זשאק לאנטיער האט געפיהרט, אבער דאס האט זעהר ווענינ געקענט העלפען.

אלעס וואס דיא דארטינע בעאמטע האבען געקענט טהון, איז געווען, ארויס צו קומען אין מאסען אויף דער פלאטפארמע אונד בליקען מיט דערשראקענע געזיכטער, וויא דער צוג, מיט בליץ־שנעללינקייט ערשיינט אונד לויפט דורך אהנע זיך אבצושטעלען.

דיא סאלדאטען האבען גאר ניט געמערקט; זייא איז קיין זאך קשה געווען, אבער א קאנדוקטאר איז אויפמערקזאם געווארען אונד זיך געזעטצט אין פערבינדונג מיט דיא איבריגע קאנדוקטארען. איינער איז אוועק זעהען וואס עס איז מיט דעם אינזשעניער.

ער האט קיינעם ניט געטראפען!

לייכענבלאס האט ער געאיילט צוריק אונד דערצעהלט, אז דיא באהן איז אהן א פיהרער. קיינער פון דיא קאנדוקטארען האט געוואוסט וויא אזוי אבצושטעלען דעם צוג.

ענדליך האט מען דאס מיטגעטהיילט א מאיאר־אינזשעניער, אונד דיעזער האט אבגעלאזען ד׳זם גאנצען דאמפף אונד אבגעשטעלט דיא באהן.

— — — — — — — — — — —

דער טויט פון זשאק לאנטיער מיט דעם פייערמאן פעקע, איז געווען א רע־טענעש פאר יעדען; בלויז פילאמענע אליין האט זיך געמערקט וואס דאס קען בע־דייטען. אבער זיא האט אויך זיכער ניט געוואוסט דיא אורזאכע.

דעם גרעסטען איינדרוק האט דער טויט פון זשאק לאנטיער געמאכט אויף העגרי רובא, דער אסיסטענט סטאציאנס־מייסטער.

רובא, וויא ער האט נאר געלעזען דיא נאכריכט אין דיא צייטונגען, איז ער אוועק נאך פאריז אונד אויפגעזוכט דעם אינסטרוקציאנס־ריכטער דעניזעט.

„איך האב אייך עפעס וויכטיגעס מיטצוטהיילען,“ האט רובא געזאגט מיט ציטערענדע ליפען.

דעניזעט האט זיך געאיילט צו פערלאזען דאס געריכט־הויז אום אהיים צו געהען עסען מיטאג.

„קומט מארגען, אום 10 אוהר פריה, יעטצט האב איך קיין צייט ניט,“ האט דעניזעט געענטפערט.

„דאן לאזט מיך פריהער ארעטירען,“ האט רובא געזאגט אונגעדולדיג, „איך בין א מערדער!“

רעניזעט איז געבליעבען שטעהען אונד בעטראכט רובאַ'ן ערשטוינט, דאן מיט נייגיערינקייט, אונד וועהענדיג זיין בלאַסעס געזיכט אונד דיא בלויע קאַרבען אונטער זיינע אויגען, האט ער איהם אריין גערופען אין א זייטען־צימער, איהם געהייסען זעטצען אונד דערצעהלען וואס ער וויל.

רובאַ האט אָנגעפאַנגען צו דערצעהלען אלע איינצעלהייטען וויא אזוי ער האט אויסגעפונען, אז גראַנדמאַרין האט איהם בעטראָגען, אונד דיא גאַנצע געשיכטע פון דעם מאָרד אונד נאָך דעם מאָרד.

רעניזעט האט דערקענט, אז יעדעס וואָרט איז וואהר. ער האט בלויז געפרעגט איין פראַגע:

„אונד וויא אזוי קומט דער זייגער מיט דער קיים אין קאביש'עס צימער?"

„קאביש האט דערצעהלט דיא וואהרהייט," האט רובאַ געענטפערט, „אונד נים נאָר וואס ער האט נים ערמאָרדעט גראַנדמאַרינען, זאָנדערן ער איז אויך אונ־שולדיג אין סעווערינע'ס מאָרד. זשאַק, גלויב איך, איז געווען איהר מערדער! מעהר האב איך שוין נים געקענט ערטראגען דיא מאַרטערניסע פון מיין געוויסען, אונד איך האב געמוזט אלעס דערצעהלען. יעטצט איז מיר לייכטער אויף מיין הערצען; איהר קענט מיט מיר טהון וואס איהר ווילט."

הענרי רובאַ, דער אסיסטענט סטאַציאָנס־מייסטער, איז ארעטירט געוואָרען אויף דעם בעפעהל פון אינסטרוקציאָנס־ריכטער רעניזעט, אונד ער האט אויך אָנ־געזאגט, אז ניעמאַנד זאָל מיט איהם רעדען, ביז ער וועט דאס ערלויבען.

שפעטער, ווען רעניזעט האט אלעס מיטגעטהיילט דעם פּראָקוראָר־גענעראַל קאמי־לאַמאָט, האט דער לעטצטער בעמערקט:

„גוט האט איהר געטהאָן וואס איהר האט איהם בּלאָזען ארעטירען, אונד אָנגעזאגט, אז קיינער זאָל מיט איהם נים פערקעהרען. עס שיינט, אז ער איז משוגע, אָבער זיין משוגעת קען געפעהרליך ווערען, ווען ער זאָל דאס אויספּלוידערן. דענקט איהר נים, אז עס וואָלט געווען געשייט איהם אָבצושפּארען אין א משוגעים־הויז?"

רעניזעט האט צו איהם געבליקט אונענטשלאָסען; נאָר ענדליך האט ער געענטפערט:

„יא, יא, דאס וואָלט געווען זעהר גוט."

קאמי־לאַמאָט האט דאן בעשלאָסען, אז מיט עטליכע מאָנאַט שפּעטער, זאָל ער רעקאָמאַנדירען קאביש'ן פיר גנאדע צום קייזער זעלבסט.

ע נ ד ע.

## 2.

גראף מאקסים דע לא ראָשע מאבלאָן איז א יונגער מאן פון א יאָהר צוויי און דרייסיג. ער שטאמט ארויס פון איינע פון דיא עלטסטע און אנגעזעהענסטע פאמיליעס אין לאנד. זיין פאָטער איז געוועזן א סענאטאָר אונטער נאפאָלעאָן דעם ערשטען און, וויא ער פלעגט זאגען, איז ער געבליעבען טריי זיינע רעאַליסטישע געזונגנען. זייער פאמיליע האט דורך דיא עמיגראציאָן ניט פערלארען קיין ברעקעל לאנד און ביז היינטיגען טאָג ווערט זיא גערעכענט צווישען דיא גרעסטע לאנד בעזיצער פון פראנקרייך. מאקסים האט אין זיין יוגענד געפיהרט א פרייליכעס לעבען. אָנפאנגס איז ער אריינגעטראטען אין דעם פאפסט'ס גווארדיע, און אומקעהרענדיג זיך צוריק אין פאריז, האט ער זיך צולאזט אויפ'ן גרויסען אויפן: ער האט אָנגעהויבען צו געמבלען, צו האלטען געליעבטע, האט געהאט א דועל, נאָר נאָך אלעמען האָבען זיינע סקאנדאלען ניט געמאכט אזא אויפרוהר, אז זיי זאלען אויף זיך צוציהען דיא אויפמערקזאמקייט פון פובליקום.

מאקסים איז פון הויכען וואוקס, א גוטער רייטער און זיין אינטעליגענץ איז א געוואוינליכע. זיינע ליידענשאפטען זיינען ניט אויסערגעוואוינליכע און דענקט אָנהויבען צו פיהרען א שטאט און צו מאכען זיין קאריער אלס דיפלאָמאט.

דיא גאנצע דעה־זאָנערקע אין דער ראָשע מאבלאָן פאמיליע איז דיא טאנטע באראָנעסע דע בוזיע, אן אלטע דאמע אבער פול מיט לעבען און האט א פערקעהר אין דער געלעהרטער און פאָליטישער וועלט. אזוי גיך, וויא איהר נעפפע מאקסים האט איהר אנפערטרויט זיינע פלענער, האט זיא איהם געזאָגט, אז פריהער פון אלעם מוז ער חתונה האבען, ווייל חתונה איז דער פונדאמענט פון יעדער ערשטע קאריערע. מאקסים האט ניט קיין שטארקע איינוועגדונגען געגען חתונה האבען, ער האט ווענען אזא שריט קיין מאָל ניט געדאכט און וואָלט געוויס בעסער וועלען פערבלייבען א בחור; נאָר אויב עס איז אונבעדינגט נויטהיג פאר איהם חתונה צו האבען, אום צו קענען מאכען א קאריערע, וועט ער זיך אונטערווארפען אונטער דער פארמאליטעט, וויא ער וואָלט זיך אונטערוואָרפען יעדער אנדערער. מיט א שמייכעל איז ער זיך מודה, אז ער איז אין קיינעם פערליעבט און קען זיך ניט דערמאָנען, אז ער איז ווען עס איז געוועזן: יעדעס מיידעל, מיט וועלכע ער האט געטאנצט אין א סאלאָן שיינט איהם צו זיין געקליידעט אין דעם זעלבען ווייסען קלייד און טראָגט אויף דיא ליפען דעם זעלבען שמייכעל. מאדאם דע בוזיע איז דערפון ענטציקט און נעהמט דיא גאנצע אנגעלעגענהייט אין איהרע הענד.

צווייטענס שפעטער דערצעהלט איהם דיא באראנעסע פון מארמואזעל הענריעטע דע סאלנעוו. זיא קומט ארויס פון אן אלטע נארמאנדישע אדעלינע פאמיליע, האט א פיינעם פערמעגען און דאס איז א גלייכער שדוך פארביידען און קיין בעסערע פאר וועט מען ניט קענען געפינען. מאקסים שאקעלט צו מיט'ן קאפ מיט א מינע אז ער איז איינפערשטאנדען. איהם שיינט עס צו זיין גאנץ פערשטענדליך. זיי זיינען ביידע פון איין יחוס און זייערע פערמעגענס זיינען אויך כמעט גלייכע און דער צד פון איהר משפחה וועט איהם פיעל העלפען, אויב ער וועט זיין פלאן צו מאכען א קאריערע, אלס דיפלאמאט, ניט ענדערן.

— מיר שיינט, אז זיא איז א בלאנדינקע?

— ניין, זיא איז א ברונעטקע, ענטפערט דיא באראנעסע; דאס הייסט אויב איך האב קיין טעות נים·

נאר דאס מאכט גאר נים אויס. אלענפאלס זיכער איז אז הענריעטטע איז אלט ניינצעהן יאהר מאקסים דיינקט, אז ער האט מיט איהר געטאנצט, נאר עס איז מעגליך, אז ער האט א טעות און געטאנצט האט ער נאר מיט איהר איננערער שוועסטער. וועגען איהר ערציהונג ריידען זיי גאר ניט, דאס איז גאנץ איבריג: ערצויגען האט איהר איהר מוטער און דאס איז גענוג און וואס עס אנבעלאנגט צו איהר כאראקטער, קען קיין פראגע נים זיין, ווייל קיינער ווייס עס נים. מאראם דע בוזיע ערקלעהרט, אז זיא האט איהר א מאל געהערט שפילען שאפען'ס א וואלץ מיט פיעל געפיהל און איצט איז נאר פערבליבען זיי זאלען זיך בעגעגענען אין א בעקאנטען סאלאן.

ווען מאקסים האט ביינאכט בעגעגענט מאדאמואזעל סאלנעוו, איז ער שטארק פערוואונדערט געווארען ביים אויסגעפינען, אז זיא איז א שעהנע. ער טאנצט מיט איהר און מאכט איהר א קאמפלימענט אז איהר פעכער איז א פיינער, און זיא בעדאנקט איהם מיט א שמייכעל. צוויי וואכען שפעטער בעט ער אפיציעל אום איהר האנד און מען בעשפרעכט דיא איינצעלייהטען פון דיא תנאים און דיא אנוועזענהייט פון דיא נאטאריוסען. מאקסים האט אונטער דער צייט געזעהן הענריעטע פינף מאל, זיא זעהט גאנץ גוט אויס. זיא האט א ווייסע הויט און קיילעכדיגע פארמען און זיא וועט זיך קליידען מיט א געשמאק, ווען זיא וועט אויפהערען צו טראגען איהרע מיידעלישע קאסטיומען. אויסער דעם שיינט זיא ליעב צו האבען מוזיק, האט פיינד דעם ריח פון מאסק און האט געהאט א פריינדין קלער, וועלכע איז געשטארבען און דאס איז אלעס. נאר מאקסים דענקט, אז דאס איז איבער גענוג: זיא קומט ארויס פון דיא סאלנעוו'ס, ער נעהמט איהר ארויס פון

דיא הענד פון זעהר א שטרענגער מוטער. שפעטער וועלען זיי האבען נעגוג צייט בעקאנט צו ווערען. דערוויייל איז איהם דער געדאנק וועגען איהר ניט זעהר ידער־ווידער. ער איז אין איהר ניט פערליעבט, נאר איהם געפעלט, וואס זיא איז ניט חעסליך, ווייל ווען זיא זאָל אפילו זיין א מאוסע, וואלט ער אויך מיט איהר גע־הייראטה.

א וואך פאר דער חתונה מאכט דער יונגער גראף א סך הכל מיט זיין בחור־שע׳ לעבען. זיין איצטיגע געליבטע איז דיא פראכטפאלע אנטאניא, א געוועזענע רייטערקע אין א צירק און וועלכע האט זיך ציריקגיקעהרט פון בראזיליען א בע־דעקטע מיט דיאמאנטען. ער קויפט איהר נייע מעבעל אין ציינט זיך מיט איהר זעהר פריינדליך נאך אן אבענד ברויט, וואו זיי טרינקען פאר זיין צוקינפטיגען פאַ־מיליען־גליק. ער צאהלט אב דיא פאר חובות, וואס ער האט, שאפט אב זיין לאַ־קיי, פערברענט דיא ניט נויטהיגע בריעף און הייסט עפענען דיא פענסטער אום אויסצולופטערן דיא הויז און ער איז פארטיג. נאר טיעף אין זיין זעעלע זיינען פער־בליבען עראינערונגען פון געוויסע שטונדען פון זיין לעבען, ער וויל בעהאלטען אין זיך, נאר וועלכע ווילען זיך מעהר ניט אומקעהרען, ווערלינג ער דיינקט, ווען ער וועט פאר זיי פערמאכען דיא טהירען פון זיין הארץ.

דיא נאטאריוסען פון ביידע צדדים האבען אבגעשריבען דיא תנאים. דיא נידריגע פערהאנדלונגען וועגען געלד זיינען איבערגעגעבען געוואָרען אין גאנצען צו זיי. וועהרענד דיא תנאים ווערען געלעזען בלייבען ביידע צדדים שטיל; זיי שריי־בען זיך אונטער אהנע א וואָרט צו זאָגען און גיעבען איבער דיא פעדער מיט א שמייכעל. און זיי שמועסען וועגען זייטיגע זאכען, וועגען א פילאנטראָפישען באל, וואס דיא באראנעססע האט א׳ן אויסקוק, וועגען א דרשה, וואס פריסטער דולאק האט געהאלטען און האט ווירקליך ארויסגעוויזען פיעל טאלאנט.

דיא ציוויל האָכצייט פינדעט שטאט מאָנטאג, א טאָג ווען אין דעם מעער׳ס אָפיס זיינען חתונות זעלטען. דיא כלה טראָגט א זעהר איינפאכע קלייד פון גרויע זיידענס, דער חתן א פראק מיט העלע הויזען. קיינער איז צו דיזער האכצייט איינ־געלאדען, קיינער איז אנוועזענד אויסער דיא פאמיליע און פיער עדות, זעהר אנגע־זעהענע פערזאָנען. וועהרענד דער מעער לעזט פאָר דיא הייראטהס געזעצע בעגעגע־נען זיך מאקסים׳ס אויגען מיט הענריעטעס און ביידע שמייכלען. וואס פאר א באר־בארישע שפראך איז דיא שפראך פון געזעץ! איז ווירקליך חתונה האבען אזא שרעקליכע זאך? זיי ענטפערן איינער נאכ׳ן צווייטען דעם פייערליכען „יא״, אהן א שום געפיהל. דער מעער וועלכער איז פון נידריגען וואוקס און במעט תּאַרבאַטע,

האט אין זיין פערזאן קיין שום מאיעסטעטישעס. דיא בארָאנעססע איז געקליידעט ווִיא צו אן ערנסטע צערעמאָניע און בעטראכט דעם זאל דורך איהרע ברילען און נעפינט, אז דאס נעזעץ האט זעהר אן אָרימען וואוינונג. פאר'ן אוועקנעהן לאָזט איבער מאקסים און הענריעטטע צו טויזענד פראנק יעדער פאר דיא ארימע לייט.

דעם גאנצען פאמפ, טרערען און געפיהל שפארט מען אָב פאר דיא רעליגי־עזע צערעמאָניע. און אום קיינעם זאל חלילה אויפ'ן זינען ניט ארויף אז דיא צע־רעמאָניע איז א געוואוינליכע, זוכען זיי אָב א פריוואט קירכע, וואס געהערט צוא דיא מיסיאנערען. דאס גיט צו דער הייראט א פנים פון העכערער פרומקייט. מאנסיננעאו, א בּישאפ פון דער זיעד און א ווייטער פערוואנדטער פון דיא סאל־נעוו'ס, וועט בענשען זייער בונד. ווען דער גליקליכער טאג איז נעקומען, האט מען אויסנעפונען אז דיא קירכע איז צו קליין; דריי גאסען ארום זיינען נעווען פער־שטעלט מיט קארעטען. אין קירכע איז האלב דונקעל, עס הערט זיך א גערויש פון נייע מאטעריען, און א שטילער מו־מעל פון שמזימען. טעפפיך איז אויסגעשפרייט אומעדום. פאר'ן אלטאר שטייען אויסגעשטעלט פינף רייען פאָטעלען. דיא גאנצע אריסטאקראטיע פון פראנקרייך נעפינט זיך צו הויז מיט איהר גאָט. מאקסים זעהט אוים בלייכלאך. הענריעטטע קומט אן אין א ווייסע קלייד און אין א גאנצען וואלקען פון טול. זיא איז אויך זעהר גערירט; דיא אויגען זיינען רויט, זיא האָט נעוויינט. ווען דער בישאפ שפרייט אוים זיינע הענד איבער זייערע קעפ בלייבען זייא ביידע א פאָר סעקונדען אננעבויגען מיט זעהר א פרומע מינע, וואס מאכט אויף דיא אנוועזענדע דעם בעסטען איינדרוק. נאכדעם רעדט דער בישאפ מיט א זיננענדינען קול וועגען דיא פפליכטען, וואס דיא פערהייראטע האבען איינער צום צווייטען, און דיא פערוואנדטע ווישען דיא טרערען, אם מייסטען מאדאם בוזיע, וועלכע איז נעווען זעהר אונגליקליך אין איהר הייראט. דאן ענדינט זיך דיא צע־רעמאניע אין דעם ריח פון ווייראך און אין דעם פראכטפאלען שיין פון דיא ברע־נענדע ליכט. דאס איז ניט קיין בורזשואזער לוקסוס, זאנדערן א העכערע אויס־צייכנונג פון רעפינירטע רעליגיאן פאר דעם געברויך פון דעם אדעל געבאָרענעם. דיא גאָנצע צייט פון דער צערעמאָניע טראָגט דיא קירכע דעם שטעמפעל פון א סאלאָן.

אין אבענד האבען זייא א פאמיליען מאלצייט בייא פערמאכטע טהירען און פענסטער. און אין מיטען דער נאכט, ווען הענריעטטע ליגט ציטערנדינ אין בעט מיט איהר נעזיכט צו דער וואנד, קומט מאקסים אריין, און זיא דערפיהלט פלוצים א קוס אויף איהרע האר. ער איז אריין שטיל נאכהער וויא דיא עלטערן זיינען

ארהים. בייא איהר רייסט זיך ארויס א געשריי, און זיא בעט איהם, ער זאל איהר לאזען אליין, ער שמייכעלט און בענייט זיך מיט איהר וויא מיט א קינד, וועלכעס מען וויל איינגעהטען. ער איז זעהר גאלאנט, און טרעט צו איהר צו מיט ווייכען און מיט גוטען. ער קען פרויען גוט און ווייס וויא צוא בענעהן זיך מיט זיי. ער פערטרייבט מיט איהר און קוסט איהר דיא הענד און גאלובעט איהר מיט זיין קול: זיא דארף זיך פאר איהם ניט שרעקען; איז ער ניט איהר מאן און דארף ער ניט זארגען וועגען איהר טהייערן עקזיסטענץ? און שפעטער ווען זיא ווערט אלץ מעהר און מעהר אנגעשראָקען און פאנגט אָן צו וויינען און צו רופען דיא מאמען, דענקט ער, אז עס איז שוין צייט אביסעל זיך צו צואיילען, אום זיין לאנג זאל ניט ווערען לעבערליך. ער איז דאָך א וועלטליכער מאן, און ער לאָזט אראָב דעם לאמפ, ער רערמאנט זיך, וויא ער איז זיך בעגאנגען מיט דיא קליינע לאָרענס דיא אקטריסע, ווען זיא האט איהם ניט געוואלט נאך אן אבענד ברויט. העגריעטטע איז פיעל בעסער ערצויגען געווארען אלס לארענס; זיא דראפעט זיך ניט און בריקעט זיך ניט. דערשראקען צום טוידט ווערט זיא זיך כמעט ניט: און געווארפען וויא אין פיבער, וויינענדיג ווערט זיא זיינע און וואגט ניט צו עפענען דיא אויגען. דיא גאנצע נאכט ווינט זיא, איינגראבענדיג דיא ליפען אין קישען, אום ער זאל ניט דערזעהן, דיזער מאן, וואס ליגט בייא איהר זייט, פילט אָן איהר וועזען מיט עקעל און ציטערניס. אה! וויא שרעקליך דאס איז! פאר וואס האָט מען איהר עס פריער ניט דערצעהלט? זיא וואלט נים חתונה געהאט. דיא אלע יאָהרען פון איהר יוגענד וואס מען האט איהר געהאלטען אין אונוויסענהייט און שטרענגער צוכט, אום זיי זאלען זיך ענדיגען אזוי ברוטאל און העסליך, שיינען איהר צו זיין אזא אונגליק, פון וועלכען זיא וועט זיך קיין מאל ניט טרייסטען.

פיערצען מאָנאט שפעטער לעבען זיי אין גאנצען בעזונדער און מאקסים בעזוכט קיין מאל ניט העגריעטטע אין איהר צימער. זייער האָניג־מאָנאט האט אנגעהאלטען דריי וואכען. דיא אורזאכע פון זייער צוריסען לעבען איז געוועזען זעהר א דעליקאטע. מאקסים, וואס איז געוועזען געוואוינט מיט דער פראכטפאָלער אנטאניא האט געוואלט מאכען פון העגריעטטע א געליעבטע: נאר בייא העגריעטטע זיינען דיא געפיהלען נאך געשלאָפען, אויסער דעם איז זיא געוועזען קאלט פון דער נאטור און האט זיך אָבגעזאגט נאכצוגעבען אלע זיינע אויסגעלאסענהייט און קאפריזען. אויסער דעם האבען זייא פון דעם צווייטען טאג אויסגעפונען, אז זיי ווילען ניט הויזען איינער מיט'ן צווייטען. מאקסים איז היציג, ליידענשאפטליך און איינגעשפארט; העגריעטטע איז געלאסען און רוהיג אין איהרע בעוועגונגען, און איינגעשפארט ניט

װײנינער פון מאקסים. נאטירליכער װײזע האבען זײא אײנער דעם צװײטען בײ־
שולדינט, אז זיא טהוט נים גוט און ער טהוט נים װיא מען דארף. נאר אזוי װיא
פערזאנען פון זײער שטאנד מאכען נים קײן לײטישע געלעכטער, איז יעדע זאך
פערדעקט און בעפוצט. זײ פרעגען זיך נאך אײנער בײם צװײטען יעדען פריהמאָר־
גען װענען דער געזונד און בײ נאכט פערנײגען זײא זיך זעהר העפליך. זײ זײנען
אײנער דעם צװײטען א סך מעהר פרעמד, לעבענדיג אונטער אײן דאך, װיא זײא
װאלטען זיך געפינען טױזענד מײלען װײט אײנער פון צװײטען.

אנטערדעסען האט זיך מאקסים אומגעקעהרט צוריק צו אנטאָניאס געזעל־
שאפט. ער האט זיך אין גאנצען אבגעזאגט פון דעם געדאנק ארױפצוטרעטען אױף
דעם דיפּלאָמאטישען װעג. עס איז געװען א נארעשער געדאנק. א לא ראָשע־
מאזלאָן דארף זיך נים קאָמפּראָמעטירען מיט פּאָליטיק אין א צײט פון דעמאָקראַ־
טישען כאַפּלאַפּ. צײטענװײז קען ער זיך נים אײנהאלטען פון א שמײכעל, װען ער
בעגעגענט דיא בּאָראָנעססע דע בּוזיע, װאס ער האט געהײראַט אױף אזא גוטצ־
כאזען און נארעשען אופן. נאר נאך אלעמען טהוט דאס איהם נים באנק. דער
טיטול און פערמעגען זײנען איהם פערבליעבען. ער לעבט װידער זעהר ראַש, ער
פערברײנגט זײנע נעכט אין קלוב און פיהרט דעם אריסטאָקראַטישען סארט
לעבען.

הענריעטטע האט זיך אנפאנגס געפיהלט זעהר לאנגזאם. איצטער פיהלט
זיא א גרױס פערגנינען פון דער פרײהײט, װאס דאס פערהײראַטע לעבען פערשאפט
איהר. זיא הײסט שפּאַנען דיא פערד אין איהר קארעטע צעהן מאָל אטאָג, פארט
פון אײן מאגאזין צום צװײטען, מאכט װיזיטען צו איהרע פרײנד און געפינט פער־
גנינען אין געזעלשאפט. זיא האט אלע פּריװילעגיען פון א יונגע אלמנה. ביז איצט
האט איהר דיא רוהינקײט פון טעמפּעראַמענט אָבגעראַטעװעט פון ערנסטע פעה־
לערן. דאס גרעסטע, װאס זיא ערלױבּט איז א קוס אױף איהרע פינגער, נאר עס
גיעבט שטונדען װען זיא דענקט, אז זיא איז זעהר נאריש און שלאָגט זיך אָפּט
מיט׳ן געדאנק, צו זאל זיא זיך פערשאפען אײן געליעבטען פאר דעם קומענדען
װינטער.

---

## II.

מאָסיע זשול ביונרענד איז דער זוהן פון דעם בעריהמטען אדוואָקאט און רעדנער אויף דיא פּאָליטישע פערזאמלונגען. זיין ויידע אנטואן ביונרענד איז נעוועזען א רוהינער בורזשוא פון אנזשערס און האָט ארויס געשטאמט פון א פאמיליע פון נאטאריוסען, וואס זיינע נעוועזען זעהר נעעהרט אין דער פּראָווינץ. אלס נאטאריוס האט ער ניט נעהאט קיין גרויסען ערפאָלג און האָט פערלעבט רוהינ זיינע איינקינפטע. זיין עלטסטער זוהן, דער בעריהמטער ביונרענד, זעהר א טהעטינער און עהרנייציגער האט נעמאכט א פיינעם פערמעגען. זיין זוהן זשול האט נעהאט דעם עהרנייץ פון זיין פאטער, דיא אייטעלקייט פון איינעם, וואָס פערנעהמט א הויכע שטעלונג אין לעבען און דיא לוסט צו א פּרינצליכען לוקסוס. צום אונגליק האט ער שוין דערגרייכט דאס דרייסינסטע יאהר און פאנגט אָן צו פיהלען זיין מיטעלמעסינקייט. אנפאנגס האט ער געטראכט פון א זיץ אין סענאט, מאכען זיך א נאמען אלס רעדנער און קרינען א פּאָרטפעל פון א מיניסטער ביים ערסטען רעגיערונגס קריזיס. נאָר דיא ערסטע רעדנער־פּראָבע, וואס ער האָט געמאכט אין דעם דעבאטען־קלוב פון דיא אדוואָקאטען, האָט איהם נעוויזען, אז ער ליידט פון שטאמלען, און דיא אידעען און ווערטער קימען איהם ניט ניך אריין, און ער האט נעמוזט אויפנעבען יעדען גערדאנק וועגען ערווערבען זיך א נאמען אויפ'ן פּאָליטישען באָדען. דערנאָך האָט ער נעדענקט אריינצולאָזען זיך אין אינדוסטריע, נאר דיא ספּעציעלע שטודיען, וואס מען ברויכט דערצו, האבען איהם אָנגעשראָקען. ענדליך האט ער זיך בעשלאָססען צו ווערען אן אדוואָקאט. זיין פאטער, וועלכער האט ניט נעוואוסט, וואָס צו טהאָן מיט איהם, האט איהם נעקויפט א גרויסען אָפיס פאָר א הויכען פּרייז. דער לעצטער, וואס איז ארויס פון דעם אָפיס, האָט געמאכט א פּאָר מיליאָן.

פּאָר דיא לעצטע זעקס מאָנאטען איז זשול אן אדוואָקאט. ער פיהרט א גרויסארטיגע לעבען, פערברייננט זיינע אבענדען אין נעזעלשאפט, זאמעלט טהייערע בילדער און וויא ווייט מענליך איגנאָרירט ער דעם פאָקט, אז ער איז אן אדוואָקאט. דיא גליקען שיינען איהם צו קומען זעהר לאנגזאם. ער האט נעוואָלט הא־

בען ארום איהם דיא זאכען, וואס געהען איהם אָב—א גרעסערן לוקסוס וויא צ׳ביש איין מאָל אין וואָך געבען א מיטאג פאר וויכטיגע פערזאָנען, אָדער האַלטען אָן אָפענעם סאלאָן יעדען דינסטאג ביי נאכט, וואס זאָל בעזוכט ווערען פון זיין פאָ־טער׳ס פאָליטישע פריינד. ער רעדט זיך זאָגאר איין, אַז וואָס גרעסער ער וועט זיך פיהרען מיט בעלער מיט פיינע פערד וועט אַלץ מעהר גרעסערען זיין פראַק־טיק.

— האב חתונה, ראטה איהם דער פאָטער. ווען ער ווענדעט זיך צו איהם פאר אַן עצה; א ווייב וועט דיר געבען א העכערע שטעלונג אין געזעלשאפט. נעהם א רייכע, ווייל אונטער אזעלכע אומשטענדען איז א ווייב א גרויסע הוצאה. מאד־מואזעל דעסווין, דעם פאבריקאנט׳ס טאָכטער, וואָלט געווען ניט קיין שלעכטע פאָר פאר דיר. זיא האט א מיליאָן נדן. זעה, מען זאָל איהר ניט אויסכאפען.

זשול איילט זיך ניט און לאָזט דיעזען געדאנק צייטיג ווערען. א חתונה וועט אָהן צווייפעל פעסט מאכען זיין פאָזיציאָן, נאָר דיא זאך איז זעהר אַן ערנסטע און מען דארף זיך פריהער גוט בעזינען און דאריבער קוקט ער זיך פריהער גוט ארום. זיין פאָטער, וואס האט אַן אויג פון א העכערן מאַן, איז נערעכט. מאדמואזעל מאר־געריט דערווין איז, וויא עס שיינט, דער בעסטער שידוך. ער הויבט אָן צו זאמלען ריכטיגע אויסקינפטע ווענען דער וואהלהאבענהייט פון דעם פאַבריקאנט דעסווין. ער פיהרט זעהר א געשיקטען געשפרעך מיט זייער נאָטאריוס און געפינט אויס, אַז דער פאטער גיט ווירקליך א מיליאן אין נדן, פיעלייכט וועט ער נאך צונעבען נאך צוויי הונדערט טויזענד פראנק. אויב דער פאטער וועט אזוי טהאָן, וועט זיך זשול בעשליסען און וועט חתונה האבען.

פאַר דריי מאנאטען ווערען דיא פערהאנדלונגען זעהר טאקטיש. דער בע־ריהמטער ביוגרענד שפּילט אָן ענטשידענע ראלע. ער בענייט זיין בעקאנטשאפט מיט׳ן פאבריקאנט דעסווין און העלפט אונטער צו בעוועגען איהם ער זאל געבען א מיליאן מיט צוויי הונדערט טויזענד פראנק נדן.

— עס געהט גוט, זאגט ער צו זשול מיט א געלעכטער. איצט דאַרפסטו שוין אנפאנגען.

זשול האט געקענט מארגעריט ווען זיא איז געווען א קינד; דיא ביידע פאַ־מיליען פלעגען פערברייננען דעם זומער אויף דער פראווינץ, נעבען פאנטיינבליו און זיינען געווען שכנים. מארגעריט איז שוין פינף און צוואנציג יאהר אַלט, נאר נאט נערעכטער! וויא מאוס זיא איז איצט, ווען ער דערזעהט איהר ווידער. אמת, זיא

איז קיין מאל נים נעווען א שעהנהייט, א מאל איז זיא נעווען שווארץ ווייא א האר לאווע-שקע, נאר איצט איז ביי איהר דער רוקען אויסגעקרימט און איין אוינ גרעסער פון דער צווייטער. אבער נאך אלעמען, זאגט מען, אז זיא איז דיא אנגענעהמסטע מיידעל אין דער וועלט, זעהר וויטציג און פארערט זעהר פיעל פון איהר צוקונפטיגען מאן. און דאריבער האט זיא פיעלע, וואס האבען געזוכט איהר האנד, ענטזאגט און איז פערבליבען זיצען מיט איהר מיליאן. נאך דער ערשטער בעגעגעניס ווען זשול געהט פון איהר אוועק, ערקלעהרט ער אז זיא זעהט זעהר גוט אויס; זיא קליידעט זיך אזוי אז עס איז א פערגניגען צו זעהן, רעדט וועגען אלעס מיט אזא איבערהייט אז עס איז צו בעוואונדערן, שיינט צו זיין א פרוי וואס וועט פיהרען א סאלאן וויא מען דארף נאר ניט בעסער, און דיא העסליכקייט וועט איהר צונעבען א רייץ פון ארינינאליטעט. נאר אויסער דעם, א מיידעל וואס קען געבען א מיליאן מיט צווייא הונדערט טויזענד פראנק נדן קען זיך פערגינען צו זיין מיאוס.

איצט געהט עס צו זעהר געשווינד. דיא פער'קנס'טע פאר זיינען נים אזעלכע, וואס זאלען זיך אבשטעלען אויף קלייניגקייטען. ביידע ווייסען זעהר גוט דיא מציאה, וואס זיי האנדלען. מיט א שמייכעל האבען זיי פערשטאנען איינער דעם צווייטען. מארגעריט איז ערצויגען געווארען אין אן אריסטאקראטישען פאנסיאן; איהר מוטער האט זיא פערלארען צו זיבען יאהר און איהר פאטער האט ניט געקענט אכטונג געבען אויף איהר ערציהונג און דאריבער איז זיא פערבליעבען אין פאנסיאן ביז זיבעצעהן יאהר און האט געלעהרנט יעדע זאך, וואס א רייכע יונגע מיידעל דארף קענען—מוזיק, טאנצען, פיינע מאנקערען און אפילו א ביסעל גראמאטיק, געשיכטע און רעכענען. נאר דיא מייסטע ערציהונג האט זיא בעקומען פון דעם צוזאמענלעבען מיט איהרע חבר'טעס, וועלכע זיינען געקומען פון דיא פיינסטע געגענדען פון פאריז. אין דיעזער ענגער וועלטיק, וואס איז געווען א קליינער בילד פון דער גרויסער וועלט, צווישען דיא פיער ווענד פון דעם גארטען, אין וועלכען זיא איז ערצויגען געווארען, איז זיא פון פיערצעהן יאהר אן געוואהר געווארען פון דיא פריידען, וואס רייכקייט גיט, פון דעם פראקטישען נייסט פון דיזען יאהרהונדערט, פון דיא מאכט וואס פרויען קענען אויסאיבען און יעדע זאך וואס האט צו טהאן מיט דער פארטגעשריטענער ציוויליזאציאן. אבוואהל אין א פראגע פון שטובינע עקאנאמיעס קען זיא נים וויסען וואס צו זאגען, אבער דיא פערשידענסטע סארטען שפיצען קען זיא אבשאצען ביי איין בליק, זיא ווייס דיא מאדעס נים ערגער וויא א שניידערין וואס נייט פאר דער הויכער געזעלשאפט. זיא ווייס דיא אקטריסעס ביי דיא ערשטע נעמען, הצלט א וועט אייף רייסעס און זאגט מבינות אויף פערד און

דער שפראך וואס ווערט געברויכט אין יענע קרייזן: זיא גיט נאך אויך אנדערע זאכען, אבער מאכט פון זיי קיין שלעכטען געברויך.

זשול שיקט איהר אונטערדעסען יעדען טאג א בוקעט, וואס קאסט דריי לי־איס און ווען ער קומט איהר זעהן, איז ער זעהר גאלאנט, נאר זייער געשפרעך נעמהט גלייך אן אן אנדער ווענדונג. זיי ריידען שטענדיג פון זייער נייען וואהנונג, וואס זיי האלטען איין פארטיג מאכען. אויסער א פאר קאמפלימענטען בעשפרעכען זיי קיינע אנדערע זאכען וויא נאר פון דיא מעבעל־בעציהער, פון דיא קארעטניקעס און ד. גל. מארגעריט האט איינגעווילינט חתונה צו האבען מיט זשול, ווייל ער שיינט איהר צו זיין מיטעלמעסיג נענוג, אום צו פאסען איהר פאר א מאן און אויסער דעם איז איהר לעצטען ווינטער נעוועזען נים היימיש ביי איהר פאטער. דער ערשטער ליעבע־שפאציער איז א וויזיט צו זיין הויז אין דער אמשטערדאמער גאס. זיא געפינט אז דער וואהנונג איז א ביסעל צו קליין, נאר זיא וועט הייסען ארויס־נעהמען א פאר ווענטלאך און איבערשטעלען דיא טהירען זיא איז אגגסטליך צו ויסען וועלכעס צימער וועט זיין איהר שלאף צימער און נעהט זאגאר אריבער צו בעקוקען דיא שטאלען, מיט וועלכע זיא בלייבט צופרידען. נאכהער מאכט זיא נאך א פאר וויזיטען אין דעם הויז און גיט איהרע איינענע בעפעהלע דעם ארכיטעקטאר. זשול איז ענטציקט, ער יאט געפונען דיא פרוי, וואס ער דארף.

א וואך פאר דיא חתונה צערעמאניעס ווערען ביידע פאמיליעס אויסגעמאטערט. דער בעוואוסטער ביתרענד און דער עלטערער דעסווין האבען ישון געהאט דריי סעסיעס מיט דיא נאטאריוסען. זיי בעשפרעכען יעדע קליינינקייט אונ זעהען פערהיטען אז שפעטער זאל קיינע טענות נים זיין און פערלאזען זיך זעהר וועניג אויף'ן צווייטענס ארדענטליכקייט. זשול פון זיין זייט איז זעהר פערנומען און האט צו טאהן מיט דיא חתונה־מתנות. מארגעריט מיט'ן שמייכעל פון א צולאזטע סינד האט נעגען דעם געוואהנליכען מנהג געבעטען מען זאל איהר ערלויבען, זיא זאל אליין אויסקלייבען דיא ציערונג און שפיצען. און אזוי נעהען זיי בעגלייטעט נאר פון ארימע פערוואנדטע, פון מאגאזין צו מאגאזין און בעקוקען און דינגען דיא דיאמאנטען. זיי נעהען נים ביי דיא זייטען דריקענדיג איינער דעם צווייטענס האנד וויא דיא פראסטע געליעבטע. זיי שמייכלען נאר איינער צום צווייטען, זיצענדיג ביי דיא יובעלירען און קיהלען זייערע פינגער און דיא טהייערע שטיינער, בראשען און רינגען.

ענדליך איז דער קאָנטראַקט פאַרטיג און אונטערגעשריבען. ביים לעזען האט דיד נאָך אָנגעפאַנגען א ויכוח צווישען דעם בעוואוסטען ביוגרענד און זיין צוקונ־ אמת, דאס וועט קאסטען מיט פופציג פראנק מעהר, אבער דאס וועט מאכען א גרויסען עפפעקט. טויזענד איינלאַדונגען זיינען ארויסגעשיקט. ווען דיא קאַרטען קומען אן און שמעלען זיך אויס אין א לאנגער און גלייכער ליניע, איז דיא קירכע שוין אנגעפילט מיט מענשען, מיט מענער און פרויען געקליידעט וויא צו א באל. דורך א וואונדער פון קאקעטעריי איז מארגעריט'ן במעט אין גאנצען געלונגען צו פערבארגען איהר העסליכקייט אונטער איהר ווייסען וואואל און א קרוין פון פאַ־ מעראנצען בלומען, דשול איז דורכגעדרונגען מיט זיין וויכטיגקייט, זעהענדיג, אז אזוי פיעל מענשען האבען פערלאזט זייער געוואוינליכע בעשעפטיגונג צוליעב איהם. דער ווייל רוישען דיא ארגעלס, דיא זינגער הויבען אויף זייערע קלינגענדע שטימען און דיא צערעמאניע דויערט מעהר וויא אנדערהאלבען שטונדען אונטער דעם גראס־

נים מעהר וויא צעהן פערזאָן זיינען איינגעלאדען צום מעער'ס אָפיס. דער מעער איז דשולס קוזין. וועהרענד דיא צערעמאָניע קומט פאָר, נעהמט דער מעער אן א ערנסטע מינע, נאָר אזוי גיך וויא ער לייגט אוועק דאס ביכעל פון דיא הענד, ווערט ער ווידער א מאַן דער העכערער געזעלשאפט און מאכט קאָמפלימענטען דיא דאַמען און דערלאַנגט אליין דיא פעדער צו דיא עדות זיי זאלען זיך אונטער־ שרייבען. צווישען דיא עדות זיינען פאראן צוויי סענאטאָרען, א קאבינעט מיניסטער און א גענעראל. מארגעריט ענטפערט „יא" מיט א שטייפען קול און אן ערנסטע מינע, ווייל איהר איז בעקאנט דאס געזעץ. אלע אנוועזענדע האבען אן ערנסטע מינע, פונקט, וויא זיי וואָלטען מיט זייער אנוועזענהייט מיטגעהאָלפען אין א גע־ שעפט, וואו עס ווערט פערהאנדעלט איבערצוגעבען גרויסע סומען חתן־כלה לאזען איבער פאר'ן אוועקגעהן צו פופצעהן הונדערט פראנק יעדער פאר אָרימע לייט. ביי נאכט איז א מאלצייט ביי דער כלה אין הויז און אלע עדות זיינען איינגעלאדען. נאר דער קאבינעט־מיניסטער האט ניט געקענט קומען צו דער גרויסער ערגערניס פוןביידע פאמיליעס.

דיא רעליגיעזע הייראט פינדעט שטאט אין דער מאדעליין קירכע. דריי טאָג פריהער איז דשול מיט זיין פאטער דארטען געוועזען און האבען זיך בעדונגען וועגען פרייז. זיי האבען געפאדערט, אז ביי דער חתונה זאל זיין אזא לוקסוס, וויא נאָר מעגליך, אבער זיי זיינען ניט געווען איינפערשטאנדען מיט'ן מקח. אזא סומע פאר דער צערעמאניע ביי דעם גרויסען אלטאר, אזוי פיעל פאר דיא אָרגעלס, און אזוי פיעל פאר דיא טעפּיך. זיי האבען אויסגענומען, אז דיא טעפיך זאל זיך ציהען

איבער דיא צוואנציג מרעפ פון דער קירכע און זאל דערנרייכען ביז צום מראטואר
אויף דיא ארגעלס זאלען בעגעגענען דיא פראצעסיאן מיט א טריאומפף־מארש:
פמינען מחותן, נאר זשול האט זיך אריינגעמישט. מארגעריט איז געזעסען דער ביי
און האט זיך צוגעהערט אויפמערקזאם מיט ווייט פאנאנדערגעפענטע אויגען, פאר־
מינ צו בעשיצען איהרע אינטערעסען מיט א ווארט, ווען זיא וועט זעהן, אז זיי זיי־
נען אין געפאהר. דער קאנטראקט איז זעהר א פערפלאנטעטער, א האלב פון דעם
נדן געהערט צום מאן, דיא צווייטע האלב מאר מען נים ריהרען, נאר דיא איינ־
קינפטע זאלען געהערען צוביידען גלייך, מיט דער אויסנאהמע פון צוועלף טויזענד
פראנק, וועלכע געהערען אויסשליסליך יעהרליך צום ווייב אויף איהרע קליידער.
דער בעריהמטער ביוגרענד, וועלכער איז דער פערפאסער פון דיעזען קונסט־שטיק
איז ענטציקט, וואס איהם איז געלונגען צו פיהרען ביי דער נאז זיין אלטען
פריינד און מחותן.

ארטינען געוועלכ פון דער קירכע. עס איז זעהר שעהן. אין צימער, וואו מען שרייבט
זיך אונטער, פאננט זיך אן א פראצעסיאן, פון בעקאנטע, געסט און זאגאר פרעמדע
זיי קומען אריין פון איין טהיר און געהן ארויס פון דער צווייטער נאכהער וויא זיי
האבען צוגעווינשעוועט דעם חתן און כלה. דיזע פארמאליטעט געדויערט נאך א
שטונדע. צווישען דיא אנוועזענדע געפינען זיך פיעלע בעריהמטהייטען פון דער פאר־
ליטישער וועלט, יוריסטישער, סוחרישער, ארטיסטישער און זשורנאליסטישער; און
זשול דריקט דיא האנד מיט בעזונדערע פריינדליכקייט דעם קליינעם און בלייכען
יונגען מאן, מיט וועלכען ער איז בעקאנט פון דערוויימענס און וועלכער שרייבט אין
א צייטונג, און האט אין זינען, אז ער וועט פיעלייכט אריינגעבען א נאטיץ וועגען
דער חתונה.

אזוי וויא ניט ביוגראנד און ניט דער מחותן האבען א זאל גרויס גענוג פאר
דעם באל, האבען זיי דעם באל געמאכט אין האטעל דו טואוור. דער באנקעט איז
א גרויסארטינער. נאך האלבע נאכט פיהרט א קארעטע אוועק דאס יונגע פאר
אין זייער נייע וואהנונג און זיי שפאסען אויף'ן וועג איבער'ן טונקעלען פאריז, וואו
שאטענס פון פרויען וואנדלען ארום אין דיא עקען פון דיא גאסען. ווען זשול קומט
אריין אין שלאף־צימער, געפינט ער, וויא מארגארעט ווארט אויף איהם רוהיג מיט
איין עלענבויגען איינגעגראבען איו קישען. זיא איז א ביסעל בלייך און אויף איהרע
ליפען שוועבט א שמייכעל פון פערלעגענהייט, ווייטער נאר נישט און דיא חתונה
פערענדיגט זיך גאנץ נאטירליך, וויא א לאנג ערווארטעטע זאך.

צווייַ יאָהר זייַנען פערגאַנגען נאָך זייער חתונה. צו קיין ערנסטע ריַיסעריַי איז בייַ זיי נים געקומען, נאָר די פערנעסען אייַנער אַן צווייטען אַ האַלב יאָהר נאָך אַנאַנד. ווען בייַ זשול ערוועקט זיך אַ קאַפּריז צו זייַן ווייַב, נעהמט איהם אַ גאַנצע וואָך ביז ער קריגט דיא ערלויבניס צו בעזוכען איהר אין איהר שלאָף־צימער. אָפּטמאל, אום צו פערשפּאָרען צייַט, וואָס איז איהם זעהר טהייער, זוכט ער אַ בעפרידיגונג פאַר זייַן קאַפּריז ערגעץ אַנדערש. ער איז אַזוי בעשעפטיגט! הייַנט איז ער אַ מאַן, וואָס שטייַגט אין דער הויך; זייַן אָפּיס אַלייַן בענייַנענט איהם שוין נים, ער בעלאַנגט צו אַ פּאָאַר געזעלשאַפטען און ספּעקולירט אויף דער בירזשע. עס איז אַ פערגניגען צו צוציהען צו זיך דיא אויפמערקזאַמקייט פון פּאַריז; דיא צייַטונגען שרייַבען איהם צו זעהר קלוגע ווערטלאַך, דאָך קומט ער נים צו זייַן ווייַב און ער האָט נאָך נים אויסגעפונען דעם וועג, נים קוקענדיג אויף זייַן פּאַטערס ראַטה, וויא אַרייַנצוקריגען אין זייַנע הענד יענע זעקס הונדערט טויזענד פראַנק, פון וועלכע לויט דעם קאָנטראַקט טאָר ער נים ריהרען.

מאַרגאַרעט איז אַ בע׳חנ׳טע פרוי. דיא פרוי האָט ערפילט וואָס דאָס מיידעל האָט פערשפּראָכען צו זייַן. דיא האָט איהר וואָהנונג אין דער אַמשטערדאַמער גאַס געמאַכט פאַר אַ צחאַמענקונפט פון לוקסוס און פרייַליכקייַט. אַלע ווילדע פערשווענדונגען פון פּאַריז, קליידער פון דרייַ טויזענד פראַנק רואינירט אין איין אָבענד, ליכט אַנגעצונדען מיט צחאַמענגעדרייטע באַנק־נאָטען ניבען צו אַ רייַץ צו דעם אויסעראָרדענטליכען רייַכקייַט. פון פריה ביז בייַנאַכט פּאָהרען קאַרעטען דורך דעם טויער. אין געוויסע נעכט הערט דיא גאַנצע נאַכבאַרשאַפט אַרום און אַרום ביז פריה אַ ווייטע מחיק און אַ חוכא וטלולא פון דיא טענצער. מאַרגערים איז גרויסאַרטיג אין איהר העסליכקייט. איהר איז געלונגען צו עררייַכען אַז מען זאָל זיך אַרום איהר מעהר אַרומדרייען וויא אַרום אַ שעהנהייט, ווייל זיא איז מעהר אינטערעסאַנט פון אַ שעהנהייט, ווייל זיא איז ערגער, ווערלינג זיא אַלייַן זאָגט מיט אַ געלעכטער. איהרע צוועלף טויזענד פראַנק אייַנקינפטע פלאַמטען אויס וויא אַ קופּע ברענענדיגע שטרוי. דיא וואָלט רואינירט איהר מאַן אין איין יאָהר, ווען זיא וואָלט נים בעזעסען אַ זעלטענע אינטעליגענץ. עס איז גוט בעקאַנט, אַז זיא האָט נים מעהר וויא טויזענד פראַנק אַ מאָנאַט פאַר איהרע קליידער, נאָר קייַנער איז נים גענוג אונאַנשטענדיג צו וואַונדערן זיך, ווען ער זעהט, אַז זיא פערשווענדעט אין איין מאָנאַט אַזוי פיעל, פיעל דיא קריגט אין אַ גאַנץ יאָהר. זשול איז ענטציקט. קיין פרוי וואָלט נים געוועזן אים שטאַנדע צו פיהרען אַזוי דיא תויז און ער איז

איהר הערצליך דאַנקבאַר דערפאַר וואס זיא העלפם איהם צו פערברייטען דעם קרייז פון בעקאַנטשאַפט. נראַדע יעצט, ציינט זיא ארויס א טאַכטערשע אויפ־מערקזאַמקייט צו איינעם פון דיא סענאַטאָרען, וואס איז געוועזן אן עדות ביי איהר אויף דער חתונה; זיא ערלויבט א קוס אויף איהרע אַקסלען הינטער דיא טהירען און נעהמט אָן פרעזענטען פון אַקציעס אריינגעלייגט אין קעסטלאַך מיט קאָנפעקטען.

———•———

## III.

לואיזע באַרען איז שוין אריבער דרייסיג. זיא איז פון הויכען וואוקס, ניט שעהן און ניט מאוס. דאס געזיכט דריקט קיין זאך אויס און דיא באקען הויבען זיך אן צו בעדעקען מיט פלעקען פון לאנגען זיצען. איהר פאַטער האַלט א קליימעל פון צעלניק אין רוע סענט זשאָק. דיא קליימעל האַלט ער שוין א יאהר צוואנציג און פאר דער גאַנצער צייט איז איהם קיים געלונגען אָ׳צוקלייבען צעהן טויזענד פראנק; און זאַגאר דאס איז איהם ניט אַנגעקומען גרינג. פלייש האַט ער זיך פער־גונען ניט עפטער ווי צוויי מאָל א וואך און קליידער האַט ער געטראָגען דרייא יאָהר לאנג און ווינטער האַט ער געצעהלט דיא קוילען, וואס ער האַט געוואָרפען אין אויוען. כמעט צוואנציג יאהר האט איהם לואיזע געהאָלפען אין קלייטעל און האט בלייז געזעהן, וויא דיא פוס־געהער זיינען בעשפריצט געוואָרען מיט בלאָטע פון דיא קארעטען. צוויי מאָל איז זיא געווען אין דער פראָווינץ. ווען זיא געהט צו צו דער טיהר זעהט זיא ביים עק נאָס דעם בריק, אונטער וועלכען פליסט דער טייך. נאָר זיא איז ניט קיין נאַר, זיא האַט זיך אויסגעהאָדעוועט צו רעספּעקטירען דעם מסחור פון א סו נאָדלען און צוויי סו פּאָדעם, וואס דיא ארבייטער פרויען פון דער נאכבארשאפט פלעגען געבען צו לייזען. איהר מוטער האט איהר אוועקגע־שיקט ניט ווייט אין א קליינעם פּאנסיאָן, נאָר ווען זיא איז געוואָרען צוועלף יאהר אלט, האט מען איהר פון דארטען אבגענומען, אום צו פערשפּאָרען צו דינגען א משרת אין קלייטעל. כואיזע סען לעזען און שרייבען, נאָר זיא הינקט צו אין אויס־ליינען; בעסער פון אלם ווייס זיא דיא טאבעלע פון כפל. ווערליג זיא זאגט אין איהר שטאטנעט קול, איז זיא נענוג ערצויגען פאר׳ן געשעפט.

איהר פאטער האט ערקלערט, אז ער וועט איהר געבען צוויי טויזענד פראנק. עס איז דארום פערשטענדליך אז בעלנים אויף איהר האנד זיינען געווען גענוג, נאר זיא איז אין איהר חשבון ניט גענארט. זיא ערקלערט אפען, אז זיא וועט ניט חתונה האבען פאר א מענשען, וואס פערמאגט נאָר ניט. מענשען האבען ניט חתונה מיט דער אבזיכט צו זיצען מיט אויפגעלייגטע הענד און קוקען איינער דעם צווייטען אין דיא אויגען. קינדער קענען געבאָרען ווערען און אויסער דעם איז זעהר גוט צו קרי־גען א חתן, וואס זאָל לכל הפּחות האבען זיינע צוויי טויזענד פראנק, ווי זיא.

דאמאלס וועלען זיי קענען עפּענען א קלייטעל און פערדינען בכבוד אויף זייער לע־בען. נאָר אביוואהל חתנים מיט צוויי טויזענד דאלאר זיינען ניט זעלטען, אבער אזעלכע קוקען אויס אויף כלות מיט א נדן אין צוויי אדער דריי מאל אזוי פיעל. און דאריבער קען קען זיא א מאָל נאר פערזיצען ביז'ן גרויען צאפּ. זיא האט אב־זאגט אלע ווערטהלאָזע חתנים, וואס האבען זיך צו איהר געשרכ'נט אין האפנונג צו קריגען איהר געלד. זיא איז פאלמאמען איינשטימינג צו חתונה האבען פאר איהר געלד, ווייל געלד שפּיעלט דיא הויפּט ראלע אין לעבען. נאר זיא דארף הא־בען א חתן, וועלכער זאל אויך וויסען וויא צו שעצען געלד.

ענדליך האט זיך איינער געפונען, וואס האט אויפמערקזאם געמאכט דיא באָרדינס אויף א יונגען מאַן, א זיינגער־מאכער, וועלכער האט זיך זעהר גוט אויפ־געפיהרט ער וואהנט אין דער אומגעגענד ביי זיין מוטער, וועלכע לעבט פון דיא איינקינפטע פון איהר קליינער הייזעל. מאדאם מעניע האט ביי א וואונדערבארע עקאנאמיע אבגעשפּארט פינפצעהן הונדערט פראנק פאר איהר זוהנ'ס חתונה. אלעקסאנדער מעניע איז מיט א יאהר אינגער אלס לואיזע און איז זעהר א שעמע־דינער און אנשטענדינער, נאָר ווען לואיזע דערהערט, אז דער חתן האט ניט מעהר וויא פינפצעהן הונדערט פראנק, איז זיא גלייך מודיע, אז זיא וויל ווייטער ניט הע־רען זיא וויל האבען צוויי טויזענד פראנק, אזוי האט זיא אויסגערעכענט. דאך געהען אָן פערהאנדלונגען צווישעןביידע פאמיליען. מאדאם מעניע קומט אליין אי־בעררריידען מכח דעם; און ווען זיא געפינט אויס, וואס דיא כלה פערלאנגט, גע־פעלט איהר זעהר דיא מיידעל'ס אויסגערעכענטקייט און זאגט צו, אז דיא צוויי טויזענד פראנק וועלען געשאפען ווערען אין דעם פערלויף פון אכטצעהן מאָנאטען. איצט איז דיא זאך וויא אבגעמאכט. דיא פאמיליעס ווערען שטארק בעפריינדעט, דיא קינדער, אלעקסאנדער און לואיזע, ווארטען רוהיג און דריקען איינער דעם צווייטען דיא הענד אויף א פריינדליכען אופן. יעדען אבענד בעגעגענען זיי זיך און הינטען אין קלייטעל זיצען זיי אויפ'ן טיש, ער פון איין זייט און זיא פון דער צוויי־טער און ציינען ניט ארויס קיין שום אונגעדולד און שמועסען פון דיא שכנים, ווע־מען עס געהט גוט און וועמען שלעכט. אין דעם פערלויף פון אכטצעהן מאנאטען בריינגען זיי ניט א ליעבע ווארט פאר דיא ליפּען. לואיזע געפינט אז אלעקסאנדער איז א פיינער יונגער מאן, נאר פיעלייכט א ביסעל צו שוואך, ווייל איין טאג האט זיא געהערט, וויא ער האט געזאגט, אז ער האט ניט געוואגט צו בעטען ביי זיינעם א פריינד דיא צעהן פראנק, וואס ער האט איהם געליהען מיט זעקס וואכען צוריק.

אלעקסאנדער ערקלערט אז לואיזע איז געבארען פאר געשעפט און דאס האט אזוי פיעל צו זאגען וויא א קאמפלימענט.

אין דעם בעשטימטען טאג, פונקט וויא זיא האלט געדארפט אבצאהלען א וועקסעל, האט פרוי מעניע דיא צוויי טויזענד פראנק גרייט. אנדערהאלבען יאהר צייט האט זיא זיך אבגעזאגט פון קאפע און האט אבגעשפארט סו פאר סו פון איהר עסען, בעלייכטינג און בעהייצונג. דיא חתונה ווערט אבגעלייגט אויף דריי חדשים שפעטער אום צו געבען צייט אויף הכנות. עס איז בעשלאסען, אז אלעק־סאנדער זאל עפענען אליין פאר זיך א ווערקשטוב צום פעררייכטען זייגערס. א פלאץ האבען זיי אבגעזוכט אויף דער זעלבער גאס, סענט זשאק, וואו פריהער האט געהאלטען א פרוכט־הענדלער א לאדען, אבער איהם איז ניט געגאנגען גוט. דיא ערשטע זאך וואס מען ברויכט צו טהאן, איז צו ברייננען דעם לאדען אין א פיינעם צושטאנד. ענדליך בעגונענען זיי זיך מיט דעם, וואס זיי וויסען אוים דיא סטעליע און וואשען אב דיא פארב, ווייל דער מאהלער האט געבעטען צוויי הונדערט פראנק פאר׳ן אבפארבען פון דאס ניי. וואס אנבעלאנגט סחורה פאר ן געשעפט, וועט עס אנפאנג בעשטייז פון א ביסעל געוויינליכע ציערונג און עטליכע אבגע־ניצטע זייגערס. אלעקסאנדער וועט אנהויבען זיין ארבייט מיט דעם, וואס ער וועט פעררייכטען דיא זייגערס אין דער נאכבארשאפט, נאר ביסלעכווייז, געהענדיג אזוי פאמעלאך, וואס מעהר זיי וועלען הערען בעוואוסט, וועלען זיי פערצירען דיא שטנ־סטע און בעסטע ווערקשטוב אין דער גאס. ווען אלץ וועט ווערען אבגעטאהן, דיא ווערקשוב פארטיג, וועט זיי נאך פערבלייבען דריי טויזענד פראנק, וועלכע מען דארף שטענדיג האבען אין האנד, טאמער מאכט זיך צו קויפען א מציאה. דיעזע הכנות פערנעהמען זייער צייט ביז דיא נאכט פאר דער חתונה.

ווען עס איז געקומען צו רייד וועגען א קאנטראקט, האט לואיזע געצווינגען מיט דיא אקסלען און אלעקסאנדער האט אנגעהויבען צו לאכען. א קאנטראקט קאסט צום קנאפסטען צוויי הונדערט פראנק; אלעס וועט געהערן צו ביידען גלייך און יעדער וועט האבען א גלייכען טהייל, דאס איז א סך נאטירליכער. נאר נים קוקענדיג אויף דעם, ווילען זיי יעדע זאך טהאן, וויא עס געהערט צו זיין. אויסער דעם טבעת קדושין—א גאלדען רינג פאר פופצעהן פראנק—שיינקט אלעקסאנדער לואיז׳ען א זיינער־קייטעלע. דיא חתונה שמחה וועט געפראוועט ווערן אין א רעס־טאראן אונטער דער שטאדט און דיא באדינ׳ס האבען זיך ארויסגערופען צו רעד־קען אלע הוצאות פון דער חתונה וועטשערע.

דיא חתונה איז אבגעליינט אויף שבת, ווייל נאכדעם פערבלייבט דער נאנ־צער זונטאנדינער טאָג, אויף אברוהען זיך. דיא חתונה־געסט פילען אָן פינף קאַ־רעטען, וועלכע מען האָט געדונגען פאר דעם טאָג. אלעקסאנדער טראָגט א שוואר־צען פראק מיט א פאָר הייזען, עקסטרא געמאכט צו דיא חתונה. לואיזע האָט אליין אויפגענייט איהר ווייסע קלייד און א מוהמע האָט איהר געשענקט דעם קראנץ און בוקעט פון פאָמעראנצען־בלומען. אין ערך פון צוואנציג געסט האָבען אויך לכבוד דיזע האָכצייט בעשטעלט זיך נייע קאָסטיומען. דיא פרויען טראָגען ויידען־קליידער פון פערשידענע קאָלירען: ראזע, גרין און געל. דיא הערען טראָגען פראקס און א געוועזענער מיזבעל־הענדלער טראָגט א דרעס־סוט. דיא צוויי אונ־טערפיהרערקעס ציהען צו זיך אום מייסטען דיא אויפמערקזאמקייט, זיי זיינען צוויי הויכע בלאָנדע מיידלאָך, אין ווייסע מוסליענע קליידער, דיא טאליעס איינגעצוינגען מיט ברייטע, בלויע שטיינגעס. עלף א זייגער אין דער פריה פאָהרט ארויס דיא פראָצעסיאָן פון דיא קארעטען צום מעער׳ס אָפיס, וואו דיא געסט פערפלייצען דעם זאל רער מעער לאָזט זיי ווארטען דריי פיערטעל שטונדען. ער איז א בעטער מאן און זעהט אויס וויא איינער, וועלכען מען בעלאסטיגט. ער פטר׳ט אב דיא צערע־מאניע און נעהמט נים אראב דיא אויגען דיא גאנצע צייט פון דעם זיינער וועל־כער שטעהט נעבען איהם. ער האט ווארשיינליך מיט יעמאנד אבגערעדט צו בע־געגענען זיך אין דיזער שטונדע ווענען א געשעפט. פרוי באדין און פרוי מעניע בעניסען זיך מיט טרעהרען. דיא כלה און חתן ענטפערן אין איין צייט „יא“, און פערניינען זיך העפליך נעגען דעם מעער. אונטערדעסען זאגט דער געוועזענער מע־בעל־הענדלער עפעס אן המצאה און דיא אנוועזענדע הערען לאכען. אלעקסאנדער און לואיזע לאזען איבער צו פינף פראנק יעדער פאר אריטע לייט. נאכהער זעצען זיך אלע צוריק אין דיא קארעטען און פאהרען אריבער דעם וועג און שטעלען זיך אב פאר א קירכע. אבגערעדט ווענען דער צערעמאניע האבען הערר באדין און אלעקסאנדער נאך נעכטען ביי נאכט. זיי האבען געהייסען מאכען דיא פארבערייטונגען אזוי פראסט וויא מעגליך, רענקענדיג, אז עס איז נים נויטהיג פעט צו מאכען דיא נכחים; הערר באדין איז א פריידענקער און וואלט געוועזען צופרידען נאר אין קירכע נים צו געהן, נאר ער האט געמוזט עס טאהן פון לייטענס וועגען. דער גלח פטר׳ט אב דיא צערעמאניע זעהר גיך, דיא אנוועזענדע הויבען זיך אויף און זעצען זיך אנידער אויף דיא צייכענס פון דעם גלח. דיא פרויען האבען מיט זיך געביזם־ביכער, נאר זיי קוקען אויף נים אריין. חתן־כלה האבען ערנסטע געזיכטער און א פערמאטערטע און אונאויפמערקזאמטע מינע, אזוי וויא זיי וואלטען

אין דער מינוט פון נאָר ניט נעטראכט. ענדליך, ווען דיא געסט פערלאָזען דיא קירכע, לאָזט יעדער ארויס א זיפץ פון ערלייכטערונג. ענדליך איבערגעקומען. איצט וועט מען כאטשע אביסעל קענען לאכען.

ארום צוויי א זייגער קומען אן דיא קארעטען צום רעסטאָראן אונטער דער שטאָדט. דיא מאָלצייטס-שטונדע וועט ערסט זיין זעקס א זייגער. דערווייל געהען זיי אוועק אין גאָרטען. דריי שטונדען לאנג שפאצירען זיי ארום צווישען דיא בוי־מער. דיא אונטערפיהרערקעס יאגען זיך ארום וויא קליינע מיידלאך; דיא דאמען זוכען זיך פלעצער אין שאָטען און דיא הערען פעררויכענען סיגארען. ענדליך זעצען זיי זיך אלע אניעדער פערמאטערטע אויף א פרייען פלאץ און הערען זיך צום טראָמייטען אין א נאָהענטער פעסטונג, צום פייפען פון דיא דורכלייפענדע לאָקאָ־מאָטיווען און צום ווייטען גערויש, וואס דערגרייכט פון פאריז.

ענדליך איז אָנגעקומען דיא מאָלצייטס שטונדע, און האבען זיך צוריקגע־קעהרט אין רעסטאָראן. דער טיש איז געדעקט אין א גרויסען צימער און איז בע־לויכטען מיט צעהן נאדרעהרען, וויא א קנאפע הויז. אויף ביידע עקען פון טיש שטעהן צוויי גרויסע קינסטליכע בוקעטען, דיא קוויימען פון וועלכע זיינען פון לאנגען נעבריף אָבגעבראָכען. און דאס עסען הויבט זיך אן ביי דער קלאפעריי פון טעלער און לעפעל. מיט'ן עסען דערוואַרעמען זיי זיך און מען פאנגט אן צו שיטען המצאות פון איין עק טיש ביז'ן צווייטען. דער פרייליכסטער מאמענט פון דעם אבענד איז יענער, ווען א יונגער מאן, א קאָמי, קריכט ארונטער אונטער'ן טיש און שפילעט אז ביי דער כלה א זאָקען-בענדיל, וואס בעשטייט פון א סך שטיינגעס, וועלכע דיא הערען צוטהיילען צווישען זיך שטיקלעכוויים און בעפוצען מיט דעם זייערע קנעפלי־כער. לוֹאיזע האט פון דעם מנהג ניט געוואלט וויסען, נאָר איהר פאָטער האט איהר איינגערעדט, אז איהר אָבזאָגען זיך דערפון וועט פערשטערן דיא שמחה, און זיא האט נאכגעגעבען. אלכסנדר לאכט אין דער הויך און איז איבערגעפילט מיט דער פרייד פון אן אָרדענטליכען יונגען מאן, ביי וועלכען פערגניגען איז א זעלטענע זאך. ביי דעם ארונטערנעהמען דעם זאָקען-בענדעל מאכט מען א פאָר זעהר נע־זאלצענע וויטצען און ווען דיא וויטצען ווערען צו שארף בעהאלטען דיא דאמען זיי־ערע געזיכטער אין דיא סערוועטקעס, אום צו קענען לאכען פרייער.

עס איז ניין א זייגער. דיא דיענער פון רעסטאָראן בעטען דיא געסט, זיי זאָ־לען אריבערגעהן אין צווייטען צימער אויף א פאָר מינוט. דאן נעהמט מען צו דעם טיש געשווינד און דאס גרויסע עסס-צימער ווערט א באל-זאל. א פאָר כלי זמרים בעוויזען זיך אויף דער פלאטפאָרמע און דער באל פאנגט זיך אן; דיא אונטער־

פיהרערקעס אין דיא ווייסע קליידער מיט דיא בלויע שטיינעס שוועבען ארום אי־בערן ציטער פון איין עק צום צווייטען דיא גאנצע נאכט צווישען דיא שווארצע פראקען. ער איז זעהר הייס. דיא דאמען עפענען א פענסטער אום אריינצוקריגען א ביסעל פרישע לופט פון דרויסען. גלעזער מיט ערפרישענדע געטרענקע ווערד־סערווירט אויף טאצען פאר דיא געסט, און ארום צוויי א זייגער ביי נאכט פער־שווינדעט דיא כלה צוזאמען מיט איהר מוטער און חתן און קעהרען זיך אום צוריק נאך פאריז. הערר באָרין בלייבט איבער אום אונטערצוהאלטען דיא געסט. זייא טוהען טאנצען ביז טאָג.

אין דער כלה'ס וואוינונג טהוט מען איהר איבער דיא חופה קליידער.

דיא מוטער און צוויי אנדערע פרויען טהוען איבער דיא כלה'ס חופה־קליי־דער אין איהר וואוינונג און ציהען איהר אָן נאכט קליידער. דערביי ווינען זיי. ווען זיי פיהרען איהר אריין אין בעט, שיקט זיא זיי אוועק און איז נעגוויטהיגט צו בערו־היגען זיי. זיא איז זעהר רוהיג און איינפאך מיעד, אלעס וואס זיא וויל איז אנשלאָ־פען צו ווערען. און ווירקליך ווען דער שעמעדיגער אלכסנדער קומט ענדליך אריין, געפינט ער איהר א שלאָפעדיגע נעבען דער וואנד. ער קומט אריין אויף דיא שפיץ פינגער און בלייבט שטעהן. זעהענדיג, אז זיא שלאָפט, געפינט ער זיך זעהר ער־לייכטעט. דאן טהוט ער זיך אויס זעהר פאָרזיכטיג און קריכט ארונטער אזוי שטיל וויא מעגליך אונטער דער דעקע. ער נעהמט איהר אפילו ניט ארום. ער וועט וואר־טען ביז אין דערפרית. זיי האבען גענוג צייט, זייענדיג פערבונדען אויפ'ן גאנצען לעבען.

און זיי פיהרען זייער א גליקליך לעבען. צו זייער גליק האבען זיי קיין קינדער ניט; קינדער וואָלטען זיי געווען אין וועג. זייער געשעפט געהט גוט. דיא קלייט וואקסט, דיא פענסטער ווערען פול מיט ציערונג און זיינערס. לואיזע פיהרט דאס געשעפט, וויא א גוטע ווירטהין. שטונדען־לאנג זיצט זיא אין געשעפט און שמיי־בעלט צו דיא קונדען, פערקויפענדיג דיא סחורה וואס איז ארוים פון דער מאָדע און ארויסגעבענדיג עס פאר שפאָנעל נייע, ערסט נעכטען פון פאבריק ארוים. ביי נאכט מיט א פעדער אונטער'ן אויער קוקט זיא דורך דיא רעכנונגען. אָפט פער־ברייננט זיא גאנצע טעג אין ארומלויפען איבער פאריז אנצונעהמען בעשטעלונגען. איהר גאנץ לעבען איז פערנומען מיט איין געדאנק וועגען געשעפט. דיא פרוי פער־שווינדעט געגצליך און אויף איהר פלאץ בלייבט נאר א לוסטינער און טהעטינער האנדעל־מאן, זיא האט נאר איין געדאנק און דאס איז אנצוזאמלען א קאפיטאל. וואס זאל איינטראגען פון פינף ביז זעקס טויזענד פראנק א יאהר, וועלכע זיי וועלען

פערלעבען אין א וומער־וואָרנונג אונטער דער שטאָדט, וואס זאל זיין געבויט אויפן שווייצאַרישען אופן. א דאנק דעם איז אלכסנדר פאלקאמען רוהיג און האט א בליני־דען גלויבען אין זיין ווייב. ער האט נאר צו טהאן מיט דער זיינער מאבעריי, פער־ריכט מאשען און וואַנד זיינערס און דיא גאנצע הויז איז עהנליך צו א גרויסען זיי־גער, וואס זיי ביידע צוזאמען האבען אנגעשטעלט און רעגולירט אויף איטער. זיי וועלען קיין מאל ניט וויסען, צו זיי ליעבען איינע דעם צווייטען, נאר זיי זיינען זיכער אז זיי זיינען אָרדענטליכע שותפים און שטארק איבערגעגעבען צו זאמלען געלד. און הערען נים אויף צו שלאָפען צו זאמען, אום צו פערשפּאָרען צו צאהלען איבריגע געלד דער וועשערען פאר וועש.



## IV

וואלענטין איז א הויכער יונגער מאַן, פינף און צוואנציג יאָהר אַלט, זיין ארביים איז טישלעריי און געבאָרען איז ער אין דער פאָרשטאָדט סענט אנטואן. זיין פאָטער און זיידע זיינען אויך געווען טישלערס. אויסגעוואַקסען איז ער צווישען קרפּעס סטרוזשקעס און ביז צעהן יאהר האט ער געשפּיעלט אין רעשלאַך אויף דיא טראָטואַרען נעבען דער באַסטיל. איצט האט ער „א בעט" אין רוע דע לא ראָקעט אין א ביכינגען שיינק. ער צאהלט צעהן פראנק א מאָנאט. פאר זיין לאָזשי און זיין בעטעל שטעהט אין א לאָך אונטער'ן דאַך. דער פּלאַץ איז גענוג גרויס פאר'ן בעט און פאר א שטוהל, נאָר ווען ער דארף געהן שלאָפען מוז ער זיך איינבויגען אין דרייען, אויב ער וויל דעם קאָפּ ניט אָבשלאָגען אן דער סטעליע. ער מאכט אליין קאָטאָוועס פון זיין דירה. ער נעהמט קיין וויזיטען נים אָן; שלאָפען קומט ער צעהן א זייגער און פינף אין דער פריה סאַי זומער, סאַי ווינטער, איז ער שוין אויף. ער זאָגט, אז ווען ער מאכט א נייע בעקאַנטשאַפט פיהלט ער זיך אונאַנגענעהם, ווייל ער וואַנט נים צו נעהמען דיא דאמע צו זיך א היים. זיין צימער איז אַזוי קליין, אז ווען צוויי זאלען דארפען שלאָפען, וועלען ביי איינעם דיא פיס געוויס ארויס הייננען ארוף דיא טרעפּ.

וואלענטין איז א גוטער יונג! ער ארביים שווער, ווייל ער איז נאך יונג און גלויבט נאך אין ארבייט. טראָץ דעם איז ער קיין שכור, שפּיעלט נים אין קאָרטען, נאָר דערפאַר איז ער צוגעלאזט צו פרויען. דאס איז זיין גרויסער פעהלער. ווען ער נעהמט אין דער פריה דעם גרויסען הובעל און הובעלט מיט א שוואכען ארם, הויבען זיינע קאָמעראַדען גלייך אָן צו שפּאָטען און וואַרפען זיך איבער מיט בעמערקונגען, אז וואלענטין איז שוין געווען ביי מאַדמואַזעל ליזע. וואלענטין האט געהאַט א מיידעל מיט'ן נאמען ליזע און ווען ער פלעגט זיך פיהלען פויל. פלעגט ער געוואָהנליך זאגען: „צום שווארץ יאָהר, איך קען היינט גאר נים טהאָן: איך בין נעכטען ביי נאכט געגאנגען זעהן ליזען." אין דיא טאנץ־זאלען פון דער פאָרשטאדט איז ער בעוואוסט אלס דער שעהנער טישלער. ער האט א גרויסען קאָפּ, א פרייה־ליכע געזיכט און געקרייזעלטע האָר; און ווען ער טאנצט פערקאַשערט ער דיא ארבעל ווערלית ער זאָגט, אום איהם זאל זיין בעקוועמער נאָר אין דער ווירקליכקייט

צו ווייזען זיינע שמארקע ארמס וועלכע זיינען וויים, וויא ביי א פראווינציאלערשע. דאריבער איז ער בעוואוסט פאר זיינע נצחונות איבער פראווינציאלערשע הערצער. ער האט נעהאט דיא שעהנסטע מיידלאך, דיא גרויסע נאנא, דיא קליינע אגוסטין, דיא פעטע אדעל וואס איז מיט איין אויג און זאנאר דיא בארדעלייז. פאר וועלכע צוויי סאלדאטען האבען איינער דעם צווייטען דער׳הרג׳עט. יעדען אבענד מאכט ער א שפאציר איבער דיא זאלען, א קוק דא און א קוק דארטען, נאר אום אויסצוגע פינען, אויב אין דיא ווינקלען זעהן זיך נים מיידלאך, וועלכע ער קען נאך נים.

איין אבענד ווען ער איז געקומען אויף איין עפענטליכען באל אין רוע דע שאראן האט ער דערזעהן קלעמענס א בלומענמאכערקע, זעכצעהן יאהר אלט און איהרע פראכטפאלע העלע האר האט איהם געדוכט, שיינען וויא דיא זון אין זאל. ער ווערט שיעור משוגע פאר איהר ביים ערשטען בליק. ער שענקט איהר דעם גאנצען אבענד דיא גאנצע אויפמערקזאמקייט, טאנצט מיט איהר און קויפט איהר ווייז. ארום עלף א זייגער, ווען קלעמענס נעהט אהיים, בעגלייט ער איהר און וויל מיט איהר אריין צו איהר אין צימער, אבער דא האט ער נים געטראפען דעם ארט. זיא פערבריינגט גערן אן אבענד אויפ׳ן באל, אבער ווייטער נעהט זיא נים און זיא פערמאכט דיא טיהר איהם אין געזיכט. אויפ׳ן צווייטען טאג הויבט ער אן וועגען איהר נאכצופרעגען. קלעמענס האט שוין געהאט א געליעבטען, וועלכער האט איהר אוועקגעווארפען און זיא האט נאך געדארפט בעצאהלען פאר צוויי קווארטאל׳ס דירה־געלד. דאן האט זיא געשווארען צו נעהמען ראכע פון דעם ערשטען מאן, וואס וועט זיין א געגינגענדער נאר אין איהר זיך צו פערליבען. נים קוקענדיג אויף דעם, ווארט אויף איהר וואלענטען יעדען טאג אום צו פרעגען איהר, וואס זיא מאכט און געהט איהר נאך וויא א שאטען.

— פיעלייכט הייגט ביי נאכט? פרעגט ער מיט א געלעכטער.

— ניין, ניין, ענטפערט זיא פריילין, מארגען אין דער צייט!

יעדען זונטאג בעגעגענט ער איהר אין דעם זעלבען זאל, וואו ער האט איהר דאס ערשטען מאל בעגעגענט. זיא זיצט נעבען דיא מוזיקאנטען. זיא טרינקט גערן דעם וויין וואס ער איז איהר מכבד, טאנצט מיט איהם, נאר אזוי ניך וויא ער וויל איהר ארומנעהמען, שיינקט זיא איהם א פאטש און ווען ער שלאגט איהר פאר אז זיי זאלען לעבען צוזאמען, ענטפערט זיא מיט א בערענקטער מינע, אז עס איז נים גוט פון זיין זיים וואס ער לאזט איהר נים צורוהה און זיא קען אויף דעם נים איינ־געהן, ווייל דאס געפעלט איהר נים. זעקס וואכען לאנג געהט עס ביי זיי צו אויף דעם אופן און זיי הערען נים אויף צו לאכען.

בײ דער ענדע פון צװײטען מאָנאט װערט װאַלענטינ'ס געזיכט פינסטערער. ער קען מעהר ניט שלאָפען אין זײן קבר אונטערן דאך. עס שטיקט איהם דאָרטען. לינענדיג אין בעט מיט אָפּענע אױגען, זעהט ער אין דער פינסטער קלעמענס'ס בלאַנדע געזיכט, איהרע האָר שײנען װיא דיא זון. עס הױבט איהם אָן צו װאַרפען װיא אין פיבער. ער קעהרט זיך פון איין זײט אויף'ן צװײטען פונקט װיא ער װאָלט געלעגען אויף הײסע קױלען, און דעם צװײטען טאָג אין װערקשטוב קען ער גאָר ניט טהאָן, זײנע אױגען בלאַנזשען אַרום, דיא געצײנג פאַלט איהם פון דיא הענד און זײנע קאַמעראַדען שרײען צו איהם: „אזױ, דוא ביזט שױן געװעזען זעהן מאַדמאַזעל ליזע.“ לײדער אבער איז ער בײ ליזע ניט געװעזען. דרײ מאָל איז ער שױן געװעזען בײ קלעמענס, ער האָט זיך איהר געװאָרפען צו דיא פיס און געבעטען איהר זיא זאָל אויף איהם האָבען רחמנות, גאָר זיא האָט איהם געענטפערט נײן, שטענדיג נײן און ער האָט געװײנט אויף דער גאַס װיא אַ נאַר. ער פאַנטאַזירט, אז ער װעט נעהמען צו איהר און לײגען זיך פאַר איהר טהיר און איהם דוכט זיך אז ער װעט דאָרטען זײן רוהיגער, װען ער װעט קענען צוהערען דורך דיא שפּאַלטען פון דער טיהר, װיא זיא אָטהעמט. זײן לײדענשאַפט צו דיעזער קלײנער מײדעל, װעלכעס חאָץ ער האָט געקענט אָראָבדרײהען מיט צװײ פינגער, װיא דאָס העלזעל פון אַ הוהן, נעהמט בײ איהם אװעק יעדען געדאַנק װעגען עסען און טרינקען.

ענדליך, אײן שײנעם אבענד מאַכט ער אַ װיזיט צו קלעמענס און באַט איהר אָן זיא זאָל מיט איהם חתונה האָבען. זיא שײנט צו זײן „פערװאונדערט און נעהמט זיך אײן אויף זײן פאָרשלאַג. זיא האָט איהם װירקליך זעהר ליעב, גאָר זיא האָט צופיעל געװײנט, װען דער ערשטער האָט איהר אָבגענאַרט און אװעקגעװאָרפען. איצט, װען ער שלאָגט איהר פאָר צו פערבינדען זיך מיט איהם אויף אימער איז זיא זעהר צופרידען.

אויף מאָרגען געהן זײ צום מעערס אָפיס, אום אויסצוגעפינען, װאָס זײ דאַרפען טהאָן דיא לאַנגע פאָרמאַליטעטען, װאָס מען ברױכט דערצו, פילט זײ אָן מיט שרעק. קלעמענס װײס ניט, װאו צו געפינען אַ בײשײנינונג פון איהר פאָטערס טױדט. װאַלענטין לױפט פון אײן אָפיס צום צװײטען, אום צו בעקומען זײנע פאַפּירען. איצט זעהן זײ זיך יעדען טאָג און געהן צו דיא פעסטונגען און לעבען אַ גוטען טאָג, אבענד װען זײ קעהרען זיך אום צוריק דורך דיא לאַנגע גאַסען פון דיא פאָרשטעדטלאך, רײדען זײ ניט אַ װאָרט און דריקען נאָר אײנער דעם צװײטען דיא אָרמס. זײערע הערצער זײנען אָנגעפילט מיט אַ גליק, װאָס זײ קענען ניט אַרױסשפּרעכען. קלעמענס האָט אײן מאָל געזונגען פאַר איהם אַ באַלאַדע, װעגען אַ דאַמע

אויף א באלקאן און א פרינץ וואס האט איהר געקוסט דיא האר און דאס איז איהם אזוי שטארק געפעלען געוואָרען, אז זיינע אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרעהרען.

דיא פאָרמאליטעטען זיינען זיי שוין דורכגעקומען, דיא חתונה איז אָבגעלייגט אויף שבת. זיי ווילען מאַכען א שטילע חתונה. וואלענטין איז געגאנגען אין קירכע נאכפרעגען, פיעל וועט איהם דיא חתונה קאָסטען נאָר אזוי וויא דער גלח האט פערלאנגט זעקס פראנק, האט ער געענטפערט, אז ער קען זיך בעגעהן אָהן דעם און קלעמענס האט ערקלערט, אז די הויפט זאך וואס זיא וויל איז נאָר די חתונה אין מעער׳ס אָפיס. ווייטער אַרט איהר נים. אָנפאנגס האָבען זיי בעשלאָסען קיין שום יום טוב נים מאַכען, נאָר מען זאל נים מיינען אז זיי ווילען מאַכען א חתונה בשתיקה, האבען זיי חרטה און רייזען אָב צו מאַכען א פיקניק אין א וויין־געשעפט אין באריער דו טראָן און א קאָפּ זאל קאסטען פינף פראנק. ביים טיש וועלען זיין אכצעהן מענשען. קלעמענס וועט איינלאדען דריי פריינדינען, פערהייראטע פרויען. וואלענטין האט פערבעטען א גאנצע פארטי טישלערס און פרויען. בעגעגענען זיך וועט מען איז דעם וויין געשעפט צוויי א זייגער, ווייל פאר מיטאג וועלען זיי נאך מאכען א שפאציער.

אין מעער׳ס אָפיס קומען וואלענטין און קלעמענס נאָר מיט זייערע עדות. וואַ־לענטין האט אויסגעפוצט זיין פראק אנצוג, קלעמענס האט דיא לעצטע דריי נעכט פערבראכט אין איבערניצעווען אן אלטע, בלויע קלייד, וואס איהרע א פריינדין, א העכערע און וואוקס פון איהר, האט איהר פערקויפט פאר צעהן פראנק. איהר הוט איז בעפוצט מיט רויטע קווייטען און זיא איז אזוי שעהן מיט איהר יונגע ווייסע גע־זיכט, אז דער מעער שמייכעלט צו איהר פאָטערליך. ווען זיא דארף ענטפערן דעם „יא" נים איהר וואלענטין א שטופ מיט'ן עלענבויגען און זיא שיסט אויס אין א געלעכטער. יעדער איינער לאכט, זאגאר דיא יונגע משרתים וואס זיינען אנגע־שטעלט אין אפיס. עס האט א בלאז געטהאן אן אטהעם פון יוגענד דורך דיא גע־לע בלעטער פון געזעץ־בוך. ווען עס קומט צום איינשרייבען זיך, מאכט וואלענטין א צלם׳ל ווייל ער קען נים שרייבען. קלעמענס מאכט א גרויסען פלעק. אלע אנ־וועזענדע לאזען איבער פאר ארימע צוויי סו, אויסער דיא כלה זוכט לאנג אין איה־רע קעשענעס און לאָזט ענדליך איבער צעהן פראנק.

צוויי אוהר בעגעגענט זיך דיא גאנצע קאמפאניע אין דעם וויין געשעפט אויפ'ן פלאץ דו טראָן. זיי לאזען זיך אלע געהן צו דיא פעסטונגען און דארטען הער־בען זי און צו שפיעלען אין בלענדעניס. ווען איינער פון דיא טישלערס כאפט א

דאמע, האלט ער איהר א ווילע אין זיינע הענד און קנייפט איהר אונטער די ריפען, דיא דאמע לאזט ארויס שטילע געשרייען און זאגט אז קנייפענים איז פער־באטען. דיא גאנצע קאמפאניע לאכט אין דער הויך און פיכען אן דיא לופט פון דעם איינזאמען פלאץ מיט אזא ליארם, אז דיא פויגלאך דערשרעקען זיך און אנט־לויפען פון דיא בוימער. צוריקוועגס זיינען דריי קינדער, וואס געהערן צו דער קאמ־פאניע אזוי פערמאטערט, אז זיי קענען נים געהן און זייערע פאטערס נעהמען זיי אויף דיא פלייצעס און טראגען זיי וויא שעפסעלאך.

נאר דאס שטערט זיי נים צו עסען דעם מיטאג מיט אפעטים. יעדער איין פארטיג אויפצועסען זיין חלק וואס קאסט איהם פינף פראנק. זיי צאהלען דען נים מזומן? און זיי וועלען אויסליידיגען דיא טעלער ביז א האר. דיא ביינער גריזשען זיי ארום און מאכען זיי נאקעט. אויף'ן טיש פערבלייבט קיין זאך נים, וואס מען זאל פארזען טראגען צוריק אין קיך. חברה וויל אנשיכורין וואלענטין פאר שפאס, נאר ער האט אן אונ אויף זיין גלאז; נאר קלעמענס וואס האט קיין מאל סיין ריינעם היין געטרונקען איז זעהר רויט און רעדט אהן אויפהער. זיי זיינען זעהר פרעהליך, יעדע זאך געהט גוט. ביים דעסערט הויבט זיך אן זינגעריי, יעדער האט זיך זיין פזמון, איינער זינגט א באלאדע וועגען וועגעציע, א צווייטער זינגט קאמישע שטי־קער און דערצעהלט דיא שלעכטע טהאטען פון בילינען וויין און מאכט נאך א שכור; א דריטער זינגט עפעס נאר א נייאלצענע זאך און דיא דאמען לאכען אין דער הויך און אקאמפאנירען דעם געזאנג מיט א פויקען פון דיא מעסער איבער דיא גלעזער. נאר ווען עס קומט צום צאהלען, ווערט א צרה. דער וויין הענדלער פאדערט מעהר וויא מען האט זיך בעדונגען. וואס? עקסטרא געלד? פינף פראנק האט מען זיך בעדונגען און פינף פראנק וועט מען בעצאהלען, נים איין סו מעהר! און אזוי וויא דער וויין הענדלער דראהט אריינצוברייננען דיא פאליציי, ווערט דיא לאנגע שלימער. עס קומט צו א פאטשעריי און א טהייל פון דער קאמפאניע פער־ברייננט דיא נאכט אין פאליציי סטאציאן. צום גליק האבען חתן־כלה געהאט געגוג פערשטאנד זיך אבצוטראגען ביים אנפאנג קריעג.

פיער א זייגער אין דער פריה קומען זיי אן צו קלעמענס'ס צימער, וועלכע זיי האבען בעשלאסען אנצוהאלטען ביז דעם צווייטען קווארטאל. דעם גאנצען וועג דורך דער פארשטאדט סענט אנטלאן זיינען זיי געגאנגען צו פוס און האבען פון גיכען געהן נים געפיהלט דעם קאלטען ווינד און אזוי גיך וויא דיא טהיר פערמאכט זיך הינטער זיי נעהמט וואלענטין ארום מיט זיינע ארמס זיין יונגע ווייבעל בעדעקט איהר געזיכט מיט קוסען און ער איז אזוי ליידענשאפטליך ערעגט, אז קלעמענס

צולאכט זיך. דא הייננט זיך איהם אן אריף׳ן האלז, זיא נעהמט איהם אויף ארום מיט אלע איהרע קרעפטען אום צו ווייזען איהם, אז זיא ליעבט איהם. דיא בעט איז נאך נים נעמאכט, זיא איז אין דער פריה נעוועזן אין אזא איילעניס, אז זיא האט נאר פערשפרייט א דעקע. און ער העלפט גיהר איבערצוקעהרען דעם מאטרעץ. ווען זיי נעהען שלאפען הויבט שוין אן צו שפראצען אויף טאג. קלעמענס׳ס קאנאריק, וואס הענגט אין א שטיינעל איבער׳ן פענסטער טרילעט זעהר ווייך. אין דעם אריסען צימער צווישען דיא אבנעקאלירטע פארהאנגען פון דער בעט רופט ארוים דיא ליעבע וויא א צאפעל מיט דיא פלינלאך.

ווען דיא חתונה איז אריבער פאננט אן וואלענטין און קלעמענס א בעל־תבתישקיים מיט הדיי און צוואנציג סו. מאנטאג נעהט יעדער רוהיג צו דער ארביים און דיא טעג לויפען אריבער און דאס לעבען מיט זיי. צו דרייסיג יאהר פערליערט קלעמענס איהר אטאלינען רייץ און ווערט מאוס. איהרע העלע האר זיינען נעוואָרען קויטיג נעלב. דיא דריי קינדער, וואס זיא האט נעזוינען, האבען רואינירט איהר נעשטאלט. וואלענטין האט ליעב נעקראגען דעם טרונק. פון איהם הערט זיך א שטארקער ריח פון שטענדיגען פיהרען דעם הובעל, זיינען נעווארען זיינע שעהנע ארמס הארט און דין. דעם טאג ווען ער בעקומט זיינע שכירות און קוטט א היים א שכור׳ער און מיט ליידינע קעשענעס, ווערט אין שטוב א נעשלעג און דיא קינדער קווישען. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז נעוואוינט זיך צו דאס ווייב נאכצונעהן דעם מאן אין שענק אריין. ענדליך פאננט זיא אן צו זעצען זיך אין שענק נעבען איהם און טרינקט צוזאמען מיט איהם אין דעם ביטערן רויך פון טאבאק. נאר נים קוקענדיג אויף אלעם דעם, האט זיא איהם ליעב. זיא פערצייהעט איהם, ווען ער נים איהר א פאטש און בלייבט אן ארענטליכע פרוי; קיינער קען איהר נים בעשולדיגען, אז זיא וועט שלאפען מיט דעם ערשטען מאנסביל, וואס זיא בעגעגענט און אין דיעזען לעבען פון קריגערייי און ארימקייט, אין דיעזען שמוציגען וואריגונג, וואו ער פעהלט אפט ברויט און פייער, גיעבט דאך ביז׳ן טוידט נעכט, וואס ליעבע בריינגט אונטער דיא אבגעלאקירטע פארהאנגען פון בעט א צארטען נערויש מיט דיא פלינלען.



# היינט מאדישע קבורות.

## I.

דער גראף פאן בערטייל איז אלט פינף און פופציג יאהר. ער שטאמט פון איינע פון דיא אדעלסטע פאמיליען פון פראנקרייך און בעזיצט א גרויסען פערמעגען. מיט דער רעגיערונג איז ער צוריסען, ער האט געזוכט א בעשעפטיגונג, וואו ער האט נאר געקענט, און האט געשריעבען ארטיקלען אין דיא אנגעזעהענסטע צייטונגען. א דאנק דיזע ארטיקלען האט מען איהם אויפגענומען אלס מיטגליעד אין, דער אקאדעמיע פון מאראלישע און פאליטישע וויסענשאפטען. אויסער דעם האט ער זיך נאך אבגעגעבען מיט געשעפט, א געוויסע צייט האט ער זיך אינטערעסירט מיט אקער־בוי, דערנאך מיט פיה־צוכט, און א צייט לאנג האט ער זיך בעגייסטערט פאר דער שעהנע קונסט. אויף א ווײלע איז ער זאגאר געווארען א דעפוטירטער און האט זיך אויסגעצייכענט אלס אן אפאזיציאניסט.

זיין וויב גרעפין מאטילדע איז איינגער פון איהם מיט צעהן יאהר, דיא ווערט נאך אליץ בעטראכט, אלס דיא שעהנסטע בלאנדין פון פאריז. עס שיינט, אז דיא יאהרען מאכען איהר הויט נאך ווייסער. אין דיא יונגע יאה־ע איז זיא געוועזען אביסעל צו מאגער. נאר איצט האבען איהרע אקסלען אנגענומען דיא רונדקייט פון א זיידען ווייכען פרוכט. זיא איז קיין מאל שעהנער נים געוועזען. ווען זיא קוממ אריין אין א סאלאן מיט איהרע גאלדענע האר, מיט איהר שלאנקע פיגור, ערשיינט זיא וויא אן אויפגעהענדער שטערן. און פרויען אונטער צוואנציג יאהר קוקען אויף איהר מיט נייד און אייפערזוכט.

דאס שטובינגע לעבען פון דעם גראף און גרעפין איז אזא, פון וועלכען מען רעדט נים. זיי האבען חתונה געהאט אזוי, וויא מען האט געוואוינליך חתונה אין דער הויכער קלאססע. מען זאגט זאגאר, אז זעקס יאהר לאנג האבען זייא געלעבט זעהר גוט איינער מיט'ן צווייטען. צו יענער צייט האט זיא איהם געבארען א זוהן, וועלכער איז איצט לייטענאנט, און א טאכטער, בלאנדש, וואס האט מיט א יאהר פריהער חתונה געהאט מיט דעם אונטער שטאטס-סעקרעטאר, דע בחאק. שוין א צייט מיט יאהרען, וויא זיי זיינען איינער מיט'ן צווייטען צוריסען, דאך זיינען זיי געבליעבען גוטע פריינד נאר אויף אזוי ווייט, פיעל זייער ענאאיזמוס ערלויבט זיי.

זי פרעגען איינער ביים צווייטען עצות, חייזען זיך פאר דער וועלט, וויא זיי האבען ביידע איין מיינונג, נאר זיי לעבען אי, אבגעטהיילטע ציטערן, און עטפפאנגען זייערע פריינד וואו און וועו זיי ווילען.

א מאל ביי נאכט, ווען מאטילדע האט זיך צוריקגעקעהרט פון א באל ארום צוויי א זייגער, האט איהר דיא קאמער־פרוי ביים אויסטהאן געמעלדעט:

— דער הערר גראף פיהלט זיך היינט עפעס ניט גוט.

דיא גרעפין האט זיך שוין דערווייל אריינגעלייגט אין בעט און געהאלטען ביים אנשלאפען ווערען, זיא האט אומגעדרייט דעם קאפ און א מורמעל געטהאן:

— הא?

זיא האט זיך אויסגעצויגען אין בעט און געזאגט ווייטער:

— וועקט מיך אויף מארגען צעהן אוהר אין דער פריה. איך ערווארט דיא מאדיסטען.

אין דער פריה, ניט בעגעגענענדיג דעם גראף פרעגט זיא נאך, וואס ער מאכט און ענטשליסט זיך ענדליך אריינצוגעהן צו איהם. ביים אריינגעהן זעהט זיא, אז ער איז זעהר בלאס און ליגט אין בעט. דריי דאקטוירים זיינען שוין בייא איהם געווען, האבען זיך אין דער שטיל בעראטען און איבערגעלאזט רעצעפטען. זיי האבען געזאגט, אז אבענד וועלען זיי ווידער זיין. צוויי ד׳ענער געהן ארום דעם קראנקען. זיי בעוועגען זיך שטיל, מיט ערנסטע געזיכטער און זעהען ניט צו מאכען קיין גערויש מיט דיא פיס איבער דעם טעפיך. דאס גרויסע ציטער זעהט אויס, וויא פערשלאפען. עס זעהט אויס וויא פערגליווערט. יעדע זאך ליגט אויף איהר ארט, קיין שטיק מעבעל איז ניט געריהרט פון דעם פלאץ. עס איז אן אנשטענדיגע ריינע קראנקהייט, א צערעמאניעלע קראנקהייט, וואס ערווארטעט בעזוך.

— איך האב געהערט, אז איהר ליידעט, מיין פריינד, האט דיא גרעפין געזאגט ביים ארייגטרעטען אין צימער.

דער גראף האט א געצוואונגענעם שמייכעל געטהאן:

— אה, איך בין נאר אביסעל מיעד, האט ער געענטפערט, איך ברויך נאר רוהע.... איך דאנק אייך, פאר וואס איהר האט זיך בעמיהט.

צוויי טעג זיינען פערגאנגען. דאס צימער בלייבט, וויא פריהער, ווירדיג און ערנסט. יעדער געגענשטאנד איז אויף זיין פלאץ. דיא רפואות פערשווינדען אהנע דעם אז א טראפען זאל זיך פערגיעסען אויף דיא מעבעל. דיא גלאס ראזירטע געזיכטער פון דיא בעדיענטע ערלויבען אפילו ניט, אז אויף זייא זאל זיך אבטונקען לאנגווייליגקייט.

דער גראף ווייס זעהר גוט, אז ער געפינט זיך אין טוידטעס געפאר. ער האט געפאדערט פון דיא דאקטוירים, זיי זאלען איהם זאגען דיא ווארהייט, און זיי האבען איהם געזאגט, און ער לאזט זיי איצט טאהן מיט איהם, וואס זיי ווילען אהנע צוא בעקלאגען זיך. מייסטענס ליגט ער מיט געשלאסענע אויגען אדער קוקט פערטראכט, וויא ער וואלט נאכגעדענקט איבער זיין פעראיינזאמטען לעבען.

אין געזעלשאפט זאגט דיא גרעפין, אז איהר מאן איז ליידענד. איהר לעבען האט זיך אויף איין האר ניט געענדערט, זיא עסט און שלאפט און פאהרט ארויס שפאצירען וויא געוואוינליך. יעדען אבענד און יעדען מארגען מאכט זיא איהר מאן א וויזיט און פרעגט זיך נאך, וואס ער מאכט.

— פיהלט איהר זיך בעסער, מיין פריינד?

— אה, בעדייטענד בעסער. איך דאנק אייך, טהייערע מאטילדע.

— אויב איהר ווינשט, וועל איך ביי אייך בלייבען.

— ניין, דאס איז ניט נויטהיג. זשוליען און פראנסוא זיינען גענוג. וואצו זאלט איהר זיך בעמיהען?

זיי פערשטעהען איינער דעם צווייטען זעהר גוט. זיי האבען געלעבט צושיידט און ווילען אויך צושיידט שטארבען.

דער גראף פיהלט דעם ביטערען פערגניגען פון אן ענאאיסט. וועלכער וויל בעסער שטארבען אליין, איידער צו זעהן דיא שמערצענס-קאמעדיע זאל זיך אפשפיעלען ביי זיין בעט. אזוי ווייט וויא נאר מעגליך מאכט ער קורץ זייערע לעצטע בעגעגניסען. זיין לעצטער וואונש איז צו פערשווינדען פון דער וועלט אלס מאן פון דער הויכער געזעלשאפט און אויף א ווירדיגער ווייזע, אלס א גרויסער הערר וועלכער וויל קיינעם ניט בעטריבען און קיינעם ניט שטערען.

אמאל אין איין אבענד האט איהם אנגעהויבען צו פערפעהלען לופט און ער איז שיער דערשטיקט געווארען. ער פערשטעהט, אז ער וועט דיא נאכט ניט איבערלעבען.

דער גרעפין, וואס איז צו איהם אריינגעקומען מיט דעם געוואוינטען וויזיט, זאגט ער מיט א לעצטען שמייכעל:

— געהט ניט אוועק, איך פיהל זיך ניט גוט.

ער וויל, אז בייזע צינגער זאלען וועגען איהר ניט האבען וואס צו ריידען.

זיא פון איהר זייט האט ערווארטעט דיזע מיטהיילונג און זעצט זיך אריין אין א פאטעל ניט ווייט פון בעט. דיא דאקטוירים טרעטען מעהר פון דעם שטארבענדען ניט אב. דיא דיענער פערענדיגען זייער דינסט מיט דער זעלבער איבערגעבענ-

חיים. מען האט געשיקט רופען די קינדער. דער זאָהן און די טאָכטער בלייבען ביים בעט. אנדערע פערוואנדטע געפינען זיך אין א צווייטען צימער. די נאכט פערגעהט אין געשפאנטער ערווארטונג. אין דער פריה קומט דער פריסטער און דער גראף זאגט ווידוי אין דער געגענווארט פון אלע אנוועזענדע, אום די סצענע זאָל אויסזעהן מעהר יום טוב'דיג.

די צערעמאָניע איז אריבער, איצט קען ער שטארבען.

אבער ער אײלט זיך נישט. עס שיינט, אז ער האט ווידער אנגעזאמעלט קרעפטען אום צו פערמיידען א קרעמפינען און געראוישינגען טוידט. זיין אָנהויב איז עהנליך צום גערויש פון א צובראָכענעם זייגער. מען זעהט, אז עס שטארבט א נוט ערצויגענער מאן. ער נעהמט ארום זיין ווייב און קינדער און שטופט זיי באלד אב מיט א לייכטער בעוועגונג. ער קעהרט זיך אום צו דער וואנד און שטארבט אליין. איינער פון די דאָקטוירים ביינט זיך איין איבער איהם, פערמאכט איהם די אויגען און זאגט מיט א שטילע שטימע:

— ער איז פערביי.

זיפצען און טרערען רייסען איבער די שטילקייט. די גרעפין, דער זאָהן און די טאָכטער פאלען אויף די קניע. זיי וויינען, פערשטעלט דאס געזיכט מיט די הענד. נאכהער פיהרען די קינדער אוועק די מוטער, וועלכע בלייבט א ווײלע שטעהן ביי דער טיהר, אום צו לאָזען מארקירען איהר פערצווייפלונג און בליבעט אין דער הויף. פון דיעזער מינוט אן געהערט דער פערשטאָרבענער דער לייכען קאָמיסיאָן.

די דאָקטוירים זיינען מיט אייגעבוינענע רוקענס און מיט אומעדינע געזיכטען געגאנגען א היים. מען האט געבראכט א פריסטער, ער זאָל היטען די לייכע. די ביידע בעדיענטע פערבלייבען מיטן פריסטער. איינער פון זיי בעמערקט אז א פערנעסענע לעפעל לינט אויפן שטוהל; ער הויבט זיך שנעל אויף און לייגט עס געשווינד אריין אין קעשענע. עס זעהט אויס אזוי וויא ער וואָלט וועלען אָבהיטען, אז די שעהנע אָרדנונג אין צימער זאל נישט ווערען געשטערט. פון דעם גרויסען זאָל אונטען הערט זיך א גערויש פון האמערס. דאס ארבייטען די טעפעצירער, אום צו פערוואנדלען יענעם צימער אין א היילינע קאפעלע. איינבאלזאמירען דעם טוידטען נעהמט אוועק א גאנצען טאג. די טהירען זיינען פעסט געשלאָסען, און דער איינבאלזאמירער איז אליין מיט זיינע געהילפע. אויף מאָרגען טראָגט מען דעם גראף ארונטער און מען שטעלט איהם אויס. ער איז געקליידעט אין א פראק און ... זיין געזיכט לינט א יונגענדליכע פרישקייט.

נײן א זײנער פילט זיך דער זאל אן מיט א מעננע מענשען, װײל דאס איז דער צוג פון דער בעגרעבנים. דער זאָהן און דער אײדעם נעהמען צו דיא געסט אין א קלענערען זאל; זײ פערנײגען זיך מיט א שטומע און טרױריגע העפליכקײט. אלע שיכטען פון דער געזעלשאפט זײנען פערטראָטען, דער אדעל, דיא ארמע, דיקע בע־אמטע, און מען בעמערקט זאָגאר סענאטאָרען און מיטגליעדער פון דער אקאַ־דעמיע.

א זײגער צעהן געהט דער צוג ארױס און לאָזט זיך געהן צו דער קירכע. דער טױטען װאגען איז פון דער ערסטער קלאססע. דיא פערד זײנען בעפוצט מיט חױכע פעדער־בושען, און דיא טרונע איז ארומגעהאנגען מיט שװארצע דעקעס, געשטיקט מיט זילבער. דיא שנורען פון דער טרונע װערען געהאלטען פון א מארשאל פון פראנקרײך, פון א גראָספירסט, װאס איז געװען אן אלטער פרײנד פון דעם פער־שטאָרבענעם, פון א געװעזענעם מיניסטער און פון אן אקאדעמיקער. דער זאָהן און דער אײדעם פון דעם פערשטאָרבענעם געהען פאָראױס, נור זײ דער ארון, און הינטער דעם ארון ציהט זיך א מחנה פון װיכטיגע פערזענליכקײטען אין שװארצע קראַװאטען און שװארצע האנד־שוה.

דער גאנצער קװארטאל קוקט ארױס פון דיא פענסטער. דיא טראָטואַרען זײנען אָנגעפילט מיט מענשען, װאס בילדען אן אונדורכדרינגליכע װאנד. זײ שטע־הען אָהן היטלען און בעטראַכטען מיט שטױנענדער בעװאונדערונג דעם פרעכטיגען לײכען־װאָגען.

צוליעב דיא גרױסע מעננע קארעטען, װאס זײנען כמעט לײדיגע, װערט דער פערקעהר פון דיא גאסען געשטערט. עס הערט זיך נאָר דאס שילטען פון דיא קוטשערס און דאס קלאַפּען פון דיא בײטשען.

װעהרענד דאס אלעס קומט פאָר געפינט זיך גרעפין מאטילדע צו הױז. זיא האט געלאָזט מעלדען, אז זיא פיהלט זיך ניט גוט און קען קײנעם ניט זעהן: זיא ליגט אױסגעצױגען אױף א װײכען קאנאפּע און שפּיעלט זיך מיט דיא קוטאסען פון איהר שלאָפראָק. דערבײ קוקט זיא ערלײכטערט און טרױמעריש אױפ'ן סופיט פ'ן זאל.

אין קירכע געדױערט דיא צערעמאָניע כמעט צװײ שטונדען. אלע פּריסטער זײנען בעשעפטיגט; פון פּריח אן לױפען זײ ארום אין זײערע קירכען־קלײדער ארױסלאָזענדיג בעפעהלע און װישענדיג זיך דיא פערשװיצטע שטערנס. ענדליך איז דער צוג אנגעקומען, דיא אָרגעלס ברױזען, דער כאָר זינגט מיט יאמערדיגע

קולות, דיא פעך פאקעלען לאָזען ארוים זייערע נעלע פלאַמען, ועקבע מאַכען נרך-סער דיא פייערליכקיים פון דער צערעמאָניע.

— וועט פאַר נים זיננען? פרעגט א דעפוטירטער ביי זיין שכן.

— איך דענק אז יא.

ווען דיא שטימע פון דעם אפערא-זיננער דערהערט זיך, בעמערקט דער דע-פוטירטער ווידער:

— וואס פאר א פולקיים! וואס פאר א זיסע שטימע! און דאביי ווינט ער בענייסטערט דעם קאָפּ אהין און אהער.

אייניגע פון דיא אנוועזענדע ווערען טיעף גערירהרט. דיא דאַמען שמייכלען און דענקען פון דעם אבענד, וואס זיי ווילען פארברענגען אין דער אָפּער. יא, דיזער פאַר האט ווירקליך טאַלאַנט; א פריינד פון דעם פערשטאָרבענעם בעמערקט דאביי:

— קיין מאל האט ער שעהנער נים געזונגען. שאדע, וואס דער ארימער גראף קען איהם מעהר נים הערען, ער האט איהם זעהר ליעב געהאט.

דיא באר-זיננער מארשירען ארום דיא מטה. צוואנציג פריסטער געהען הינ-טער זיי און מורמלען לאטיינישע פראַזען. אין דיזער ווייזע געהען זיי ארויס פון קירכע און נאך זיי געהט ארויס דער גאנצער עולם, נאכדעם וויא זיי האבען גע-היקט דיא אבלים דיא הענד. ארויסגעהענדיג פון דער טונקעלער קירכע ווערען זיי שיער פערבלענדעט פון דעם ליכט פון דער זון. עס איז א שעהנער טאָג אין מאָנאט יוני. אין דער ווארעטער לופט ציהען זיך לייכטע זומער פעדים. זיי נעהמט א היבשע ווייל ביז דער צוג קוממ אין אָרדנונג. פיעלע געהען אוועק צוריק א היים. עס הערען זיך דיא לאנגזאמע טריט פון דיא פערד, דיא קלאַפּעריי פון פער-מאַכען דיא טהירען און דיא קארעטען און דער צוג מארשירט צום בית עולם.

אין דיא קאַרעטען שבערט מען זיך נים. מען קען דענקען, אז זיי פאָהרען שפּאצירען. אזוי ניך וויא דער לייכען-וואגען פערשווינדעט פון דיא אויגען, פער-געסט מען אין גאנצען, אז מען פאָהרט צו א לויה. מען הויבט זיך אן אונטערצור-האלטען ווענען פערשיעדענע זאכען. דיא דאַמען ריידען פון דעם זומער-סעזאָן, און דיא הערען ריידען פון זייערע געשעפטען.

— זאָגט מיר, מיין ליעבע, פאָהרט איהר היינטיגען זומער ווידער נאך דיעפּפּע?

— יא, פיליייכט, אבער נים פריהער וויא אין אויגוסט.

— אזוי, מיין ליעבער, ער האט דעם בריעף איבערגעכאפט און זיי האבען

נעהאט א רועל. אבער דיא זאך איז נוט אבגעגאנגען.... ער איז נור אבגעקומען מיט א קליינעם דראפ.... איך האב מיט איהם דעם זעלבען אבענד געגעססען אין קלוב.... ער האט זאגאר ביי מיר געוואונען פינף און צוואנציג פראנק.

— ניט אמת? דיא זיצונג פון דיא אקציאָנערען איז אבגעלייגט אויף מאָר־גען.... מען וויל מיך אויסקלייבען אין קאָמיטעט אריין.... איך בין אבער אזוי שטארק בעשעפטיגט, אז איך ווייס ניט, אויב איך וועל עס אָנעהמען.

צייט א קליינע ווייכע בעוועגט זיך דער צוג אין א עוועניו. דיא העלע זון שפינעלט זיך אב אין דיא גרינס. פלוצים בויגט זיך ארויס אן אונבעזאָנענע דאמע פון דעם פענסטער פון א קארעטע און בעמערקט:

— הה, וויא רייצענד דא איז!

אין דיזען אויגענבליק דערגרויכט דער צוג צום בית עולם מאָנטפּארנאס. דיא שטימען ווערען אנשווינגען. עס הערט זיך נאָר דער גערויש פון דיא רעדער איבער'ן זאמד פון דיא אלעען. מען מוז דערפאָהרען דעם גאנצען בית עולם, אום צו דער גרייכען דעם סקלעפּ פון דער גרעפישער פאמיליע. איבער'ן סקלעפּ שטעהט א גרוי־סער מאָנומענט פון ווייסען מארמאָר, געמאכט אין דער פאָרמע פון א קירכע, און רייך בעפוצט מיט סקולפטור. דיא טרונע שטעלט מען אנידער געבען דער טהיר פון דעם מאָנומענט און עס פאנגען זיך אן דיא רעדעס.

דער געוועזענער מיניסטער שילדערט דאס פּאָליטישע לעבען פון דעם פער־שטאָרבענעם. ער שטעלט איהם פאָר אלס א בעשידענער זשעני, וועלכער וואָלט געווים גערעטעט פראנקרייך, ווען ער זאָל אזוי שטארק ניט פערראכטען דיא איג־טריגעס. דאן דערצעהלט א פריינד פון דיא גוטע מדות פון דעם פערשטאָרבענעם, וועלכען דיא גאנצע וועלט בעוויינט. נאך איהם נעהמט דאס וואָרט אן אונבעקאנ־טער הערר, א דעלעגאט פון אן אינדוסטריעלער געזעלשאפט, פון וועלכער דער גראף איז געוועזען א עהרען־פּרעזידענט. ענדליך רעדט א קליינער מאן מיט א בייזע געזיכט און דריקט אויס דיא געפיהלען פון דער אקאדעמיע פאר מאָראלישע און פּאָליטישע וויסענשאפט.

ועהרענד דיזע צייט בעטראכטען דיא אנוועזענדע דיא קברים וואס ליגען ארום און לעזען דיא אויפשריפטען אויף דיא מארמאָרנע מאָנומענטען. איינינע הערען זיך צו און כאפּען אבגעריסענע ווערטער. א גרייז מיט דינע ליפען, ווען ער דערהערט דעם פאָלגענדען זאץ: דיא איינע־שאפטען פון הארצען, דער גרויסער כאראקטער, דער גראססוטה און דיא גוטסקייט.... שאָקעלט צו מיטין קאָפּ און טורמעלט:

— אח, יא, איך האב איהם געקענט! ער איז געווען א פעריקטער קערל!..

דאס געזעגענען זיך מיט'ן פערשטארבענעם ענדיגט זיך. דיא פריסטער בעג־שען דיא לייבע. אלע געהען צוריק און אויפ'ן בית עולם פערבלייבען נור דיא קברות לייט, וועלכע דארפען ארונטערלאזען דיא טרוגע אין סקלעפ אריין. דיא שטריק סקריפען. דיא שווערע טרוגע קנאקט. דער גראף האט געפונען זיין אייביגע רוה..

דיא גרעפין ליגט נאך אלץ אויף דער קאנאפע.

זיא האט זיך ניט גערירט. זיא האלט נאך אין שפיעלען מיט דיא קוטאסען פון שלאפראק. איהרע אויגען זיינען צוגעשמידט צום סופים. זיא טראכט און טרוימט. פון דיא געדאנקען און טרוימען קומט איהר אריין דיא רויטע פארב אין איהרע בלייכע באקען אריין.



## II

מאדאם גערארד איז אן אלמנה. איהר מאן איז געוועזן א בעאמטער און איז געשטארבען מיט אכט יאהר צוריק. זיא געהערט צו דער העכערע קלאסע פון דער בורזשואזי און פערמאגט איהרע צוויי מיליאן. פון מאן זיינען איהר פערבליבען דריי קינדער און אלע זיהן, יעדער פון זיי האט גע׳ירש׳עט נאכ׳ן פאטער׳ס טוידט צו פינף הונדערט טויזענד פראנק. נאר וויא עס פאסירט זעהר אפט זיינען אין דיעזער קאלטער, ענגעהערצינער און געלדשטאלצער פאמיליע אויפגעהאדעוועט געווארען ווילדע יונגען, וועלכע האבען ארויסגעוויזען באלד נאר אונבעקאנטע נייגונגען און ליידענשאפטען. אין נאר א קורצער צייט האט יעדער זיין האלבען מיליאן אויפגע־צערט. דער עלטערער, שארל, איז בעגייסטערט געווארען פאר מעכאניק און האט אויסגעבראכט מאסען געלד אויף זא גענאנטע ערפינדונגען. דער צווייטער, זשארזש, האט זיך רואינירט אויף פרויען, דער דריטער, מאריס, איז בעשווינדעלט געווארען פון א פריינד, מיט וועלכען ער האט געוואלט בויען א טהעאטער. איצט געפינען זיך אלע דריי זיהן ביי דער מוטער, און כאטשע זיא גיט זיי גערן עססען און וואוי־נונג, גיט זיא גוט אכטונג אויפ׳ן שליסעל פון געלד־שראנק און לאזט עס פון דיא הענד ניט ארויס.

דיא גאנצע פאמיליע פערוואוינט א גרויסע הויז אין דער רוע קע טיורען. מאדאם גערארד איז אלט אכט און זעכציג יאהר, און מיט׳ן עלטער זיינען דיא הויפט ציעגע פון איהר כאראקטער געווארען שארפער. אז אין הויז זאל זיין שטיל און ריין, וויא אין א קלויסטער, זיא איז זעהר קארג, צעהלט דיא שטיקליך צוקער, פערקארקעוועט אליין דיא אנגעגאסענע פלעשער און גיט ארויס נייע געשיר און וועש נאר דאן, ווען עס איז שוין אונבעדינגט נייטהיג. דיא זיהן האבען איהר זעהר ליעב און צוואר זיי זיינען שוין איבער דרייסיג יאהר אלט און האלטען פון זיך זעהר שטארק, האלט זיא זיי אין דיא הענד. אבער ווען זיא געפינט זיך אליין צווישען דיא דריי ערוואקסענע זיהן, פאלט אויף איהר אן א געוויסע שטומפע אונרוה, זיא האט מורא עס זאל זיך ניט אנהויבען א רייד וועגען געלד זיין זיא וויים ניט, וויא זיא וועט זיך פון זיי ארויסדרייען. דעם גרעסטען טהייל פון איהר פערמעגען האט זיא אריינגעלייגט אין הייזער און אין גיטער, און זיי פערראורזאכען איהר פיעל אונאנגענעהמליכקייטען; נאר פון איין זאך איז זיא צופריעדען, זיא האט

אן ענטשולדיגונג, וויא אזוי נים צו געבען דיא זיהן קיין גרויסע סומען געלד.

נאך אלעם דעם צאפען דיא דריי זיהן אזוי פיל ארויס פון איהר, פיל זיי קענען נאָר. זיי שלאָפען אין דער היים, עססען און טרינקען ביי דער מוטער און ווארפען איינער דעם צווייטען אוים, אז יעדער האט א גרויסען אפעטיט. זיי ווייסען גאנץ גוט, אז נאך דער מוטער'ס טוידט וועלען זיי ווידער רייך ווערען און דאָס שיינט זיי צו זיין א גענוגענדע אורזאכע צו זיצען ליידיג און ווארטען אויף איהר ענדע. אבוואהל זיי ריידען דערפון קיין מאל נים. זיינען אבער זייערע געדאנקען שטענדיג בעשעפטיגט דערמיט, וויא אזוי זיי וועלען זיך שפעטער צו טהיילען; פיליייכט וועלען זיי נים קענען זיך אייניגען, וועלען זיי אלעם מוזען אויספערקויפען און וועלען דארפען ליידען א גרויסען שאָדען. זיי האבען חס ושלום נים ביי דיזע געדאנקען דעם בייזען וואונש, אז דיא מוטער זאָל שטארבען, נאָר עס איז שטענדיג זיכערער פריהער צו בעטראכטען, וואס עס קען פאסירען. זיי זיינען גוטע, פרייהליכע קינדער, אנשטענדיגע מענשען און האבען נאר נים געגען דעם, אז זייער מוטער זאָל נאך לאנג לעבען; זיי ווארטען נאָר אויף איהר טוידט, און דאס איז אלעס.

איין שעהנעם טאָג, אויפהויבענדיג זיך פון טיש, דערפיהלט זיך מאדאם געראַרד זעהר שלעכט. איהרע זיהן בעטען איהר, זיא זאל זיך אנידערלייגען און נעהען אוועק פון איהר, איבערלאָזענדיג איהר מיט איהר דיענסט ערסט דאן, ווען זיא פערזיכערט זיי, אז זיא פיהלט זיך פיל בעסער און ליידעט נאָר פון א שטארקען מיגרען. נאָר אויפ'ן צווייטען טאג האט זיך איהר צושטאנד פערערגערט און דער פאמיליען-דאָקטאָר האט געבעטען, מען זאָל רופען א צווייטען דאָקטאָר אויף א קאָנסולאם.

מאדאם געראַרד'ס קראנקהייט איז א געפעהרליכע און זיא קען יעדער מינוט שטארבען אכט טאָג לאנג שפילט זיך אב ארום דעם בעט פון דער שטארבענדער א פאמיליען-דראמע. אזוי גיך אז זיא האט זיך דערוואוסט, אז זיא איז צוגעבונדען צום בעט, איז איהר ערסטער זאָרג געווען צוזאמענצוקלייבען דיא שליסלען און צו בעהאלטען זיי אונטער'ן קיסען צוקאָפענס. נאָך איצטער, ליגענדיג אויפ'ן טויטען בעט, וויל זיא זיין דיא דעה זאגערקע אין הויז און אכטונג געבען אויף דיא בטל הבתישקייט. א ביטערער קאמפ קומט פאָר ביי איהר אין הארצען און א שרעקליכער צווייפעל פאלט אויף איהר אָן. ערסט נאך א לאנגען ישוב הדעת בעשליסט זיא זיך. זיא הייסט איהרע דריי זיהן זיי זאָלען זיך אויסשטעלען ארום איהר בעט און בעטראכט זיי מיט איהרע מאטע אויגען.

זיא ווייס נים, וועמען פון זיי בעסער אנצוטרויען, אויף וועמען מען קען זיך

בעסער פערלאָזזן. איין טאָג בעקומט זיא מעהר פערטרויען צו זשאַרזש. זיא מאַכט צו איהם א צייכען, אז ער זאָל נעחענטער צוקומען צום בעט און זאגט צו איהם מיט א קלאָרער שטימע:

— אט דאס איז דאס שליסעל צום בופעט.... נעהם ארויס דעם צוקער.... שליס נוט צו און ברייננ מיר צוריק דאס שליסעל!

אויפ׳ן צווייטען טאג ווערט איהר צוטרויען צו זשאַרזש פערשוואונדען. זיא קוקט איהם נאך מיט פערדעכטיגע בליקען, ווען ער גיט זיך נאָר א ריהר, פונקט וויא זיא וואָלט מורא געהאט, אז ער זאָל ניט ארונטערשלעפען עפעס פון דעם קאַמין און זאָל עס ניט ארייננליינען צו זיך אין קעשענע. זיא רופט צו שאַרל, פערטרויט איהם א שליסעל און מורמעלט:

— מיין דיענסט ווערט מיט דיר מיטגעהן.... פאס גוט אויף.... זאָל זיא ארויסנעהמען דיא טישטיכער, און דוא שליס אליין צו.

איהרע יסורים ווערען זעהר גרויס פון דעם געדאנק, אז זיא ווערט מעהר ניט קענען רעגולירען דיא אויסגאבען פון שטוב. זיא דערמאָנט זיך, וואס פאר א ווילד לעבען דיא קינדער האבען געפיהרט נאכדעם וויא זיי האבען בעקומען דיא ירושה פון פאָטער, און זיא וויים גאנץ גוט, וויא נאַרעיש, פויל און פערשווענדעריש זיי זיינען. דעם רעכטפעקט צו זיי האט זיא שוין לאנג פערלוירען, ווייל זיי האבען אב-גענארט איהרע האָפנונגען און האבען זיך אויפגעפיהרט געגען איהר שטרענגע און אוו שפאָרזאמע געוואוינהייטען. נור זיא האט זיי דאָך ליעב. און דיא ליעבע פער-צייהט. איהרע אויגען בעטען רחמים. זיי זאָלען ניט בעפאלען איהר פערמעגען ביז נאך איהר טוידט. אויב זיי ווערען זיך נעהמען רייסען פאר דער ירושה פאר איהרע אויגען ווערט דאס איהר גייציגע נאטור פערוואזאכען גרויסע יסורים.

דיא קינדער אָבער בענעהמען זיך געגען איהר זעהר צערטליך. זיי האבען צווישען זיך אבגעמאכט, אז איינער פון זיי זאָל שטענדיג בלייבען נעבען דער מו-טער און זעהן בעזאָרגען, וואס זיא ווערט וועלען מיט גרויס ליבע. נאר ניט קוקענ-דיג אויף אלע זייערע בעמיהונגען, קענען זיי זיך ניט העלפען און ברייננען אריין מיט זיך א שטיק פון זייער עפענטליכען לעבען: דעם גערוך פון סיגארען, וואס זיי הא-בען גערויכערט, דיא נייעס, וואס זיי הערען זיך אן אין שטאדט און גיבען איבער איינער דעם צווייטען. דיא איינעגליעבע פון דער מוטער ליידעט דערפון זעהר, ווייל זיא וואלט ווינשען, אז דיא קינדער זאָלען קיין אנדערע זאכען האבען אין זינען, ווען דיא האלט ביים שטארבען. וואס שוואכער זיא ווערט, אלץ גרעסער ווערט איהר מיסטרויען צו דיא קינדער און אלץ מעהר ליידעט זיא דערפון, ווען דיא יונגע לייט

וואָלטען אפילו נאר ניט נערענקט פון דער מוטער'ס ירושה, וואָלט זיא אליין דיזען נעדאנק אין זיי ארייננענעבען מיט דער ארט און וויזע, וויא אזוי זיא פערטהיידיגט איהר פערמענען ביז איהר לעצטען אטהעם. זיא קוקט אויף זיי מיט אזא אננסטל־כער מינע, מיט אזא דייטליכער מורא, אז זיי מוזען אָבקעהרען פון איהר דעם קאָפּ. זיא גלויבט, אז זיי קוקען אויס איהר טוידט, און אין אמת'ן טהוען זיי עס טאקע, וויל מיט איהרע שטומע בליקען האט זיא זיי אליין ארויפנעבראכט אויף דיזען נע־דאנק, זיא אליין וועקט אין זיי דעם באנער און פערלאנג. ווען זיא בעמערקט, אז איינער פון איהרע זיהן זעהט אויס בלאס און פערטראכט, זאָגט זיא צו איהם

— קום צו מיר! ווענען וואס טראכסטו?

— גאר נישט מוטער!

נאר דאבייא ניט ער זיך א צאפעל. זיא שאָקעלט לאנגזאם מיט'ן קאָפּ און זאָגט:

— איך מאך אייך פיל זאָרג, קינדער.... דאנק'ט ניט, איהר וועט פון מיר באלד פּטור ווערען.

זיי טרעטען צו צום בעט און שווערען, אז זיי האבען איהר ליעב און ווילען איהר ראטעווען, נאָר זיא ענטפערט זיי מיט שטארקען שאָקלען מיט'ן קאָפּ „ניין!" איהר מיסטרויען האט זיך נאָך פערשטארקט. איהרע לעצטע טעג זיינען זעהר פערניפטעט פון דעם פערמענען, וואס זיא בעזיצט.

דיא קראנקהייט האט נעדויערט דריי וואָכען. עס זיינען שוין נעוויין פינף קאָנ־סולאמס, מען האט נערופען דיא גרעסטע דאָקטוירים. איהר דיענסט טרעט פון איהר ניט אב, אזוי וויא דיא זיהן. נאָר ניט קוקענדיג אויף דעם, איז אין הויז אן אונארדנונג. זיי האבען אויפנענעבען יעדעס האָפנונג, דער דאָקטאָר האט ער־קלערט, אז דיא קראנקע קען יעדע מינוט שטארבען.

איין פריהמאָרגען האבען דיא זיהן נענלויבט, אז דיא מוטער שלאָפט, און האבען זיך בעראטען, שטעהענדיג ביים פענסטער, ווענען זעהר א וויכטינער אנגע־לעגענהייט. יערען פּופצעהנטען פלעגט דיא מוטער אליין אבנעהמען דיא דירה געלד פון איהרע הייזער און איצט איז א פראגע וויא אזוי זאלל מען דאס געלד איינקאסירען. דיא אויפוואכטער אין דיא הייזער האבען שוין אָנגעפרעגט, וואס זיי זאָלען טהאָן. אין דעם שוואכען צושטאנד, אין וועלכען דיא מוטער געפינט זיך, קענען זיי דערפון מיט איהר ניט ריידען, נאר ווען דאס אונגליק מיט דער מוטער וועט געשעהן, וועלען זיי דאס געלד נויטהיג ברויכען, אום צו בענעגענען דיא טוט־היגע קאָסטען.

— מיין גאָט ! האט זיך אָבגערופען שאַרל מיט א שטילער שטימע. אויב איהר ווילט, וועל איך אליין געהן צו דיא שכנים. זיי וועלען עס געפינען גאנץ בעגרייפליך און וועלען מיר איינצאָהלען.

דיא ברידער האבען זיך מיט דיעזען פאָרשלאג ווייניג דערפרייט. דאס מיסטרויען פון דער מוטער, האט זיי אויך מיסטרויאיש געמאכט.

— מיר ווילען אויך מיטגעהן, האט געזאָגט איינער. מיר דאַרפען אויך האַבען געלד.

— זעהר גוט, איך וויל דאס געלד אריינבדענגען! איהר האט דאך קיין מורא, אז איך וועל מיט דיזען געלד אנטלויפען.

— ניין ; אבער עס איז דאך בעסער, אז מיר זאָלען געהן אלע צוזאמען עס ועט בעסער אויסזעהן.

זיי הויבען אָן צו קוקען איינער אויפ'ן צווייטען, און זייערע אויגען צינדען זיך אָן מיט דעם צאָרן און האס, וואס וועט באלד אויסברעכען, ווען זיי וועלען זיך נעהמען טהיילען מיט'ן גאנצען פערמעגען. דיא ירושה לינט זייא פאר דיא אויגען, און יעדער פון זיי וויל זיך פערוואָרענען מיט'ן גרעסטען חלק. שארל רעדט ווייטער, ער רעדט איצט ארויס אָפען דאס, וואס יעדער פון דיא ברידער האט ביז איצט געטראכט פאר זיך :

— הערט מיר וועלען אלעס פערקויפען.... דאס וועט זיין דאס בעסטע.... אז מיר קריגען זיך שוין היינט, וועלען מיר זיך מאָרגען צורייסען אויף שטיקער....

פון בעט דערהערט זיך א כאָרכלען. זיי קוקען זיך אום, און דערזעהן דיא מוטער בלאס, מיט אויסגעשטארצטע אויגען און ציטערענדיג וויא אין פיעבער, זיצט זיא אויפ'ן בעט. זיא האט אלעס געהערט. זיא שטרעקט אויס איהרע הענד און רופט זעהר צושראָקען :

— מיינע קינדער.... מיינע קינדער !....

עס כאפט איהר פלוצים אן קרעמפפען און זיא ווארפט זיך צוריק אויפ'ן קיסען און שטארבט בייא דעם שרעקליכען געדאנק, אז דיא קינדער בע'גנבע'נען איהר.

אלע דרייא זיינען צו שראָקענע צוגעלאָפען צום בעט און געפאלען אויף דיא קניע. זיי קושען ביי דער טוידטע דיא האנד און, וויינענדיג, פערמאכען זייא איהר דיא אויגען. אין דיעזען אוינענבליק האבען זיי זיך דערמאָנט אָן זייער קינדהייט און [illegible] זיי פלוצים דערפיהלט אלס יתומים. און דער בייא פלאנגט דער מוטער'ס

שרעקליכער טוידט זייער נעוויסען און זייא ווערען פול מיט חאס איינער צום צווייטען.

מען שיקט נאך א מאָנאַשקע (נאָננע) זיא זאל וואכען דיא טוידטע. דיא דריי זיהן בעזאָרגען דער ווייל אלעס, וואס מען דארף צו דער קבורה. ביי נאכט בייטען זיי זיך און זיצען צוזאמען מיט דער מאָנאשקע. אין ציטער זיינען דיא פארהאנגען אראָבגעלאזט, דיא געשטארבענע ליעגט אין בעט מיט א פערגליווערטען קאפ, מיט צונויפגעלייגטע הענד און א צלם אויפ'ן ברוסט. איבער איהר ברענט א ליכט. א צווייג פון א פאלמע שטעהט אין א קרוג מיט הייליגען וואסער. דיא נאכט פערגעהט און דער טאג קומט. דיא מאנאשקע בעט אביסעל הייסע מילך, ווייל זיא פיהלט זיך נים גוט.

א שטינדע פאר דער קבורה ווערען דיא טרעפ פול מיט בעזוכער. דיא טהירען זיינען ארומגעשלאגען מיט שווארצען טוך, פון וועלכען עס הייננען אראב זילבערנע פרענז. אינעווייניג שטעהט דיא טרונע, ארום ברענען ליכט און אויפ'ן דעקיל ליגען קראנצען. יעדער, וואס קומט אריין, בעשפריצט דיא לייכע מיט'ן הייליגען וואסער. עלף אוהר הויבט זיך אן דער צוג צו ריהרען. דיא קינדער פון דער פערשטארבענע פאהרען אין א קארעטע. הינטער זייא זעהט מען הויכע בעאמטע, גרויסע קויפלייטע און א מענגע וויכטיגע בורזשואַ, וואס געהן מיט לאנגזאמע טריט און ווארפען דער ביי פערעכטליכע בליקען אויף דיא גיינערינע, וואס האבען זיך פערזאמעלט. דעם צוג שליסען צוועלף טרויער קארעטען.

דיא אנוועזענדע דריקען אויס זייער בעדויערען צו דיא קינדער פון דער פערשטארבענע, וואס זיינען געקליידעט אין שווארצען און האבען פערווייגטע אויגען. אלע אין איין קול זאגען, אז דיא קינדער זיינען מקבר דיא מוטער אויפ'ן אנשטענדיגסטען אופן. אין א ווינקעל שאצט מען דעם לייכענ-וואגען אלס דריטער קלאסע און מען בערעכענט דיא קאסטען פון דער קבורה אויף מעהרערע טויזענדע פראנקען. אן אלטער נאטאר בעמערקט דאביי מיט א פיינעם שמייכעל:

— ווען מאדאם גערארד וואלט אליין געדארפט בעצאהלען פאר איהר קבורה, וואלט זיא זיכער איינגעשפארט א האלבע טוץ קארעטען.

אין דער קירכע זיינען דיא טהירען אפען, דער ארגעל שפיעלט און דער גלח האלט א טרויער רעדע. דיא קינדער פון דער פערשטארבענע שטעהן אויסגעשטעלט אין א רייהע און הערען אויס דיא בעדויערונגס-רעדען און דריקען דיא הענד פון מענשען, וואס זיי האבען קיין מאל נים געזעהן; זיי בייסען זיך דיא ליפען און האלטען קוים איין דיא טרעהרען.

ווען דער צוג ריהרט זיך ווייטער צום בית עו"ם, נעהמען אלע פערביינעהענ־דע אראב דיא היטלען און הויבען אויף דיא אויגען. דער צוג דארף איצט דורכגעהן דורך א נעדיכט בעזעצטען קווארטאל פון ארבייטער, און דיא ארבייטער וואס קר־מען יעצט אן אנטקעגען עססען רוהיג זייער ברויט מיט ווארשט און בעטראכטען דעם לייכען־צוג פון א רייכען.

אנקומענדיג צום בית עולם, פערנעהמט זיך דער צוג לינקס און קומט באלד צו צום פאמיליען־גרוב, וואס בעשטעהט פון א קליינעם מאָנומענט, געמאכט ווייא א קליינע קאפעללא, און אויף וועלכער עס זיינען אויסגעקריצט אין שווארצע בוכ־שטאבען דיא צוויי ווערטער „פאמיליע נערארד" דורך דער אייזערנע טהיר זעהט מען אן אלטאר, אויף וועלכען עס ברענען ליכט. דיא געסט, וואס זיינען נעגאנגען צו דער לויה, צו שפרייטען זיך אין אלע זייטען און בעוואונדערן דיא מצבות און דיא בלומען, וואס וואקסען אויף דיא קברים.

דער ווייל לאָזט מען דיא טרונע ארונטער, דער גלח זאָגט זיין לעצטע תפלה און דיא קברות־לייט שטעהען א פאָר טריט ווייטער און ווארטען. דיא דריי זיהן ווינען און נעהמען נים אראב דיא אויגען פון דעם גרויסען סקלעפ, פון וועלכען מען האט אראָבגעקייקעלט דעם שטיין. אין דעם זעלבען סקלעפ וועלען זיי אויך א מאָל געפינען זייער מקום מנוחה. פריינד פיהרען זיי אוועק, ווען דיא צייט קומט ארויפצוקייקלען דעם שטיין.

צוויי טעג שפעטער קומט פאָר צווישען זיי א רייסעריי ביא זייער מוטער'ס נאָטאר. זייא רייסען זיך מיט טרוקענע אויגען און מיט דער העפטינקייט פון פיינדע וועלבע זיינען ענטשלאָסען נים אריבערצולאזען איין סענטים. פאר זייא איז א סך גלייכער און זי קענען פיעל געווינען, ווען זיי זאלען זיך נים איילען מיט'ן פערקויפען פון זייערע גיטער און זיי וועלען אזוי טהאן, נאָר דאס שטערט זיי נים, זייא זאָלען איינער דעם צווייטען אויפווארפען מיט זיינע פעהלערען; שארל וועט אלעס פער־שלינגען מיט זיינע נארישע ערפינדונגען; ושאָרזש האט ערנעץ א פרויענצימער, וואס וועט איהם בערויבעווען און ארויסנארען ביי איהם ביז דעם לעצטען סענטים; מאָרים וועט זיך נעווים באלד ארייןלאָזען אין איינע פון זיינע משוגע'נע ספעקולאַ־ציאָנען, וואס וועט דאס גאנצע קאפיטאל אויפפרעססען. אומזיסט מאטערט זיך. דער אלטער נאָטאר צו מאכען צווישען זיי א פשרה; זיי צו געהען זיך און דראָהען איינער דעם צווייטען ארייננצוברייננען זייערע קלאגען אין געריכט.

דיא פערשמאָרבענע האט ווידער ערוואכט אין זיי מיט איהר גייץ און מורא בפ'גנב'עם צוא וועָרען. אויב געָלד האט איהר מוידט פערניפטעט, האבען איהרע

קינדער דורך איהר איצט נע׳ירש׳עט נאר צאָרן און האַס. זיי האבען זיך געשלאָגען אויף איהר פרישען קבר.

---

## III.

חססאָ האט צו צוואנציג יאָהר חתונה געהאט מיט א יתומה אכטצעהן יאָהר אלט. און איהר נאמען איז געווען אדעלע רעמערסיע, און ביידע האבען אין דעם טאָג פון זייער חתונה. געהאט א פערמעגענס פון זיעבעציג פראַנק. אָנפאַנגס האָבען זייא ביידע פערקויפט פאפיער אין קאנווערטען אונטער א טהויער, דערנאָך האבען זיי געדונגען א קלייטעל, וואס איז געווען גרויס וויא א מענשענס האנד און אין דעם געיבעל זיינען זיי פערבליבען צעהן יאהר, ביז דאס געשעפט האט זיך פער־גרעסערט. איצט האבען זיי א געשעפט פון פאפיר אין דער רוע קלימשי, וואס איז ווערטה פופציג טויזענד פראַנק.

אדעלע איז א קרענקליכע פרוי. זיא האט שמענדיג אביסעל געהוסט. דיא ענגע לופט אין זייער אמאלינען קלייטעל, איהר שטענדיגעס זיצען ביי דער קאַסע אין זייער איצטיגען געשעפט שאדען איהר. א דאָקטאָר האט איהר געזאָגט, אז זיא דארף האבען רוה און אָפט שפאַצירען אויף פרישע לופט און אין שעהנעם וועטער, נאָר אזעלכע זאכען קען מען ניט אויספיהרען, ווען מען וויל אין דער גיך אָנזאמלען א פערמעגען, וואס זאָל טראָגען אזעלכע צינזען, אז מען זאָל אויף דיא עלטערע יאָהרען קענען לעבען רוהיג און אהן זאָרגען׃ אדעלע זאגט, אז זיא וועט זיך אויס רוהען און ארויסשפאצירען שפעטער. ווען זיא וועט איהר געשעפט פערקויפען און בעזעצען זיך ערגעץ־וואו אין דער פראָווינץ.

איהר מאן ווערט זעהר אונרוהיג, ווען ער דערזעהט איהר בלייכקייט און דיא רויטע פלעקען אויף איהרע באקען. נאָר וואס קען ער טהאָן? ער איז א פערנענר־מענער אין געשעפט און קען איהר ניט נאכקוקען און אָבהיטען, זיא זאל זיך עפעס קיין צרה ניט אָנמאכען. וואָכען־לאנג געפינט ער ניט א מינוט ליידיגע צייט צו ריידען מיט איהר וועגען איהר געזונד. ווען ער דערהערט א מאל איהר טרוקענעם

הוסט, ווערט ער זעהר אונרוהיג און צווינגט איהר אנצוטהאן א שאל און צו מאַכען מיט איהם א שפאציר איבער דיא עליזיי פעלדער, אבער זיא קעהרט זיך אום פון דאַרטען צוריק א פערמאטערטע און הוסט נאך שטארקער. דאס נעשעפט שלינגט ווידער איין זיין גאנצע אויפמערקזאמקייט און ער פערגעסט אן איהר קראנקהייט ביז א נייען קריזיס.

אט דאס הייסט געשעפט, מען שטארבט איידער מען האט צייט זיך אומצוקוקען.

א מאל ווען אדעלע האט שטארקער אנגעהויבען צו הוסטען, 'וויא שטענדיג, האט רוססא אָבגעפיהרט דעם דאָקטאָר אין א זייט און האט איהם געבעטען, ער זאָל איהם זאָגען דעם אמת וועגען זיין ווייב'ס קראנקהייט און צו איהר לעבען שטעהט מאקע אין געפאהר. דער דאָקטאָר ניט נעוואוינליך זיין דיפּלאָמאַטישען ענטפער, אז מען דארף זיך רעכענען מיט דער נאַטור פון דעם מענשען, אז ער האט שוין געזעהן קראנקערע לייט, וואס זיינען נאך אזעלכע קראנקהייטען געזונד געוואָרען, נאר ווען רוססא האט איהם צונעשטופּט צו דער וואנד, האט ער ענדליך איהם אויסגעזאָגט, אז זיין ווייב ליידעט פון שווינדזוכט. וואס איז אריינגעטריבען זעהר וויים. דער מאן איז טוידטליך בלייך געוואָרען, ווען ער האט עס דערהערט. ער האט זיין פרוי זעהר ליעב. ווייל זיי האבען ביידע זעהר שווער געארבייט. ביז זיי האט געלונגען צו דערגרויבען צו אזא שטופע, אז זיי זאלען קענען עססען ווייס ברויט יעדען טאג. זיא איז איהם ניט נאר א ווייב, נאָר אויך אן איבערגעגעבענער שוטף, וואס איז איהם זעהר נייטיג צום געשעפט. ער מוז זיך אָנטהאן א כח, און איהר ניט ארויסווייזען א טרויריגע מינע, ער קען אויך ניט אוועק אויף א ווײלע פון געשעפט, אום זיך ערגעץ אין א ווינקעל זיך אויסוויינען. דאס אלטע לעבען נעהט, וויא פריהער און ער זוכט זיך איינצורײדען, אז דאָקטוירים האבען אָפט א מעות. ער הויבט אן צו דענקען, אז זיין ווייב זעהט גאר ניט אזוי שלעכט אויס. ענדליך ווערט ער געוואוינט צום געדאנק, אז זיין ווייב נעהט אויס, וויא א ליכט. ער זוכט בכיון מעהר ארבייט אין געשעפט, אום ניט צו דענקען דאריבער און האָפט, אז דאס אונגליק וועט אזוי גיך ניט געשהן.

אדעלע זאגט צייטענווייז:

— אוי מיר זאלען שוין א מאָל ארויספאָרען פון דער שטאָדט, דאן וועסטו זעהן, וויא גיך איך וועל געזונד ווערען.... גאט נערעכטער! סך הכל זיינען נאך אונז פערבליבען אכט יאהר, וויא דערלעבט מען שוין, זיי זאָלען דורכלויפען.

איהר מאן קומט אפילו אין קאָפּ ניט אריין, אז מען זאל ארויס פון געשעפט

פאר דיא אכט יאָהר און לעבען פון קלענערע איינקינפטע. אדעלע וואלט עס אויך ניט דערלאָזט, ווען ער זאל עס אפילו וועלען. זיי האבען זיך איינגערעדט, אז זיי מוזען דערגרייכען ביז א געוויסע סומע און וועלען פון איהר נאר ניט אראָבלאָזען.

אדעלע האט זיך שוין צוויי מאָל געמוזט אריינלייגען אין בעט, נאר ביידע מאָל האט זיא זיך ווידער אויפגעהויבען און איז קראנקערהייד אוועק אין געשעפט, דיא שכנים ריידען צווישען זיך, אז דיא קליינע פרוי וועט עס לאנג ניט אויסהאַלטען, און זיי האבען קיין טעות ניט. גראדע צום נייען יאָהר, ווען מען דארף מאכען דיא רעכנונגען, האט זיא זיך ווידער צום דריטען מאל אריינגעלייגט אין בעט. דער דאָקטאָר קומט אין דער פריה, רעדט מיט איהר און פערשרייבט איהר א ריצעפט. רוססא ווייס שוין פון דאָקטאָר, אז איהר סוף איז נאָהענט, נאָר ער האט קיין צייט ניט אוועקצואווארפען דיא רעכנונגען אין געשעפט און רייסט קוים אב א פאָר מינוט פון צייט צו צייט אום ארומצוכאפען זיך און אויסצוגעפינען, וואס זיא מאכט. געוואהנליך, קומט ער ארויף צוזאמען מיט'ן דאָקטאָר, דערנאך געהט ער צוריק אוועק אין געשעפט און קומט ווידער ארויף צו מיטאָג צייט. ביי נאכט ארום עלף א זייגער ליינט ער זיך שלאָפען אין זיין קאבינעט אויף א צוזאמענגעלייגטע בעטיל האט ער דאָרטען געהייסען אנידערשטעלען. פראנסוא דיא קעכין ניט אכטונג אויף דיא קראנקע, דיזע פראנסוא איז א משוגה'דיגע מיידעל, מיט גרויסע, אונגעלומפערטע הענד און פיס, און איהר ציכטיגקייט און העפליכקייט שיינען צו זיין זעהר צווייפעלהאפט. זיא בעהאנדעלט שלעכט דיא קראנקע. זיא גיט איהר דיא מעדיצין מיט א פארקרימטע צורה און מאכט אן אונערטרעגליכען גערויש. ווען זיא ראמט אויף דאס צימער, כאָטשע דאס צימער איז שטענדיג אין א שרעקליכע אונארדנונג. דיא פלעשלאך רפואות שטעהען אנגעשטעלט אויפ'ן קאָמאָד, דיא וואשׂשיסלען ווערען כמעט קיין מאל ניט אויסגעוואשען, דיא שמאטעס מיט וועלכע זיא שייערט, הענגען איבער דיא בענקלאך. מען ווייס ניט, וויא צו שטעלען א פוס, אזוי אנגעשטעלט איז דאָרטען. מאדאם רוססאָ בעקלאגט זיך קיין מאל ניט זיא בענרנענט זיך דערמיט, וואס זיא קלאפט מיט'ן פויסט אין דער וואנד, ווען זיא רופט דיא דיענסט, און יענע וויל איהר ניט ענטפערן. פראנסוא האט נאך מעהר צו טהאָן, וויא אויף איהר אכטונג צו געבען. זיא דארף אין געשעפט אויפראמען, זיא דארף פאר'ן ווירטה און פאר דיא יונגע לייט, וואס ארבייטען אין געשעפט, קאָכען, אויסער פיעלע אנדערע שטובינ־ארביים. דיא בעל הבית'טע קען דאך איהר ניט צווינגען זיא זאָל שטענדיג זייען נעבען איהר. זיא וועט אויף איהר מעהר אכטונג געבען, ווען זיא וועט האבען מעהר צייט.

נאָר אַדעלע אַליין טראַכט ווייניג ווענען איהר קראַנקהייט. אַלע איהרע געדאַנקען זיינען אין געשעפט. יעדען אבענד פרעגט זיא זיך נאָך, פיל דער פּדיון איז געוועזען אין דער יעהרליכער רעכנונג לאָזט איהר ניט רוהען

אַזוי ניך וויא דער מאַן קומט אַרויף אויף אַ פּאָר מינוט, פרעגט זיא איהם אויס וועגען דער איינגאַהמע, וועגען דיא נייע וואַארע, אַבער קיין מאָל ניט וועגען איהר קראַנקהייט. זיא איז זעהר פערזאָרגט, ווען זיא געפינט אויס, אַז דאַס לעצטע איהר איז געוועזען אַ מיטעלמעסיגעס און זיי האָבען אַבגעשפּאַרט מיט פיערצען הונדערט פראַנק ווייניגער, וויא לעצטעס יאהר. מיט פיעבער און דיא אַדערן דערמאָנט זיא זיך אין דיא בעשטעלונגען פון דער לעצטער וואָך, מאַכט אין בעט דיא רעכנונגען און מאַטערט זיך צו פיהרען דאָס הויז. זיא טרייבט דעם מאַן אין געשעפט אַריין, ווען איהר דוכט, אַז ער איז צו לאַנג געזעסען ביי איהר. זיא וועט ניט געזונד ווערען, וואָס ער וועט לייגנער ביי איהר זיצען, און דאָס געשעפט ווערט דער ווייל פערנאַכלעסיגט. זיא איז זיכער, אַז דיא משרתים פון געשעפט זיינען ניט איבריג איבערגעגעבען און זיא הערט ניט אויף צו טענה'ן צו איהם:

— נעה אַרונטער, מיין פריינד. איך זאָג דיר, אַז איך דאַרף דיך דאַ ניט האָבען. און פערגעס ניט צו בעשטעלען דיא העפטען צום שרייבען: דיא שוהלען פאַנגען זיך באַלד ווידער אָן און מיר האָבען ניט קיין אַנגענרייטע סחורה פון זיי.

אַ לאַנגע צייט איז זיא געגאַרט אין איהר צושטאַנד.. זיא האָפּט נאָך אַלץ מאָרגען אויפצוהויבען זיך פון בעט און אַנצונעהמען צוריק איהר פּלאַץ ביי דער קאַסע. זיא מאַכט זאָגאַר פּלענער וועגען אַ שפּאַציר, וואָס זיא וועט מאַכען מיט איהר מאַן. זיא וועט פערברייננגען אַ זונטאָג אין סענט קלאָד. זיא האָט קיין מאָל ניט געהאַט אַזאַ לוסט צו זעהן גרינע בוימער, וויא איצטער.

נאַר איין טאָג איז זיא פּלוצים ערנסט געוואָרען. לינענדיג ביי נאַכט מיט ווייט אויפגעריסענע אויגען, האָט זיא מיט אַ מאָל דערזעהן, אַז זיא מוז שטאַרבען. דעם גאַנצען טאָג האָט זיא ניט אויסגערעדט קיין וואָרט, זיא האָט נאָר נאַכגעדענקט. אין אַבענד האָט זיא דעם מאַן אָבגעהאַלטען, ווען ער האָט געוואָלט אַוועקגעהן און האָט צו איהם מיט אַ רוהיגען קול געזאָגט, פּונקט וויא זיא וואָלט מיט איהם גערעדט וועגען אַ נייען סאָרט וואַארע:

— דוא וועסט מאָרגען אַריבערנעהמען אין דער רוע דע טאַזאַר, דאָס איז ניט ווייט פון דאַנען. דאָרטען וואוינט אַ נאָטאַר, דיא וועסט איהם אָבזוכען און ברענגען איהם אהער.

— צו וואס דארפסטו א נאָטאר? מיר האלטען נאָך דערביי ניט.

נאר זיא רעדט ווייטער מיט א רוהיגע שטימע און מיט א שמייכעל אויפ'ן געזיכט:

— זעהר מעגליך! אבער איך וועל ווערען רוהיגער, ווען אונזערע אנגעלעגענ־הייטען וועלען געבראכט ווערען אין אָרדנונג.... צו אונזער חתונה האבען מיר גע־האט איין פערמעגען! ווייל מיר האבען נאר ניט פערמאָגט. היינט האבען מיר עפּעס ערוואָרבען און איך וויל ניט, אז מיין פאמיליע זאָל דיך בעראבעווען. מיין שוועסטער אנאטע איז נאר ניט געווען אזוי גוט צו מיר, אז איך זאָל איהר עפּעס איבערלאָזען, איך וואלט עס בעסער מיטגענומען.

און זיא וויל ניט אנדערש, אז איהר מאן זאָל מארגען רופען דעם נאָטאר. זיא בעראטה זיך לאנג מיט'ן נאָטאר און בעט איהם, אז ער זאָל מאכען אזוי נור קיינער זאָל ניט קענען האבען קיין טענות צו איהר מאן.

ווען דיא צוואה איז פארטיג און דער נאָטאר פערלאָזט דיא הויז, ציהט זיא זיך אויס אין בעט און מורמעלט צו איהר מאן:

— איצט וויל איך רוהיג שטארבען.... איך האב זעהר געוואָלט לעבען אויפ'ן לאנד, און דוא קענסט זיך נאר ניט פאָרשטעלען וויא מיר טהוט לייד, וואס איך קען דאס ניט האבען זאגאר א קורצע צייט.... נאָר דוא וועסט עס טהאָן.... זאָג מיר צו, אז דיא וועסט זיך אריבערציהען אויפ'ן דאָרף ניט ווייט פון מעלון, פון וועלכען מיר האבען אזוי לאנג גערעדט...... דיין פערשפרעכען וועט מיך זעהר פרייהען.

רוססאָ וויינט מיט הייסע טרערען. זיא טרייסט איהם און באָט איהם אן נוטע עצות. אויב איהם וועט זיין זעהר אומעדיג, זאָל ער בעסער חתונה האבען, נאָר חתונה האבען זאָל ער פאר אן עלטערע פרוי און ניט פאר קיין יונגע מיידעל, ווייל דיא יונגע מיידלאך קוקען נאר אויס אויפ'ן געלד, ווען זיי האבען חתונה מיט אן אלטען. זיא רעדט צו איהם זאָגאר וועגען א געוויסע דאמע, פון זייערע בע־קאנטע, מיט וועלכע ער זאָל הייראטען און זיא וואָלט דערפון געווען צופריעדען.

ביי נאכט האט זיא א שרעקליכען אָנפאל. זיא ווערט כמעט דערשטיקט און קען ניט כאפען לופט. פראנסוא איז אויף א שטוהל נעבען בעט איינגעשלאָפען. רוססא שטעהט ביי איהר צוקאָפּענס, נאר ער קען איהר נאר ניט העלפען. אלעס וואס ער קען טהאָן, איז צו דריקען איהר דיא האנד, אום צו צייגען איהר, אז ער איז נעבען איהר און וועט איהר ניט פערלאָזען. אין דער פריה ווערט איהר פלוצים פיעל גרינגער, זיא איז זעהר בלאס, האלט דיא אויגען צוגעשלאָסען און אָטהעמט

לאנגזאם. איהר מאן, וועלכער איז ארונטערגעגאנגען מיט פראנסוא צו עפענען דעם מאגאזין, טרעפט איהר ביים צוריקקומען נאך אלץ זעהר בלאס און אין דער וועלבער פאזיציאן; אבער איהרע אויגען שוין אפען. זיא איז טוידט.

רוססא איז שוין געוועזען פון א לאנגע צייט צוגעוואוינט צו דעם געדאנק און ער וויינט ניט. ער פיהלט זיך נאר שרעקליך מיעד. ער נעהמט וויעדער ארונטער און זעהט, וויא פראנסוא לאזט ארונטער דיא לאדען פון דיא פענסטער. ער שרייבט אליין אויף א גרויסע שטיק פאפיר דיא פאלגענדע ווערטער: „געשלאסען צוליעב א טוידטעס־פאל אין דער פאמיליע.“ דער צווייטער האלבער טאג נעהמט אוועק אויף רייניגען דאס צימער און צו ברייגנען יעדע זאך אין ארדנונג.

פראנסוא וואשט אויס דיא פאדלאגע, נעהמט צו דיא פלעשער רפואות און שטעלט אנידער פאר'ן בעט א ליכט מיט א טעציל הייליגע וואסער. זיא ערווארט אדעלע'ס שוועסטער, אנאטע, וועלכע האט זעהר א שלעכטע צונג און דאס דיענסט מיידעל וויל ניט, אז מען זאל אויף איהר זאגען, אז זיא האט דיא שטוב געהאלטען אין שלעכטער ארדנונג. רוססא האט איין משרת אוועקגעשיקט, ער זאל בעזארגען אלע פארמאליטעטען, און אליין איז ער אוועק אין קירכע, וואו ער האט א לאנגע צייט געדונגען איבער דעם פרייז פון דיא אלע נייטהיגע צערעמאניעס. ער וויל ניט, אז מען זאל ביי איהם צאפען אומזיסטע געלד. ער האט זעהר ליעב זיין פרוי, און ער וויים, אז איהר וואלט פערשאפט פערגניגען, ווען זיא זאל קענען זעהען, וויא ער לאזט זיך ניט נארען פון דעם גלח און דיא בעאמטע פון דער לייכען־קאמיסיאן. נאר דאך זעהט ער, אז דיא קבורה זאל זיין אן אנשטענדיגע. ענדליך איינינט ער זיך מיט זיי. ער וועט דער קירכע בעצאהלען הונדערט און זעכציג פראנק און דער לייכען־קאמיסיאן דריי הונדערט פראנק. מיט טרינק־געלד און אנדערע קליינינקייטען, רעכענט ער, וועט איהם קאסטען ביז פינף הונדערט פראנק.

קומענדיג צוריק פון דער קירכע אהיים, האט רוססא געטראפען נעבען ווייב'ס טוידטען־בעט זיין שוועגערין אנאטע. זיא איז א הויכע און דינע פערזאן, מיט רויטע אויגען און דינע בלוילכע ליפען. זיי זיינען מיט איהר געוועזען מעהר וויא דריי יאהר צוקריגט און זיי האבען זיך פון דאמאלס קיין מאל ניט געטראפען. נאר איצט וויא זיא דערזעהט דעם שוואגער, הויבט זיא זיך אויף און כאפט זיך איהם ארומצוגעהמען ביים אנבליק פון דעם טוידט הערט אויף יעדע קריגעריי. רוססא, וואס האט אין דער פריה ניט געקענט וויינען, צוואויינט זיך איצט זעהר שטארק, דערזעהענדיג נאך א מאל זיין פרוי, ביי וועמען דאס געזיכט איז קלענער געווארען און דיא נאז שפיצינער, עס איז איתר כמעט ניט צו דערקענען. אנאטא'ס אויגען בלייבען

טרוקען. זיא האט זיך אנידערגעזעצט אויפ'ן בעסטען פאָטעל און בעקוקט דאס צי־מער, וויא זיא וואלט פערצייכענט יעדע שטיק מעבעל, וואס דארטען געפינט זיך. ביז איצט האט זיא דיא פראגע וועגען געלד נים בעריהרט, נאר זיא זעהט אויס זעהר אונרוהיג, און הערט נים אויף זיך צו פרעגען, צי דיא שוועסטער האט גע־מאכט א צואה.

דעם טאג פון דער קבורה, גראדע ווען מען וויל דיא פערשטאָרבענע אריינ־לייגען אין טרוגע. געפינט מען אויס, אז דיא לייבען־קאמיסיאָן האט דורך א טעות געשיקט, א צו קורצע טרוגע. דיא קבורות גרעבער מוזען געהן נאך אן אנדערע, דער־ווייל שטעהט דער ארון פאר דעם טהיר און דער גאנצער קוואַרטאל איז אין אויפ־רוהר. דאס פערשאפט רוססא נייע ליידען. ענדליך טראָגט מען דיא ארעמע פרוי רוססא ארונטער און דיא טרוגע בלייבט א פאר מינוט שטעהן פאר דער טהיר, וואס איז ארומגעשלאָגען מיט שווארצען טוך. ארום זיינען פערזאמעלט א הונדערט פערזאָן, דיא קויפלייטע פון דעם קווארטאל, שכנים פון דעם הויז, א פאָר בעפריינ־דעטע פאמיליען און איינינע ארבייטער.

דער צוג הויבט זיך אן צו ריהרען. רוססא געהט פאָראויס.

אויפ'ן וועג מאכען דיא שכנים דעם צייכען פון קרייץ און ריידען אין דער שטיל:

— ניט אמת? נים אמת? דאס איז דיא פאפיר־הענדלערין, דיא קליינע פרוי מיט'ן געלבליכען געזיכט, וואס איז געוועזען נאר הויט און ביינער.

— יא. יא, איהר וועט פיל בעסער זיין אין דער ערד.

אין פיערציג מינוט ווערט דער גלח פארטיג מיט דער צערעמאָניע אין קירכע. אנאטא זיצט אין דער ערשטער רייהע און שיינט צו צעהלען דיא ברענדיגע ליכט. אָהן צווייפעל דענקט זיא אז דער שוואָגער האט געקענט אויסגעבען ווייניגער געלד; און אויב דיא שוועסטער האט קיין צואה נים איבערגעלאָזט און זיא וועט ירש'ענ׳ען א העלפט פון דעם פערמעגען, וועט זיא דארפען טראָגען א האלבע הוצאה פון דער קבורה. דיא גלחים מאכען דיא לעצטע ברכה, דאס הייליגע וואסער געהט פון האנד צו האנד און מען פערלאָזט דיא קירכע. כמעט אלע געהען צוריק אהיים, אין דיא דריי טרויער־קארעטען האבען זיך אריינגעזעצט דיא דאמען. הינטער דעם אָרון געהען נאך רוססא און נאך א דרייסיג פערזאָן, דיא נוטע פריינד וואס וואָגען נים אוועקצוגעהן פון דער לויה. דער אָרון איז נאר בעדעקט מיט א שוואַרצע טוך און ווייסע פרענזן.

דיא פערבייגעהענדע געהמען ארונטער דיא הוטלען און געהען שנעל פערביי.

רער ארץ שטעלט זיך ענדליך אָב נעבען בית עלמין און דיא טרונע טראָגט מען ארונטער ביז צו יענער זייט. וואו עס געפינען זיך דיא קלענערע מצבות און מען שטעלט איהר אוועק נעבען נייען קבר, וואס מען האט פאר איהר אויסגעגראָבען. דיא אנוועזענדע שטעלען זיך אין דער שטיל אנידער אויף דיא קניע, דער גלח מורמעלט אָב אונטער דער נאז קום א צוואנציג ווערטער און נעהמט אוועק.

ארום און ארום זעהען זיך קליינע גערטלאך ארומגעצאמט מיט אייזערנע גראטעס; דיא ווייסע שטיינער, וואס זעהען זיך אין מיטען פון דיא דיזע גרינע פלעצער שיינען צו זיין גאנץ ניי און זעהען אוים גאָר פרייהליך. רוססא האט זיך אָבגעשטעלט אויף א ווײלע צו בעטראַכטען איין מצבה, וואס האט איהם פעראינטערעסירט, דאס איז געווען א הויכער זייל, אויף וועלכען האט גערוהט א סימבאָלישע אורנע (וואזע). ער דענקט אוועקצושטעלען זיין ווייב אויך אזא מצבה מיט גראדע אזא שעהנער וואזע פון אויבען.

אנאטא פיהרט איהם אוועק. צור קווענס ענטשליסט זיא זיך ענדליך צו ריידען ווענען דער צואה. זיא הויבט איהם אָן, קומענדיג אהיים, אויסצופרעגען און ווען זיא געפינט אויס, אז דיא שוועסטער האט געמאכט א צואה, הויבט זיא זיך אויף שטייף, וויא א מארמאָר סטאטוע, נעהמט צו צו דער טהיר און גיט איהר א קלאפ ביים ארויסגעהן.

**קיין מאָל מעהר וועט איהר פוס ניט קומען אין דיזען שטאָל.**



## IV.

יאנואר איז אויסגעפאלען א הארטער, ביטערער מאָנאַט. ניטאָ קיין ארבייט און ניטאָ קיין ברויט און פייער אין הויז. דיא מאָריסאָס האבען געליטען שרעקליכען נויטה. דיא פרוי איז א וועשערין און דער מאן איז א מויערער. זייא וואוינען אין דער רוע קאַרדינעט, אין דער אומגעגענד פון פאריז, אין א שווארצע הויז, וועלכע פערפעסטעט דעם גאנצען קווארטאל. זייער צימער אויפ'ן פינפטען שטאָק איז זעהר אָרים און דער רעגען רינט דורך דער סטעליע. זייא וואָלטען זיך אויף דעם אויך נים בעקלאָגט, ווען זייער שארלאָט, א קליין אינגעלע פון צעהן יאהר וואָלט זיך נים נויטהינען אין קרעפטיגער נאהרונג אום צו קענען וואקסען. דאס קינד איז קריינק־ליך, דיא מינדעסטע זאך ווירקט אויף זיין געזונד. ווען ער איז געגאנגען אין שוהל האט ער זיך צונעבאפט צום לערנען און איז קראנק געוואָרען. ער איז זעהר קלוג און שעהן און ווייס א סך מעהר, וויא נאך זיינע יאהרען. אין יענע טעג, ווען דיא עלטערן האבען איהם נים צו געבען צום עסען, וויינען זייא וויא משוגע'נע, איבער־הויפט ווייל זייא זעהען וויא דיא קינדער פון דעם הויז שטארבען וויא פליגען, אזוי אונגעזונד איז דאָרטען.

אויף דיא נאסען צוקלאַפט מען דעם אייז. שארלאָט'ס פאָטער האט זיך אויף פערדונגען צו דער ארבייט. ער צוקלאַפט דעם אייז מיט א האק און ברענגט יעדען אָבענד 10 סו אהיים. ביז דער סעזאָן פון מויערען וועט זיך אָנהויבען איז דאס אויף נוט, אבי נים שטארבען פון הונגער.

איין טאָג ווען דער פאָטער איז געקומען אהיים, האט ער געפונען שארלאָט אין בעט. דיא מוטער ווייס נים וואס מיט איהם איז דער מעהר.

זיא האט איהם געשיקט צו זיינער א מוהמע, וואס וואוינט זעהר ווייט און האנדעלט מיט אלטווארג, אז ער זאָל ביי איהר קריגען א ווארעמען מאנטעל, ווייל ער האט נים מיט וואס אומצובייטען זיין לייוועגדענע בלוזע און פריהרט. ביי דער מוהמע האט ער אָבער נאָר געפונען מענער־מאנטלען, וואס זיינען געווען אויף איהם צו לאנג און צו ברייט, און דאס אינגעל איז צוריקגעקומען מיט א זאָנדערבארע מינע, וויא ער וואָלט געווען שכור און איהם האט געוואָרפען, וויא אין קדחת. איצט רינט ער מיט א פלאַמענדע געזיכט אויפ'ן קיסען, רעדט נארעשקייטען, דערצעהלט אז ער שפיעלט אין באָל און זינגט לידער.

דיא מוטער האט פערשטעקט דיא אויסנעפראָכענע שויב פון א פענסטער מיט א צוריסענע שאל; און פון דיא איבריגע צוויי פענסטער זעהט זיך דער הימעל וואס האט אן אש גרויען־קאָליר. דיא גויטה האט דעם גאנצען קאמאָד אויסגעליי־דיגט, דיא גאנצע וועש איז פערזעצט. ניט לאנג האבען זיי פערקויפט א טיש מיט צוויי שטוהלען.

שארלאָט פלעגט שלאָפען אויף דער ערד, נאר איצט אז ער איז קראנק, האט מען איהם אָבגעגעבען דאס בעט. נאר אין בעט ליגט ער אויף זעהר שלעכט, ווייל דיא וואָלל פון מאטראץ איז ארויסגעריסען געוואָרען און מען האט עס פערקויפט פאר עטליכע סו.

איצט שלאָפען פאטער און מוטער אין א ווינקעל אויף א שטרוי זאק, אויף וועלכען הינט וואָלטען זיך אָבגעזאָגט צו שלאָפען.

זייא קוקען זיךביידע צו צושראָקען, וויא שארלאָט ווארפט זיך אין בעט.

— וואס איז איהם אזוינס? וואס איז דאס איהם אזוי פלוצים געשעהן? אפשר האט איהם א משוגענער הונד א ביס געטהאן, אָדער פיללייכט האט מען איהם געגעבען עפּעס א שלעכטע זאך צום טרינקען.

א שכנה, פרוי באָנעט איז ארייין אין צימער. זיא איז צוגעגאנגען צום אינגעל און בעטראכט איהם. זיא זאָגט אז ער האט דאס פיעבער. זיא פערשטעהט זיך שוין אויף אזעלבע זאכען. איהר מאן איז גראדע אויף אזא קראנקהייט געשטאָרבען.

דיא מוטער וויינט און פרעסט צו שארלאָט צו איהר הארצען. דער פאָטער לויפט אוועק וויא א משוגע׳נער צו ברענגען א דאָקטאָר. ער ברענגט צו פיהרען איינעם. ער איז א הויכער מאן מיט א בייזער מינע און הערט אויס אָהן א שום איינטהייל וואס מען זאָגט איהם. ער קלאַפט אויס דעם קינד ארום דער ברוסט און זאָגט ניט קיין וואָרט. ווען פרוי באָנעט האט איהם דערלאנגט פאפּיער און א בלייפעדער, האט ער פערשריעבען א רעצעפּט און אָהנע צו זאָגען א וואָרט האט ער זיך געלאָזט געהן. דיא מוטער האט איהם אבגעהאלטען און מיט א פערשטיק־טער שטימע געפרעגט:

— וואס איז איהם, מיין הערר?

— ער האט ברוסטפעל ענטצינדונג, האט ער געענטפערט בייז און האט קיין וויטערע ערקלערונג ניט געגעבען. דאן האט ער געפרעגט:

— בעלאנגט איהר צו דער קראנקען־קאסע?

— ניין, מיין הערר. לעצטען זומער זיינען מיר געווען אין נוטע פעראהעלטניסע, דער ווינטער האט אונז אזוי ארונטערגעשלאָגען.

— שארע, שארע.

ער פערשפרעכט ווידער צו קומען. מאדאם באנעט לייהט זייא צוואנציג סו אויף מעדיצין און פאר דיא אכציג סו וואס מאריסא האט נעבראכט פון זיין ארבייט, קויפט ער צווי פונט רינד פלייש און ליכט. דיא ערשטע נאכט נעהט אוועק נוט און מען האלט אונטער דאס פייער. דער קראנקער איז פון גרויס היץ אנשלאפען געווארען און ער רעדט מעהר ניט. זיינע קליינע הענטליך גליהען. זעהענדיג וויא דאס קינד ליגט אזוי שטיל, האבען זיך דיא עלטערן אביסעל בערוהיגט. נאר אויפ'ן צווייטען טאג האבען זיי זיך דערשראקען צום טוידט, ווען זייא האבען דערזעהן, וויא דער ראקנאר שאקעלט מיט'ן קאפ, וויא איינער וואס האט קיין תאפנונג ניט.

פינף טעג לאנג איז ניטא קיין ענדערונג. שארלאט ליגט נאך אלץ אויפ'ן קיסען. אין צימער שיינט, אז דיא נויטה האט זיך נאך שטארקער אריינגעריסען מיט דעם שניידענדען ווינד דורך דעם דאך און דיא שפאלטען פון פענסטער אויפ'ן צווייטען אבענד האט מען פערקייפט דער מוטער'ס לעצטע העמד. אויפ'ן דריטען טאג האט מען געמוזט ארויסציהען ביים קראנקען פון צוקאפענס א קישעלע און פערזעצען עס פאר רפואות. איצט איז שוין מעהר ניט געבליבען און עס איז ניטא וואס צו פערקויפען.

מאריסא האקט נאך אלץ דעם אייז, נאר דיא פערציג סו זיינען ניט גענוג. אזוי וויא ער וויים, אז דיא שרעקליכע קעלט הרג'עט אוועק שארלאט, בעט ער אז נאט זאל געבען ווארעמען וועטער, כאטשע דאס וועט איהם רויבען פון זיינע לעצטע פערדיענסטען. ווען ער נעהט צו דער ארבייט, טראכט ער וועגען זיין קליין אינגעל, וואס ליגט אין דער היים א קראנקער און בעט גאט, ער זאל ניכער שיקען דעם פריהלינג און זאל צו שמעלצען דיא שניי. ווען זיי זאלען נאר געווען פערשריבען אין קראנקען־קאסע וואלטען זיי נעהאט א דאקטאר און מעדיצין אומזיסט. דיא מוטער איז שוין געווען אין א פילאנטראפישע געזעלשאפט, נאר מען האט איהר געענטפערט, אז פאר איהר זיינען שוין פיעלע געווען, און זיא דארף ווארטען. דאך קריגט זיא א פאר קוויטלאך אויף ברויט און א גוטע נשמה שענקט איהר פינף פראנק. נאכדעם האט דיא נויטה נאך שטארקער אויסגעבראכען.

אויפ'ן פינפטען טאג ברענגט מאריסא זיינע לעצטע פיערציג סו. עס האט אנגעהויבען צו לאזען און ער האט פערלארען זיין ארבייט. איצט איז אלעס געענדיגט; דער אייווען בלייבט קאלט, עס פעהלט ברויט, דיא רעצעפטען קען מען מעהר ניט נעהמען ביים אפטייקער. פאטער און מוטער שוידערן פאר קעלט אין פייכטען צימער, וועהרענד דאס קינד לאזט ארויס א טויבעם כארכלען. מאדאם

באַנעם קומט צו זיי מעהר ניט אריין. זיא איז זעהר ווייכהערציג און קען דיער על־ענר ניט צו זעהן. דיא שכנים פון הויז לויפען געשווינד דורך פערביי זייער טהיר פון צייט צו צייט פאלט דיא מוטער אריין אין א היסטעריק, דאן ווארפט זיא זיך אויפ'ן בעט און קושט דאס קינד, וויא זיא וואלט איהם דאמיט געקענט העלפען און אומקעהרען איהם דיא געזונד. דער פאָטער בלייבט שטונדען לאנג, וויא צוגע־שמידט צום פענסטער, ער נעהמט ארויס דיא צוריסענע שאל און קוקט זיך צו, וויא דאס וואסער רינט אראב מיט גרויסע טראָפען פון דיא דעכער, און וויא דיא גאס ווערט פערצווינגען מיט א טיעפע דונקעלהיים. פיעלייכט איז דאס גוט פאר שאַרלאָם.

איין פריהמאָרגען ערקלערט דער דאקטאר, אז ער וועט שוין מעהר ניט קומען דאס קינד איז פערלאָרען.

— דאס פייכטע וועטער טוידט איהם אוועק, זאגט ער.

מאריסא פלוכט דעם הימעל. יעדער וויטערונג שלאגט איין דעם אָרימאן: ווען עס איז געוועזען דער פראָסט, האט ער איהם געשאדט! איצט לאָזט דער פראָסט און עס איז נאך ערגער. ווען זיין פרוי זאל איינשטימען, וואלטען זייא געמאכט א טשאד פון קוילען און וואָלטען אַלע דריי צוזאמען געשטאָרבען. דאן וואלט געגנו־מען אן ענדע צו זייערע ליידען!

דיא מוטער איז ווידער אוועק צו דער פילאַנטראָפישע געזעלשאפט, און מען האט איהר דארטען צוגעזאָגט זיי אונטערצושטיצען און זיי ווארטען. וואס פאר א שרעקליכער טאָג! אין צימער איז א ביטערע קעלט. אין איין זייט רינט ארונטער דאס וואסער און מען מוז אונטערשטעלען א טאָפ פון נעכטען בייא נאכט האבען זיי גאר ניט גענעסען. נאָר דאס קינד האט געטרונקען א גלאז טהיי, וואס דעם פאָרטיעס ווייב האט איינגעטראָגען. דער פאָטער זיצט ביים טיש אָנגעשפארט מיט'ן קאָפ אויף דיא הענד, קוקט וויא פער'גולם'ט און זעהט און הערט גאר נ״ט. ביי יעדען גערויש לויפט דיא מוטער צו דער טהיר, איהר דוכט, אז ענדליך קומט דיא פערשפראָכענע הילף. דער זיינער קלאפט זעקס און דער ווייל איז נאך קיינער ניט געקומען. דיא נאכט ברעכט אריין לאנגזאם און פינסטער וויא דער טוידט.

ביי דער אָנקומענדער נאכט הויבט אָן שאַרלאָט פלוצים צו מורמלען אונ־פערשטענדליכע ווערטער:

— מאמא.... מאמא....

דיא מוטער קומט צו נעהענטער, זיא הערט מעהר קיין ווארט ניט, זיא זעהט נאָר וויא דאס קינד האט צוריק אראָפגעלאָזט דעם קאָפ און ליגט שטיף און פער־

שטארט. ערשראָקען רופט זיא מיט א בעטענדער שטימע:

— א ליכט! גיט מיר גיכער א ליכט! שאַרלאָט! מיין קינד! רייד צו מיר!

אין שטוב איז מעהר קיין ליכט ניטא. אין איילעניס צו ברעכט זיא דיא שוועבעלאך, וואס זיא וויל אַנצינדען. זיא הויבט אן צו טאַפּען מיט ציטערדיגע הענד דאס געזיכט ביים קינד.

— אה, מיין גאָט! ער איז טוידט! מאריסא, ער איז טוידט!

דער פאַטער הויבט אויף זיין קאָפּ און פערשטייט ניט וואס ארום איהם טהוט זיך

— נא, וואָס זשע ווילסטו? ער איז טוידט. גם זו לטובה.

דערהערענדיג דעם יאָמער פון דער מוטער, ענטשליסט זיך ענדליך פרוי באַנעט אריינצוקומען מיט'ן לאָמפּ. ווען ביידע פרויען האָבען גענומען אַנטהאָן שאַרלאָט, האט מען אנגעהויבען קלאַפּען אין טהיר. מען האט געבראכט דיא פערשפראָכענע אונטערשטיצונג, צעהן פראנק מיט קוויטלאך אויף ברויט און פלייש.

ביי מאריסא האט זיך ארויסגעריסען א האלב אידיאטישער געלעכטער, און האט דערביי בעמערקט, אז צדקה-חברות פערשפעטיגען שטענדיג מיט זייער הילף.

נעבאך, דאס ארעמע אויס געמאגערטע קערפערל פון קינד! מען האט געקענט דענקען אז אויפ'ן מאטראץ ליגט א דערפראָרען פויגעלע, וואס מען האט אויפגעהויבען אויף דער גאַס, אזוי אָבגעמאָגערט און אויסגעדארט איז דאס ארעמע קינד געוואָרען אין דער צייט פון דער קראנקהייט.

מאדם באָנעט איז ווידער גוט געוואָרען און האט ערקלערט, אז דורך דעם וואס דיא מאָריסאָ'ס וועלען ניט עסען, וועט שארלאָט צוריק ניט לעבעדיג ווערען. זיא האט זיך אונטערגענומען צו ברייננגען פאר זיי ברויט און פלייש און אויך ברענגען ליכט. זיי האבען איהר געלאָזט טהאָן, וואס זיא האט געוואָלט. ווען זיא איז צוריקגעקומען האט זיא אויפ'ן טיש ארויסגעלייגט הייסע ווארשט און ברויט. דיא אויסגעהונגערטע מאָריסאָס האבען זיך צוגעכאַפּט צום עססען, וויא אויסגעהונגערטע חיות, זיצענדיג נעבען טוידטען קינד, וועמעס בלאסע און קליינע געזיכט האט ארויסגעשיינט פון דער האלב פינסטערניס. דער אייווען האט געברענט און אין שטיבעל האט זיך דערפיהלט א דערקוויקענדע ווארעמקייט.

צייטענווייז ווערען דיא מוטער'ס אויגען פייכט, גרויסע טראָפּען טרערען קייקלען זיך ארונטער אויף איהר ברוסט. וויא וואלט זיך שארלאָט מחיה געווען מיט דער ווארעמקייט! מיט וואס פאר אן אפּעטיט וואלט ער געגעססען דיא ווארשט!

מאדאם באָנעט מאטערט זיך צו זיין אויף דיא גאנצע נאכט. איינס א זיינער ביי

נאכט, ווען מאָריסאָ און אייגנעשלאָפען אויפ׳ן עק בעט האבען דיא ביידע פרויען געמאכט קאָפּע. א צווייטע שכנה, א נייטערין אכטצעהן יאָהר אלט, וועלכע זיי האבען געבעטען, זיא זאל אריינקומען, האט מיטגעבראכט א קליין פלעשעלע בראנפען, אום אויך געבען עפּעס צו שטייער. דיא דריי פרויען זופען לאנגזאם דעם קאָפּע און ריידען זעהר שטיל, דערצעהלענדיג איינע דער צווייטע פון פערשיעדענע טוידטען; וואָס ווייטער ווערען זייערע שטימען העכער, זייער שטאָף צום ריידען ווערט גרעסער, מען דערצעהלט וואָס עס קומט פאָר אין הויז, אין קווארטאל, ווענען א פערברעכען וואס איז פאָרגעקומען אין רוע נאָלע. פון צייט צו צייט הויבט זיך דיא מוטער אויף און בעטראכט דאס קינד, פונקט וויא זיא וואלט זיך וועלען איבערציינגען, אויב עס האט זיך ניט א ריהר געטהאָן.

אזוי וויא זיי האָבען ניט געהאט אין זינען צו מעלדען ווענען דעם קינד׳ס טוידט דעם אבענד ווען ער איז געשטאָרבען, האט ער געמוזט פערבלייבען מיט זיי אין צימער דעם גאנצען מארגענדינגען טאָג. האבענדיג נאר איין צימער, האבען זיי געמוזט עססען און שלאָפען מיט׳ן טוידטען קינד. צייטענווייז פלעגען זיי זיך פאָרגעסען אן דעם, וואס איז געשעהן, און דערזעהענדיג איהם פּלוצים האט זיי געדאכט, אז זיי פערלירען איהם איצט צום צווייטען מאָל און האבען ווייטער איבערגעלעבט אלע שארפע ליידען פון זיין טוידט.

ערסט אויפ׳ן דריטען טאָג נאכ׳ן קינד׳ס טוידט האט מען געבראכט דיא טרונע ניט גרעסער וויא א געוואוינליכע הילצערנע קעסטעלע, פיער צוזאמענגעשלאָגענע ברעטלאך און שלעכט אָבגעהובלעוועטע, וואס דיא פערוואלטונג האט צוגעשיקט אומזיסט, נאכהער וויא זיי האבען אויסגעפונען, אז דיא עלטערן זיינען זעהר ארעם און האבען ניט מיט וואס צו מקבר זיין איהם. איצט ווערט אלץ גיך געטהאָן. מען לויפט אין דער גיך אין קירכע, הינטער דער טרונע געהען נאך דער פאָטער מיט דריי קאמעראדען, וואס ער האט אנגענענט אויפ׳ן וועג, דיא מוטער, מאדאם באָנעט און דיא שכנה דיא נייטערין. זיי קריכען אין בלאָטע ביז איבער דיא קנעכיל. עס רעגענט ניט, נאר דער נעבעל איז אזוי פייכט, אז דיא קליידער ווערען דורכגעווייקט. אין קירכע ווערט דיא צערעמאניע אבגע׳פטר׳ט אין עטליכע ווערטער, און מען לויפט ווייטער צום בית עוכם.

דער בית עולם ליגט זעהר ווייט, אונטער דיא פעסטונגען. ענדליך קומען זיי אָן. דער בית עולם איז א גרויסער פלאַץ ארומגעצאמט מיט מויערנע וועגד. דא וואקסט דאס ווילדע גראז און דיא אויסגעגראבענע ערד ליגט דא אין בערגלאך.

הינטען זעהט זיך א רייהע פון דינע פערדארטע בוימער, דיא שווארצע שטאטען פון דיא ביימער ווארפען און א מרה שחורה אויפ'ן הימעל.

לאנג:אם ציהט זיך דער צוג איבער דער פייכטער ערד. עס האט אוננעהויבען צו רעגענען שטארק און זיי מוזען אונטער'ן שטארקען גוס רעגען שטעהן א היבשע צייט און ווארטען אויפ'ן נ:ח. ווען עס גיסט זיך ניט אזוי ניך ארויסצוקומען פון דעם קליינעם קלויסטער. שארלאט ווערט אין דעם קהלש'ען ארימען קבר געפינען זיין רוה.

דער בית עולם איז פערזייעט מיט קרייצען, וואס דער ווינד האט אוננעוואָרפען, און מיט פערפוילטע קרענצלאך. א פעלד פון עלענד און פון טרויער, דא ליגען בענראבען דיא אונצאהליגע לייכען, וואס דער הונגער און קעלט, וועלכע הערשען אין דיא קווארטאלען פון דיא ארבייטער, האבען אריינגעווארפען אין א פריהען קבר.

עס איז נעענדיגט. דיא ערד צוקריכט כמעט פאר פייכטקייט. שארלאט ליגט אין זיין קבר, און דיא ארעמע עלטערן קענען זיך אפילו ניט אויסשפרייטען אויפ'ן קבר איבער דער טיעפער בלאָטע, אין וועלכע זיי ווערען אזוי אויך שיער ניט פערזונקען. אזוי וויא דער רעגען הערט ניט אויף צו גיסען און זיי ווייסען ניט, וויא זיך צו דערשלעפען א היים, שלאָגט מאריסא פאר זיינע פריינד און שכנות, זיי זאלען מיט איהם, אריין אין א נאָהענטען שיינק און טרינקען פאר דיא דריי פראַנק, וואס זיינען נאך איהם איבערגעבליבען פון דיא צעהן, וואס דיא צדקה חברה האט איהם צוגעשיקט. זיי זעצען זיך ארום א טיש, טרינקען אויס צוויי ליטער בראנפען און פערבייסען מיט קעז. דיא קאמעראדען פון זייער זייט קויפען אויך צוויי ליטער, און ווען דיא קאָמפאניע קעהרט זיך אום אין פאריז, איז זיא גאנץ גוט אויפגעראמט.



## V.

זשין לאַנאָר איז אלט זיבעציג יאָהר. געבאָ־ען געוואָרען איז ער אין א דאָרף, וואס איז בעשטאַנען פון הונדערט און פופציג איינוואוינער. איין מאל נאָר אין זיין לעבען איז ער געוועזן אין א שטעדטיל, וואס ליגט פופצעהן מייל פון דעם פלאַץ, וואו ער איז געבאָרען געוואָרען. נאר דאס איז געוועזן שוין א צייט, א צייט מיט יאהרען צוריק, ער איז נאך דאמאלס געוועזן א איננעל און קען זיך קוים אן דעם דערמאָנען. ער האט געהאט דריי קינדער, צוויי זיהן אנטואן און זשאָזעף און איין טאָכטער, קעטרין. דיא טאָכטער האט חתונה געהאט און נאכדעם וויא דער מאן איז איהר אָבגעשטארבען און האט איהר איבערגעלאָזט א קליין איננעל, זשעקווי־נעט, האט זיא זיך מיט איהם אומגעקעהרט צוריק צום פאטער. דיא פאמיליע ער־נערט זיך פון דיא פינף־זעקס מאָרגעס לאנד, וואס זיא בעזיצט. זיי האבען דערפון קוים גענוג אויף ברויט און אויף דיא נויטהיגסטע קליידונג. ווען זיי ערלויבען זיך א מאָל אין א שמחה א גלאז וויין, פאלט זיי עס דערנאָך באָקאָם. דאס דערפיל ליגט אין א טהאָל און איז ארומגערינגעלט מיט וועלדלאך און זעהט אויס וויא א קבר. זיי האבען ניט קיין קלויסטער, ווייל דיא געמיינדע איז צו ארעם. דער גלח פון צווייטען דאָרף קומט אריבער צו זיי און האלט פאר זיי זיינע דרשות, און אזוי וויא דער צווייטער דארף ליגט צוויי מייל ווייט, קומט ער נאר אריבער איין מאל אין א פאר וואכען. דיא הייזלאך האלב איינגעפאלענע, צוואנציג אין צאהל, שטעהען פאזע וועג. פאר דיא טהירען שפאצירען ארום היהנער און פיקען, וואס זיי דער־טאפען. ווען עס מאכט זיך א מאל, אז א פרעמדער געהט דורך פערביי דיעם דארף, שטעקען דיא פרויען ארויס דיא קעפ פון דיא פענסטער, און דיא קליינע קינדער, וואס ווארעמען זיך אין דרויסען פאר דער זון, צו לויפען זיך וויא צו שראקענע גענז.

זשין לאנ:ר איז קיין מאל ניט געוועזן קראנק. ער איז אויך און שטארק וויא א דעמב. דיא זון האט איהם אויסגעטריקענט און זיין הויט איז פערדאָרט. אויף דיער עלטער האט ער פערלוירען דיא שפראך. ער רעדט ניט מעהר, ווייל ער גיפינט עס פאר אונגוצליך. געהן געהט ער מיט לאנגע און פעסטע טריט.

לעצטעס יאהר איז ער געווען נאך שטארקער פון זיינע זיהן. שוויינענדיג בע־
זארגט ער דיא גרעבסטע ארבייט אויף זיין פעלד. דיא ערד שיינט איהם צו קענען
און האט פאר איהם וויא מורא. נאר מיט א פאר מאנאט צוריק האבען זיך זיינע
גלידער פלוצים אבגעזאגט צו דיענען איהם; צוויי שטונדען לאנג איז ער אויפ'ן
פעלד געבליבען ליגען וויא א אונטערגעהאקטער בוים. אויפ'ן צווייטען טאג האט
ער זיך ווידער געוואלט נעהמען צו דער ארבייט, נאר זיינע הענד זיינען געווען צו
שוואך און דיא ערד האט זיך אבגעזאגט צו פאלגען איהם; זיינע זיהן האבען זע־
שאקעלט מיט דיא קעפ, זיין טאכטער האט איהם געוואלט אבהאלטען אין דער
היים, נאר אזוי וויא ער האט זיך איינגעשפארט, האט מען מיט איהם מיטגעשיקט
זשעקווינעט אלס א בעגלייטער מען האט דעם קינד אנגעזאגט, אז ער זאל מאכען
קולות, ווען דער זיידע וועט אנידערפאלען.

— וואס ווילסטו, דוא מוינעניכטס? פרעגט דער זיידע דעם איינקעל, ווען
ער זעהט, אז ער נעהט איהם נאך טריט פאר טריט. אין דיין עלטער האב איך
שוין פערדיענט מיין ברויט.

— זיידע, איך גיב אויף דיר אכטונג, האט דער איינקעל געענטפערט.

דעם קינד'ס ענטפער האט איהם געגעבען א שטאך אין הארצען, און ער
האט מעהר גאר נים געזאגט.

אין אבענד האט ער זיך אניעדערגעלייגט און איז מעהר נים אויפגעשטאנען.
ווען דיא זיהן און דיא טאכטער האבען זיך ארויסגעקליבען אויפ'ן צווייטען טאג צו
געהן אין פעלד, האבען זיי פריהער א קוק געטהאן צום פאטער, בעמערקענדיג אז
ער איז נאך נים אויפגעשטאנען. זייא האבען איהם געפונען אין בעט מיט א פער־
קלערטע מינע.

— נו, פאטער, דוא קענסט נים אויפשטעהן?

ער האט עפעס א מורמעל געטהאן און א שאקעל געמהאן מיט'ן קאפ.

— דוא קענסט נים געהן מיט אונז? אויב אזוי וועלען מיר מוזען געהן
אהן דיר.

ער האט געמאכט א צייכען, אז זיי זאלען געהן אליין אהן איהם.

עס האט זיך אנגעהויבען שנים־צייט. הענד זיינען נויטהיג, וויא דאס לעבען
א שטארקער ווינד קען אויסשיטען דיא זאנגען, מען טאר נים פערשפעטיגען איין
האלבען טאג. אפילו זשאקווינעט געהט העלפען זיין מוטער און פעטערס אין פעלד
דער אלטער לאקאר בלייבט אליין. פארנאכט ווען דיא קינדער קומען צוריק א היים

לינט ער נאך אלץ אויפ׳ן זעלבען פלאץ אויפ׳ן רוקען און מיט יער זעלבער פער־קלערטער מינע.

— פיהלסטו זיך נים בעסער, פאטער?

ניין, ער פיהלט זיך נים בעסער; ער מורמעלט עפעס און שאקעלט מיט׳ן קאפ.

וואס קען מען פאר איהם קאכען? קעטרען דענקט, אז ווייץ מיט קרייטיכער וואלט געווען א גוטער מאכל; אבער דאס וועט זיין צו שטארק, און דאס קען איהם נאך אוועק׳הרג׳ענען. יאזעף זאגט, מען זאל אבווארטען ביז מארגען, און אלע געהן שלאפען.

אויפ׳ן צווייטען טאג פערבלייבען דיא זיהן מיט דער טאכטער א פאר מינוט שטעהן נעבען בעט, איידער זיי געהן אוועק צו דער ארבייט. דער אלטער איז קראנק, אין דעם קען קיין צווייפעל נים זיין. מען האט בעדארפט רופען א דאקטאר און נים אבליינען, נאר ביז דעם נאהענטסטען שטעדטעל, וואו א דאקטאר געפינט זיך, איז זעהר ווייט, זעקס מייל אהין און זעקס מייל צוריק, גאנצע צוועלף מייל, מען וועט דערביי פערלירען א גאנצען טאג. דער אלטער הערט זיך צו, וואס דיא קינדער ריי־דען, הויבט זיך אן צו ריהרען און שיינט צו ווערען בייז.

ער דארף נים קיין דאקטאר און מען דארף אומזיסט קיין געלד נים אויס־געבען.

— דוא ווילסט נים קיין דאקטאר? אויב אזוי געהען מיר צוריק צו דער ארבייט.

און זיי געהן אוועק צו דער ארבייט. מיט זייער פערבלייבען וועלען זיי נאר נים קענען העלפען. אזוי פערגעהען דריי טעג. דיא קינדער געהען יעדען טאג אין פעלד אריין. זשין ריהרט זיך נים, און טרינקט נאר, ווען ער איז דארשטיג פון א קרוג, וואס שטעהט נעבען בעט. ער איז וויא יענער אלטער פערד, וואס לייגט זיך אנידער פאר מידיגקייט אין א ווינקעל און מען לאזט איהם רוהיג פגר׳ען. ער האט זעכציג יאהר שווער געארבייט, איצט דארף ער שטארבען, ווייל ער קען שוין מעהר קיין נוצען נים ברייננגען. ער פערנעהמט נאר אן אומזיסטען פלאץ און שטעהט דיא ארומיגע אין וועג.

דיא קינדער האבען פיעל קלעמענים נים איינגענומען. עס קומט זיי אויס צו פיעל און צו אפט צו האבען צו טהאן מיט דער ערד, אום צו ווערען אויף אייחר אין בעם, וואס זיא וויל זייער פאטער צוריק צונעהמען.

אין דער פריה א בליק, ביי נאכט א בליק און דאס איז אלץ, וואס זיי קענען

טהאן פאר איהם. ווען דער פאטער זאל זיך נאך אמאל אויפהויבען פון בעט, וועט עס זיין א סימן, אז ער האט זעהר א שטארקע נאטור. וועט ער שטארבען? איז איהם מכתמא דער טוידט געווען בעשערט. דערצו וועט שוין גאר ניט העלפען, ניט קיין געבעטע און ניט קיין רפואות. וואס בעשערט איז בעווערט.

ביי נאכט פרעגט זשין דיא קינדער מיט א בליק, וואו האלט עס מיט׳ן שניידען. הערענדיג, וויא זיי ציילען דיא נארבען און וויא זיי ריידען פון שעהנעם וועטער וואס האט געטהאן א גרויסע טובה דיא ארבייט, ווערען זיינע אויגען אָנגענאָסען מיט א הערצליכע פרייד. מען רעדט נאך אמאל ועגען א דאקטאר, נאר דער אלטער ווערט דערפון אזוי בייז, אז זיי הערען אויף וועגען דעם צו דענקען, מורא האבענדיג, אז זיי וועלען גיכער דערהרג׳ענען, ווען זיי וועלען נעהן נעגען זיין ווילען. ער פערלאנגט נאר צו זעהן זיינעם א אמאָליגען חבר, וואס איז בעשעפטיגט אלס פעלדוועכטער.

דער אלטער ניקאָלא איז עלטער פון איהם, ער איז שוין אריבער פינף און זיבעציג, נאר ער איז נאך שלאנק וויא א פאפעל בוים.

ער קומט געוואר ווערען און זעצט זיך אניעדער נעבען זשינ׳ס בעט מיט אן ערנסטער מינע. זשין רעדט ניט מיט איהם קיין וואָרט, ער קוקט איהם נאָר אָן מיט זיינע בלויליכע אויגען. דער אלטער ניקאלא פון זיין זייט בעטראכט איהם אויך און רעדט אויך ניט קיין ווארט. דיא ביידע זקנים זיצען א שעה לאנג איינער נעבען צווייטען, רעדען ניט ארויס א ווארט און זיינען גליקליך, וואס זייא זעהען זיך נאך אמאל. אהן צווייפעל, דערמאנען זיי זיך, אזוי זיצענדיג, אן לאנג פערגאנגענע זאכען פון זייער יוגענד.

ווען דיא קינדער קעהרען זיך פאר נאכט אום פון שנידט. נעפינען זיי איהם ליענען אויפ׳ן רוקען שטייף, מיט אויסגעלאָשענע אויגען.

יא, דער אלטער איז טוידט, ער ריהרט מעהר ניט מיט קיין גליעד. וויא דיא חיות, וואס ליינען זיך אנידער, ווען זייער סוף קומט, און לאזען ארויס זייער לעצטען אטהעם, אזוי איז ער אויסגעגאנגען און האט קיינעם ניט געשטערט.

— דער פאטער איז טוידט! זאגט יאזעף און רופט דעם ברודער און שוועסטער.

און קעטרין, אנטואן און זשאקווין ווידערהאלען

— דער פאטער איז טוידט!

דאס וואונדערט זיי ניט. זשאקווין שטרעקט אויס ניינעריג. זיין האלז, קעטרין טראָגט צו א טיכעל צו דיא אויגען, ביידע זיהן געהן ארום הין און הער מיט אן

ערנסטע מינע. דער פאָטער איז דאָך געווען א גבור א מענש, און דער געדאנק טרייסט דיא קינדער און זיי זיינען שטאָלץ מיט דעם.

זיי וואַרטען ביז עלף א זייגער און דאן לעגען זיך אלע שלאָפען.

זשאן לינט ווידער אליין מיט זיין ערנסטע געזיכט און מיט דער פערקלער־טער מינע.

אין דער פריה איז יאָזעף אוועק אין צווייטען דאָרף, אים צו געבען צו וויסען דעם גלח. אנטואן און קעטרין זיינען אוועק אין פעלד צו נויפנעהמען דיא גארבען, וועלכע מען טאָר ניט לאָזען ליגען אין פעלד. זיי האבען איבערגעלאָזט אין שטוב זשאקווינעט, ער זאל היטען דעם טוידטען. אבער איהם איז זעהר אומעדיג מיט'ן זיידען, וועלכער וויל זיך ניט א ריהר טהאָן. ער לויפט ארויס אלע ווייל'ע אין גאס, ווארפט שטיינער אויף דיא פויגעלאך און הערט זיך צו, וויא הוזירער (פעדלער) וויל איינשטעסען צוויי שכנות, זיי זאלען קויפען ביי איהם דיא שאַלען, וואס ער שפרייט פאר זיי אויס. פלוצים דערמאָנט זיך דער קליינער אן דעם זיידען און לויפט געשווינד צוריק אין שטוב. ער געפינט, אז דער אלטער האט זיך נאך ניט גערירהט און ער לויפט ווידער ארויס אין גאס און קוקט זיך צו, וויא צוויי הינד בייסען זיך.

אזוי וויא ער האט דיא טהיר געלאָזט אָפען, זיינען דיא היהנער אריין אין שטוב, און שפאצירען ארום רוהיג און פיקען דיא ברעקלאך פון דער פאָדלאָגע. א רויטער האָהן ציהט זיך אויס אויף זיינע פיס, שמרעקט אויס דאס האלז און ווארפט א אונרוהיגען בליק אויף דיא לייכע, וועמעס אנוועזענהייט איז איהם זעהר קשה. ער איז א קלוגער און פערשטענדינער האָהן און ווייס ווארשיינליך, אז דער אל־טער איז ניט אומזיסט געבליבען ליגען אין בעט, ווען עס איז שוין טאָג. ער לאָזט ענדליך ארויס א דומפען קרויה, וועהרענד דיא היהנער לאָזען זיך, פיקינדיג אויף דער ערד, געהן צו דער טהיר.

דער גלח קען פאר פינף א זייגער ניט קומען.

פון פריה הערט מען, וויא דער טישלער זעגט האָלץ און שלאָגט אריין נעגעל.

אנטואן און קעטרין זיינען צוריק געקומען א היים, ווייל דאס שניידען האט זיך שוין געענדיגט. זיי קענען זיך ניט בעקלאָגען, ווייל צייט צעהן יאָהר איז נאך אזא גערעטעניש ניט געוועזן.

דיא גאנצע פאמיליע וואַרט אויפ'ן גלח; דער ווייל גרייט מען צו דאס עס־סען; קעטרין שטעלט צו דאס טעפעל צ ם פייער, יאָזעף געהט אָנשעפען וואססער און זיי שיקען זשאקווין אויפ'ן בית עולם נאכצופרעגען צו דער קבר איז שוין פאר־

טת. זעקס א זיינער קומט ענדליך דער גלח. ער קומט צו פאָהרען אויף א וואָגען און האט מיט זיך א איינגעל, וואס דארף איהם דיננען אלס מיטהעלפער. ער שטייגט ארויס פון וואָגען נעבען דער טהיר פון דעם פערשטאָרבענעם, נעהמט ארויס זיינע קירכען קליידער פון דער צייטונג, און וועלכע ער האלט זיי איינגעוויקעלט און ביים אָנטהאָן זיי, זאָגט ער:

— מאכט עס גיכער, זיבען א זייגער מוז איך זיין צוריק.

נאר קיינער איילט זיך ניט. מען דארף פריהער אריינרופען דיא צוויי שכנים, וואָס וועלען דארפען טראָגען דעם טוידטען. ווען מען איז שוין גרויט צום נעהן, קומט זשאקווינעט צו לויפען און שרייט פון דערווייטען, אז דער קבר איז נאך נים און נאנצען פארטיג, נאר מען קען שוין נעהן.

דער גלח נעהמט פאָראוים און לייענט אויף ליטיין פון א בוך.

זיין מיטהעלפער, וואס נעהט איהם נאָך, טראָגט א קופערנעם קעסעלע מיט'ן הייליגען וואסער.

דיא פאמיליע נעהט הינטער דעם ארון. אלע ווייבע קומען צו זיי צו נייע ראַפּס־לייט און נעהען מיט צו דער לויה. דעם צוג שליסען א מחנה איינגלאך אהן היטלען און אין צופליקטע און פערשמירטע העמדלאך

דער בית עולם געפינט זיך אויפ'ן צווייטען עק פון דאָרף.

דיא טרענער שטעלען דעם ארון אב דריי מאָל. דער צוג בלייבט שטעהן און רוהט אב, און דאן נעהט מען ווייטער און עס הערט זיך נאר דאס קלאַפּען פון דיא שיך איבער דער הארטער ערד. ווען מען דערגרויכט ענדליך דעם בית עולם, איז דער קבר נאך אלץ נים פארטיג. דער קברן שטעהט נאך אינעווייניג און מען זעהט, וויא זיין קאָפּ ווערט דא פערשוואונדען און דא בעווייזט זיך ווידער מיט יע־דער לאפעטע ערד.

א איינפאכער צאם רינגעלט ארום דעם בית עולם. עס וואקסען דאָרטען א סך יאגדעס און אין מאָנאט סעפטעמבער פערקלייבען זיך אהער דיא קינדער אבענ־ציים און רייסען דיא יאגדעס. פון דערווייטענס זעהט זיך א בארען בוים, וועלכער איז גרויס וויא א דעמב. הינטער דיא שאָטענדיגע בוימער פערקלייבען זיך דיא אלטע לייט אין דיא זומערדיגע אבענדען און רויכערען דא זייערע לולקעס. דיא זון ברענט. דיא זומער פויגעלאך און קאלירענרע פליגען זשימען ארום אין דער לופט.

דעם מת האט מען אנידערגעשטעלט נעבען קבר. דעם גלח'ס מיטהעלפער האט דעם צלם, וואס ער האט געטראָגען דעם גאנצען וועג, אנידערגעליינט דעם

טוידטען צו פוסענס. דער גלח שטעהט ביים צוקאָפּענס און לייענט ווייטער פון בוך. נאר דיא אנוועזענדע אינטערעסירען זיך מעהר מיט דער ארבייט פון דעם קברן.

זיי שטעהען ארום קבר און קוקען צו, וויא ער ווארפט מיט דער לאָפּעטע דיא ערד. ווען זיי קוקען זיך ענדליך ארום, איז שוין דער גלח מיט זיין מיטהעלפער ניטא; דיא פאמיליע איז נאך דא און ווארט נעדולדיג.

ענדליך איז דער קבר פארטיג.

איינער פון דיא פויערים, וואס האט געטראָגען דיא לייכע, האט אריינגע־קוקט אין גרוב און בעמערקט:

— טיעף גענוג!

אלע העלפען אראבצולאָזען דעם מת אין קבר. דער אלטער לאבאָר ווער זיך דא אונטען גאנץ גוט פיהלען. ער קען דיא ערד און דיא ערד קען איהם, זיי וועלען איינער מיט'ן צווייטען גוט אויסקומען.

דיא קינדער זיינען צוגעקומען נעהענטער. און יעדער פון זיי האט ארויפגע־שאָטען א לאָפּעטע ערד אויפ'ן קבר.

זשאקווינעט האט דערווייל אנגעריסען א בינטעל בלומען און ווארפט זיי אויף אריין אינעווייניג. דאן קעהרט זיך אום דיא פאמיליע אהיים און עסט רוהיג דעם זופ. דיא בהמות קומען צוריק פון פעלד און דיא זון פערגעהט. א ווארעמע לופט פערשפרייט זיך איבער'ן דאָרף.



# דעם נלח׳ים מפלת.

מאריוס, דער יונגער בוכהאלטער פון דעם קויפמאן מארטעל איז נאך א דריי וואכינער שווערער קראנקהייט געקומען ענדליך אין קאנטאר. ער איז נאך שוואך און בלאס נאר ער פיהלט זיך, וויא נאך א שווערער קרענק און פיהלט זיך גליקליך, וואס ער קען אטהעמען דיא פרישע לופט. דאס צימער, אין וועלכען ער האט אזוי לאנג געארבייט, פערשאפט איהם פריידי זיין פולט, זיין שטוהל, זיין טינט און פעדער ערשיינען איהם וויא אלטע גוטע פריינד, וועלכע ער האט שוין א צייט ניט געזעהן. ער איז געווען זעהר נאהענט צום טוידט און דער פערלאנג צום לעבען בעוועגט זיך אין איהם זעהר שטארק. ער זעצט זיך אויף זיין שטוהל, ציהט זיך אויס און לאזט ארויס א זיפץ פון ערלייכטערונג:

— אח, וויא גוט און וויא אנגענעהם איז דאס לעבען.

דאס צימער, אין וועלכען ער ארבייט, לינט גראדע נעבען דעם פרינצפיאל׳ס און ווערט בלויז מיט א קארידאר אבגעטהיילט פון דער פריוואט וואוינונג, וואו דיא גאנצע ווירטהין איז דעם פרינציפאלס יונגע שוועסטער, קלארא. צייטענווייז האבען דיא בעזוכער א טעות און קלאפען צו מאריוס אין טהיר אנשטאט צו קלאפעןביים פרינציפאל. גלייך וויא ער האט זיך געוואלט נעהמען צו דער ארבייט האט צוויי מאל א שטילער קלאפ געטהאן אין טהיר.

— העריין!

אין טהיר האט זיך בעוויזען א יונגער מאן מיט א גלאט ראזירטע געזיכט און א לאנגען אויבער ראק. זיין עזות׳דיגע מינע האט בעוויזען, אז ער איז א בע-דינטער אין א קירכע

— קען איך זעהן פריילין קלארא מארטעל?

מאריוס האט ניט גלייך געענטפערט. ער האט א מינוט צייט בעטראכט דעם יונגען מאן.

דער דיענער האט דערווייל ארויסגעצויגען פון קעשענע א געבעט בוך, וואס איז געלעגען אין א שיידעל.

— איך האב איהר דא געבראכט, האט ער געזאגט אין דער שטיל, איהר געבעט־בוך, וואס זיא האט געבטען פערגעסען אין מתודה צימער (בייכט צימער).

מאריוס האט זיך דער ווייל דערמאנט, אז דער יונגער מאן דיענט ביים גלח דאנאדרער, וועלכער איז דער נשמה־זארגער פון זיין פרינציפאל׳ס יונגע שוועסטער.

— האט אייך אהער געשיקט העררד דאנאדרער? ניט אמת?

— יא, האט געענטפערט דער דיענער מיט א שוואכע שטימע.

— זעהר גוט; גיט מיר דאס געבעט־בוך, און איך וועל עס איבערגעבען פריילין קלארא.

— דער פאטער האט מיר אנגעזאגט, אז איך זאל עס איבערגעבען דער פריילין אין דיא הענד אריין.

— איך וועל איהר באלד איבערגעבען. פיל־לייכט איז זיא נאך ניט אויפגע־שטאנען און איהר קענט איהר נאך שטערן.

— פערשפרעכט איהר מיר דאס געבעט־בוך גלייך איבערצוגעבען?

— געוויס.

— אויב אזוי זייט אזוי גוט און זאגט דער פריילין, אז דער פאטער האט דאס געבעט־בוך געפונען גלייך נאך איהר אוועקגעהן, און ער האט מיר אנגעזאגט, אז איך זאל עס איהר צוריקברענגען.... דער פאטער לאזט גריסען דיא פריילין.

— איך וועל איהר דאס אלעס זאגען, איהר קענט זיך אויף מיר פערלאזען.

דער דיענער האט דאס בוך אנידערגעלייגט אויפ׳ן טיש און האט זיך טיעף פערנייגט. ווען ער האט געעפענט דיא טהיר, איז ער א רגע געבליבען שטעהן און עס איז געוועזען קענטיג, אז ער האט א ישוב הדעת, נאר ענדליך האט ער זיך בע־טראכט און איז אוועקגעגאנגען.

נאך זיין אוועקגעהן איז מאריוס געבליבען א פערוואונדערטער. פאר וואס האט דער דיענער דוקא געוואלט איבערגעבען דאס בוך נאר דער פריילין אליין אין דיא הענד. דערווייל האט זיך מאריוס דערמאנט אן דיא פערליעבטע בליקען, וועלכע ער האט בעמערקט, וויא דער יונגער איטאליענישער פריסטער האט געווארפען אויף זיין פרינציפאל׳ס שוועסטער. ער האט שוין וועגען דעם פריסטער, וואס איז געוועזען דער ליעבלינג פון דיא מארסיילער דאמען, געהערט פילע מאוסע זאכען. ער איז געגאנגען שעהן געקליידעט, האט געלעבט רייך און האט זיך ניט געקימערט וועגען זיינע פארגעזעצטע, ווייל ער איז געשטאנען אונטער׳ן שוץ פון זיינעם א פעטער, וואס איז געוועזען קארדינאל אין רוים און וואס האט זעהר ליעב געהאט זיין עלענאד־

טען פּלימעניק. מאַריום האט נעקוקט אויפ'ן בוך, אזוי, פאַרדערענדיג פון איהם אַן ערקלערונג.

ניט ווילענדיג האט ער דאס בוך ארויסגענומען פון שיידעל און האט עס בעד־קוקט פון אַלע זייטען דאס בוך איז געווען מיט זילבער בעשלאָגענע עקען און אין זעהר א רייכען איינבונד. אויפ'ן טאָוועל זיינען געשטאַנען דיא ראַשי תבות פון קלאַראַ'ס נאַמען און פאַמיליע.

דרעהענדיג דאס בוך אין דיא הענט, האט מאַריום פּלוצים בעמערקט, וויא פון דיא בלעטער שטעקט עפּעס ארויס א שטיקעלע ראָזע־פּאַפּיר. איהם האט אנגע־כאַפּט אזא נייגיערדע, וועלכע ער האט זיך קיין מאל ניט געקענט ערקלערען, און ער האט אויפגעעפענט דאס בוך און דערזעהן א ראָזע־פּאַפּיר אויפגעלייגט אין פּיע־רען. פון פּאַפּיר האט זיך געהערט א פּערפיום. ער האט שוין געוואָלט דאס פּאַ־פּיר צוריק אריינלייגען, ערסט ער האט בעמערקט אויף איהם א קרייץ און דעם בוכשטאַב ד. ער האט ווייטער ניט געטראַכט און אויפגעעפענט דאס צעטעלע. ער האט געלעזען פאָלגענדעס:

„ליעבע זעעלע.

„איהר, וועמעס זעעלע נאָך האט מיר אנגעטרויט, הערט אויס דעם פאַר־שלאַג, וואס איך מאַך אייך פאַר אייער אויבּיגען גליק. איך האָב ניט געוואָלט מיין פאַרשלאַג מיגדליך צו מאַכען, ווייל איך האָב מורא געהאַט פאַר דיא ערגענונג, וואס אייער פרומע זעעלע קען אין מיר ארויסרופען.

„איהר טאָרט לענגער ניט פערבלייבען אין דעם הויז פון אייער ברודער. זיין הויז איז דאס אָרט פון זינד־ אייער ברודער האט פערגעסען דאס גלויבען פון זיינע עלטערן, און האט זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען דעם שטן אין דיא הענד. קומט מיט מיר. מיר וועלען זיך פערבאָרגען אין אן איינזאַמען אָרט, און איך וועל אייך איבערגעבען אין גאָט'ס הענד.

„פּיעלייכט האבען מיינע טרערען און מיין ציטערען אייך ענדעקט דאס געהיימ־ניס פון מיין הערצען. איך ליעב אייך, וויא דיא הייליגע קירכע, אונזער מוטער האט ליעב דיא אונשולדיגע נשמות, וואס קומען צו איהר. איך טרוים פון אייך יעדע נאַכט. איך זעה אונז ארומגענומען אין א הימלישער אומאַרמונג, און מיר שטייגען ביידע אין הימעל אריין און טהיילען אויס איינער דעם צווייטען מלאכים־קוסען.

„געהט ניט דאנקען גאָטעס שטימע! עס איז פאַראַן א העכערע רעליגיאָן, וואס מיר פערדינען ניט צום געזוואונליכען פאָלק. דיזע רעליגיאָן פעראייניגט גאָטעס בענשעפּעניסען אין פאַר־וויין. זיא בעשאַפט מאַן און ווייב און ניט קיין מאַרטירער.

„נעדענקט דיא אונטערהאלטוננען, וואס מיר האבען געהאט. זאגט זיך אליין, אז איך האב אייך ליעב און געהט מיר נאך; איך ערווארט אייך ביי זיך. איך האב בעשטעלט א פאסט-קארטע, וואס ווארט אויף אונז אין א נאהענטע גאס.“

ווען מאריוס האט דעם בריעף איבערגעלייענט, איז ער געבליבען שטעהן פער־בליפט. פאטער דאנאדרע, שלאגט פאר אין דיא בריעף זיין פרינציפאל׳ס שוועסטער, דיא זאל מיט איהם אנטלויפען. אמת, דער בריעף שמעקט מיט ווייראך, פונקט וויא ער וואלט מיט דעם געוואלט פערדענקען דעם שענדליכען זין, נאר דיא פאסט־קארטע איז דא, און אפילו דער פאטער האט פאר דעם ניט געקענט געפינען עפעס א זיס רעליגיעזען ווארט. איין זאך האט איהם געוואונדערט. וויא אזוי דער ליסטינער איטאליענישער פאטער, איז געווען אזוי אונפארזיכטיג. ער האט נאר געקענט ערקלערען מיט דעם, אז דער פאטער איז ווירקליך פערליעבט.

מאריוס האט נאך א מאל איבערגעלייענט דעם בריף און האט זיך געפרעגט, וואס זאל ער דא טהאן. ער איז געווען אזוי בעז, אז ער וואלט דעם פאטער צורי־סען אויף שטיקער. איין זאך איז איהם געווען קלאר, אז זיין גוטען פרינציפאל׳ס שוועסטער דארף דער פון קיין רעה ניט ארויסקומען. ווער ווייס, וואס דארטען אין דעם פינסטערן, קליינעם מתודה-שטיבעל איז פארגעקומען. אפשר איז שוין צו שפעט? אפשר איז שוין דאס אונשולדיגע מיידעל געפאלען אלס אפפער פון דעם פערפלוכטען פריסטער? איידער ער וועט דעם גלח געבען א קלאפ, דארף ער ווי־סען, צו דער קלאפ וועט איהר ניט שאדען. פאר קיין פאל וועט ער ניט מאכען א סקאנדאל, וואס זאל זיין א טוידט קלאפ פאר העררר מארטעל.

ענדליך האט ער זיך בעשלאסען צו בעשטראפען דעם פאטער אויף א מאד־נעם אופן. ער האט דאס געבעט-בוך גענומען אין דיא הענד און איז צ׳טערנדיג אריין צו פריילין קלארא אין צימער מיט דער איבערציינונג, אז ער וועט אויף איהר געזיכט דערקענען, וויא זיא האלט מיט׳ן פריסטער.

קלארא מארטעל איז געווען א שעהנע שלאנקע מיידעל, דריי און צוואנציג יאהר אלט. א שרעקליכער צופאל האט איהר געמאכט זעהר פרום. זיא איז יונג פער׳קנס׳ט געווארען מיט א יונגען מאן, װעלכער איז א פאר טעג פאר דער חתונה דערטרונקען געווארען. דיא פערצווייפלונג האט איהר געמאכט פרום; בים־לעכווייז האט זיא זיך צוגעוואוינט צו געהן אין דיא קירכען און דיא אנגעזאנפטע לופט מיט ווייראך און דער שטילער מורמעל פון דיא פריסטער האבען איהר וויא פער׳שכור׳ט. זיא איז ניט געווארען פאנאטיש, זיא האט נאר געפונען א טרייסט אין רעליגיאן. עס קען זיין, אז מיט דער צייט וועט דיא שכרות ביי איהר אריבער־

געהן, און ביי איהר וועט זיך עפענען ווידער א ליעבע צום געזעלשאפטליכען לעבען. דערווייל אבער האט זיא נאר געפונען א פערגעניגען אין דער שטילקייט פון דער היים און אין גלויבען. זיא האט באזוכט ארימע און האט געטהיילט פיעל צדקה. איהר ברודער איז געווען א פריידענקער און א רעפובליקאנער נאר ער איז געווען גענוג טאָלעראנט און געלאזט איהר טהאן, וואס זיא וויל. ער האט נאר געזעהן, אז איהרע אינטערעסען זאָלען ניט ליידען און איהר זאל קיין שלעכטס געשעהן

מאריוס האט דיא פריילין געטראָפען אין א קליינעם זאל, וויא זיא פלעגט פערברענגען גאנצע טעג אין נייהען קינדישע וועש, וואס זיא פלעגט דערנאך צו־טהיילען צווישען ארימע פרויען. דאס יונגע מיידעל האט גוט געקענט דעם בוכ־האַלטער און האט איהם שטענדיג בעהאנדעלט וויא א פאמיליען־פריינד. דער פרינציפאל פלעגט אָפט מיטנעהמען מאריוס'ן אויף זיין גוט, וואו ער האט זיך גוט בעפריינדעט מיט קלארא. נטע הערצער דערקענען זיך לייכט און ווערען זעהר ניך נאָהענט.

ביי זיין אריינקומען האט זיך קלארא אויפגעהויבען און איז איהם אנטקעגען געגאנגען מיט אן אויסגעשטרעקטע האנד.

— דאס זייט איהר, מאריוס ! האט זיא געזאגט פריינדליך, ענדליך זייט איהר געזונד געוואָרען ! גאָט האט צוגעהערט מיין תפלה.

דער יונגער מאן האט זיך זעהר דערפרייט מיט דעם ווארעמען עמפפאנג און האט איהר אריינגעקוקט אין דיא אויגען. ער האט אבער דאָרטען נאר געזעהן א טיעפע, אונשולדיגע רוה. ער האט דערפיהלט, וויא מען וואלט פון איהם ארונטער־גענומען א שווערע לאסט. איהר פעסטער, אָפענער בליק האט איהם געמאכט פאָל־שטענדיג רוהיג.

— איך דאנק אייך, האט ער געענטפערט. איך בין אבער נים געקומען צו וויזען זיך א געזונטער.

ער האט איהר דערלאַנגט דאס געבעט בוך און האט ווייטער געזאָגט :

— דא האט איהר אייער געבעט־בוך. איהר האט עס ווארשיינליך געבליבען פערגעסען איז קירכע.

— אה, יא ! האט דאס מיידעל געענטפערט. איך האב נאר וואס געוואָלט שיקען נאך דעם. וויא קומט עס אין אייערע הענד ?

— דעם פאטער'ס דיענער האט עס ערסט געבראכט.

— דער קירכען־דיענער ?

— ניין דעם פאטער'ס דיענער.

קלאַרא האט ביי איהם דאס בוך צונענומען און רוהיג אנידערגעלייגט עס אויף א שטוהל. זיא האט דערביי ניט ארויסגעוויזען קיין שום עררעגונג.

מאריוס האט פון איהר דיא אויגען ניט אראבגענומען. ווען זיא זאל אין דער מינוט רויט געוואָרען, וואלט ער געפיהלט אז אלעס איז פערלאָרען.

— וויא דענקט איהר, מאריוס! האט זיך קלאַרא צו איהם געווענדעט און האט זיך אנידערגעזיצט. איהר קענט דעם פאטער קאסטאַניע?

— יא, האט מאריוס געענטפערט ערשטוינט.

— ער איז א אָרדענטליכער מאַן, ניט אמת?

— זעהר א אָרדענטליכער. דער עהרליכסטער פריסטער אין מארסייל. מיין ברודער האט איהם פאר מיר זעהר געלויבט, נאר, וויא איהר ווייסט, פערלאז איך זיך זעהר ווייניג אין רעליגיעזע זאכען אויף מיין ברודער.

זיא האָט ביי דיא ווערטער געשמייכעלט און מאריוס האט ניט געקענט פערשטעהן וואָס זיא מיינט מיט דעם.

— וויא איהר ווייסט, האָט זיא פאָרגעזעצט, איז מיין פריסטער ביז איצט געוועזען פאטער דאָנאָדער, אָבער ער איז צו יונג און דערצו א לייכטזיניגער איטאַליענער. ער איז ניט פאַר מיר. דער פאטער קאָסטאַניע איז אין געגענטהייל זעהר אַן אלטער מאַן און שיינט צו זיין דאס, וואס א פריסטער דארף זיין. פון מאָרגען אָן גיב איך איהם איבער דיא לייטונג פון מיין געוויסען.

מאריוס איז געוועזען פערוואונדערט פון דיזע ערקלעהרונג. ער האָט גוט פערשטאַנען, אז שולדיג אין דעם איז געוועזען דעם פריסטער'ס אויפפיהרונג. איין זאך איז אָבער איהם געוועזען קלאָר, אז זיא האָט ניט פאר וואָס רויט צו ווערען.

מאריוס האָט דעם פריסטער'ס בריעף בעהאלטען ביי זיך. ער האָט זעהר גרינג געקענט ראַכע נעהמען פון דעם גלח, ווען ער וואָלט דעם בריעף אוועקגעשיקט צום בישאָף פון מארסייל, נאָר ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אז ער האָט א שטאַרקען צד, און דיא שטראָף וועט זיין א צו גרינגע. און דאַרום האט ער בעשלאָסען אָבצווארטענען זיך מיט איהם נאָר אויף אַן אנדער אופן. נאָר אליין אויספיהרען זיין פּלאַן האָט ער ניט געקענט און האָט דערצו געדאַרפט האָבען א גוטען פריינד. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין בעקאַנטען סאָווייר. סאָווייר איז געוועזען איינער פון יענע בעקאַנטע, וועלכע מען מיידעט צייטענווייז אויס, ווייל עס איז ניט זעהר אנגענעהם מען זאל ווערען געזעהן אין זייער געזעלשאפט. סאָווייר האָט זיך ארויפגעארבייט צו א גרויסען פערמעגען מיט זיינע אייגענע כחות. ער האָט געשטאַמט פון דיא נידריגסטע שיכטען פון מארסייל און האָט אין זיין פריהער יוגענד

איבערגעטאָן אלערליי ארבייט, ענדליך איז ער געוואָרען א פּאַקען־טרעגער און דאָן איז איהם געלונגען צו ווערען דיא רעכטע האנד פון זיין בעל הבית און מיט דער צייט צו ווערען א בעל הבית פאר זיך. איצט איז ער דער גרעסטער בעל הבית פון דיא פּאַקען טרעגער אין מארסייל און האָט גרויסע יעהרליכע איינקינפטע, מיט וועלכע ער וויים ניט וואס צו טהאָן: קיין פאמיליע האָט ער ניט און זיין גאווה בע־שטעהט אין דעם, צו מאכען דיא גאנצע שטאָדט ריידען פון איהם, פון זיינע פערד, פון זיינע געליעבטע. נאָר ביי אלעם דעם איז ער געוועזען ניט קיין שלעכטער מענש. אן דיזען סאָווייר האָט זיך מאריוס דערמאָנט און צו איהם האָט ער זיך בעשלאָ־סען צו ווענדען, ער זאָל איהם העלפען אויספיהרען זיין פּלאן געגען דעם פאָטער, און ער האָט גוט געוואוסט, אז ער וועט ניט קארגען קיין געלד און מיה, אום צו האָבען א ביסעל שפּאס און צו מאכען דיא שטאָדט ריידען פון זיך.

נאָך'ן פריהשטאק איז מאריוס צוריק אין קאנטאָר ניט געגאנגען. ער האָט זיך געלאָזט געהן איבער דיא קאפע הייזער אָבצוזוכען סאָווייר, נאָר ער האָט איהם ערגעץ ניט געטראָפען. ענדליך איז ער אוועק צו איהם אין געשעפט און האָט זיך אויף איהם נאָכגעפרעגט.

— אָ, ער וועט זיך ניט בעהאלטען! דאס איז ניט זיין געוואָהנהייט, האָט געענטפערט דער געשעפטס־פיהרער מיט א געלעכטער. ער געפינט זיך זיכער אין א רעסטאָראן אויפ'ן רעזערוו. איך קען האלטען א וועט, אז גאנץ מארסייל קוקט איצט אויף איהם.

מאריוס איז אוועק צום האפען, וואו ער האָט זיך אריינגעזעצט אין א קליי־נע שיפעל און האָט זיך געהייסען פיהרען צום רעזערוו.

ביים אנקומען אהין, נאָך איידער ער איז ארויף אויפ'ן ברעג, האָט ער שוין דערהערט סאָווייר'ס הויכען קול. דיא רעסטאָראנען אין רעזערוו זיינען אין הייזלאָך, אין ביידלאָך, וועלכע זיינען געבויט אין דעם העסליכסטען סטיל. ווען מען ניט א קוק אויף זייערע רייך בעפוצטע ווענד, דוכט זיך אויס, אז דער קלענסטער ווינד קען זיי אריינשמייסען אין ים אריין. סאָווייר האָט ליעב געהאט צו פערברייננגען דאָרטען, ווייל דיא פרייזען זיינען דאָרטען זעהר הויך און מען וואָרפט זיך יעדען אין דיא אויגען.

מאריוס האָט איהם גלייך געטראָפען. ער איז געזעסען אויף א טעראסע מיט צוויי אויסגעלאסענע מיידלאָך, קלאראָן און איזנארד, פון וועלכע ער איז דיא לעצ־טע צייט ניט אָבגעטראָטען. ער איז געוועזען איבערצייגט, אז עס זעהט פיעל שענ־

נער אוים, ווען מען שלעפּט זיך אַרום מיט צוויי פּרויען, אויף יעדען אָרם איינע. ער האָט פריילילך געמאכט דיא גאַנצע טעראַסע.

— בראַוואָ! בראַוואָ! האָט ער אויסגעשריען, דערזעהענדיג מאַריוס. מיר ווילען נאָך א מאָל פריהשטאַקען. מיר פריהשטאָקען שוין פון צוועלף א זייגער אָן. מיר האָבען געגעסען אויסטערס, פיש־זופּ....

ער האָט אויסגערעכענט א צעהן געריכטען און איז געוועזען שטאָלץ, וואָס ער האָט זיך פערדאָרבען דעם מאָגען.

— איז דאָ ניט שעהן?.... אמת דאָ איז אַלץ טהייער, אָבער דערפאַר איז דאָ פיין. וואָס ווילט איהר געניסען?

מאַריוס האָט זיך ענטשולדיגט דערמיט, וואָס עס שוין נאָך האַלבען טאָג, און ער האָט שוין לאַנג געפריהשטאַקט.

— אַך, וואָס רעדט איהר! מען קען שטענדיג עסען, האָט סאַוווייר געשריען. און ער איז געוועזען העכסט צופרידען וואָס מאַריוס האָט איהם געטראָפען אין אַזא פיינער געזעלשאַפט. מיר ווילען היינט עסען ביז שפּעט אין דער נאַכט....... עס וועט קאָסטען א סך געלד, נאָר מיר אַרט עס ניט. קלאַריאַן, מיין מיידעל, טרינק ניט אַזוי פיעל דווא וועסט נאָך שכור ווערען.

נאָר קלאַריאַן האָט זיך וועגען דעם ווייניג געקימערט און האָט זיך אַנגעגאָ־סען א גרויסע גלאָז שאַמפּאַניער. איבריגענס, זיא האָט ניט געהאַט פאַר וואָס מורא צו האָבען, ווייל זיא איז שוין לאַנג געוועזען שכור.

— אַך, נאָט מיינער! וויא דיא מיידלאַך מאַכען פריילילך! האָט סאַוווייר ווייטער גערעדט און האָט זיך גענומען פּאַכען מיט א סערוועטקע.

ער איז צוגעגאַנגען צום ראַנד פון דער טעראַסע און האָט זיך צושריען מיט אַזא קול, אַז אַלע פערבייגעהענדע האָבען זיך אָבגעשטעלט און אַרויפגעקוקט:

— איך האָב שוין א סך געלד אויף זיי אויסגעגעבען, נאָר מיר מהוט עס ניט באַנק, זיי זיינען עס ווערטה.

מאַריוס האָט זיך צו איהם צוגעבויגען און האָט איהם אין דער שטיל גע־זאָגט:

— ווילט איהר מאָרגען פערברייגגען א פריילליכען אָבענד?

— א פראַגע צו איך וויל! האָט סאַוווייר געענטפערט.

— אָבער דאָס וועט אייך קאָסטען געלד!

— צום שוואַרץ יאָהר.... וועט עס דען זיין פריילילך?

— זעהר. פאַר אייער געלד וועט איהר זיך געגוג אַנלאַכען.

— אויב אזוי נעהם איך עס אן.

— גאנץ מארסייל וועט זיך דערפון דערוויסען און אכט טאג לאנג וועט מען פון אייך רעדען.

— איך נעהם עס אן ! איך נעהם עס אן !

— אויב אזוי, הערט מיך גוט אויס.

מאריוס האָט זיך אנגעבויגען נעהנטער צו איהם און האָט איהם אויף'ן אויער דערצעהלט, וואָס ער וויל טהאָן.

דעם פאַק־טרעגער'ס געזיכט איז אלץ גרעסער געוואָרען און האָט ענד־ליך אויסגעבראָכען אין א הילכענדען געלעכטער. ער איז שיער ניט דערשטיקט געוואָרען פון לאכען, אזוי קאָמיש האָט איהם געקלונגען די געשיכטע.

— אזוי איז עס אָבגעמאכט, האָט ער געזאָגט, ווען ער איז געקומען צו זיך. איך וועל מאָרגען צעהן א זייגער אבענד װארטען אויף אייך אויף'ן בולוואר טים קלאריאָן. חא, חא, חא! וואס פאר א גומער שפאס דאס וועט זיין!

---

פאטער דאָנאדעער האָט זיך בעטראכט, נאכהער וויא זיין דיענער איז אוועק מיט'ן געבעט־בוך, איז ער בעגאנגען א נארעשקייט. ער האָט זיך ארומגעזעהן, אז ער איז געוועזן זעהר אונפאָרזיכטיג.

שוין א פאָר מאָנאטען וויא קלארא איז איהם ניט ארויס פון זינען, און איהם האָט גענומען א לאנגע צייט טראכטען ביז ער האָט בעשלאָסען די שטעלען אלעס אויף איין קאָרט. אָנפאנגען אן אינטריגע מיט איהר אין די [illegible] פון גאנץ מאר־סייל, האָט איהם געשיינט, איז אונמעגליך און ניט בעקוועם [illegible] און ווען דיא ליידענ־שאפטען האָבען זיך אין איהם צוברענט, האָט ער זיך ענדליך בעשלאָסען ניט צו אכטען, וואס ער קען פערלירען זיין איינפלוסרייכע שטעלונג און אָפען צו אנטלוי־פען מיט'ן מיידעל, וואס ער האָט ליעב, נאך איטאליען.

דאָנאדער איז געוועזן צו לוסטיג און פאלש. אז ער זאָל זיך ניט איבערלאָזען א הינטער־טהירל. ווען ער וועט מיט איהר זאט ווערען, וועט ער איהר גרינג קע־נען אריינשפארען אין א קלויסטער און ווידער געווינען חן ביי זיין פעטער דעם קארדינאל. ווייטער וועט שוין זיין נאר לייכט.

נאר ער האָט זיך געטראָפען טאמער וועט קלארא זיין פארשלאָגן ניט אנגע־

מען אָן דאַמאָלס וועט זיין בריעף ווערען אַ שרעקליכע וואפע געגען איהם; ער וועט דיא שטעלע פערלירען און וועט דאס מיידעל אויך ניט האָבען.

אויסער דעם האָט ער זיך נעשראָקען, אז ער איז פערקראָכען אַ ביסעל צו ווייט און האָט זיך אָבגעשניטען דעם וועג אהינטער. דיא גאנצע פארזיכטיגקייט און איבערלעגענהייט האָבען אין איהם פלוצים ערוואכט. ער האָט מיט גרויס אונגעדולד ערווארטעט זיין דיענער זאָל שוין קומען צוריק און וויא ער האָט איהם דערזעהן אין מהיר האָט ער איהם גלייך נעפרייגט:

— נו?

— איך האב דאס נעבעט־בוך אבגענעבען, האָט נעענטפערט דער דיענער.

— דער פריילין אין דיא הענד?

— יא.

דער דיענער האט דעם ענטפער געגעבען מיט א שטאָלצער בעשטימטהייט. אויף'ן וועג נאך האט ער זיך בעדענקט, אז ער האט נעמאכט א פעהלער, וואס ער האט דאס בוך איבערגעלאָזט אין פרעמדע הענד. נאָר אום ניט צו ערגערן דעם פאטער האט ער זיך בעשלאָסען צו זאגען א ליגען.

דאָנאָדער איז נאך דעם ענטפער א ביסעל רוהיגער געוואָרען. ער האט זיך בערעכענט, אז ווען קלארא וועט זיך געפינען בעליידיגט פון דעם בריעף, וועט זיא איהם אריינוווארפען אין פייער.

אויף מאָרגען איז צו איהם אין קירכע צוגעטראָטען א טיעף פערשלייערטע דאמע און איידער ער האט צייט נעהאט צו איהר זיך גוט צו צוקוקען, האט זיא איהם דערלאנגט א פערזיגעלטען בריעף און איז געשווינד אוועקגעגאנגען.

אין דעם בריעף זיינען נאָר געווען א פּאָר ווערטער: „יא, היינט אבענד.“

דאנאדער איז געווען אויסער זיך פאר פרייד און האט זיך גלייך גענומען מאַכען פארבערייטונגען צו דער רייזע.

ווען יעמאנד וואלט נאכגעגאנגען דער פערשלייערטער דאמע, וואלט ער נעזעהן, וויא זיא האט אויף'ן עק גאס אנגעטראָפען סאוויר, וועלבער האט אויף איהר נעווארט. זיא האט ארונטערגענומען דעם שלייער און מען האט נעקענט זעהן אז דאס איז געווען קלאריאן.

— א שעהנער מאן איז דער פאטער! האט זיא געזאגט צו סאוויר.

— געפעלט ער דיר? זעהר גוט! האט סאוויר געזאגט! אך, יא מיין שאַץ, זיי בראוו און בזכות דעם וועסטו געווינען דעם הימעל.

ביידע זיינען מיט א גרויס געלעכטער אוועק ווייטער.

ארום צעהן א זייגער האבען זיי זיך ווידער בעגעגענט אין דער גאס וואו דער פריסטער האט געוואוינט. זיי זיינען געגאנגען מיט לאנגזאמע טריט און האבען זיך אלע ווײַלע אבגעשטעלט וויא זיי וואלטען געווארט אויף עמיצען. קלאריאן האט געטראגען א איינפאכע וואלענע קלייד און איז געווען גוט פערשלייערט. סאווייר איז געווען פערקליידעט אלס א דינער.

— אט איז מאריוס האט ער פלוצים געזאגט.

— זיינט איהר פארטינ? האט דער יונגער מאן געפרעגט אין דער שטיל. ווייסט איהר וואס צו ריידען?

— אויף מיינע נאמנות, מיר וועלען אבשפילען א קאמעדיע, אז עס וועט זיין אן אנטיק.... דאס איז א שפאס! איך וועל זעקס מאנאטען לאנג האבען פון וואס צו לאכען.

— געהט צום פאטער, מיר וועלען דא אויף אייך ווארטען. זייט זעהר פאר-זיכטיג.

סאווייר האט געטראפען דעם גלח זעהר צושראקען און פארטינ צו דער ריי-זע. ער האט איהם אליין געעפענט דיא טהיר, ווען ער האט אנגעקלונגען.

— וואס ווילט איהר? האט ער געפרעגט גראב און דערשראקען, דערזעהענ-דיג פאר זיך א מאן אנשטאט קלארא.

— איך בין געקומען מיט א דאמע, האט געענטפערט דער פאלשער דינער.

— זעהר גוט! זאל זיא אריינקומען! גיכער!

— זיא וויל נים געהן ביז צו דער טיהר.

— אה!

— זיא האט צו מיר געזאגט אזוי: זאג דעם הערן אז איך וועל ליעבערסט גלייך אריינשטייגען אין קארעטע.

— ווארט א ווײַלע, איך האב נאך עפעס מיטצונעהמען.

— דאס פריילין וועט אבער מורא האבען צו שטעהן אין מיטען בולוואר.

— אויב אזוי שטעהט דא ניט און געהט צו איהר און זאגט איהר אז דיא קארעטע ווארט אויף דער רוע טיראן אין עק. זאל זיא דארט אריינשטייגען, אין פינף מינוט ארום וועל איך דארט זיין.

דאנאדער האט געשווינד פערמאכט דיא טהיר און סעווייר איז מיט א גע-לעכטער אוועק צו דער קאמפאניע, וואס ער האט איבערגעלאזט.

— עס געהט וויא געשמירט. דער גלח געהט מיט אן אונשולדיג שמייכעל אין נעץ אריין.... איך ווייס, וואו דיא קארעטע ווארט.

— יא, האט מאריוס גזאגט, איך האב געזעהן ווען זיא איז אנגעקומען. זיא שטעהט אויפ'ן עק פון דער רוע טיראן.

— זעהר ריכטיג. מיר טארען א מינוט נים פערליערען. דער גלח האט גע־זאגט, אז אין פינף מינוט וועט ער דארטען זיין.

דיא דרייא פערזאן זיינען לאנגזאם אוועקגעגאנגען, האלטענדיג זיך אין דיא שאטענס פון דיא הייזער, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו דער פאסט קארעטע, וועלכע איז שוין געשטאנען פארטיג צום אבפאהרען.

מאריוס און סאוויער האבען זיך בעהאלטען אין אן איינגאנג פון א טהיר, און קלאריאן איז געבליבען שטעהן אין דרויסען נעבען טהיר.

זיי האבען זיך דערווייל איבערגעווארפען מיט המצאות.

— אה, ער וועט פון מיר נים וועלען וויסען, האט קלאריאן געזאגט. ווי ער וועט נאר אויסגעפינען, ווער איך בין, וועט ער מיך אוועקווארפען.

— ווער קען דאס וויסען?

— ער איז זעהר שעהן. איך האב מורא געהאט, אז ער איז אן אלטער.

— הערט נאר, מיר שיינט, אז זיא האט זיך אין איהם פערליעבט!.... אה, איך בין נים אויפערזיכטיג. נאר ווען דוא געהסט מיט איהם אזוי גערן, וואלסטו מיר געמענט אבגעבען דיא טויזענד פראנק, וועלכע איך האב דיר געגעבען פאר דיא ראליע, וואס דוא שפיעלסט דא.

— דיא טויזענד פראנק? א שעהנע זאך! און וואס וועל איך טהאן, אז ער וועט מיך איבערלאזען אויפ'ן מיטען וועג? מיט וואס וועל איך קומען צוריק?

— איך האב נאר געשפאסט, מיין ליעבע. איך נעהם נים צוריק, וואס איך גיב. און דאס געלד פערשאפט מיר מעהר שפאס, ווי א געוועהנליך.

דא האט זיך מאריוס אריינגעמישט אין געשפרעך און האט איהר ווי־דער האלט, וואס זיא האט צו טהאן.

— זעהט זיך צו האלט'ן אזוי, וויא איך האב אייך געזאגט. שפיעלט אייער ראליע גוט און ער וועט אויסגעפינען דיא קאמעדיע, ווען איהר וועט שוין זיין ווייט אוועקגעפאהרען, וויא נאר ער וועט אלעס ענטדעקען, זאלט איהר שטעהן פעסט. זאגט איהם אז איך האב דעם בריף אין דיא הענד, און אז איך וועל איהם אפשי־קען צום בישאף, אזוי ניך וויא איך וועל זיך דערוויסען, אז אייך איז געשעהן עפעס שלעכטעס, אדער אז ער וועט זיך דערוואגען נאך אמאל אהער צו קומען. ראטה איהם, אז ער זאל זיין גליק זוכען ערגעץ־וואו אנדערש.

ביז האלבער נאכט האבען אלע אין מארסייל, וואס האבען נאך ניט געשלאָפען, געוואוסט, אז פאטער דאָנאדער איז נאר וואס אנטלאָפען אין א פאסט־וואָגען מיט קלאריאַן, א גאסען־מיידעל, וואס האט זיך שוין מעהר וויא פופצעהן יאהר ארומגעוואלגערט אין גרעסטען שמוץ פון מארסייל.

דיא גאנצע נאכט האט זיך סאָווייר ארומגעשלעפט און האט דערצעהלט דיא געשיכטע מיט איינצעלהייטען, נאָר איין זאך האט ער פערפעהלט צום זאָגען: אז דער פאטער האט געמאכט א טעות.... אם מייסטען איז דעם עולם געפעלען געווארען דעם פאטער'ס לעצטע ווערטער פאר'ן ארייגשטייגען אין קארעטע: „מיר געהען גלייך אין הימעל אריין". מען האט געלאכט, וואס ער האט איהר געקוסט דיא האנד און מען האט געקוועטשט מיט דיא פלייצעס און געפרעגט, צו וואס האט ער געדארפט מיט איהר אנטלויפען. דאס שענסטע דערביי איז געווען, אז סאָווייר האט אלעמען איינגערעדט, אז דער יונגער און עלעגאנטער פאטער איז שטערבליך פערליעבט אין דעם אלטען, געלען און אונפערשעמטען מיידעל, וועלכע דיא גאנצע שטאדט האט געקענט, און אז דיא ליעבע האט איהם שיער פון זינען ניט אראבגעפיהרט. דיא געשיכטע האט ארויסגערופען ביי אלעמען א פערוואונדערונג און געלעכטער. מען האט זיך ניט געקענט פארשטעלען, וויא אזוי דער יונגער פאטער, פון וועלכען אלע יונגע דאמען פון דער הויכע געזעלשאפט לעקען אזוי דיא פינגער, האט זיך געקוואפעט אויף אזא מאוסקיים. און מען האט געמאכט חוזק פון דער אונגעהערטער ליעבשאפט.

אויף מאָרגען האט זיך דיא געשיכטע צושפרייט איבער דער גאנצער שטאדט. סאָווייר איז געוואָרען נאך אמאָל אזוי ברייט פאר פרייד. ער איז געווארען דער העלד פון דעם טאג, יעדער האט געוואוסט, אז ער איז געווען דער לעצטער ליעבהאָבער קלאריאנ'ס, און אלזא האט דאָנאדער ביי איהם דאס מיידעל אוועקגערויבט דעם גאנצען טאג האט ער ארומגעשפאצירט אין פאנטאפעל און האט מיט א שפעטישער מינע אויסגעהערט דיא בעדויערונגען פון זיינע פריינד. ער האט גערעדט אויפ'ן קול, האט געענטפערט איינער, האט גערופען א צווייטען און געברויכט און מיסברויכט זיין פאפולאריטעט. דיא טויזענד פראנק האבען איהם ניט באנק געטהאן, קיין מאל נאך האט ער פאָר אזא סומע געלד ניט געהאט אזוי פיעל פערגניגען.

מיט צוויי טעג שפעטער, ווען קלאיראן איז צוריקגעקומען, איז דיא ריידעריי נאך ערגסטער געווארען. דיא שטאדט האט געקאכט.

סאָווייר האט איהר געקויפט א נייע זיידענע קלייד און איז מיט איהר אכט

טאג צייט ארומגעפאהרען אין אן אפענע קארעטע איבער מארסייל. מען האט אויף זיי געוויזען מיט דיא פינגער און מען איז צונעלאפען צו דיא טהירען און פענסטער, ווען זיי זיינען פערביי געפאהרען. סאוויער איז געוועזען אויפ'ן זיבעטען הימעל פאר פרייד.

קלאריאן איז געפאהרען ביז טולאן. דער פאטער דאנאדער האט באלד אויס־געפונען וואס פאר א סחורה ער האט דא געהאנדעלט. ער איז געווארען אויסער זיך פאר כעס און האט געוואלט דאס מיידעל ארויסווארפען פון דער קארעטע אויפ'ן מיט'ן וועג, ווייט פון מענשליבע וואוינונגען און נאך איידער עס האט אנגע־הויבען גוט צו טאגען, נאר ער האט זיך געגארט אין חשבון: קלאריאן איז פאר איהם געווען א הארטער ביסען. זיא האט מיט איהם געקעמפט זעהר שארף און האט איהם געדראהעט מיט'ן בריעף, וועלכען מאריוס האט געהאלטען ביי זיך. דענאדער האט מורא געהאט, אז עס וועט ארויסקומען נאך א גרעסערער סקאנדאל און דענ־קענדיג אז מיט גוטען וועט ער פיעלייכט אויספיהרען, אז זיינע פארגעזעצטע זאלען זיך דערפון ניט דערוויסען, האט אלעס נאכגעגעבען און האט מיטגענומען זיין בע־גלייטערין נאך טולאן, וואו זיי האבען זיך געשיידט. קלאריאן איז צוריקגעפאהרען נאך מארסייל און דער גלח האט זיך געיאגט וואס ניכער אריבערצוטרעטען דעם גרענעץ.

סאוויער'ן האט ניט געלונגען ארומצופיהרען זיין געליעבטע מעהר וויא אכט טאג איבער מארסייל. דער בישאף האט געבעטען דיא פאליציי אז זיא זאל זיך אריינמישען און נים דערלאזען אז דיא קירכע זאל נאך מעהר בעשמוצט ווערען. דיא פאליציי האט דאס איהם צוליעב געטאהן און האט קלאריאן ארויסגעשיקט, זיא זאל ערגעץ אנדערש וואו פרוביען איהר חן.

פון יענער צייט אן בעקלאגט זיך דער פאקען־טרעגער מייסטער פאר יעדען, וואס וויל איהם אויסהערען.

— אך, ווען איהר וואלט געוואוסט וואס פאר א שעהן מיידעל איך דאס א' מאל געהאט פאר א געליעבטע!.... דיא גלחים אבער האבען איהר פון מיר אוועקגערויבט!



